# אינהאַלט:

# ווער איז אויסדערווײלט?

אידן זײנען ניט דאָס אײנציקע פֿאָלק אין דער וועלט, וואָס טראָגט אין זיך דאָס באַוואוסטזײן אָדער, לכל הפּחות, אַ פֿאַרנעפּלטן געפֿיל פֿון „אויסדערווײלטקײט“ — פֿון אַ געוויסער סופּעריאָריטעט לגבי אַנדערע פֿעלקער אָדער ראַסן. ווען דער אַנטיקער גריך האָט באַצײכנט אַלע אַנדערע פֿעלקער אַלס „באַרבאַרן“ (אַ באַגריף און אַ טערמין וואָס זײנען, אגב, גאָר ניט געווען פֿרעמד אַפֿילו פּלאַטאָ׳ן און אַריסטאָטעלעס׳ן), האָט ער דערמיט באַטאָנט אַז ער איז דער אײנציקער, וואָס איז מסוגל געווען צו שאַפֿן אַ ווערטפֿולע ציוויליזאַציע. עגיפּטער, פּערסער, אידן, מיט וועלכע דער גריך איז געווען באַקאַנט, זײנען אין זײנע אויגן אויך געווען מינדערווערטיקע פֿעלקער. די עגיפּטער, פֿון זײער זײט, ווי העראָדאָטאָס דערצײלט אונז, האָבן געקוקט מיט פֿאַראַכטונג סײ אויף אידן און סײ אויף גריכן, און האָבן זיך געהאַלטן פֿאַרן אײנציקן פֿאָלק מיט אַ נאָבעלער וועלט־אַנשויאונג. אין דעם ווײטן מזרח האָבן די אַריער, ווי מיר זעען עס פֿון אַזאַ אַלטן דאָקומענט ווי די ווישנו־תּקנות, זיך באַטראַכט פֿאַר די אײנציקע וואָס זײנען „צוויי מאָל געבוירן געוואָרן“: אַלע אַנדערע ראַסן שטעקן אין דער רויער, גשמיות׳דיקער נאַטור־געבורט און קאָנען זיך ניט דערהויבן צו דער צווײטער געבורט. „אַ בראַהמין“, לײענען מיר אין די אַריאַנישע הײליקע געזעצן, „דאַרף תּשובה טאָן אויב ער האָט משמש געווען אַ מענטשן פֿון דער שוואַרצער ראַסע“. עס וואָלט אָבער געווען אַ טעות צו מײנען, אַז נאָר די שוואַרצע ראַסע איז פֿון די אינדאָ־אַריער באַטראַכט געוואָרן אַלס אינפֿעריאָר. לײענענדיק די אַוועסטאַ, זעען מיר, מיט וואָס פֿאַר אַ גאווה און פֿאַראַכטונגס־געפֿיל זײ האָבן זיך באַצויגן אויך צו די טוראַניער. אויסער דעם תּחום פֿון אַראַבישע שבֿטים איז ניט פֿאַראַן קײן אמת׳ע גײסטיקע נאָביליטעט, לײענען מיר אין קאָראַן, טראָצדעם וואָס דער איסלאַם האָט פֿון זײן געבורט אָן אַרויסגעוויזן אַספּיראַציעס פֿון אַ וועלט־רעליגיע.

איבערגײענדיק צו מאָדערנע פֿעלקער, געפֿינען מיר אויך אָן אַ צאָל בײשפּילן פֿון סופּעריאָריטעט־געפֿילן און פֿאַרשײדענע פֿאָרשטעלונגען פֿון נאַציאָנאַלע שליחות־פֿונקציעס. דײטשן זײנען ניט די אײנציקע וואָס לײדן פֿון אַן אײנרעדעניש, אַז זײ זײנען אַ „מײסטער־ראַסע“ לגבי אַנדערע פֿעלקער. ענגלענדער פֿאַרמאָגן צו פֿײנע מאַנירן, אַז זײ זאָלן דאָס אַרויסזאָגן מיטן פֿולן מויל און שאַפֿן פֿאַר זײער סופּעריאָריטעטס־באַוואוסטזײן אַ ספּעציעלע

פאַרמולע, אָבער אָן אַזאַ באַוואוסטזיין, לייגט זיך אויפן שכל, וואָלטן זיי ניט געקאָנט אויפבויען אַזאַ אימפּעריע, ווי זיי איז, ניט צופעליק, געלונגען צו שאַפן. בריטישע אימפּעריאַליסטישע עקספּאַנסיע איז, אַזוי צו זאָגן, דער עמפּירישער אויסדרוק פון אַן „אויסדערוויילטקייט"־געפיל, פאַר וועלכן ענג־לענדער זיינען צו „העפלעך" און — זאָל עס אין אונזערע טעג פאַררעכנט ווערן פאַר אַ קאָמפּלימענט, ניט פאַר אַ טאַדלונג — צו „היפּאָקריטיש", כדי צו שאַפן אַ „טעאָריע". וואָס איז שייך פראַנצויזן, האָט זיי די „גרויסע רעוואָלוציע" געגעבן דעם געפיל פון אַ היסטאָרישער שליחות — צו זיין אַ „נס לגויים" און פירן די איבעריקע וועלט אויפן וועג צו פּאָליטישער פרייהייט און דעמאָקראַטיע. ניט פריי פון אתה־בחרתנו־טענדענצן איז אַן אַנדער לאַטייניש פאָלק, די איטאַליענער. גראָד דער פּראָגרעסיוו־רעוואָלוציאָנערער טיפּ איטאַליענער פונם ניינצנטן יאָרהונדערט האָט געוואָלט גלויבן, אַז די השגחה העליונה האָט אויסגעקליבן זייער פאָלק צו זיין דער אַוואַנגאַרד פון דער מענטשהייט אויפן וועג צו מאָראַלישער ווידערגעבורט. „באחרית הימים", שרייבט מאַדזיני אין איינעם פון זיינע טעמפּעראַמענטפולע פּאַמפלעטן, „וועט דאָס פאָלק וואָס האָט אַממערסטן געליטן און אָפּגעהיט זיין גלויבן אין ריינקייט, געבענטשט ווערן פון גאָט מיט דעם ווילן און קוראַזש צו זיגן און צו שטאַרבן פאַר אַנדערע. דאָס איז דער שיקזאַל פון אַ פאָלק, וואָס באַנייט די וועלט. עס שטייט אויף און קעמפט. עס קאָן טריאומפירן אָדער עס קאָן אונטערגיין, אָבער אַלץ איינס: פון זיין אַש אָדער פון זיין זיג־מזבח וועט דאָס וואָרט, וועלכן עס איז באַשערט צו זיין דאָס וואָרט פון אַ נייער תקופה, אַרויסקומען און דערלייזן די וועלט". און אַזאַ נביא׳יש פאָלק זיינען פאַר אים געווען איטאַליענער. נאָך דער רוימישער אימפּעריע פון אַמאָל, נאָך דער רוים פון דער קאַטוילישער קירך און די פּויפּסטן, מוז אויפשטיין, ווי ער שרייבט אין זיינעם אַן אויפרוף צו יונג־איטאַליע, אַ דריטע רוים, וועמענס אויפגאַבע עס וועט זיין „צוזאַמענצושליסן און האַרמאָניזירן ערד און הימל, רעכט און פליכט". אפשר אַ סך טיפער (אויך היסטאָרישער) ווי אין מערב־אייראָפּע, איז דאָס געפיל פון אויסדערוויילטקייט געווען אַ געוויסע צייט כאַ־ראַקטעריסטיש פאַר רוסלאַנד. ווען מען פרעגט שאַטאָוו׳ן אין דאָסטאָיעווסקי׳ס „שדים", צי ער גלויבט אין גאָט, טראַכט ער ניט קיין סך און ענטפערט: „איך גלויב אין רוסלאַנד". ווער עס גלויבט אין רוסלאַנד, הייסט דאָס, גלויבט שוין ממילא אויך אין גאָט, ווייל דאָס רוסישע פאָלק איז דער עכטער טרעגער פון דער גאָט־אידייע. אין דאָסטאָיעווסקי׳ס אויגן ליגט די גאַנצע וועלט, באַ־זונדערס די מערב־אייראָפּעאישע, אין די מ״ט שערי טומאה, און אַן רוס־לאַנד׳ס הילף קאָן זי גאָר ניט גערייניקט און דערלייזט ווערן. אייראָפּע איז

אַ בית־עולם מיט קאָסטבאַרע מצבות; עס שטינקט פון איר מיט פוילעניש, וועלכע טויג אַפילו ניט אויף צו באַמיסטיקן די פעלדער. וואָס זיינען די פראַנצויזן? פוסטע קאָקעטן. וואָס זיינען די דייטשן? אַ נידעריק פאָלק פון קאָלבאַסניקעס. וואָס זיינען די ענגלענדער? לאַנגווייליקע און אויבערפלעכ־לעכע ראַציאָנאַליסטן. וואָס זיינען די אידן? די גאווה שטינקט פון זיי... אַלע אידייען וואָס זיינען געבוירן געוואָרן אין מערב־אייראָפּע זיינען פאַר־וועלקטע בלומען. די איינציק אמת'ע און גרויסע אידייע איז די רוסישע אידייע: מיר, רוסן, באַגרייפן אַלץ, איר (ניט־רוסן) זייט ענגהאַרציק און באַשרענקט אין אייער גייסט. רוסלאַנד איז דערפאַר דער קאָלעקטיווער קריסטוס, דער נייער גואל פון דער וועלט". דאָסטאָיעווסקי איז אין דער רוסישער ליטעראַטור און געזעלשאַפט ניט געווען דער איינציקער, וואָס האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט אתה־בחרתנו־געפילן און מיט אַפּאָקאַליפּטישע דער־וואַרטונגען, וואָס האָבן זיך פון יענע געפילן געשפּייזט. אויף אַן אַנדער אופן, כאָטש היטנדיק זיך פאַר אַ באַשטימטער נאַציאָנאַליסטישער אָדער ראַסיס־טישער פאָרמולע, האָט דעם זעלביקן מאָטיוו אויסגעדריקט טאָלסטאָי, פאַר וועמען רוסן זיינען אויך געווען אַ פאָלק פון גאָט־טרעגער. ניט נאָר רעאַקציאָ־נערע סלאַוואָפילן, נאָר אויך אַזעלכע רעוואָלוציאָנערע קרייזן ווי די „נאַראָד־ניקעס" און שפּעטער זייערע יורשים, די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, מיט זייער טעזיס, אַז רוסלאַנד איז מסוגל און כמעט פּראָווידענציעל־פאַראויס־באַשטימט צו מאַכן אַ קפיצת־הדרך פון אַ האַלב־פעאָדאַלער אָרדענונג גלייך אין סאָציאַליזם — אויסמיידנדיק אַ קאַפּיטאַליסטישן צווישן־פּעריאָד — האָבן פּאַקטיש באַטראַכט די רוסן און ספּעציעל דעם רוסישן מוזשיק פאַר אַן „עם־סגולה". עס וועט ניט זיין קיין פּאַראַדאָקס צו באַהויפּטן, אַז, טראָץ זיין אינטערנאַציאָנאַליסטישער אידעאָלאָגיע, האָט אויך דער רוסישער באָלשעוויזם מיט זיין לאָזונג, אַז די אָקטאָבער־רעוואָלוציע וועט פירן די גאַנצע וועלט צום טריאומף פון אַ מין מלכות־שדי, אויף זיין אופן באַטאָנט אַ געוויסע סופּער־יאָריטעט פונם רוסישן פאָלק, פון זיין באַרופן־זיין צו דערפילן אַ וועלט־מיסיע. אַז דער זעלבסט־געפיל פון אויסדערוויילטקייט איז אין רוסלאַנד ניט געווען באַשרענקט אויף דער אינטעליגענציע, קאָן מען זען קלאָר פון אַזאַ אַלטן, פאָלקסטימלעכן אויסדרוק ווי „סוויאַטאַיאַ רוס" (דאָס הייליקע רוסלאַנד).

ניט פרעמד זיינען אתה־בחרתנו־געפילן אויך אין פוילן. אויב מאַדזיני און דזשיאָבערטי האָבן געוואָלט זען דעם וועלט־דערלייזער אין איטאַליענישן פאָלק (זיך איינרעדנדיק, אַז איטאַליענער האָבן געליטן מער פון אַנדערע און האָבן ריינער פון אַנדערע אָפּגעהיט זייער אמונה אין אייביקע ווערטן), אויב גיזאָ האָט געוואָלט באַטראַכטן פראַנקרייך פאַרן „אור לגויים" און פיכטע האָט געפאָדערט דעם דיפּלאָם פונם „פירנדיקן פאָלק" פאַר דייטשלאַנד,

האָבן אַזעלכע ראָמאַנטיקער־נאַציאָנאַליסטן ווי מיצקיעוויטש און ציעשקאָווסקי געוואָלט זען אין פּוילישן מאַרטירערטום די נביא־קרבן־ראָלע וואָס זייער פאָלק שפּילט אין דער מיסטעריע פון וועלט־גאולה. אין דעם „בוך פון דעם פּוילישן פאָלק און פון פּוילישן פּילגרימענטום", געשריבן אין זיינע טרויע־ריקע פּאַריזער גלות־יאָרן, אַנטוויקלט מיצקיעוויטש דעם געדאַנק, אַז יעדער גרויסער אָפּשניט פון דער וועלט־געשיכטע מוז האָבן זיין „ישראל" — אַ פאָלק וואָס נעמט אויף זיך די משיח־ליידן פאַר דער גאַנצער מענטשהייט; אין אַלטערטום איז דידאַזיקע מיסיע געגעבן געוואָרן צו אידן, און אין די ביי־ציטן זיינען פּאָליאַקן דער נייער „ישראל", באַרופן דורך זייער מאַרטיראָלאָגיע צו דערלייזן די וועלט. איבערגייענדיק צו דער היינטיקער אַזיאַטישער וועלט, איז גענוג צו דערמאָנען גאַנדי׳ס אמונה, אַז זיין פאָלק איז מער פון אַלע פעלקער פּרע־דיספּאָנירט צו פאַרווירקלעכן אין לעבן די פּרינציפּן און מעטאָדן פון „ניט רעזיסטענץ", און אַז די וועלט־גאולה קאָן נאָך קומען פון אינדיע.

עס האָט דאָ ווייניק זין זיך אָפּצושטעלן אויף דעם היינטיקן לחלוטין קליינישן סופּער־נאַציאָנאַליזם פון היטלער־דייטשלאַנד און אויף זיין יניקה פון אַלטע דייטשע מקורות. וואָס פאַר אַ פיזיאָנאָמיע דערדאַזיקער נאַציאָנאַליזם האָט, איז באַקאַנט דער גאַנצער וועלט. אָבער אַ סך טיפער פאַרוואָרצלט איז דער אתה־בחרתנו־געפיל אין יאַפּאַנישן פאָלק.

די יאַפּאַנישע הייליקע שריפטן זיינען אַ מאָנומענטאַלע ביבליאָטעק, פאַר וועלכער מען דאַרף האָבן יאָרן און יאָרן פון פלייסיקן שטודיום. ווייל הייליק איז פאַר מיליאָנען יאַפּאַנער די מרה־שחורה׳דיקע בודיסטישע ליטע־ראַטור, און אַ בכבוד׳יקן פּלאַץ פאַרנעמען ביי זיי די אינטעלעקטועל־רייפע שריפטן פון קאָנפוציוס און זיינע תלמידים, און אין משך פון די לעצטע דרייצן יאָרהונדערטן האָט די מיסטיק פון לאַאָ־טסע אויך ניט ווייניק באַ־איינפלוסט די בעסערע געמיטער אין יאַפּאַן. דאָס זיינען אָבער אַלץ רעלי־גיעזע עלעמענטן וואָס זיינען קיין יאַפּאַן אימפּאָרטירט געוואָרן פון אינדיע און פון כינע. ניט אין זיי האָט זיך פאַרקערפּערט דער אייגענער „געניוס", דאָס אָריגינעל יאַפּאַנישע. דעם פאָלקס־מיטאָס פון יאַפּאַן גופא דאַרף מען זוכן ערגעץ אַנדערש — אין איר נאַציאָנאַלער רעליגיע אָדער „שינטאָ", וועלכע איז אין אויסלאַנד ווייניקער באַקאַנט און פאַרשטענדלעך איידער די רעליגיעס פון אַלט־אינדיע און כינע.

פאַר אַ מענטשן פון אַן אַנדער ציוויליזאַציע איז ניט לייכט תופס צו זיין די טערמינען, באַגריפן און לעגענדעס, וואָס זיינען צונויפגעזאַמלט אין אַזעלכע כתבים ווי די „רעקאָרדן פון אַלטע ענינים", אָדער „די קאָלעקציע פון צען טויזנט בלעטער", און ניט איינמאָל פילסט דו ווי אָפילו די בעסטע

איבערזעצונג שטייט צווישן דיר און אָריגינאַל ווי אַ שווערע, פינסטערע מחיצה. אַ סך העלפט אונז אַרויס אַסטאָן מיט זיינע פּירושים. זיין בוך ("Shinto, the Way of the Gods") ווערט פאַררעכנט פאַר איינער פון די בעסטע אַרבעטן וואָס אַ ווייסער מענטש האָט וועגן עס איז אָנגעשריבן וועגן דער יאַפּאַנישער „יראה". אָבער אויך אַסטאָנ׳עו איז מסתמא ניט געלונגען ווי געהעריק אַריינצודרינגען אין דעם אייגנאַרטיקן ריטם פון דער אַלט־יאַפּאַנישער נשמה, וואָס האָט פון זיך אַרויסגעגעבן די אַממערסטן שאָוויניסטישע פּראָיעקציע אויף דער וועלט, וואָס איז ווען עס איז דערשינען אין דער מענטשלעכער געשיכטע.

בודיזם איז לכתחילה געבוירן געוואָרן אַלס אַן אוניווערסאַלע רעליגיע: די תחומים פון לאַנד, פאָלק, ראַסע שפּילן אין אים קיין שום ראָלע ניט. דער בודיסט האָט, פון זיין שטאַנדפּונקט, אַ רעכט צו זאָגן, אַז אויב עס זיינען פאַראַן מענטשלעכע ברואים אויפן מאַרס אָדער אויף דער לבנה, קאָנען זיי אויך זיין בודיסטן. אויף די אַלט־כינעזישע רעליגיעס ליגט מער דער שטעמפּל פון כינע׳ס לאָקאַלער ציוויליזאַציע, אָבער אין תוך אַנטהאַלטן זיי ניט קיין עלעמענטן, וואָס מענטשן פון אַן אַנדער פאָלק זאָלן ניט קאָנען אָננעמען. שינטאָ איז אין ווייטן מזרח די איינציקע בולט־נאַציאָנאַליסטישע רעליגיע, וואָס פאַרהייליקט דאָס אייגענע פאָלק און באַציט זיך מיט פאַראַכטונג צו אַלע אַנדערע פעלקער פון דער וועלט. „אתה־בחרתנו" איז אַ זייער שוואַכער אויסדרוק, כדי מיט אים צו כאַראַקטעריזירן יענע זעלבסט־פאַרליבטקייט, וואָס שינטאָ זוכט איינצופלאַנצן אין יאַפּאַנישן פאָלק. אין אידישן באַוואוסטזיין האָט שטענדיק געלעבט דער באַגריף, אַז שם און חם און יפת, יעקב און עשו, ישראל און עמלק, משה רבנו און בלעם, עזרא הסופר און המן, רבי שמעון בן־יוחאי און טיטוס שטאַמען אַלע פון איין יחוס, און אַז וויפיל מענטשן עס זאָלן ניט קומען אויף דער וועלט עד סוף כל הדורות וועלן זיי אַלע זיין אדם־הראשונ׳ס קינדער. דער צענטער פון דער שינטאָ־קאָסמאָלאָגיע איז אַ גאַנץ אַנדערער, אַן עקסטרעם ראַסיסטישער. דער יאַפּאַנישער „בראשית" דערציילט ניט וועגן דעם ווי אַזוי גאָט האָט באַשאַפן הימל און ערד. בראשית ברא... יאַפּאַן — די וועלטשאַפונג האָט זיך אָנגעפאַנגען פון די יאַפּאַנישע אינזלען. די געטער, קאָן מען זאָגן, האָבן זיך אַ שטיק צייט געקווענקלט, צי זאָלן זיי נאָך באַשאַפן אַנדערע לענדער אויך, אָדער עס איז גענוג זיך צו־פרידנצושטעלן מיטן קעניגרייך פונם מיקאַדאָ. עס וועט ניט זיין קיין גרויסער לשון־הרע צו באַהויפּטן, אַז לויטן גייסט פון שינטאָ קומט אויס, אַז אַנדערע אינזלען און קאָנטינענטן זיינען נאָכדעם באַשאַפן געוואָרן, כדי די יאַפּאַנישע הערשאַפט זאָל האָבן פאַר זיך אַ ברייטערע ספערע. אָבער די הערשאַפט פון יאַפּאַנער הייסט די הערשאַפט פונם קעניג — מערער ווי אין וועלכער

ניט איז אַנדערער רעליגיע, וואָס האָט נאָך היינט אַן אָנהאַלט אין דער וועלט. ווייל דער מיקאַדאָ איז ניט אינגאַנצן אַ בשר־ודם, ניט אַפילו אַן איבערמענטש אָדער אַ הייליקער — ער איז פון דירעקטן געטלעכן אָפּשטאַם. דער ערשטער מיקאַדאָ שטאַמט פון דער וויכטיקסטער פיגור אין דער יאַפּאַנישער רייכער געטער־גאַלעריע — פון אַמאַ־טעראַסו, די זון־געטין. דאָס האָט זי איר קינד געשיקט פון הימל אויף דער ערד מיט אַ ברכה:

„נידער אַראָפּ און וואוין דאָרט, און הערש איבער דעם דאָזיקן שפּע׳דיקן לאַנד פון וואַסער־ראָרן און פרישע רייז־זאַנגען". די „אימפעריע", לייענען מיר אין ניהאָן־גי, אין אַ קלאַסישן שינטאָ־בוך, „איז אַנפאַרטרויט געוואָרן פון דער זון־געטין צו די וואָס זיינען אַרויסגעקומען פון אירע לענדן, מיט די פאָלגנדיקע ווערטער: „מיינע קינדער, אין זייער אייגנשאַפט אַלס גאָטהייטן, זאָלן זי רעגירן". מחמת דעם איז דאָס דאָזיקע לאַנד, זינט הימל און ערד האָבן זיך אָנגעפאַנגען, שטענדיק אַ מאָנאַרכיע".

נאָך קלאָרער ווערט אויסגעדריקט דעם מיקאַדאָ׳ס סטאַטוס אין אַן אַנדער קאַפּיטל פון דעמזעלביקן בוך: „דאָס איז דער מאַנדאַט פונם יאַפּאַנישן אימפּעראַטאָר, וועלכער הערשט איבער דער וועלט אַלס אַ פאַרקערפּערטער גאָט". מען דאַרף זיך ניט וואונדערן, וואָס אויך אין דער מאָדערנער קאָנסטי־טוציע פון יאַפּאַן, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אין 1889 אונטער דער השפּעה פון מערב־אייראָפּייאישן און אַמעריקאַנער ליבעראַליזם, זיינען איינגעשלאָסן ספּעציעלע צוויי פּאַראַגראַפן וועגן דער הייליקייט פונם מיקאַדאָ׳ס פּערזאָן.

יאַפּאַן איז נאַטירלעך ניט דאָס איינציקע לאַנד, וואו דער קעניג איז פאַרגעטערט געוואָרן. די פּרעה׳ס זיינען געווען געטער אָדער האַלב־געטער, און אין דער רוימישער אימפּעריע האָבן זיך קיסרים „אַרויפגעאַרבעט" אויף אַ סטאַטוס פון גאָטהייט. דאָס כאַראַקטעריסטישע פון דער יאַפּאַנישער נאַציאָ־נאַלער רעליגיע איז די אַבסאָלוטקייט פון דעם דאָזיקן פאַרגעטערונג־פּראָצעס און דער פאַקט, וואָס אין משך פון טויזנטער יאָרן, טראָץ אַזוי פיל ענדערונגען און גייסטיקע רעוואָלוציעס וואָס האָבן אויפגעטרייסלט די וועלט, איז דער מיקאַדאָ געבליבן ביי זיין אָריגינעלן יחוס — ביי זיין אָפּשטאַם פון דער גרעסטער געטין. דער געטלעכער ראַנג פונם קעניג איז אין קאָנ־טעקסט פון יאַפּאַנישער געשיכטע דער יסוד, אויף וועלכן עס האַלט זיך דער רעליגיעז סאַנקציאָנירטער געפיל פון נאַציאָנאַלער סופּעריאָריטעט. יאַפּאַן איז דאָס ערשטע לאַנד וואָס די געטער האָבן באַשאַפן, דער מיקאַדאָ איז באַשטימט געוואָרן צו ווערן דער הערשער איבער דער גאַנצער וועלט, און ער איז, קודם־כל, אַ יאַפּאַנער. דאָס יאַפּאַנישע פאָלק אַלס גאַנצעס שטאַמט פון די געטער: אויב אין יעדן דור איז פאַראַן אין יאַפּאַנער וואָס אין זיינע אָדערן פליסט „געטלעך בלוט", זיינען אַלע יאַפּאַנער צוזאַמענגענומען ניט

בלויז אַ געטלעך פֿאָלק, נאָר, אויב מ׳מעג זיך אַזוי אויסדריקן, אַ גאָט־פֿאָלק. אַלע פֿעלקער זיינען אין פֿאַרגלייך מיט די יאַפּאַנער נידעריקע, און באַזונדערס סטאַרען זיך די שינטאָ־טעאָלאָגן צו דערנידעריקן כינע און אינדיע — גראָד יענע צוויי לענדער, פֿון וועלכע יאַפּאַן האָט געקראָגן אַ העכערע קולטור, גרויסע קינסטלערישע אינספּיראַציעס, דערהאָבענע רעליגיעזע באַגריפֿן און אפֿילו דעם אלף־בית פֿאַר זייער ליטעראַטור. איינער פֿון די גרעסטע שינטאָ־געלערנטע, מאָטורי, שעמט זיך ניט צו שרייבן (סוף פֿונם אַכצנטן יאָרהונ־דערט):

„אַלס פּרעמדע לענדער זיינען כינע און אינדיע, באַזונדערס כינע, ניט אונטער דער ספּעציעלער השגחה פֿון דער זון־געטין. זיי האָבן ניט קיין שטענדיקע הערשער, און בייזע גייסטער, וואָס האָבן דאָרט געפֿונען אַ גינסטיק פֿעלד פֿאַר זייערע האַנדלונגען, האָבן פֿון דאָרט קאָרופּטירט די מענטשהייט״.

דערזעלביקער מאָטורי זוכט צו דיסקרעדיטירן די לערע פֿונם כינעזער לאַאָ־טסע, וועלכער האָט געקראָגן אין יאַפּאַן אַ געוויסע השפּעה אין דער העכערער געזעלשאַפֿט: „מען פֿרעגט אָפֿט, צי איז שינטאָ ניט דאָס זעלביקע וואָס די טאַאָ־רעליגיע פֿון לאַאָ־טסע. לאַאָ־טסע האָט פֿיינט געהאַט די פּוסטע גאווה פֿון די כינעזישע תּלמידי־חכמים און האָט געהאַט רעספּעקט פֿאַר נאַ־טירלעכקייט. היות אָבער ער איז געבוירן געוואָרן אין אַ שמוציק לאַנד, וואָס געפֿינט זיך ניט אונטערן ספּעציעלן שוץ פֿון דער זון־געטין, האָט ער בלויז געהערט פֿון די טעאָריעס וועגן דער שלשלת־היוחסין פֿון הייליקע באַשע־פֿענישן״ (אָבער, הייסט עס, ניט געקאָנט זיי תּופֿס זיין). נאָך קלאָרער שרייבט וועגן יאַפּאַן און די איבעריקע אומות־העולם היראַטאַ, אַ שינטאָ־טעאָלאָג פֿונם נייַנצנטן יאָרהונדערט:

„די צוויי פֿונדאַמענטאַלע פּרינציפּן זיינען, אַז יאַפּאַן איז דאָס לאַנד פֿון די געטער און אַז אירע איינוואוינער שטאַמען פֿון די געטער. צווישן יאַפּאַ־נישן פֿאָלק, פֿון איין זייט, און כינעזער, הינדוסן, רוסן, האָלענדער, סיאַמעזער און אַנדערע פֿעלקער פֿון דער וועלט, פֿון דער אַנדערער זייט, איז פֿאַראַן אַן אונטערשייד אין וועזן, ניט אין דער שטופֿע פֿון אַנטוויקלונג... דער מיקאַדאָ איז דער אמת׳ער זון פֿון הימל און איז דערפֿאַר באַרעכטיקט צו רעגירן איבער די פֿיר ימים און די צען טויזנט לענדער... פֿונם פֿאַקט וואָס דאָס יאַפּאַנישע פֿאָלק איז פֿון געטלעכן אָפּשטאַם קומט דער נאַטירלעכער אויספֿיר אַז עס איז אָן אַן ערך העכער פֿון די איינגעבוירענע אין אַנדערע לענדער, אין קוראַזש און אינטעליגענץ... פֿון דער אַנדערער זייט, דער פֿאַקט וואָס די דינאַסטיע פֿון די מיקאַדאָס לעבט אייביק, איז אַן אַבסאָלוטער באַ־וויַיז אַז שינטאָ איז אָן אַן ערך העכער פֿון די סיסטעמען פֿון אַלע אַנדערע לענדער״.

אויף וויפל מיר איז אויסגעקומען ביז אַהער זיך צו באַקענען מיט עלע־מענטן פון דער קלאַסישער שינטאָ־ליטעראַטור, האָב איך אומזיסט געזוכט אין איר דעם טראַגישן מאָטיוו, וועלכער פילט זיך אין פאַרשיידענע גראַדן אין די מייסטע רעליגיעס — דעם קאַמף פון גוטס און בייזעס אין דער מענטש־לעכער נשמה, די קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען פון אַ מאָראַלישן אידעאַל, דעם קאָנפליקט צווישן פאַרשיידענע פליכטן, דאָס לעכצן נאָך גייסטיקער דערלייזונג. אויך די מייסטע תפילות וואָס זיינען מיר געקומען צו דער האַנט טראָגן ניט דעם כאַראַקטער פון לירישע תחנונים אָדער פון אַ שטרעבן צו אַ מין „התבטלות היש" אין דעם וועלט־אַל (וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש ספּעציעל פאַר דער בודיסטישער קולטור). דאָס זיינען מערסטנטייל מאַגישע טראַנסאַקציעס, הבטחות צו פאַרשיידענע געטער און גייסטער, אַז מען וועט זיי ווי געהעריק באַלוינען מיט רייז־זאַנגען און שמעקנדיקן גראָז, מיט פויגל און מיט פיש, אויב זיי וועלן בענטשן די גערעטעניש אָדער דעם פאַנג. ניט מיט אַלע געטער קאָנען די שינטאָ־מאמינים קומען אין באַרירונג — לויט איין נוסח זיינען פאַראַן 80 מאָל צען טויזנט געטער, און לויט אַן אַנדערן, גאַנצע 800 מאָל צען טויזנט — עס איז אַפילו אוממעגלעך צו קענען זיי אַלע ביי די נעמען; אַ חוץ דעם זיינען צווישן זיי פאַראַן ניט ווייניק אַזעלכע וואָס זיינען לויט דער אייגענער מיטאָלאָגיע גרויסע מנוולים. אָבער אַפילו אין באַצוג צו „גוטע" געטער, צו וועלכע ס׳ווערן אָפּט אַדרעסירט תפילות, פילט מען ניט קיין „אינטעלעקטועלע ליבע", קיין ווייטיק פון שולד און זינד, קיין אינספּיראַציע פון חסד וואָס זאָל זיך ביי דעם דאַוונער נאָכדעם קאָנען איבערגיסן אין זיינע באַציאונגען צו דער אַרומיקער מענטשלעכער וועלט.

עס קאָן זיין אַז איך מאַך אַ טעות. סוף־כל־סוף זיינען מיר דאָס ביסל תפילות באַקאַנט אין איבערזעצונגען אויף אייראָפּעאישע שפּראַכן, און עס איז ניט אויסגעשלאָסן אַז מיר האָבן גאַרניט קיין אויער פאַר געוויסע קלאַנגען פון אַ יאַפּאַנישער השתפכות־הנפש. דאָס איז אַ ווייטע, ווילד־פרעמדע ציוויליזאַציע, מיט וועלכער מיר האָבן ביז ניט לאַנג צוריק כמעט קיין שום מגע־ומשא ניט געהאַט, און אונז איז שווער צו באַגרייפן, וואָס עס לעבט איבער אַ פרומער יאַפּאַנער, ווען ער לייענט, למשל, די פאָלגנדיקע שורות אין אַ פּאָעמע פונם אַכטן יאָרהונדערט,ביים שינטאָ־דיכטער היטאָמאַראָ:

„יאַפּאַן איז ניט קיין לאַנד וואו מענטשן דאַרפן דאַוונען,
יאַפּאַן אַליין איז געטלעך און איר לופט — אַ תפילה,
און דאָך וועל איך מיין שטימע אויפהויבן און זינגען אַ געבעט".

מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַזאַ סובלימאַציע פון פּאַטריאָטישן געפיל, פאַר וועלכער מיר האָבן גאָרניט קיין חוש, און עס קאָן זיין, אַז פאַר מיליאָנען יאַפּאַנער איז שינטאָ אַ מקור פון טיפע מיסטישע איבערלעבונגען.

אָבער אַלץ איינס: וואָס שינטאָ זאָל ניט זיין אין זיך און פאַרן יאַפּאַנישן געמיט — פאַר שכנים, פאַר אַנדערע פעלקער, פאַר דער וועלט איז אַזאַ רעליגיע אַ געפאַר. אָט זע איך, צום ביישפּיל, ווי דער שוין דערמאָנטער מאָטורי, דער גרויסער שינטאָ־קאָמענטאַטאָר פונם אַכצנטן יאָרהונדערט, זוכט צו פאַרענטפערן די פראַגע, פאַרוואָס אין די קלאַסישע שינטאָ־שריפטן איז דער ריין־עטישער מאָמענט אַזוי וויניק און שוואַך באַטאָנט:

„ביז צום סוף פון דער צייט איז יעדער מיקאַדאָ אַ געטינ׳ס זון. זיין גייסט איז אין פולשטענדיקער האַרמאָניע מיטן דענקען און פילן פון דער געטין. ער זוכט ניט קיין נייע דערפינדונגען. ער הערשט אין הסכם מיט פרע־צעדענטן וואָס שטאַמען פונם געטער־דור. און האָט ער אַמאָל אַ ספק, ווענדט ער זיך צו דער גרויסער געטין (צו זיין מוטער) און זי אַנטפּלעקט אים איר גייסט. ניט נאָר דער מיקאַדאָ, נאָר אויך זיינע מיניסטאָרן און זיין פאָלק האַנדלען לויט די טראַדיציעס פונם געטער־דור. די אידייע פון מיטשי, אָדער עטיק, איז אין די אַמאָליקע צייטן דערפאַר קיינמאָל ניט באַרירט געוואָרן. ווייל די יאַפּאַנער זיינען געווען עכט מאָראַליש אין זייער פּראַקטיק, האָבן זיי ניט געדאַרפט האָבן קיין טעאָריע פון מאָראַל. דער גאַנצער טומל וואָס די כינעזער האָבן געמאַכט אַרום טעאָריעס פון מאָראַל נעמט זיך דערפון, וואָס אין דער פּראַקטיק זיינען זיי אויסגעלאַסן, הפקרות׳דיק“.

מיר האָבן געבראַכט גענוג ביישפּילן, און עס האָט ניט קיין זין זיי צו פאַרמערן. זעלטן וואו מען קאָן אָנווייזן אויף אַ פאָלק פון דער אָדער אַנדערער קולטור־מדרגה, וואָס איז אינגאַנצן פריי פון אַן אויסדערוויילטקייט־קאָמפּלעקס אָדער סופּעריאָריטעט־איינרעדעניש. עס זיינען נאַטירלעך פאַראַן גרויסע אונטערשיידן אין די פאָרמען, אין וועלכע דאָס קומט צום אויסדרוק, און אויך אין גראַד פון אינטענסיווקייט, אין דער מאָס, אין וועלכער אתה־בחרתנו־אידייען זיינען פאַרשפּרייט צווישן די מאַסן, און אין דעם פּלאַץ וואָס אַזעלכע אידייען פאַרנעמען אין זייער רעליגיעזן באַוואוסטזיין. דערביי איז כדאי צו געדענקען, אַז ניט אַלע סופּעריאָריטעט־קאָמפּלעקסן מוזן זיין פון אַן אַגרעסיוו־נאַציאָנאַליסטישן כאַראַקטער, ווי, למשל, ביי די מאָדערנע דייטשן און יאַפּאַנער. אין אינדיע, אין איטאַליע, ביי די פּוילישע ראָמאַנ־טיקער און מיסטיקער, קאָן מען זען גאַנץ בולט דעם מאַרטירערישן קרבן־קאָמפּלעקס — גיכער דעם מאָטיוו פון אַ קאָלעקטיוון „עבד ה׳“, איידער דעם מאָטיוו פון פּאָליטישע פּריווילעגיעס און פיזישער שררה איבער אַנדערע פעלקער.

עס וואָלט אָבער געווען אַ טעות צו מיינען, אַז בלויז ביי קולטור־פעלקער באַגעגענען מיר זיך מיט סופּעריאָריטעט־באַוואוסטזיין. די יעזואיטן וואָס זיינען געקומען פון פראַנקרייך קיין קאַנאַדע אינם זיבעצנטן יאָרהונדערט,

האָבן אונז אַ סך צו דערציילן וועגן די אינדיאַנער, וואָס האָבן געקוקט אויף די ווייסע אַריינדרינגער ווי אויף אַ נידעריקער ראַסע אין פאַרגלייך מיט זיך, און פאָן־הומבאָלד, וועלכער האָט באַזוכט די קאַריבייער אינם פריען ניינצנטן יאָרהונדערט, האָט פון זיי אָפטמאָל געהערט זייערן אַן אתה־בחרתנו־טעזיס: „נאָר מיר זיינען אַ פאָלק, דער רעשט פון דער מענטשהייט איז באַשאַפן געוואָרן אונז צו באַדינען". ערשט צוריק מיט עטלעכע יאָר האָט אונז דער שווייצאַרישער פסיכאָלאָג יונג דערציילט וועגן אַן אינדיאַנער אין לאַטייך־אַמעריקע, אַ הערשער איבער אַ פועבלאָ, וועלכער פלעגט אים ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן זאָגן:

„מיר פאַרשטייען ניט די ווייסע מענטשן; שטענדיק זוכן זיי עפּעס, שטענדיק פעלט זיי עפּעס, שטענדיק זיינען זיי אומרואיק. וואָס איז עס? מיר ווייסן ניט. מיר קאָנען זיי ניט פאַרשטיין. זיי האָבן אַזעלכע שאַרפע נעזער, אַזוינע דינע, אכזריות׳דיקע ליפּן... מיר דענקען, אַז זיי זיינען אַלע משוגע".

דער פועבלאָ־„גובערנאַטאָר" האָט ניט גענוג בילדונג, כדי צו שאַפן אַ טעאָריע, אָבער ביי זיך ווייסט ער, און זיינע שבט־גענאָסן ווייסן עס צוזאַמען מיט אים, אַז אין די וויכטיקסטע לעבנס־אָנגעלעגנהייטן זיינען זיי אָן אַ שיעור העכער פון די ווייסע. דאָס האָבן פאַר זיך געוואוסט, ווי יעזואיטישע מיסיאָנערן האָבן אונז דערציילט, די אַצטעקן אין מעקסיקאָ: שפּאַנישע אַרמיי־אָפיצירן זיינען געווען אין כעס אויף מיסיאָנערן, הלמאי זיי פרעדיקן קריסטנטום צווישן אַצטעקן, וועלכע האָבן מיט זיך, לויט זייער מיינונג, פאַרגעשטעלט אַ טיפּ פון אַ העכערער חיה, יעדנפאַלס פון אַן אונטערמענטש־באַשעפעניש „אָן אַ נשמה", אָבער די אַצטעקן גופא זיינען ביי זיך געווען זיכער, אַז די ווייסע דעראָבערער געהערן צו אַן אויסער־מענטשלעכן מין. אַן עסקימאָ, וועמען עס איז אויסגעקומען אויף אַ פּאָר געצוואונגענע באַזוכן אין מערב־קאַנאַדע זיך צו באַגעגענען מיט אידן און האָט געהערט דערציילן וועגן דעם אידישן מנהג, אין דער סדר־נאַכט אויסצושרייען „כל דכפין ייתי וייכול", האָט זיך צעלאַכט און דערקלערט, אַז אידן האָבן דעם מנהג, ווייזט אויס, איבערגענומען פון עסקימאָסן, און דערצו נאָך זייער שלעכט איבערגענומען. ווייל קיין שום עסקימאָ (אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָר), ווען ער איז אין וואַלד אויף דער יאַגד, זעצט זיך ניט עסן, ביז ער שרייט ניט אויס דריי מאָל אין דער לופט אַן איינלאַדונג צו נעמען אַנטייל אין זיין מאָלצייט. „עס איז נישטאָ קיין זאַך", האָט ער פאַרענדיקט, „וואָס עסקימאָסן דאַרפן זיך לערנען ביי אַנדערע, בשעת עס זיינען פאַראַן אַ סך וויכטיקע זאַכן וואָס ווייסע וועלן נאָך מיט דער צייט זיך אָפּלערנען פון אונז".

מיר האָבן געבראַכט אַ צאָל ביישפּילן (וועלכע מ׳וואָלט געקאָנט, ווען נויטיק, פאַרצענפאַכן) וועגן פאַרשיידענע פאָרמען און אינטענסיוויטעטס־גראַדן פון אתה־בחרתנו־געפילן ביי פיל פעלקער און שבטים — קולטורעלע און אַזעלכע וואָס אונז ווילט זיך רופן „ניט־קולטורעלע“. דער צוועק פון די דאָזיקע אילוסטראַציעס איז ניט צו באַווייזן עפּעס פּאָזיטיוועס. אָן און פאַר זיך זיינען זיי ניט אימשטאַנד ניט צו באַשטעטיקן און ניט אָפּצולייקענען די עקזיסטענץ פון סופּעריאָרע פעלקער. זיי זיינען אָבער גענוג, ווי אונז דוכט זיך, אַרויסצורופן אַ געוויסן סקעפּטיציזם וועגן דעם גאַנצן ענין פון קלאַסיפיצירן נאַציאָנאַלע און ראַסן־גרופּן לויט דעם קריטעריום פון „העכער“ און „נידעריקער“. אויב עס זיינען פאַראַן אין דער וועלט אַזוי פיל אַנטקעגנגעזעצטע תביעות אויף סופּעריאָריטעט, מוזן זיי, לכל־הפּחות, שאַפן דעם איינדרוק פון סוביעקטיווע אָדער עגאָצענטרישע אָפּשאַצונגען. און ווען עס געפינען זיך נאָך היינט ביי אידן געבילדעטע און דענקנדיקע מענטשן, וואָס ווייסן ווי רעלאַטיוויסטיש און טענדענציעז עס זיינען די אתה־בחרתנו־באַגריפן און פאָרשטעלונגען ביי די אומות־העולם, און פונדעסטוועגן ווילן זיי זיך ניט שיידן מיט דער טראַדיציאָנעלער אידייע פון אידישער סופּעריאָריטעט, זיינען זיי מחויב אונז צו געבן אַ ריי אויפקלערונגען. זייער ערשטע אינטעלעקטועלע פליכט איז אָנצוצייגן אויף אַ באַשטימטן מאָסשטאַב, מיט וועלכן מ׳דאַרף, לויט זייער איבערצייגונג, מעסטן דעם גייסטיקן שיעור־קומה פון אַ ראַסן־גרופּע אָדער פון אַ היסטאָריש־סאָציאַלן קאָלעקטיוו. צווייטנס, דאַרפן זיי באַווייזן אַז, אָנווענדנדיק דעם דאָזיקן מאָסשטאַב אויף דעם גאַנצן סכום פון היסטאָרישע אַנטוויקלונגען און אויפוויקלונגען, וואָס זיינען אונז באַקאַנט, זעט מען אַרויס דעם אידישן שיעור־קומה אַלס העכער אין פאַרגלייך מיט אַלע אַנדערע פעלקער. און דריטנס, איז זייער חוב צו באַווייזן, אַז דער דאָזיקער העכערער שיעור־קומה ביי אידן איז ניט אַ רעזולטאַט פון היסטאָרישע „אַקצידענטן“; אַנדערש גערעדט, אַז דער אַזוי גערופענער „געניוס“ פונם אידישן פאָלק איז ניט דער סך־הכל פון היסטאָרישע שיקזאַלס־אומשטענדן, וואָס וואָלטן אפשר דיזעלביקע סגולות געקאָנט אַרויסרופן אויך אין אַן אַנדער פאָלק, אונטער דיזעלביקע „ביאָגראַפישע“ באַדינגונגען, נאָר אַ דירעקטע אויסשטראַלונג פון זיין „אורנאַטור“, פון זיין שורש־נשמה. נאָר נאָך אַזעלכע אויפקלערונגען מעג מען פאָדערן, מ׳זאָל זיך ערנסט צוהערן צו דער תביעה אויף אָנערקענונג פון אידישער סופּעריאָריטעט.

די איינציקע אין אידנטום, וואָס זיינען ניט מחויב אונז צו געבן אַזעלכע ריין־מעטאָדאָלאָגישע דערקלערונגען, זיינען יענע, וואָס שטייען נאָך ביז היינט מיט ביידע פיס אויפן „פונדאַמענטאַליסטיש“־דאָגמאַטישן באָדן פון רעליגיעזן דענקען. פון פרומע, אָרטאָדאָקסישע אידן קאָנען מיר קיין ראַציאָ־

נאָלן ענטפער ניט פאָדערן, און עס וואָלט געוועזן זינלאָז מיט זיי צו אַרגו־מענטירן. פאַר זיי איז אידישע אויסדערוויילטקייט אַ קאָסמישער פאַקט, אַ טייל פון דער געזעצלעכקייט אין אוניווערסום און אין אוניווערסאַלן געשען. אויב דער רבונו של עולם האָט געשלאָסן אַ „ברית" מיט אברהם אבינו און מיט אַלע דורות, וואָס וועלן אַרויסקומען פון זיינע לענדן, אויב אידנטום איז תורה מן השמים און אידן זיינען געוועזן די איינציקע, וועמען גאָט האָט אויף אַ דירעקטן אופן אַנטפּלעקט זיין לערע; אויב די תורה וועט קיינמאָל ניט בטל ווערן, און אין דער גאַנצער אייביקייט, וואָס וואַרט נאָך אויף אונז, וועט קיין אַנדער תורה ניט געגעבן ווערן; און אויב אַלע גייסטיקע ווערטן וואָס מענטשן וועלן ווען עס איז נאָך מחדש זיין, זיינען גאָר קיין חידושים ניט, ווייל זיי זיינען שוין אימפּליצירט אין דער תורה, און נאָר דער קוצר־המשיג שטערט אונז זיי צו זען אין די רעקאָרדן פון דער צענטראַלער, אַלץ אויפפאַסנדיקער התגלות, מיט וועלכער גאָט האָט אידן מזכה געווען — פאַרוואָס זאָלן אַזעלכע אידן ניט גלויבן אין אידישער סופּעריאָריטעט, און ווער קאָן אין זיי דעם דאָזיקן גלויבן אויסלעשן אָדער שוואַכער מאַכן? אַזאַ איד מעג זאָגן יעדן טאָג אין זיינע תפילות „ברוך שלא עשני גוי", מעג זאָגן אין זיין קידוש „כי בנו בחרת ואותנו קדשת מכל העמים", און עס דאַרף אים לחלוטין ניט שאַקירן, ווען ער זאָגט מוצאי־שבת „המבדיל בין קודש לחול, בין אור לחושך, בין ישראל לעמים". ער האָט אויך ניט קיין גרונט צו באַהאַלטן זיין סופּעריאָריטעטס־דיפּלאָם פאַר פרעמדע אויגן, ווייל ווי עגאָצענטריש זיין אתה־בחרתנו־אמונה זאָל ניט קלינגען, טראָגט זי אין זיך ניט קיין געפאַרן פאַר אַנדערע אומות. זי דערלויבט אים ניט צו אונטערדריקן אָדער באַהערשן אַנדערע פעלקער, און מיט איר גאַנצן „ראַסיזם" האָט זי אַ זייער שטאַרקן אוניווערסאַליסטישן אַספּעקט. דערזעלביקער איד, וואָס דאַנקט גאָט „שלא עשנו כגויי הארצות ולא שמנו כמשפחות האדמה, שלא שם חלקנו כהם וגורלנו ככל המונם", זאָגט — לויט דעם אידישן סדר־תפילה — אַ פאַר מינוט שפּעטער: „על כן נקווה לראות בתפארת עזך, להעביר גלולים מן הארץ והאלילים כרות יכרתון, לתקן עולם במלכות שדי וכל בני בשר יקראו בשמך, להפנות אליך כל רשעי־ארץ". די אויסדערוויילטקייט גיט אים ניט קיין באַזונדערע רעכט, נאָר לייגט גאָר אַרויף אויף אים באַזונדערע און שווערע פליכטן. אין דעם קינפטיקן מלכות־שדי זעט ער פלאַץ פאַר אַלע באי־עולם, פאַר דער גאַנצער דערלייזטער מענטשהייט, און לעתיד־לבוא מאָנט ער פון דער דאָזיקער מענטשהייט בלויז דאָס, וואָס „עס קומט אים" — די אָנערקענונג פון זיין בכורה, פון זיין סטאַטוס אַלס דער ערשטער צווישן גלייכע אָדער גלייך־געוואָרענע. אַזאַ אידן וועלן מיר ניט פרעגן, פאַרוואָס אָדער ווי אַזוי עס האָט פּאַסירט, אַז פון אַלע פעלקער האָט גאָט אויסגעקליבן

ישראל פאַרן אַדרעסאַט פון התגלות, פאַר זיין ווילן־טרעגער. אויב ער וויל, קאָן ער נאַטירלעך אייך „דערמאָנען“, אַז גאָט איז אַרומגעגאַנגען מיט דער תורה איבער אַלע שבעים לשון און קיין איין אומה האָט זי ניט געוואָלט אָננעמען, אַז אידן זיינען געווען די איינציקע, וואָס האָבן מסכים געווען זיך אָוועקצושטעלן פאַרן באַרג סיני. אָבער פאַרוואָס זיינען אַנדערע אומות געווען אַזוי פאַרדאַרבן און פאַרוואָס זיינען אידן געווען אַזוי עמפּענגלעך פאַרן ליכט פון דער תורה? איז עס דען ניט דערפאַר וואָס גאָט האָט זיי אַזוי באַשאַפן? — איז פאַרוואָס האָט ער לכתחילה אויך אַנדערע פעלקער ניט געגעבן אַזעלכע הויכע אייגנשאַפטן? דאָס רעליגיעזע באַוואוסטזיין איז פול מיט פּאַראַדאָקסן, און דער ענין „ידיעה ובחירה“ האָט שטענדיק געטראָגן אין דער אידישער טעאָלאָגישער ליטעראַטור דעם כאַראַקטער פון אַ צירקל־קוואַדראַטור־פּראָבּלעם: פון איין זייט, טוט אַ מענטש ניט אַ ריר מיטן פינגער דאָ אונטן ביז דאָס ווערט ניט באַשטימט פון אויבן, און פון דער אַנדערער זייט — דירעקטע פערזענלעכע אחריות פאַר אַלע מעשים און אַלע כוונות: „הפּנקס פּתוח והיד כותבת“. דער רמב״ם, וועלכער האָט ניט געלייקנט דעם אתה־בחרתנו (האָט אים אָבער ניט אַריינגענומען אין זיינע שלשה־עשר עיקרים און דערמיט אומדירעקט באַטאָנט, אַז פאַר אַ אידן איז עס ניט קיין חוב צו גלויבן אין אויסדערוויילטקייט), האָט פאַר אים אומזיסט געזוכט אַ טעם און האָט געמוזט קומען צום שלוס, אַז דאָס געהערט צו יענע מיסטעריעזע אַספּעקטן פון גאָט׳ס ווילן, וואָס מיר קאָנען גאָרניט משיג זיין. מיט „שלומי אמוני ישראל“ האָבן מיר אויף דעם שטח ניט קיין געמיינזאַמע שפּראַך, און מען קאָן פאַרשטיין, פאַרוואָס זיי האָבן זיך געפילט אַזוי טיף שאָקירט, ווען די „רעקאָנסטראַקשאָניסטן“ מיט פּראָפעסאָר מרדכי קאַפּלאַן בראש האָבן פּאַראַיאָרן אַרויסגעלאָזן אַ הגדה של פּסח, פון וועלכער זיי האָבן באַזייטיקט אַלץ וואָס איז פאַרבונדן מיט אידישער בחירה. קיינער קאָן ביי זיי ניט צונעמען זייער סוביעקטיוו גערעכט־זיין.

אָבער ווען רעפאָרם־אידן, ווי מונק אָדער קאָופמאַן־קאָלער, וואָס גלויבן ניט אין תורה מן השמים, ווילן זיך ניט אָפּזאָגן פון אידישער בחירה; ווען אַזאַ נאַציאָנאַליסטיש־סעקולערער קעגנער פונם רעפאָרם־אידנטום ווי אחד־העם נעמט אַריין אין זיין לערע, אין אַ מילדערער און מאָדיפיצירטער פאָרם, די אידייע פון אידישער סופּעריאָריטעט; ווען אין דעם סידור פון געוויסע פריע אידישע קאָנגרעגאַציעס, וואָס האָבן די אידישע טראַדיציע „גערייניקט“ מיט אַ שאַרף כירורגיש מעסער, געפינען מיר אַ דאַנק דעם רבונו של עולם פאַר זיין צעשפּרייטן אידן איבער דער גאַנצער וועלט („זריתנו בארצות לקדש את שמך בעולם ממזרח שמש עד מבואו“), ווייל די מענטשהייט מוז אָנקומען צו דער לערע און גייסטיקער השפּעה פון ישראל, און פון ארץ ישראל וואָלטן

די שטראַלן פון דער דאָזיקער השפּעה ניט געגוג ווייט דערגרייכט; — האָבן מיר אַ רעכט זיי אָוועקצוזעצן פאַר אַן עקזאַמען: וואָס מיינט איר מיט אייער באַהויפּטונג פון אידישער אויסדערוויילטקייט אָדער סופּעריאָריטעט? און פאַר אַלעמען, וואָס איז אייער קריטעריום? מיט וואָס פאַר אַן אַרשין באַנוצט איר זיך ווען איר מעסט פעלקער און ראַסן, איידער איר גיט זיי אַרויס אייערע אַטעסטאַטן? אויף גאָט׳ס מיסטעריעזן ווילן אָדער געשמאַק קאָנען זיי זיך ניט סומך זיין: זייער אַרט דענקען איז דערצו צו „וועלטלעך”. וואָס פאַראַ וועגן און אומוועגן זיי זאָלן ניט זוכן, מוזן זיי זיך, ווילנדיק ניט־ווילנדיק, אָנ־שפּאַרן אויף אַ געוויסער „ראַסיסטישער” אינטערפּרעטאַציע: אידן טראָגן אין זייער „בלוט” עפּעס אַזוינס, וואָס ס׳איז ניט פאַראַן ביי קיין שום אומה ולשון, און אָט דער עפּעס איז פון אומגעהייער גרויסער, פון דער העכסטער וויכטיקייט פאַרן גייסטיקן שיקזאַל פון דער מענטשהייט. ווער עס דערקלערט ניט די אידישע סופּעריאָריטעט מיט דער השגחה׳ס ווילן, (אָדער גאָר „קאַפּריז”), מוז זי אויסטייטשן אין ביאָלאָגישע טערמינען, מוז אָנקומען צו דער מיסטעריע פון „בלוט” מיט אירע אומזעבאַרע פּאָטענצן, וואָס גייען איבער בירושה פון דור צו דור, אַלץ איינס צי אַזאַ טערמינאָלאָגיע איז איינעם היינט צום האַרצן אָדער ניט. אָבער וואָס, קאָנקרעט, איז יענער „עפּעס”, וואָס אידן טראָגן אין זייער מששת־ימי־בראשית׳דיקן פאָנד פון ראַסן־אייגנשאַפטן?

די אָנהענגער פון דער אתה־בחרתנו־אויפפאַסונג ווילן נאַטירלעך ניט דערנידעריקן זיך און דעם ענין גופא, אַז זיי זאָלן די אידישע סופּעריאָריטעט זען אין סתם אידישע „פעאיקייטן”, וועלכע זיינען מערסטנטייל אַ פּועל־יוצא פון דורות־לאַנגע אַדאַפּטאַציע־געוואוינהייטן. מען דאַרף דענקען אויף אַ זייער וואולגאַרן ניוואָ, כדי צו קומען צום שלוס פון אידישן „העכער־זיין” אויפן גרונט פון זייערע דערפאָלגן אין קאָמערץ, אין אינדוסטריע אָדער אין ליבע־ראַלע פּראָפעסיעס. אין דער אתה־בחרתנו־קאָנצעפּציע האָט מען צו טאָן ניט מיט די פעאיקייטן עפּעס „קונה־צו־זיין”, נאָר מיט שעפערישקייט, מיט כח־יצירה.

אין וואָס זשע אַלזאָ באַשטייט דער ספּעציפיש־אידישער כח־יצירה?

אויף וויפל עס האַנדלט זיך וועגן אויפבויען גרויסע ציוויליזאַציעס, אין דעם טעכנאָלאָגיש־ווירטשאַפטלעכן זין, קאָנען אידן לגבי אַ ריי אַנדערע פעלקער ניט שטאָלצירן: קיין גרויסע און לאַנגדויערנדיקע אימפּעריעס האָבן זיי ניט אויפגעשטעלט; אויף דעם שטח זיינען זיי אין אַלטערטום געווען „מינדערווערטיק” אין פאַרגלייך מיט די בבליים, מצריים, גריכן, פּערסער און רוימער. עס איז קלאָר, אַז דער אידישער געניוס ליגט אויך ניט אויפן געביט פון פּלאַסטישער קונסט. פּלאַסטישע אַרטיסטן פון וועלכער ניט איז באַדייטונג

(און דאָס זעלבע קאָן מען זאָגן אויך וועגן מוזיק־קאָמפּאָזיטאָרן) זיינען ביי אידן אָנטשטאַנען ערשט אין ניינצנטן יאָרהונדערט. וואָס איז שייך וויסנשאַפט, זיינען אידן געווען אין אַלטערטום הינטערשטעליק לגבי די עגיפּטער און די גריכן, און אין מיטלאַלטער — לגבי די אַראַבער. אַ איד מעג היינט שטאָלצירן מיטן פאַקט, אַז די „גרעסטע וויסנשאַפטלער פון די לעצטע צוויי דורות, מאַרקס, פרויד און איינשטיין, זיינען אידן" — דאָס קאָן אָבער ניט „מכפּר־זיין" דעם פאַקט, וואָס אין משך פון טויזנטער יאָרן, ביזן אַכצנטן יאָרהונדערט, זיינען אידן געווען אַזוי ווייניק שעפעריש אויפן געביט פון עכטער וויסנ־שאַפטס־פאָרשונג און אַנטדעקונג. וואָס איז שייך ספּעקולאַטיווער פילאָסאָפיע, זיינען אידן אין אַלטערטום געווען „באַרבאַרן" לגבי גריכן, און די וועלט האָט געדאַרפט וואַרטן ביזן זיבעצענטן יאָרהונדערט, כדי אידן זאָלן אַרויס־געבן אין דער פּערזאָן פון שפּינאָזאַ זייער ערשטן אָריגינעלן פילאָזאָף.

די ספּעציפיש־אידישע געניאַליטעט מוז דערפאַר ליגן ערגעץ־וואו אַנ־דערש, און אונזערע אַדוואָקאַטן פון דער אתה־בחרתנו לערע האָבן טאַקע שטענדיק געזוכט צו באַווייזן, אַז אָריגינעלע אידישע שעפערישקייט, דאָס וואָס עס האָט אידן געמאַכט פאַר אַן „עם־סגולה" און זיי געגעבן דאָס באַ־וואוסטזיין פון אַן אוניווערסאַלער שליחות, ליגט אין דער ספערע פון רע־ליגיע און מאָראַל. ניט וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען, ניט דאָס ספּעקולאַטיווע פילאָזאָפירן און ניט דאָס ריין־עסטעטישע אויפפאַסן פון וועלט און לעבן — אַלץ ספערן, אין וועלכע אַ ריי אַנדערע פעלקער זיינען ניט געווען אינפעריאָר לגבי אידן — האָבן געקאָנט פון זיך אַרויסברענגען יענע רעליגיעזע אידייען און מאָראַלישע ווערט־שאַצונגען און אימפּעראַטיוון, וואָס אידן האָבן אַרויס־געבראַכט פון זיך אויף, אַזוי צו זאָגן, אַן אינטואיטיוון אופן. אָט די דאָזיקע ספּעציפישע אינטואיציע פון אַ געלייטערטן, רעליגיעזן וועלט־באַנעם און די סאָציאַל־מאָראַלישע שאַפונגען, וואָס ווערן פון יענעם וועלט־באַנעם סטימולירט און געשפּייזט, זאָלן זיין דער אייגנאַרטיקער פּאַטאָס און די פּרי־ווילעגיע־באַגאַבונג פון דעם אידישן פאָלק. וואָס דער נביא איז אין דער ראָם פון זיין פאָלקס־געמיינשאַפט, איז ישראל לגבי די אומות־העולם, אָדער, נוצנדיק ר' יהודה הלוי'ס בילדלעך לשון, וואָס דאָס האַרץ איז פאַרן אָרגאַניזם פונם יחיד איז די כנסת־ישראל פאַר דעם גאַנצן מענטשלעכן מין (עס איז באַטירלעך, לייענען מיר אין דעם כוזרי, וואָס אידן ליידן מער פון אַנדערע פעלקער, ווייל דאָס האַרץ אין יעדן אָרגאַניזם איז מער סענסיטיוו און אָפּטער אויסגעזעצט צו פּיין און עינויים ווי יעדער אַנדער אָרגאַן). אָט די דאָזיקע פונקציע פונם אידישן פאָלק אין דעם היסטאָרישן געשען פון דער מענטשהייט — די באַזונדערע סגולה צו קומען אין באַהעפטונג מיטן מאָראַלישן שורש פון דער וועלט און שעפעריש פראַקטיצירן נאָכדעם אין דער ווירקלעכ־

קייט די אימפעראַטיוון אָדער מצוות, וואָס קומען נאַטירלעכערווייזע אַרויס פון יענער באַהעפטונג — האָט אין זינען דער העגעליאַניש־באַאיינפלוסטער נחמן קראָכמאַל, ווען ער ווייזט אָן (אין זיין „מורה נבוכי הזמן") די אַנטפּלעקונג פונם „הרוחני המוחלט" אין אידנטום. דעם מאָמענט האָט אין זינען געהאַט מונק, ווען ער האָט, מיט קרוב הונדערט יאָר צוריק געשריבן מיט אַזוי פיל קאַטעגאָרישקייט, אַז „די מיסיע פון די רוימער איז געווען גרויס־צו־האַלטן מענטשלעכע גבורה, וואָס איז פאַראורטיילט צום טויט; די מיסיע פון די גריכן איז געווען די קונסט אָדער דאָס גרויס־האַלטן פון אויסער לעכער (?) שיינקייט, וועלכע האָט ניט קיין ממשות, בשעת די מיסיע פונם אידישן פאָלק איז געווען העכער פון דער נאַטירלעכער וועלט — צו דערקענען גאָט און ברענגען אויך אַנדערע צו דער דאָזיקער דערקענטעניש".

מיט דער זעלביקער אָפּשאַצונג באַגעגענען מיר זיך (אין „רוים און ירו־שלים") ביי דעם קאָמוניסט און נאַציאָנאַל־מיסטיקער משה העס: „דער וועלט־גייסט", וויל ער גלויבן, „מאַניפעסטירט זיך אין פעלקער און ראַסן לויט זייער נאַטור און אייגנשאַפטן. אין ישראל האָט זיך דער געשיכטלעכער גייסט, וועל־כער שאַפט די העכערע רעליגיאָזיטעט, אַנטפּלעקט אין דריי עפּאָכן: אין דער עפּאָכע פון תורת־משה און די נביאים, אין דער עפּאָכע פון קריסטנטום און איסלאַם, און נאָכאַמאָל צום סוף פון מיטלאַלטער (אין שפּינאָזאַ'ן)". אויפן גרונט, ווייזט אויס, פון די דריי התגלות'ן אין די דאָזיקע דריי (ווילקירלעך קאָנסטרואירטע) עפּאָכן, איז העס גרייט אָפּילו אַרויסצודרינגען אַ געוויסע היסטאָרישע געזעצמעסיקייט: „יעדעס מאָל ווען די צייט ווערט רייף פאַר אַ זאַמען פון סאָציאַלן ליכט פאַרזייט צו ווערן אינם לעבן פון דער מענטשהייט, דינט דער אידישער געניוס אַלס לבוש, אין וועלכן דער גייסט אַנטפּלעקט זיך". אויך דער פּאָזיטיוויסטיש־אָנגעהויכטער אחד־העם מיט זיין עלעגאַנט־פאַרמאַסקירטן אַטעאיזם האָט געזען אין דער אידישער געשיכטע עפּעס ספּע־ציפיש־ווערטפולעס און מיסיאָנמעסיקעס, ווען ער האָט אונז אין זיינע עסייען געלערנט, אַז אידישער גייסט, — צום אונטערשייד פון אַנדערע נאַציאָנאַלע „גייסטער" — דריקט זיך אויס אין „בוז לכוח האגרוף" (פאַראַכטונג צו פיזישער קראַפט), אין „העלאת ערך החיים המוסריים על כוח הזרוע" (די דערהויבונג פונם ווערט פון מאָראַלישן לעבן איבער דער פיזישער קראַפט), און אַז דאָס כאַראַקטעריסטישע פאַרן אידישן פאָלק ליגט אין זיין פליכט־באַוואוסטזיין און אין זיין פעאיקייט „להתקרב יותר משאר העמים אל האידיאַל של השלמות המוסרית" (זיך צו דערנעענטערן מער ווי אַלע פעלקער צום אידעאַל פון מאָראַלער שלימות). דאָס רעליגיעז־מעטאַפיזישע אין אידנטום איז אָן און פאַר זיך פאַר אחד־העמ'ן ניט וויכטיק. עס איז אָבער פאַר אים פון גרויסן ווערט אַלס „אויסערלעכער לבוש" פאַר די סאָציאַל־עטישע אידעאַלן

און שאַפונגען, וואָס זיינען, לויט זיין מיינונג, כאַראַקטעריסטיש פאַרן אידישן לעבנס־פּאַטאָס. מיט געוויסע מאָדיפיקאַציעס, ווי מיר קאָנען זען, זיינען אַלע אָנהענגער פון דער אידישער אתה־בחרתנו־לערע אייניק אין זייער אויפפאַסונג: אידן אַלס עטנישע איינהייט (אָדער ראַסע?) טראָגן אין זיך אַ ספּעציפישע באַגאַבונג פאַר רעליגיעז־עטישער אינטואיציע; זייער סופּער־יאַריטעט דריקט זיך אויס אין אויפפאַסן מעטאַפיזיש־עטישע אמת׳ן, אין פורעמען זייער לעבן אין גייסט פון די דאָזיקע אמת׳ן און אין באַאיינפלוסן מיט יענעם גייסט אויך אַנדערע פעלקער.

אָבער אַזוי ווי קיין ספּעציעלע „כעמיע" פאַר דער אויספאָרשונג פון דער קאָמפּאָזיציע פון ראַסן־אייגנשאַפטן עקזיסטירט ניט, מוזן זיך אַלע „אתה־בחרתנו"־אידעאָלאָגן סומך זיין בלויז אויף היסטאָרישע פאַקטן און דער־פאַרונגען — אויף מאַניפעסטאַציעס פון אידישן גייסט אין געשיכטלעכע פּראָצעסן. פאַר דעם פאַרמאָגן זיי נאַטירלעך אַ גאַר־רייכן מאַטעריאַל, וואָס לאָזט זיך לייכט אויסטייטשן אין דער ריכטונג פון זייער הויפּט־אידייע. אָבער כדי די אויסטייטשונג זאָל זיין אַן אָביעקטיוו־גילטיקע, מוזן זיי באַווייזן צוויי זאַכן, אַן וועלכע זייער אַרגומענטאַציע האָט ניט קיין פעסטן יסוד. זיי מוזן, ערשטנס, באַווייזן, אַז אין די פאַרגלייכן וואָס זיי מאַכן צווישן אידן און די אומות־העולם נעמען זיי אין אַנבאַטראַכט ניט בלויז די פעלקער, מיט וועלכע אידן זיינען געקומען אין קאָנטאַקט, און וואָס צוזאַמען מיט זיי האָבן זיי גורם געווען צו דער שאַפונג פון דער העברעאיש־גריכיש־רוימישער צי־וויליזאַציע; אַז אין האַריזאָנט פון זייערע באַטראַכטונגען זיינען אַריינגענומען געוואָרן אויך ראַסן, וואָס האָבן ביז צוריק מיט אַ פּאָר יאָרהונדערטער געפירט אַ סעפּאַראַטע עקזיסטענץ און זיינען פון אידן ניט באַאיינפלוסט געוואָרן. אויב אין זייער פעלקער־פּסיכאָלאָגישער לאַבאָראַטאָריע זאָלן, למשל, אינגאַנצן איגנאָרירט ווערן אַזעלכע אַלטע פעלקער ווי אינדיער און כינעזער, וועט זייער אַרגומענטאַציע זיין אַ זייער איינזייטיקע און ריזיקאַלישע. זיי דאַרפן אָבער, צווייטנס, באַווייזן נאָך אַ וויכטיקן טעזיס: אַז יענע גייסטיקע מאַניפעסטאַציעס פונם אידישן פאָלק, אויף וועלכע זיי שטיצן זייער טעאָריע פון „אויסדער־וויילטקייט", שטעלן מיט זיך פאָר עפּעס מער און עפּעס וועזנטלעכערס ווי בלויז כראָנאָלאָגישע פּרעצעדענצן. אין אַנדערע ווערטער: זיי דאַרפן זיין אימ־שטאַנד צו דעמאָנסטרירן, אַז ניט בלויז זיינען אידן געווען די ערשטע, וועמען עס איז אינטואיטיוו געלונגען תופס צו זיין די העכסטע רעליגיעזע אידייען און סאָציאַל־מאָראַלישע ווערטן און אָנצופאַנגען לעבן אין זייער גייסט (ווען בלויז דאָס וואָלט געווען דער אונטערשייד צווישן אידן און ניט־אידן, וואָלטן מיר געהאַט אַ רעכט צו באַטראַכטן זיך אַלס אַ „פאָרגעשריטן" פאָלק און אַנדערע אַלס „צוריקגעשטאַנענע", אָבער פאָרשריט און צוריקגעשטאַנענקייט

זיינען אין אַ געוויסן זין „היסטאָריש־אַקצידענטאַל״, און האָבן זייער ווייניק צו טאָן מיט אָרגאַנישער סופּעריאָריטעט און אינפעריאָריטעט). נאָך קלאָרער און נאָך שטרענגער: זיי דאַרפן קאָנען באַווייזן, אַז ווען, למשל, עס וואָלט פּאַסירט אַ קאַטאַסטראָפע און אידן וואָלטן פיזיש פאַרניכטעט געוואָרן איידער זייער גייסט האָט זיך אָנגעפאַנגען צו אַנטפּלעקן, וואָלט קיין שום אַנדער אומה ולשון ניט מסוגל געווען צו ווערן, פריער אָדער שפּעטער, אַ קאַנאַל, דורך וועלכן דער וועלט־גייסט זאָל זיך אין אַ גענוגנדיקער מאָס מתגלה זיין. ווייל שטעלט מען זיך נאָר פאָר, אַז אויך אָן אידן — לאָמיר זאָגן, מיט טויזנט יאָר שפּעטער (אין גרונט שפּילן דאָ יאָרן קיין ראָלע ניט, ווען עס האַנדלט זיך וועגן „וועזנהייטן״) — וואָלטן די זעלביקע ווערטן זיך מאַניפעסטירט דורך אַן אַנדער פאָלק, מוז די בחירה־טעאָריע פאַרלירן אַ גאָר־גרויסן, און אפשר דעם וויכטיקסטן טייל פון איר איבערצייגונגס־קראַפט.

דידאַזיקע צוויי טעזיסן האָבן די סעקולערע אָנהענגער פון דער אתה־בחרתנו־אידייע ביז אַהער ניט געקאָנט באַווייזן אָדער באַגרינדן. אידישע אויסדערוויילטקייט דאַרף דערפאַר אויפגעפאַסט ווערן ווי אַ גלויבנס־אַרטיקל — און ניט פאַר סתם גלויביקע, נאָר פאַר אומקריטישע מאמינים, וואָס זוכן גאָרניט קיין ראַציאָנאַלע שטיצע פאַר זייערע אמונות...

1942

# „גיי קיין נינוה"

אין א פאַמיליען־שמועס וועגן ימים נוראים האָט מען מיך די טעג גע־שטעלט אין אַ פאַרלעגנהייט. מ'האָט מיך געפרעגט, פאַרוואָס די פיר קאַפּיטלעך יונה זיינען אריינגענומען געוואָרן אינם מחזור פון יום־כפור. איך האָב ניט געקאָנט געבן אויפן אָרט קיין אויפקלערונג, און קיין רעפערענץ־ביכער זיינען אונטער דער האַנט ניט געווען. האָב איך נאָכאַמאָל פאַר זיך איבערגעלייענט דעם סיפור־המעשה פון יונה בן־אמתי — אפשר וועט פונם טעקסט גופא מיר קלאָר ווערן, אין וואָס עס באַשטייט זיין שייכות צום גרויסן תענית־טאָג. ווייס איך ניט איצטער, צי האָב איך זיך ריכטיק „אָנגעשטויסן", אָבער וואָס פאַר אַ טעם עס האָבן ניט געהאַט יענע קדמונים, וואָס האָבן רעקאָמענדירט יונה'ן פאַרן יום־כפור־דאַווענען, גלויב איך, אַז מיין טעם האָט אויך אַ יסוד, און אַן אַנדערע טעמים וואָלט ער אויך געווען גענוג.

***

אין וועלכער עפּאָכע איז דאָס יונה־בוך אָנגעשריבן געוואָרן און וואָס פאַר אַ שייכות האָט דאָס דאָזיקע ווערק צו יענעם יונה בן־אמתי, וואָס ווערט דערמאָנט אין מלכים ב'? עס איז פאַראַן אַ סברה, אַז דער פאַרפאַסער האָט געלעבט אַ זיבן אָדער אַכט יאָר־הונדערטן פאַר דער קריסטלעכער ציילונג. אַנדערע ווילן מיינען, אַז גוטע עטלעכע דורות שפּעטער. איך וועל באַטירלעך מיט מיין שוואַכן קאָפּ זיך ניט אַוועקשטעלן צווישן די גרויסע בערג פון פאַך־קריטיק און היסטאָריש־לינגוויסטישע פאָרשונגען. דעם אמת זאָגנדיק, האָב איך אין דעם אויך ניט קיין גרויסן אינטערעס, וואָרים וואָס איז מיר דער חילוק, ווען און פון וועמען די מעשה איז פאַרפאַסט געוואָרן, ווען דער וואָס און דער ווי זיינען אַזוי אינטריגירנדיק, ווען דער זין און דער מוסר־השכל זיינען אַזוי שפּאַנענדיק?

וואָס־זשע איז אייגנטלעך דער זין אָדער די טענדענץ פון דעם דאָזיקן מערקווירדיקן סיפור־המעשה?

מקובלים האָבן אין שפּעטערדיקע דורות געזוכט אויסצוטייטשן יונה'ן אַלעגאָריש־מיסטיש. דער זוהר, למשל, מיינט אַז דער סיפור־המעשה האָט צו טאָן מיט תחית־המתים אָדער מיט השארות־הנפש, אַז דאָס איז גאָר אַ משל קעגן דעם וואָס די נשמה לעבט איבער ווען זי איז נאָך אין קערפּער, און וואָס ס'קומט מיט איר פאָר ווען זי טיילט זיך אָפּ פונם ביסל בשר־ודם.

אַזוי האָבן אויך געוואָלט גלויבן די ערשטע קריסטן, און ניט אומזיסט געפינט מען אויף אַלטע קריסטלעכע מצבות צייכענונגען, וואָס אילוסטרירן יונה׳ס „ווידער־געבוירן־ווערן״, זיין אַרויסקומען פונם פיש׳ס בויך, וואָס איז פאַר אים געווען אַ ציטוויייליקער קבר. קריסטן האָבן אין דעם פאַל געהאַט אויף וואָס זיך סומך צו זיין. לייענען מיר דאָך אין עוואַנגעליום, ווי סופרים און פרושים פאָדערן פונם גליל׳ער משיח אַ צייכן, אַ נס, און ווי ער ענטפערט זיי: „אַ בייזער און פאַרדאָרבענער דור זוכט אַ צייכן, אָבער קיין שום צייכן וועט ניט געגעבן ווערן אַחוץ דעם צייכן פון יונה הנביא, ווייל ווי יונה איז געווען דריי טעג און דריי נעכט אינם פיש׳ס בויך, אַזוי וועט אויך דער בן־האדם זיין דריי טעג און דריי נעכט אין דעם הארץ פון דער ערד״. (און נאָכדעם, הייסט דאָס, וועט ער אויפשטיין תחיית־המתים).

ווער עס לייענט אָבער די פאָר בלעטלעך וועגן יונה הנביא אָן אַ ספּעציפי־שער טענדענץ, ווער עס גייט צו זיי צו אָן אַ פּלאַן אויסצופּשט׳לען פונם טעקסט אַ אידייע וואָס „לוינט״ אים, מוז באַלד איינזען, אַז עס זיינען דאָרט ניט פאַראַן קיין שום מיסטישע עלעמענטן. דער סטיל איז איינפאַך, דורכזיכטיק, ניט אָנגעלאָדן מיט קיין ספּעציעלע רמזים, און די עצם־מעשה איז, אַזוי צו זאָגן, „רעאַליסטיש״. דער מוסר־השכל ליגט אויך אויף דער האַנט: איז אַ מענטש געבענטשט פון אויבן מים נביא׳ישן גייסט, איז ער אויפן גאַנצן לעבן אַן „עבד ה׳״ (גאָט׳ס קנעכט), און זאָל ער זיך ניט איינרעדן, אַז ער מעג אָדער קאָן רעוואָלטירן קעגן דעם וואָס האָט אים געשיקט אין זיין שליחות.

יונה בן־אמתי האָט זיך צעבונטעוועט קעגן גאָט. זיין אייגענעם ווילן, זיינע פאָראורטיילן און זיין באַשרענקטן באַגריף פון גערעכטיקייט האָט ער געוואָלט שטעלן העכער פון גאָט׳ס באַפעל. גיין קיין נינוה און דאָרט אויפן פלאַץ אָנזאָגן דעם פאָלק, אַז „נאָך פערציק טעג און די שטאָט וועט צע־שטערט ווערן״ פון גאָט׳ס צאָרן? צוליב וואָס אייגנטלעך זאָל ער עס טאָן? נינוה איז די הויפּט־שטאָט פון ישראל׳ס מעכטיקן שונא, אַ שטאָט דורכ־געפּרעסן מיט זינד און פאַרברעכן — גאָט אַליין זאָגט דאָך „כי עלתה רעתם לפני״, די שלעכטיקייט פון אירע איינוואוינער איז אויפגעגאַנגען פאַר מיר — זאָלן־זשע דאָרט די רשעים אומקומען אָן אַ נבואה, אָן אַ וואָרענונג. ער פאַר־שטייט אַז גאָט שיקט אים קיין נינוה ניט בלויז אַלס דעם טרעגער פון דער בייזער בשורה, ניט סתם אָנצוזאָגן אירע איינוואוינער אַן ענדגילטיקן אורטייל וואָס קאָן שוין ניט געענדערט ווערן. ער פאַרדעכטיקט גאָט אין „שוואַכ־קייט״, אין ניט וועלן האַנדלען לויטן חומר־הדין, אין זוכן אַ וועג ווי אַזוי צו פאַרמיידן דעם עונש וואָס ער אַליין האָט אויף דער שטאָט אַרויפגעלייגט: „ידעתי כי אתה אל חנון ורחום ארך אפים ורב־חסד ונחם על הרעה״; „איך האָב געוואוסט, אַז דו ביסט אַ לייטזעליקער און דערבאַרעמדיקער גאָט,

אײנגעהאַלטן אין צאָרן, און רײך אין גנאָד, און האָסט חרטה אויף דעם בײז״.
יונה האָט מורא געהאַט, טאָמער װעלן די אײנװאױנער פון נינוה, אױסהערנדיק
זײן נבואה, תשובה טאָן און דענסטמאָל װעט גאָט מבטל זײן זײן גזירה. רעדנ־
דיק אין שפּעט־העברעאישע טערמינען, האָט ער זיך באַטראַכט אַלס דעם
טרעגער פון מידת־הדין און דעם אױבערשטן האָט ער חושד געװען אַז ער
איז געניגט צו מידת־הרחמים; ער האָט נאָך ניט געװאָלט באַגרײפן, אַז
רחמים און מחילה זײנען אַלײן אַ טײל פון דין־צדק.

און נאָך אַ טעם האָט יונה געהאַט, פאַרװאָס ער האָט ניט געװאָלט גײן
קײן נינוה: נינוה איז חוץ־לארץ, אַ פרעמדע שטאָט פון געצנדינערישער
טומאה, און ער איז אַ נביא פון ישראל און פאַר ישראל. דער גײסט פון
נבואה, האָט ער געװאָלט גלױבן, איז אים געגעבן געװאָרן לכתחילה מיט דער
פאַרשטענדיקונג, אַז ער זאָל אים „אױסגיסן״ בלױז אױף דער אידישער ערד
און פאַר אידישע מענטשן. גױים האָבן ניט קײן חלק און קײן נחלה אין דעם
קעניגרײך פון נבואה. אמת, כמעט אַלע נביאים האָבן געלאָזט הערן זײער
װאָרט אױך װעגן פרעמדע לענדער און פעלקער: פאַר חבקוק׳ן איז די הױפּט־
טעמע געװען כשדים, פאַר עובדיה׳ן — אדום, און פאַר נחום׳ן — טאַקע
נינוה גופא. זײ האָבן אָבער אַלע נבואה געזאָגט צװישן אידן װעגן גױים, אָבער
ניט דירעקט צו גױים. אַחוץ אליהו הנביא, װעמען גאָט האָט אַמאָל געשיקט
אין דעם געצנדינערישן צידון, איז יונה, דוכט זיך, דער אײנציקער נביא
װאָס װערט געשיקט מיט אַ דירעקטער שליחות קײן חוץ־לארץ, צו ערלים
בני ערלים. אָבער אַפילו אליהו הנביא גײט אױך ניט צו די עבודה־זרה־
דינער מיט קײן מיסיע פאַרן כלל. דער סיפּור־המעשה (אין מלכים א׳) שאַפט
דעם אײנדרוק, אַז ער איז געשיקט געװאָרן ניט סתם קײן „צרפת״, ניט
צום פאָלק אַלס גאַנצן, נאָר צו אַן אומשולדיקן יחיד פון די אומות־העולם
— אָט צו דעם קראַנקן קינד פון דער צידונ׳ער אלמנה, װאָס ער האָט אים
אומגעקערט דעם גײסט פון לעבן. אָבער יונה װערט געשיקט ניט צו קײן
יחיד, נאָר צום כלל, צו דער אומרײנער געמײנדע פון פאַרברעכערישע נינוה
גױים, װעמען גאָט װאָלט שױן לאַנג געדאַרפט פאַרטיליקן. ברענגען זײ די
נבואה פון אונטערגאַנג איז „ריזיקאַליש״. זײ קאָנען נאָך תשובה טאָן אױף
זײערע זינד, און גאָט זאָל דערהערן זײער תפילה, און נינוה זאָל געראַטעװעט
װערן — װעט ער דערפאַר בעסער „אױפשטײן און אַנטלױפן קײן תרשיש
פון פאַר גאָט״. אַ שפּעטערער מדרש זאָגט װעגן דעם דאָזיקן אַנטלױפן, אַז יונה
איז געװען גיכער גרײט אומצוקומען אין ים, אײדער „ברענגען אַן אומגליק
אױף זײן פאָלק״ דורכדעם װאָס נינוה װעט געראַטעװעט װערן. און עס איז
פאַראַן אַן אַנדער בעל־אגדה, אַ מער פּראָזאַאישער, אַ בעל־חשבון, און יענער
דערצײלט אונז, אַז פאַר דער רײזע פון יפו קײן תרשיש האָט יונה באַצאָלט

אַ סומע אַזוי גרויס ווי דער ווערט פון דער גאַנצער שיף — אַזוי שטאַרק איז געווען זיין באַגער, אַז גאָט׳ס גזירה אויף נינוה זאָל מקויים ווערן, אַז יעדנפאַלס ער מיט זיין נבואה זאָל ניט זיין קיין גורם פאַר נינוה׳ס רעטונג. (סימנים פון אַזאַ אידישן „פּאַרטיקולאַריזם״ אָדער „שאָוויניזם״ זעען מיר אַ סך שפּעטער אויך אין עוואַנגעליום: ישו אַליין באַטאָנט עטלעכע מאָל, אַז ער איז געשיקט געוואָרן בלויז צו די „פאַרבלאָנדזשעטע שאָף פון ישראל״ און פאַרזאָגט זיינע תלמידים אַז צו די גויים זאָלן זיי מיט זייער בשורה פון פרייד ניט גיין; און עס איז ניט קיין צופאַל, וואָס שמעון בר־יונה וויל ניט גיין צום רוימישן צענטוריאָן, קאָרנעליוס, אים אויפצונעמען אין דער קירכע, ביז ער הערט ניט גאַנצע דריי מאָל אַ בת־קול וואָס באַפעלט אים ניט צו האַלטן פאַר טמא דאָס, וואָס דער רוח־הקודש האָט שוין געהייליקט).

יונה אַנטלויפט. אָבער קאָן מען דען פון גאָט און פון זיין באַפעל אַנט־לויפן? כדי מ׳זאָל ניט מיינען, אַז דער שטאַרקער שטורעם וואָס האָט זיך מיטאַמאָל אויפגעהויבן אויפן ים, אַזוי אַז די שיף האָט שוין געהאַלטן ביים צעבראָכן ווערן, איז געווען ניט מער ווי אַ צופאַל, דערציילט אונז שפּעטער דער בראשית רבה, אַז דער שטורעם האָט געהאַט די שליטה נאָר אויף דער שיף, אויף וועלכער יונה האָט זיך געפונען, בשעת אַלע אַנדערע שיפן אין דעמזעלביקן ים זיינען געגאַנגען זייער וועג בשלום. און נאָך מער: דער פיש, וואָס האָט יונה׳ן איינגעשלונגען, איז באַשטימט געוואָרן פאַר דעם דאָזיקן צוועק נאָך משׁשת ימי בראשית, אין דעם פינפטן טאָג פון בריאת־העולם. גאָט האָט לכתחילה פאָראויסגעזען, אַז ער וועט האָבן צו טאָן מיט אַ נביא, וואָס וועט זיך פאַר׳עקשנ׳עז, ניט דורכצופירן זיין שליחות — „וימן דג גדול לבלוע את יונה״, „האָט ער אָנגעברייט אַ גרויסן פיש איינצושלינגען יונה׳ן״: דער נביא טאָר פון קיין גרענעצן ניט וויסן, זיין וואָרט איז ער מחוייב צו טראָגן אויך אין די לענדער פון „טומאת הגויים״, אין די אומריינקייטן פון אַלע נינוה׳ס, און וויל ער שמאָל מאַכן זיין האָריזאָנט און ענג מאַכן זיין האַרץ, וועט גאָט אים ווייזן וואָס שמאָלקייט און ענגשאַפט איז — קיין תרשיש וועט ער ניט אָנקומען און באַלד־באַלד וועט גאָט הערן, ווי ער רופט צו אים פון זיין איינגעגרענעצטקייט, „פון די אינגעווייד פון דעם פיש״.

דער רעוואָלטירנדיקער נביא האָט געקראָגן זיין עונש דורך ליגן טעג און נעכט אין דער פינסטערער תפיסה פון פיש׳ס בויך. (ר׳ מאיר, דער בעל־רחמים, האָט מיט אים מיטלייד געהאַט און האָט אין פיש געפונען אַן אבן־טוב, וואָס האָט אַרום זיך פאַרשפּרייט אַ סך שיין און ליכט), און אַן אַלטער מדרש האָט שפּעטער, אויף זיין אופן, אַן יונה׳ן „זיך נוקם געווען״: ווען די מאַטראָזן פון דער שיף, דערציילט ער אונז, האָבן נאָכדעם דערזען גאָט׳ס נס, ווי דער פיש האָט אויסגעשפּיגן יונה׳ן אויף דער יבשה, זיינען זיי אַלע

אַוועק קיין ירושלים, זיך געלאָזן מל זיין און געווידמעט צו יונה׳ס גאָט זייער אייגנטום, זייערע ווייבער און קינדער. אָט דאָס, מיינט דער מדרש, זיינען ערלים, געצנדינער, זינדיקע; זיי זיינען ניט האָפענונגסלאָז און צוקונפט־לאָז, און אין דער השגחה׳ס פּלאַן גייט אַריין זייער תשובה און זייער ריייניקונג. וואָס ס׳איז געשען מיט די מאַטראָסן, קאָן געשען אויך מיט די איינוואוינער פון נינוה — דער גאָט פון אברהם, יצחק און יעקב איז אויך זייער גאָט, און אויב זיי דינען אים ניט היינט, וועלן זיי אים אָנהויבן דינען מאָרגן. גיי קיין נינוה, יונה, און ברענג אַהין דיין נבואה...

***

אָבער די יונה־געשיכטע איז ניט נאָר אַ פּראָטעסט קעגן ענגן „נאַציאָנאַליזם״. איר מוסר־השכל האָט צו טאָן מיטן עצם וועזן פון אידישער נבואה. דער נביא איז ניט סתם דער פאָראויסזאָגער פון געשעענישן, וואָס וועלן אָדער מוזן פּאַסירן אין דער צוקונפט. ווען ער וואָלט דאָס געווען, וואָלט דאָך ניט געווען קיין אונטערשייד צווישן אַ נביא און אַ געצנדינערישן אָראַקל, וועלכער זאָגט דאָך אויך פאָרויס די צוקונפט, צווישן אַ נביא און אַ האָראָסקאָפּ. פאַרן אָראַקל איז ניט פאַראַן קיין „אויב״. ער ווייס נאָר פון אַן „אַזוי וועט עס זיין״ אונטער אַלע אומשטענדן, אַלץ איינס ווי דו, אָרעמער מענטש, וועסט האַנדלען אָדער ניט האַנדלען. די גזירה, פון וועלכער דער געצנדינערישער אָראַקל ווייס, איז אַ קאַטעגאָרישע, אַן אַבסאָלוט־ענדגילטיקע: ניט מענטשלעכער ווילן און ניט אפילו דער ווילן פון די געטער קאָן זי שוין ווען עס איז ענדערן. זי איז פאַטום, שיקזאַל, „מזל״, דאָס באַשערטע וואָס קאָן שוין ניט אָפּגעווענדט ווערן. אַזאַ גזירה האָט אויך ניט צו טאָן מיט שכר און עונש, מיט זינדיקע צי מיט אומשולדיקע. די קאַטאַסטראָפע, וואָס ווערט אָנגעזאָגט פונם אָראַקל, איז ניט קיין שטראָף פאַר זינד; זי האָט זייער ווייניק אָדער גאָרניט צו טאָן מיט דער מאָראַליטעט אָדער אוממאָראַליטעט פון מענטשן. ניט נאָר ביי פּרימיטיווע פעלקער, נאָר אַפילו ביי אַזאַ ציוויליזירט פאָלק ווי די גריכן, איז דער שיקזאַל (מוירא) אויסער־מאָראַליש. אויף דעם זאָגט עדות די גאַנצע גריכישע מיטאָלאָגיע, אויך די גריכישע טראַגעדיע אויף אירע העכסטע אַנטוויקלונגס־מדרגות — ביי עסכילאָס, ביי סאָפאָקלעס, ביי עווריפּידעס. דער זין פון דער קלאַסישער טראַגעדיע איז אין אַ גרויסער מאָס דאָס פּראָבלעם פונם „אומשולדיק־שולדיקן״, פונם פאַר־ברעכער קעגן זיין אייגענעם ווילן און אייגענע כוונות, פון דעם הילפלאָזן און ראַטלאָזן מענטשן, וואָס דער שיקזאַל גופא פירט אים צו זינד, פאַרברעכן און אומגליק, קעגן אַלע זיינע אָנשטרענגונגען אויסצומיידן דעם פאַטאַלן וועג. עס איז גענוג זיך צו דערמאָנען אָן אַזאַ אַלטן מיטאָס ווי קעניג עדיפּוס,

כדי צו זען, ווי עס ווירקט דעם שיקזאַל׳ס שטומער מעכאַניזם. די אידישע נבואה, אין קעגנזאַץ צו דער געצנדינערישער, ווייס אָבער ניט פון קיין פאַטאַליזם: „אין מזל לישראל״, ווי עס האָט שפּעטער אויסגעדריקט אַ העברעאיש שפּריכוואָרט — ישראל האָט ניט קיין שיקזאַל, קיין פאַטום, קיין גוטן אָדער קיין שלעכטן שטערן, וואָס דעטערמינירט דעם מענטשנ׳ס לעבנסוועג און צוקונפט. ער האָט ניט קיין „מזל״, ווייל ער גלויבט ניט אין אים, ווייל אַנשטאָט שטומע און בלינדע גזירות אין דער וועלט זעט ער אַ השגחה איבער דער וועלט, און השגחה איז „עין צופיה״ (אַן אויג וואָס קוקט) און אויך אַן „אוזן שומעת״ (אַן אויער וואָס הערט), און צו השגחה קאָן מען אַפּעלירן, תפילה טאָן און באַוועגן זי צו טאָן דעם מענטשנ׳ס באַגער, אויב דער באַגער איז אַ גערעכטער און אַ ריינער. די אידישע נבואה איז דערפאַר, לויט איר פונקציע און כאַראַקטער, אַ קאָנדיציאָנעלע, אַן על־תנאי־נבואה, ניט קיין קאַטעגאָרישע, ניט אַזעלכע וואָס מוז מקויים ווערן. אין דעם אורטייל חרוב צו מאַכן נינוה האָט יונה געוואָלט זען אַן אייזן־פעסטן דעקרעט, אַ דבר המלך וואָס טאָר ניט צוריקגערופן ווערן, און וואָלט ער געווען זיכער, אַז די השגחה אַליין קוקט אויך אַזוי אויף איר אורטייל, וואָלט ער קיין תרשיש ניט געלאָפן. און אָט אין דעם איז באַשטאַנען זיין חטא. אַנשטאָט צו זיין אַ וואָרנדיקער נביא, וואָס זיין וואָרט קאָן באַוועגן זינדיקע חרטה צו האָבן און זיך צו רייניקן, האָט ער געוואָלט בעסער זיין אַן אָראַקל, אַ גולם, וואָס בלינדע, ברוטאַלע, פאַטאַלע צוקונפט רעדט פון אים אַרויס, אָדער — רעדנדיק אין מאָדערן־וויסנשאַפטלעכע טערמינען — אַ סייסמאָגראַף וואָס זאָגט אָן דאָס קומען פון אַן ערדציטערניש. דערמיט האָט ער פאַרשוועכט זיין נביא׳ישן באַרוף, דעם מאָראַלישן על־תנאי פון גאָט׳ס אורטיילן און גזירות. גאָט׳ס האָס צו דעם בייזן אין מענטשן האָט ער פאַרביטן אין זיין אויפפאַסונג אויף האָס צו דעם בייזן מענטשן גופא; גלייך ווי דער בייזער מענטש איז בייז לויט זיין אייביקן שיקזאַל, אין זיין עצם שורש; גלייך ווי ער איז פאַראורטיילט שטענדיק צו זיין אומריין און רשעות׳דיק; גלייך ווי דער וועג פון תשובה איז פאַר אים פאַר׳חתמ׳עט. מיט זיין אומגלויבן אין תשובה און אין גאָט׳ס „פליכט״ אָנצונעמען תשובה און „צערייסן דעם איבל פון זיינע גזירות״, איז ער געווען אַ מחלל השם, נעענטער צו עבודה־זרה ווי צום אידישן גאָט. נאָך גרעסער איז זיין חטא, וואָס ער האָט גאָרניט געוואָלט אַז די ערלים פון נינוה זאָלן אָנהויבן גלויבן אין זיין גאָט, זאָלן אויסרופן אַ פאַסטטאָג און אַ טרויער, פון זייער גרעסטן ביז זייער קלענסטן; אַז דער מלך פון נינוה זאָל אויסטאָן פון זיך זיין מאַנטל און זיך צודעקן מיט אַ זאַק און זיך זעצן אויף אַש. ער האָט ניט געוואָלט, אַזוי צו זאָגן, זיך מיטפרייען מיט גאָט, צוזעענדיק די דראַמע פון מענטשלעכער חרטה און רייני־

קונג. און אָט פאַר דער ענגהאַרציקער, ניט־נביא׳ישער אומפעאיקייט זיך מיט־צופרייען, האָט ער געקראָגן פון גאָט אַ האַרבע נזיפה:

„דיר איז אַ שאָד אויף דעם ריצנבוים, וואָס ניט דו האָסט זיך אויף אים געמיט, און ניט דו האָסט אים אויפגעבראַכט; וואָס איז איבער נאַכט געוואָרן, און איבער נאַכט אונטערגעגאַנגען; און מיר זאָל ניט זיין אַ שאָד אויף דער גרויסער שטאָט נינוה, וואָס אין איר זיינען דאָ מער ווי צוועלף מאָל צען טויזנט מענטשן, וואָס ווייסן ניט צווישן זייער רעכטער האַנט און זייער לינקער, און אויך בהמות אַ סך?“

***

יונה פאַסט זיך דערפאַר זייער אַריין אין יום־כיפּור־מחזור. דער זין פון יום־כיפּור איז אמונה אין השגחה און כפירה אין „מזל“; גלויבן אין תשובה און אין דעם דערלייזנדיקן כוח פון תשובה; האָס צו דעם בייזן אין מענטשן און האָפענונג אַז דער מענטש וועט סוף־כל־סוף אין זיך דאָס בייזע גובר זיין. ווייל דער האָריזאָנט פון יום־כיפּור איז אַ ווייטער און אַ ברייטער, אַן אומבאַגרענעצט־אוניווערסאַלער, און אין דער פּערספּעקטיוו ווערט דאָרט אָפּגעווישט די מחיצה צווישן אַ בן־ברית און אַן ערל: „וייראוך כל המעשים, וישתחוו לפניך כל הברואים, ויעשו כולם אגודה אחת לעשות רצונך בלבב שלם“ (און עס זאָלן דיך פירכטן אַלע אַרטן, און עס זאָלן זיך צו דיר בוקן אַלע באַשעפענישן, און אַלע זאָלן זיי ווערן איין באַנד, צו טאָן דיין ווילן מיט אַ גאַנץ האַרץ). ווייל אום יום־כיפּור לויבט מען גאָט פאַר זיין מידה פון סליחה און מחילה: „אתה נותן יד לפושעים, וימינך פשוטה לקבל שבים“ (דו גיסט אַ האַנט די פאַרברעכער און דיין רעכטע האַנט איז אויסגעשטרעקט אויפצונעמען די וואָס קערן זיך צו דיר אום). ווייל אין דעם טאָג דאַוונט מען אויך פאַר די רשעים: „ורוצה אתה בתשובת רשעים, ואין אתה חפץ במיתתם, שנאמר, אמור אליהם, חי אני, נאום ה׳ אלהים, אם אחפץ במות הרשע כי אם בשוב רשע מדרכו וחיה“ (און דו ווילסט אַז רשעים זאָלן תשובה טאָן און דו זוכסט ניט זייער טויט, ווי עס איז געזאָגט געוואָרן, איך שווער ביי זיך, אַז איך וויל ניט דעם טויט פונם רשע, נאָר דעם רשע׳ס אומקער פון זיין וועג). ווייל אום יום־כיפּור טוט מען תפילה אויך פאַר נינוה — פאַר אַלע נינוה׳ס פון גאָר דער וועלט.

און וואָלט מען אין יונה׳ס צייטן שוין געוווּסט וועגן יענעם יום־כיפּור וואָס שפּעטערדיקע דורות האָבן אויסגעפורעמט פון זייער העכערער און טיפערער פרומקייט, וואָלט ער ניט געכאַפּט קיין שיף וואָס גייט קיין תרשיש, ווען ער האָט געהערט גאָט׳ס באַפעל:

„גיי קיין נינוה“.

1941

# משה רבנו פון דער גאַנצער וועלט

„משה רבנו פון דער גאַנצער וועלט,
וואַרף מיר אַראָפּ אַ זעקעלע געלט.
וואָס וועסטו טאָן מיטן זעקעלע געלט?
איך וועל מיר קויפן אַ וועגעלע.
וואָס וועסטו טאָן מיטן וועגעלע?
איך וועל מיר פירן שטיינדעלעך.
וואָס וועסטו טאָן מיט די שטיינדעלעך?
איך וועל מיר בויען אַ שולעכל.
וואָס וועסטו טאָן אין דעם שולעכל?
איך וועל דאַווענען מנחה און מעריב“.

איך האָב זיך דערמאָנט אָן דעם דאָזיקן קינדער־לידל, לייענענדיק אין אידישע צייטונגען רעצענזיעס און אַרטיקלען וועגן זיגמונד פּרויד׳ס נייסטן בוך. כמעט אַלע אידישע זשורנאַליסטן און שרייבער, יעדנפאַלס אין אַמעריקע, וואָס האָבן זיך אָפּגערופן אויף פרויד׳ס בוך וועגן מאָנאָטעאיזם און משה רבנו, פאַלן אָן אויף דעם אַלטן וויסנשאַפטלער פאַר דער „אַנטדעקונג“ וואָס ער מיינט אַז ער האָט געמאַכט — אַז משה רבנו, ניט צו נאַכט גערעדט, איז גאָר געווען אַ גוי. אַ באַגאַבטער אידישער פּאָעט, וואָס וואָלט אויף אַ האָר ניט געוואָרן קלענער אין מיינע אויגן, ווען ער וואָלט ניט געהאַט קיין פעסטע מיינונגען וועגן די לאַבירינטן פון פּסיכאָאַנאַליטישע פאָרשונגען און פון דער מאָדערנער ביבל־קריטיק, האָט זיך אויך די טעג געלאָזט וואוילגיין. ביבל־קריטיק, האָט ער געפונען פאַר נויטיק אָנצוזאָגן זיינע לעזער, איז בכלל אָנגעשטאָפּט מיט עם־הארצות, און וואָס ס׳איז שייך פּרויד׳ן, האָט ער מיט זיין לעצטן ווערק געגעבן דעם אידישן פאָלק „מיט אַ דובינע איבערן קאָפּ“ — ניט מער און ניט ווייניקער. האָב איך זיך דערמאָנט אָן דעם נאַאיוון קינדער־לידל וועגן משה רבנו׳ן (זינגט מען עס נאָך היינט?) און מיר איז מיט אַמאָל גע־וואָרן רואיק אויפן האַרצן. וואָס איז מיר אייגנטלעך דער אונטערשייד וואָס פאַר אַ טאַטע־מאַמע משה רבנו האָט געהאַט? פאַרן שיקזאַל פון אידן און פאַר די שיקזאַלן פון אַ גרויסן טייל מענטשהייט איז וויכטיק, וואָס פאַר קינדער משה רבנו האָט געהאַט. און קינדער, און קינדס־קינדער, וויסן מיר אַלע און ווייסט אויך פרויד, האָט משה רבנו אַרויסגעבראַכט אויף דער וועלט — פאַר אַלעמען און נאָך אַלעמען — אידישע. מיר איז ניט גאַנץ קלאָר, וואָס פאַר לידלעך עס זינגען אָדער עס האָבן געזונגען אין אַמאָליקע דורות עגיפּטישע קינדער. איך קאָן אָבער יעדן פאַרזיכערן, אַז אַזאַ לידל, ווי דאָס אויבן ציטירטע,

קאָן מען אין עגיפּטישן פֿאָלקלאָר נישט געפֿינען. ניט אין עגיפּטישן און ניט אין פֿאָלקלאָר פֿון וועלכן ניט איז אַנדער פֿאָלק. קולטור־היסטאָריש איז משה רבנו סאַי־ווי־סאַי אַ איד, דער איד — אַלץ איינס וואָס, במחילת כבודכם, זיין ראַסן־יחוס איז געווען. און לאָמיר זיך דערמאָנען אָן אחד־העם׳ען און אָן זיין באַציאונג צו משה רבנו. אחד־העם איז ביי זיך ניט אַראָפּגעפֿאַלן אפילו ווען ער האָט געהערט זאָגן און „באַוויזן", אַז משה רבנו האָט גאָר בכלל קיינמאָל ניט עקזיסטירט. ניט־זיין איגזאַנצן איז נאָך אַ „נידעריקערע" מדרגה ווי זיין אַ גוי, און דאָך האָט אחד־העם רואיק אויסגעהערט אַלע לא־היה־ולא־נברא־טעאָריעס און זיך אַ זאָג געטאָן: נו, גוט, און אַז ניט עקזיסטירט — איז וואָס? זאָלן זיך דערמיט באַשעפֿטיקן אַרכעאָלאָגן. פֿאַרן היסטאָריקער עקזיסטירט ער יאָ, און איך קאָן זיך אַפילו אונטערנעמען אויסצומאָלן ווי אַזוי ער האָט אויסגעזען, דערציילן וואָס ער האָט געזאָגט, און ווי אַזוי ער האָט געהאַנדלט און געווירקט אויף דער געשטאַלטונג פֿון דער וועלט אין זיין לא־היה־ולא־נברא׳דיקער עקזיסטענץ.

נאָך וואָס זאָל איך לייקענען? איך קאָן רואיק, מיט טאָלעראַנץ און מיטן גרעסטן דרך־ארץ אויסהערן אַלץ וואָס פֿרויד האָט צו זאָגן פֿאַר זיין באַוויז, אַז משה רבנו איז געווען אַן עגיפּטער, און קיין גאָר גרויסן עגמת־נפש דערפֿון ניט קריגן. נאָך אין דריטן יאָרהונדערט פֿאַר דער קריסטלעכער צייט, האָט אַן עגיפּטישער עבודה־זרה־גלח, מאַנעטאָן, אָנגעשריבן אויף גריכיש אַ ווערק, אין וועלכן ער האָט אויך „באַוויזן", אַז משה רבנו איז געווען פּרעה׳ס אַ פֿאָלקס־גענאָסע, און זיין אמת׳ער נאָמען איז גאָר געווען אָסאַרסיף, און ער האָט אָנגעפֿירט אַ רעוואָלט פֿון די קרעציקע און מלחמה געהאַלטן מיטן קעניג פֿון מעמפֿיס (פֿלאַוויוס ברייננגט ציטאַטן פֿון יענעם בוך), און זעט איר דאָך: אידנטום האָט דערפֿון קיין טשאַכאָטקע ניט געקראָגן און משה רבנו איז אין די צוויי און צוואַנציק יאָרהונדערטן געוואָרן אַ סך „אידישער", און אייניקע וועלן מסתמא זאָגן אַז אויך אַ סך „אידישלעכער" ווי ער איז אַמאָל געווען. עס קאָן זיין, אַז אַ שטיקל פֿאַרדאַכט וועגן משה רבנו׳ס אָפּשטאַם האָט אין גאָר־גאָר אַלטע צייטן עקזיסטירט אפילו ביי אידן. דער שמות רבה פֿילט זיך אַביסל אומבאַקוועם איבער דעם פּסוק אין חומש „ותאמרנה איש מצרי הצילנו". פֿרעגט דער בעל־המדרש: „וכי מצרי היה משה?" (איז דען משה געווען אַן עגיפּטער?), אלא לבושו מצרי והוא עברי" (לויט זיינע מלבושים איז ער געווען אַן עגיפּטער, אָבער ער גופא איז געווען אַ איד)... אָבער אַלץ איינס, וואָס דער מדרש האָט געזאָגט אַמאָל און וואָס פֿרויד קאָן זאָגן היינט — אַלע ווייסן מיר, אַז ניט די זון דרייט זיך אַרום דער ערד, נאָר דער ערדקויגל דרייט זיך גאָר אַרום דער זון. פֿונדעסטוועגן וועט אפילו איינשטיין ניט זאָגן, ווען ער דאַרף אויפֿשטיין גאַנץ פֿרי, מ׳זאָל אים אויפֿוועקן „ווען אונזער פּלאַנעט וועט זיך אויסדרייען

מיט דער אַנדערער זייט צו דער זון". ער זאָגט אויך אַז מ'זאָל אים אויפוועקן צום זון־אויפגאַנג, כאָטש אים איז קלאָר אַז די זון גייט קיינמאָל ניט אויף...

***

כדי אָפּצורונדן זיינע אַ טעאָריע וועגן העלדן־מיטאָלאָגיע דאַרף פרויד האָבן אַז משה רבנו זאָל זיין אַן עגיפּטער. האָט ער זיך געגריבלט און גע־גריבלט אַזוי לאַנג, ביז ער האָט „אויסגעפונען", אַז דער ערשטער אידישער נביא, באַפרייער און געזעצגעבער איז גאָר ניט געווען קיין סעמיט און אַז זיין גאָט־באַגריף האָט ער איבערגענומען פונם עגיפּטישן הערשער אַכנאַטאָן, וועמען אייניקע פאָרשער ווילן האַלטן פאַרן ערשטן מאָנאָטעאיסט אין דער וועלט־געשיכטע. צי פרויד איז גערעכט מיט זיין באַהויפּטונג, ווייס איך ניט. עס קאָן אפשר פאַסירן, אַז פרויד'ן זאָל געלינגען מיר איינצורעדן, אַז משה רבנו און פּרעה האָבן געהערט צו איין ראַסע. אויב דאָס זאָל אים געלינגען, וועל איך אים פונדעסטוועגן פאַר קיין עוכר ישראל ניט שטעמפּלען, קיין קריעה ניט רייסן און אין קיין היסטערישן געוויין ניט אויסברעכן. איך קאָן אַזאַ „קאַ־טאַסטראָפע" זייער לייכט איבערטראָגן און — אָנגענומען אַז איך בין אַ שטאָל־צער איד — וועל איך צוליב דעם ניט ווערן ווייניקער שטאָלץ. ווי אַזוי האָט עס נאָך צוריק מיט אַזוי פיל יאָרהונדערטן געזאָגט רבי יהודה הלוי? ישראל האָט באַקומען זיין גרויסע באַדייטונג אין דער וועלט־געשיכטע ניט אַדאַנק משה רבנו'ן, נאָר פונקט פאַרקערט, משה רבנו איז גרויס געוואָרן אַדאַנק ישראל, און דערפאַר רופן זיך אידן ניט משה'ס פאָלק, נאָר גאָט'ס פאָלק. דער זעלביקער משה אָן אַ פאָלק, וואָס איז גרייט צו נעמען גאָט'ס לוחות, גיין מיט אים צום באַרג סיני, וואָלט קיין „רבנו" קיינמאָל ניט געוואָרן, און זיין השפעה אויף דער וועלט־געשיכטע וואָלט געווען אַזוי נישטיק און אומבאַ־מערקט, ווי די השפעה פון „ערשטן מאָנאָטעאיסט", דעם עגיפּטישן הערשער אַכנאַטאָן, וועמענס דירעקטער רעליגיעזער איינפלוס, אויף אַ קלייניקן קרייז מענטשן, האָט געדויערט ניט מער ווי עטלעכע יאָר. ווען אַלעקסאַנדער דער גרויסער איז אָנגעקומען קיין מצרים גוטע עלף הונדערט יאָר נאָך אַכנאַטאָנ'ען, האָט ער דאָרט געפונען אַלטע עבודה־זרה'ס און קיין איינציקן שפור ניט פון אַכנאַטאָנ'ס מאָנאָטעאיזם (אויב זיין פאַרגעטערונג פון דער זון מעג טאַקע באַ־טראַכט ווערן פאַר עכטן מאָנאָטעאיזם) אין דער עגיפּטישער קולטור און פאָלקסלעבן. אויב אפילו משה'ס „פלייש און בלוט" זיינען געווען גוי'עשע, געהערט ער — קולטור־היסטאָריש — סיי־ווי, אין דער ערשטער ריי, דעם פאָלק וואָס האָט אים אָנגענומען פאַר זיין פירער און לערער, וואָס האָט פון זיין וואָרט געמאַכט אַן אויסגאַנגס־פונקט פאַר אַן אייגענער און גרויסער ציוויליזאַציע, און וואָס האָט אין משך פון זיין גייסטיקער אַנטוויקלונג געמאַכט זיין

געשטאַלט אַלץ שענער, נאָבעלער, דורכגייסטיקטער און — אידישער. עס קאָן זיין אַז דער היסטאָרישער משה רבנו איז געווען ניט מער מאָנאָטעאיסט ווי אכנאַטאָן, אַז זיין איין־און־איינציקער גאָט איז אויך געווען באַגרעניצט, ער־געץ־וואו „לאָקאַליזירט", און דערמיט אַליין שוין אויך מאַטעריעל. פאַר אַן עכטן מאָנאָטעאיסט האָבן אים אָבער זיכער געמאַכט אידן אין שפּעטערדיקע דורות, אַט ווי ר' יהושע בן־קרחה וואָס ענטפערט אַ געצנדינער אויף זיין קלאָץ־קשיא, פאַרוואָס גאָט האָט גערעדט צו משה'ן פון דאָרנבוש און ניט פון אַן אַנדער בוים: „כדי דו זאָלסט וויסן (און כדי, הייסט עס, משה רבנו גופא זאָל וויסן), אַז עס איז נישטאָ אויף דער וועלט קיין פּלאַץ, וואו די שכינה איז ניט, פאַראַן, אפילו אַ דאָרנבוש". און עס קאָן זיין, אַז מיטלייד איז ניט געווען איינע פון משה רבנו'ס מידות (זיין פּאַטאָס איז אפשר געלעגן אין גערעכטיקייט און געזעץ), נאָר דער בעל־המדרש אין אַ סך אַ שפּעטערדיקער צייט האָט זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלן דעם גרינדער פון אידנטום אָן טיפן פּאַטערלעכן רחמנות. לייענען מיר טאַקע דערפאַר אין שמות רבה די פּראַכטפולע און רירנדיקע געשיכטע וועגן דער „בחינה בצאן". איידער גאָט האָט באַשלאָסן צו מאַכן משה'ן פאַר אַ פירער, האָט ער אים פריער אויסגעפּרובט מיט פּי. ווען משה רבנו האָט געפּאַשעט יתרו'ס פּי אין דער מדבר, איז פון אים אַנטלאָפן גע־וואָרן אַ ציגעלע. איז אים משה נאָכגעלאָפן — אַזוי לאַנג, אַזוי ווייט, ביז דאָס ציגעלע האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ קוואַל און אָנגעפאַנגען טרינקען. זאָגט משה רבנו צום ציגעלע: „איך האָב ניט געוואוסט אַז דו לויפסט דערפאַר וואָס דו ביזט דורשטיק. איצטער ביזטו מיד". האָט ער גענומען דאָס ציגעלע אויף די אַקסלען און האָט עס צוריקגעטראָגן. דענסטמאָל האָט ער דערהערט דעם רבונו של עולם'ס שטימע: „אַזוי ווי דו האָסט רחמים אין פירן די פּי פון אַ בשר־ודם, שווער איך, אַז דו וועסט פירן אויך מיין פּי, ישראל". וואָס פרויד זאָל דערפאַר ניט זאָגן און ווי גערעכט ער זאָל ניט זיין וויסנשאַפטלעך, געהערט משה רבנו פאַר אַלעמען דעם פאָלק פון רב יהושע בן־קרחה און פונם שמות רבה, דעם פאָלק וואָס איז ניט נאָר באַשטראַלט געוואָרן פון אים, נאָר האָט אויך אריינ־געשטראַלט אין אים די איידלסטע רעליגיעזע מאָטיוון, וואָס האָבן זיך אין אים שפּעטער דערוועקט. און אויב אַן עגיפּטער זאָל זיך היינט פאַרגלוסטן זיך צו באַרימען פאַר מיר מיט זיין משה רבנו, וועל איך אים באַלד אַ פרעג טאָן — און פרויד, בין איך זיכער, וועט מיך אונטערשטיצן: — וואו איז דיין יהושע בן־קרחה? וואו איז דיין בראשית רבה? און וואו איז דיין באַגריף פון „הלכה למשה מסיני"? און וואו זיינען דיינע קינדער וואָס זינגען אַ לידל צו „משה רבנו פון דער גאַנצער וועלט"? און וואו איז דיין פּסח'דיקער סדר? און — אפשר נאָך וויכטיקער — וואו איז דיין צוקונפט־משה, דער מלך המשיח וואָס שטייט אָנגעגרייט פאַרן דערלייזונג־עפּילאָג פון דער וועלט־געשיכטע און

שטרעקט אויס זיין האַנט צום פאַרגאַנגענהייט־משה, וואָס איז אַמאָל געשטאַנען ביים דערלייזונג־פּראָלאָג פון דער אידישער געשיכטע ?

⁂

איך פיל, אַז איך פאַל אַליין אויך אַריין אין נאַציאָנאַליסטישער באַריי־מעריי. אָט פאָלעמיזיר איך שוין מיט אַן אויסגעטראַכטן עגיפּטער און וויל אים באַווייזן אַז משה רבנו איז, אויך נאָך פרויד׳ס בוך, מיינער און ניט זיינער. אָבער אין תוך גענומען איז בכלל נאַריש צו ריידן וועגן „מיינס״ און „דיינס״, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַזעלכע ווערטן. ווען איין טייל מענטשהייט וואָלט אָפּגע־שטאַמט פון הבל׳ן און דער אַנדערער פון קין׳ען, וואָלטן מיר אפשר געדאַרפט פירן אַזאַ בוכהאַלטעריע. ווער עס קוקט אָבער אויף דער מענטשהייט ווי אויף איין גרויסער און אומענדלעכער משפּחה וואָס איר פּאַטריאַרך איז, אַזוי־צו־זאָגן, אדם־הראשון, קאָן ניט זיין צופיל פּיקסירט אויף דעם ענין מיינס און דיינס. און אויף דעם שטח זיינען אייניקע פון אונזערע קדמונים געווען אַ סך אינטער־נאַציאָנאַליסטישער ווי פיל פון אונז זיינען היינט. האָבן דאָך אונז די חכמי התלמוד אַמאָל דערקלערט, פאַר וואָס גאָט האָט אין זיין מעשה־בראשית באַשאַפן בלויז איין מענטשן: — כדי די צדיקים זאָלן ניט קאָנען זאָגן אַז זיי שטאַמען פון אַ צדיק און אויף די רשעים זאָל מען ניט קאָנען טייטלען מיט די פינגער אַז זיי שטאַמען פון אַ רשע. אַלע, הייסט עס, קומען אַרויס פון איין מקור, פון אדם־הראשון, וואָס איז פּאָטענציעל געווען אַ איד און אַן עגיפּטער, אַ גריך און אַ פּאַפּואַס, אַן ענגלענדער און אַ נעגער (ווי רבי מאיר פלעגט זאָגן: „מכל העולם כולו הצבר עפרו,״ דעם שטויב פון וועלכן ער איז אויסגעפורעמט גע־וואָרן האָט מען איינגעזאַמלט פון דער גאַנצער וועלט). אין לעצטן חשבון איז קיינער ניט קיין מיוחס און קיינער ניט פון קיין נידעריקן גראַד, טראָץ די אַלע מעדאַלן וואָס איינצלנע פעלקער הענגען אָן אויף זייערע מונדירן. משה רבנו איז געווען אַ גוי און דערפאַר איז ער ניט מיינער, און איך קאָן מיט אים ניט שטאָלצירן ? לעכערלעך. בודא און פּלאַטאָן, מיקעל אַנדזשעלאָ און בעטהאָווען, געטע און שעקספּיר, זיינען דאָך אַוודאי געווען גויים — נו איז וואָס ? זיינען זיי דען נישט מיינע ? שטאָלציר איך דען ניט מיט זיי ? קאָן זיי דען ביי מיר עמעצער צונעמען ? און דאַרף איך דען עמיצן באַווייזן, אַז זיי זיינען מיינע ? דער פאַקט וואָס איך בין געבוירן געוואָרן מיט זיי אויף איין פּלאַנעט, וואָס איך האָב ביי זיי עפּעס געלערנט, דורך זיי עפּעס באַדייטנדיקס דורכגעלעבט און אין זיי אַנטדעקט זיך אַליין, מאַכט מיך אַפילו פאַר אַ שותף צו זייערע שאַפונגען, און ווי קאָן דאָס שותפות׳דיקע ניט זיין מיינס ? איך קאָן מאַרגן אפשר באַגעגענען „ביאָלאָגישע״ קינדס־קינדער פון יענע גרויסע גייסטער, און גלויבט מיר, אַז איך וועל זיך פילן אַ סך העכער

פון זיי, אויב דער גייסט פון זייערן אַן עלטער־זיידן האָט אין מיר אויפגעוועקט מער כוחות איידער אין זיי, אַנגעצונדן אין מיין האַרץ אַ שטאַרקערן פייער ווי אין זיי. ווי האָט עס אַמאָל געזאָגט ביי די ברעגעס פונם ירדן יוחנן דער טויפער? „באַרימט אייך ניט אין אייערע הערצער, וואָס אברהם איז אייער פאָטער, און גלויבט מיר אַז פון די דאָזיקע שטיינער קאָן גאָט אויפשטעלן זין פאַר אברהם אבינו“...

***

אַ „טרעמפּ“ איז פאַר צוויי־יאָרן געשטאָרבן ערגעץ־וואו אין קאָלאָראַדאָ. האָט מען ביי אים אין קעשענע געפונען אַ צוואה. אַ דאַנק דער פּאָליציי וואָס זי האָט דעם מערקווירדיקן דאָקומענט פאַרעפנטלעכט. יענער „טרעמפּ“, ווייזט זיך אַרויס, האָט איבערגעלאָזט פאַר יונגע בחורים און מיידלעך אַ גרויסע ירושה: אַלע שמייכלען פון חנ׳עוודיקע קינדער, איינזאַמע שטעגן אין די ריזיקע וועלדער, די בלויקייט פון די וואַסערן איןביידע אָקעאַנען, די לבנה אָפּגעשפּיגלט אין די צענדליקער טויזנטער אָזערעס פון אַמעריקע, ביליאָנען זונען־אונטערגאַנגען, די טרייסטנדיקע מעלאַנכאָליע פון אומציילקע האַרבסט־ווינטן, די הויכקייט פון די בערג, בעטהאָווענ׳ס סימפאָניעס און שעקספּיר׳ס סאָנעטן. ער וואָלט זיי נאָך עפּעס איבערגעלאָזן, אָבער „מערער“, ווי ער האָט געשריבן, פאַרמאָגט ער ניט.

אַ מערקווירדיקער מענטש, יענער „טרעמפּ“. ער האָט ניט געפונען פאַר נויטיק צו ברענגען וועלכן ניט איז באַווייז, אַז אַלע יענע רייכטימער וואָס ער שענקט אוועק דער יוגנט, זיינען טאַקע — זיינע.

אפשר קאָנען מיר זיך עפּעס אָפּלערנען פון דעם דאָזיקן אייגנאַרטיקן „גביר אדיר“?

1939

# בחירה און בכורה

## I

אין וואָס פאַר אַ זינען איז אידנטום — ראַסיסטיש? אָנערקענט היסטאָריש אידנטום בכלל די „הייליקייט" פון ראַסע, און אויב יאָ — וואָס פאַר אַ פראַקטישע פועל־יוצא׳ס האָבן אידן געמאַכט פון אַזאַ אָנערקענונג?

אין צוזאַמענהאַנג מיט דער נאַצישער ראַסן־פּראָפּאַגאַנדע איז די דאָזיקע פראַגע וועגן אידן און אידנטום עטלעכע מאָל שאַרף געשטעלט געוואָרן אין די לעצטע עטלעכע יאָר. אידן האַלטן זיך פאַר אַן אויסדערוויילט פאָלק, די היינטיקע דייטשן האָבן זיך אויך דערקלערט פאַר „סופּעריאָר" לגבי אַלע אַנדערע פעלקער — האַלטן, הייסט עס, אידן בכלל, אָדער, לאָמיר זאָגן, טראַדיציאָנעל דענקענדיקע אידן פון דער זעלביקער טעאָריע וואָס די נאַציס, נאָר בלויז אָנגעווענדט אויף זיך? בערנאַרד שאָ גלויבט אַז יאָ, און אויף דער פראַגע וואָס מען האָט אים אָנומעלטן געשטעלט — „וואָס טראַכט איר פון דער נאַצישער באַהויפּטונג וועגן ראַסן־ריינקייט און ראַסן־שענדונג?" — האָט ער געענטפערט:

„דאָס איז אַ פאַראַכטונגסווערטע, אומוויסנשאַפטלעכע באַהויפּטונג. אָבער דאָס וואָס עס רופט אַרויס שטוינונג, איז דער פאַקט, וואָס די אַנטיסעמיטן זעען גאָרניט איין ווי אינטענסיוו אידיש זי איז. דעם אידנ׳ס חסרון איז זיין אומגעהייער גרויסע גאווה, וואָס איז באַזירט אויף זיין גלויבן, אַז ער געהערט צו גאָט׳ס אויסדערוויילטער ראַסע. דער אַבסורד פון די נאָרדיקס איז בלויז אַ פאַרזוך נאָכצומאַכן אברהמ׳ס אייניקלעך".

אומגעפער דעם זעלביקן פאַרגלייך צווישן אידנטום און נאַציזם האָט שפּעטער געמאַכט אויך ה. ג. וועלס:

„עס איז מיר זייער פיינלעך אָנצואווייזן אויף אַ געוויסן נאַציאָנאַלן עגאָאיזם, וואָס די אידן, אַלס אַ פאָלק, ווייזן אַרויס, ווייל איך בין שאַרף סענסיטיוו צום אומגליק און צו די ליידן, צו וועלכע גרויסע צאָלן פון זיי זיינען אויסגע־זעצט אין אַ סאַך טיילן פון דער וועלט. פאַר דער אידנפראַגע איז עס אָבער אַ פונדאַמענטאַלער פאַקט, אַז אין די פראַנצויזיש און ענגליש ריידנדיקע לענ־דער בלייבן די אידן אַן אייגנאַרטיק פאָלק הויפּטזעכלעך דערפאַר וואָס זיי אַליין ווילן דאָס — ווייל זיי זיינען דורך און דורך פאַר׳דיבוק׳ט מיט געשיכטע און ווייל זיי זיינען ניט מסוגל זיך צו באַפרייען פון דער איינרעדעניש אַז זיי זיינען אַן אויסדערוויילט פאָלק מיט גאַנץ באַשטימטע פּריווילעגיעס לגבי

זייערע ניט־אידישע מיטבאַשעפענישן". אויך וועלס זעט אין אידישן אתה־בחרתנו־געפיל אַ געוויסן עלעמענט פון דער זעלביקער ראַסן־גאווה, אויף וועל־כער עס שטיצט זיך דער היטלעריזם.

אָבער שאָ און וועלס זיינען אין ענגלאַנד ניט די איינציקע, וואָס האָבן אין די לעצטע יאָרן אָנגעוויזן אויף דעם „ראַסיסטישן" כאַראַקטער פון אידנ־טום און פונם איד'ס פּאַקטישער שטעלונג צו דער וועלט. ענלעכע דערקלע־רונגען זיינען עטלעכע מאָל געמאַכט געוואָרן אויך פון פּראָמינענטע פאָרשטייער פון דער אַנגליקאַנישער קירכע: „די נאַציס", האָבן מיר פון זיי געהערט, „באַקעמפן דאָס וועלט־אידנטום מיט אַ ראַסן־טעאָריע, וואָס זיי האָבן געבאָרגט פון די אידן גופא; זיי ווילן פאַרניכטן די ביבל, אָבער זיי גיבן זיך ניט אָפּ קיין חשבון, אַז זייער קולטור־קאַמף איז געווענדט ניט קעגן דער גאַנצער ביבל, נאָר בלויז קעגן נייעם טעסטאַמענט, ווייל די אַלט־טעסטאַמענטלעכע רעליגיע איז אַליין אַ שבט־רעליגיע, געגרינדעט אויף די זעלביקע יסודות, אויף וועלכע היטלער זוכט צו גרינדן זיין עבודה־זרה — באָדן און בלוט". זינט 1933 האָט מען אין געוויסע רעליגיעזע קרייזן, סיי פּראָטעסטאַנטישע און סיי קאַטוילישע, דערקלערט די נאַצי־פילאָסאָפיע פאַר אַ „טעווטאָניש אידנטום"; פאַר אַ צוריקגאַנג צו יענעם „אַלט־סעמיטישן ראַסן־פּאַרטיקולאַ־ריזם, פון וועלכן קריסטוס האָט געזוכט צו באַפרייען זיין פאָלק".

אויף אַן אַנדער אופן, אָבער אין דעם זעלביקן זינען, האָט מען אונז די לעצטע יאָרן געזאָגט מוסר דאָ, אין אַמעריקע. דער איינפלוסרייכער קרייז פון פּראָטעסטאַנטישע אינטעלעקטואַלן, וואָס גרופּירט זיך אַרום דער שיקאַגאָ־וואָכנשריפט „די קריסטשען סענטשורי", הערט ניט אויף צו באַטאָנען, אַז די אַלטע אתה־בחרתנו־לערע, אָן וועלכער אידן האַלטן זיך נאָך ביז איצט, איז איינע פון די וויכטיקסטע עיכובים פאַר דער אויספורעמונג פון אַן אמת'ער אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע. וויכטיק, טענה'ן זיי, איז ניט דאָס, וואָס אידן ווילן זייער רעליגיע ניט אויפגעבן און דאָס קריסטנטום קאָן קיין „נפשות" צווישן זיי כמעט ניט מאַכן. דאָס רעכט און די פליכט פון יעדן בירגער איז, נאַ־טירלעך, זיך צו האַלטן ביי זיין אמונה, אַזוי לאַנג ווי זיינע איבערצייגונגען זיינען נאָך מיט איר אָרגאַניש און אינטים פאַרבונדן. דעם אידנס חטא באַ־שטייט אָבער, לויט זייער מיינונג, אין דעם, וואָס ער קוקט אויף זיין רע־ליגיע ווי אויף אַ ראַסן־מאָנאָפּאָל, ווי אויף אַ קאָסטבאַרער ירושה, וואָס ער וויל זיינע מיטבירגער אין איר קיין חלק ניט געבן. יעדער גוטער פּראָטעסטאַנט אין אַמעריקע וואָלט וועלן, אַז אַלע אַמעריקאַנער זאָלן ווערן פּראָטעסטאַנטן און זאָלן נאָך דערצו געהערן צו זיין דענאָמינאַציע; יעדער גוטער קאַטאָליק אין אַמעריקע וואָלט וועלן, אַז אַלע אַמעריקאַנער פּראָטעסטאַנטן און אידן זאָלן „דערזען ליכט" און אָננעמען דעם „איינציקן אמת'ן גלויבן". די אידן,

אָבער, ווילן ניט באַקערן צום אידנטום ניט די פּראָטעסטאַנטן און ניט די קאַטאָליקן; זיי ווילן בלייבן אַ געמיינדע פאַר זיך און אין זיך; זיי ווילן זיך ניט מטמא זיין דורך רעליגיעזער שותפות מיט „גויים"; זיי האַלטן, הייסט עס, אַז מענטשן פון אַנדערע, „נידעריקערע", ראַסן האָבן גאָרניט ווערט צו ווערן זייערע גלויבנסגענאָסן. וואו, פרעגן זיי אונז, איז אייער אידישע מיסיאָנערישע אַרבעט? אויב מיר אַלע בלאָנדזשען אַרום אין דער פינסטערניש, פאַרוואָס ברענגט איר ניט צו אונז אייער ליכט? פאַרוואָס שיקט מיר מיסיאָנערן אין די ווייטסטע און ווילדסטע מדבריות, אַפילו צו שבטים פון מענטשנפרעסער, און איר ווילט ניט מאַכן קיין פאַרזוך צו באַקערן צו אייער אמונה אייער נאָענטסטן שכן, מיט וועמען איר האָט טאָג־טעגלעך אַזוי פיל עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און אַפילו קולטורעלע פאַרבינדונגען?

וועגן אידישן „ראַסיזם" רעדן אונזערע שכנים אַ סך מער און אָפטער, ווי די מייסטע פון אונז שטעלן זיך פאָר, און דאָס מאַכט, קאָן מען שוין באַמערקן, אַ באַשטימטן רושם אויך אויף געוויסע אידן. דער שרייבער פון די שורות וויים פון אַמעריקאַנער שרייבער פון אידישן אָפּשטאַם, וואָס האָבן זיך שוין דערלויבט צו פאָדערן פון אונז, אַז מיר זאָלן זיך פריער אָפּזאָגן פון אונזער ראַסן־לערע, איידער מיר נעמען זיך באַקעמפן די נאַצישע ראַסן־לערער. היטלער, האָבן מיר פון איינעם פון זיי געהערט, ווענדט אָן אין אונזער צייט די זעלביקע מעטאָדע, וואָס עזרא הסופר האָט אָנגעווענדט אין דער צייט פון שיבת־ציון: געמישטע חתונות צווישן אידן און ניט־אידן האָט ער אויך באַטראַכט פאַר „ראַסן־שענדונג", און האָט ער דען ניט באַפוילן זיינע פאָלקס־גענאָסן, אַז זיי זאָלן פאַרטרייבן זייערע ניט־אידישע פרויען, צעשטערן זייערע היימען מיט אַן אכזריות'דיקער האַנט, און אויף אַזאַ אופן זיך באַפרייען פון דער „טומאת־הגויים"?

אַזאַ האַרבע און אין גרונט זייער אַלטע באַשולדיקונג קעגן אונז איז שטענדיק געווען געפערלעך. זי איז באַזונדערס געפערלעך אין אונזערע צייטן, ווען דאָס ערשטע וואָס אַ איד דאַרף האָבן כדי אויסצושטיין די תוכחה, וואָס האָט זיך אויף אונז אויסגעגאָסן, און זיין בכוח איבערצוטראָגן די נסיונות, פאַר וועלכע די געשיכטע קאָן אונז נאָך שטעלן, איז — רעספּעקט צו זיך און צו זיין טראַדיציע. אויב אידנטום זאָל טאַקע זיין ראַסיסטיש, אין דעם זינען, אין וועלכן ראַסיזם ווערט היינט געפּרעדיקט אין דייטשלאַנד, אויב אונזער אתה־בחרתנו־באַגריף זאָל טאַקע אַנטהאַלטן אין זיך די זעלביקע אָדער ענלעכע מענטשנפיינטלעכע עלעמענטן, וואָס עס טראָגט אין זיך דער נאַציזם, קאָנען מיר ניט האָבן דעם נויטיקן כוח פאַר דער מאָראַלער אָפּענסיווע קעגן דער נאַצישער טומאה.

אָבער איז טאַקע אידנטום „ראַסיסטיש"? דער שרייבער פון די שורות

באַטראַכט ניט אַפּאָלאָגעטיק פאַר זיין בראַנזשע. ער גלויבט אָבער, אַז יעדער איד וואָלט איצט געדאַרפט — יעדער איינער לויט זיינע כוחות און לויט זיינע ידיעות — אַ שווים טאָן איבערן פּאַראַדאָקסאַלן זיג־זאַג־שטראָם פון אונזער גייסטיקער פאַרגאַנגענהייט און מאַכן אַ פּאַרזוך, געוויסנהאַפט זיך צו ענטפערן אויף דער דאָזיקער פראַגע. אַזאַ עקסקורסיע, טראַץ די באַשרענקטע מיטלען, מיט וועלכע מיר אונטערנעמען זי, זאָל אויך אונז דערלויבט זיין.

## II

„אויסדערוויילטקייט", אַ שטאַרק באַטאָנטער יחוס־געפיל, אָדער אַן אי־בערבאַטאָנטער משפחה־שטאָלץ — איז איינער פון די וויכטיקסטע מאָמענטן אין אידישן רעליגיעז־היסטאָרישן באַוואוסטזיין. „אתה בחרתנו" איז אַ באַגריף אָדער אַ פאָרשטעלונג, וואָס פאַרנעמט אַ פּלאַץ אויבן־אָן אין דער אידישער דאָגמען־לערע (אין דער מאָס, אין וועלכער מען מעג בכלל אָננעמען די עקזיסטענץ פון אַ אידישער דאָגמאַטיק), אין אַ סאַך ספערן פון אונזער פאָלקלאָר, אין אידישע תפילות און צערעמאָניעס, אין אונזער רעליגיעזער פּאָעזיע. אָן דעם דאָזיקן גרונט־עלעמענט אין דעם סיסטעם פון אידישע גרופּן־געפילן, אין קאָלעקטיוון באַוואוסטזיין פון פאָלק, וואָלט לחלוטין אוממעגלעך געווען צו פאַרשטיין דאָס ביסל, וואָס מיר זיינען מסוגל תופס צו זיין אין די הויפּט־פּראָצעסן פון אידישער היסטאָרישער אַנטוויקלונג און אין דער איינציק־אַרטיקער דראַמאַטישקייט פון אידישן שיקזאַל. פאַרן טיפּישן אידישן באַ־וואוסטזיין איז אונזער גאַנצע פאַרגאַנגענהייט, אין זייער אַ גרויסער מאָס, די ביאָגראַפיע פון אַן אַריסטאָקראַט אין אַ פּלעבעאישער וועלט. און ווער עס פאַרמאָגט ניט אין זיך אַ מינימום פון סימפּאַטיע (לכל הפחות, קינסט־לערישע סימפּאַטיע) מיט דעם דאָזיקן באַוואוסטזיין, מוז מודה זיין, אַז אין אים איז אַטראָפירט געוואָרן אַ וויכטיקער חלק פון זיין עמאָציאָנעלער ירושה.

אמת, אַן אידייע, אָדער אַ ניט־פאָרמולירטער געפיל, פון אויסדערוויילט־קייט איז כאַראַקטעריסטיש ניט בלויז פאַר אידן. ניטאָ קיין פאָלק, קיין ראַסע, קיין שבט, וואָס איז ניט עטנאָצענטריש, אָן אַ נאַרציסטישער באַציאונג צו זיך. אָן אַ געוויסן גראַד פון זעלבסט־פאַרליבטקייט קאָן גאָר אַ פאָלקסגרופּע ניט עקזיסטירן, ווי עס קאָן אויך ניט עקזיסטירן אַ יחיד אָן אַ מינימום פון עגאָצענטריזם. ביי אידן האָבן אָבער דאָס קאָלעקטיווע איך־באַוואוסטזיין און די איך־אָפּשאַצונג אָנגענומען, נאָך אין דעם גאָר פריען פּעריאָד פון זייער געשיכטע, דעם כאַראַקטער פון אַ פיקסאַציע, און גרויסע טיילן פון אונזער פאָלק האָבן זיך פון יענער פיקסירטקייט אויף די אייגענע אייגנשאַפטן און „סגולות" ביז אַהער ניט באַפרייט. אויך דאָס אידישע קריסטנטום (די אור־שפּרינגלעכע וואַנגעלישע געמיינדע איז דאָך געווען, לויט איר מיטגלידער־

שאַפט, הויפּטזעכלעך אידיש) איז ניט געווען פריי פון אתה־בחרתנו־פאַר־שטעלונגען און אַפילו שאָוויניסטישע עקסצעסן: אַזוי טיף איז שוין געווען פאַרוואָרצלט דער אויסדערוויילטקייט־מאָטיוו אין אידישן לעבנס־באַנעם. וויפל קריסטלעכע טעאָלאָגן זאָלן ניט זוכן צו באַווייזן, אַז די ישו־בשורה האָט מיט זיך געבראַכט די דערלייזונג פון נאַציאָנאַלן אָדער עטנישן פּאַרטיקולאַריזם, און וויפל אמת, אַליין פאַר זיך, אַזעלכע באַווייזן זאָלן אין זיך ניט אַנטהאַלטן, וועט מען שוין קיינמאָל פון ברית־חדשה ניט קאָנען אויסמעקן די שפּורן פון שאָוויניסטישן אידישן זעלבסט־געפיל. ישו שיקט אַוועק זיינע צוועלף תלמידים אויף זייער שליחות און זאָגט זיי אָן: „אויפן וועג צו די גויים זאָלט איר ניט גיין און אין די שטעט פון די שומרונים זאָלט איר ניט אַריינקומען — גייט צו די פאַרבלאָנדזשעטע שאָף פון ישראל׳ס הויזגעזינד״ (מאַטיאַ, 10, 5־6). און ווען ער קומט נאָכדעם אין די געגנטן פון צור און צידון, און אַ כנען׳ישע פרוי שרייט צו אים: „האָב לייטזעליקייט מיט מיר, ווייל מיין טאָכטער ווערט שטאַרק געפּייניקט פון אַ שד״, ענטפערט איר ישו: „איך בין געשיקט געוואָרן בלויז צו די פאַרבלאָנדזשעטע שאָף פון ישראל׳ס הויזגעזינד״. און ווען די פרוי לאָזט אים ניט אָפּ, און בוקט זיך פאַר אים, און בעט וייטער ביי אים הילף, ענטפערט ער איר נאָך שאַרפער: „עס איז ניט גוט אַוועקצונעמען דאָס ברויט פון די קינדער און עס וואַרפן פאַר די הינטלעך״ (מאַטיאַ, 15, 21־26).

די רעדאַקטאָרן פון די סינאָפּטישע עוואַנגעליען, וואָס זיינען צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן אין אַ צייט, ווען די יונגע קירכע איז שוין באַשטאַנען מער פון ניט־אידן ווי פון אידן, האָט זיך זיכער ניט געלוינט אַריינצושטעלן די דאָזיקע און ענלעכע פּסוקים אין זייער ווערק. זיינען זיי דאָך ניט געווען פאַר־אינטערעסירט אין פאַרשטעלן די נייע אמונה פאַר דער גריכיש־רוימישער וועלט אַלס אַ אידיש־נאַציאָנאַליסטישע לערע; און האָט זיך דאָך זייער מיסיע־אַרבעט געשטיצט אויפן געדאַנק, אז אין גאָט׳ס קיניגרייך איז ניט פאַראַן „ניט קיין איד און ניט קיין העלענער״; האָט דאָך שוין דעמאָלט די קירכע פּרעטענדירט אויף אַן אוניווערסאַלער, קאָסמאָפּאָליטישער ראָלע — און אויב די שאָוויניסטישע זאַצן, וואָס ווערן צוגעשריבן ישו׳ן, זיינען פאָרט געבליבן אין טעקסט, איז דאָס די בעסטע ראיה, אַז אין זיכרון פון זיינע נאָכפאָלגער האָבן זיי פאַרנומען אַ וויכטיקן פּלאַץ און זיי זיינען איבערגעגעבן געוואָרן פון מויל צו מויל, בקבלה, אין משך פון עטלעכע דורות. אַפילו אידן־עוואַנגעליסטן צוזאַמען מיט זייער רבי׳ן (און שפּעטער צוזאַמען מיט אַזאַ העלעניזירטן אידן און אוניווערסאַליסט ווי פּוילוס) האָבן זיך ניט געקאָנט באַפרייען פון זייער פיקסירטקייט אויפן געדאַנק פון אידישער אויסדערוויילט־קייט, האָבן נאָך געגלויבט, אַז אידן זיינען „דאָס זאַלץ פון דער וועלט״, און

אַז אויב דאָס זאַלץ אַליין זאָל פאַרלירן זיין זאַלציקייט, איז דאָך נישטאָ מיט וואָס עס צו באַזאַלצן.

פאַרן ענין וואָס מיר זוכן אויפצוקלערן איז אָבער וויכטיק ניט בלויז דער הוילער פאַקט, דאָס באַוואוסטזיין פון סופעריאָריטעט, נאָר אויך דער קאָנקרעטער אינהאַלט וואָס אידן האָבן אַריינגעטראָגן אין זייער אתה־בחרתנו־באַגריף, און אויך דער אופן, אויף וועלכן דער דאָזיקער באַגריף האָט זיך קאָנקרעט מאַניפעסטירט אין די באַציאונגען פון אידן צו ניט־אידן.

דער גלויבן אין אייגענער סופעריאָריטעט האָט אידן געגעבן זייער ווייניק ספּעציפישע רעכט, זייער ווייניק פּריווילעגיעס פון אַ סאָציאַל־עקאָנאָמישן אָדער פּאָליטישן כאַראַקטער. „אתה־בחרתנו" איז ניט געוואָרן קיין מאָראַלישע באַגרינדונג פאַר אידישער הערשאַפט איבער אַנדערע, „נידעריקערע", ראַסן אָדער פעלקער. אַלץ איינס ווי אַזוי די אידישע דעראָבערונג פון כנען איז פאַקטיש פאָרגעקומען, די תביעה אויפן ארץ הבחירה האָט זיך ניט געשטיצט אויף וועלכע ניט איז ספּעציעלע רעכט פון גאָט׳ס אַ ליבלינג אויף ערד און ערדישע גיטער. אמת, דער ריבונו של עולם האָט פאַרשפּראָכן ארץ־ישראל אברהמ׳ען, אים און זיינע קינדער און קינדס־קינדער, אָבער די דאָזיקע הבטחה האָט אין זיך ניט אַנטהאַלטן דעם עלעמענט פון פּריווילעגיע. כנען איז געווען די אידנ׳ס לעגיטימע „נחלה", און אַזעלכע „נחלאות" זיינען אָנערקענט געוואָרן — פאַקטיש בעסערע און מער פרוכטבאַרע — אַלס ניט ווייניקער לעגיטים פאַר אַנדערע פעלקער. אַן אָפּקלאַנג פון אַזאַ אויפפאַסונג הערן מיר אַרויס פון משה׳ס שירה, פון האזינו (דברים ל״ב, ח): בהנחל עליון גוים, בהפרידו בני אדם, יצב גבולות עמים" (ווען דער אויבערשטער האָט באַטיילט די אומות, ווען ער האָט צעשיידט די קינדער פון מענטשן, האָט ער געשטעלט די גרענעצן פאַר פעלקער). אַלע אַרומיקע לענדער זיינען געווען, אין אַ געוויסן זינען, „פאַרשפּראָכענע", אָפּגעטיילטע און באַשטימטע פאַר אַנדערע פעלקער, און בלויז ארץ־ישראל איז געווען יענער חלק ערד, אויף וועלכן אידישע ממשלה האָט זיך געדאַרפט אויסשפּרייטן. אין גאָט׳ס נאָמען פאַרזאָגט משה דעם פאָלק, אַז אויפן וועג צום לאַנד פון זיין „ירושה" וועט אים אויסקומען דורכצוגיין „דורך דעם געמאַרק פון אייערע ברידער, די קינדער פון עשו" — זאָל מען זיך גוט היטן מיט זיי זיך ניט אָנצוהויבן, ווייל פון זייער לאַנד וועט אידן ניט געגעבן ווערן אפילו אַ שפּאַן פון אַ פוסטריט — „כי ירושה לעשו נתתי את הר שעיר, — וואָרים אַ ירושה צו עשו׳ן האָב איך געגעבן דעם באַרג שעיר" (דברים ב׳, ג־ה). דאָס זעלביקע זאָגט ער זיי אָן, ווען זיי דאַרפן דורכגיין דעם מדבר מואב. „אל תצר את מואב ואל תתגר בם מלחמה, כי לא אתן לך מארצו ירושה", זאָלסט ניט ענג מאַכן מואב׳ן, און ניט פאַרפירן מיט זיי אַ מלחמה, וואָרים איך וועל דיר פון זיין

לאַנד ניט געבן קיין ירושה, ווייל צו די קינדער פון לוט האָב איך געגעבן ער אַ ירושה (דברים ב׳, ט). די קינדער פון עשו און די קינדער פון לוט האָבן די זעלביקע אייגנטום־רעכט אויף די לענדער, וואָס זיינען זיי צוגעטיילט געוואָרן, ווי אידן אויף זייער ירושה, אָדער זייער נחלה, און די דאָזיקע רעכט טאָרן ניט פאַרלעצט ווערן. ניט נאָר טאָר מען זיי פון זייער באָדן ניט אַראָפּ־טרייבן אָדער זיי באַהערשן, נאָר אַפילו דורכגייענדיק זייערע לענדער טאָרן אידן מיט געוואַלט ביי זיי אויך גאָרנישט ניט צונעמען: „עסנוואַרג זאָלט איר פון זיי פאַר געלט קויפן און עסן, און אפילו פאַר וואַסער זאָלט איר מיט פולן געלט צאָלן און טרינקען“. אויב עס זיינען ווען עס איז געווען אין אידנטום „אימפעריאַליסטישע“ שטרעבונגען, אַ דראַנג פאַר עקספּאַנסיע, האָט דאָס אָבער קיין רעליגיעזע סאַנקציע ניט געקראָגן און עס האָט זיך נישט גע־שטיצט אויף קיין באַזונדערע רעכט פון „אויסדערוויילטקייט“.

אויך די געזעצגעבונג אין ארץ־ישראל גופא איז געווען, פאַר די פאַר־העלטענישן פון אַלטערטום (עס וועט ניט זיין קיין גרויסע ריזיקע צוצוגעבן: אויך איר פאַרגלייך מיט דער געזעצגעבונג פון אונזער צייט אין אַ סאַך לענדער) בערך זייער וויניק דיסקרימינאַטאָריש קעגן ניט־אידן. „קהל! איין געזעץ זאָל זיין פאַר אייך און פאַר דעם פרעמדן וואָס האַלט זיך אויף ביי אייך, אַן אייביק געזעץ אויף אייערע דור־דורות; ווי איר, אַזוי זאָל זיין דער פרעמדער פאַר גאָט; איין תורה און איין דין זאָל זיין פאַר אייך און פאר דעם פרעמדן, וואָס האַלט זיך אויף ביי אייך“ (במדבר ט״ו, טו־טז) — דאָס איז געווען דער אידישער רעליגיעז־רעגולאַטיווער פרינציפּ פאַר דער באַהאַנדלונג פון מענטשן פון ניט־אידישן שטאַם. די ליבע צום נאָענטן, וועלכע איז לויט דער שפּעטער־דיקער הלל־פאָרמולע דערהויבן געוואָרן צו דער מדרגה פון דער קווינטעסענץ פון דער תורה, האָט זיך אויך ביים ביבלישן אידנטום אויסגעשפּרייט, אַלס אַ רעליגיעזער געבאָט, אויף מענטשן פון פרעמד בלוט: „און אַז ביי דיר וועט זיך אויפהאַלטן אַ פרעמדער אין אייער לאַנד, זאָלסטו אים ניט קריוודען; אַזוי ווי אַן איינגעבוירענער פון אייך זאָל אייך זיין דער פרעמדער, וואָס האַלט זיך אויף ביי אייך; און זאָלסט אים ליב האָבן ווי זיך אַליין; וואָרים פרעמדע זייט איר געווען אין לאַנד מצרים: איך בין יהוה אייער גאָט“ (ויקרא יט, לג־לד).

קיין פולשטענדיקע גלייכבאַרעכטיקונג האָט דער פרעמדער אין אידישן לאַנד, נאַטירלעך, ניט געקאָנט געניסן, טראָץ יענעם רעגולאַטיוו־עטישן פּרינ־ציפּ און דעם געבאָט פון ליבע „ווי זיך אַליין“. דער אידישער שטאַט, ווי די תורה האָט אים פאָראויסגעזען און געפּלאַנט, האָט געדאַרפט זיין אַן אָרגאַ־ניזירטע טעאָקראַטישע געזעלשאַפט, און אַ ניט־אידישער איינוואוינער פונם אידישן לאַנד, וואָס האָט ניט אָנערקענט איבער זיך די ממשלה פון גאָט, ווי

אידן האָבן אים פאַרשטאַנען, האָט ניט געקאָנט זיין גלייך מיט אידן אין אַלע זיינע רעכט; אין אַ באַשטימטער מאָס זיינען זיינע רעכט געווען באַגרענעצט פונקט ווי זיינע פליכטן זיינען געווען באַשרענקט. בלויז אַ מינימום פון אידישע רעליגיעזע פליכטן איז חל געווען אויפן ניט־אידן, וואָס געפינט זיך אין לאַנד. „ויצו משה אותם לאמר: מקץ שבע שנים, במועד שנת השמטה, בחג הסוכות, בבוא כל ישראל לראות את פני יהוה אלהיך, במקום אשר יבחר, תקרא את התורה הזאת נגד כל ישראל באזניהם; הקהל את העם, האנשים והנשים והטף, וגרך אשר בשעריך, למען ישמעו ולמען ילמדו ויראו את יהוה אלהיכם, ושמרו לעשות את כל דברי התורה הזאת" (און משה האָט זיי באַפוילן, אַזוי צו זאָגן: צום סוף פון אַלע זיבן יאָר, אין דער צייט פון דעם יאָר פון שמיטה, אין דעם יום־טוב פון סוכות, ווען גאַנץ ישראל קומט זיך ווייזן פאַר יהוה דיין גאָט, אין דעם אָרט וואָס ער וועט אויסדערוויילן, זאָלסטו לייענען דידאָזיקע תורה פאַר גאַנץ ישראל אין זייערע אויערן; זאַמל איין דאָס פאָלק, די מענער און די ווייבער און די קליינע קינדער, און דיין פרעמדן וואָס אין דיינע טויערן, כדי זיי זאָלן הערן, און כדי זיי זאָלן לערנען, און מורא האָבן פאַר יהוה אייער גאָט, און היטן צו טאָן אַלע ווערטער פון דער דאָזיקער תורה). די דאָזיקע פסוקים (דברים ל"א, י־יב) קאָנען מאַכן דעם איינדרוק, אַז די תורה אַלס גאַנצע איז אַרויסגעצוואונגען געוואָרן אויפן פרעמדן אַלס אַ באַדינג פאַר זיין רעכט זיך צו געפינען אין לאַנד: איז דאָך דער פרעמדער מחוייב צו זיין אַנוועזנדיק בשעתן לייענען די תורה „פאַר גאַנץ ישראל". אויף וויפל אַזאַ אויספיר וואָלט געווען פאַלש, קאָן מען זען סיי פון אייניקע רעכט־באַשרענקונגען פאַר פרעמדע און סיי פון געוויסע „פּריווילעגיעס" וואָס זיינען זיי געגעבן געוואָרן. אין שמות (י"ב, מח) לייענען מיר: „וכי יגור אתך גר ועשה פסח ליהוה, המול לו כל זכר, ואז יקרב לעשותו, והיה כאזרח הארץ, וכל ערל לא יאכל בו" (און אַז ביי דיר וועט זיך אויפהאַלטן אַ פרעמדער און ער וועט וועלן מאַכן אַ קרבן־פסח צו גאָט, זאָל ביי אים גע'מל'ט ווערן יעטוועדער מאַנספערשוין, און דעמאָלט קאָן ער צוקומען אים צו מאַכן און ווערן ווי אַן איינגעבוירענער פון לאַנד אָבער קיין אומבאַשניטענער טאָר פון אים ניט עסן). דאָס אָנטיילנעמען אין דער קרבן־פסח־צערעמאָניע איז באַטראַכט געוואָרן פאַר אַ צו וויכטיקן רעליגיעזן אַקט, און דער פרעמדער האָט ניט נאָר ניט געמוזט זיין דערצו אַ שותף, נאָר אויך ניט געטאָרט (כאָטש אויף זיינע איבעריקע, אַלגעמיין־ציווילע רעכט האָט דאָס קיין השפּעה ניט געהאַט). דער דאָזיקער געזעץ איז ניט געווען קיין ראַסן־דיסקרימינאַציע, נאָר אַ נאַטירלעכער פאַרבאָט אָנטיילצונעמען אין אַן אינטימן רעליגיעזן ריטואַל פאַר מענטשן וואָס האָבן זיך מיט דער אידישער אמונה ניט אידענטיפיצירט. דער „גר", וועגן וועלכן עס רעדט זיך אינם

ציטירטן פסוק, איז ניט דאָס זעלביקע, וואָס מען האָט אונטער דעם דאָזיקן נאָמען פאַרשטאַנען אין אַ שפּעטערן פּעריאָד — אַ גוי וואָס האָט זיך מגייר געווען — נאָר בלויז אַ פרעמדער, אַ צוגעקומענער, וואָס געפינט זיך צווישן אידן אין איר דישן לאַנד און האָט די אידישע תורה ניט אָנגענומען. דאָס זיך מל־זיין, וואָס האָט אים געגעבן דאָס רעכט צו מאַכן און צו עסן דעם קרבן־פּסח, איז געווען וויכטיק ניט בלויז פאַר זיך, אַלס, אַזוי צו זאָגן, אַ ביאָלאָגישער סימן פון גייסטיקער סאָלידאַריטעט מיט אידן, נאָר אויך אַלס אָנגענומענער ריטואַל פון זיך פולשטענדיק מגייר זיין. לויטן זינען פון דעם דאָזיקן געזעץ וואָלט אויך אַ „ראַסן־איד״ וועמען מען האָט ניט מל געווען, אַ „אידישער ערל״, ווען אַזעלכער וואָלט געווען במציאות, ניט געקאָנט צוגעלאָזן ווערן צו דער צערעמאָניע פון קרבן־פּסח. פון דער אַנדערער זייט זעען מיר, ווי דער גר, אין דעם פּרי־ביבלישן זינען פון וואָרט, געניסט אַזעלכע „רעכט״ אָדער „פּריווילעגיעס״, וואָס ווערן דעם אידן ניט געגעבן. אין דברים יד, כ׳ לייענען מיר: „לא תאכלו כל נבלה, לגר אשר בשעריך תתנה ואכלה״ (איר זאָלט ניט עסן קיין נבלה, דעם פרעמדן וואָס אין דיינע טויערן מעגסטו עס אָוועקגעבן, ער זאָל עס עסן). די תורה זוכט ניט אַרויפצוצווינגען אויפן פרעמדן דעם איסור פון עסן נבלה, ווייל לויט זיין אמונה מעג ער עס פאַרברויכן. דעם פרעמדנ׳ס פליכט איינמאָל אין זיבן יאָר צו זיין אָנוועזנדיק בשעת מען „לייענט די תורה פאַר גאַנץ ישראל אין זיינע אויערן״ דאַרף דערפאַר אויסגעטייטשט ווערן ניט אַלס אַ טעכניק אַרויפצוצווינגען אויף אים די אידישע אמונה קעגן זיין ווילן און געוויסן, נאָר מער אַלס סאָציאַלע פליכט זיך צו באַקענען מיט דער ציוויליזאַציע פונם לאַנד, אין וועלכן ער לעבט און געפינט זיך אונטערן שוץ פון זיינע געזעצן. הינטער דער דאָזיקער פליכט איז, מסתמא, געשטאַנען אַ געדאַנק, אַז אויב דער פרעמדער וועט פּעריאָדיש אויפגעקלערט ווערן וועגן די יסודות פון דער אידישער לערע און דער טעאָקראַטישער סטרוקטור פון דער אידישער מלוכה, וועט ער סוף־כל־סוף דערזען דעם אמת און זיך אָפּזאָגן פון זיין עבודה־זרה. די דאָזיקע הנחה האָט אָבער (יעדנפאַלס, אין פּרינציפּ) ניט געפירט צו קיין רעליגיעזער צוואַנגס־פּאָליטיק. בדרך־כלל, מעג מען באַהויפּטן, אַז כאָטש אונז איז ניט אינגאַנצן קלאָר די טערמינאָלאָגיע פונם חומש וועגן ניט־אידן, וואָס געפינען זיך אין אידישן לאַנד, און עס זיינען נאָך ביז היינט פאַראַן ניט ווייניק חילוקי־דעות וועגן דעם אינהאַלט פון אַזעלכע באַגריפן ווי „גר״ און „תושב״ — אינטערעסאַנטע באַמערקונגען וועגן דעם ענין זיינען לעצטנס געמאַכט געוואָרן פון רב צעיר אין ערשטן באַנד פון זיין מאָנומענטאַלן ווערק „תולדות ההלכה״ — זיינען פרעמדע קלאַסיפיצירט געוואָרן אין אַמאָליקן יורידיש־עטישן באַוואוסטזיין פון אידן אין דריי פאַרשיידענע קאַטעגאָריעס.

## III

די ערשטע קאַטעגאָריע זיינען די „שבעת העממים", די זיבן פעלקער אין ארץ־ישראל, פון וועלכע אידן האָבן געדאַרפט מיט כוח „צוריקקריגן" זייער לאַנד. די דאָזיקע פעלקער זיינען געשטעלט געוואָרן, אַזוי צו זאָגן, אויסערן געזעץ, און די תורה גופא האָט געהייסן זיי באַהאַנדלען מיט עקסט־רעמער אכזריות. אויף דעם חתי און דעם גרגשי, און דעם אמורי, און דעם כנעני און דעם פרזי, און דעם חוי, און דעם יבוסי, „זיבן פעלקער גרעסערע און שטאַרקערע פון דיר", טאָר מען גאָר, יעדנפאַלס אין דעם דעראָבערונגס־פעריאָד, קיין רחמנות ניט האָבן: „החרם תחרים אותם, לא תכרת להם ברית ולא תחנם, ולא תתחתן בם, בתך לא תתן לבנו ובתו לא תקח לבנך", פאַרוויסטן זאָלסטו זיי פאַרוויסטן, זאָלסט מיט זיי ניט שליסן קיין בונד און זאָלסט זיי ניט לייטזעליקן, און זאָלסט זיך ניט מתחתן זיין מיט זיי, דיין טאָכטער זאָלסטו ניט געבן צו זיין זון, און זיין טאָכטער זאָלסטו ניט נעמען פאַר דיין זון" (דברים ז', ב־ג). די רעליגיעז־סאַנקציאָנירטע פראָגראַם פאַר דער באַהאַנדלונג פון די זיבן טיפּן „נייטיוווס", וועמענס ווידערשטאַנד אידן האָבן זיך אונטערגענומען צו ברעכן, איז געווען אַן איינפאַך מיליטע־רישע: פיזיש פאַרטיליקן. גרויסע צאָלן פון זיי זיינען ווירקלעך פאַרטיליקט געוואָרן (אומגעפער ווי אינדיאַנער דורך ווייסע אַמעריקאַנער אין דער נייער צייט), און די וואָס זיינען פון זיי פאַרבליבן זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין שקלאַפן אָדער האַלב־שקלאַפן. אין מלכים א' (ט', כ־כא) ווערט וועגן דעם דערציילט כמעט מיט עפּישער רואיקייט: „כל העם הנותר מן האמורי, החתי, הפריזי, החוי והיבוסי אשר לא מבני ישראל המה, בניהם אשר נותרו אחריהם בארץ, אשר לא יכלו בני ישראל להחרימם, ויעלם שלמה למס עובד עד היום הזה" (דאָס גאַנצע פאָלק וואָס איז איבערגעבליבן פון דעם אמורי, דעם חתי, דעם פריזי, דעם חוי און דעם יבוסי, וואָס זיינען ניט געווען פון די קינדער פון ישראל, זייערע קינדער וואָס זיינען געבליבן נאָך זיי אין לאַנד, וואָס די קינדער פון ישראל האָבן זיי ניט געקאָנט פאַרטיליקן, זיי האָט שלמה גענומען פאַר צינזקנעכט ביז אויף היינטיקן טאָג).

עס וואָלט אָבער געווען אַ גרויסער טעות אָנצונעמען, אַז די דאָזיקע באַציאונג צו די איינגעבוירענע איינוואוינער פון כנען האָט עפּעס געהאַט צו טאָן מיט אַ ראַסן־פּרינציפּ אין דעם זינען, אין וועלכן מיר פאַרשטייען דאָס וואָרט היינט. די „שבעת העממים" זיינען געווען פאַר אידן געפערלעך, ווייל זיי האָבן געהאַט זייערע אַ תביעה אויף דעם זעלביקן לאַנד, וואָס איז „פאַר־שפּראָכן געוואָרן" ישראל'ן. דאָס איז געווען אַ קאָנפליקט צווישן צוויי פּאָלי־טיש־טעריטאָריאַלע תביעות, און אידן האָבן געהאַט זייער „מאָראַליש־רעליגיעזן גרונט" צו באַטראַכטן די אייגנטום־פּרעטענזיעס פון דער היימישער

באַפעלקערונג אַלס אומגערעכט. אין דער זעלביקער צייט האָבן זיי באַטראַכט פאַר אַ גרויסער גייסטיקער געפאַר. וואוינען בשלום צוזאַמען מיט „די זיבן פעלקער", ווען זיי וואָלטן אַפילו פאַר דעם געזען אַן עקאָנאָמישע און פּאָליטישע מעגלעכקייט, וואָלט געהייסן האָבן צווישן זיך אַ גרויסע צאָל געצנדינער וואָס זיינען מטמא דאָס לאַנד. דער געצנדינער אין אַ פרעמד אָבער ווייט לאַנד האָט ניט געקאָנט אויסאיבן אַזאַ דעמאָראַליזירנדיקע אָדער פאַרפירערישע השפּעה אויף דעם רעליגיעזן לעבן פון אידן, מיט זייער נאָך זייער יונגן און נאָך ניט קריסטאַליזירטן מאָנאָטעאיזם און מיט דער מאָראַל וואָס האָט זיך אויף זיין יסוד געהאַלטן אין אויסבויען. דער היימישער געצנדינער איז באַטראַכט געוואָרן אַלס טאָג־טעגלעכער מסית ומדיח. דער טעם פאַר זיך ניט מתחתן זיין מיט די היימישע פעלקער ווערט אָנגעגעבן זייער קלאָר אין דברים (ז׳, ד־ה): „כי יסיר את בנך מאחרי ועבדו אלהים אחרים, וחרה אף יהוה בכם, והשמידך מהר, כי אם כה תעשו להם, מזבחותיהם תתצו ומצבותם תשברו, ואשיריהם תגדעון, ופסיליהם תשרפון באש" (וואָרים ער וועט אָפּקערן דיין זון פון הינטער מיר, און זיי וועלן דינען פרעמדע געטער, און דער צאָרן פון יהוה וועט גרימען אויף אייך, און ער וועט דיך גיך פאַרטיליקן, נייערט אַזוי זאָלט איר טאָן צו זיי: זייערע מזבחות זאָלט איר איינוואַרפן, און זייערע זיילשטיינער זאָלט איר צעברעכן, און זייערע געצנבוימער זאָלט איר אָפּהאַקן, און זייערע געשניצטע בילדער זאָלט איר פאַרברענען אין פייער). ישראל דאַרף ווערן אַ הייליק פאָלק, הייליק דאַרף ווערן דאָס פאַרשפּראָכענע לאַנד פון ישראל, און די טומאת הגוים דאַרף אינם לאַנד אויסגעראָטן ווערן. חתונות מיט געצנדינער פון אַנדערע פעלקער און לענדער זיינען דערפאַר אין אַ גרויסער מאָס טאָלערירט געוואָרן: זייער צאָל האָט, מחמת באַגרענעצטע קאָנטאַקט־געלעגנהייטן, ניט געקאָנט זיין קיין גרויסע, און גראָד ווייל זיי זיינען געווען איינצלנע „אויסלענדער" האָבן זיי פאַרהעלטניסמעסיק לייכט געקאָנט אַבסאָרבירט ווערן אין דער אידישער סביבה, בשעת היימישע געצנדינער האָבן געפירט אויפן פלאַץ זייער אייגן קאָלעקטיוו לעבן און קולטיווירט זייער אייגענע לאָקאַלע עבודה־זרה. זיך מתחתן זיין מיט זיי, מיט די נאָענטע שכנים, וואָס האָבן נאָך דערצו ביי זיך ניט גע׳פּועל׳ט, אַז זייער תביעה אויפן לאַנד איז שוין מער ניט גילטיק, וואָלט געקאָנט, לויטן זעלביקן אידישן באַוואוסטזיין, שטעלן אין געפאַר אי די אידישע הערשאַפט איבערן לאַנד, אי די עצם עקזיסטענץ פון דער אייגנאַרטיקער, יונגער און דורך־און־דורך אַנטיטעטישער אידישער אמונה. אין דער מאָס, אַלזאָ, אין וועלכער אידן האָבן אין אַלטערטום אַרויסגעוויזן אַ שטאַרקע נאַציאָנאַליסטיש־אַגרעסיווע באַציאונג צו די פעלקער, איז די ראַציאָנאַליזאַציע פאַר דער דאָזיקער באַציאונג און פאַר דער אכזריות׳דיקער פּאָליטיק פון אומגעצוימטע אָקופּאַנטן, וואָס איז געווען

אזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלע פעלקער אין יענע צייטן, געווען אַ סך ווייני־קער „ראַסיסטיש" ווי רעליגיעז.

אין דער צווייטער קאַטעגאָריע געהערן פרעמדע פעלקער אין פרעמדע לענדער. ווי מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, האָבן אידן בנוגע זיי קיין אַגרעסיווע טענדענצן ניט אַרויסגעוויזן — אין דער מאָס, יעדנפאַלס, אין וועלכער אַזעלכע טענדענצן וואָלטן געקאָנט דיקטירט ווערן פון זייער עטיש־רעליגיעזן באַוואוסטזיין. אמת, אידן האָבן זיך געהאַלטן פיל העכער פון זיי, באַטראַכטנדיק זיך אַלס אַן אויסדערוויילט פאָלק, וואָס געפינט זיך אין ספּעציעל אינטימע באַציאונגען מיט גאָט ( מיט דעם איין און איינציקן גאָט, וועלכן די אומות־העולם האָבן נאָך ניט אָנערקענט !). די פּאָזיציע פון גאָט׳ס „ליבלינג" און דער פאַקט וואָס צווישן אידנטום און דער העכסטער וועלטקראַפט איז געשלאָסן געוואָרן אַ „ברית", זיינען אָבער ניט געווען פאַרבונדן פאַרן פאָלקס־געוויסן מיט קיין „ערדישע" פּריווילעגיעס פון וועלכן ניט איז באַדייטנדיקן היקף. יעדעס פאָלק האָט אַ רעכט אויף זיין לאַנד און זעלבסטשטענדיקייט, און טראָץ דער אומגעהייער אינטענסיווער רעליגיעזער אומגעדולד, מיט וועל־כער אידן אַלס אַ מאָנאָטעאיסטיש פאָלק האָבן זיך באַצויגן צו די אומות־העולם, האָבן זיי געזוכט צו אָנערקענען פאַר זיי אַפילו דאָס רעכט אויף עבודה־זרה. דער באַטאָנטער, אָדער אפשר איבערבאַטאָנטער, ווי אייניקע ווילן מיינען, רעספּעקט צו זיך אַליין, איז ניט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין קיין פאַראַכטונג צו אַנדערע פעלקער : „לא תתעב אדומי ומצרי" (זאָלסט ניט פאַראַכטן דעם איינוואוינער פון אדום און מצרים). אין דעם פּרט איז רב צעיר גערעכט, ווען ער אַקצענטירט אין זיין דערמאָנטן ווערק, „תולדות ההלכה", אַז שנאה איז ביי אידן געווען צו גוי׳אישקייט, ניט צו גויים, — צו זייערע עבודה־זרה׳ס, פון וועלכע זיי וועלן זיך סוף־כל־סוף באַפרייען און אָפּרייניקן, אָבער ניט צו זיי גופא. אַן אויסנאַם איז געווען עמלק, וועמענס זכר עס איז געווען אַ מצוה אינגאַנצן „אָפּצומעקן פון אונטערן הימל". פון שנאה צו מצרים — אַפילו צו מצרים ! — האָבן זיך אידן פאַרהעלטניסמעסיק פרי באַפרייט. עמלק׳ן האָבן זיי ניט געקאָנט מוחל זיין אַזוי לאַנג ער האָט עקזיסטירט. „זכור את אשר עשה לך עמלק בדרך בצאתכם ממצרים, אשר קרך בדרך ויזנב בך כל הנחשלים אחריך ואתה עיף ויגע, ולא ירא אלהים" — געדענק וואָס עמלק האָט דיר געטאָן אונטערוועגנס, ווען איר זייט אַרויס־געגאַנגען פון מצרים ; ווי ער האָט דיך געטראָפן אונטערוועגנס, און האָט געשלאָגן דיינע הינטערשטע, אַלע אָפּגעשלאָפטע הינטער דיר, בעת דו ביסט געווען פאַרשמאַכט און מיד ; און ער האָט ניט מורא געהאַט פאַר גאָט (דברים כ"ה, יז־יח). אַחוץ עמלק׳ן ווערט אין תנ"ך, דוכט זיך, קיין אַנדער חוץ־

לארץ־דיק פאָלק ניט דערמאָנט אַלס אַן אָביעקט פון שטענדיקער שנאה און נקמה־געפילן.

ביי די נביאים געפינען מיר שוין אַן אויסברייטערונג פון גאָט׳ס ברכה אויף די אומות־העולם. „ברוך עמי מצרים, ומעשה־ידי אשור, ונחלתי ישראל״. געבענטשט זאָל זיין מיין פאָלק מצרים, און דאָס ווערק פון מיינע הענט, אשור, און מיין נחלה, ישראל (ישעיה י״ט, כה). דאָס פאָלק וואָס האָט געהאַלטן ישראל דורות־לאַנג אין שקלאַפעריי און איז געוואָרן פאַר אידן דער סימבאָל פון טומאה און רשעות, ווערט דערהויבן אינם נביא׳ס זעאונג צו דער מדרגה פון „גאָט׳ס פאָלק״; מצרים און אשור, די צוויי פעלקער וואָס האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט אין משך פון אַ לאַנגער תקופה די מעכטיקסטע פאַקטאָרן אין פּאָליטישן לעבן פון יענעם טייל וועלט, פון וועלכן אידן האָבן געוואוסט, פאַראייניקן זיך, אין דער פאַראויסגעזעענער צוקונפט, מיט ישראל אין אַ הייליקער מלחמה — אין נאָמען פון גאָט, רעכט און גערעכטיקייט. ביי צפניה ווערט דערדאָזיקער אוניווערסאַליזם אויסגעדריקט נאָך קלאָרער: „כי אז אהפך אל עמים שפה ברורה, לקרא כלם בשם יהוה, לעבדו שכם אחד״ (ג׳, ט) — וואָרים דעמאָלט וועל איך איבערמאַכן די פעלקער אַ ליפּ אַ ריינע, אַז זיי זאָלן אַלע רופן צום נאָמען יהוה, אים צו דינען אַזוי ווי איין מאַן. צפניה געפינט שוין ניט פאַר מעגלעך אָנצורופן אין פאַרבינדונג מיט זיין וויזיע וועלכע ניט איז איינצלפעלקער; ער זעט פאַר זיך אַ גערייניקטע און גייסטיק אויפגעריכטע מענטשהייט, וואָס איז פאַראייניקט אין דער עבודה פון איין גאָט. ירמיהו באַטראַכט זיך פונם אָנפאַנג אָן פאַר אַ „נביא לגויים״, און כאָטש ער זאָגט פאַראויס, אַז אינם „טאָג פון גאָט׳ס צאָרן״, וועלן מצרים בבל, פלשת, כנען, ערב, עילם און מדי שטאַרק באַשטראָפט ווערן פאַר זייערע זינד (כמעט אַלע נביאים האָבן דאָך געדראָט מיט אַ שווערן עונש אויך און פאַר אַלעמען זייער אייגן פאָלק), גיט ער זיי אויך אַ פּלאַץ אין דער קומענדיקער גאולה: „והיה באחרית הימים אשוב את שבות עילם״ (מ״ט, לט) — אָבער עס וועט זיין אין סוף פון די טעג, וועל איך אומקערן די געפאַנגענשאַפט פון עילם, זאָגט גאָט. אַלע שלעכטע שכנים, וואָס רירן אָן די ירושה וואָס ער האָט צוגעטיילט זיין פאָלק ישראל, וועט גאָט טאַקע אויסרייסן, ווי ירמיהו גלויבט, פון זייער ערד, אָבער דער עונש פאַר זייערע בייזע מעשים וועט ניט דויערן אייביק; גאָט וועט זיי ווידער דערבאַרעמען און וועט זיי אומקערן איטלעכן צו זיין נחלה, און איטלעכן צו זיין לאַנד (י״ב, יד־טו). דער נביא גלויבט אין די אַנגערופענע פעלקער און אין זייער מאָראַלישער צוקונפט. אויך די „שלעכטע שכנים״ וועלן סוף־כל־סוף תשובה טאָן און גאָט וועט זייער תשובה אָננעמען און צוריקגעבן יעדן פון זיי זיין פּלאַץ אין דער וועלט. קיין אַבסאָלוטע פאַראורטיילונג און אָפּשטויסונג איז ביי אים נישטאָ; זיין

צאָרן איז צייטווייליק און זיין שטראָף איז ניט קיין באַדינגונגסלאָזע. ירמיהו, און ניט נאָר ער אַליין, האָט שוין געגלויבט אין יענע אָפּענע טויערן, וועגן וועלכע עס רעדט זיך שפּעטער מיט דורות און דורות אין שמות רבה: „אין הקדוש ברוך הוא פוסל לשום בריה, אלא לכל הוא מקבל; השערים נפתחים בכל שעה וכל מי שמבקש לכנס יכנס" (דער אויבערשטער פּסל'ט ניט קיין שום באַשעפעניש, איטלעכן איז ער מקבל; די טויערן ווערן געעפנט יעדע שטונדע און ווער עס וויל אַריינגיין, זאָל אַריינגיין).

ווען מיר גייען איבער פונם תנ"ך אין דער אייגנאַרטיקער און מער ליריש־רעזאָנירנדיקער ספערע פון אגדה און מדרש, געפינען מיר דעם דאָזיקן אוניווערסאַליסטישן צוג פון דער תורה און די נביאים קלאָרער און מער אַרטיקולירט. די אגדה און די מדרשים אַנטהאַלטן אין זיך אַן אומגעהייער רייכן אוצר פון זעלבסט־אידעאַליזאַציע, הונדערטער און הונדערטער אילוסט־ראַציעס פון כמעט פּאַטאָלאָגישער פאַרליבטקייט אין זיך אַליין און נאַאיווע קאָמפּלימענטן אויפן אייגענעם חשבון: אַ געוויסע פאָרם פון נאַרציסיזם איז זייער אָפט אַן ענטפער אויף רדיפות און פאַראַכטונג פון דרויסן. אין דער זעלביקער צייט אָבער רעוואָלטירט די פאָלקס־נשמה קעגן נאַציאָנאַלער איבער־גאווה וועלכע איז אין תוך אַן אָפּלייקענונג פון דער וועלט'ס איינהייט און פון דער אָרגאַנישער אחדות פון מענטשלעכן מין. דאָס זעלביקע רעליגיעזע באַוואוסטזיין וואָס האָט פון זיך אַרויסגעבראַכט דעם אתה־בחרתנו־באַגריף אויפן גרונט פון פּאַקטישע און אויגנשיינלעכע גייסטיק־מאָראַלישע אונטער־שיידן צווישן ישראל און די אומות־העולם, קאָן ניט שלום מאַכן מיטן גע־דאַנק, אַז אידן זיינען אָרגאַניש העכער פון די אַנדערע פעלקער און ניט בלויז היסטאָריש פאַרגעשריטן. דאָס רעליגיעזע באַוואוסטזיין — באַרימעריש־נאַציאָנאַליסטיש און אַריסטאָקראַטיש־אַראָפּקוקנדיק ווי עס איז אָדער עס שיינט צו זיין — זוכט אין דער זעלביקער צייט אַ מין פאָרם ווי אַזוי זיך צו „אַנטשולדיקן" פאַר די אומות העולם פאַר זייער אינפעריאָריטעט און פאַר ישראל'ס הויכער מדרגה. אַן אָפּקלאַנג פון אַזאַ געהיימען אָבער, לויט פילע סימנים, זייער ברויזנדיקן אינעווייניקסטן קאַמף, קאָנען מיר נאָך היינט אַרויסהערן פון געוויסע שטעלן אין דער מסכתא שבת (דף קמ"ה): „מפני מה הגויים מזוהמים? ישראל שעמדו על הר סיני, פסקה זוהמתם" (פאַרוואָס זיינען די גויים פאַרשמוציקט? ישראל וואָס זיינען געשטאַנען ביים באַרג סיני, האָט זיך זייער שמוץ פון זיי אָפּגעטאָן; די גויים וואָס זיינען ניט געשטאַנען ביים באַרג סיני, האָט זיך זייער שמוץ פון זיי ניט אָפּגעטאָן). אידן, הייסט עס, זיינען ניט שטענדיק געווען אַזוי ריין, ווי זיי זיינען איצטער; עס איז געווען אַ צייט, ווען זיי זיינען געווען ניט ווייניקער פאַרשמוציקט ווי די גויים, אָבער דער מעמד הר סיני האָט זיי ריין געמאַכט. אויף אַ זייער פאַר־

זיכטיקן אופן, אויף אַן אופן פון ניט דערזאָגן ביז צום סוף, ווערט דאָ אַרויס־געבראַכט די אויפפאַסונג פון גייסטיקער עוואָלוציע ביי פעלקער: אידן זיינען ניט די איינציקע, נאָר די ערשטע וואָס האָבן זוכה געווען צו התגלות, אָבער אין דעם אַלגעמיינעם פּלאַן פון וועלטגעשעען גייט אַריין התגלות אויף פאַר די אומות־העולם, וואָס דאַרפן בלויז נאָך וואַרטן אויף זייערן אַן אייגענעם מעמד הר סיני. די מחיצה צווישן איד און ניט־איד איז ניט קיין אַבסאָלוטע, נאָר אַ רעלאַטיווע, ניט קיין אייביקע נאָר אַ צייטווייליקע. די אומות־העולם פעלט דערווייל תורה — אמת, דאָס וויכטיקסטע און ווערטפולסטע וואָס קאָן דעם מין מענטשן געגעבן ווערן — אָבער חכמה פאַרמאָגן זיי (יעדנפאַלס, אייניקע פון זיי) ניט ווייניקער פון אידן. „אם יאמר לך אדם, יש חכמה בגויים — תאמין; יש תורה בגויים — אל תאמין" (איכה רבה). — אויב עמעצער וועט דיר זאָגן, אַז עס איז פאַראַן חכמה ביי די גויים, גלויב; אַז עס איז פאַראַן תורה ביי גויים, גלויב ניט. אונזערע קדמונים האָבן אַפילו מתקן געווען אַ ברכה, וואָס מען דאַרף מאַכן, ווען מען באַגעגנט אַ ניט־אידישן חכם: „הרואה חכמי ישראל אומר ברוך שחלק מחכמתו ליראיו; חכמי אומות העולם אומר ברוך שנתן מחכמתו לבריותיו" (ברכות נ"ח) — ווער עס זעט חכמים פון ישראל זאָגט: „געלויבט איז דער אויבערשטער וואָס האָט צוגעטיילט פון זיין חכמה צו די וואָס פורכטן אים, און ווער עס זעט חכמים פון די אומות־העולם זאָגט: „געלויבט איז דער וואָס האָט צוגעטיילט חכמה צו זיינע באַשעפענישן". ווי הויך אידן פון דער תלמודישער עפּאָכע האָבן שוין געשאַצט געוויסע גייסטיקע אייגנשאַפטן פון פרעמדע פעלקער, קאָן מען זען, למשל, פון דעם, ווי אַזוי עס ווערט אויסגעטייטשט דער פסוק „יפת אלהים ליפת וישכן באהלי שם". דער זין פון דעם דאָזיקן אומקלאָרן זאַץ זאָל אויסדריקן די שטרעבונג צו אַ מין סינטעז פון קולטורן. „יפיפותו של יפת יהא באהלי שם" (מגילה ט') — די שיינקייט פון יפת (די עסטעטישע ווערטן פון ניט־אידן) זאָל רוען אין שמ'ס תורה־געצעלטן. „יפת" ווערט דאָ אומדירעקט כאַראַקטעריזירט אַלס העכער, אין אַ געוויסער ספערע פון גייסט, פון שמ'ן. אָבער עסטעטיק און חכמה שעפּן ניט אויס מיט זיך אַלע גייסטיקע פּאָטענצן פון פרעמדע פעלקער. עס איז פאַר זיי ניט פאַרמאַכט דער וועג אויך צו דער העכסטער רעליגיעז־מאָראַלישער שטופע, וואָס קאָן בכלל פון אַ מענטשן דערגרייכט ווערן — צו רוח־הקודש. אין תנא דבי אליהו רבה, צום ביישפּיל, געפינען מיר שוין דעם פאָלגנדיקן כאַראַקטעריסטישן זאַץ: „מעיד אני עלי את השמים ואת הארץ, בין גוי ובין ישראל, בין איש ובין אשה, בין עבד ובין שפחה, הכל לפי מעשה שעושה כך רוח הקודש שורה עליו." (איך רוף די הימלען און די ערד פאַר עדות און זיי וועלן באַשטעטיקן, אַז צי אַ גוי אָדער אַ איד, צי אַ מאַן אָדער אַ פרוי, צי אַ קנעכט אָדער אַ שקלאַפן־פרוי, לויט די מעשים

וואָס ער טוט רוט אויף אים רוח הקודש). דער מענטש, הייסט עס, איז ניט דעטערמינירט ניט פון זיין געשלעכט, ניט פון זיי סאָציאַלער שטעלונג און ניט פון זיין ראַסע: יעדער יחיד איז פייאיק אויף מעשים וואָס קאָנען אים דער־הויבן צו אַ מדרגה, אויף וועלכער מען איז זוכה צו קריגן רוח־הקודש.

אין תלמוד און אין די פאַרשיידענע מדרשים זיינען, ווי עס איז באַקאַנט, פאַראַן הונדערטער שטעלן, אין וועלכע אַנדערע פעלקער ווערן שאַרף קריטיקירט און פאַראורטיילט, אָבער אויך יענע שטעלן אַנטהאַלטן אין זיך פאַר־העלטניסמעסיק זעלטן אַ טאָטאַלע און ענדגילטיקע פאַראורטיילונג פון דעם ניט־אידישן טייל פון דער מענטשהייט. די טענדענץ אין דער אגדה און מדרשים איז ניט ווייניקער, אַמאָל אַ סך מער, אויסגעשפּראָכן אוניווערסאַליסטיש ווי אין דער נבואה. לויט איין מדרש (מכילתא אויף שמות) איז די תורה געגעבן געוואָרן אין דער מדבר — אין אַ געוויסן זינען אין אַ „נאָ מענס לענד" — און ניט אין ארץ־ישראל, כדי דערמיט אָנצודייטן, אַז איר פּרינציפּ איז זי אַ מתנה פאַרן גאַנצן מענטשלעכן מין, ניט נאָר פאַר אידן אַליין: פּאָטענציעל, אין לעצטן היסטאָרישן חשבון, זיינען אַלע פעלקער ראוי און מסוגל אָנצונעמען די תורה. לויט אַן אַנדער לעגענדע איז די תורה גלייכצייטיק פאָרגעטראָגן געוואָרן אויף אַלע שבעים לשון, כדי אַלע „זיבעציק פעלקער" פון דער וועלט זאָלן זי הערן, יעדער אויף זיין שפּראַך, אפשר וועלן זיך געפינען צווישן זיי אַזעלכע וואָס וועלן זי מקבל זיין; און לויט אַן אַנדער ווערסיע איז די תורה געטראָגן געוואָרן פון לאַנד צו לאַנד און פון פאָלק צו פאָלק — דער רבונו של עולם האָט, כביכול, „עקספּערימענטירט" מיט די אומות־העולם, נאָך אַליין „ניט געוועזן זיכער" ווער פון זיי איז שוין גרייט זי מקבל צו זיין. דער „עקספּערימענט" איז ניט געלונגען, אַלע האָבן זיך פון איר אָפּגעזאָגט, אָבער אויך ישראל (דאָ קומט ווייטער אַמאָל אַ סימפּטאָמאַטישע „אַנטשולדי־קונג" פאַר פאַרמאָגן אַ „כלי חמדה", וואָס אַנדערע פעלקער האָבן ניט!) האָט די תורה מיטן גוטן ווילן ניט געוואָלט אָננעמען, נאָך ניט געוועזן, הייסט עס, רייף און מסוגל זי אָפּצושאַצן, און די השגחה האָט זי געמוזט אויף אים אַרויפצווינגען. „כפו עליהם הר כגיגית", מען האָט אויף די אידן אָנגעבויגן דעם באַרג ווי אַ פאַס: אָדער איר זייט אויף זיך מקבל דעם עול פון דער תורה, אָדער דער באַרג וועט אייך פאַרניכטן. צופיל, איז דער זין פון דער און פון אַנדערע ענלעכע אגדות און מדרשים, טאָרן זיך אידן מיט זייער סופעריאָריטעט לגבי אַנדערע פעלקער ניט איבערנעמען. אינם וועלטפּלאַן איז לכתחילה אַריינגעגאַנגען אַ תורה פאַר אַלעמען, אָן אונטערשייד פון לאַנד, שפּראַך און אָפּשטאַם. דאָס איז דערווייל ניט געלונגען, אָבער דער אָריגי־נעלער וועלטפּלאַן וועט פריער אָדער שפּעטער פאַרווירקלעכט ווערן („ומלאה הארץ דעה"); אידן זיינען בלויז די ערשטע וואָס האָבן געשלאָסן אַ בונד מיט

גאָט. מיט קיין ראַסן־טעאָריע אין דעם מאָדערנעם „וויסנשאַפטלעכן" זינען פון וואָרט האָט די דאָזיקע שטעלונג צו פרעמדע קיין שום שייכות ניט. בלוט, שטאַם, ביאָלאָגישע ירושה איבן אויס אויפן יחיד אַ געוויסע השפעה, אָבער דער גייסט פון מענטשן איז שטאַרקער פון די דאָזיקע פאַקטאָרן, און דער „צלם־אלהים" וואָס פעלט ניט אויף קיין איין און איינציק מענטשלעך געזיכט איז, אין לעצטן אַנאַליז, מער אַנטשיידנדיק ווי די בלוט־און־פלייש־ירושה מיט אירע „דעטערמינאַנטן".

עס וואָלט געווען נאַאיוו אָדער זייער געקינסטלט צו זוכן אין תנ"ך, אָדער אפילו שפּעטער ביי די חכמי־התלמוד און אין די מדרשים, וועלכע ניט איז סיסטעמאַטיש־וויסנשאַפטלעכע געדאַנקען וואָס האָבן צו טאָן מיט ביאָפּסי־כאָלאָגיע. די טענדענץ און די ריין אינטואיטיווע אויפפאַסונג איז אָבער אין אונזער גאַנצער קלאַסיש־רעליגיעזער ליטעראַטור אַ קלאָרע: גייסט איז ניט שקלאַפיש געבונדן אָן מאַטעריע, גייסט איז אויטאָנאָם און איז בכוח צו באַ־פרייען דעם מענטשן פון בלוט־און־פלייש־השפעות; אַ „בשר־ודם" איז אַ סך מער ווי בלויז בשר־ודם. „רוח" איז ניט סתם אַן עפּיפענאָמען פון „חומר", און דערפאַר טאַקע איז יעדער מענטש, ווי מיר זאָגן היינט, אַ „פרייער אַגענט", און איז מאָראַליש פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיין האַנדלען און ניט־האַנדלען. די באַציאונגען צווישן גייסט און שטאָף ווערן אַפילו איינמאָל רעפּ־רעזענטירט אין תלמוד „גראַפיש־אַנאַטאָמיש" (נדה, ל"א): „דריי שותפים זיינען פאַראַן אין מענטשן — גאָט, זיין פאָטער און זיין מוטער; דער פאָטער פאַרזייט אין אים דעם מענעלעכן זאָמען („לובן"), פון וועלכן עס קומען אַרויס ביינער, אָדערן, נעגל, דער געהירן אין קאָפּ און דאָס ווייסלעכע פונם אויג; די מוטער פאַרזייט די רויטע פליסיקייט („אודם"), פון וועלכער עס קומען אַרויס הויט, פלייש, האָר, און דער שוואַרצאַפּל פונם אויג; און גאָט גיט אין אים אַריין גייסט, נשמה, פיזיאָגנאָמיע (קלסתר פנים), די פייאיקייט צו זען און צו הערן און צו רעדן און צו גיין מיט די פיס, פאַרשטענדעניש, פאַר־נונפט און שכל; און ווען עס קומט פאַר אים די צייט אַוועקצוגיין פון דער וועלט, נעמט דער אויבערשטער צוריק זיין חלק און לייגט אַוועק פאַר טאַטע־מאַמע זייער חלק". גייסט, נשמה, אַלץ וואָס איז אין מענטשן באַוועגלעך, אַקטיוו און דינאַמיש, קומט פון גאָט, ניט פון טאַטע־מאַמע, און דאָס הייסט שוין ממילא אויך ניט פון „ראַסע". די חלקים וואָס דער פאָטער און מוטער (און ראַסע) האָבן אין מענטשן, מעגן מיר זיך היינט דערלויבן צו אינטער־פּרעטירן יענע פאַרשטעלונג פון די חז"ל, קאָנען אפשר סטימולירן אָדער מעכב זיין די פאַנאַנדערוויקלונג אָדער דעם אויפשוואונג פון גייסט; זיי זיינען אָבער ניט מסוגל אים אויף שטענדיק צו פענטען אָדער דעטערמינירן זיין כאַ־ראַקטער און ריכטונג. פאַר אידן זיינען די אומות־העולם זיכער געווען זינדיקע

ברואים. אָבער זינדיק האָט אין רייפערן אידנטום קיינמאָל ניט געהייסן דאָס זעלביקע וואָס פאַרדאַמט. די טויערן פון תשובה זיינען פאַר די זינדיקע ניט געווען פאַרשלאָסן, און ניט אומזיסט האָט מען אין די זיבן סוכות־טעג מקריב געווען אין בית־המקדש זיבעציק אָקסן אויף מכפר צו זיין די חטאים פון די „זיבעציק אומות־העולם" (סוכות, נ"ה). די דאָזיקע תקנה האָט דעמאָנסטרירט מער ווי אַלץ איבעריקע, אפשר מער ווי די אוניווערסאַליסטישע וויזיעס פון די נביאים און די שפּעטערדיקע אַנטי־פּאַרטיקולאַריסטישע אויסטייטשונגען פון פיל פון די חז"ל, אַז וויפל חסרונות אידן זאָלן אין זייערע טאָג־טעגלעכע באַאָבאַכטונגען ניט האָבן אַנטדעקט אין די פרעמדע פעלקער און וויפל מעלות זיי זאָלן ניט האָבן צוגעשריבן זיך אַליין, אַמאָל נאַאיוו־באַרימעריש און אַמאָל ראַפינירט־נצחנות'דיק, אַז עס איז געקומען צו מאַכן אַ גרינטלעכן חשבון־הנפש — אַ חשבון־הנפש וואָס געפינט זיין אויסדרוק אין קולט, אין עבודה, אין דער מיסטעריע פון קרבן — האָבן זיי אויסגעאַרבעט אַ צערעמאָניאַל, אין וועלכן עס ווערט פייערלעך באַטאָנט די איינהייט פון אַלע מענטשן־ברואים אין חטא, אין תשובה און אין כפרה...

און דאָ קומען מיר צו דער דריטער קאַטעגאָריע פרעמדע — ניט צו סתם אומות־העולם, נאָר צו יענע אָפּשפּליטערונגען פון שכנות'דיקע און ווייטע פעלקער, וועמען אומשטענדן האָבן געבראַכט, אָדער געקאָנט ברענגען, אין אידישן לאַנד. אויף דעם סטאַטוס פון דער קאַטעגאָריע האָבן מיר שוין בדרך כלל אָנגעוויזן אין אָנהויב פון דעם קאַפּיטל און מיר קאָנען זיך דאָ באַ־גרענעצן בלויז מיט עטלעכע אָנווייזונגען. די ביבלישע געזעצגעבונג מאַכט אַן אונטערשייד צווישן „נכרי", דעם אויסלענדער, וואָס געפינט זיך אין אידישן לאַנד צייטווייליק צוליב באַשטימטע צילן, ווי, למשל, איינצוקויפן אָדער צו פאַרקויפן סחורה, און צווישן דעם „גר", וועלכער געהערט אויך ווי דער ערשטער צו אַ פרעמדן שטאַם, אָבער ער האָט זיך אויף שטענדיק באַזעצט אין לאַנד. זייערע רעכט און פליכטן זיינען נאַטירלעך ניט איינע און די זעלביקע (ווי, צום ביישפּיל, עס איז פאַראַן ביז היינט אַ חילוק אין יורידישן סטאַטוס צווישן אַ „טוריסט" און אַן „אימיגראַנט" אין די פאַראייניקטע שטאַטן). דער נכרי געפינט זיך אונטער דעם אַלגעמיינעם שוץ פון די געזעצן פון לאַנד, אָבער ער ווערט ניט באַטראַכט פאַר קיין „בירגער" אָדער פאַר קיין מיטגליד פון דער געזעלשאַפט אין ווירטשאַפטלעכן זינען. דער איסור צו נעמען פּראָ־צענט פאַר אַנטליען געלט איז אויף אים ניט חל. „לנכרי תשיך ולאחיך לא תשיך" — דער נכרי איז אין דעם דאָזיקן זאַץ ניט סתם אַ ניט־איד, נאָר אַן אויסלענדער, אַ צוגערייזטער, וועלכער ווערט ניט באַטראַכט אַלס אַ גליד אין דעם לאָקאַלן סאָציאַל־עקאָנאָמישן אָרגאַניזם, בשעת אונטער דעם באַגריף „אחיך" (דיין ברודער), ביי וועמען מען טאָר קיין נשך ניט נעמען, געפינט

זיך אויך דער ניט־אידישער „פערמאַנענטער רעזידענט" פונם אידישן לאַנד, דער אַזוי גערופענער „גר" (פּאַראַלעלן צו אַזאַ סטאַטוס אין דער היינטיקער מלוכה, שוין אָפּגערעדט פון דער אַלטערטימלעכער ,קאָן מען געפינען אין די געזעצן און רעגולאַציעס פון די פּאַראייניקטע שטאַטן: אַ טוריסט האָט ניט קיין רעכט צו זוכן און אָנצונעמען אַרבעט, און קומט ער אָן צו אָרגאַניזירטער צדקה, איז דאָס אַ גענוגנדיקער גרונט פאַר דעפּאָרטאַציע). אַנדערש איז דער סטאַטוס פונם „גר", וועלכער ווערט אָפטמאָל אָנגערופן אויך „גר תושב", אָדער סתם „תושב", כדי אים ניט צו פאַרטוישן מיטן „נכרי". ניט שטענדיק איז אונז קלאָר די פּסיכאָלאָגיש־עמאָציאָנעלע קאָננאָטאַציע פון אָן אַלט־העברייאיש וואָרט, אָבער אַז דער באַגריף „גר ותושב" האָט ניט אַנטהאַלטן אין זיך קיין שמץ פון באַליידיקונג, קאָן מען זען פון אַ געוויסן פּסוק אין ויקרא (כ"ה, כג): „והארץ לא תמכר לצמיתות, כי לי הארץ, כי גרים ותושבים אתם עמדי" (און די ערד זאָל ניט פאַרקויפט ווערן אויף אייביק, וואָרים צו מיר געהערט די ערד; וואָרים פרעמדע און איינגעוואַנדערטע זייט איר ביי מיר). די אידייע פון דער אַגראַרער געזעצגעבונג אין תורת משה איז, אַז קיין אַבסאָ־לוט אייגנטום־רעכט אויף באָדן האָט קיינער ניט, דאָס לאַנד געהערט צו גאָט, און מענטשן אָדער פעלקער זיינען בלויז זיינע פּעכטער; אידן אין זייער „אייגענעם" לאַנד זיינען אויך אין גרונט ניט מער ווי איינוואוינער אויף גאָט'ס באָדן, גרים און תושבים. אין פּרינציפּ, כאָטש מיט וועזנטלעכע פּאַקטישע באַשרענקונגען, איז דער פרעמדער וואָס וואוינט אין אידישן לאַנד אויך אַ פּעכטער ביי גאָט און געפינט זיך אונטער זיין שוץ. דעם גר טאָר מען דער־פאַר ניט קריוודען און ניט אונטערדריקן („וגר לא תונה ולא תלחצנו") און וועגן דעם ווערט גערעדט (שמות כ"ב, כא־כב) אין איין אָטעם מיט דעם געבאָט ניט צו פּייניקן אַן אלמנה און אַ יתום. מען טאָר קעגן אים ניט דיסקרימינירן אויך ווען ס'האַנדלט זיך וועגן שטראָף־רעכט און געריכט: „משפט אחד יהיה לכם, כגר כאזרח יהיה, כי אני יהוה אלהיכם" (ויקרא כ"ד, כב) — איין געזעץ זאָל זיין ביי אייך, ווי דער איינגעבוירענער אַזוי זאָל זיין דער פרעמדער, וואָרים איך בין יהוה אייער גאָט.

די פליכט צו אונטערשטיצן אַ פּאַראָרעמטן ווייסט אויך ניט אין דער ביבלישער געזעצגעבונג קיין אונטערשייד צווישן איד און ניט־איד. דער „גר ותושב" ווערט אין דער הינזיכט גלייכגעשטעלט מיט אַ אידישן „ברודער" (ויקרא כ"ה, לה): „וכי ימוך אחיך ומטה ידו עמך והחזקת בו, גר ותושב, וחי עמך" — און אַז דיין ברודער וועט אָרעם ווערן, און זיין האַנט וועט זיין געפאַלן ביי דיר, זאָלסטו אים אויפהאַלטן, דעם פרעמדן און דעם איינגע־וואַנדערטן, אַז ער זאָל קאָנען לעבן ביי דיר; מען טאָר אים אויך ניט געבן קיין געלט אויף צינזן און קיין עסנוואַרג אויף מערונג („מרבית"). אמת, אין

שפּעטערדיקע דורות האָט די משנה געזוכט אויסצוטייטשן דעם באַגריף „תושב" אין אַן אַנדערן זין, אַזוי אַז דער איסור צו נעמען צינז פאַר געלט זאָל חל זיין נאָר אויף אידן. אָבער דאָס איז ניט דער איינציקער געזעץ, אין וועלכן עס זיינען, אונטערן דרוק פון נייע עקאָנאָמישע און אַנדערע לעבנס־באַדינגונגען, פאָרגעקומען געוויסע ענדערונגען. „פּרוזבול", די תקנה וואָס הלל הזקן האָט איינגעפירט, איז אויך אין גרונט געווען אַ פאַרלעצונג פון אַ זייער קלאָרן ביבלישן געבאָט, און די באַרעכטיקונג פאַר דער דאָזיקער תקנה איז אַ גאַנץ קינסטלעכע, אַ קאַזואיסטישע. „פּרוזבול" איז דער קלאַסישער מוסטער פון רעליגיעז־יורידישער פיקציע, אין וועלכער אַ טייל פון די חז״ל און אויך שפּעטערדיקע רעליגיעזע וואָרטפירער ביי אידן האָבן זיך ספּעציאַליזירט — אַזוי אַז דאָס געשריבענע וואָרט פון דער תורה זאָל כלומרשט בלייבן אומבאַרירט און אין דער זעלביקער צייט זאָל מען עס אין דער פּראַקטיק ניט דאַרפן דורכפירן. חובות אין אַ שמיטה־יאָר האָבן בפירוש געדאַרפט אַנולירט ווערן, אָבער ווען אידן האָבן אָנגעהויבן איבערגיין פון אַ פּאַטריאַרכאַל־אַגריקולטורעלער ווירטשאַפט צו אַ קאָמפּליצירטער עקאָנאָמיק, אין וועלכער האַנדל און אינדוסטריע האָבן שוין געשפּילט אַ גרעסערע ראָלע, האָבן די שמיטה־געזעצן שוין געשטערט דער אַנטוויקלונג פון אַ ברייטערן קרעדיט־סיסטעם. ווען הלל הזקן, לייענען מיר אין דער משנה, האָט דערזען, אַז מענטשן הויבן אָן אויסצומיידן צו געבן הלוואות, אויס מורא, אַז זיי וועלן בטל ווערן אין דעם זיבעטן יאָר, און פאַרלעצן דערמיט אַ געבאָט פון דער תורה (די פליכט צו העלפן דעם וואָס נויטיקט זיך), האָט ער מתקן געווען די פּראָצעדור פון מאַכן לכתחילה אַ דערקלערונג, אַז דאָס געלט ווערט געליען מיטן תנאי, אַז דער מלווה זאָל עס מעגן איינמאָנען, ווען ער וויל. ענלעכע עקאָנאָמישע אומשטענדן האָבן וואַרשיינלעך שפּעטער גורם געווען דערצו, אַז אין דעם ענין נעמען צינז פאַר געלט פון „גרים ותושבים" זאָל פאָרקומען אַ געוויסע רעוויזיע...

אין באַדייטנדיקע סאָציאַל־עקאָנאָמישע דיסקרימינאַציע קעגן פרעמדע אַנטהאַלט אָבער אין זיך די ביבלישע געזעצגעבונג, וועלכע פאָרדינט באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט. אַ אידישן קנעכט האָט מען באַדאַרפט באַפרייען נאָך זעקס יאָר אָדער אין אַ יובל־יאָר, בשעת אַ ניט־אידישער שקלאַף האָט ניט געקאָנט האָבן קיין תביעה אויף באַפרייאונג. עס איז אָבער אינטערעסאַנט די פאָרמולע וואָס ווערט גענוצט אין דער תורה (ויקרא כ״ה, מא) וועגן דער באַפרייאונג פון אידישע קנעכט: „ויצא מעמך הוא ובניו עמו, ושב אל משפחתו, ואל אחוזת אבותיו ישוב" — דעמאָלט (אין יובל־יאָר) זאָל ער אַרויסגיין פון דיר, ער און זיינע קינדער מיט אים, און ער זאָל זיך אומקערן צו זיין משפּחה, און צום אייגנטום פון זיינע עלטערן זאָל ער זיך אומקערן". דער יובל־געזעץ

האָט, ווי מען קאָן זיך פון דער דאָזיקער פאָרמולע משער זיין, פאַרפאָלגט צוויי צוועקן — אומקערן די פרייהייט צו די פאַרשקלאַפטע און ווידער אויפשטעלן דעם גלייכגעוויכט פון עקאָנאָמישן וואוילזיין. דער אידישער קנעכט ווערט באַפרייט, אָבער ער ווייסט וואָס צו טאָן מיט זיין פרייהייט און ער ווערט ניט אַרויסגעוואָרפן אויף דער גאַס; ער קערט זיך אום צו זיין משפחה און צו דער „אחוזת אבותיו", צום באָדן־אייגנטום פון זיינע עלטערן, וואָס גייט צוריק איבער אין זיין רשות. אַנדערש איז אָבער די לאַגע פונם „גר" אָדער „תושב". די באַפרייאונג פון שקלאַפעריי וואָלט פאַר אים, אין די באַדינגונגען פון דער דעמאָלטדיקער עקאָנאָמישער סטרוקטור, געקאָנט ווערן אַן אומגליק. איר הויפט־חיונה האָט די פרייע באַפעלקערונג געצויגן פון באָדן, און קיין שום יובל האָט ניט געקאָנט אומקערן קיין באָדן אַזאַ איינעם, וואָס האָט אים פריער קיינמאָל ניט פאַרמאָגט. אין דעם פּרט איז גערעכט יחזקאל קויפמאַן, ווען ער ווייזט אָן אין ערשטן באַנד פון זיין ווערק „גולה ונכר" (ז' 227) אויפן באַזונדערן עקאָנאָמישן סטאַטוס פון די פרעמדע אין אידישן לאַנד: „די שבט־אָרדענונג, וואָס האָט געהערשט ביי אידן אין אַלטערטום, האָט גורם געווען דערצו, אַז די פרעמדע וואָס האָבן געלעבט אין לאַנד צווישן אידן האָבן מערסטנטייל ניט געקאָנט זיך פולשטענדיק באַהעפטן אין דעם אידישן פאָלק אויך נאָך פיל דורות, און זיי זיינען פאַרבליבן אַ באַזונדער סאָציאַלער קלאַס. דאָס לאַנד איז געווען פאַנאַנדערגעטיילט אויף נחלות פון שבטים, און נאָר דורך צוגעהעריקייט צו אַ שבט איז געווײנלעך מעגלעך געווען צו קריגן אַ באָדן־נחלה און פאַררעכנט ווערן פאַר אַ „בירגער" אין לאַנד. דער באָדן איז געווען אַ „נחלה פון די אבות", און דער משפחה־שבט־פאַרבאַנד האָט אָפּגעהיט זיין באַזונדער וועזן און זיין טייל לאַנד, אַזוי אַז אַ פרעמדער האָט אין אים ניט געקאָנט אַריינדרינגען... דער שבט איז געווען אַ שטאַרקע מחיצה ביי אידן אויך צווישן זיך אַליין. די פאַנאַנדערטיילונג אויף שבטים איז געווען אַ גרויסער פאַקטאָר אין אידישן סאָציאַל־פּאָליטישן לעבן אין אַלטערטום, און אַפילו פאַר אַ אידן איז ניט געווען קיין וועג ווי אַזוי אַריבערצוגיין פון איין שבט אין אַנדערן..." די דעמאָלטדיקע שבט־סטרוקטור פונם אידישן פאָלק איז אויף אַזאַ אופן געווען אַן אָביעקטיווע מניעה פאַרן פולשטענדיקן אַבסאָרבירן פונם פרעמדן, וואָס האָט זיך באַזעצט אין לאַנד. אַ נישט־אידישער קנעכט, ווען ער וואָלט באַפרייט געוואָרן, וואָלט ער וואַרשיינלעך אין די מייסטע פאַלן גאָרניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיך — ער וואָלט פאַרוואַנדלט גע־וואָרן אין אַ הונגעריקן און זיך אַרומשלעפּנדיקן „פּאַריאַ", וואָס זיין לאַגע האָט געקאָנט זיין אָן אַן ערך ערגער איידער די לאַגע פון אַ קנעכט, וואָס זיין אידישער האַר טראָגט פאַר אים ניט קיין קליינע אחריות.

דערפאַר האָבן אָבער לויט דער ביבלישער געזעצגעבונג ניט עקזיסטירט

קיין עקאָנאָמישע דיסקרימינאַציעס קעגן פרעמדע, אין פאַרגלייך מיט פאַר־אָרעמטע און אין אַ געוויסן זינען „דעקלאַסירטע" טיילן פון דער אידישער באַפעלקערונג. „מקצה שלש שנים תוציא את כל מעשר תבואתך בשנה ההיא והנחת בשעריך, ובא הלוי, כי אין לו חלק ונחלה עמך, והגר, והיתום והאלמנה אשר בשעריך, ואכלו ושבעו, למען יברכך יהוה אלהיך בכל מעשה ידך אשר תעשה" (דברים י״ד, כח־כט) — צום סוף פון אַלע דריי יאָר, אין יענעם יאָר זאָלסטו אַרויסטראָגן דעם גאַנצן מעשר פון דיין תבואה, און אַוועקלייגן אין דיינע טויערן; און עס זאָל קומען דער לוי, ווייל ער האָט ניט קיין חלק און קיין נחלה ביי דיר, און דער פרעמדער, און דער יתום, און די אלמנה, וואָס אין דיינע טויערן, און זיי זאָלן עסן און זאַט זיין, כדי יהוה דיין גאָט זאָל דיך בענטשן אין יעטוועדער טואונג פון דיין האַנט וואָס דו וועסט טאָן. דער גר־תושב, ווי מיר זעען דאָ, ווערט באַטראַכט מער אַלס אַ מיטגליד פון אַ סאָציאַלער שיכט, צוזאַמען מיט לויים, אידישע יתומים און אידישע אלמנות, איידער אַ צוגעהעריקער צו אַן אַנדער ראַסע. אָבער אַז דאָס רעליגיעז־עטישע באַוואוסטזיין האָט מיט אַזאַ סטאַטוס פאַר די פרעמדע, מיט זייער ניט־פולשטענדיקער אינטעגרירטקייט אין עקאָנאָמישן לעבן פון דער אידישער געזעלשאַפט ניט געקאָנט שלום מאַכן; אַז דאָס געוויסן האָט געפאָדערט די אָפּשאַפונג אויך פון דעם דאָזיקן אָביעקטיוו־דיסקרימינאַטארישן מאָמענט, קאָנען מיר אַרויסלייענען ביי יחזקאל'ן. טרוימענדיק וועגן שיבת־ציון און אַ נייער חלוקה פון באָדן, זאָגט ער אָן זיינע פאָלקס־גענאָסן (מ״ז, כא־כג): „וחלקתם את הארץ הזאת לכם, לשבטי ישראל; והיה תפילו אותה בנחלה לכם ולהגרים הגרים בתוככם, אשר הולידו בנים בתוככם, והיו לכם כאזרח כבני ישראל; אתכם יפלו בנחלה בתוך שבטי ישראל, והיה בשבט אשר גר הגר אתו, שם תתנו נחלתו, נאום אדוני יהוה" — און אַז איר וועט אייך צעטיילן דאָס דאָזיקע לאַנד לויט די שבטים פון ישראל, איז, זאָלט איר עס אויסוואַרפן פאַר אַ נחלה צו אייך, און צו די פרעמדע וואָס וואוינען צווישן אייך, וואָס האָבן געבוירן קינדער צווישן אייך; און זיי זאָלן ביי אייך זיין אַזוי ווי איינגעבוירענע צווישן די קינדער פון ישראל; גלייך מיט אייך זאָל זיי פאַלן אַ נחלה צווישן די קינדער פון ישראל; און עס זאָל זיין, צווישן דעם שבט וואָס דער פרעמדער וואוינט ביי אים, דאָרטן זאָלט איר געבן זיין נחלה, זאָגט גאָט דער האַר.

## IV

די אידישע באַציאונג צו די דריי פאַרשיידענע קאַטעגאָריעס פרעמד־שטאַמיקע, אויף וויפל זי האָט זיך מאַניפעסטירט אין דער געזעצגעבונג, סאָציאַלע באַציאונגען און רעליגיעזן ריטואַל, קאָן, אַלזאָ, כאַראַקטעריזירט ווערן אויף פאָלגנדיקן אופן: דער איינציקער אָביעקט פון אידישן שאָוויניזם

זיינען געוועז די „זיבן פעלקער״, פון וועלכע די אידן האָבן „צוריקגעקראָגן״ זייער ירושה, דאָס אידישע לאַנד (צו די שבעת העממים דאַרף מען נאָך צורעכענען אויך עמלק׳ן, וועלכער האָט, צוליב שוין דערמאָנטע היסטאָריש־פּסיכאָלאָגישע סיבות, אַרויסגערופן ביי אידן אַ באַזונדערס טיפע אַנטיפּאַטיע). דער שטאַרקער האַס, וואָס אידן האָבן אַרויסגעוויזן צו דער איינגעבוירענער באַפעלקערונג פון כנען, האָט אָבער אויך גאָרניט געהאַט צו טאָן מיט וועלכע ניט איז ראַסן־מאָטיוון. פון איין זייט, איז דער דאָזיקער האַס אַרויסגערופן געוואָרן פון דער אַנטשלאָסנקייט איינמאָל פאַר אַלעמאָל אָקופּירן דאָס „פאַר־שפּראָכענע״ לאַנד און אויף שטענדיק סטאַביליזירן דאָרט אידישע הערשאַפט קעגן דעם ווילן פון די אַלטע איינוואוינער; פון דער אַנדערער זייט, איז ער געשפּייזט געוואָרן פון דער שטרעבונג אויסצוראָטן אין לאַנד די לאָקאַלע עבודה־זרה׳ס, אויסצוואוואָרצלען די „טומאת הגויים״ אין גאָט׳ס לאַנד.

אַ סך מער אוניווערסאַליסטיש איז געווען די אידישע באַציאונג צו ראַסן־פרעמדע איינוואוינער פונם לאַנד, וואָס זיינען אַהין געקומען פון חוץ־לארץ. די דיסקרימינאַציעס קעגן זיי זיינען געווען, מערסטנטיילס, אַן אָביעקטיווער רעזולטאַט אי פון דער עקאָנאָמישער סטרוקטור פונם לאַנד, אי פון די גרויסע רעליגיעזע אונטערשיידן צווישן אידן און די „גרים ותושבים״, וואָס האָבן זיך ניט מל געווען און האָבן זיך ניט פולשטענדיק אידענטיפיצירט מיטן אידישן גלויבן און לעבנסשטייגער. אויב מיר זאָלן פאַר דעם זוכן אַנאַלאָגיעס אין דער נייער געשיכטע, זיינען די דאָזיקע דיסקרימינאַציעס אַ סך ענלעכער, לאָמיר זאָגן, צו די רעכט־באַשרענקונגען פון פּראָטעסטאַנטן אין אַ קאַטויליש לאַנד, אָדער פאַרקערט, פון קאַטאָליקן אין אַ פּראָטעסטאַנטיש לאַנד וואו קירך איז ענג פאַרבונדן מיטן שטאַט, איידער צו דיסקרימינאַציעס פון ווייסע קעגן נעגער אויפן גרונט פון אַ ראַסן־פּרינציפּ. אויב זיי האָבן זיך מל געווען און גענומען אויף זיך דעם מינימום פון ריטואַלע מצוות, האָבן זיי אין משך פון עטלעכע דורות געקאָנט פולשטענדיק אינטעגרירט ווערן אין אידישן סאָציאַלן אָרגאַניזם און זייער עטנישער אָפּשטאַם האָט זיי דאָ גאָרניט געקאָנט שטערן. אין דער תלמודישער עפּאָכע איז זייער גלייכ־ווערטיקייט פאָרמולירט געוואָרן אויף אַ קלאָרן אופן: „ומפרנסין עניי גויים עם עניי ישראל, ומבקרין חולי גויים עם חולי ישראל וקוברין מתי גויים עם מתי ישראל״ (גטין ס״א) — מען שפּייזט גוי׳אישע אָרעמעלייט צוגלייך מיט אידישע אָרעמעלייט, און מען איז מבקר־חולה קראַנקע גויים צוגלייך מיט קראַנקע אידן און מען ברענגט צו קבורה גוי׳אישע מתים צוגלייך מיט אידישע מתים. אָבער אַ סך בולט׳ער האָט זיך די אידישע אוניווערסאַליסטישע טענ־דענץ אויסגעדריקט אין דער באַציאונג צו די אומות־העולם בכלל — צו פעלקער וואָס לעבן, אין זייערע אייגענע לענדער און שטעלן מיט זיך ניט

פאַר, אין מער אָדער ווייניקער נאָרמאַלע צייטן, קיין געפאַר פאַר דעם אי־דישן קיום און זעלבסטשטענדיקייט.

אין דעם צוזאַמענהאַנג איז אינטערעסאַנט צו פאַרגלייכן די אידישע מענטאַליטעט, אויף וויפל זי שפיגלט זיך אָפּ אין תנ״ך און אין דער תלמודישער ליטעראַטור, מיט געוויסע מאַניפעסטאַציעס פונם גריכישן אתה־בחרתנו־געפיל. ניט־אידן זיינען פאַרן אידישן באַוואוסטזיין געווען „גויים״ אָדער „עכום״ — געצנדינער, וואָס גלויבן נאָך אַלץ אין עבודה־זרה׳ס, אין וועלכע אידן גופא האָבן אַמאָל געגלויבט. דערוויַיל זיינען זיי נאָך אַלץ „גויים״, אָבער זיי זיינען אַלע „קאַנדידאַטן״ אויף צו ווערן אידן (אין רעליגיעזן זין). גויים זיינען צוריקגעשטאַנענע מענטשן, אָבער ניט פון געבורט פאַרדאַמטע. אין דער זעלביקער צייט איז אָבער דער „באַרבאַר״ פאַרן גריכישן באַוואוסטזיין מערסטנטייל געווען איינער, וואָס איז ביאָלאָגיש און אַבסאָלוט מינדערווערטיק. דער גריכישער סופּעריאָריטעטס־געפיל איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז ער האָט געהאַט זיין השפעה אַפילו אויף דעם בעסערן און נאָבעלערן טיפּ העלעניזירטע אידן. אויך פאַר פילאָנען איז אַ מענטש וואָס רעדט ניט קיין גריכיש אַ פּרא־אדם, אַ „באַרבאַר״, אָבער פאַר דעם אידישן פילאָזאָף פון אַלעקסאַנדריע האָט דאָס געקאָנט מיינען, אַז ווער עס איז אַן עם־הארץ אין גריכיש האָט ניט קיין צוטריט צו די מקורות פון וויסנשאַפט און פילאָזאָפיע, וואָס זיינען אין יענעם פּעריאָד געווען הויפּטזעכלעך גריכישע. פאַר אַריסטאָטעלעס׳ן האָט אָבער אַ „באַרבאַר״ געמיינט ניט בלויז אַ ניט־ציוויליזירטער, אַ נאָך ניט דורכגעדרונגענער מיט דער איינציקער ציוויליזאַציע, וואָס ער האָט באַטראַכט פאַר ווערטפול. ביי אים ווערט די מענטשהייט פאַנאַנדערגעטיילט אויף נאַטירלעכע מייסטער און נאַטירלעכע שקלאַפן, אויף פעלקער וואָס זייער מיסיע איז צו הערשן און אַזעלכע וואָס זייער אייביקער שיקזאַל איז באַ־הערשט צו ווערן, אויף פאָראויסבאַשטימטע צו זיין ציוויליזירט און אויף פאַראורטיילטע צו בלייבן רוי. ישעיה׳ס וויזיע פון אַלגעמיינער פאַרברידע־רונג „באחרית הימים״, פון אייביקן פרידן אויפן יסוד פון קעגנזייטיקער ליבע און גלייכווערטיקייט פון אַלע ראַסן און פעלקער, איז אַזאַ גייסט ווי אַריס־טאָטעלעס׳ן (און ניט בלויז אים אַליין אין דער פילאָזאָפישער גריכנלאַנד) געווען פרעמד. די סאָפיסטן זיינען, אָפּגעזען פון אַלע זייערע אינטעלעקטועלע און אַנדע־רע חסרונות, געווען די ערשטע אין גריכנלאַנד וואָס האָבן אָנגעפאַנגען פּרעדיקן די אָרגאַנישע גלייכקייט פון אַלע מענטשן, ניט קוקנדיק אויף די פילע פונק־ציאָנעלע אומגלייכקייטן צווישן זיי. קיין גרויסן איינפלוס אויף דער סאָציאַ־לער וועלט־אָנשויאונג פון זייער צייט האָבן זיי אָבער ניט געהאַט. אַ סך מער פאַרוואָרצלט אין פאָלקס־באַוואוסטזיין איז געווען דער אַריסטאָטעליאַ־נישער ראַסיזם, לויט וועלכן די אונטערשיידן אין כאַראַקטער און אין דער

מדרגה און וועזן פון קולטור צווישן די פאַרשיידענע ראַסן זיינען „באַשטימט געוואָרן“ פון גאָט, אָדער פון דער נאַטור. ראַסן־קאָנפליקטן ווערן אויסגע־טייטשט ניט היסטאָריש אָדער סאָציאָלאָגיש, נאָר גאָר נאַטורוויסנשאַפטלעך. זייערע סיבות געהערן צו דער „אייביקער אָרדענונג“, און אַ סוף וועט קומען צו אַלע מלחמות, ווען די פעלקער וועלן אָנערקענען יעדערער זיין סטאַטוס אין דער וועלט און איינמאָל פאַר אַלעמאָל שלום מאַכן מיט אים, — אַנדערש גערעדט, ווען די „מינדערווערטיקע“ ראַסן וועלן מיט זייער גוטן ווילן אָדער מיט הכנעה צו זייער שיקזאַל זיך אונטעראָרדענען אונטער די „סופּעריאָרע“ ראַסן. אין זיין טראַקטאַט „וועגן קאָלאָניעס“ ציט אַריסטאָטעלעס די אויפ־מערקזאַמקייט פון אַלעקסאַנדער דעם גרויסן אויף די סכנות פון ראַסן־מישונג. ער קריטיקירט דאָרט די פּאַרזוכן פונם וועלט־דעראָבערער איינצופירן אַ גלייכן פּאָליטישן סטאַטוס פאַר די פאַרשיידענע ראַסן פון דער אימפּעריע און באַמיט זיך צו באַווייזן, אַז בלויז גריכן דאַרפן רעגירט ווערן אויף אַ קאָנסטי־טוציאָנעלן אופן, בשעת ניט־גריכן, אַלס „נידעריקערע ברואים“, דאַרפן זיין אונטערוואָרפן אַ דעספּאָטישן רעזשים. אַ ראַסן־טעאָריע פון אַזאַ כאַראַקטער און פון אַזאַ אַקצענטירונג קאָנען מיר, אויב עס זאָל דאָ וויכטיק זיין אַ פאַרגלייך צווישן אידנטום און גריכנטום, ניט געפינען אין דער גאַנצער אידי־שער ליטעראַטור.*) הינטער אַלע סופּעריאָריטעטס־געפילן וואָס אידן האָבן אין זיך קולטיווירט, איז פונדעסטוועגן אַפילו דעם סאַמע שאָוויניסטישן אידן ניט געווען פרעמד יענער אוניווערסאַליסטישער בליק, וואָס האָט געפונען זיין אויסדרוק ביי ר׳ מאיר׳ן (סנהדרין ל״ח): „אדם הראשון מכל העולם הוצבר עפרו“ — דער שטויב, פון וועלכן דער רבונו של עולם האָט אויסגעפורעמט דעם ערשטן מענטשן, איז גענומען געוואָרן פון דער גאַנצער וועלט. דער פאַקט, אַז גאָט האָט באַשאַפן בלויז איין מענטשן, פון וועלכן אַלע מענטשלעכע ברואים, עד סוף כל הדורות, זאָלן אַרויסקומען, איז ניט צופעליק אויסגע־טייטשט געוואָרן ביי אידן אַלס אַן אָנווייז אויף דער גלייכבאַרעכטיקונג און גלייכווערטיקייט פון יעדן איינצלנעם מענטשלעכן אינדיווידיואום: „לפיכך כל אחד ואחד חיב לומר: בשבילי נברא העולם“ (סנהדרין ל״ז) — דערפאַר איז יעדער איינצלנער מחויב צו זאָגן „די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן פון מיינעטוועגן“. אויב אַריסטאָטעלעס׳עס ראַסן־טעאָריע האָט אין גריכנ־

*) אין דעם צוזאַמענהאַנג איז כדאי זיך צו דערמאָנען אָן דער געזעצגעבונג פון אַטען אין פּעריקלעס׳עס צייטן. עס ווערט געוויינלעך באַהויפּטעט, אַז אין קלאַסישן אַלטערטום האָט זיך דער דעמאָקראַטישער אידעאַל אין ערגעץ ניט פאַרקערפּערט אין אַזאַ ברייטער מאָס ווי אין אַטען אונטער פּעריקלעס. אָבער גראָד דאָרט האָט געהערשט אַ געזעץ, לויט וועלכן נאָר זין פון אַן אַטענער פאָטער, וואָס איז געווען אַ בירגער, און פון אַן אַטענער מוטער האָבן געקאָנט ווערן בירגער. געמישטע הייראַטן מיט ניט־אַטענער זיינען דאָרט געווען פאַרבאָטן.

לאַנד אַרויסגערופן קעגנערשאַפט הויפּטזעכלעך מצד סאָפּיסטן, איז זי ביי אידן אומדירעקט (אָן וועלכער ניט איז רעפערענץ צום פילאָזאָף פון סטאַגיראַ) קרעפטיק אָפּגעלייקנט געוואָרן מצד די גרעסטע אויטאָריטעטן פון פאָלק — דורך יענעם אַנאָנימען קאָלעקטיוו, וואָס טראָגט אין תלמוד דעם נאָמען „חכמים". „שנו חכמים: אדם יחידי נברא. ומפני מה? מפני הצדיקים ומפני הרשעים, שלא יהיו הצדיקים אומרים: אנו בני צדיק, ורשעים אומרים: אנו בני רשע. דבר אחר: מפני המשפחות, שלא יהו המשפחות מתגרות זו בזו; ומה עכשיו שנברא יחידי — מתגרות, אם נבראו שנים על אחת כמה וכמה" (סנהדרין ל"ח) — די חכמים האָבן געלערנט: דער מענטש איז באַשאַפן געוואָרן אַן איינציקער. פאַרוואָס? מחמת די צדיקים און מחמת די רשעים, אַז די צדיקים זאָלן ניט זאָגן: מיר שטאַמען פון אַ צדיק, און די רשעים זאָלן ניט זאָגן: מיר שטאַמען פון אַ רשע. אַן אַנדער דערקלערונג: מחמת די משפחות, אַז משפחות זאָלן ניט שטרייטן איינע מיט די אַנדערע; מה־דאָך איצטער (ווען מען ווייסט) אַז ער איז באַשאַפן געוואָרן אַן איינציקער — שטרייטן זיי איינע מיט די אַנדערע, ווען עס וואָלטן (לכתחילה) באַשאַפן געוואָרן צוויי מענטשן, וואָלטן זיי דאָך אַוודאי געשטריטן צווישן זיך...

## V

עס האָט איצטער ווייניק זין זיך לאַנג אָפּצושטעלן אויף דער פראַגע, אין וועלכער מאָס דאָס באַוואוסטזיין, אַז אידן שטייען העכער — אין רעליגיעז־מאָראַלישער בחינה — פון די אומות־העולם איז געווען אָביעקטיוו באַרעכטיקט. די קולטורן פון דעם ווייטן מזרח (די כינעזישע, די אינדישע) זיינען אידן אין אַלטערטום זייער ווייניק געווען באַקאַנט. און וואָלטן זיי אפילו געווען מער אינפאָרמירט וועגן זיי, ווער ווייס וואָס פאַר אַן איינדרוק זיי וואָלטן אויף זיי געמאַכט. קאָנפוציוס און זיין לערע זיינען שוין געווען אַ פּראָדוקט פון אַן עלטערער ציוויליזאַציע מיט איר דאָזע פון אומפאַרמיידלעכן סקעפּטיציזם, אינטעלעקטואַלער רעזערווירטקייט און הומאָר פון איבעררייפקייט, כדי צו אימפּאָנירן אַ פאַרהעלטניסמעסיק יונגן, טעמפּעראַמענטפולן פאָלק, וואָס געפינט זיך ערשט אין דער סטאַדיע פון זעלבסט־פאָרמירונג. און וואָלטן אידן געוואוסט וועגן בודיזם, וואָלטן זיי, קודם־כל, ניט געווען מסוגל תופס צו זיין די ביז היינט אומפאַרגלייכלעכע אַרכיטעקטאָניק פון זיינע וואַגנדיקע אַבסטראַקציעס, די שטרענגע אָפּגערונדעטקייט פון זיין מעטאַפיזישן בנין, און, צווייטנס, וואָלט זיין פאַטאַליזם און אַלץ אַרומנעמענדיקער פּעסימיזם ניט געקאָנט אַרויסרופן קיין סימפּאַטעטישן אָפּקלאַנג אין אַ יונג פאָלק מיט ברויזנדיקע ליידנשאַפטן, וואָס זאָגט אָן אַן ענערגישן „יאָ" צו דער וועלט, צו אירע פריידן און צו אירע אויפשטייג־מעגלעכקייטן. זיי וואָלטן, אַחוץ דעם, בערך שנעל

אַנטדעקט די מאוים׳דיקע דעגענעראַציע פון בודיזם — זיין אַראָפּפאַלן פון די גייסטיק־אַריסטאָקראַטישע הויכן, אויף וועלכע ער האָט זיך אויפ־געשוואונגען, צו דער מדרגה פון אַ נייער און גאַנץ גראָבער געצנדינעריי אין קאָנקרעטן לעבן פון פאָלק, אָט צו יענער מדרגה, פון וועלכער די מערהייט פון די בודיסטיש באַאיינפלוסטע פעלקער האָבן זיך נאָך ניט ווידער אויפגע־הויבן אַפילו אין אונזער צייט. אָבער אַלץ איינס: סיי כינע און סיי אינדיע האָבן פאַר זיי עקזיסטירט ווי אויף אַן אַנדער פּלאַנעט, און דאָס באַוואוסטזיין פון די פעלקער אין יענעם טייל פון דער וועלט, מיט וועלכן די אידן האָבן געהאַט אַ לעבעדיקן קאָנטאַקט, איז פונם ווייטן מזרח כמעט ניט באַרירט געוואָרן. די וועלט וואָס אידן האָבן פאַר זיך געזען איז געווען קודם־כל די סעמיטישע, אויך מצרים און פּערסיע, און שפּעטער גריכנלאַנד און רוים. האָבן זיי געהאַט אַ גרונט ביי זיך אין די אויגן אַראָפּצופאַלן, פאַרגלייכנדיק זיך מיט די דאָזיקע פעלקער?

מאָדערנע סעמיטאָלאָגן מעגן זיך פּשט׳לען וויפל זיי ווילן, כדי אַריינצו־לייענען רמזים פון מאָנאָטעאיזם אין דער ניט־אידישער אַלט־סעמיטישער ליטעראַטור. זיי מעגן אפילו אין איר אַנטדעקן דעם אויפבליץ פון אַן עכט מאָנאָטעאיסטישער תפיסה, איידער די אידייע פון דעם איין־און־איינציקן גאָט האָט אויפגעפלאַמט אין אידישן פאָלקס־באַוואוסטזיין. וויכטיק אָבער פאַר דער קולטור־געשיכטע איז ניט, אין וועמענס אינדיווידועלן מוח, אָדער פאַנטאַזיע, אָדער אינטואיציע דער אחדות־הבורא־געדאַנק האָט זיך צום ערשטן מאָל „אַנטפּלעקט". אויב אַזאַ אידייע האָט אויף אַ קורצער ווייל אַ שיין געטאָן אין עמעצנס אַ געניאַלן גייסט און איז נאָכדעם שנעל נעלם אָדער אויסגעלאָשן געוואָרן, איז דאָס אַ זייער וויכטיקער ביאָגראַפישער מאָמענט אין לעבן פונם אינדיווידועלן טרעגער פון יענעם געניאַלן גייסט, אָבער קיין היסטאָרישע באַדייטונג האָט דאָס ניט. אָנגענומען, אַז דער ערשטער מאָנאָ־טעאיסט (פאַר אונזער צוועק האָט דאָ ניט קיין זין צו פּאָלעמיזירן וועגן דעם מיט פרויד׳ן און מבטל צו זיין די ספּעקולאַציעס אין זיין משה־פאַרשונג) איז געווען, ווי אייניקע ווילן אָננעמען, אַכנאַטאָן, און ניט משה רבנו אָדער גאָר אברהם אבינו — איז אָבער דער מאָנאָטעאיזם פונם עגיפּטישן קעניג געווען ניט מער ווי אַן עפּיזאָד, אַ גליקלעכער „אַקצידענט" אין לעבן פון אַן אינדיווידואום, און אפשר נאָך אין דער גייסטיקער ביאָגראַפיע פון אַ קליינער צאָל נאָכפאָלגער — ניט מער. דאָס דענקען, פילן און לעבן פון מצרים האָט יענער „אַקצידענט" מיט זיך ניט אָנגעצונדן, און די נשמה פון פאָלק איז דערפון ניט באַפרוכפּערט געוואָרן. פאַרן באַוואוסטזיין פון אידן איז די אידייע פון אחדות־הבורא געווען אַ אידישע, ווייל נאָר ביי אידן, האָבן זיי געוואוסט, האָט זי אָנגעהויבן שלאָגן וואָרצלען אין פאָלק, און פון דער דאָזיקער אידייע

האָט זיך ביי אים אָנגעפאַנגען אַן אויסשטראַלונג פון אַ נייער עטיק אַלס אַ דינאַמישער נוסח אין קאָלעקטיוון לעבן. אברהם אבינו, וואָס ווערט אין דער אידישער טראַדיציע באַטראַכט פאַרן ערשטן מאָנאָטעאיסט, האָט לויט זיין יחוס אפשר אויך ניט געהערט צו דעם אָריגינעלן העברייאישן שטאַם (די „קאָפּיראַיט" אויף דער אחדות־הבורא־אידייע קאָן, אַלזאָ, אויך לויט אידישער טראַדיציע, געהערן צו אַ מענטשן פון אַן אַנדער „ראַסע"), אָבער וויכטיק איז געווען וואָס „נפשות" פאַר זיין נייעם גלויבן האָט ער געמאַכט הויפּטזעכלעך צווישן העברייער. ווער עס איז, אינדיווידועל, געווען דער אַנטדעקער פון דער אידייע, איז אין תוך אַן אַרכעאָלאָגישע פראַגע; אַ היסטאָרישער פאַקט איז יענע גרופּע אָדער ערשטער קאָלעקטיוו, צו וועלכן די אַנטדעקונג האָט זיך צוגעקלעפּט. און צוגעקלעפּט האָט זי זיך אין אַלטער־טום בלויז צו אידן, און נאָר ביי זיי איז זי געוואָרן דער פּאַטאָס פון זייער פאָלקסלעבן. אַפילו מיר זאָלן אָננעמען די טעאָריע, אַז אויך דער אידישער גאָט איז אין אָנפאַנג געווען מער אַ שבט־גאָט, איידער דער אוניווערסאַלער הערשער פון דער גאַנצער וועלט — אַז ער איז אין דער ערשטער סטאַדיע געווען ניט דער איין־און־איינציקער גאָט, ווייל אויך די געטער פון די אומות העולם זיינען געווען לעבעדיקע רעאַליטעטן, יעדער אין זיין עטנישן קרייז — איז אָבער דערדאָזיקער שבט־גאָט געווען דער ווירקזאַמסטער און דער הייליקסטער צווישן די געטער, און זיין פּרינציפּיעלע אַלמעכטיקייט (ווייל פריער־שפּעטער האָט ער דאָך געזאָלט פאַרניכטן אַלע איבעריקע געטער פון אַנדערע שבטים און פעלקער) האָט שוין ממילא, פּאָטענציעל, געטראָגן אין זיך אַלע עלעמענטן פון אייניקייט, איינציקייט און אוניווערסאַלקייט.

מיט גריכן האָבן זיך אידן באַגעגנט אין זייערע סאָציאַל־קולטורעלע קאָנטאַקטן שפּעטער ווי מיט זייערע סעמיטישע בלוט־ברידער, אָדער ווי מיט מצרים און כוש. אָבער אויך גריכנטום אַלס פאָלקס־רעליגיע און לעבנס־שטייגער האָט ביי זיי ניט געקאָנט אַרויסרופן קיין אינפעריאָריטעט־געפילן, טראָץ דער צויבער־השפּעה וואָס געוויסע עלעמענטן פון העלעניזם האָבן אין באַשטימטע פּעריאָדן אויסגעאיבט אויף די סאָציאַל־העכערע שיכטן פון פאָלק. ווען אידן וואָלטן אפילו געווען באַקאַנט מיט די וואַגנדיקע מעטאַפיזישע ספּעקולאַציעס פון די „פאַר־סאָקראַטיקער" (און וויפל זיינען עס געווען אין גריכנלאַנד גופא מענטשן וואָס זיינען מיט זיי געווען באַקאַנט און זיינען מסוגל געווען זיי תופס צו זיין?), וואָס פאַר אַן איינדרוק וואָלטן זיי אויף זיי געקאָנט מאַכן? די פאַר־סאָקראַטיקער האָבן, אמת, געזוכט אין דער וועלט איינהייט, אַן אור־עלעמענט און אַן אור־פּרינציפּ; זייער טענדענץ איז אָבער געווען אויסצוגעפינען אַ מאָניסטישן „וואָס" (ערד, וואַסער, פייער, לופט), ניט קיין מאָניסטישן „ווער". די טענדענץ צו מאָניסטישן אַטעאיזם וואָלט ניט

געקאָנט לעשן דעם אידישן דורשט נאָך מאָניסטישן טעאיזם. און וואָס פאַר אַ השפּעה, מעג מען פרעגן, וואָלטן געקאָנט אויף זיי האָבן די געניאַלע מעטאַפּי־זישע ספּעקולאַציעס פון אַ פּלאַטאָן, ווען זיי וואָלטן אַפילו מיט זיי געווען באַקאַנט? (וויפל אייגנטלעך זיינען געווען מענטשן אין גריכנלאַנד גופא, אין די גאָלדענסטע טעג פון איר גאָלדענער עפּאָכע, וואָס זיינען מיט פּלאַטאָן געווען באַקאַנט און זיי זיינען מסוגל געווען זיין געדאַנקנגאַנג תופס צו זיין? און וויפל, מעג מען פרעגן, זיינען אַפילו היינט פאַראַן אייראָפּייער און אַמע־ריקאַנער וואָס זיינען פּיאיק צו זען און אָפּצושאַצן אַפילו די אַלגעמיינע קאָנ־טורן פון זיין פילאָזאָפישן בנין?). אין קאָנטעקסט פון גריכישן גייסטיקן פאָלקס־לעבן איז אויך פּלאַטאָן געווען אין אַ גרויסער מאָס אַן „עפּיזאָד”, און וואָס עס איז שייך די קאָנקרעטע רעליגיעזע פאָרשטעלונגען פון פאָלק, האָבן זיי אויף אידן, וואָס האָבן זיך מיט זיי באַקאַנט, געמוזט מאַכן אַן איינדרוק פון כאַאָס און ווילקיר — גראָד פון דעם, וואָס אידנטום האָט פון אָנפאַנג אָן לײדנשאַפטלעך געזוכט צו באַזייטיקן פון זיין וועלט־באַנעם.

דער גריכישער מיטאָלאָגיע איז ניט געלונגען די וועלט צו „אָרגאַניזירן”, פאַרוואַנדלען זי אין אַן איינהייט, אין אַן אמת'ן קאָסמאָס. דער אָלימפּ איז גע־ווען באַפעלקערט מיט צופיל געטער, וואָס ניט זיי האָבן געוואָלט און ניט זיי האָבן געקאָנט איינפירן צווישן זיך האַרמאָנישע באַציאונגען. עס האָבן אויף אים געלעבט צופיל אוממאָראַלישע געטער וואָס האָבן אויסגעאיבט אַן אומ־מאָראַלישע השפּעה אויפן מענטשן. דער קעגנשטאַנד, למשל, פון האָמער'ס איליאַדע (און ווען מען רעדט וועגן גריכישער פאָלקס־קולטור איז דאָך, סוף־כל־סוף, וויכטיק האָמער, ניט סאָקראַטעס אָדער פּלאַטאָן, אָדער די טראַגישע און איינזאַמע דענקער פון פאַר סאָקראַטעס'ן) איז דער צאָרן פון אַכילעס און די אומגליקן וואָס דער דאָזיקער צאָרן האָט געבראַכט אויפן פאָלק. דער צאָרן פון אַכילעס איז אַרויסגערופן געוואָרן פונם קעניג אַגאַמעמנאָן וואָס האָט אים אומגערעכט באַהאַנדלט. אָבער ווי אַזוי דערקלערט אַגאַמעמנאָן אַליין זיין אומגערעכטע האַנדלונג? „ניט איך”, זאָגט ער, „בין די סיבה, נאָר צעאוס, און עריניס וואָס איז אַרומגעגאַנגען אין דער פינסטערניש; זיי האָבן אַריינ־געגעבן אין מיין נשמה אַ שרעקלעכן טירוף אין יענעם טאָג ווען איך, אַפילו איך, האָב באַרויבט אַכילעס'ן פון זיין שכר. וואָס האָב איך געקאָנט טאָן? גאָט איז עס געווען דער, וואָס האָט דאָס אַלץ געטאָן” (דאָס ניינצנטע בוך פון דער איליאַדע, פערזן 86־90). פאַר אַ אידן האָט דאָס געדאַרפט קלינגען אומגעפער אַזוי, ווי ווען אדם הראשון וואָלט געזאָגט, אַז גאָט האָט אין אים אַריינגעגעבן אין דער נשמה דעם פאַרברעכערישן חשק צו געניסן פון דער פאַרבאָטענער פרוכט, אָדער ווי קין וואָלט זיך פאַרענטפערט, אַז דער רבונו של עולם אַליין האָט אים אָנגעהויבט מיט רציחה־גלוסט צו הרג'ענען

הבל׳ען. אין אַן אַנדער שטעלע ביי האָמער׳ן (דאָס 19טע בוך פון דער איליאַדע, פערזן 270־274) באַשטעטיקט אַכילעס גופא אַגאַמעמנאָנ׳ס דערקלערונג: „פאָטער צעאוס, עס איז ריכטיק, אַז פיינפולן טירוף האָסטו אָנגעשיקט אויף מענטשן. קיינמאָל וואָלט דער זון פון אַטרעאוס (אַגאַמעמנאָן) ניט געקאָנט אויפטרייסלען די נשמה אין מיין ברוסט אָדער אכזריות׳דיק אָוועקפירן די יונגפרוי קעגן מיין ווילן, ווען צעאוס וואָלט ניט געוואָלט, אַז טויט זאָל טרעפן פיל פון די אַכעיאַנער“. אַ גאָט, וואָס איז ניט די העכסטע אינסטאַנץ פון מאָראַלישן ווילן און די העכסטע סאַנקציע פאַר גוטע מעשים, האָט געמוזט אָפּשטויסן פון זיך יעדן אידן, פאַר וועלכן זיין באַשעפער איז שוין געווען די פאַרקערפּערונג פון אַלץ, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר עטיש גוט.

דער גריכישער מיטאָלאָגישער רעליגיע האָט אויך געפעלט די איבער־צייגונג אין גאָט׳ס עכטער אַלמעכטיקייט, און אָן אַזאַ אַלמעכטיקייט איז פאַרן אידישן באַוואוסטזיין ניט געווען קיין פּלאַץ אויך פאַר גאָט׳ס מאָראַלישער שלימות: ווער עס איז ניט אַלמעכטיק קאָן ניט זיין אַל־גערעכט, אַל־גיטיק, „הייליק“. אמת, איינער פון די גריכישע געטער איז דער מלך פון אַלע זיינע „קאָלעגן“ און אונטערגעאָרדנטע, און ס׳זיינען היינט פאַראַן פאָרשער, וואָס ווילן זען אינם צעאוס־באַגריף אַ מין וואַריאַנט פון מאָנאָטעאיזם. אָבער אויך צעאוס׳ ווילן האָט קראַפט זיך דורכצוזעצן אין דערווירקלעכקייט בלויז אין דער מאָס, אין וועלכער ער פאַלט צוזאַמען מיט אַ נאָך העכערער און אַבסאָלוט אומבויגזאַמער מאַכט — פאַטום, שיקזאַל, אָדער, ווי גריכן האָבן עס גערופן, „מוירא“. ווען צעאוס׳ באַליבטסטער זון, סאַרפּעדאָן, ראַנגלט זיך קעגן פּאַטראָקלאָס׳ן, ווייס ער, דער העכסטער פון אַלע געטער, אַז סאַרפּעדאָן מוז, לויט דעם אורטייל פון שיקזאַל, באַזיגט ווערן און שטאַרבן. ער לעבט איבער אַ שווערן קאָנפליקט צווישן זיין פאָטערלעכער ליבע און דער „רוע הגזירה“ פון שיקזאַל, וואָס ער מוז אָננעמען, און הערא מוז אים דערמאָנען אָן זיין פליכט זיך דעם שיקזאַל אונטערצואָרדנען. „דער פאָטער פון די געטער און מענטשן“, דערציילט אונז די איליאַדע (פערצנטער בוך, פערזן 439־461), „האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט צו איר. ער האָט געגאָסן בלוטיקע רעגן־טראָפּנס אויף דער ערד און דערמיט אָפּגעגעבן כבוד זיין באַליבטן זון, וועמען פּאַטראָקלאָס האָט גלייך געזאָלט הרג׳ענען. צעאוס׳ „אַלמעכטיקייט“ איז ווירק־זאַם בלויז דעמאָלט, ווען עס איז ניט פאַראַן קיין שום סתירה צווישן זיין ווילן און דער קאַטעגאָרישער באַשטימונג פון שיקזאַל. פאַרן אידישן רעליגיעזן באַוואוסטזיין האָט דאָס געמוזט קלינגען ווי פּאָקטישע מאַכטלאָזיקייט. אויב עס איז פאַראַן אין דער וועלט עמעצער אָדער עפּעס וואָס איז מעכטיקער פון גאָט, איז דער גאָט קיין גאָט ניט, איז גאָר יענער עמעצער אָדער „עפּעס“ דער אמת׳ער גאָט, וואָס ווירקט דורך צעאוסעס „ווילנלאָזן ווילן“. אויב גאָט איז

אונטערגעאָרדנט דעם שיקזאַל, איז שיקזאַל דער אמת׳ער הערשער איבער דער וועלט. אָבער וואָס איז שיקזאַל? אַ קראַפט וואָס איז אַ סך מער אומפּאַר־שטענדלעך איידער גאָט און, דער עיקר, אַ קראַפט וועלכער עס ווערן ניט צוגעשריבן קיין מאָראַלישע אַטריבוטן. אין דער תלמודישער עפּאָכע האָבן זיך אידן, אין זייער רעליגיעזן פּאָלקלאָר, געקאָנט דערלויבן אַזאַ אַנטראָפּאָ־מאָרפיזם, ווי זיך פאָרצושטעלן, אַז דער רבונו של עולם אַליין איז „מעיין בתורה״ און פירט די וועלט און האַנדלט לויט אירע געבאָטן. דער זין פון אַזאַ פאָרשטעלונג האָט ניט געקאָנט זיין, אַז די תורה איז העכער פון גאָט. די תורה גופא האָט דאָך ער אַליין געגעבן — אידן, דער וועלט און, כביכול, „זיך גופא״ — און אויב ער „קוקט אין איר אַריין״, טוט ער עס ניט דערפאַר וואָס ער בויגט זיין ווילן צום ווילן פון דער תורה, גלייך זיי וואָלטן געקאָנט זיין צוויי פאַרשיידענע ווילנס, נאָר ווייל ער זוכט אויסצומיידן האַנדלונגען לויט קאַפּריזן, לויט „מאָמענטאַנע שטימונגען״, ווייל דורך דער תורה, וואָס איז די פאַרקערפּערונג פון זיין קאָנצענטרירטן ווילן, וויל ער זיך, „דערמאָנען״ וואָס ער וויל באמת, ניט וואָס עס „ווילט זיך אים״ אין אַ געגעבענעם מאָמענט. ווי אַנטראָפּאָמאָרפיש דאָס זאָל ניט קלינגען, אָבער גראָד אין אַזאַ אייגנאַרטיק־פאָלקסטימלעכער פאָרשטעלונג טריאומפירט אויף זיין אייגענעם אופן דער פּרינציפּ פון מאָראַלער געזעצמעסיקייט אין דער וועלט; דאָס אַליין איז, אַזוי צו זאָגן, אַ גאַראַנטיע, אַז קאַפּריז, בלינדער ווילן, צופאַל און מאָראַליש־גלייכגילטיקער שיקזאַל האָבן אויף דער וועלט קיין שליטה ניט. „אין מזל לישראל״, אידן האָבן ניט געגלויבט, אַז כוכבים ומזלות באַשטימען דאָס וועלט־געשעען און דעם לעבנספאַרלויף פון מענטשן; זיי האָבן אויך ניט געוואָלט גלויבן אין דעם אומזעבאַרן און מאָראַליש ניט־דיסקרימינירנדיקן מזל, וואָס איז געשטאַנען אין הינטערגרונט פונם גריכישן רעליגיעזן וועלט־באַנעם. די איינהייט פון דער וועלט און די איינהייט פון גאָט האָט פאַרן אידנ־טום געהאַט אַן ענגע פאַרבינדונג מיט דעם באַגריף פון אַן „עין צופיה״ — אַן אויג וואָס גיט אַכטונג אויף דער וועלט און טראָגט פאַר איר מאָראַלישע אחריות. השגחה אַנשטאָט גורל.

אַ סך אַ שטאַרקערע צוציאונגס־קראַפט האָט געקאָנט האָבן פאַר אידן אין אַלטערטום די פּערסישע רעליגיע, די וויזיע פון זאַראַאָסטער, וואָס האָט אין זיך אַנטהאַלטן אַן אייגנאַרטיקן מיסטישן ראַציאָנאַליזם און אַ טיפערן גלויבן אין מאָראַלישן תכלית פון דער וועלט. די לערע פון זאַראַאָסטער איז מסוגל צו מאַכן אויך אויפן היינטיקן מענטשן אַן אומגעוויינלעך שטאַרקן רושם שוין דערמיט אַליין, וואָס זי איז א טראַגישער פאַרזוך צו געבן אַ דערקלערונג פאַר דער צעריסנקייט פון דער וועלט, פאַרן עקזיסטירן פון גוטס און שלעכטס אין איינער און דער זעלביקער צייט. אָרמאַזד איז דער מקור

פונם אמת׳ן, ריינעם, געזעצלעכן, פריינדלעכן און גוטן, בשעת אַהרימאַן איז דער מקור פון אַלדאָס בייז. עס עקזיסטירן, אַזוי צו זאָגן, צוויי געטלעכע קרעפטן, און יעדע פון זיי זוכט צו קריגן פולע ממשלה איבער דער וועלט. די צוויי „געטער״ זיינען, לויט דער פּערסישער מיטאָלאָגיע, צווילינגס, אָבער די ברידער שטייען אין אַ שטענדיקן געראַנגל איינער מיטן אַנדערן. די דאָזיקע צוויי סעפּאַראַטע און קעגנזייטיק פיינטלעכע (כאָטש אויף אַ מיסטעריעזן אופן אויך „ברידערלעכע״) גייסטער פאַרמאָגן ביידע שעפערישע קראַפט, און די געשיכטע פון זייער געראַנגל איז די געשיכטע פון דער וועלט און פון אַלץ וואָס קומט אין איר פאָר. דער גרויסער עטישער ווערט פון דער דאָזיקער קאָנצעפּציע ליגט אין דער פאָרשטעלונג, אַז אַלע לעבעדיקע ברואים זיינען ניט בלויז עדות אָדער צושויער פון דעם דאָזיקן דראַמאַטישן דועל, נאָר אויך שותפים, אָנטיילנעמער אינם קאַמף גופא. דער מענטש געפינט זיך אין צענטער פון דער מלחמה, זיין נשמה איז אין אַ זייער גרויסער מאָס דער קעגנשטאַנד אָדער דער „פּראַנט״ פונם געראַנגל פאַר אַן אומגעטיילטער ממשלה צווישן די צוויי וועלט־קרעפטן. מיט זיין גאַנצן לעבן און וועזן, מיט זיינע גלויבנס און געפילן, סימפּאַטיעס און אַנטיפּאַטיעס, טאָן און ניט־טאָן, מיט זיינע מחשבות און כוונות, איז דער מענטש אַן אַקטיווער אַרויסהעלפער אָדער פאַר אָרמאַזדן אָדער פאַר אַהרימאַן. זיינע מצוות שטאַרקן אָרמאַזד׳ן, זיינע עבירות — אַהרימאַן. כאָטש דער אויסגאַנג פון דער דאָזיקער מלחמה איז באַקאַנט און זיכער (סוף־כל־סוף וועט אָרמאַזד ענדגילטיק באַזיגן זיין שונא און וועט ווערן דער איינציקער מושל איבער דער וועלט), וועט אָבער דער דאָזיקער רעזולטאַט ניט דערגרייכט ווערן אָן דעם מענטשנ׳ס „קאָאָפּעראַציע״. קיין העכערע און נאָבעלערע ראָלע האָט, דוכט זיך, קיין שום רעליגיע ביז אַהער דעם מענטשן ניט געגעבן. אָבער ניט געקוקט אויף דעם צוליבער וואָס אַזאַ לערע האָט געקאָנט האָבן פאַר פיינערע גייסטער אין אַלטערטום (און ניט נאָר אין אַלטערטום אַליין), האָבן אידן, ווען זיי האָבן זיך נעענטער באַגעגנט מיט דער פּערסישער קולטור, אַרויסגעשטעלט אַ שטאַרקן גייסטיקן ווידערשטאַנד קעגן די השפּעות פון זאָראָאַסטריאַניזם.

אידן זיינען שוין דעמאָלט געווען צו סענסיטיוו צו יעדער באַגרענעצונג פון גאָט׳ס אַלמעכטיקייט, און אין דער פּערסישער רעליגיע האָבן זיי געפונען אַ גאָט, וועמענס אמת׳ע מאַכט דאַרף ערשט קומען. ווייל אַהרימאַן, דער גאָט פון בייז און פינסטערניש, איז, לויט זאָראָאַסטער׳ס לערע, ניט נאָר אַ גרויסער בעל־השפּעה אויף דער וועלט, נאָר אויך טיילווייז אַ צווייטער בורא־עולם: אייניקע כוכבים און מזלות, ווי בעהראַם (מאַרס), קעוואַן (סאַטורן) און אַנדערע, זיינען גאָר פון אים באַשאַפן געוואָרן און ער האָט זיי באַפעלקערט מיט שדים און מזיקים. אַזאַ, כאָטש אין לעצטן אַנאַליז, צייטווייליקער, דואַליזם האָט גע־

מוזט אַרויסרופן אין אידנטום אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד, טראָץ דעם וואָס די הויכע מאָראַל פון זאָראָאַסטריאַניזם און די דינים פון טומאה וטהרה אין דער אַוועסטאַ און אין אַנדערע הייליקע שריפטן פון די פּערסער האָבן, זיכער, אַרויסגערופן ביי אידן ניט ווייניק סימפּאַטיע און באַוואונדערונג. אַ כאַראַק־טעריסטישע רעאַקציע פון אידישן מאָנאָטעאיזם אויף די פּערסישע פאַר־שטעלונגען פון „שתי רשויות״ (צוויי געטלעכע מאַכטן) זעען מיר ביי דעם גלות־נביא, וואָס ווערט היינט באַצייכנט אַלס ישעיה דער צווייטער. דער נביא טראָגט ניט אין זיין האַרץ קיין שנאה צו פּערסיע; פאַרקערט, ער זעט פאָראויס אַז דער פּערסישער מלך־חסד וועט אינגיכן ברענגען אידן די ישועה; כורש איז פאַר אים „אַ געזאַלבטער״ און „גאָט׳ס־פּאַסטוך״. ער דינט דעם אמת׳ן גאָט, כאָטש ער גיט זיך וועגן דעם קיין חשבון ניט אָפּ. דער נביא זעט אָבער די גרענעץ וואָס טיילט אָפּ דעם אידישן מאָנאָטעאיזם פונם פּערסישן דואַליזם און ווייזט ליידנשאַפטלעך אויף איר אָן: „אני יהוה ואין עוד, זולתי אין אלהים... למען ידעו ממזרח שמש וממערבה כי אפס בלעדי, אני יהוה ואין עוד; יוצר אור ובורא חושך, עושה שלום ובורא רע, אני יהוה עושה כל אלה״ (ישעיה מ״ה, ה־ז) — איך בין יהוה, און מער איז ניטאָ, חוץ מיר איז קיין גאָט ניט פאַראַן... כדי מען זאָל וויסן פון אויפגאַנג פון זון און פון איר אונטערגאַנג, אַז ניטאָ אויסער מיר; איך בין יהוה און מער איז ניטאָ. דער וואָס פורעמט ליכט און באַשאַפט פינסטערניש, מאַכט פרידן און באַשאַפט בייז; איך יהוה מאַך אַלדידאָזיקע״. דער נביא דערקלערט ניט אָדער האָט גאָרניט קיין דערקלערונג, פאַרוואָס און צוליב וואָס עס עקזיס־טירט פינסטערניש און בייז; ער ווייס אָבער, אַז קיינער האָט דאָס ניט גע־קאָנט באַשאַפן אַחוץ דעם איין און איינציקן גאָט, וואָס איז מיט זיין אַלייניקער עקזיסטענץ און וועזן די גאַראַנטיע פונם ליכטיקן און גוטן. אויב אַהרימאַן האָט געענוג כוח צו באַפעלקערן די ערד, ווי מיר לייענען אין דער אַוועסטאַ, מיט דראַקאָנען, מיט גיפטיקע שלאַנגען, מיט קראַנקהייטן און מגפות און אַפילו מיט אַכזריות׳דיקע קעניגן, איז ער „ממעט את הדמות״, פאַרמינערט ער די געשטאַלט פון אָרמאַזד׳ן, און שטעלט אַ שווערן פראַגע־צייכן איבער דעם ליכטיקן און גוטן אלס דעם אור־יסוד פונם וועלטזיין. אָר־מאַזד מוז אַפילו אָנקומען צו די זעלביקע טאַקטישע מיטלען, מיט וועלכע עס באַנוצט זיך אַ מלך בשר ודם. זעענדיק זיין שוואַכקייט שלאָגט ער פאָר אַהרי־מאַנ׳ען אַ וואָפנשטילשטאַנד אויף ניין טויזנט יאָר. אמת, ער איז זיכער, אַז נאָך די ניין יאָרטויזנטער וועט זיין קאָנקורענט שוין זיין אַזוי אָפּגעשוואַכט, אַז ער וועט מוזן באַזיגט און פאַרניכטעט ווערן. אָבער די עצם פאָרשטעלונג, אַז גאָט מוז אַ לאַנגן פעריאָד טאָלערירן די טיילווייזע ממשלה פון אַן אומגאָט און אַזאַ ממשלה אָנערקענען, האָט ביים אידנטום געמוזט אַרויסרופן אַ מעטאַ־

פיזישן ווידערווילן. דערצו דאַרף מען נאָך געדענקען, אַז ביידע, סיי אָרמאַזד און סיי אַהרימאַן, זיינען ניט דער אָנפאַנג פון אַלץ וואָס עס עקזיסטירט: ביידע זיינען זיי געבוירן געוואָרן. די אַוועסטאַ דערציילט אונז אויך וועגן אַנדערע וועזנס, וואָס זיינען ניט אָפּהענגיק פון אָרמאַזד׳ן און אַהרימאַנ׳ען: דער אומבאַגרענעצטער רוים און די אומבאַגרענעצטע צייט. אָרמאַזד האָט באַ־שאַפן זיין וועלט פון ליכט מיט דער הסכמה פון צערוואַן, וועלכער איז, הייסט עס, העכער פון אים און האָט געקאָנט מסכים זיין אָדער ניט־מסכים זיין. לויט שפּעטערדיקע ווערסיעס, איז צערוואַן דער, פון וועמען אָרמאַזד און אַהרימאַן זיינען אַרויסגעקומען. אָבער אויך ער איז ניט די אַבסאָלוט העכסטע קראַפט: ער איז מקריב קרבנות (וועמען?), ער צווייפלט און קווייקלט זיך, ער ווייסט ניט וואָס עס וועט פון אים געבוירן ווערן. לויט די פּאָפּולערע פאָר־שטעלונגען, דאַרף מען געדענקען, רופט אָרמאַזד אַרויס צום לעבן באַשע־פעניש דורך אַ מין פריה־ורביה. ער האָט אַ פרוי און דאָס איז זיין טאָכטער, אַרמאַאיטי, וואָס האָט אים געבוירן זין און טעכטער (מען קאָן זיך פאָרשטעלן וואָס פאַר אַן עקל דאָס האָט געדאַרפט אַרויסרופן ביי אידן מיט זייער באַציאונג צו „גילוי עריות״). אַטער (דאָס פייער) איז זיין זון און מיטראַ (די זון) איז זיין טאָכטער. זיין זון גאַיאָמאַרד שטאַרבט, שטאַרבנדיק באַפרוכפּערט ער מיט זיין זאָמען די אייגענע מוטער (!), און פון דעם ווערט געבוירן די ערשטע פּאָר מענטשן. נאָך וויכטיקער איז דער פאַקט, וואָס ניט ער באַשטימט דעם שיקזאַל פון גאַיאָמאַרד׳ן: דאָס איז גאָר אַ גזירה פון צעוואַרנ׳ען אָדער (לויט אַן אַנדער נוסח) פון די שטערן, און ווען אָרמאַזד ווערט קראַנק, קאָן ער זיך אַליין ניט אויסהיילן און ער מוז אָנקומען צו דער הילף פון אַנדערע געטער.

פון די רעליגיעס, מיט וועלכע די אידן האָבן זיך אין אַלטערטום באַגעגנט, איז די פּערסישע געווען אָמנאָענטסטן צו מאָנאָטעאיזם און, לויט אירע עטישע פּרינציפּן און ריטואַל, אַממערסטן צוציענדיק און אינספּירירנדיק פאַר אידן. אָבער אויך זאָראָאַסטריאַניזם איז פאַר זיי געווען פול מיט עבודה־זרה־עלעמענטן, אָנגעלאָדן מיט גייסטיקע און מאָראַלישע געפאַרן, טראָץ דעם וואָס זיי האָבן אפשר געפילט אין אים אַן ערנסטן אינעווייניקסטן געראַנגל פון דער פאָלקס־נשמה, וועלכע דאַרף פריער שפּעטער פירן צו דער אָנער־קענונג פון אחדות־הבורא.*) די נעמען וואָס דאָס שפּעטערדיקע אידנטום האָט

*) דער זאָראָאַסטריאַניזם האָט ניט געהאַט קיין כוח זיך אָפּצוגרענעצן פון די אָפּגעטער פון די אַרומיקע פעלקער. זיינע נאָכפאָלגער האָבן אַסימילירט אין זייער רעליגיעזן באַ־וואוסטזיין אַ טייל פון די סעמיטישע געטער, וועמען זיי האָבן דערקלערט פאַר אָרמאַזד׳ס אַרויסהעלפער אין זיין הייליקער מלחמה. די פּערסישע געטין פון קוואַלן און שטראָמען און פון יעטוועדער פּרוכטבאַרקייט, אַנאַהיטאַ, באַקומט מיט דער צייט אַ סך שטריכן פון דער בבל׳ישער עשתרת און ווערט שפּעטער די אינספּיראַציע פאַר טעמפּל־פּראָס־טיטוציע. דער מאָנאָטעאיזם האָט באַהערשט פּערסיע ניט דורך אַ ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון די מאָניסטישע טענדענצן אין זייער אייגענער רעליגיע, נאָר דורכן איסלאַם, אַ טאָכטער

געגעבן גאָט ווייזן אָן אויף דער טענדענץ, אָדער דער אַנטוויקלונגס־ליניע, אויף וועלכער זייער רעליגיעז באַוואוסטזיין האָט זיך באַוועגט פונם אָנהויב אָן. „רבונו של עולם״ — דער אַבסאָלוטער האַר פון דער וועלט, וואָס טיילט ניט מיט קיינעם זיין ממשלה אפילו אויף אַ ווייל; „מנהיגו של עולם״, דער פירער פון דער וועלט; „עתיקו של עולם״, דער אורעלטסטער פון דער וועלט, וואָס עס איז נישטאָ קיינער אָדער עפּעס וואָס האָט געקאָנט עקזיסטירן פאַר אים, ווייל ער איז דער „מי שאמר והיה העולם״ (דער וואָס האָט געזאָגט און די וועלט איז געוואָרן); „הגבורה״, די קראַפט, די איינציקע קראַפט, וואָס אָן איר איז אַלץ דאָס איבעריקע אַבסאָלוט קראַפטלאָז; „הדיבור״ אָדער „מימרא״ (דאָס וואָרט), וואָס איז דער גרונט פון יעדער עקזיסטענץ און געשעען; דער איינציקער וואָס איז, ווי ביים רמב״ם, אַ „מחוייב המציאות״, וואָס זיין עקזיסטענץ איז לאָגיש־אָבליגאַטאָריש, ווייל אַלע אַנדערע עקזיסטענצן זיינען פון אים אָפּהענגיק; דער וואָס איינער פון זיינע נעמען איז „שדי״, אין דעם זינען אין וועלכן דער רמב״ם פאַרטייטשט דאָס דאָזיקע וואָרט, אַז דאָס איז דאָס זעלביקע וואס „אשר די״, איינער וואָס איז גענוג פאַר זיך אַליין, עקזיסטירט אין און פאַר זיך אַליין, און שטיצט זיך נישט אויף עפּעס אַנדערש פאַר זיין עקזיסטענץ (שפּינאָזאַ׳ס געאָמעטרישער באַגריף פון „סובסטאַנץ״); אָדער גאָר „הו״, ער (שבת ק״ד), דער איינציקער עכטער ער אינם וועלטזיין. די דאָזיקע טענדענץ איז פון ערשטן מאָמענט פון „התגלות״ אין אידנטום געוועזן די דאָמינירנדיקע ריכטליניע, דער הויפּט־פּאַטאָס פון זיין רעליגיעזער אַנטוויקלונג, און ווייל די וועלט איז אַזוי פול מיט סתירות און דער מענטשלעכער שכל קאָן זיך גאָרניט פאַרמעסטן משיג צו זיין גאָט׳ס וועגן אין פירן די וועלט, האָט דאָס אידנטום מיט רעזיגנאַציע און מיט נאָך שטאַרקערער ער־פורכט צוגעגעבן צו זיינע פילע נעמען נאָך אַ נאָמען — „סתרו של עולם״, דאָס געהיימעניש פון דער וועלט, אין וועלכער מיר זיינען ניט מסוגל אַריינ־צודרינגען.

מיט אַזאַ אַבסאָלוטן מאָנאָטעאיזם אַלס אַ טרייב־קראַפט און אַנטוויקלונגס־ליניע, און מיט אַ העכערן סטאַנדאַרד פון פאָלקסמאָראַל וואָס איז אָרגאַניש מיט יענער מאָנאָטעאיסטישער טענדענץ געוועזן פאַרבונדן (מיר באַטאָנען דאָ פאָלקסמאָראַל, אַלס אַ סכום פון עטישע ווערטן וואָס דרינגען אַריין אין לעבנסשטייגער און באַאיינפלוסן דעם דורכשניטלעכן מענטשן אין אַ דעמאָ־קראַטיש געשטימט פאָלק, כאָטש אין געוויסע פּעריאָדן האָבן ביי אַנדערע

פון אידנטום. די איינציקע געמיינדע אין דער וועלט, וואָס אָנערקענט נאָך היינט זאַראַאַסטער אַלס איר נביא, די פּאַרסי, אין אינדיע, האַלט זיך נאָך ביים אַלטן ריטואַל, אָבער איר באַגריף פון גאָטהייט איז שוין אַ ריין מאָנאָטעאיסטישער.

פעלקער געקאָנט אַנטשטיין אינדיווידועלע כאַראַקטערן מיט אַזאַ הויכער עטישער שפּאַנונג, וואָס זיינען גאָרניט אַזוי אָפט געווען בנמצא ביי אידן), האָבן אידן געהאַט מער ווי אַ סוביעקטיוון עגאָצענטרישן גרונט זיך צו באַטראַכטן פאַר העכער פון יעדן פאָלק, מיט וועלכן זיי זיינען געקומען אין באַרירונג. דאָס באַוואוסטזיין פון סופעריאָריטעט האָט זיך נאַטירלעכערוויז אויסגעדריקט אין אַ געפיל פון אויסדערוויילטקייט, אין דעם „אתה־בחרתנו״־באַגריף. דער פאַקט, וואָס אַלע יענע פעלקער אַרום זיי, וואָס זיינען געבליבן לעבן, האָבן שפּעטער אָנגענומען דאָס קריסטנטום אָדער איסלאַם, האָט יענעם געפיל און באַגריף ניט אָפּגעשוואַכט. אַלץ איינס וויפל אויסזעצונגען זיי האָבן ניט געהאַט קעגן די צוויי נייע וועלט־רעליגיעס, האָבן אידן געהאַט דאָס באַוואוסטזיין, אַז ביידע זיינען זיי טעכטער פון אידנטום — טעכטער וואָס האָבן זיך אָוועקגעלאָזן אויף פאַלשע וועגן, אָבער דאָך „אייגענע״. סיי דאָס קריסטנטום און סיי די מאַכמעדאַנישע רעליגיע האָבן אָנגענומען דעם תנ״ך אַלס הייליקע שריפטן. מיט דעם אַליין האָט די גוי׳אישע וועלט ווי אָנערקענט די סופּעריאָריטעט פון אידן. דער אידישער „אתה־בחרתנו״ איז ווי באַשטעטיקט געוואָרען דורך אַ גרויסן טייל פון די אומות־העולם...

## VI

דער באַגריף פון אויסדערוויילטקייט האָט אָבער ניט געשטערט אידן צו אַנטוויקלען אין זיך דעם געפיל פון מאָראַלישער אחריות אין באַצוג צו דער ניט־אידישער וועלט, און ניט געקאָנט דערשטיקן אין זיי די פייאיקייט צו זען פאַקטישע און, באַזונדערס, פּאָטענציעלע „סגולות״ אין די אומות־העולם. די גוי׳אישע וועלט איז זינדיק, אַ סך זינדיקער פון דער אידישער, וועלכע איז אויך באַלאַסטעט מיט שווערע חטאים, אָבער זי קאָן און דאַרף דערלייזט ווערן, און עס איז דעם אידנס חוב איר אַרויסצוהעלפן אין איר דערלייזונג. יונה הנביא קריגט שווערע שטראָף פאַר זיין „שאָוויניסטישן נאַציאָנאַליזם״ און ער מוז, קעגן זיין אייגענעם ווילן, סוף־כל־סוף גיין קיין נינוה און טאָן זיין שליחות — ברענגען זיין נבואה די גוי׳אישע רשעים, אַרויסרופן אין זייערע הערצער תשובה און דערמיט ראַטעווען זייער שטאָט פון אונטערגאַנג.

אָבער דער סיפור־המעשה פון יונה׳ן איז אפשר נאָך ניט קיין פולשטענדיקע אילוסטראַציע פון דער אידישער רעליגיעזער טענדענץ צו אָנערקענען די פּרינציפּיעלע גלייכווערטיקייט פון איד און ניט־איד: דער נביא איז אַ איד און די וואָס הערן זיך צו צו אים זיינען ניט־אידן. דער איד ראַטעוועט טאַקע די ניט־אידישע נינוה, אָבער ער בלייבט פון איר דיסטאַנצירט

— דער איד איז דער שעפערישער גייסט, דער ניט־איד איז בלויז אַ רעצעפּטיווער גייסט. אין אַ סך אַ גרעסערער מאָס ווערט די ווערט־מחיצה צווישן ישראל און די אומות־העולם דורכגעבראָכן אין מגילת רות. די פּרוי פון מואב ניט נאָר וואָס זי נעמט אָן דעם אידישן גלויבן, נאָר זי ווערט אינגאַנצן אַבסאָרבירט אין אידישן אָרגאַניזם: פון דער בת־ערלים קומט נאָכדעם אַרויס ניט מער און ניט ווייניקער ווי דוד המלך, און אַלץ איינס ווען משיח זאָל ניט קומען און וואָס זיין נאָמען זאָל ניט זיין, איז זיין גרויס־גרויס־מוטער אַ געוועזענע גויה פון מואב.*)

אַ סך אַ ראַדיקאַלערן דורכברוך פון דער אויבנדערמאָנטער מחיצה שטעלט מיט זיך פאָר דאָס טיפּסטע רעליגיעזע ווערק פון תנ״כ׳ישן קאַנאָן, דער ספר איוב. אַלץ איינס פון ווענען און אין וועלכער עפּאָכע דאָס דאָזיקע דערהאַבענע ווערק איז אָנגעשריבן געוואָרן, און צי איוב איז געווען אַ היסטאָרישע פיגור אָדער אַ דיכטעריש־אויסגעטראַכטע („איוב לא היה ולא נברא אלא משל היה״), וויכטיק איז דער פאַקט, אַז דער נאָמען „איד״ ווערט אַפילו קיין איין מאָל אין דעם ווערק ניט דערמאָנט. דער דראַמאַטישער דועל צווישן מענטש און גאָט און דעם מענטשנ׳ס פרומע רעזיגנאַציע, זיין איבערבעטן זיך מיט גאָט, ווערט געשילדערט, אויב מען מעג זיך אַזוי אויסדריקן, אויף אַ ריין אוניווערסאַלן שטח. ווי הויך דאָס בוך איז געשאַצט געוואָרן פון אידן אין אַלטערטום, קאָן מען זען פון דער פאָרשטעלונג, אַז עס האָט אים געשריבן די זעלביקע האַנט וואָס האָט געשריבן די תורה. „משה כתב ספרו וספר איוב״ (בבא בתרא י״ד) — משה האָט געשריבן זיין ספר און דעם ספר איוב. ניט אין פּראָלאָג, אָדער עפּילאָג, אויך ניט אין דער סעריע דיאַלאָגן, וואָס וויקלען זיך אין דעם ווערק פאַנאַנדער, איז פאַראַן אַ סימן פון וועלכן

---

*) די פּאַרטיקולאַריסטישע עלעמענטן און זייער קעגנשפּיל אין די משיח׳ישע פאָרשטעלונגען זיינען אַן אינטערעסאַנטע טעמע פאַר זיך אַליין. עס דאַרף אָבער, אגב־אורחא, באַמערקט ווערן, אַז לויט אַ זייער וויכטיקער שטעלע אין תלמוד (סוכה נ״ב) איז אַ ניט־איד פּאָראויסבאַשטימט צו שפּילן אַ גאָר ערנהאַפטיקע ראָל אין דער גאולה אחרונה. דער זאַץ פון זכריה הנביא (ב, ג) „ויראני יהוה ארבעה חרשים״ (און גאָט האָט מיר געוויזן פיר שמידן) ווערט דאָרט אויסגעטייטשט אין נאָמען פון ר׳ שמעון הצדיק אין דעם זינען, אַז דאָס איז אַ רמז אויף די פיר פיגורן אין דער קומענדיקער דערלייזונגס־דראַמע פון דער וועלט: די פיר שמידן זיינען משיח בן דוד, משיח בן יוסף, אליהו הנביא און דער כהן צדק, און דער כהן צדק איז ניט קיין אַנדערער ווי מלכיצדק — אָט דער זעלביקער קעניג פון שלם, פון וועלכן עס ווערט דערציילט (בראשית י״ד, יט־כא), אַז ער איז אַנטקעגנגעגאַנגען אברהם אבינו מיט ברויט און וויין, אַלס אַ „פּריסטער פון דעם העכסטן גאָט״, און האָט אים באַגריסט מיט די ווערטער: „ברוך אברם לאל עליון, קונה שמים וארץ״, געבענטשט זאָל זיין אברהם צום העכסטן גאָט, דעם באַשאַפער פון הימל און ערד. אין זיין אָפּהאַנדלונג וועגן די אידייען פון די פּרושים ציטירט ה. לעווע אין דעם קאָלעקטיוון ווערק "The Contact of Pharisaism with Other Cultures," Volume II, p. 40 אַ מדרש, לויט וועלכן אברהם אבינו זאָל האָבן פון מלכיצדק געלערנט די מידה פון גמילות־חסדים.

ניט איז פּראָבלעם וועגן דער שטעלונג פון אידן צו ניט־אידן, אָדער וועגן די באַציאונגען צווישן איין פאָלק און דעם אַנדערן. דאָס בוך איגנאָרירט אינגאַנצן די עקזיסטענץ פון פעלקער. אַלס די איינציקע רעאַליטעטן בלייבן בלויז גאָט, וועלט און מענטש — מענטש בכלל, אָן וועלכן ניט איז עטנישן, אָדער היסטאָרישן, אָדער לאָקאַלן, אָדער אַפילו רעליגיעז־אינסטיטוציאָנעלן לבוש. עס ווערט דאָרט בלויז אָנגעגעבן „אַן אַדרעס" פונם הויפּט־העלד, ניט לייגנדיק דערויף קיין שום געוויכט. איוב איז אַ מאַן פון לאַנד עוץ (און דאָס דאַרף הייסן, פאַר דעם אַלט־העברעאישן לייענער,ניט קיין איד), און זיינע דריי פריינט שטאַמען אויך „פון דער פרעמד" און טראָגן ניט־אידישע נעמען. די דאָזיקע ריין־אויסערלעכע רעפערענצן האָבן ניט מיטן אינהאַלט פון בוך קיין שום וועזנטלעכע פאַרבינדונג. מען קאָן זיי צוגלייכן צו די סצענאַריאָ באַמער־קונגען, לאָמיר זאָגן, פון שעקספּיר׳ן, אַז האַמלעט איז אַ דענישער פּרינץ און אַז אַלץ וואָס עס ווערט געוויזן אויף דער בינע קומט פאָר אין דענעמאַרק. דאָס הייסט אָבער ניט ביי שעקספּיר׳ן, אַז האַמלעט איז אַ דענישע טראַגעדיע, און אַז זי קאָן זיך מאָרגן נישט אָפּשפּילן אין ענגלאַנד, אָדער אין סיאַם. אויב עס איז פאַראַן אין דער קלאַסיש־רעליגיעזער ליטעראַטור פון אַלטערטום אַ בוך, אין וועלכן, נוצנדיק פּוילוס׳עס וואָרט, „עס איז ניט פאַראַן ניט קיין איד און ניט קיין העלענער", געפינט זיך עס ניט אין דעם אוניווערסאַליסטישן נייעם טעסטאַמענט (אין וועלכן די פראַגע פון איד און העלענער שפּילט גראָד אַן אומגעהייער גרויסע און זייער אינטריגירנדיקע ראָלע), נאָר גראָד אין דעם „פּאַרטיקולאַריסטישן" תנ"ך, אינם איוב־בוך. דאָס וואָס אַ פּאַקטישער אָדער פּאָטעניש־פּיקטיווער ניט־איד ווערט דערהויבן צו דער מדרגה פון איינעם, פון וועמען אַלע דאַרפן זיך אַראָפּנעמען אַ מוסר אין דער וויכטיקסטער און אינטימסטער אנגעלעגנהייט פון זייער רעליגיעזן לעבן, איז די גרעסטע מאַניפעסטאַציע פון דער אוניווערסאַליסטישער טענדענץ אין אידנטום, וואָס הונדערטער און הונדערטער פּאַרטיקולאַריסטישע מימרות און פּאַקטישע אָפּגרענעצונגען קאָנען זי ניט פּאַרטונקלען.

אָבער דער אַנטשיידנדיקער מאָמענט אין אונזער פראַגע ליגט אפשר גאָר אויף אַן אַנדער שטח. אין וועלכער מאָס אידן האָבן זיך אַליין פּאַרהייליקט אַלס אַן עטנישע גרופּע אָדער ראַסע, קאָן קלאָרער ווערן פון דעם, ווי אַזוי זיי האָבן געקוקט אויף די אינטימערע פאַרבינדונגען צווישן זיך און ניט־אידן — אויף געמישטע חתונות. ווען אין פאָלק׳ס באַוואוסטזיין און, דער עיקר, אין זיין אוממיטלבאַרער עמפּינדונג, וואָלט דער אתה־בחרתנו־באַגריף באמת און ערנסט אויסגעטייטשט געוואָרן אין די טערמינען פון הייליקן ראַסיזם, אָדער אויפגעפּאַסט געוואָרן לויט די הנחות פון אַן אַריסטאָטעלעס, אין זינען פון אייביקע און אַבסאָלוטע אונטערשיידן צווישן העכערע און נידעריקערע

פעלקער, וואָלטן זיי פאַר אַלעמען געדאַרפט אָננעמען אויף דער דויער מיטלען קעגן וועלכן ניט איז ביאָלאָגישן קאָנטאַקט מיט די אומות העולם. אויב די אידישע ראַסע איז „הייליק" אַן און פאַר זיך און אַנדערע ראַסן זיינען פאַר־אורטיילט צו בלייבן אויף שטענדיק „אומהייליק", טאָרן זיך אידן ניט מטמא זיין דורך געמישטע חתונות. אויב דעם מענטשנ'ס גייסט זאָל זיין געבונדן אָן זיין בשר־ודם, אָן זיין ביאָלאָגישער ירושה, טאָר קיין גוי'אישע פלייש און בלוט לחלוטין ניט אַריינדרינגען אין אידישן אָרגאַניזם, איז אַ שידוך צווישן אַ אידן און אַ מענטשן פון פרעמדן אָפּשטאַם באמת „ראַסע־שענדונג", אויך שענדונג פון גייסט.

פאַקטיש אָבער, ווען מען נעמט אונזער געשיכטע אַלס גאַנצע, אין די הויפּט־ליניען פון איר אַנטוויקלונג, און ניט אין אירע טראַגישע אָדער פּאַראַ־דאָקסאַלע עפּיזאָדן, קאָן מען זען, אַז מיר האָבן געמאַכט אַ סך סייגים (צוימען) אַרום דער תורה, צוליב איר פאַרווירקלעכונג אין טאָג־טעגלעכן לעבן, אָבער ניט אַרום אונזער ביאָלאָגישן אָרגאַניזם. די תורה שעמט זיך ניט צו דער־ציילן וועגן משה רבינו'ס נעגער־פרוי, די „אשה כושית" וואָס ער האָט גע־נומען. מרים און אהרן זיינען די צוויי ראַסן־שאָוויניסטן וואָס טאַדלען דער־פאַר זייער ברודער, אָבער גאָט אַליין נעמט זיך פאַר אים אָן, רופט אַרויס מרים'ען און אהרון'ען אין „אוהל מועד" און דריקט זיי אויס פאַרדרוס. רב צעיר (תולדות ההלכה, חלק א', ז. 302) מאַכט אונז, אין דעם צוזאַמענהאַנג, אויפ־מערקזאַם אויף דעם אופן, אויף וועלכן שמשון הגבור'ס עלטערן רעדן אים אויס פאַר נעמען אַ פרוי פון די פלשתים. זיין פאָטער און מוטער זאָגן אים: „האין בבנות אחיך ובכל עמי אשה כי אתה הולך לקחת אשה מפלשתים הערלים?" (איז ניטאָ צווישן די טעכטער פון דיינע ברידער און צווישן מיין גאַנץ פאָלק אַ פרוי אַז דו גייסט נעמען אַ ווייב פון אומבאַשניטענע פלשתים)? דער זין פון דער דאָזיקער פראַגע איז אַז עס איז ניט כדאי, אָבער ניט אַז דאָס איז אין תוך אַ פאַרבאָטענע אָדער טאַדלהאַפטיקע זאַך, און דער מחבר פונם ספר שופטים גיט נאָכדעם אַפילו צו פון זיך „ואביו ואמו לא ידעו כי מיהוה היא" (זיין פאָטער און זיין מוטער האָבן ניט געוואוסט, אַז דאָס איז אַזוי פון גאָט), אַז דאָס איז, ווי אידן האָבן אין שפּעטערדיקע דורות זיך אויסגעדריקט, אַ זיווג מן השמים — כאָטש קיין סך גליק האָט אים זיין באַשערטע נאָכדעם ניט געבראַכט. דער ביבלישער געזעץ דערלויבט חתונה האָבן מיט יעדער „אשה יפת תואר" פון די קריגס־געפאַנגענע; ער האָלט נאָר פאַר נויטיק צו באַוואָ־רענען, אַז דאָס זאָל געטאָן ווערן לויט אַ באַשטימטער פּראָצעדור, כדי צו שאַנעווען די געפילן פון אַ פרוי, וואָס ווערט אָפּגעריסן פון איר סביבה, פון אירע עלטערן און שטאָם. דער איינציקער פאַרבאָט חתונה צו האָבן מיט פרעמד־שטאַמיקע, וואָס מיר געפינען אין דער תורה, האָט צו טאָן מיט די שוין דער־

מאַנטע „שבעת העממים״ פון ארץ־ישראל גופא, צוליב פּאָליטישע און רע־ליגיעזע מאָטיוון. בדרך־כלל אָבער האָט די תורה ניט געזוכט צו פאַרזיכערן דעם „גוי־קדוש״־כאַראַקטער פון אידן דורך אָפּהיטן זייער ראַסן־ריינקייט.

אַ זייער שאַרפע אויסנאַם אין דער אַלגעמיינער שטעלונג פון אידן צו געמישטע חתונות, אין ספּעציפיש־עטנישן זינען פון וואָרט, זיינען, ווי עס איז באַקאַנט, די שטרענגע און, מען מעג זאָגן, אכזריות׳דיקע תקנות פון עזרא און נחמיה. זייער גזירה איז אַן אַבסאָלוטע און זייער צוועק איז געווען — אַ ראַדיקאַלע ביאָלאָגישע אָפּגרענעצונג מצד אידן אין באַצוג צו אַלע ניט־אידן סיי פון ארץ־ישראל און סיי פון חוץ־לארץ. זייער איסור איז אַן אומ־קאָנדיציאָנעלער, אָן וועלכער ניט איז רעזערוואַציע, אַז ווען עס איז און אונטער וועלכע ניט איז בייע אומשטענדן זאָל ער קאָנען אָפּגעשאַפט ווערן — „עד עולם״ — אַפילו, הייסט עס, ווען עמעצער פון די „עמי הארצות״ זאָל זיך וועלן מגייר זיין.

די דראַסטישע רעפאָרמען, וואָס עזרא און נחמיה האָבן איינגעפירט און די ביאָלאָגישע סעגרעגאַציע וואָס זיי האָבן מיט אַזאַ שטאַרקער האַנט דורכגעזעצט אין דעם אידישן לעבן, פאַרדינען אַ באַזונדערן אינטערעס. (אַ סך פאַרשטענדעניש פאַר יענער עפּאָכע בכלל און ספּעציעל פאַר דער פּערזענ־לעכקייט פון עזרא הסופר האָט אַרויסגעוויזן אין אונזערע יאָרן דער ענגליש־פּראָטעסטאַנטישער היסטאָריקער ר. טראַווערס הערפאָרד אין זיין זייער געוויסנהאַפטער פאָרשונג וועגן די פּרושים). זייערע תקנות דאַרפן אָבער באַטראַכט ווערן, אין אַלגעמיינעם קאָנטעקסט פון אונזער געשיכטע, אַלס אַן עפּיזאָד: זייער „עד עולם״־פאָרמולע האָט ניט אויסגעהאַלטן און די אַבסאָ־לוטקייט פון זייער איסור אויף געמישטע חתונות איז נאָכדעם בטל געוואָרן. עס איז פאַראַן גענוג גרונט צו טראַכטן, אַז די שטרענגע ענדאָגאַמיע, וואָס עזרא און נחמיה האָבן איינגעפירט, איז געווען דיקטירט פון די ספּעציעלע אומשטענדן אין יענער עפּאָכע פון שיבת־ציון און פאַרפעסטיקונג פון אידישן רעליגיעזן לעבנסשטייגער. ווען ניט זייערע ראַדיקאַלע איסורים — באַהויפּטעט הערפאָרד — וואָלט דאָס אידנטום מיט דער צייט אומגעקומען און עס וואָלט אויך ניט געבליבן יענע ראַם, פון וועלכער עס האָט זיך נאָכדעם אַרויסגעשיילט דאָס קריסטנטום. אידנטום איז אָבער אין אַ פאַרהעלטניסמעסיק קורצער צייט נאָך יענער עקסטרעמער זעלבסט־אָפּגרענעצונג פון דער וועלט געוואָרן פּרינציפּיעל עקזאָגאַמיש, און אַלס איינציקע באַדינגונג פאַר זיך מתחתן זיין מיט מענער און פרויען פון פרעמדן ראַסן־שטאַם האָט אָנגעהויבן באַטראַכט צו ווערן דאָס באַקערן זיך צו דער אידישער אמונה.

דאָס תלמוד׳ישע אידנטום ווייסט שוין כמעט גאָרניט פון דיסקרימינאַציע קעגן ראַסן־גויים, ווען עס האַנדלט זיך וועגן חתונה. עס ווייסט נאָר וועגן

דעם איסור אויף „גייסט־גויים", אויף אַזעלכע וואָס דינען נאָך עבודה־זרה (אָדער, להבדיל, געהערן צום קריסטנטום, צו דער כת פון „מינים") און זיינען ניט גרייט זיך מגייר צו זיין. דאָס הייליקע פאָלק ווערט נאָכדעם אין אַ געוויסער מאָס פאַרוואַנדלט אין אַ הייליקער געמיינדע, צו וועלכער עס קאָן געהערן יעדער מענטש פון יעדן אָפּשטאַם, אויב ער נעמט נאָר אויף זיך אירע רעליגיעזע פליכטן. אין אַנדערע ווערטער, אַ איד איז ניט בלויז דער, וואָס איז געבוירן געוואָרן אַ איד, נאָר אויך דער וואָס איז דורכגעגאַנגען דעם פּראָצעס פון אידישער רעליגיעזער נאַטוראַליזאַציע. אין פאָלקס־באַוואוסטזיין הויבט אָן אָלץ מער אַריינצודרינגען דער געדאַנק, אַז עס דאַרף אָפּגעווישט ווערן יעדער זכר פון אַ מחיצה צווישן אַ נאַטירלעכן און נאַטוראַליזירטן איד. „אם היה בעל תשובה, לא יאמר לו: זכור מעשיך הראשונים מה היו, ואם היה בן גרים, לא יאמר לו: זכור מה היו מעשי אבותיך" (ספרא) — אויב איינער איז געוואָרן אַ בעל־תשובה, טאָר מען אים ניט זאָגן: „דערמאָן זיך נאָר דיינע מעשים פון אַמאָל", און אויב איינער שטאַמט פון גרים, טאָר מען אים ניט זאָגן: „דערמאָן זיך נאָר די מעשים פון דיינע עלטערן". „הגרים, גרי הצדק, הם כישראל" (במדבר רבה פ"ח) — די גרים, די גרי־הצדק, וואָס האָבן זיך מגייר געווען מיט ריינע כוונות, זיינען דאָס זעלביקע, וואָס ישראל, אָדער, ווי מיר לייענען אין דעם זעלבן פלאַץ, „אמר הקדוש ברוך הוא חביב עלי שמותן של גרים כיין־נסך, שהוא מתנסך על גבי המזבח" — דער אויבערשטער זאָגט, ס'איז מיר באַליבט דער נאָמען פון גרים ווי דער ווין וואָס גיסט זיך פון מיינעטוועגן איבערן מזבח. ביז היינטיקן טאָג זאָגן נאָך אידן אַ תפילה, אין דער שמונה עשרה, „על הצדיקים, ועל החסידים, ועל גרי הצדק, ועל שארית עמך בית ישראל יהמו רחמיך".

מיט דער צייט האָט אָנגעהויבן רייף צו ווערן דער געדאַנק, אַז אויך די רעליגיעזע דיסקרימינאַציעס קעגן איינצלנע און באַשטימטע פעלקער — מער צוליב היסטאָריש־פּאָליטישע טעמים, ווי מחמת פאַראַכטונג צו געוויסע „ראַסן" — האָבן שוין פאַרלוירן זייער באַדייטונג. אָט לייענען מיר וועגן אַ פאַל (ברכות כ"ח), ווען יהודה, אַ גר פון די בני־עמון, קומט צום באַרימטן ועד אין יבנה מיט אַ שאלה: „מה אני לבוא בקהל" — וואָס איז אייגנטלעך מיין סטאַטוס צווישן אידן איצטער, ווען איך האָב זיך שוין מגייר געווען? צי מעג איך „קומען אין קהל", ווי אַ גלייכער צווישן גלייכע, אָדער אויף מיר איז נאָך חל דער איסור פון דער תורה „לא יבוא עמוני ומואבי בקהל ה'"? וויל דאָרט ר' גמליאל פּסק'ענען: „אסור אתה" — אַז כאָטש ער איז שוין אַ גר, טאָר ער נאָך אַלץ ניט „קומען אין קהל". אָבער ר' יהושע האָט אַרויס־געטראָגן זיין אורטייל, אַז דער אַמאָליקער פאַרבאָט איז שוין מער ניט אין קראַפט, און זיין מאָטיוו איז געווען „מפני שעלה סנחריב מלך אשור ובלבל

את כל האומות" („ווייל סנחריב, דער קעניג פון אשור, איז אויפגעגאַנגען און האָט צוזאַמענגעמישט אַלע פעלקער"). געזיגט, ווי דער תלמוד רעגיסטרירט, האָט ר' יהושע'ס אורטייל און מען האָט דעם עמוני דערלויבט צו „קומען אין קהל". דער מאָטיוו, מיט וועלכן ר' יהושע באַנוצט זיך, איז כמעט אַ מאָדער־נער: ווי אַ היינטצייטיקער אַנטראָפּאָלאָג, וויל ער מיט זיין סנהריב־רעפערענץ באַהויפּטן, אַז קיין ריינע ראַסן זיינען שוין אין דער וועלט בכלל נישטאָ, אַז מען קאָן שוין ניט פעסטשטעלן ווער פון וועמען עס שטאַמט אָפּ און דערפאַר האָט קיין זין ניט בודק צו זיין דעם יחוס פון יחידים. אָבער דער גר, וועגן וועלכן עס רעדט זיך אין דעם פאַל, אידענטיפיצירט זיך פונדעסטוועגן אַלס אַן עמוני, און ר' גמליאל האָט זיין גוטן גרונט, אויפן יסוד פון אַ געשריבענעם געזעץ, אים ניט צו דערלויבן „קומען אין קהל" — אַפילו ווען עס איז נאָר פאַראַן אַ חשד, אַז ער שטאַמט פון די בני עמון. היינטער ר' יהושע'ס פאָרמעלער באַגרינדונג פון זיין אורטייל שטייט שוין אָבער אַ ניט־אויסגעדריקטער אַלגע־מיינער געדאַנק, אַז דאָס וואָס מיר באַצייכענען אַלס רעליגיעזע נאַטוראַליזאַציע מאַכט דעם גוי, אַלץ איינס וואָס זיין ראַסן־שורש זאָל ניט זיין, פאַר אַ פולן אידן, אַז זיך מגייר זיין איז דאָס זעלביקע ווי אַ נייע געבורט (אַן אויפפאַסונג וואָס שפּילט שפּעטער אַזאַ גרויסע ראָלע אין קריסטנטום), אַז, ווי עס שטייט אין בראשית רבה, „כל מי שמקרב את הגר כאילו בראו" — ווער עס איז מקרב אַ גר, איז גלייך ווי ער וואָלט אים באַשאַפן. דער גייסטיקער אַקט פון אַ ניט־אידן אין זיין רעליגיעזער טראַנספאָרמאַציע, זיין מאָראַלישער אַנטשלוס צו ווערן אַ איד און אַ שותף צום אידישן „ברית" מיט גאָט, אַנולירט, אין אַ געוויסן זינען, זיין גאַנצע פאַרגאַנגענהייט און ער הויבט אָן זיין לעבן אויפסניי: „גר שנתגייר כקטן שנולד דומה" (יבמות מ"ו) — אַ גר וואָס האָט זיך מגייר געווען איז געגליכן צו אַ קינד וואָס איז געבוירן געוואָרן. ריש־לקיש גייט שוין אַזוי ווייט, ווי צו באַהויפּטן, אַז אַ גר דאַרף מען שעצן ניט גלייך, נאָר גאָר העכער פון אַ „נאַטירלעכן" אידן, ווייל אידן האָבן אָנגענומען די תורה ביים באַרג סיני אונטער צוואַנג און אונטערן דרוק פון אַ סך נסים, בשעת דער גר האָט זיך מגייר געווען מיט זיין גוטן ווילן, אויס אוממיטלבאַרער אי־בערצייגונג. (דאָס דערמאָנט אָן די דערקלערונגען וואָס מיר הערן אָפט מצד נאַטוראַליזירטע בירגער אין אַמעריקע: איך, דער אימיגראַנט, בין אַ בעסערער אַמעריקאַנער פון דיר; דו ביסט אַן אַמעריקאַנער באין־ברירה, פשוט דערפאַר וואָס צופעליק ביסטו דאָ געבוירן געוואָרן, אָבער איך האָב געהאַט אַ ברירה און האָב אויסגעוויילט אַמעריקע פאַר מיין ניי פאָטערלאַנד). די גלאָריפיקאַציע פונם גר דערגרייכט מיט דער צייט צו אַזאַ מדרגה, אַז באַליידיקן אַ גר ווערט, לויט אַ מיינונג אויסגעדריקט אין תלמוד, צוגעגליכן צו באַליידיקן גאָט (חגיגה ה'). אַזאַ באַציאונג פירט צייטנווייז אַפילו צו געוויסע עקסצעס־געדאַנקען,

מען מעג זאָגן צו אַ צו׳להכעיס׳דיקער אַקצענטירונג, אַז תורה איז אַלץ און בלוט און אַפּשטאַם גאָרניט: ר׳ מאיר — ווייזט אויס, אין אַ פּאָלעמישער אַטאַקע אויף דעמאָלטדיקע אידישע ראַסיסטן — וויל אפילו באַווייזן, אַז „נכרי ועוסק בתורה הרי הוא ככהן גדול״ (בבא קמא, ל״ח) — אַ ניט־איד וואָס פאַרנעמט זיך מיט תורה איז ווי דער כהן גדול. אַזאַ באַהויפּטונג איז, נאַטירלעך, אַ בכיוון׳דיקע איבערטרייבונג מצד ר׳ מאיר׳ן: ער ווייסט אַז ער קאָן ניט אָפּשאַפן דעם בפירוש׳ן דין, לויט וועלכן ניט נאָר אַ געצנדינער, נאָר אפילו אַ גר פונם ערשטן דור קאָן קיין כהן גדול ניט ווערן. (איינע פון די גאָר וויכטיקע באַגרענעצונגען פון אַ גר׳ס רעכט. און אויב מיר דערלויבן זיך שוין צוליב קלאָרקייט צו מאַכן אַנאַלאָגיעס מיט דער היינטיקער אַמעריקע, זאָל דאָ דערמאָנט ווערן, אַז אַ נאַטוראַליזירטער בירגער געניסט דאָרט אַלע רעכט, אַחוץ דעם רעכט אויסגעוויילט צו ווערן צו דעם אַמט פון פּרעזידענט, פון דער רעפּובליק׳ס „כהן גדול״). עס וואָלט געווען פאַלש צו טראַכטן, אַז ר׳ מאיר׳ס אַפאָריזם האָט געהאַט וועלכע ניט איז פּרעטענזיעס צו קריגן אַ נאָרמאַטיוון ווערט; ער איז בלויז אַן אילוסטראַציע פאַר די אינעווייניקסטע פּראָצעסן און קאָנפליקטן, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אין אידישן רעליגיעזן דענקען פון זיין צייט, און פאַר די פּאָלעמישע מעטאָדן, מיט וועלכע עס האָבן זיך דעמאָלט באַנוצט אוניווערסאַליסטן קעגן פּאַרטיקולאַריסטן.

פאַר דעם געדאַנקענגאַנג פון יענע דורות איז, אגב, כאַראַקטעריסטיש נאָך אַן אַנדער פאַקט: ניט וויניק פון די תנאים גופא זיינען באַצייכנט געוואָרן אַלס גרים אָדער קינדער און קינדס־קינדער פון גרים. עס וואָלט היינט געווען אַן אומזיסטע טירחה זיך צו נעמען פעסטשטעלן דעם יחוס־בוים פון יעדן תנא אָדער אמורא, און עס קאָן זיין, אַז די באַצייכענונג פון אייניקע חז״ל אַלס גרים און בני־גרים האָט זיך געשטיצט בלויז אויף קלאַנגען. עס איז אָבער כאַראַקטעריסטיש, וואָס אַזעלכע קלאַנגען האָבן געפונען זייער פּלאַץ אין די רעקאָרדן פון דער אידישער טראַדיציע, און די רעדאַקטאָרן פון תלמוד האָבן ניט געפילט, אַז זיי דיסקרעדיטירן אין וועלכער ניט איז מאָס יענע חכמים. די קאָמפּילאַטאָרן און איבערשרייבער פונם נייעם טעסטאַמענט האָבן ניט געהאַט קיין שוועריקייטן אויסצושטעלן אַזאַ סדר הדורות, אַז ישו־הנוצרי זאָל קאָנען זיין אַ „חוטר מגזע ישי״, דוד המלך׳ס אַן אייניקל; די צוזאַמענשטעלער פון תלמוד וואָלטן אויך ניט געדאַרפט קיין סך זיך מיען, ווען זיי וואָלטן עס געוואָלט, כדי צו רעפּרעזענטירן ר׳ עקיבא׳ן אַלס איינעם וואָס שטאַמט, לאָמיר זאָגן, פון עזרא און נחמיה. זיי האָבן געקאָנט זיין גענעאַלאָגיע אויך פאַרשווייגן. אָבער זיי האָט, ווייזט אויס, אין דער מינדסטער מאָס ניט שאָקירט ווען זיי האָבן געהערט, אַז ר׳ עקיבא שטאַמט גאָר פון גויים און אַז איינער פון זיינע אבות איז געווען ניט מער און ניט וויניקער ווי סיסרא. דערביי דאַרף מען ניט

פאַרגעסן די אויסערגעוויינלעכע פאַרערונג, מיט וועלכער אידן האָבן זיך באַצויגן צו ר׳ עקיבא, ניט נאָר ווי צו אַ גרויסן בעל־הלכה, נאָר אויך ווי צו איינעם פון די גרעסטע אידישע פאָליטישע נאַציאָנאַליסטן און ווי צו אַ מאַרטירער פאַר דער אידישער אמונה. דאָס אידישע פאָלקס־באַוואוסטזיין האָט שוין דעמאָלט לייכט געקאָנט שלום מאַכן מיט דער פאָרשטעלונג, אַז דער וואָס איז ראוי געוועזן אַז די תורה זאָל געגעבן ווערן דורך אים און וועגן וועמען משה רבנו אַליין האָט געפרעגט דעם אויבערשטן: „רבונו של עולם, יש לך אדם כזה ואתה נותן תורה על ידי״ (מנחות כ״ט), דו האָסט אַזאַ מענטשן און די גיסט גאָר די תורה דורך מיר? — זאָל ניט זיין קיין „ראַסן־ריינער״ איד, זאָל גאָר שטאַמען פון סיסרא. קיינער האָט ניט געצוואונגען די בעלי־התלמוד צו דערציילן, אַז שמעיה און אבטליון שטאַמען אויך פון גרים, און זיי האָבן עס אונז דאָך דערציילט, און זיי האָבן אויך געקאָנט אויס־מיידן צו פאַרשרייבן דעם ראַסן־יחוס פון ר׳ מאיר — פון דעמזעלביקן ר׳ מאיר וואָס לעבט ביזן היינטיקן טאָג אין פאָלקס־זיכרון און אין פאָלקלאָר אַלס דער „בעל־הנס״ — און זיי האָבן פונדעסטוועגן פאַרצייכנט אַז ער שטאַמט פון גרים (גטין נ״ו), און אַז זיין אמת׳ער נאָמען איז גאָר געוועזן מיאשה, און מאיר האָט מען אים גערופן „מפני שהיה מאיר עיני חכמים בהלכה״, ווייל ער פלעגט ליכטיק מאַכן די אויגן פון חכמים אין הלכה. אַז די דאָזיקע אוניווער־סאַליזאַציע פונם אידנטום איז די חכמי־התלמוד ניט אָנגעקומען לייכט, אַז עס האָבן אין פאָלק און אויך אויף די שפּיצן פון פאָלקס־לעבן געווירקט קעגנערישע ענג־נאַציאָנאַליסטישע און, אַזוי צו זאָגן, „ראַסיסטישע״ קרעפטן (ווי זיי ווירקן אויך היינט ביי מער ווי איין פאָלק), און אַז קעגן יענע קרעפטן איז געפירט געוואָרן אַ שווערער קאַמף, קאָן מען זען פון מער ווי איין שטעלע אין תלמוד. אָט ווערט, צום ביישפּיל, דערציילט (יומא ע״א) וועגן אַ כהן־גדול וואָס איז איינמאָל אַרויסגעגאַנגען פון בית־המדרש און גאַנץ קהל איז אים נאָכגעגאַנגען. ווען זיי האָבן אָבער דערזען שמעיה און אבטליון (וואָס האָבן, ווי אַ סאַך האָבן געמיינט, געשטאַמט פון גרים), האָבן זיי פאַרלאָזן דעם כהן־גדול און אָנגעהויבן נאָכצוגיין די צוויי חכמים. צום סוף זיינען שמעיה און אבטליון געקומען נעמען אָפּשייד פונם כהן־גדול. האָט ער צו זיי אַ זאָג געטאָן: „יבואו בני עממין לשלום״ (זאָלן אַריינקומען אין פרידן די זין פון גויים). האָבן זיי אים געענטפערט: „יבואו בני עממין לשלום, שעושים מעשה אהרן, ולא יבוא בן־אהרן לשלום, שאינו עושה מעשה אהרן״ — יאָ, זאָלן אַריינקומען אין פרידן גויים וואָס האַנדלען ווי אהרן הכהן האָט געהאַנדלט, און זאָל ניט אַריינקומען אין פרידן איינער וואָס שטאַמט פון אהרונ׳ען (דער אור־כהן־גדול) און האַנדלט ניט ווי אהרן האָט געהאַנדלט (איז ניט קיין רודף־שלום און באַליידיקט מענטשן). דער תלמוד

לאַכט זיך דאָ ביטער אויס פון יחוס, אויך פון ראַסן־יחוס, און שטעלט דעם טראָפּ אויף אייגענע מעשים און אייגענע פאַרדינסטן.

אַזוי אָדער אַנדערש, וויכטיק איז, וואָס זינט אידנטום האָט זיך באַפרייט פון די תקנות וואָס עזרא און נחמיה האָבן איינגעפירט, האָט דער איסור אויף חתונה מיט ניט־אידן אינגאַנצן פאַרלוירן זיין אַמאָליקע „ראַסן״־מאָטיוואַציע און האָט אָנגענומען אַ בולט־אויסגעשפּראָכענעם ריין־רעליגיעזן כאַראַקטער. די חתונה־דינים און די חתונה־פּראַקטיק פונם אַזוי גערופענעם שפּעט־אידנטום — פונם אידנטום וואָס איז אויסגעפורעמט געוואָרן דורך די פרושים — קאָנען בשום אופן ניט צוגעגליכן ווערן צו די ראַסן־געזעצן אין דער היינטיקער דייטשלאַנד און אויך ניט צו די געזעצן וואָס עקזיסטירן נאָך ביז איצטער איז אַ סאַך פון די אַמעריקאַנער שטאַטן, לויט וועלכע עס איז אַ פאַרברעכן פאַר אַ ווייסן מענטשן חתונה צו האָבן מיט אַ נעגער (אָדער, ווי די פאָרמולע איז אין איינעם פון יענע שטאַטן, אַזעלכן וואָס אין זיינע אָדערן פליסט מער ווי אַ זעכצנטל פון נעגער־בלוט), כאָטשביידע צדדים געהערן צו איינער און דער זעלביקער רעליגיע. אידנטום דיסקרימינירט, אויף וויפיל עס האַנדלט זיך וועגן זיווגים, קעגן ניט־אידן אין דעם זעלביקן זינען און אין דער זעלביקער מאָס, אין וועלכע עס ווערט אין דער ספערע דיסקרימינירט קעגן אַנדערשגלויביקע אין „אוניווערסאַליסטישן קריסטנטום״ און מצד אַזאַ וועלט־רעליגיע ווי איסלאַם. די קריסטלעכע קירכע האָט פונם סאַמע אָנהויב פון איר עקזיסטענץ, אַלס אַ קאָנסאָלידירטע אינסטיטוציע, פאַרבאָטן חתונות מיט ניט־קריסטן. אויפן סמך פון געוויסע דערקלערונגען, וואָס ווערן צוגעשריבן די קירכן־פאָטערס, טערטוליאַן און קיפּריאַן, האָט דער ראָט פון עלווירא נאָך אין די יאָרן 300־306 פאַרבאָטן קריסטלעכע מיידלעך חתונה צו האָבן מיט „אומגעטרייע אידן, אַפּיקורסים און פּריסטער פון געצנדינערישע קולטן״. אין 339 האָט דער אימפּעראַטאָר קאָנסטאַנטין מיט זיין מאַכט פאַרבאָטן וועלכע ניט איז געמישטע חתונות צווישן קריסטן און אידן, און שפּעטער, אין 388, האָבן די באַרימטע סטאַטוטן פון וואַלענטיניאַן, טעאָדאָסיוס און אַרקאַדיוס דערקלערט אַלע אַזעלכע חתונות פאַר „ניאוף און זנות״, און קינדער, וואָס זיינען געבוירן געוואָרן פון זיי, פאַר „ממזרים״. פון דעמאָלט אָן האָבן די צוויי הויפּט־קירכן פון „קלאַסישן״ קריסטנטום, די רוימיש־קאַטוילישע און די גריכיש־אָרטאָדאָקסישע, אין פּרינציפּ זיך קיינמאָל ניט אָפּגעזאָגט פון יענעם איסור (כאָטש אין אינדיווידועלע, זייער זעלטענע, פאַלן גיט דער פּויפּסט אַמאָל אַרויס אַ דערלויבעניש אויף אַ געמישטער חתונה). נאָך מער: די קאַטוילישע קירכע האָט, נאָך דער רעפאָרמאַציע, אויסגעשפּרייט דעם דאָזיקן פאַרבאָט אויך אויף אָפּגעזונדערישע קריסטן. די פּויפּסטן אורבאַן דער אַכטער, קלעמענט דער עלפטער, בענעדיקט דער פערצנטער, פּיוס דער ניינטער און

לעאָ דער דרייצנטער האָבן אויפן שטרענגסטן אופן פאַרבאָטן קאַטאָליקן חתונה צו האָבן אויך מיט פּראָטעסטאַנטן. און נעמען מיר אַ פאַרהעלטניס־מעסיק יונגע קירכע ווי די „טשוירטש אָף ענגלאַנד", געפינען מיר ביי איר, אין דער אַזוי גערופענער „וועסטמינסטער קאָנפעשאָן אָף פעיט", אַ דערקלע־רונג, אַז „די וואָס געהערן צו דער אמת'ער רעפאָרמירטער רעליגיע טאָרן ניט חתונה האָבן מיט אומטרייע, מיט פּאַפּיסטן (קאַטאָליקן) און... אַנדערע געצנ־דינער". אידן ווערן אין יענעם דאָקומענט ניט דערמאָנט, מחמת דעם פּשוט'ן טעם, וואָס אין ענגלאַנד זיינען דעמאָלט אינגאַנצן קיין אידן ניט געווען. לויט אַ געזעץ אין אירלאַנד פון 1697 טאָר אַ פּראָטעסטאַנטישע פרוי, וואָס פאַרמאָגט פינף הונדערט פונט און מערער, ניט חתונה האָבן מיט אַ „פּאַפּיסט", און טוט זי עס יאָ, פאַרלירט זי איר אייגנטום (דאָ האָבן מיר נאַטירלעך צו טאָן מיט ריין עקאָנאָמישע כוונות וואָס שלייערן זיך רעליגיעז), און לויט אַן אירישן געזעץ פון 1745 דאַרף יעדער קאַטוילישער גלח, וואָס פירט דורך חופּה־וקידושין צווישן אַ פּראָטעסטאַנט און אַ קאַטאָליק, פאַראורטיילט ווערן צום טויט. אַ סך טאָלעראַנטער אויף דעם שטח איז דער איסלאַם, אָבער אויך אַ מוסולמענער טאָר ניט חתונה האָבן מיט קיין „אומגלויביקער" פרוי, כאָטש לויטן קאָראַן מעג מען מאַכן אַן אויסנאַם פאַר אַן אַזוי גערופענער „קיטובייאַ", פאַר אַ פרוי וואָס אָנערקענט, הייסט עס, „כתב", די הייליקע שריפטן (אַ אידישע אָדער אַ קריסטלעכע, אָבער ניט קיין געצנדינערישע). אַזעלכע חתונות ווערן ביי מאַכמעדאַנער באַטראַכט פאַר געזעצלעך, אָבער מען באַציט זיך צו זיי מיט פאַראַכטונג, באַזונדערס ווען זיי ווערן געשלאָסן אין אַ ניט־מוסולמעניש לאַנד (!), וואו די סכנה פון פרעמדע רעליגיעזע השפּעות איז פיל שטאַרקער איידער אין אַ לאַנד, וואו דער איסלאַם דאָמינירט.

מיר האָבן געבראַכט די דאָזיקע ביישפּילן אַלס אילוסטראַציע פאַר דעם ריין־רעליגיעזן כאַראַקטער פון אידישן איסור אויף געמישטע חתונות, וואָס האָט גאָרנישט קיין פאַרבינדונג מיט וועלכע ניט איז מאָטיוון פון ראַסן־פּרעזערוואַציע. און זאָל אין דעם צוזאַמענהאַנג דערמאָנט ווערן, אַז אין אַכצנטן יאָרהונדערט האָבן געוויסע רבנ'ישע אויטאָריטעטן פאַרבאָטן אַפילו חתונות צווישן אידן און אידן. מיר האָבן דאָ אין זינען דעם באַרימטן מתנגד'ישן חרם אויף חסידים, אין וועלכן פרומע אידן ווערן געוואָרנט קעגן שליסן שידוכים מיט די חסידים, ווייל זייערע טעכטער מיינט מען, ווען די תורה זאָגט: „ארור שוכב עם כל בהמה" (פאַרשאָלטן זאָל זיין דער וואָס ליגט מיט אַ בהמה). אין דעם פאַל האָט זיך דאָך, זיכער, ניט געהאַנדלט וועגן וועלכן ניט איז ראַסן־מאָטיוו, אָבער די רעליגיעזע מחלוקת האָט צווישן מתנגדים און חסידים אָנגענומען אין ווילנער גאונ'ס צייטן אַזאַ עקסטרעמען כאַראַקטער, אַז ראַסן־כשר'ע אידישע טעכטער פונם חסידישן צד זיינען דערקלערט געוואָרן

פאר „בהמות״. צום גליק האט דער דאזיקער חרם לאנג ניט געקאנט עקזיסטירן, אבער ער איז כאראקטעריסטיש, אין א געוויסער מאס, פאר דער שטעלונג פון דעם אזוי גערופענעם פרושים־אידנטום צו דער פראגע פון חתונה, וואס ווערט פון אים באטראכט ניט ווי בלויז א ציווילער אקט, נאר אויך, און פאר אלעמען, אלס אן אינטימע פארבינדונג וואס פאדערט א געוויסן מינימום פון גייסטיקער און רעליגיעזער הארמאניע.

דער אויספיר פון אונזערע ביזאהעריקע באטראכטונגען איז א קלארער: דער אידישער אתה־בחרתנו־באגריף האט, אין אלגעמיינעם סך־הכל, זיך ניט אויסגעווירקט אין א פארהייליקונג פון דער אידישער ראסע. עפענענדיק אין פרינציפ ברייט די טויערן פאר גרים און אפשאפנדיק אלע עיכובים פאר דער ביאלאגישער אויסמישונג פון גרים מיט אידן־פון־געבורט, האט דאס אידנטום געליפערט דער וועלט א פראגמאטישן באווייז, אז דאס, וואס מיר באצייכענען אין אונזער היינטיקן זשארגאן מיטן ווארט „ראסע״, איז פאר אים ניט קיין דבר שבקדושה, ניט קיין פעטיש...

## VII

די באציאונג צו גרים איז ניט אין יעדן צייט־אפשניט, אפילו אין דער ראם פון דער תלמוד׳ישער עפאכע, געווען איינע און די זעלביקע. אויך אין איינעם און דעם זעלביקן דור האבן געהערשט אין פארשיידענע קרייזן פון אידנטום פארשיידענע אויפפאסונגען סיי וועגן די אומות־העולם בכלל און סיי וועגן יענע יחידים פון זיי, וואס זיינען גרייט אנצונעמען די אידישע אמונה. די ארומיקע פאליטישע אומשטענדן, ווי אויך דער כאראקטער פון די סאציאלע קאנטאקטן, וואס האבן עקזיסטירט אין פארשיידענע צייטן צווישן אידן און ניט־אידן, האבן נאטירלעך געלייגט זייער שטעמפל אויף דער אידישער שטעלונג צו דער ניט־אידישער וועלט. לאמיר נעמען, צום ביישפיל, אזא פרט ווי דער פארבאט צו פארקויפן „בהמה גסה״ (גרויסע, וואוקסיקע בהמות) צו גויים, וועלכער איז ביי אידן א באשטימטע צייט געווען אין קראפט. דאס קאן מאכן דעם איינדרוק פון אן עקאנאמישער דיסקרימינאציע קעגן מענטשן פון פרעמדע ראסן, אבער דער מאטיוו, ווי מיר האבן בקבלה, איז גאר געווען א ריין־רעליגיעזער. דאס איז געווען, נוצנדיק רב אשי׳ס אן אויסדרוק, א „גזירה משום שאלה״, א פארבאט צוליב א פראגע אדער א פארדאכט — אז דער גוי וועט מיט דער געקויפטער בהמה טאן ארבעט אום שבת. רב אשי האט געזוכט אפצושאפן דעם דאזיקן פארבאט, ווייל מען מעג אננעמען, אז דער גוי קויפט גאר די בהמה פאר שחיטה, ניט דווקא פאר מלאכה (עבודה זרה ט״ו). דאס מוז, ווי מיר קאנען דא זען, ניט הייסן, אז יענע חכמים וואס האבן ארויפגעלייגט אן איסור זיינען געווען פארטיקולאריסטן

און רב אשי האָט אין דעם פאַל געהאַנדלט ווי אַן אוניווערסאַליסט. רב אשי האָט געקאָנט זיין סענסיטיווער (און נאָכגיביקער) צום דרוק פון עקאָנאָמישע באַדינגונגען איידער אַנדערע חכמים — ווי דאָס איז זיכער געווען הלל הזקן, ווען ער האָט איינגעפירט „פרוזבול" — און איז אפשר בכלל אין געוויסע פאַלן געווען מער מקיל ווי אַנדערע. ניט יעדן אויסדרוק פון די חז"ל און אַפילו ניט יעדן דין, אויף וועלכן מען האָט זיך געאייניקט, מוז מען אָננעמען אַלס אַ פועל־יוצא פון אַ באַשטימטער שטרענגער וועלט־אַנשויאונג. פּערזענלעכע מענטאַליטעט, ציטווייליקע אומשטענדן און אומפאַרמיידלעכע אָפּאָרטוניזמען („מפני דרכי שלום") האָבן אין אַלע ציטן געהאַט זייער ווירקונג. לויט געוויסע סימנים, האָט, למשל, ביי אידן אַ שטיק צייט עקזיסטירט אַ פאַרבאָט צו פאַרקויפן גויים געווער. איז געקומען דער זעלביקער רב אשי און האָט מתיר געווען עס צו פאַרקויפן צו פערסער, און דער מאָטיוו איז דאָ, ווי מען קאָן זען פון זיין דערקלערונג, געווען אַ היסטאָריש־פּאָליטישער, וואָס האָט גאָר ניט צו טאָן מיט וועלכע ניט איז ראַסן־פּרעפערענצן: פערסער, האָט ער געטענה'ט, פאַרטיידיקן אידן. אַנדערע פעלקער זיינען חשוד, אַז זיי וועלן נוצן דאָס געווער, געקויפט ביי אידן, כדי אָנצופאַלן אויף זיי גופא, אָבער פערסער זיינען, אין יענעם פּעריאָד, געווען אידישע פריינט, און דערפאַר איז נישטאָ קיין פּאָליטישער מאָטיוו צו דיסקרימינירן קעגן זיי אין האַנדל מיט כלי־זין.

אַזעלכע פאַקטאָרן האָבן, אָן שום ספק, געווירקט אויך אויף דער באַציאונג צו גרים. אָט זאָגט, למשל, רב חלבו אַז „קשים גרים לישראל כספחת", אַז גרים זיינען אַזוי שווער פאַר אידן ווי אַ בייזע קרעץ. עס קאָן זיין, אַז ער איז בכלל געווען גענויגט צו אַ געוויסער מאָס פון ראַסן־שאָוויניזם, אָבער עס איז גאָרניט אויסגעשלאָסן, ווי אייניקע ווילן אָננעמען, אַז אַזאַ שאַרפער אויסדרוק איז געבוירן געוואָרן אַלס אַן עמאָציאָנעלע רעאַקציע קעגן די מעשים פון געוויסע גרים, און ר' חלבו האָט דאָ פשוט געזינדיקט מיט אַ צו ברייטער גענעראַליזאַציע. הורדוס'עס דינאַסטיע, וואָס שטאַמט פון די בני אדום, אויף וועלכע יוחנן הורקנוס האָט אַרויפגעצוואונגען די אידישע אמונה, איז געווען פאַרהאַסט ביים גאַנצן פאָלק, און האָט מיט אירע מעשים געקאָנט אַרויסרופן אַ נויגונג צו טראַנספערירן די שנאה צו איר אויף גרים בכלל. אַנטוישונג אין געוויסע גרים, וואָס זיינען ניט מקיים די מצוות, וועלכע זיי האָבן גענומען אויף זיך, האָט אייניקע געקאָנט ברענגען צו אַ געפיל, אַז „הגרים מעכבים את המשיח" (נדה י"ג), אַז גרים פאַרהאַלטן מיט זייערע מעשים משיח'ס קומען, אָדער צו נאָך אַ שאַרפערן אויסדרוק קעגן אידישע „מיסיאָנערן": „רעה תבוא למקבלי גרים" (יבמות ק"ט) — אַלדאָס בייזע זאָל קומען אויף די, וואָס נעמען אָן גרים. דאָס זיינען מערסטנטייל עמאָציאָ־

נעלע אויסברוכן, וואָס קערן זיך ניט אָן מיט נאָרמאַטיווע דינים, און עס איז נישטאָ קיין גרונט זיי צו באַטראַכטן פאַר כאַראַקטעריסטיש. אויב, למשל, ר' אליעזר בן הורקנוס וויל זאָגן „האוכל פת כותים כאוכל בשר חזיר" (ווער עס עסט ברויט פון די כותים, אָדער שומרונים, איז גלייך ווי ער וואָלט געגעסן חזיר־פלייש), דאַרף עס ניט הייסן, אַז ער האָט דאָס געמיינט בוכ־שטעבלעך, אַז זיין כוונה איז טאַקע געווען צו מאַכן פון זיין מימרא אַ געזעץ. וועגן די זעלביקע כותים זאָגט ר' שמעון בן גמליאל (קידושין ע"ו) אַרויס גאָר אַן אַנדער מיינונג: „כותים כישראל לכל דבר" — די שומרונים זיינען אידן אין אַלע הינזיכטן. יעדער פון די צוויי חכמים האָט דאָ אויסגעדריקט זיינע אַ סוביעקטיווע באַציאונג אָדער, אויב מען מעג זיך אַזוי אויסדריקן, זיין פערזענלעכן „געשמאַק". וויכטיק איז דאָ די אַלגעמיינע אַנטוויקלונגס־ליניע, וואָס איז מיט דער צייט פאַרקערפּערט געוואָרן אין באַשטימטע און קלאָרע דינים און אין די פּרטים פון פּראָצעדור און ריטואַל. די אַלגעמיינע טענ־דענץ איז געווען — מקבל צו זיין גרים מיט אָפענע אָרעמס, כאָטש ניט ווייניקע פון די חכמים האָבן געהאַט זייער גוטן גרונט צו וואָרענען קעגן לייכטזיניקע גרים און קעגן אַזעלכע וואָס נעמען אָן דאָס אידנטום מיט זייטיקע פּניות אָדער עגאָאיסטישע כוונות. און רעדנדיק וועגן דער אַלגע־מיינער טענדענץ, וואָלט געווען, גלויבן מיר, אַ גרויסע איבערטרייבונג אָנצו־נעמען, אַז הלל און שמאי האָבן אין זיך פאַרקערפּערט צוויי אַנטקעגנגעזעצטע שטאַנדפּונקטן וועגן דעם „אַדרעסאַט" פון דער אידישער אמונה, אַז הלל איז געווען אַן אוניווערסאַליסט און האָט געוואָלט אַריינברענגען וואָס מער גויים „אונטער די פליגלען פון דער שכינה", בשעת שמאי איז געווען אַ פּאַר־טיקולאַריסט אָדער ראַסיסט און האָט בכלל ניט געוואָלט אַז מענטשן פון אַנדערע ראַסן זאָלן זיך מגייר זיין. דער סיפּור־המעשה אין מסכתא שבת, וועגן דעם ווי הלל און שמאי האָבן באַהאַנדלט, יעדער אויף זיין אופן, קאַנדידאַטן אויף זיך מגייר־צו־זיין, אויב מען לייענט אים אויפמערקזאַם, ברענגט אַרויס גאָר אַן אַנדער אונטערשייד צווישן זייערע אויפפאַסונגען. ווען דער גוי קומט צו שמאי'ן און זאָגט אים „גיירני על מנת שתלמדני כל התורה כולה, כשאני עומד על רגל אחת" (זיי מיך מגייר מיט דער באַדינגונג, אַז דו זאָלסט מיך אויסלערנען די גאַנצע תורה בשעת איך שטיי אויף איין פוס), דאַרף עס ניט הייסן, אַז דער גוי זוכט צו שטעלן דעם אידישן חכם אין אַ פאַרלעגנהייט, אָדער אַז ער ווילצלט זיך איבער אים, אָדער אַז ער איז „פויל" לאַנג צו לערנען די תורה. אין גרונט וויל ער גאָר וויסן, וואָס איז דער יסוד פון דער אידישער אמונה, איר אַלגעמיינער רעגולאַטיווער פּרינציפּ; ער פאָדערט פון שמאי'ן אַ מין קאָנדענסירטע פאָרמולע פון אידנטום אָדער, אַזוי צו זאָגן, דעם פילאָ־זאָפישן הינטערגרונט פון דער גאַנצער אידישקייט. אָבער שמאי איז אַ

קפדן און ער שטויסט אים אָפּ פון זיך מיט כעס. ער וויל ניט אָנערקענען אַזאַ צוגאַנג צום אידנטום און אים שאַקירט דאָס פרעגן, אין וואָס עס באַשטייט „זיין קווינטעסענץ"; ער האָט דערביי מורא, אַז דער גוי קאָן אָננעמען דעם אַזוי געראָפענעם תמצית פון אידנטום און נאָכדעם ניט אָפּהיטן די מצוות מעשיות (אין מיטלאַלטער האָבן מיר געזען ענלעכע קאָנפליקטן ביי אידן, וואָס האָבן גאָרניט געהאַט צו טאָן מיט דער באַציאונג צו גרים — אין דער פראַגע פון „עיקרים", די הויפּט־דאָגמען פון דער אידישער רעליגיע; עס זיינען געווען גרויסע אויטאָריטעטן אין אונזער טעאָלאָגיע, וועמען עס האָבן שאָקירט סיי דער רמב"ם, וואָס האָט פאָרמולירט דרייצן עיקרים, און סיי באַזונדערס די וואָס האָבן געהאַלטן, אַז די צאָל עיקרים איז נאָך קלענער. אַלע תרי"ג מצוות, האָבן זיי גע'טענה'ט, זיינען עיקרים און מען טאָר ניט זוכן קיין „עקסטראַקטן"). הלל אָבער האָט דעם גוי יאָ מגייר געווען, און בשעת יענער איז געשטאַנען אויף איין פוס האָט ער אים אויסגעלייגט די גאַנצע תורה: „וואָס איז דיר פאַרהאַסט, זאָלסטו ניט טאָן דיין חבר" — אָט דאָס איז די גאַנצע תורה, און דאָס איבעריקע איז בלויז אַ פירוש אויף דער מצווה, און דו דאַרפסט איצט יענעם פירוש גיין לערנען.

הלל איז, ווי מען קאָן זען פון זיין פאָרמולע, אויך ניט געווען גרייט צו באַפרייען דעם גר פון מצוות מעשיות: יענער דאַרף דאָך ערשט גיין לערנען דעם „פירוש". ניט טאָן מענטשן קיין שלעכטס, האָט ער געוואוסט ניט וויניקער פון שמאי, איז נאָך ניט גענוג פאַר איינעם כדי צו ווערן אַ איד. די „שבע מצוות בני נוח", די זיבן מצוות וואָס אַלע מענטשלעכע ברואים זיינען מחוייב מקיים צו זיין, זיינען שוין אין הלל'ס צייטן געווען באַקאַנט, אָבער קיינער פון די חכמים האָט ניט געקאָנט האַלטן, אַז אַ גוי וואָס איז מקיים יענע מצוות (וואָס זיינען אַ מין „נאַטירלעכע רעליגיע" און אַ ספּעציפיקאַציע פון הלל'ס פאָרמולע „וואָס איז דיר פאַרהאַסט, זאָלסטו ניט טאָן דיין חבר") ווערט דורך דעם אַ מיטגליד פון דער אידישער רעליגיעזער געמיינדע. אידן האָבן שוין דעמאָלט געוואוסט, אַז ביי די אומות־העולם זיינען פאַראַן „יראי אלהים" (גאָט־פאָרכטיקע), אַזעלכע וואָס גלויבן אין גאָט מער אָדער וויניקער לויט די אידישע אויפפאַסונגען און פירן אַ ריין, זיטלעך לעבן, אָבער דער ירא־אלהים איז פונדעסטוועגן ניט קיין גר. זיי האָבן געוואוסט, אַז עס זיינען פאַראַן אויך חסידי אומות העולם, וואָס האָבן אַפילו אַ חלק אין עולם הבא, אָבער דאָס האָט זיי פאַר קיין אידן ניט געמאַכט. הלל'ס פאָרמולע פאַר מגייר זיין איז דעריבער גאָרניט אַזאַ קלאָרע, ווי אַסאַך ווילן אָננעמען. עס איז כמעט אוממעגלעך זיך פאָרצושטעלן, אַז הלל זאָל טאַקע פּראַקטיש האָבן אָנגענומען אַ גוי פאַר אַ גר־צדק בלויז אויפן סמך פון דער עטישער פאָרמולע, וואָס יענער האָט אויף זיך מקבל געווען. יענע עטישע פאָרמולע, אַן גלויבן אין

גאָט, אין איין גאָט, קאָן טאַקע זיין, אויך פאַר הלל׳ן, אַ הויכער פּרינציפּ פאַר מענטשלעכע האַנדלונגען, אָבער נאָך ניט קיין רעליגיע; דער „בין אדם למקום״, דעם מענטשנ׳ס פליכטן צו גאָט, זיינען פאַר הלל׳ן געווען ניט פון קיין קלענער באַדייטונג, און ווי וויכטיק עס איז ניט געווען אין זיינע אויגן דער „בין אדם לחברו״, די סאָציאַלע פליכטן צו מיטמענטשן, זיינען זיי לחלוטין ניט גענוג כדי צו דערפילן גאָט׳ס ווילן. עס איז אויך אוממעגלעך זיך פאָרצושטעלן, אַז הלל זאָל האָבן אַנגענומען אַ גר אָן מילה, און וועגן דעם ווערט אויך אין דעם סיפּור־המעשה גאָרנישט ניט דערמאָנט. די גאַנצע אגדה שיינט אונז דערפאַר צו זיין ניט קיין באַריכט פון אַ מעשה שהיה, נאָר גיכער אַן אָפּקלאַנג פון אַ קאָנפליקט צווישן הלל און שמאי — ניט אויפן שטח פון אוניווערסאַ־ליזם און פּאַרטיקולאַריזם, נאָר אין דער פראַגע פון באַטאָנונג — וואָס איז ווערטפולער אין רעליגיעזן לעבן: די מצוות מעשיות, אָדער די כוונה און די מעשים טובים? שמאי איז געווען מער מחמיר אין ענינים פון ריטואַל, מער „קפדן״, און די פראַגע פון „עיקר״ און „טפל״ האָט אפשר פאַר אים ניט עקזיסטירט אין דער מאָס, אין וועלכער זי האָט געקאָנט עקזיסטירן פאַר הלל׳ן. עס מוז ניט הייסן, אַז הלל איז געווען אַן אַנטי־ריטואַליסט. דאָס איז, נאָך אים, אויך ישו הנוצרי ניט געווען. ישו האָט מקיים געווען די מייסטע מצוות מעשיות, אָבער ער האָט זיך פון צייט צו צייט דערלויבט עובר צו זיין אויף אייניקע פון זיי. זיי זיינען פאַר אים געווען מער אַן עלעמענט פון אידיש־רעליגיעזן פאָלקלאָר און לעבנס־נוסח. ער האָט צו זיי געהאַט אַן אינטימע באַציאונג, זיי האָבן אים ניט ווייניק געוואָרעמט, אָבער קיין אַבסאָלוטן ווערט האָט ער זיי ניט צוגעשריבן. אים האָט אויך געקאָנט שאָקירן די מעכאַניזאַציע פון די מצוות מעשיות ביי אַ טייל פון זיינע פאָלקסגענאָסן, ווי דאָס האָט אין די לעצטע דורות שאָקירט, לאָמיר זאָגן, דעם בעל־שם, אָדער ר׳ נחמן בראַצלאַווער, אָדער דעם קאָצקער רבי׳ן. עס וואָלט געווען ריזיקאַליש אָנצונעמען, אַז הלל׳ס באַציאונג צו ריטואַליזם איז געווען אינגאַנצן די זעלביקע וואָס ישו הנוצרי׳ס, אָבער אַ געוויסע, כאָטש ווייט ניט דרייסטע, טענדענץ צוצושרייבן די מצוות מעשיות אַ רעלאַטיוון ווערט, אין יעדן פאַל זיי ניט אָוועקצושטעלן „אויבן־אָן״, האָט עקזיסטירט ביי אידן אויך פאַר דער אַנטשטייאונג פון קריסטנטום, און די דאָזיקע טענדענץ, שיינט אונז, הערט זיך אַרויס פונם דיאַלאָג וואָס ווערט צוגעשריבן הלל׳ן און דעם גוי וואָס וויל זיך מגייר זיין. הלל׳ס פאָרמולע האָט אין זיך אַן עלעמענט פון פּאָלעמיק מיט אַנדערע חכמים פון זיין צייט; זי איז אַ רעאַקציע קעגן איבערבאַטאָנען דעם ווערט פון מצוות מעשיות. פון דער אַנדערער זייט, איז שמאי׳ס אָפּשטויסן דעם גוי ניט דער ווילן צו מאַכן בכיוון׳דיקע שוועריקייטן פאַר אַ מענטשן פון אַ פרעמד פאָלק אָנצונעמען די אידישע אמונה (נאַציאָנאַלער

שאָוויניזם), נאָר גיכער אַ פּראָטעסט קעגן דער אויפפאַסונג, אַז ריטועלע מצוות זיינען פון אַ סעקונדערן ווערט. דער קאָנפליקט, אין דעם פּונקט, צווישן הלל און שמאי דאַרף גיכער אויסגעטייטשט ווערן אין טערמינען פון „אָרטאָדאָקסיע" און „ליבעראַליזם", איידער אין די טערמינען פון פּאַרטיקולאַריזם און אוניווערסאַליזם.

וויפל האַרבע ווערטער, ווערטלעך און קריטישע באַמערקונגען וועגן גרים מיר זאָלן ניט געפינען אין דער תלמודישער ליטעראַטור (און זיי זיינען פאַראַן ניט ווייניק), זיינען זיי ניט אימשטאַנד צו פאַרטונקלען מיט זיך די אַלגעמיינע ריכטונג אין אידנטום, וואָס האָט געפירט צו אַ מער אָדער ווייניקער אויסגעשפּראָכענעם אוניווערסאַליזם. אין דער ספערע פון אגדה, אינם פרייען „קינסטלערישן" שפּיל פון אַסאָציאַציעס און איינפאַלן, האָבן זיך געוויסע חכמי־התלמוד און בעלי־המדרש געקאָנט „זיך לאָזן וואויל־גיין" מיט פאָראורטיילן און „אידיאָסינקראַזיעס", אָבער ווען עס איז געקומען די צייט פעסטצושטעלן אַ הלכה, האָט מען געמוזט „זיך נעמען אין די הענט", זיך גייסטיק און מאָראַליש דיסציפּלינירן און אַרויסטראָגן אַן אורטייל לויטן וואָכזאָמען רעליגיעזן געוויסן און ניט אויפן גרונט פון די דענק־געוואוינהייטן און „אימפּרעסיאָניזמען", וואָס זיינען אַרויפגעצוואונגען געוואָרן פונם טאָג־טעגלעכן לעבן מיט זיינע אָפּטמאָל איבערפלעכלעכע דערפאַרונגען. און די הלכה איז אַ קלאָרע: אַ גוי קאָן ווערן אַ איד, און ווילער עס ווערן מיטן פולן האַרצן און מיט ריינע כוונות, דאַרף מען אים מקבל זיין. דער זעלביקער ר' חלבו וואָס האָט זיך דערלויבט צו זאָגן, אַז גרים זיינען פאַר אידן ווי אַ בייזע קרעץ, ווען עס קומט צו אים אַ גוי און דערקלערט זיין גלויבן אין אידישן גאָט און איז מסכים זיך מל צו זיין און נעמען אויף זיך דעם עול פון מצוות, וואָלט, לויט די אָנגענומענע תקנות פון זיין צייט, ניט געהאַט פּראַקטיש קיין אויסוועג און ער וואָלט אים געמוזט מקבל זיין. ער וואָלט געמוזט מקיים זיין די הלכה, אָדער דעם מנהג וואָס האָט שוין געקראָגן די קראַפט פון אַ הלכה, אָדער זיך אונטערוואַרפן דעם כוח פון פּרעצעדענטן („ראה מעשה ונזכר הלכה"), און אַריינעמען דעם גוי אין דער אידישער געמיינדע, און אויב ער האָט טאָקע געהאַט קעגן דעם אַ סוביעקטיוון ווידער־ווילן, וואָלט ער זיך מסתמא געטרייסט מיט דער אגדה, לויט וועלכער אַ געוויסע צאָל גוים זיינען אויף אַן אייגנאַרטיק מיסטעריעזן אופן אַפילו געשטאַנען ביים באַרג סיני: „אמר לו רב אחא בנו של רבא לרב אשי: גרים מהו? (שבת קמ"ה) — און וועגן גרים וואָס זאָגסטו? דער קויט האָט זיך אָפּגעטאָן פון אידן ווייל זיי זיינען געשטאַנען ביים באַרג סיני, אָבער גרים זיינען דאָך ניט געשטאַנען; דאַרף עס הייסן, אַז זיי בלייבן שמוציק? אמר לו: „אף על פי שהם לא היו, מזלם היה" — האָט אים רב אשי געענטפערט: כאָטש זיי אַליין

זיינען דאָרט ניט געווען, איז אָבער זייער מזל דאָרט יאָ געווען; זיי זיינען, אַזוי צו זאָגן, געווען פּאַרטראַכטן ביים באַרג סיני גייסטיק, דורך זייער שיקזאַל אָדער „שטערן", און זייער פיזישע אָפּוועזנהייט האָט ניט קיין באַדייטונג. פאַר דער אַלגעמיינער אָריענטאַציע פונם תלמודישן אידנטום איז כאַראַקטעריסטיש ניט ר׳ חלבו, מיט זיין אויפפאַסונג אָדער מימרא, נאָר גיכער אלעזר בן פדת (פסחים פ״ז), וועלכער זעט אין דעם עצם גלות, אין צעשפּרייטן אידן איבער פרעמדע לענדער אַ באַשטימטן צוועק פון דער השגחה — צו־צוציען גרים צום אידנטום. אלעזר בן פדת׳ס שטעלונג האָט זיך קריסטאַליזירט אין הלכה און מנהג, בשעת ר׳ חלבו׳ס אַפאָריזם איז געבליבן אַ פּריוואַטע אָפּשאַצונג.

דער וויכוח וואָס האָט זיך אַ לענגערע צייט געפירט צווישן די פאַר־שיידענע חכמי־התלמוד אין דעם ענין גרים, האָט זיך ניט געדרייט אַרום דער פראַגע, צי דאַרף מען בכלל זיי מקבל זיין אָדער ניט — וועגן דעם זיינען שוין צווישן זיי קיין חילוקי־דעות ניט געווען — נאָר הויפּטזעכלעך וועגן דער פּראָצעדור אָדער וועגן די באַדינגונגען, אונטער וועלכע אַ גוי קאָן ווערן אַ איד. אַזאַ וויכוח איז שוין פאַרגעקומען צווישן די ראשונים פון די תנאים. ר׳ יהושע בן חנניה, למשל, האָט געהאַלטן, אַז „טבל ולא מל, הרי זה גר" (אַז אויב אַ גוי האָט דורכגעמאַכט די צערעמאָניע פון טבילה, קריגט ער שוין דעם סטאַטוס פון אַ גר, כאָטש אַפילו ער האָט זיך ניט מל געווען); פון דער אַנדערער זייט, האָט ר׳ אליעזר בן הורקנוס געוואָלט גלויבן, אַז „מל ולא טבל, הרי זה גר" (אַ גוי וואָס האָט זיך מל געווען, איז שוין אַ גר, אַפילו אָן טבילה), אָבער סתם חכמים האָבן אָנגענומען — און דאָרט וואו מיר באַגעגענען זיך מיט אַ מיינונג פון אַנאָנימע חכמים איז דאָס די הלכה — אַז „אינו גר עד שימול ויטבול" (מען קאָן ניט ווערן קיין גר, סיידן מען מאַכט דורך ביידע, סיי מילה און סיי טבילה). אויך דאָ, אין דער מיינונגס־פאַרשיידנקייט צווישן די צוויי דערמאָנטע תנאים, האָבן מיר צו טאָן ניט מיט אַ חילוק צווישן פּאַרטיקולאַריסטן און אוניווערסאַליסטן, נאָר גיכער צווישן „אָרטאָדאָקסן" און „ליבעראַלן". טבילה איז אַ לייכטע זאַך, מילה אַ פאַרהעלטניסמעסיק שווערע — איז ר׳ יהושע בן חנניה גרייט מוותר צו זיין אויף אַ שווערער אָפּעראַציע און זיך באַנוגענען מיט טבילה אַלס סימבאָלישע אָפּקערונג פון גוי׳אישקייט און באַקערונג צו אידישקייט, ווייל, ווי הלל, איז ער שוין ניט געענויגט, כאָטש ער גיט זיך מסתמא וועגן דעם קיין קלאָרן חשבון ניט אָפּ, צוצושרייבן מצוות מעשיות אַן אַבסאָלוטן ווערט, בשעת אַנדערע, די סתם חכמים, זיינען קעגנעריש צו אַזאַ „רעפאָרם־אידנטום" (אין דער גרייטקייט צו באַפרייען פון מילה אַ גר ליגט שוין, זאָל דאָ באַמערקט ווערן, אַ פּאָ־טענציעלע גרייטקייט צו באַפרייען פון דער דאָזיקער מצווה אויך אַ „ראַסן־

אידן"). אונז איז ניט קלאָר, ווער עס איז חנניה, יענער סוחר פון יהודה, וועגן וועלכן יוסף פלאַוויוס דערציילט, אַז ער האָט פאַרקערט מיט זוטוס, דעם קעניג פון אַדיאַבענאַ. זוטוס' מוטער און פרוי האָבן זיך ביידע מגייר געווען און אויך דער קעניג האָט באַשלאָסן דאָס צו טאָן און זיך אויך מל זיין, אָבער גראָד דער איד חנניה האָט אים דערפון געפּרואווט אָפּרעדן: „מען קאָן פירכטן גאָט, האָט ער אים דערקלערט, אויך אָן מילה; דער עיקר איז אָפּצוהיטן די טראַדיציע פון די אידישע אבות און דאָס איז וויכטיקער פון מילה" (אַ נוסח, וואָס דערמאָנט אין אַ געוויסער מאָס אָן הלל'ס פאָרמולע). דער סוחר פון יהודה האָט דאָ אויסגעדריקט אַ מיינונג, וואָס איז וואַרשיינלעך שוין ניט איינמאָל אַרויסגעבראַכט געוואָרן פון חכמים און ער האָט דערפון געוואוסט; עס איז זיך שווער פאָרצושטעלן, אַז אַ סוחר, ניט קיין „חכם", זאָל נעמען אויף זיין אייגענער אויטאָריטעט צו געבן אַזעלכע עצות. דער דאָזיקער וויכוח וועגן דער פּראָצעדור פון זיך־מגייר־זיין איז שפּעטער איבערגעטראָגן געוואָרן אין דער עוואַנגעלישער אור־געמיינדע און ער האָט דאָרט, דאַרף מען גלויבן, די זעלביקע באַדייטונג וואָס ער האָט געהאַט ביי די חכמים. די אַפּאָסטאָלן וואָס זיינען געווען קעגן אַריינגעמען אין דער געמיינדע אַזעלכע, וואָס ווילן זיך ניט מל זיין (און באַנוגענען זיך, הייסט עס, מיט טבילה), זיינען אין תוך געווען ניט ווייניקער אוניווערסאַליסטיש געשטימט איידער פּוילוס, וועל־כער פאָדערט אָפּצושאַפן מילה אַלס אַ באַדינגונג צו ווערן אַ מיטגליד אין דער קהלה פון די נוצרים. זיי טאַדלען ניט פּוילוס'ן און די אַנדערע פאַר זייער מיסיאָנערישער אַרבעט אין סיריע, אין גריכנלאַנד, אויף די אינזלען פונם מיטללענדישן ים. זיי ווילן זיך בלויז ניט אָפּזאָגן פון זייער „אָרטאָ־דאָקסישן" סטאַנדאַרד ביים מקבל זיין גרים...

אין דער זעלביקער צייט האָט אָבער ביי אַ באַדייטנדיקן טייל אידן עקזיס־טירט אַ סקעפּטישע און אַפילו אַ קריטישע באַציאונג צו גרים — און זיי האָבן זיך געשטעלט די פראַגע, אין וועלכער מאָס איז די באַקערונג פון אַ גוי צום אידנטום אַן עכטער אַקט, און צי מען מעג זיך פאַרלאָזן אויף אים, אויף וויפל עס האַנדלט זיך וועגן זיין פּראַקטישער אויפפירונג אַלס אַ מיטגליד פון דער אידישער געמיינדע. געוויסע אידן האָבן אויך ניט געגלויבט, אַז ווען דער גר וועט געשטעלט ווערן פאַר אַ שווערן נסיון, וועט ער אים וועלן אָדער זיין בכוח אויסצוהאַלטן — צי וועט ער פּייאיק זיין, אויב מען וועט דאַרפן, גיין אויף קידוש־השם. עס זיינען דערפאַר געמאַכט געוואָרן פאַרשיידענע פאַרזוכן צו קלאַסיפיצירן גרים אין באַשטימטע קאַטעגאָריעס, לויט זייערע כוונות און אינעווייניקסטן ווערט. אין תנא דבי אליהו, למשל, ווערט דורכגע־פירט אַן אונטערשייד צווישן „גר כנכרי לכל דבר" (אַ גר, וואָס איז אין אַלע פּרטים אַ פרעמדער), „גר משול כחמור" (אַ גר וואָס איז געגליכן צו חמור'ן)

און „גר כאברהם אבינו״. דער ערשטער טיפּ גר ווערט כאַראַקטעריזירט אויף פּאַלגנדיקן אופן: „ביי אים אין הויז האָבן זיך געפונען נבלות און טרפות, קריכנדיקע און אָפּשיילעכע באַשעפענישן, האָט ער זיך אַ זאָג געטאָן: לאָמיך זיך מגייר זיין און לעבן צווישן זיי, ווייל זייער עסן איז פיין און זיי האָבן ימים־טובים און שבתים, און די אַלע אומריינקייטן וועלן אויסגעמעקט ווערן פון מיין הויז״. איז ער געגאַנגען און האָט זיך מגייר געווען און גאָט האָט געזאָגט צו ישראל: „קינדער מיינע, אַזוי ווי ער האָט אייך ליב, זאָלט איר אים אויך ליב האָבן״. קיין איד אין פולן זינען איז ער ניט, ווייל געקומען צום אידנטום איז ער בלויז דערפאַר וואָס אַ געוויסער נוסח פון אידישן לעבן איז אים געפעלן געוואָרן — אויב מען מעג זיך אַזוי אויסדריקן, געוויסע, פאַרהעלטניסמעסיק אויבערפלעכלעכע, עלעמענטן פון דער אידישער ציוויליזאַציע — אָבער אים דאַרף מען פונדעסטוועגן ניט נאָר טאָלערירן, נאָר אַפילו מקרב זיין. דער צווייטער טיפּ גר איז געגליכן צו חמור, דעם פאָטער פון שכמ׳ען, וואָס האָט זיך מל געווען צוליב אַ פרוי. וועגן אים זאָגט גאָט אָן ישראל: „קינדער מיינע, ער האָט געבעטן ביי אייך רו, איז לאָזט אים אין רו״: קיין ליבע פאַרדינט ער ניט און צופיל מקרב זיין אים איז ניטאָ קיין גרונט, ווייל ער האָט זיך דאָך מגייר געווען מיט אַ זייטיקער פניה, אָבער טאָלערירן דאַרף מען אים — מען דאַרף אים געבן „מנוחה״. דער העכסטער טיפּ גר איז אָבער פאַרקערפּערט אין אברהם אבינו, וועלכער האָט זיך מגייר געווען כדי ער זאָל קאָנען אַריינקומען „תחת כנפי השכינה״ (אונטער די פליגלען פון דער שכינה). דאָס איז אַן אַקט פון עכטער באַקערונג און דערפאַר איז אברהם ניט נאָר אַ גר, נאָר אויך אַ מגייר, און די אגדה דערציילט אונז, אַז גאָט האָט אים געשיקט פון לאַנד צו לאַנד, כדי ער זאָל אַנדערע אויך באַקערן צום אמת׳ן גלויבן.

אין דער אומגאַנגס־שפּראַך האָבן אויך עקזיסטירט „גרי אריות״, וואָס זייער פּראָטאָטיפּ זיינען געווען די כותים אָדער שומרונים, פון וועמען עס ווערט דערציילט (אין מלכים ב׳ י״ז), אַז דער מלך אשור האָט זיי באַזעצט אין שומרון און די לייבן פלעגן זיי דאָרט פאַרצערן, ביז זיי האָבן אָנגענומען לויט דעם מלך אַשור׳ס באַפעל, „דעם געזעץ פון גאָט פונם לאַנד״. קיין הויכע מיינונג וועגן אַזעלכע גרים האָט דאָס שפּעט־אידנטום ניט געקאָנט האָבן, ווייל דאָס איז פאַר זיי געווען אַ באַקערונג אויס מורא און אונטער דרוק, ניט מיט פרייען ווילן. אַן אַנדער נאָמען פון דער זעלביקער קאַטעגאָריע איז געווען „גרי מרדכי ואסתר״, אַזעלכע וואָס האָבן אָנגענומען די אידישע אמונה אין אַ צייט, ווען אידן האָבן געקראָגן אַ געלעגנהייט, ווי נאָך המנ׳ס מפּלה, זיך נוקם צו זיין אין זייערע גוי׳אישע שונאים. קיין אַכטונג האָבן ביי אַסאַך אידן ניט געקאָנט אַרויסרופן אויך די אַזוי גערופענע „גרי חלומות״,

אַזעלכע וואָס דער בעל־החלומות האָט זיי אָנגעזאָגט אין שלאָף, אַז זיי זאָלן זיך מגייר זיין. אויך זיי זיינען געקומען צום אידנטום אויס פחד, אונטער היפּנאָטישן צוואַנג אָדער צוליב אַבערגלויבן, און וועגן די אַלע דריי גרופּן וואָס האָבן אַ זייער דורכזיכטיקע אַלגעמיינע כאַראַקטעריסטיק, פלעגט ר׳ נחמיה זאָגן (יבמות כ״ד), אַז זיי קאָנען ניט באַטראַכט ווערן פאַר אמת׳ע גרים „עד שיתגירו בזמן הזה״, ביז וואָנען זיי וועלן זיך נאָכאַמאָל מגייר זיין אין אונזערע טעג. אויף אייניקע גרים האָט מען געקוקט ווי אויף אייגנאַרטיקע „הויכשטאַפּלער״, מענטשן וואָס האָבן ניט געקאָנט דערגרייכן קיין הויכע סאָציאַלע שטעלונג אין זייער אייגענער, גוי׳אישער, וועלט, און האָבן גע־מיינט, אַז ביי אידן וועט זיי געלינגען צו קריגן חשיבות און מאַכט: דאָס זיינען די אַזוי גערופענע „גרי שולחן מלכים״, גויים וואָס זיינען גרייט זיך מגייר צו זיין, ווייל זיי האָבן די אַמביציע צו זיצן ביי אַ „קעניגלעכן טיש״.
אַ געוויסער סקעפּטיציזם האָט געמוזט עקזיסטירן אויך בנוגע פיל גרים וואָס האָבן זיך באַקערט צום אידנטום אפילו אָן זייטיקע כוונות, אָבער זייער רעליגיעזע טראַנספאָרמאַציע איז ניט געווען גענוג ראַדי־קאַל. אין תלמוד איז פאַראַן אַ צאָל שטעלן, אין וועלכע גרים ווערן באַשולדיקט, אַז זיי זיינען ניט גענוג בקי אין מצוות, „ואוחזים מעשי אבותיהם בידיהם״ (און האַלטן זיך נאָך ביי מעשים פון זייערע עלטערן). רבי אליעזר הגדול ווייזט אָן (בבא מציעא נ״ט), אַז די תורה האָט זעקס און דרייסיק מאָל געוואָרנט קעגן דעם גר „מפּני שסורו רע״, ווייל זיינע געוואוינהייטן זיינען שלעכטע און אים איז ניט לייכט זיך צו באַפרייען פון די מידות און מנהגים פון זיין אַמאָליקער סביבה. אין יבמות ווערט אויסגעדריקט די מורא, אַז אַ גר קאָן אַמאָל חרטה האָבן אויף זיין באַקערונג און זיך אָפּזאָגן פון אידישקייט („יחזור מגרותו״) שוין נאָכדעם ווי ער האָט מקדש געווען אַ בת ישראל, און ר׳ יוסי (אין עבודה זרה) לאַכט אָפּ פון גרים און פון זייער מאַנגל אין כאַראַקטער און קוראַזש: אין משיח׳ס צייטן וועלן זיי זיך אַזוי דערשרעקן פאַר די ליידן פון דער גוג־און־מגוג־מלחמה, אַז זיי וועלן זיך אָפּזאָגן פון מקיים זיין די מצוות. אָבער דער פּראַקטישער אויספיר פון די אַלע ספקות, אויסזעצונגען און פאַרדאַכטן איז ניט געווען סתם אָפּצושטויסן גויים און זיי ניט אויפנעמען אין דער אידישער געמיינדע; אויפן גרונט פון באַאָבאַכטונגען און פּסיכאָ־לאָגישע אָפּשאַצונגען האָט מען בלויז געראָטן אַ געוויסע פאָרזיכטיקייט אין מקבל זיין גרים און געזוכט איינצופירן אַ באַשטימטע פּראָצעדור. אין יבמות לייענען מיר דערפאַר וועגן אַן עקזאַמען וואָס אַ פּרעמדער האָט גע־דאַרפט דורכגיין כדי זיך מגייר צו זיין. אַ גר וואָס קומט זיך מגייר זיין אין דער איצטיקער צייט זאָגט מען אים: „מה ראית שבאת להתגייר?״ — צוליב וואָס ווילסטו זיך מגייר זיין? ווייסטו דען ניט, אַז אידן זיינען איצטער אָנגע־

וויטיקט, אָפּגעשטויסן, פאַרטריבן און פאַרצערט, און עס קומען אויף זיי יסורים? ענטפערט ער: „יודע אני ואיני כדאי" (איך ווייס און איך בין ניט ווערט צו זיין אַ איד) — איז מען אים מקבל — זיין ענטפער איז אַ באַוויז, אַז ער איז יאָ ווערט! — און מען לערנט אים אויס אַ צאָל לייכטע מצוות און אַ צאָל שווערע מצוות". וואָס דאָס שפּעט־אידנטום, ערב דעם חורבן, אין דער עפּאָכע פון חורבן און נאָך דעם חורבן, האָט געזוכט אינם גר, איז געווען פולע אויפריכטיקייט, גרייטקייט אויסצושטיין אַ מאַרטירערישן שיקזאַל און אָננעמען יסורים באהבה, ענדגילטיקע פאַרבונדנקייט מיט דער אידישער אמונה און מיט דער געמיינדע, וואָס רעפּרעזענטירט די אמונה. מורא געהאַט האָט מען (און די ווירקלעכקייט האָט אַזאַ מורא ניט ווייניק געשפּייזט) פאַר לייכטזיניקער באַקערונג צום אידנטום, פאַר מאַנגל אין כאַראַקטער מקיים צו זיין די מצוות און אויסצושטיין נסיונות, און פאַר „רעצידיווון" פון געצנדינסט. די ווערטער וואָס דער חומש זאָגט וועגן הגר'ן „ותלך ותתע במדבר" (און זי איז געגאַנגען און פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן אין דעם מדבר) טייטשן אייניקע בעלי־אגדה אויס אין דעם זינען, אַז כאָטש לעבנדיק אין אברהמ'ס הויזגעזינט האָט הגר שוין געגלויבט אין איין און איינציקן גאָט, אָבער ווי באַלד זי איז אָנגעקומען אין דעם מדבר, האָט זי גלייך פאַרבלאָנדזשעט צוריק אויף די וועגן פון עבודה־זרה. אָט פון אַזאַ הגר־רעצידיוו האָט דאָס אידנטום זיך געוואָלט פאַרזיכערן ביים מקבל זיין גרים, און אַזאַ שטעלונג טראָגט, ווייטער אַמאָל איבערגע׳חזר׳ט, אַ רעליגיעזן כאַראַקטער, איז רעליגיעז מאָטיווירט און האָט מיט ראַסן־געפילן אָדער ראַסן־פּרינציפּן קיין שום פאַרבינדונג ניט. מען טאָר קיינמאָל ניט פאַרגעסן, אַז די זעלביקע אגדה וואָס האָט אַזוי פיל מאָל געוואָרנט קעגן גרים און גלייך ווי געקוקט אויף זיי פון אויבן אַראָפּ, האָט אויך פאַרשטאַנען זייער הויך צו שאַצן אַן אויפריכטיקע באַקערונג צום אידנטום. ווי זי האָט דעם בעל־תשובה אַוועקגעשטעלט אויף אַ פּלאַץ, וואו אפילו „צדיקים גמורים אינם יכולים לעמוד" (וואו פולשטענדיקע צדיקים זיינען ניט זוכה צו שטיין), האָט זי אויך, אין אירע מאָמענטן פון התרוממות־הנפש, אַוועקגע־שטעלט דעם עכטן גר, דעם גר־צדק, אויף איין מדרגה מיט אידן, אָדער אַפילו העכר פון אידן. אָט לייענען מיר, צום ביישפּיל, אין ילקוט שמעוני:

„משה האָט געזאָגט צום אויבערשטן: איז דער דאָזיקער גר ביי דיר חשוב ווי אַ לוי? האָט אים גאָט געענטפערט: ער איז אין מיינע אויגן העכער פון אַ לוי, ווייל ער האָט זיך מגייר געווען צוליב מיין נאָמען. עס ווערט דער־ציילט פון אַ הערש וואָס האָט געוואַקסן אין דעם מדבר און איז אַליין געקומען און זיך אויסגעמישט מיט די שאָף. האָט אים דער פּאַסטוך געגעבן עסן און טרינקען און אַרויסגעוויזן ליבע מער ווי צו זיינע שאָף. האָט מען אים גע־פרעגט: ווי קומט עס, וואָס דעם הערש ווייזטו אַרויס מער ליבע ווי די שאָף?

האָט ער זיי געענטפערט: וויפל מי האָב איך זיך אָנגעמיט מיט מיינע שאָף, אַרויספירנדיק זיי אינדערפרי און צוריקברענגנדיק זיי אין אָוונט, ביז זיי האָבן אויסגעוואַקסן; און אָט איז דער הערש גאָר אויסגעוואַקסן אין דעם מדבר און איז אַליין אַריינגעקומען אין דער טשערעדע — זאָל איך אים ניט באַזונדערס שטאַרק ליב האָבן? אַזוי האָט אויך גאָט געזאָגט: וויפל האָב איך מיך אָנגעמיט אַרום ישראל? איך האָב זיי אַרויסגעפירט פון מצרים, איך האָב פאַר זיי באַלויכטן דעם וועג, און האָב פאַר זיי אַראָפּגעגעבן דעם מן, און האָב זיי אַרומגענומען מיט די וואָלקנס פון כבוד, ביז זיי האָבן אָנגענומען די תורה; און אָט דער גר איז אַליין געקומען — „לפיכך שקול עלי כלוי וישראל״, דערפאַר איז ער מיר אַזוי חשוב ווי אַ לוי און ווי אַ ישראל״.

אויב די דאָזיקע און ענלעכע אגדות שפיגלען אין זיך אָפּ דעם מער באַטאָנטן, אוניווערסאַליסטישן פּראָטעסט קעגן אַנדערע אגדות, וואָס זייער טענדענץ איז צו דיסקרעדיטירן געוויסע טיפן גרים, האָט די הלכה זיך געשטעלט, בדרך כלל, אויפן שטאַנדפּונקט פון חיבת־גרים און האָט ענדגילטיק דורכגעזעצט דעם פּרינציפּ, אַז ראַסן־אָפּשטאַם קאָן ניט זיין קיין עיכוב פאַר אַריינטרעטן אין אייביקן „ברית״ מיט גאָט און פאַר ווערן פולווערטיקע מיטגלידער פון דער אידישער געמיינדע. ר׳ סעדיה גאון האָט שוין, טיילווייז אויפן גרונט פון אגדה, אָבער דאָך שטייענדיק מיט ביידע פיס אויפן באָדן פון הלכה, געקאָנט זאָגן אין זיין „אמונות ודעות״, אַז מיר זיינען טאַקע אַן אויסדערוויילט פאָלק, אָבער דאָס קאָן ניט מיינען, אַז וועלכע ניט איז באַשעפעניש איז גאָט׳ס אַ (ספּעציעלער) ליבלינג: „דער ווערט פון יעדן מענטשן איז גלייך חשוב אין זיינע אויגן״. און דער גרעסטער קאָדיפיקאַטאָר פון הלכה, דער רמב״ם, וועלכער האָט דעם „אתה בחרתנו״ ניט אָפּגעלייקנט, כאָטש ער האָט זיך געמוזט מודה זיין, אַז קיין „טעם״ פאַר דעם האָט ער ניט, האָט אויסגעשפּרייט דעם באַגריף פון אויסדערוויילטקייט אויך אויף ניט־אידן, אויב זיי האָבן אָנגענומען דעם אידישן גלויבן. פּונקט ווי ער האָט, אין קעגנזאַץ צו ר׳ יהודה הלוי, צוגעשריבן די סגולה פון נבואה אויך די אומות־העולם, אַזוי האָט ער אויך — ווייטער אַמאָל אין קעגנזאַץ צו אַזאַ „עטנאָצענטריסט״ ווי דער בעל־הכוזרי, וואָס האָט געוואָלט האַלטן, אַז די תורה איז געגעבן געוואָרן נאָר פאַר אידן — באַהויפּטעט מיט דער גאַנצער אויטאָריטעט פון זיין פּערזענלעכקייט, אַז די „אַדרעסאַטן״ פון דער תורה זיינען סיי אידן און סיי גרים (און דאָס הייסט, אין פּאָטענציעלן חשבון, דער גאַנצער מענטשלעכער מין). אין זיין ענטפער צו אַ גר־צדק, וועלכער פרעגט ביי אים, צי מעג ער זאָגן אין זיין דאַווענען „אלהינו ואלהי אבותינו״ (אונזער גאָט און דער גאָט פון אונזערע עלטערן), שרייבט ער אים, אַז ער מעג זאָגן אַלע תפילות „ככל אזרח מישראל״, ווי יעדער בירגער פון ישראל, ווייל ווער עס האָט זיך מגייר

געוועז, ביזן סוף פון אַלע דורות, געהערט שוין דערמיט אַליין צו אברהם אבינו׳ס תלמידים, און אַלע אַזעלכע זיינען קינדער פון זיין הויזגעזינט. דער גר־צדק מעג, אויב ער וויל, אויך דאַנקען גאָט אין זיין תפילה פאַר האָבן אים אַרויסגעפירט פון מצרים, ווייל זינט ער איז געקומען געוואָרן אונטער די פליגלען פון דער שכינה „אין כאן הפרש בינינו ובינך, וכל הנסים שנעשו כאילו נעשו לנו ולך, וכבר בחר בך הבורא והבדילך מן האומות ונתן לך התורה" (איז שוין ניטאָ קיין אונטערשייד צווישן אונז און דיר, און אַלע נסים וואָס זיינען געטאָן געוואָרן זיינען גלייך ווי געטאָן געוואָרן אי פאַר אונז, אי פאַר דיר, און דער באַשאַפער האָט דיך שוין אויסדערוויילט און האָט דיך אָפּגעשיידן פון די פעלקער, און האָב דיר געגעבן די תורה). די גייסטיק־מאָראַלישע ביאָגראַפיע פון אַ גוי וואָס האָט זיך באַקערט צום אידנטום מאַכט אים, ביים רמב״ם, פאַר אַ גלייכן שותף אין דער קאָלעקטיווער ביאָגראַפיע פונם אידישן פאָלק, אויך אַ שותף צו זיין יחוס. דאָס אידישע פאָלק און די אידישע רעליגיעזע געמיינדע (כנסת ישראל הייסט ביידע), מיט איין וואָרט, אידנטום, איז, אויף אַזאַ אופן, אויב מיר מעגן דאָ נוצן אַנרי בערגסאָנ׳ס טערמינאָלאָגיע, גיכער אַן אָפענע איידער אַ געשלאָסענע געזעלשאַפט, אַ קיבוץ וואָס איז אין פּרינציפּ גרייט צו ווערן אומפאַסנדיק, אַבסאָר־בירן אין זיך יעדע מענטשלעכע באַשעפעניש, זיך ניט קימערנדיק וועגן זיין ראַסן־שורש.

עס קאָן ניט זיין אונזער אויפגאַבע אין דער ראַם פון דער דאָזיקער אָפּ־האַנדלונג צו געבן אַן איבערזיכט פון דער מיטלאַלטערלעכער אידישער טעאָ־לאָגיע און פון אונזער שפּעטערער ליטעראַטור אין איר באַציאונג צום פּראָבלעם פון אויסדערוויילטקייט. דאָס אידנטום איז אויסגעפורעמט געוואָרן אין זיין מענטאַליטעט, לעבנס־שטייגער און רעאַקציעס אויף דער אויסן־וועלט הויפּטזעכלעך דורכן תנ״ך, תלמוד און מדרשים, אָדער, ווי מען מעג עס אַנדערש פאָרמולירן, דער תנ״ך, דער תלמוד און מדרשים זיינען די רעקאָרדן, וואָס ווייזן און דערציילן ווי אַזוי דאָס אידנטום האָט זיך אויסגע־פורעמט. סתם אידנטום איז פּרושים־אידנטום ביז היינטיקן טאָג. מיר האָבן זיך סומך געווען אויפן רמב״ם נאָר פאַרבייגייענדיק, און בלויז דערפאַר, וואָס, ניט געקוקט אויף זיין גאַנצן „מאָדערניזם", איז ער אָנגענומען געוואָרן בכל תפוצות ישראל פאַרן גרעסטן אויטאָריטעט אין הלכה, און גראָד ביי אים איז דער אידישער אוניווערסאַליזם געקומען צו אַזאַ קלאָרן אויסדרוק און צו דער מדרגה פון קאַטעגאָרישקייט.

די אַזוי גערופענע „רעזולטאַנטע" פון דער אידישער גייסטיקער געשיכטע איז, גלויבן מיר, אַ קלאָרע: גאָט איז איינער, די וועלט איז איינע און דער מענטשלעכער מין איז, אין זיין שורש און לעצטן תכלית, אַן איינהייט. דער־

ווייל איז דער מענטשלעכער מין צעשפּאָלטן, און אַ מחיצה שטייט צווישן זיינע צוויי טיילן — דעם אידישן און דעם אומות־העולם׳דיקן. די מענטשהייט מוז אָבער פריער־שפּעטער גובר זיין איר צעשפּאָלטנקייט און ווערן (אין רעליגיעז־מאָראַלישן, ניט גראָד אין עטנישן זינען) איינס, און געשען מוז עס ניט דורך דעם וואָס אידן וועלן אָננעמען די יראה׳ס פון די אומות־העולם, נאָר דורכדעם, וואָס די אומות־העולם וועלן אָננעמען די אידישע תורה. אַנדערש איז ניטאָ קיין פּלאַץ פאַרן אחרית־הימים, אַנדערש וועט גאָט קיינמאָל ניט זען זיין ענדגילטיקן „טריאומף". „אתה בחרתנו" דאַרף דערפאַר פאַרשטאַנען ווערן — ווי דער דאָזיקער באַגריף איז אויפגעפאַסט געוואָרן דורך דער טיפערער עמפּינדונג פונם פאָלק און האָט געלעבט אין זיינע גייסטיקע ראַנג־לענישן מיט דער וועלט און מיט זיך אַליין — ניט אין דעם זינען פון זיין אַן אויסדערוויילטע ראַסע, נאָר אין זינען פון האָבן אָנגענומען די אויסדער־וויילטע אמונה, וואָס איר איז באַשערט צו ווערן די אמונה פון דער גאַנצער וועלט. אָבער אויב דאָס זאָל זיין דער עכטער זין פון „אתה בחרתנו", זיינען אידן, אין די טיפערע שיכטן פון זייער אייגענעם באַוואוסטזיין, ניט „סופּער־יאָר", און אַנדערע פעלקער ניט „אינפעריאָר", און זיי שטייען ניט איינע צו די אַנדערע אין די באַציאונגען פון העכערע און נידעריקערע סובסטאַנצן, נאָר אידן זיינען פאָרגעשריטן און די אומות־העולם זיינען צוריקגעשטאַנען. ביי אידן האָבן זיך די אויגן שוין געעפנט, ביי גויים נאָך ניט.

צווישן יעקב׳ן און עשו׳ן איז אַוודאי און אַוודאי פאַראַן אַ גרויסער אונטערשייד; דאָס איז אָבער ניט קיין אָרגאַנישער, נאָר בלויז אַ היסטאָריש־ביאָגראַפישער און, דאָס הייסט אויך, אַ צייטווייליקער אונטערשייד. עשו איז אַ צושטאַנד, ניט קיין וועזן. יעדער יעקב איז אַ געוועזענער עשו, יעדער עשו איז אַ פּאָטענציעלער יעקב. די גייסטיקע דערוואַכונג, די „ווידערגעבורט" איז ביי יעקב׳ן פאָרגעקומען פריער ווי ביי עשו׳ן. ער איז דערפאַר דער בכור. ער איז אָבער ניט העכער. און ווען מען וואָלט געמעגט רעדאַגירן אַ פאָלק׳ס קלאַסישע טערמינאָלאָגיע, וואָלט געווען ניט ווייניק גרונט צו כאַראַקטעריזירן די ספּעציפישע אידישע שטעלונג אין דער וועלט און צו דער וועלט גיכער אַלס באַוואוסטזיין פון בכורה איידער פון בחירה.

1942

# תשובה

דער ענגלישער היסטאָריקער ר. טראַווערס הערסאָרד ווערט ניט מיד אויף אין זיינע אַלטע יאָרן צו פאַרשן דעת תלמוד און די מדרשים. אין דעם „היבערט דזשורנאַל" האָט ער איצט פאַרעפנטלעכט אַ ספּעציעלן עסעי וועגן דעם ענין תשובה, ווי ער ווערט אויפגעפאַסט פון די חז"ל. זיין אַלטער טעזיס (דער זין פון זיין גרויסער אַרבעט וועגן דער לערע און מענטאַליטעט פון די פּרושים) — אַז דאָס תלמוד'ישע אידנטום האָט זייער ווייניק געהאַט וואָס צו לערנען פונעם קריסטנטום — ווערט אין זיין לעצטער אָפּהאַנדלונג נאָך מער באַקרעפטיקט. אַז דער אידישער גאָט איז ניט קיין אל קנא ונוקם אין דעם זינען, אין וועלכן די טראַדיציאָנעלע קריסטלעכע קריטיק וויל עס פאַרשטיין, אַז ער איז ניט קיין האַרטער ריכטער אָן חסד און מידת הרחמים, קאָן מען זען פון דעם, ווי אַזוי דער תלמוד האָט אויפגעפאַסט דעם כוח פון תשובה.

דער תלמוד איז זייער ווייט פון איגנאָרירן אָדער פון אונטערשעצן די אוממאָראַלישע נייגונגען אין מענטשן, פונם יצר־הרע, פונם „פרעמדן גאָט" (אל זר, ווי ער ווערט באַצייכנט אין דער מסכתא שבת) איז קיינער ניט פריי. דאָס אויג און דאָס האַרץ זיינען, לויט אַן אַלטן מדרש, צוויי געפערלעכע עברה־„מעקלערס". די נייגונג צום בייזן איז אַן איינגעבוירענע: זי הויבט זיך אָן, אמת, ניט פונם מאָמענט ווען די נשמה איז באַשאַפן געוואָרן (ניט, ווי עס ווערט אויסגעדריקט אין סנהדרין, „משעת יצירה"), נאָר פונם מאָמענט ווען דער מענטש קומט אַרויס אויף דער וועלט פון זיין מוטער'ס טראַכט אַלס בשר־ודם — „משעת יציאה". און פאַרטרייבן דעם יצר־הרע איינמאָל פאַר אַלעמאָל דורך אַ מין קאָנצענטרירטער אָנשטרענגונג פון ווילן איז אוממעגלעך: „יצרו של אדם מתחדש עליו בכל יום" — דעם מענטשנס יצר־הרע ווערט באַנייט, ווי אויפסניי געבוירן, יעדן טאָג, און יעדן טאָג, הייסט עס, מוז מען שטיין קעגן אים אויף דער וואַך. אויף אַ געוויסן שטח פון לעבן איז דער יצר־הרע, אַזוי צו זאָגן, אָרגאַניש שטאַרקער פונם יצר־טוב: בשעת אַ מענטש ווערט צעהיצט און לאָזט זיך אַוועק טאָן אַן אויסגעלאַסענע זאַך, פאָלגן אים אַלע אברים, און אַז ער גייט טאָן אַ מצווה, פלאָגן זיך אַלע זיינע אברים, ווייל דער יצר־הרע אין אים קעניגט איבער זיינע צוויי הונדערט און אַכט און פערציק אברים און דער יצר־טוב אין אים איז געגליכן צו איינעם וואָס זיצט געבונדן אין תפיסה (אבות דרבי נתן). אַלס באַזונדערס פאַרפירעריש, אפילו פאַר די גייסטיק שטאַרקע נאַטורן, ווערט

באַטראַכט דער סעקסועלער אינסטינקט: אַפילו חסיד שבחסידים אין ממנין אותו אַפיטרופּוס לעריות (דעם פרומען פון די פרימסטע באַשטימט מען ניט פאַר אַ משגיח איבער באַציאונגען צווישן מענער און פרויען). די גמרא שעמט זיך ניט צו דערציילן וועגן אַ שווערער איבערלעבונג פון רב עמרם החסיד. קיין נהרדעא, וואו ער האָט געלעבט, האָט מען אַמאָל גע־בראַכט קריגס־געפאַנגענע פרויען. האָט מען זיי אַרויפגעפירט אין רב עמרמ׳ס אויבערשטוב און מען האָט פונם אַריינגאַנג אַוועקגענומען דעם לייטער. האָט רב עמרם גענומען דעם לייטער, וואָס צען מענטשן זיינען ניט געווען גענוג אים אויפצוהויבן, און האָט אים איינער אַליין צוריקגעשטעלט אויף זיין פּלאַץ, כדי ער זאָל קאָנען אַריינקומען צו די געפאַנגענע פרויען. אַפצולאַכן פון בעל־עבירות איז דערפאַר אַ גרויסע לייכטזיניקייט. ר׳ עקיבא פלעגט שטענדיק אָפּשפּעטן פון מענטשן וואָס קאָנען אין זיך ניט גובר זיין דעם יצר־הרע — האָט ער געקראָגן זיין עונש. דער שטן האָט זיך אַמאָל פאַרשטעלט פאַר אַ שיינער פרוי און האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן שפּיץ פון אַ בוים. האָט דער הייליקער רבי עקיבא זיך פאַרלוירן און אָנגעהויבן אויף שנעל אַרויפצוקלעטערן אויפן בוים. דאָס זעלבע האָט פּאַסירט מיט ניט קיין קלענערן ווי רבי מאיר, וועלכער פלעגט זיך אויך לוסטיק מאַכן איבער מאַרלישע שוואַכלינגע. האָט זיך דער שטן אַמאָל פאַרשטעלט פאַר אַ שיינער פרוי אויף יענער זייט טייך. קיין בריק איז ניט געווען, האָט זיך רבי מאיר אָנגעכאַפּט אָן דעם שטריק, וואָס איז געווען איבערגעצויגן איבערן טייך און זיך געלאָזט, אַזוי צו זאָגן, „שווימען אין דער לופט״, כדי צוצוקומען צו דער פרוי אויפן צווייטן ברעג...

אין בראשית רבה ווערט געגעבן אַ צו גלאַטע דעפיניציע פון רשעים און צדיקים: די רשעים געפינען זיך אין רשות פון זייער האַרצן און ביי די צדיקים געפינט זיך דאָס האַרץ אין זייער רשות. בדרך־כלל איז אָבער פאַר די חכמים און די בעלי־אגדה ניט פאַראַן אַזאַ צדיק וואָס איז ניט עלול נכשל צו ווערן, און עס איז ניט פאַראַן אַזאַ רשע וואָס איז ניט מסוגל צו ווערן דער הערשער איבער זיין „האַרץ״. דער אונטערשייד צווישן אַ רשע און אַ צדיק איז אַ רעלאַטיווער, ניט קיין אַבסאָלוטער: דער צדיק איז יעדן טאָג אויסגעזעצט צו סכנות, אַז דער יצר־הרע וועט אים גובר זיין, און דער רשע האָט די געלעגנהייט יעדן טאָג תשובה צו טאָן און ווערן אַן אָביעקט פאַר גאָט׳ס חסד און ליבע.

הערפאָרד איז דערפאַר גערעכט, ווען ער באַטאָנט אין זיין עסעי די גרויסע באַדייטונג פון תשובה אין דער רעליגיעז־עטישער אויפפאַסונג פונם תלמוד, וועלכער באַטראַכט ניט זינד און זינדיקע אין פאַטאַליסטישע טערמינען. דער מענטש — יעדער מענטש — איז נוטה צו זינדיקן, אָבער דאָס הייסט ניט, אַז זינדיקן איז פאַר וועלכן ניט איז יחיד אַ פאַראויסבאַשטימטער

מוז, פון וועלכן ער קאָן זיך קיינמאָל ניט באַפרייען. די פרייהייט פון מאָראַלישן ווילן איז פאַרן תלמוד׳ישן דענקען אַן אַקסיאָמע, אַן ערשטע הנחה, און אַלס מאָטאָ פאַר זיין דערמאָנטער אַרבעט וואָלט הערפאָרד געמעגט אָוועקשטעלן די אגדה, אַז תשובה איז באַשאַפן געוואָרן פאַר בריאת העולם — דאָס הייסט, אַז אין דעם וועלט־פּלאַן איז לכתחילה אַריינגענומען געוואָרן אי זינד, אי די רייניקונג פון זינד דורך אייגענע מענטשלעכע כוחות.

דעם קלאַסישן אידנטום איז דערפאַר פרעמד דער ענין פון פאַרדאַמונג, פון ענדגילטיקער פאַראורטיילונג אין באַציאונג צו רשעים. „אָסור לו לאדם שיתפלל על הרשעים, שיסתלקו מן העולם״ (עס איז פאַרבאָטן אַ מענטשן תפילה צו טאָן, אַז די רשעים זאָלן אומקומען פון דער וועלט), לייענען מיר אין אַן אַלטן מדרש. אמת, דער בעל־המדרש האָט אין דעם פאַל אַ ספּעציעלן מאָטיוו, וועלכער קער זיך דירעקט מיט פּערזענלעכער תשובה ניט אָן: „שאלמלי סלקו הקדוש ברוך הוא לתרח מן העולם, כשהיה עובד עבודה זרה, לא בא אברהם״ — ווייל ווען גאָט וואָלט געוווען באַזייטיקט תרח׳ן פון דער וועלט, ווען ער האָט געדינט דער עבודה־זרה, וואָלט אברהם אויף דער וועלט ניט געקומען (מדרש הגדול, וירא). דער צוועק פונם בעל־המדרש איז, אין דעם פאַל, געווען בלויז צו באַטאָנען, אַז זינדיקייט און טומאה גייען ניט איבער, אָדער מוזן ניט איבערגיין, בירושה, אַז עס זיינען ניט פאַראַן קיין משפחות, קיין פעלקער, קיין „ראַסן״, וואָס זיינען פאַראורטיילט אַרויסצוגעבן פון זיך בעלי־עבירה. די אַלגעמיינע טענדענץ אין תלמוד און אין די מדרשים גייט אָבער אַ סך ווייטער — אין דער באַהויפּטונג, אַז ניט נאָר קאָן ביי תרח׳ן געבוירן ווערן אַזאַ זון ווי אברהם, נאָר אַז תרח קאָן אין זיין אייגענעם לעבן ווערן אַן אברהם. אָט פאַרטייטשט, למשל, דער ילקוט שמעוני דעם זאַץ פון קהלת „כי לכלב חי הוא טוב מן האריה המת״ ( אַ לעבעדיקן הונט איז בעסער פון אַ טויטן לייב) : „בעולם הזה מי שהוא כלב יכול לעשות ארי, ארי יכול לעשות כלב״ (אויף דער וועלט קאָן אַ הונט ווערן אַ לייב און אַ לייב קאָן ווערן אַ הונט) — די הינטישקייט איז אין דעם הונט, אַזוי צו זאָגן, עפּעס „אַקצי־דענטאַלעס״; ער קאָן „תשובה טאָן״ און ווערן אַ לייב, פּונקט ווי אַ לייב קאָן נכשל ווערן און זיך אַראָפּלאָזן צו דער נידעריקייט פון אַ הונט. ר׳ יוחנן, ווי עס גיט איבער אין זיין נאָמען ר׳ חיא בר אבא (ברכות ל״ד), גייט אַזוי ווייט ווי צו באַהויפּטן, אַז אין אַלץ וואָס נביאים האָבן פאָראויסגעזאָגט וועגן דעם גליק פון דער קומענדיקער וועלט, האָבן זיי אין זינען געהאַט בלויז בעלי־תשובה, און וואָס איז שייך צדיקים גמורים, וואָס האָבן גאָר קיין גרונט ניט תשובה צו טאָן, זיינען גאָר אַזעלכע ניט בנמצא.

הערפאָרד איז גענויגט צו גלויבן, אַז דער באַגריף פון תשובה, מיט וועלכן מיר באַגעגענען זיך אין תלמוד, איז אַ פּועל־יוצא פון אַ לאַנגער

אַנטוויקלונג אין אידנטום. אין שייכות מיט דעם באַגריף איז געווען אַ גרויסער אונטערשייד צווישן דעם פּראָפעסיאָנעלן כהן און דעם ניט־פּראָ־פעסיאָנעלן נביא. פאַרן כהן איז אַ חטא געווען אַ שולד, ניט קיין שולדיקייט — אַ חוב וואָס לאָזט זיך מאַטעריעל באַצאָלן: דער בעל־חוב ברענגט דעם אַנט־שפּרעכנדיקן קרבן, לויט די פאַרשריפטן פון דער תורה, און דערמיט נעמט ער פון זיך אַראָפּ די לאַסט פון דעם חוב. דער נביא האָט זיך מיט אַזאַ מעכאַנישער „טראַנסאַקציע" ניט געקאָנט צופרידנשטעלן. אפילו אויב ער האָט ניט פּראָ־טעסטירט קעגן דעם עצם ריטואַל פון ברענגען קרבנות, אָדער דורכפירן אַנדערע צערעמאָניעס, האָבן זיי פאַר אים געהאַט אַ רעליגיעזן ווערט בלויז על־תנאי — אויב צוזאַמען מיט דער אויסערלעכער האַנדלונג איז אין אים פאָרגעקומען אַן אינערלעכע וואַנדלונג, אויב דער פאַרזינדיקטער האָט באמת חרטה געקראָגן און איז גרייט געוואָרן צו טאָן תשובה. די שפּעטערדיקע חכמים זיינען געווען אין דעם פּרט די יורשים פון די נביאים, ניט פון די כהנים. מחילה און כפּרה האָבן געקאָנט זיין אַן ענטפער בלויז אויף תשובה — אויף צוריקקערן זיך צו גאָט — ניט אויף אַ קרבן, וועלכער האָט, אין בעסטן פאַל, געקאָנט זיין בלויז דער סימבאָלישער אויסדרוק פון געוויסנביסן.

הערפאָרד'ן אינטערעסירט שוין צענדליקער יאָרן די פראַגע, צי איז דאָס טאַקע אמת וואָס די קאָנווענציאָנעלע קריסטלעכע טעאָלאָגיע טענה'ט, אַז די אידישע רעליגיע איז אַ ריין צערעמאָניאַלע, ניט, אַזוי צו זאָגן, קיין „גע־זינונגס־רעליגיע". דער תלמוד'ישער בליק אויף חטא און תשובה איז פאַר אים נאָך אַ באַווייז, אַז די דערמאָנטע כאַראַקטעריסטיק פון אידנטום איז אַ גרונט־פאַלשע. תשובה איז אין תלמוד ניט אַ דרויסנדיקער אַקט, נאָר אַן אינעווייי־ניקסטע טראַנספאָרמאַציע, און דערפאַר טאַקע האָבן די חכמים אַזוי שטאַרק געוואָרנט קעגן דער שאַקירנדיקער סטראַטעגיק פון „אחטא ואשוב" — פון באַגיין באַוואוסטזיניק אַ זינד מיט דער רעזערוואַציע, אַז תשובה וועט נאָכדעם אויפן חטא מכפּר זיין. אַן טיפן ליידן פאַר דעם פאַרגאַנגענעם און באַגאַנ־גענעם און אַן אויפריכטיקן אַנטשלוס ווייטער אַ באַשטימטע זינד ניט צו באַגיין, איז קיין תשובה נישטאָ, און אויף מחילה קאָן מען ניט האָפן. האָט אָבער דער זינדיקער אויף אַן אמת'ן דערפילט אַן עקל און חרפּה פאַר זיין טאַט, איז, דוכט זיך, נישטאָ יענער רשע, וואָס גאָט זאָל אים ניט מוחל זיין. אַזאַ תשובה איז בכוח צו צערייסן אַ מענטשנס פאַרטיקן גזר־דין. אָט געפינען מיר, למשל, (ראש השנה ט"ז) אַן ענטפער אויף דער פראַגע וואָס עס קומט פאַר מיט דער אַזוי גערופענער „תשובת המוחלטים" (דאָס תשובה־טאָן פון רשעים גמורים, וואָס זייער עונש איז שוין באַשטימט געוואָרן): „תשובת המוחלטים מעכבת הפורענות, ואף על פי שנחתם עליהם גזר־דין של פורענות" — כאָטש זייער אורטייל איז שוין גע'חתמ'עט, ווערט ער פונדעסטוועגן בטל,

אויב זיי טוען אמת׳ע תשובה. אָט ווערט דערציילט אין דער מסכתא „עבודה־זרה״ וועגן אַן עבירה, וואָס רבי אליעזר בן דורדיא איז באַגאַנגען. פאַר געוויסע אויערן קאָן דער סיפּור־המעשה קלינגען פּאָרנאָגראַפיש און ס׳לוינט ניט אים איבערצודערציילן. וויכטיק איז אָבער די טיפע חרטה וואָס ער האָט נאָכדעם איבערגעלעבט. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט צווישן בערג און טאָלן, און האָט אויסגעשריען: בערג און טאָלן, בעט אויף מיר רחמים! האָבן זיי אים געענטפערט: ווי קאָנען מיר בעטן אויף רחמים פאַר דיר, אַז מיר דאַרפן בעטן פאַר אונז אַליין (ווייל זיי זיינען אויך זינדיק). ער האָט זיך נאָכדעם געווענדט צום הימל און ערד, צו דער זון און דער לבנה, צו די שטערן און מזלות און האָט פון אַלעמען געקראָגן דעם זעלביקן ענטפער. האָט ער דענסטמאָל געזאָגט צו זיך אַליין: אין הדבר תלוי אלא בי (די זאַך הענגט אָפּ נאָר פון מיר) — קיין שום פאַרמיטלער, ניט קיין כהן און ניט קיין היילי־קער, אפילו דער גאַנצער אוניווערס קאָן פאַר מיר קיין רחמים און מחילה ניט אויסבעטן. בלויז איך אַליין. האָט ער אַוועקגעלייגט דעם קאָפּ צווישן די קני און זיך אַזוי פאַרגאַנגען אין וויינען, ביז די נשמה איז פון אים אַרויס. איז באַלד אַרויסגעקומען אַ בת־קול און האָט אָנגעזאָגט: „ר׳ אליעזר בן דורדיא מזומן לחיי עולם הבא.״ — גאָט האָט אים מוחל געווען און עס איז אים פאַרזיכערט עולם־הבא. דער גמרא ווילט זיך צום סוף פונם סיפּור־המעשה, אַלס אַ מוסר־השכל, באַטאָנען אַ דעטאַל: „לא דים לבעלי תשובה שמקבלין אותם אלא שקוראין אותם רבי״ — בעלי תשובה איז ניט גענוג וואָס מען נעמט זיי אויף, ווען זיי קערן זיך צוריק, נאָר מען רופט זיי אַפילו „רבי״... אַזאַ סיפּור־המעשה און ענלעכע צו אים וואָס זיינען פאַראַן אין תלמוד אין גרויסע צאָלן וואָלט הערפאָרד געקאָנט נוצן פאַר זיין טעזיס, באַזונדערס דאָרט, וואו ער זוכט צו באַטאָנען, אַז תלמודיש אידנטום איז ניט בלויז ריטואַליסטיש, אַז כוונה אין האַנדלונגען איז פאַר זיי געווען פון דער גרעסטער אָדער גאָר איינציקער וויכטיקייט. איך וועל שוין קיינמאָל ניט זיין אַזאַ בקי אין תלמוד און מדרשים, ווי דער אַלטער קריסטלעכער גע־לערנטער האָט באַוויזן צו זיין, אָבער אויף זיין פּלאַץ וואָלט איך זיך, אַלס בולט׳ע אילוסטראַציע, באַנוצט, פאַר אַלעמען, מיט די ווערטער פון ריש־לקיש: „טובה מרדות אחת בלבו של אדם יותר ממאה מלקיות״ (איין חרטה־רעוואָלט אין מענטשנ׳ס האַרצן איז בעסער פון הונדערט מאָל זיך לאָזן שלאָגן מלקות).

דער נייער טעסטאַמענט האָט אַלזאָ קיין וועזנטלעך נייס אין דער אידישער אויפפאַסונג פון תשובה און מחילה ניט אַריינגעבראַכט. דער אידי־שער אל קנא ונוקם, וואָס ווערט געשילדערט אַלס אַ שטרענגער מקפיד אויף דער דערפילונג פון קאַלטן געזעץ און ריטואַל, האָט קינ׳ען געגעבן אַ „צייכן״ פון מחילה. ראובן און יהודה, קורח, ירבעם, אחאב און אַנדערע זינדיקע

ווערן באַשריבן אין תלמוד, אין מדרש און אין אַפּאָקאַליפּטישע שריפטן אַלס בעלי־תשובה, וואָס גאָט האָט זיי מוחל געווען זייערע זינד. ווען דוד המלך ווערט באַהויפּטעט (אין מדרש תהלים), אַז עס וואָלטן אים גאָר ניט געגעבן געוואָרן אַזוי פיל געלעגנהייטן צו זינדיקן, ווען ער וואָלט לכתחילה ניט באַשטימט געוואָרן צו דינען אַלס מוסטער פון אַ בעל־תשובה — כדי צו באַווייזן, אַז ווי זינדיק אַ מענטש זאָל ניט זיין, קאָן ער זיך צוריקקערן צו גאָט און זיך באַפרייען פון זיין זינדיקייט, און זיינע געזאַנגען זאָלן אין אַלע דורות דינען אַלס תפילות און טרייסט פאַר געבראָכענע הערצער. אמת, דאָס קריסטנטום האָט שוין, אַזוי פרי ווי אין די טעג פון פּאַאולוס, אַריינגע־בראַכט אין דער אויפפאַסונג פון מחילה און כפרה איין נייעם מאָמענט: דאָס בלוט פון ישו הנוצרי, וואָס איז מכפר אויף מענטשלעכע זינד און „דער־לייזט" די נשמה ביי דעם וואָס גלויבט אין אים. דאָס איז אָבער געווען אַן אָפּ־נויג פון דער נביא'ישער אויפפאַסונג, אַן וועלכער עס האָבן זיך געהאַלטן די חכמי התלמוד, און אַ רעאַקציאָנערער אומקער צום כהנ'ישן: אַנשטאָט דעם אינדיווידועלן פליישׁ־און־בלוט־קרבן פון אַן אָקס אָדער אַ שעפּס, איז געקומען דער קאָסמישער קרבן פון ישו'ס פלייש און בלוט אויף צו שטילן גאָט'ס אַפּעטיט פאַר יורידישער גערעכטיקייט, אָדער גאָר זיין גרימצאָרן. אויב מ'מעג זיך דאָ דערלויבן אַ וואולגאַרן אויסדרוק, וואָלט איך זאָגן, אַז דער פּאַאוליניש גלויבנדיקער קריסט „שלאָגט מיט קריסטוס'ן כפרות": זה כפרתי, זה חליפתי — אַנשטאָט דורכצומאַכן אַ חרטה־בונט אין האַרצן...

***

ציי זיינען אָבער פאַראַן אַזעלכע זינד, פאַר וועלכע אויך תשובה קאָן ניט אויס'פּועל'ן קיין מחילה? אויב מען זאָל אָננעמען געוויסע טעקסטן אין תלמוד און מדרשים בוכשטעבלעך, זיינען אַזעלכע זינד פאַראַן. לויט אַ געוויסן מאמר, ווערט אַ מענטשן פאַרגעבן אַן ערשטע זינד און אַ צווייטע, אָבער ניט אַ דריטע. פאַר געוויסע חטאים (לעסטערונג פון גאָט) קאָן מען בכלל, לויט אַן אַנדער טעקסט, קיין מחילה ניט קריגן. הערפאָרד מיינט אָבער — און מיט אַ גוטן גרונט — אַז אַזאַ אויפפאַסונג וואָלט געווען אומגערעכט צו די חכמים. זייער אויסדרוק „אין לו מחילה עולמית" („אויף אייביק") איז אַ רעטאָרישע פראַזע, ניט קיין באַהויפּטונג פון אַ פאַקט. מיט אַזאַ פראַזע האָבן זיי געזוכט צו מאַכן דעם איינדרוק, אַז די זינד איז אַ צו שווערע, מ'זאָל מעגן האָפן אויף אַ לייכטער מחילה. הערפאָרד, גלויב איך, איז אויך דאָ גערעכט. מיט תלמוד'ישע טעקסטן דאַרף מען זיך באַגיין זייער פאָרזיכטיק און אונטערשיידן אין זיי צווישן מליצה און נאָרמאַטיווער באַהויפּטונג. אויב מיר געפינען אַ מאמר, לויט וועלכן אַ תלמיד־חכם, וואָס האָט אַ פלעק אויף זיין בגד, איז

„חייב מיתה״, וואָלט דאָס געווען פון אונזער זייט אַן אומפּאַרציילעכע נאַרישקייט, ווען מיר זאָלן אָננעמען, אַז דער וועמען אַזאַ פּראַזע ווערט צוגע־שריבן, האָט טאַקע ערנסט געמיינט, אַז פאַר אַזאַ אומבאַדייטנדיקער נאַכלע־סיקייט קאָן וועמען עס איז קומען טויט־שטראָף. דאָס איז ניט מער ווי אַ גוזמא פון אַן אויפגערעגטן גייסט, וועלכער האָט געהאַט שטרענגע דעקאָרום־פאָדערונגען צו מיטגלידער פון זיין „צעד״. אין עוואַנגעליום געפינען מיר אַ פראַגע, געשטעלט צו ישו הנוצרי: „וויפל מאָל דאַרף איך פאַרגעבן מיין שונא פאַר טאָן מיר שלעכטס — איינמאָל אָדער זיבן מאָל?״ ישו ענטפערט: „ניט איינמאָל און ניט זיבן מאָל, נאָר זיבן און זיבעציק מאָל״. עס וואָלט געווען משונה׳דיק דעם דאָזיקן ענטפער אויסצוטייטשן אין דעם זינען, אַז לויט ישו׳ן דאַרף מען פאַרגעבן זיבן און זיבעציק מאָל, אָבער בשום אופן ניט אויפן אַכט און זיבעציקסטן מאָל. זיבן און זיבעציק איז פאַר אים געווען דער „רעטאָרישער במקום״ פאַר — אומענדלעך. אויסטייטשן בוכשטעבלעך אַזעלכע אויסדרוקן אין עוואַנגעליום, אין תלמוד, אין די מדרשים וואָלט געווען אומ־געפער דאָס זעלבע ווי אָננעמען, אַז ווען האַמלעט שרייט אויס, אַז ער האָט ליב געהאַט אָפעליאַ מער ווי פערציק טויזנט ברידער האָבן זי געקאָנט ליב האָבן, האָט ער זיין ליבע עקזאַקט אויסגעמאָסטן און געקומען צום שלוס, אַז איין און פערציק טויזנט ברידער וואָלטן זי געקאָנט ליב האָבן שטאַרקער ווי ער.

בדרך כלל איז גאָר ניט פאַראַן אַזאַ זינד, פאַר וועלכער עס זאָל, לויט די חכמי התלמוד, ניט קאָנען קומען קיין סליחה און כפרה, אויב דער זינדיקער האָט (אויף דער וועלט!) געטאָן אויפריכטיקע תשובה. מנשה, מעג מען זאָגן, איז געווען דער זינדיקסטער פון אַלע מלכים אין יהודה און ישראל, און אויך זיין תשובה־טאָן האָט געהאָלפן, און זיינע חטאים זיינען אים, לויטן תלמוד, פאַרגעבן געוואָרן. ר׳ יוחנן, ווי עס ווערט איבערגעגעבן אין סנהדרין, האָט די מחילה וואָס מנשה האָט געקראָגן, באַזונדערס באַטאָנט: „כל האומר מנשה אין לו חלק לעולם־הבא מרפה ידיהם של בעלי־תשובה״ (ווער עס זאָגט, אַז מנשה האָט ניט קיין חלק אין עולם־הבא, שוואַכט דערמיט אָפּ די הענט פון בעלי־תשובה). יעדער זינדיקער, הייסט עס, האָט אַ גרונט צו גלויבן, אַז אויב מנשה האָט געקאָנט זיך באַפרייען פון זיין טומאה און קריגן אַ חלק אין גאָט׳ס חסד, זיינען די טויערן פון תשובה פאַר קיינעם ניט געשלאָסן. דער תלמוד האָט פאַקטיש אין זיך אַנטהאַלטן די זעלביקע „פריילעכע בשורה״ פאַר די דערשראָקענע, איבערלאָסטעטע און אַנטמוטיקטע, וואָס דאָס עוואַנ־געליום — בלויז אָן דעם פאַרמיטלער וואָס דאָס קריסטנטום האָט נאָכדעם אַוועקגעשטעלט צווישן מענטש און גאָט (דער קאַטוילישער „כהן״) און אָן ישו אַלס אַ בלוט־און־פליש־קרבן אויפן מזבח פון אַ גאָט, פאַר וועלכן

דער פּאָרמעל־יורידישער פּרינציפּ, אַז חטא דאַרף „אויסגעקויפט“ ווערן דורך אַ קרבן־חטאת, איז שטאַרקער פון זיין ליבע צו דער מענטשהייט. אין דעם זינען איז דער תלמוד, אַזוי צו זאָגן, „עוואַנגעלישער“ פונם קריסטנטום.

**
*

די אידישע אויפפאַסונג פון תשובה האָט אַ נאָענטע שייכות צו אַן אַנדער ענין — צו דעם פּראָבלעם פון אתה־בחרתנו. תשובה איז אַ שטענדיקע פּאָטענציעלע קראַפט אין מענטשן — אין יעדן מענטשן, אויך אין יעדן פאָלק און „ראַסע“. די אומות־העולם זיינען זינדיק, אַ סך זינדיקער פון ישראל. זיי זיינען אָבער ניט פאַרדאַמט. ניטאָ צווישן זיי אַ פאָלק וואָס איז ניט מסוגל תשובה צו טאָן. דער אונטערשייד אין מאָראַלישן ווערט צווישן ישראל און די אומות איז אַ רעלאַטיווער, ניט קיין אַבסאָלוטער — מען מעג אַפילו זאָגן, אַ פאָראיבערגייענדיקער.

עס איז ניט וויכטיק, צי די חז״ל האָבן דאָס ווען עס איז אויסגעדריקט אין אַזאַ קלאָרער פאָרם. דאָס איז אָבער דער זין פונם געהויבענעם פלאַץ, וואָס זיי האָבן באַשטימט פאַר תשובה, אָט פאַר יענעם כוח, וואָס איז „באַשאַפן געוואָרן פאַר בריאת־העולם“...

1942

# שבת

לויט אַן אַלטן מדרש, האָט גאָט אויך דעם זיבעטן טאָג ניט גערוט. אויב רו זאָל הייסן גאָר־ניט־טאָן, אינגאַנצן ניט זיין באַשעפטיקט, פולשטענדיקע פּאַסיוויטעט, האָט דער בורא־עולם אין דעם זינען שבת ניט אָפּגעהיט. זיין „שמירת שבת" איז באַשטאַנען בלויז אין דעם, וואָס ער האָט אין יענעם טאָג קיין מלאכה ניט געטאָן. אָבער מלאכה קאָן ניט אויסשעפּן די אומבאַגרענעצטקייט פון טאָן און שאַפן. זי איז ניט מער ווי אַ טייל פון דער געטלעכער (און מענטשלעכער) אַקטיוויטעט, אַ טייל און אויך אַ געוויסע מדרגה פון אַקטיוויטעט. יענע מדרגה האָט גאָט פאַרלאָזן דעם זיבעטן טאָג — ניט כדי זיך אַראָפּצולאָזן, חס וחלילה, אויף אַ נידעריקערער מדרגה, און ניט כדי זיך איבערצוגעבן אין רשות פון אַפּאַטישן ניט־טאָן, נאָר כדי זיך און די וועלט אויפצוהייבן אויף אַ העכערער מדרגה פון שאַפונג. „ויכל אלהים ביום השביעי מלאכתו אשר עשה... וישבת ביום השביעי מכל מלאכתו אשר עשה" — אַלץ וואָס דער כביכול האָט באַטראַכט פאַר מלאכה, כדי אויסצופורעמען דעם עולם־החומר, האָט ער אָפּגעשטעלט פריטיק פאַרנאַכט. שבת איז ער געווען אינגאַנצן פאַרנומען מיט אַ נייער אויפגאַבע — מיטן שאַפן פון שבת גופא. שבת איז אַלזאָ אויך אַ טייל פון דער אור־שאַפונג, און אַז מען וויל מעג מען זאָגן, אַז אין הינטערגרונט פון דער וועלט שטייען ניט קיין זעקס, נאָר זיבן טעג פון מעשה־בראשית. די וועלט וואָלט ניט געווען פאַרענדיקט, ווען איר באַשאַפער וואָלט זיך באַגרענעצט בלויז מיט שאַפן דאָס שטאָפלעכע; כדי זי זאָל האָבן אַ זין און אַ רעכט צו עקזיסטירן, האָט מען איר געדאַרפט געבן אַ מין גייסטיקע איבערסטרוקטור — שבת. יענער מדרש, אויב מיר מעגן אים אויסטייטשן אין אונזערע היינטיקע טערמינען, האָט דאָ דעם רבונו־של־עולם צוגעשריבן צוויי אַטריבוטן: דעם אַטריבוט פון אַ „בעל־מלאכה" און דעם אַטריבוט פון אַ „קינסטלער".

איך האָב דאָ דערמאָנט דעם אייגנאַרטיקן מדרש ניט צופעליק. אַדאַנק דער טענדענץ פון אונזער דור צו „פאַרוועלטלעכן" די עלעמענטן פון אונזער טראַדיציאָנעלער קולטור, האָבן מיר אפשר אַ שיין ביסל איבערבאַטאָנט די באַדייטונג פון שבת אַלס אַ „סאָציאַלע אינסטיטוציע". ווער קאָן דען אייגנטלעך לייקענען, אַז אידן זיינען געווען די ערשטע איינצופירן אַן אָבליגאַטאָרישן רו־טאָג צוליב סאָציאַלע צוועקן? אַוודאי און אַוודאי איז שבת אַ וויכטיק און פּראָגרעסיוו שטיק סאָציאַלע לעגיסלאַציע וואָס איר

צוועק איז צו פאַרלייכטערן דאָס לעבן פונם אַרבעטנדיקן און עקאָנאָמיש ניט־זעלבסטשטענדיקן מענטשן. שבת איז אויך אַ „זכר ליציאת מצרים", אַ באַפרייאונג פון יענער שקלאַפן־אַרבעט, וואָס האָט זיך איינגעקריצט אין זיכרון פון פאָלק, אַלס די גרעסטע פּייניקונג און דערנידעריקונג. אין אַלטער־טום האָט וועגן אַזאַ רעפאָרם קיין שום אומה ולשון ניט געוואוסט, און אויב אין מיטלאַלטער איז זונטיק געוואָרן אין דער קריסטלעכער מערב־וועלט אַן אָבליגאַטאָרישער רו־טאָג, וועלכער האָט — יעדנפאַלס פּרינציפּיעל — געדאַרפט גאַראַנטירט ווערן יעדן מענטשן, אויך דעם קנעכט, איז דאָס אַ רעזולטאַט פון אידישע רעליגיעזע השפעות. אין דער מוסולמענישער וועלט איז, לײדער, דער דאָזיקער שוץ פונם אַרבעטנדיקן מענטשן נאָך ביז היינט ניט איינגעפירט געוואָרן אין דער גענוגנדיקער מאָס. בקיצור, איך בין ניט מחולק מיט די וואָס זעען אין שבת אַ סאָציאַל־היגיענישע אינסטיטוציע פון ערשטן ראַנג, וואָס איז ביז גאָר ניט לאַנג צוריק ניט איבערגעטראָפן געוואָרן פון דער סאָציאַלער געזעצגעבונג אין אַ צאָל „פּראָגרעסיווע" לענדער (עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז נאָך דער גרויסער רעוואָלוציע, אין דער ערשטער פראַנצויזישער רעפּובליק, האָט אַ דעקרעט איינגעפירט אַ רו־טאָג איינמאָל אין צען טעג אַנשטאָט איינמאָל אין די טראַדיציאָנעלע זיבן טעג). דער אינהאַלט פונם אידישן שבת ווערט אָבער ניט אויסגעשעפּט אָט דורך דעם סאָציאַלן און, אין אַ געוויסן זינען, פּיזיאָלאָגישן אַספּעקט. פּיזיאָלאָגיש האָט די אַלטע, די ביבלישע געזעצגעבונג ניט געמאַכט קיין אונטערשייד צווישן דעם מענטשן און זיין פערד און אָקס, זיין אייזל און קעמל. אויך בהמות האָט אַ איד געדאַרפט באַפרייען פון אַרבעט אויף שבת, ווייל אויך זיי זיינען באַרעכטיקט צו האָבן אַ רו־טאָג, וואָס זאָל באַשיצן זייער געזונט און פעריאָדיש רעסטאַווירן זייערע כוחות. דער געזעצגעבער האָט אָבער ניט געטראַכט, אַז שבת קאָן ווערן פאַר די שטוב־בהמות ניט נאָר אַ רו־טאָג, נאָר אויך אַ הייליקער טאָג. דעם מענטשן און נאָר דעם מענטשן האָט ער אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל געדענקען דעם שבת־טאָג — „לקדשו", אים צו הייליקן, אין אים אַריינצוטראָגן (און פון אים אַרויסצוציען) אַזעלכע מאָטיוון, וואָס זאָלן דעם טאָג דורכגייסטיקן. אויב ניט אינגאַנצן אין זיין אורשפּרינגלעכער אידייע, איז זיכער אין זיין שפּעטערדיקער אַנטוויקלונג שבת אויפגעפאַסט געוואָרן אַלס אַ טאָג וועגן גייסט באַהערשט שטאָף אין אַ סך אַ ברייטערער מאָס ווי אין די וואָכעדיקע טעג.

ערגעץ־וואו אין תלמוד ווערט דערציילט וועגן אַ סכנה וואָס האָט גע־לויערט אויף דער וועלט אין די ששת ימי המעשה. דער חומר האָט זיך זיין אייגענע דינאַמיק, און וויבאַלד גאָט האָט אים אַרויסגערופן צו עקזיסטענץ, האָט ער אַרויסגעוויזן אַ געפערלעכן דראַנג צו עקספּאַנסיע. ער האָט געזוכט

אַזוי זיך אויסצושפּרייטן, אַז אין דער ספערע פון עקזיסטענץ זאָל שוין פּאַר גאָרנישט ניט זיין קיין „פּלאַץ", און ער זאָל בלייבן אויף אייביק דער איינציקער יש, די איינציקע רעאַליטעט. דער כביכול האָט פלוצלינג דערזען פאַר זיך אַ בונט פון חומר, וואָס האָט געזוכט מיט זיך צו פאַרפלייצן דאָס גאַנצע „זיין": אומבאַגרענעצטע מאַסן פון נאָך־ניט־געשאַפענעם, בלויז פּאָטענציעלן חומר האָבן זיך מיט אַ ווילדער קראַפט געריסן צו עקזיסטענץ, געזוכט זיך אויסצופורעמען, זיך צו מאַניפעסטירן. יענעם בונט האָט דער בורא־עולם אָפּגעשטעלט. „עד כאן", געזאָגט, מער ווי דעם חומר וואָס ער האָט ביז אַהער געשאַפן, וועט ער ניט דערלויבן צו עקזיסטירן, און כדי צו צאַמען דעם חומר'ס צעיושעטן דראַנג, האָט ער אויף דער וועלט גוזר־שבת געווען. אויך דער באַגרענעצטער חומר, וואָס גאָט האָט אים דערלויבט אַריינצוגיין אין דער ספערע פון עקזיסטענץ, איז אומגעהייער מאַסיוו, און מיט זיין שווערן געוויכט זוכט ער איינצופירן אַ מין דעספּאָטישע הערשאַפט איבערן מענטשן. דער קעגנגעוויכט אָט צו יענער דיקטאַטור פונם שטאָפלעכן איז שבת — די ספערע פון פרייען גייסט, וואָס וואַרפט זיך ניט אונטער דער ממשלה פון חומר. אויב מצרים זאָל זיין אַ סימבאָל פון אונטערטעניקייט צום שטאָפלעכן, דאַרף שבת באַטראַכט ווערן אַלס אַ מין קאָסמישע „יציאת מצרים" — אַ פּעריאָדישריטמישער אויסצוג „מעבדות לחרות", יעדע וואָך פון אַ גאַנץ יאָר, פון אייביקייט ביז אייביקייט.

ניט אומזיסט האָט זיך ביי אידן געשאַפן אַ פאָרשטעלונג וועגן אַ נשמה יתירה, וואָס ווייזט אַרויס איר עקזיסטענץ אום שבת. כדי צו באַקעמפן די טיראַנישע הערשאַפט פון חומר און זיך באַפרייען פון די מאוימדיקע ציינזן וואָס דער מענטש איז געצוואונגען אים צו צאָלן, פאָדערט זיך עפּעס מער ווי די „געוויינלעכע" נשמה, וואָס אָפּערירט מיט אירע באַגרענעצטע קרעפטן אַלע טעג פון אַ גאַנצער וואָך. ר' שמעון בן לקיש, וועלכער האָט אַמאָל אָט אויף דער „איבער־נשמה" אָנגעוויזן, האָט אָבער אין דעם צוזאַמענהאַנג געמאַכט אַ טעות. ביי אים קומט אויס, אַז יעדן ערב־שבת גיט גאָט אַריין אין מענטשן אַ נשמה יתירה און מוצאי־שבת נעמט ער זי פון אים צוריק. אַנדערע חכמים האָבן פאַרשטאַנען, אַז אויך די נשמה יתירה איז ניט ערגעץ־וואו אויסער דעם מענטשן, עפּעס וואָס קומט יעדע וואָך אַריין אין אים אַלס אַ ציטווייליקער גאַסט. בכוח איז די נשמה יתירה קעגנוואַרטיק אין מענטשן אויך אין די וואָכעדיקע טעג — זי איז אַ טייל פון זיין וועזן, ניט קיין פרעמדאַרטיקער עלעמענט וואָס ווערט אין אים „דעפּאָנירט" דורך אַ געטלעכער מעכאַניק — נאָר בפועל קאָן זי זיך ניט אַרויסווייזן אַזוי לאַנג ווי דער מענטש איז פאַרנומען מיטן קאַמף פאַר זיין עקזיסטענץ, מיט „מלאכה" אָדער גאָר מיט „פּרקמטיא" וואָס לעבט פּאַראַזיטיש מיטן קאָרגן, געבאַרגענעם ביסל

ליכט, וואָס זי קריגט פון „מלאכה״. אין וואָכעדיקע טעג מוז דער מענטש, אויב מען מעג זיך אַזוי אויסדריקן, גוזר זיין אויף זיין נשמה יתירה, אַז זי זאָל זיך מצמצם זיין, זיך באַשיידן־שעמעוודיק באַהאַלטן ערגעץ אין אַ פּאָר־באָרגענעם ווינקל פון זיין וועזן, ביז ס׳וועט קומען דער מאָמענט פון שבת, ווען ער וועט זי פון דער „גזירה״ באַפרייען און דערמיט זיך באַפרייען. אין וואָכעדיקע טעג גייט דער מענטש אַרום ווי מיט אַ מאַסקע אויפן פּנים, ווי איינער וואָס פּרעטענדירט קיין נשמה יתירה ניט צו האָבן. אָן אַ מאַסקע באַווייזט ער זיך, פאַר דער אויסנוועלט, פאַרן חומר, און פאַר זיך אַליין — שבת. אין דעם זינען איז ער שבת נאַטירלעכער ווי אין וואָכעדיקע טעג, און אַט דאָס אפשר האָט דער מדרש געמיינט ווען ער האָט געזאָגט, אין בראשית רבה, „לא דומה אור פניו של אדם כל ימות השבוע כמו שהוא דומה בשבת״ (דאָס ליכט פונם מענטשנס פּנים אַלע טעג פון דער וואָך איז ניט דאָס זעלבע וואָס אום שבת). ווען דער מענטש (אָדער „דער איד״) וואָלט לויט זיין עצם וועזן ניט געווען שבת׳דיק, וואָלט ער פון זיך קיין שבת ניט געקאָנט אַרויספּראָדוצירן, אָדער ער וואָלט ניט מסוגל געווען אָנצונעמען פון גאָט שבת אַלס מתנה: אויך אויף אָנצונעמען אַ געשענק פאָדערט זיך טאַלאַנט, באַשאַנקענקייט. דאָס וואָכעדיקע איז, פון דעם שטאַנדפּונקט, אַן אייביקע „צביעות״ וואָס דער מענטש אַלס אונטערטאַן פון דער נאַטור מוז אַרויס־ווייזן, כדי ווי עס איז דורכצוקומען מיט דער ממשלה פון חומר, בשעת דאָס שבת׳דיקע אין אים איז דאָס אויפריכטיקע און עכטע, די אויסשטראַלונג פון זיין טיפערער נאַטור — אַט ווי היינע האָט געוואָלט גלויבן, אַז דער בן־מלך וואָס איז דורך כישוף פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ הונט, אָבער אויף יעדן שבת ווערט ער צוריק אַ בן־מלך, טראָגט נאָר אַ הינטישע מאַסקע, בשעת אין זיין שורש נשמה איז ער געבליבן וואָס ער איז געווען, וואָס ער איז באַשטימט געוואָרן צו זיין: אַ פּרינץ.

וואָס מער מען טראַכט זיך אַריין אין שבת — אין דער אידייע פון שבת און אין זיינע מאַניפעסטאַציעס אין אידישן לעבן און דענקען — אַלץ מער ווערט מען אָנגעפילט מיטן געפיל, אַז אויב סאָציאַל איז שבת אַ רעפאָרם, איז ער מעטאַפיזיש אַ רעוואָלוציע — אַ רעוואָלוציאָנערער ריטם פון אַרויס־פאָדערונג צום חומר, צו יענעם שטומען מאַסיוו וואָס דריקט אויפן מענטשן און וויל ניט צולאָזן זיין פרייהייט. די הויפּט־אייגנשאַפט פון חומר איז זיין שווערקראַפט, און ער צווינגט שטענדיק דעם מענטשן צו אים צו גראַוויטירן. שבת איז דער געניאַלער פאַרזוך דעם געזעץ פון שווערקראַפט צו „סוספּענ־דירן״, אָדער, לכל הפחות, זיך פון אים ניט ווילנדיק צו מאַכן, אים מבטל צו זיין. אויס מלאכה, אויס פיקסירט־זיין אויף דער מלאכה־וועלט, אויס אָפּהענגיקייט פון דעם וואָס איז אויסער דיר און נידעריקער פון דיר. אויס

זארג און דאגה (עס איז אַ מצוה צו דאגה׳ן אין מיטן וואָך, כדי צו מאַכן דעם שבת זאָרגלאָז), אויס דברי־חול און געבונדנקייט צו דברי־חול, אַ מין איבער־גאַנג פונם קעניגרייך פון נויט און קנעכטשאַפט אין אַ קעניגרייך פון שפע און פרייהייט, פון מי צו „שפיל״, פון שקלאַפעריי אין אַ טיראַנישן שטאַט צו בירגערשאַפט אין אַ רעפּובליק פון גייסט.

די דינאַמיק פון שבת איז זיג, טריאומף: טריאומף פון גייסט איבער מאַטעריע. שבת קאָן מען אין יעדן אָרעמען הויזגעזינט פאַרבעטן די מלאכי־השרת, אָפּגעבן זיי „שלום־עליכם״, ווי לאַנג־באַקאַנטע, באַפריינדעטע, איי־גענע. דער חומר־טיראַן ציט זיך צוריק, באַהאַלט זיין פּנים, ווי אַ שולדיקער און זינדיקער. אויף דער סצענע קומט די באַפרייענדיקע, אויסגע׳חלום׳טע מלכה. ר׳ חנינה איז ניט געווען דער ערשטער וואָס האָט דערזען איר אָנקומען און גערופן יעדן אויף אַ מין פּראָצעסיע, זי מקבל פּנים זיין: „בואו ונצא לקראת שבת המלכה״; ר׳ ינאי איז ניט געווען דער לעצטער וואָס האָט אין דער מלכה דערזען די כלה: „בואי כלה, בואי כלה!״ — יעדן איינעמס מלכה און יעדן איינעמס כלה: יחוס; מילדע, צאַרטע הערשאַפט פונם העכערן איבערן נידעריקערן; חסד אָנשטאָט דעספּאָטיזם; האָפענונג, „מאָרגנדי־קייט״, לאָקונג און פאַרשפּרעכן. מען דאַרף נאָר אָנצינדן און בענטשן די ליכט: זאַנפטע שטראַלן פון דער מלכה־כלה׳ס אויגן וועלן פון די ליכט אַרויסשיינען. פאַר אַלעמען. פאַר יעדן באַזונדער...

1947

# ימים - טובים

פאַר אַ קאָנפערענץ פון געקליבענע מענטשן איז אָוועקגעשטעלט געוואָרן די פראַגע: ווי אַזוי מאַכט מען דאָס לעבן פון „אנשי שלומנו", וועלט־לעכע אידן, ווייניקער וואָכעדיק ווי עס איז היינט; ווי אַזוי קאָן מען „אויספּו־רעמען" פאַר זיי ימים־טובים?

איך פאַרשטיי דאָס פּראָבלעם. מיר האָבן זיך אַלע מיטאַמאָל דערפילט עניים ואביונים. יעדער ליאַדע איד אין אַן אַמאָליק פאַרוואָרפן שטעטל איז געווען רייכער פון אונדז: ער האָט פאַרמאָגט אַזאַ אוצר, ווי אַ יום־טוב. מיר האָבן דעם אוצר פאַרלוירן. אייניקע זאָגן: מיר האָבן אים פאַרלוירן אויף דער שיף, אויפ׳ן וועג קיין אַמעריקע. אַרויסגעפאָרן גבירים, אָנגעקומען קבצנים. אַ קערנדל אמת איז מסתמא אין דער באַהויפּטונג פאַראַן, אָבער ניט מער ווי אַ קערנדל. לאָמיר ניט צופיל אידעאַליזירן אויך די „אַלטע היים". זי איז שוין אויך לאַנג ניט דאָס, וואָס זי איז אַמאָל געווען. דעם טראַדיציע־אויסגעליידיקטן, וואָכעדיקן אידן, וואָס ווייסט ניט וואָס צו טאָן מיט זיך אין אַ יום־טוב׳דיקן טאָג, האָב איך געזען און גוט געקענט יאָרן און יאָרן פאַר מיין אָנקומען קיין אַמעריקע, און אין דער געגנט פון דרום־רוסלאַנד, וואו איך האָב פאַרבראַכט מיינע קינדער־יאָרן, האָב איך שלום אַש׳ס שטעטל שוין ניט געזען. דער פאַרלוסט פון ימים־טובים איז פאַר אונדז ניט קיין פּלוצימדיקע, קאַטאַסטראָפישע געשעעניש. ער האָט זיך אָנגעפאַנגען ניט אין אַמעריקע, ניט מיט עמיגראַציע; זיין התחלה דאַרף מען זוכן אין די סאַמע אָנפאַנגען פון דער השכלה־באַוועגונג, נאָך אין אָנהויב פונ׳ם ניינצעטן יאָרהונדערט. ימים־טובים שטאַרבן קיינמאָל ניט אָפּ מיט אַמאָל — זייער גסיסה, ווי די גסיסה פון קולטורן, פון ציוויליזאַציעס, פון סטילן, דויערט אַמאָל דורות און דורות. פאַר געוויסע שיכטן פונם אידנטום האָט זיך די שקיעה פון ימים־טובים, פון יום־טוב׳דיקייט בכלל, אָנגעפאַנגען שוין זייער לאַנג. מיר האָבן עס איצט אפשר בולט׳ער דערזען, שאַרפער דערפילט, אָבער דאָס פּראָבלעם גופא איז ניט ניי. אגב, איז דאָס אויך ניט קיין ספּע־ציפיש־אידיש פּראָבלעם.

איך האָב אַ טראַכט געטאָן וועגן די נעמען פאַר ימים־טובים אויף פאַרשידענע שפּראַכן. אויף אונדזער פאָלקס־לשון הייסט עס „יום־טוב" — אַ גוטער טאָג, אַ גאַנץ אַלגעמיינע, ניט קאָנקרעטיזירטע, „אַלגעבראַאישע" באַצייכענונג — ווייל וואָס הייסט גוט? דער העברעאישער נאָמען, יעדנפאַלס איינער פון די העברעאישע נעמען, איז „חג" — פייערלעכקייט, אָדער

„מועד״ — אַ טאָג, ווען מען פאַרזאַמלט זיך, ווען מענטשן באַהעפטן זיך איינער אָן דעם אַנדערן, אַ „קאָנגרעגאַציע״־באַגריף. אויף דייטש — פייערטאָג, אַ טאָג ווען דער לעבנס־טאָן איז העכער, געשפּאַנטער, „שטרענגער״. אויף ענגליש — האָלידעי, אַ הייליקער טאָג, דער טאָג פון קדושה, פון זיך מתקדש זיין. אויף רוסיש אָבער (טראָץ דער וואָרצלדיקער רעליגיאָזיטעט פונ׳ם רוסישן פאָלק) — „פּראַזדניק״, דער טאָג פון ניט־אַרבעטן, ריכטיקער נאָך, פון ליידיק־גיין, פון פּוסט־און־פּאַסטעווען. איך בין צו ווייניק פילאָלאָג, אַז איך זאָל נעמען אויף זיך די אחריות פאַר באַשטימען אויף זיכער, ווי אַזוי אַזאַ וואָרט ווי פּראַזדניק איז אַנטשטאַנען. איך פיל אָבער אין דעם וואָרט אַ מעלאַנכאָלישן אָפּקלאַנג פון דער דורות־לאַנגער געשיכטע פון רוסישער שקלאַפעריי, פון געצוואונגענער, שווערער, מענטשלעך־אומווירדיקער אַר־בעט. פאַר אויסגעמוטשעטע שקלאַפן איז אַ טאָג אָן אַרבעט, אַ טאָג פון לעגאַ־ליזירטן פּוסט־און־פּאַסטעווען שוין דערמיט אַליין אַ יום־טוב — אַ גוטער טאָג. מיר שיינט אָבער, אַז אויך פאַר אונדז, פאַר „פרייע״, מאָדערנע אידישע מענטשן, איז דער יום־טוב דערגאַנגען צו דער מדרגה פון „פּראַזדניק״, אַז ער האָט דעגענערירט, זיך אויסגעליידיקט פון זיינע אינהאַלטן, געוואָרן סתם אַ טאָג פון ליידיק־גיין און פון... ליידיק־זיין.

און פאַרוואָס עפּעס טראַכטן בלויז וועגן ימים־טובים, אין ענגן, קאָ־לענדאַרישן זין פון וואָרט? עס איז נישטאָ קיין מער זינלאָזער מאָמענט, ווי אַ מאָמענט פון פייערלעכקייט אינ׳ם לעבן פון אונזערע „וועלטלעכע״ אידן. לאָמיר אַ טראַכט טאָן וועגן דעם ווי אַזוי מיר „פּראַווען״ אונזערע לוויות. זינלאָז און פאַרמלאָז. מען ווייסט ניט וואָס צו טאָן, און מען האָט זיך ניט וואו אַהינצוטאָן פון דער אייגענער אומבאַהאָלפנקייט. איז מען מכבד דעם עולם מיט רעדעס, ווי צו אַ באַנקעט. יעדערער רעדט וואָס ער וויל. קיין שום נוסח. קיין שום זאַך, וואָס זאָל שאַפן אַ געהעריקע אַטמאָספער. קיין שום צעמענטירנדיקער עלעמענט. קיין שום אַקט, אין וועלכן אַלע זאָלן אָנטיילנעמען. קיין שום בשותפות׳דיקייט.אַלע זיינען מסתמא פאַראייניקט דורך עפּעס אַן אינעווייניקסטן געפיל, אָבער ניט דורך אַ פאָרם וואָס זאָל די אייניקונג פאַר־קערפּערן, פאַרבילדלעכן... „אונזער טרויער איז אַ הוילער, ווי הויל און נאַקעט עס זיינען אונזערע שמחות״, האָט ניט לאַנג צוריק באַמערקט ש. ניגער. די פראַגע איז אַלזאָ ניט בלויז וועגן שמחות, וועגן ימים־טובים, נאָר אויך וועגן פייערלעכקייט בכלל, וועגן סימבאָלישע פאָרמען, וועגן קינסט־לערישן אויסדרוק פון אינדיווידועלער און קאָלעקטיווער פייערלעכקייט.

אָבער סימבאָליק קאָן מען ניט באַשטעלן, און קינסטלערישער אויסדרוק איז ניט דאָס זעלביקע, וואָס דעקאָראַטיווער אויפדרוק. אַ יום־טוב איז קיינמאָל ניט געווען און וועט קיינמאָל ניט זיין בלויז אַ דעקאָרירטער טאָג. דאָס בלויז

דעקאָרירטע איז אין גרונט ניט־אמת, ניט־עכט, און פייגנבלעטער זיינען נאָך אין אָדם און חוה׳ס צייטן געווען אַ שלעכטע שמירה קעגן דער חרפּה פון נאַקעטקייט. צו דעקאָראַציע דאַרף מען נאָך האָבן דעם קינסטלער, דעם קינסטלערישן מענטשן, וואָס זאָל זי שעפעריש אויפנעמען און זאָל דורך דער דעקאָראַציע, דורך אירע וואונקען און רמזים, דורך איר סיסטעם פון סימנים, דערזען יענע באַזונדערעווירקלעכקייט, וואָס זי טראָגט אין זיך. פאַר דעם ניט־קינסטלערישן מענטשן איז דעקאָראַציע די גרעסטע טיפּשות, אין בעסטן פאַל — קינדערישקייט.

איך זאָג עס אַנטקעגן דעם וואָס מען קאָן קיין ימים־טובים ניט מאַכן, קיין פייערלעכקייטן ניט פאַבריצירן — אַפילו ווען מען זאָל דערצו באַשעפטיקן די בעסטע „אינזשענערן". איך האָב אַמאָל געלייענט זשיטלאָווסקי׳ס אַן אָפּהאַנדלונג וועגן דער ווידערגעבורט פון אידישע ימים־טובים, וועגן — אויב מיין זיכרון דינט מיר — אַרויסנעמען די עסטעטישע מאָמענטן פון טראַדיציאָנעל אידישע חגים ומועדים און מאַכן זיי פאַר׳ן יסוד פון נייע, „וועלטלעכע" ימים־טובים. איך גלויב ניט אַז מען קאָן דאָס מאַכן, ווייל ווען מען רעדט, ווי זשיטלאָווסקי האָט עס דענסמאָל געטאָן, וועגן ווידער־געבורט, קאָן מען עס ניט „פּלאַנירן", מוז עס ווידער־געבוירן ווערן, מוז עפּעס אין אונדז (ניט אויסער אונדז) אויפשטיין תחית המתים. ווייל אַ סימבאָל איז ניט קיין אויסגעטראַכטער סימן, ווי אַ טעכנישער שיפער פאַר קאָנפידענציאָנעלע טעלעגראַמען, און אַ צערעמאָניע איז ניט קיין אויסגעטראַכטע האַנדלונג פאַר „פּאָעטיזירונג" פון׳ם לעבן. אַ סימבאָל איז אַ דערמאָנונג פון אַן אמת, וואָס לעבט אין אונז, און אַ צערעמאָניע איז אַן אויסדרוק פון באַהעפטונג פאַר די, וואָס פילן און גלויבן, אַז עס איז אין דער וועלט פאַראַן מיט וועמען אָדער מיט וואָס זיך צו באַהעפטן. אָן דעם איז אַ סימבאָל ניט מער ווי „שטאָף" — ווי טויטע, גאָרנישט זאָגנדיקע מאַטעריע — אָט ווי אָנגעצונדענע ליכט אויף די טישן פון אַ בראָדווייער רעסטאָראַן — שטומע און טויבע ליכט אין פאַרגלייך מיט „געבענטשטע" ליכט פון פרייטאג צונאַכט. אָן דעם, אָן דער באַהעפט־באַדערפעניש און דער באַהעפט־פעאיקייט, זיינען צערעמאָניעס ניט מער ווי — „פוילע שטיק". און וואָס איז דען אַ יום־טוב אָן עכטע סימבאָלן און אָן עכטע צערעמאָניעס?

וואָס מיר האָבן פאַרלוירן, איז ניט די טעכניק פון יום־טוב. ווער עס האָט די טעכניק פאַרגעסן, קאָן זיך לייכט אָן איר דערמאָנען, קאָן זי לייכט נאָכאַמאָל אויסלערנען. מיר האָבן פאַרלוירן עפּעס וויכטיקערס און גרעסערס: די יום־טוב־בילדנדיקע קראַפט, די פעאיקייט אויסצושיידן אַ טאָג פון דער וואָך, אַ טאָג פון אַ גאַנץ יאָר און אים — טראַנספאָרמירן, אויפהויבן אים צו יענער מדרגה פון זין־פולקייט, צו וועלכער יעדער אַנדערער טאָג וואָלט

אויך געקאָנט דערהויבן ווערן, ווען מענטשן וואָלטן דערצו געהאַט כוח, ווען מיר וואָלטן ניט געווען געצוואונגען בדרך־כלל צו פירן אַ לעבן פון צעשפּליטערטקייט, פון אויבערפלעכלעכקייט, פון ... ניט־רעאַליטעט. אַ יום־טוב איז, לויט זיינע אינהאַלטן, ניט אַ וואָכעדיקער טאָג גע׳כפּל׳ט אויף פינף אָדער אויף צען, אָדער אויף הונדערט. דער אונטערשיד צווישן אמת׳ן יום־טוב און וואָך איז ניט בלויז אַ קוואַנטיטאַטיווער (מער גייסט!) נאָר אַ קוואַליטאַטיווער (אַן אַנדער גייסט!). פרייהייט אַנשטאָט נויטווענדיקייט, „שפּיל" אַנשטאָט האַרעוואַניע, אַ בליק אין אייביקייט אַנשטאָט אַ קינעמאַטאָגראַף פון צייטווייליקייטן, גאַנצקייט אַנשטאָט צעשפּליטערטקייט, געשפּאַנטקייט אַנשטאָט יענער „באַלאַנסירטקייט", וועלכע מיר מוזן האָבן פאַר דעם וואָכעדיקן קאַמף פאַר עקסיסטענץ. יעדער מענטש, וואָס לעבט איבער אַן עכטן יום־טוב איז אַ קינסטלער, פון וועמען עס שטראַלט אַרויס אַן אַנדערע, „אמת׳ערע" און רעאַלערעווירקלעכקייט. אַ בעל־עגלה, וואָס פּראַוועט אַ סדר איז ניט אַ בעסערער, רייכערער און איידעלערער בעל־עגלה, נאָר — ניט מער און ניט ווייניקער ווי — אַ מלך; אַ פעדערן־פּליקערין ווערט אַ מלכה, אַ שטיוול־פּוצער — אַ בן־מלך...

אין גרונט, קאָנען דערפאַר ניט זיין קיין „וועלטלעכע" ימים־טובים. יעדער „וועלטלעכער" אָדער „פאַרוועלטלעכטער" יום־טוב איז אַ סוראָגאַט, ערגעץ־וואו אַ פאַרפעלשונג, אַן אימיטאַציע פון עפּעס וואָס איז עכט און אָריגינעל. ראַציאָנאַליסטן קאָנען ניט האָבן קיין אמת׳ע ימים־טובים, פּונקט ווי זיי קאָנען ניט שאַפן קיין עכטע קונסט. יום־טוב איז — מיטאָס, באַפרייענדיקער שפּיל, אָבער שפּיל אין וועלכן מען גלויבט אַז ער איז אמת׳ע טאַט, דערנענטערונג צו רעאַליטעט, צום שורש, צום מקור. עס איז גאָרנישט אָפּצושאַצן יענע „טאַלאַנטן", וואָס אַ פּרימיטיווער שבט האָט געדאַרפט אין זיך פאַרמאָגן, כדי צו שאַפן איין יום־טוב, איין פאַר׳כישוף׳טן טאָג. כדי צו האָבן אַ יום־טוב, מוז דער מענטש זיין אַ „מכשף", אַרויס׳כישופ׳ן פון זיך אַליין זיין אַנדערן, ניט־ראַציאָנעלן, פרייערן און גלויביקערן איך, און דורך יענעם איך זען די וועלט, באַפרייען אין זיך — „דעם מלך".

קאָן מען דאָס — מאַכן, פּלאַנירן? קיין „חכמות" וועלן דאָ ניט העלפן. כדי נאָכאַמאָל צו קריגן ימים־טובים, „פייערלעכקייטן", מוז אַ ניי פייערל זיך אין אונדז צעפלאַקערן, מוזן אין אונדז אויפגעוועקט ווערן האַלב־אַטראָפּירטע קינסטלערישע קרעפטן, מיטאָס־בילדנדיקע פעאיקייטן, דער טאַלאַנט פון סימבאָליזירן, זעערישקייט — אמונה. אַלץ איינס, צי נייע אמונה, אָדער באַנייטע אמונה, יעדנפאַלס יענע קראַפט, וואָס שטייט אין הינטערגרונט פון אַלע ביזאַהעריקע ימים־טובים, פון יעדער יום־טוב׳דיקייט.

1937

# „נעאָ־קלעריקאַלע געדאַנקען"

מיר איז אויסגעקומען צו פאַרברענגען אַ טאָג אין פּענסילוויניע, אין אונזערן אַ יוגנט־קעמפּ. האָב איך דאָרט געטראָפן אַרום 70—80 פּראַכטפולע יונגע מענטשן, מיט אַפּענע, ערלעכע פּנים׳ער, מיט יענער „ניט־אויסגעוואַקסנקייט" און ניט־איבערגעשפּיצטקייט, וועלכע איז אַזוי חנ׳עוודיק אין אַ געוויסן טיפּ אַמעריקאַנער יוגנט.

צוויי מאָל אין דעם מעת־לעת האָב איך ביי זיי בייגעוואוינט אַ קליינע צערעמאָניע. איך ווייס ניט, ווער עס האָט דאָס ביי זיי איינגעפירט — מ׳זאָגט מיר, אַז ס׳איז אַליין געבוירן געוואָרן, „ספּאָנטאַן" — אָבער פאַרן פרישטיק און פאַרנאַכט, פאַר דער וועטשערע, פאַרזאַמלען זיי זיך אַלע אויפן פרייען פעלד און פירן־דורך עפּעס, וואָס קאָן אויפגעפּאַסט ווערן ווי אַ שטיק „ריטואַל". דער „ריטואַל" אין פרימאָרגן באַשטייט אין אויפציען אויף אַ הויכן סלופּ זייערע צוויי פאָנען, די אַמעריקאַנער און די אידישע; פאַרנאַכט — אין דעם אַראָפּציען פון די פאָנען. בשעת דאָס ווערט געטאָן, שטייען אַלע אין אַ געשלאָסענעם קרייז אַרום דעם סלופּ און שווייגן. נאָכדעם זינגען זיי זייערן אַ הימן. אין דער פרי ווערט נאָך פאַרן הימן מערסטנטיילס איבערגע־לייענט אַ קאַפּיטל תנ״ך. דאָס קאַפּיטל וואָס מיר איז אויסגעקומען צו הערן איז, צוליב תשעה־באב, געווען — „על נהרות בבל". אַ מיידל האָט עס גע־לייענט אויף ענגליש (איינפאַך געלייענט, ניט, גאָט זיי דאַנק, „דעקלאַמירט"). ווען ס׳איז געקומען צו די לעצטע זאַצן, צו די בני־אדום און דער בת־בבל, וואו עס ווערט זיי געוואונטשן אַז עס זאָל זיי באַצאָלט ווערן פאַר אַלץ וואָס זיי האָבן אונז געטאָן, און צו דעם באַרימטן „אשרי" — צו דעם נקמה־יישר־כח פון אַ פאַרביטערט האַרץ פאַר יענעם, וואָס וועט אַמאָל זיין אימשטאַנד נעמען בבל׳ס זויג־קינדער און זיי „צעקלאַפּן קעגן דעם פעלזנשטיין" — האָט זיך דאָס מיידל אויף עטלעכע סעקונדן אָפּגעשטעלט. מיין איינדרוק איז געווען אַז זי האָט זיך גע׳ישוב׳ט מיט זיך, צי זאָל זי לייענען די לעצטע זאַצן אָדער ניט. זי האָט, ווייזט אויס, ניט געקאָנט פּועל׳ן ביי זיך אַרויסצוברענגען פון איר מויל די טויזנטער־יאָרן־אַלטע „ווענדעטאַ"־פאָרמולע און האָט ביי זיך באַשלאָסן זיך צו באַגיין אָן דעם „זכור" און אָן דעם „אשרי". נאָך די סע־קונדן פון אומאַנטשיידנקייט האָט זי מיט אַ שטילער, לאַנגזאַמער באַוועגונג פאַרמאַכט איר תנ״ך. דער עולם האָט זיך אין אַן אויסגעשטרעקטער ליניע געלאָזט גיין אין עס־צימער און איך האָב ניט באַמערקט, אַז עמיצער זאָל

זי פרעגן, פאַרוואָס זי האָט דאָס קאַפּיטל תהלים ניט פאַרענדיקט: ס׳האָט קיינער ביי איר ניט געמאָנט די קלאַסישע פאַרצווייפלונגס־קללה קעגן אדום און בבל...

אַן אָרטאָדאָקס אָדער אַן עבודה־זרה׳ניק פון טראַדיציע וועט אפשר אַזאַ האַנדלונג שאַקירן: אַן אַכצן־יעריק מיידל, אַ „שנעק״ וואָס קאָן אַפילו ניט איבערלייענען די עטלעכע שורות אין אָריגינאַל, האָט די העזה צו „רעדאַגירן״ דעם תהלים. עס איז אָבער גוט און „פרום״ פון איר זייט, וואָס זי האָט דעם אַלטן טעקסט געשניטן, אויב די ווערטער זיינען פאַר איר געווען צו אכזריות׳דיק, אויב זי האָט זיי ניט געקאָנט אַרויסזאָגן מיטן פולן מויל...

אָבער ניט דאָס בין איך אויסן. וויכטיק איז פאַר מיר דער עצם איינפיר פון אַ צערעמאָניע. אונזער יוגנט דאָ הויבט, ווייזט אויס, אָן צו פילן אַלץ מער און מער אַ באַדערפעניש פאַר פאָרם, פאַר וועלכן ניט איז נוסח, פאַר אביסל סימבאָליק. דער ראַדיקאַלער איד אין אַמעריקע איז יאָרנלאַנג אַרומ־געגאַנגען אין נעגליזשע, געפראַוועט זיינע ימים־טובים (אויף וויפל ער האָט ימים־טובים) אין לויזע פּידזשאַמעס, און ער איז נאָך ביז היינט פּייאיק צו שטיין צעכראַסטעט אין די פייערלעכסטע מאָמענטן פון זיין לעבן. דער פיינע־רער טייל פונם יונגן דור קאָן עס, ווייזט אויס, שוין מער ניט איבערטראָגן, און ער איז דאַנקבאַר ווען עמיצער קומט און טראָגט אַריין אין לעבן אַ סימן פון צערעמאָניאַל. אַפילו ניט־געבענטשטע ליכט, אויב מען צינדט זיי פעריאָדיש אָן און מען שטעלט זיי אַוועק אויפן עס־טיש, שאַפן פאַר איר אָפטמאָל עפּעס פון א יום־טוב אַטמאָספערע. אין אונזער גרויען לעבן, באַטראַכט איך דערפאַר יעדן פראַגמענט פון אַן אַלטן צערעמאָניאַל, אָדער יעדן שטיקל רמז אויף אַ נייעם צערעמאָניאַל, פאַר אַ פּאָזיטיווער דערשיינונג. איך פאַרשטיי גוט יענעם וואַלד־באַאַמטן, וועגן וועלכן קיפּלינג האָט אונז אַמאָל דערציילט: ער לעבט אין וואַלד איינער אַליין, אָבער יעדן טאָג טוט ער אָן דעם פאָרמעלן דינער־אָנצוג, איידער ער זעצט זיך צו זיין סאָלאָ־סעודה. ער האָט זיך ניט געוואָלט „באַפרייען״ פון דעם שטיקל צערעמאָניאַל, אפילו ווען ס׳איז אַרום אים ניט געווען קיינער וואָס זאָל עס זען, אָדער זאָל זיך אין דעם באַטייליקן. עפּעס פון דעם דאָזיקן וואַלד־היטער׳ס מענטאַליטעט וואָלטן מיר געדאַרפט איצטער האָבן אויך אין ארץ־ישראל, צווישן אונזער אַרבעטער־יוגנט מיט איר האַלב־ניהיליסטישער פאַראַכטונג צו פאָרם, צו נוסח, צו סימבאָלן און אָרנאַמענטן.

***

צוזעענדיק פון דער זייט די צערעמאָניע אין דעם פענסילווייניע־קעמפּ, האָט זיך מיר געדוכט אַז פאַר מיר ווערט דורכגעפירט אַ כמוּ־

רעליגיעזער אַקט. פאַנען זיינען נישט מער ווי שטיקלעך געפאַרבטער שטאָף. פאַרוואָס זשע דאַרפן אַלע זיין אָנוועזנדיק בשעת דעם אַרויפציִען די פּאָר שטיקער טעקסטיל־סחורה? און פאַר וואָס דאַרף מען עס אַזוי ערנסט און קאָנצענטרירט שווייגן, בשעת דאָס ווערט געטאָן? און פאַר וואָס דאַרף עס נאָכדעם באַגלייט ווערן פון אַ הימן? און וואָס הייסט עס, אַז איינער וואָס האָט פאַרשפּעטיקט צו דער צערעמאָניע פילט זיך נאָכדעם „שולדיק״? דאָ זיינען פאַראַן אַ ריי סימנים פון אַן „עבודה״־אַקט: דאָס צושרייבן אַ סימבאָלישע באַדייטונג צו שטיקלעך געוויינלעכער מאַטעריע; דאָס אויס־שניידן אַ געוויסע צאָל פּייערלעכע מינוטן פונם טאָג׳ס געוויינלעכקייטס־שטונדן; דאָס פּיקסירן פון דער פאַנטאַזיע אויף עפּעס אומזעבאַרס („אידעאַלן״, באַוועגונגס־צילן), וואָס שטייט הינטער די זעבאַרע סימבאָלן און גיט זיי צו זין און ווערט; דאָס אַרויסרופן אין זיך אַ צושטאַנד פון „אַנדאַכט״, און וואָס איז ניט עקזאַקט דאָסזעלביקע וואָס איך איבערזעץ מיט די ווערטער יראת הכבוד אָדער כוונה. אין אַלץ דעם איז פאַראַן עפּעס, וואָס מאַכט עס זייער נאָענט צו דער מדרגה פון תפילה. וואָס עס פעלט אין אַזאַ אַקט, אַז ער זאָל ווערן עכטע תפילה, איז — דאָס ביסעלע ציטער פון אַ מעטאַפיזישער שפּאַנונג, אָדער דאָס וואָס מיר ווילט זיך באַצייכענען אַלס אַ געפיל (אָדער באַוואוסטזיין, אָדער ריכטיקער: געפיל פּלוס האַלב־העל און האַלב־טונקל באַוואוסטזיין פון... טראַנסצענדענטאַלע ווערטן). אויב אַזאַ געפיל־באַוואוסטזיין אָדער געפיל־אונטערבאַוואוסטזיין זאָל אין יענע יונגע מענטשן, וואָס איך האָב באַאָבאַכט זיין — ווי מיר זאָגן אָפט, אין אַ דרימלדיקן צושטאַנד — קאָן דאָס אַרויסגערופן ווערן, דורך אַן אַנדער סימבאָליק. פאַנען, יעדנפאַלס יענע פאַנען וועלכע מיר נוצן און וואָס יעדע פון זיי איז אַ קינסטלערישע על־תנאי־באַצייכענונג פון אַ היסטאָרישן אָדער פּאָליטישן ציל, זיינען ניט אימשטאַנד יענע עמאָציעס אַרויסצורופן, אויפ־צוואַוועקן, אַקטיוו צו מאַכן. די אַמעריקאַנער פאָן, מיטן גאַנצן רעס־פּעקט וואָס זי פאַרדינט, איז אַ „שבט״־פאָן, טראָגט דעם וואָס זי אַפּעלירט צו די געפילן פון אַזאַ ריזיקן „שבט״, וואָס באַשטייט שוין, כן ירבו, פון אַזוי פיל מיליאָנען נפשות. זי איז אַ סימבאָל פון איינ־הייט פאַר אַלע וואָס געפינען זיך אין לאַנד, אָבער אויך אַ סימבאָל פון אָפּגרענעצונג לגבי דער איבעריקער וועלט. דאָסזעלביקע איז, נאַטירלעך, אויך די אידישע פאָן: זי איז אויך אַ פאַראייניקונג און אָפּגרענעצונג, אָדער פאַרענגונג, אין איינער און דערזעלביקער צייט. הינטערביידע שטייען היס־טאָרישע ווערטן, גרויסע, סטימולירנדיקע, אָבער אויסער־מעטאַפיזישע. צו דער מערהייט מענטשלעכע ברואים אין דער וועלט זאָגן זיי גאָר ניט — ניט נאָר פּאַקטיש, נאָר אויך אין פּרינציפּ. אין די ווערטפולע עמאָציעס, וואָס זיי רופן

אַרויס, איז פֿאַראַן אויך דער מאָמענט פֿון זעלבסט־איזאָלאַציע. גיט צו זיי צו אַ דריטע פּאַן, די רויטע, און עס וועט זיך פֿאַרהעלטניסמעסיק ווייניק ענדערן. זי איז אויך אַ היסטאָריש־פּאָליטישע קאַמף־פּאַן, אין תּוך אַ צייטווייליקע. ווען דער קאַמף וועט זיך ענדיקן, וועט מען זי אַוועקלייגן אין אַ מוזעאום: זי וועט קיינעם מער ניט סטימולירן. און אין אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט וועט זיין לעכערלעך זיך צו באַנוצן מיט אַ פּאַן, וואָס האָט מיט זיך אַמאָל סימבאָליזירט קלאַסן־קאַמף. פֿאַר דעם אייגנאַרטיקן כאַראַקטער פֿון אַ רע־ליגיעזער אָדער מעטאַפֿיזישער דערלעבעניש (אויב עמיצער האָט אין דעם אַן אינטערעס) וועט מען אַלזאָ דאַרפֿן האָבן אַנדערע סימבאָלישע קעגנשטאַנדן, און איך בין ניט זיכער אַז דאָס מוז זיין דווקא אַ פּאַן. מען דאַרף האָבן, כּדי אַזאַ דערלעבעניש אַרויסצורופֿן, אויך אַן אַנדער טעקסט פֿון אַ הימן. ניט יעדער קאַפּיטל נביאים, אויך ניט יעדער קאַפּיטל תּהלים, קאָן פֿאַרנעמען דעם פּלאַץ פֿון אַזאַ הימן. אונזערע הייליקע שריפֿטן זיינען פֿול מיט „היס־טאָרישקייט", אונזער סידור איז ווייט ניט ריין פֿון „פּאָליטישקייט", און אַ ספּעציעלער „אלהי ציון וירושלים", אויב ער מיינט בכלל עפּעס פֿאַרן באַ־וואוסטזיין פֿון אַ מאָדערנעם אידן, מיינט ער, וויטער אַמאָל, פֿאַרענגוּנג, שבט־גייסט, „פּאָליטיק" אויסגעדריקט אין אַ סאַקראַמענטאַלער פֿאָרמולע. פֿאַר באַנייטער רעליגיעזער פּראַקטיק וואָלט מען אפֿשר געדאַרפֿט האָבן אַ נייעם סידור. ער מוז ניט זיין שפּאָגל־ניי און עס לוינט אין אים אַריינצונעמען אַ סך עלעמענטן פֿונם אַלטן; אָבער אַנשטאָט אַ צאָל תּפֿילות און פּיוטים וואָס האָבן שוין אָפּגעלעבט זייער צייט, וואָלטן געדאַרפֿט אַריינקומען נייע (אגב, ביי ביאַליק'ן זיינען פֿאַראַן פֿיר־פֿינף לידער, וואָס אין אַן אַנדער עפּאָכע, מיט מער שעפֿערישן רעליגיעזן לעבן, וואָלטן זיי, אָן שום ספֿק, אַנגענומען געוואָרן פֿאַר תּפֿילות).

אָבער פֿאַר תּפֿילות דאַרף מען האָבן מתפּללים, און פֿאַר מתפּללים דאַרף מען האָבן מעטאַפֿיזיש לעבעדיקע מענטשן, און כּדי דאָס צו זיין אָדער צו ווערן, מוז מען האָבן אינטעלעקטועלן און קינסטלערישן מוט. אַזאַ מוט איז אָבער אַליין שעפֿערישקייט און מ'קאָן אים אין קיינעם ניט אַריינ'דרש'ענען...

***

אויף אַ געוויסער מדרגה פֿון קולטור (אָדער גאָר אומקולטור) באַגייט זיך אַ מתפּלל אָן אַ סידור.

אין דער חסידישער מעשה האָט משה פּאַסטוך ניט געקאָנט דאַוונען פֿון קיין סידור, ווייל ער איז געווען אומגעלערנט. אַנדערע קאָנען דאָס היינט ניט טאָן ווייל זיי זיינען (אָדער עס דוכט זיך זיי, אַז זיי זיינען) איבערגע־לערנט. אָבער אפֿשר וועלן זיך אַמאָל די לעצטערע עפּעס אָפּלערנען פֿון

יענעם עם־הארץ אין בעל־שם׳ס צייטן — עבודה אָן אַ סידור? אפשר וועלן זיי שאַפֿן פֿאַר זיך אַ „שטומען״ צערעמאָניאַל, לחלוטין אָן ווערטער, בלויז פֿון סימ־באָלישער ריטמיק? און אפשר קאָן זיי העלפֿן מוזיק, „לידער אָהנע וואָרטע״? בעטהאָווען׳ס מוזיק מיט די ווערטער פֿון שילער׳ס „ליד אַן די פֿרוידע״, איז אין גרונט איינע פֿון די דערהאַבנסטע תפילות, וואָס זיינען ווען עס איז געשאַפֿן גע־וואָרן. יעדער קיבוץ אויף דער וועלט האָט אַ טענדענץ צו ווערן אַ כאָר (אויב ער האָט ניט אַזאַ טענדענץ, דאַרף מען אים אויפֿלייזן), און יעדער כאָר וואָלט געדאַרפֿט קאָנען זינגען, און האָבן אַ באַדערפֿעניש צו זינגען, יענעם שטיק בעטהאָווען אָדער ענלעכע מוזיק — מיט שילער׳ס, אָן שילער׳ס טעקסט, אָדער מיט אייגענע און נייע ווערטער, אָדער גאָר אָן ווערטער אינ־גאַנצן. מוזיק פֿון דעם סאָרט גיט יעדן גלייך דעם געפֿיל, אַז זי איז אָדער קאָן ווערן פֿאַרשטענדלעך אויך פֿאַר אַ יאַפּאַנעזער און אַ סיאַמעזער, פֿאַר אַ זולו און אַ האָטענטאָט, פֿאַר אַ קאַפּיטאַליסט און אַ פּראָלעטאַריער און ווי די אַלע זיבן זאַכן הייסן אין אונזערע אומפֿאַרמיידלעכע סאָציאַל־היסטאָרישע קלאַסיפֿיקאַציעס. אויב אונזער גאַנצע קולטור זאָל אונטערגיין, און שפּעטער מיט צען טויזנט יאָר זאָל מען געפֿינען אונטער דער ערד די נאָטן פֿון אַזאַ מוזיק, און מ׳זאָל זיי קענען איבערלייענען, וועט יענע מוזיק ווערן מיט דער צייט פֿאַרשטענדלעך און אָנהויבן אינספּירירן דעם מענטשן פֿון נאָך דעם צווייטן מבול. מיט פֿאָנען אָדער אָן פֿאָנען (אָדער גאָר מיט אַנדערע סימבאָלן) וואָלט איך איינגעפֿירט אין אונזערע קעמפּס, און ניט נאָר דאָרטן, אומגעפֿער אַזאַ „עבודה״ פֿאַרן פֿרימאָרגן און פֿאַרן פֿאַרנאַכט. דאָס וועט נאַטירלעך ניט דערפֿילן די פֿונקציעס ניט פֿון „התקוה״ און פֿון „תחזקנה״, ניט פֿון דעם אַמע־ריקאַנער הימן און ניט פֿונם אינטערנאַציאָנאַל, אָבער ווער הייסט דען אויס־שליסן זיי פֿון אונזער פּראַקטיק און פֿון אונזער לעבנס־שטייגער? אויך די „שבט״־לידער האָבן זייער פּלאַץ, און ניט נאָר זיי, נאָר אַפֿילו, להבדיל... סאָלדאַטסקע לידלעך קאָנען און דאַרפֿן, אין געוויסע פּעריאָדן, שפּילן זייער ראָלע. איך וואָלט נאָר וועלן, אַז זיי זאָלן „וויסן״ זייער פּלאַץ, און אַז מיר זאָלן געדענקען, אַז זיי האָבן ניט קיין רעכט אויפֿן אויבן־אָן.

1940

# „אויף שטויב און אַש"

וואָס טוט איצט גאָט? וואו איז ער, אויב ער איז בכלל ערגעץ־וואו פאַראַן? פאַרוואָס שווייגט ער? איז ער גאָר אפשר דער דיריזשער הינטער די קוליסן פון דעם דאָזיקן טייוולאָנישן ספּעקטאַקל; פון דער מאוים׳־דיקסטער בלוט־צאַפּעניש וואָס אונזער פּלאַנעט האָט ווען עס איז גע־זען? איז דאָס זיין האַנט וואָס פירט אָן מיט מיליאָנען קין׳ס, וועלכע שאַנעווען ניט קיין מוטערס, שענדן טעכטער און לאָזן רעגענען מיט באָמבעס אויף גרייזע קעפּ און אויף זויגלינגען אין די וויגעלעך? אָדער איז ער „בייט־ראַל"? האָט ער זיך „איזאָלירט" ערגעץ־וואו אין דער אומענדלעכקייט פונם חלל העולם, און עס גייט אים ניט אָן, וואָס ס׳קומט פאָר אין יענעם פּיצינקן, „פּראָווינציעלן" ווינקל, וואָס רופט זיך ערד? אָדער ליידט ער גאָר מיט אונז צוזאַמען, און פאַרגיסט טרערן אויף יעדן אומשולדיקן טראָפּן בלוט, און איז אַליין שוואַך און אומבאַהאָלפן, געשמידט אין קייטן פון שטומער נויטווענדיקייט, אָדער אויסגעזעצט צום כאַאָס פון צופעליקייט?

וואָס טוט איצט גאָט? וואו איז ער, אויב ער איז בכלל ערגעץ־וואו פאַראַן? אין דער פּוריטאַנישער מאַסאַטשוזעטס וואָלט מען אַמאָל באַצאָלט מיטן קאָפּ פאַר אַרויסרעדן אַזעלכע ווערטער. היינט דערלויבט מען זיך אָפּצודרוקן אַזאַ, אָדער כמעט אַזאַ, פראַגע אַלס טיטל פון אַן אַרטיקל אין אַ טעאָלאָגישער צייט־שריפט („קריסטשען סענטשורי").

אָבער ס׳איז נישטאָ וואָס זיך צו שרעקן: רעווערענד קרעין, אַ מעטאָדיס־טישער מגיד פון דעטראָיט, האָט זיך בלויז אויף אַ מינוט אַ שפּיל געטאָן מיט ניהיליסטישע פראַזן. ער איז, חס ושלום, ניט קיין אַפּיקורס און ניט קיין גאָט־לעסטערער. פאַרקערט, ער האַלט זיך גאָר פאַר אַ גרויסן מאמין, און קוקט ער אויף דער היינטיקער וועלט, אויפן פּיין און ליידן פון הונדערטער מיליאָנען גאָט׳ס ברואים, רירט עס ניט אָן זיין אמונה, פאַלט ער ניט אַריין אויף קיין איין מינוט אין צווייפל. פון זיינע פרומע ליפּן וועט זיך קיינמאָל ניט אַרויסרייסן די ציניש קללה פונם אויפגעטרייסלטן פאָלקסמענטשן — „אַ רוח אין דער וועלט׳ס טאַטן אַריין". ווייסט ער דאָך, ווער דער וועלט׳ס טאַטע איז, און איז ער דאָך זיכער, אַז יענער באַהאַנדלט זיינע באַשעפענישן פאָטערלעך. ער איז בלויז גרייט צו שטעלן אַפּיקורס׳ישע קשיות, כדי צו געבן אויף זיי אַ פרומען ענטפער: „דע מה שתשיב לאפיקורס". אָבער זיין אייגענער גלויבן איז פעלזן־פעסט, און אַ נאַר און אַן עוכר־קריסטנטום איז דער, וואָס מיינט אַז די וועלט איז אַ פאַרלאָזענער יתום. ער, דער מעטאָדיסטישער רעווערענד

פון מישיגען, ווייס דעם טיפן סוד פון דער הויה און פון אַלץ וואָס געשעט אין איר — אָט יענעם אַלטן און אייביקן סוד, מיט וועלכן אליפז האָט זיך אַמאָל אַוועקגעלאָזט פון זיין הימלאַנד תימן אין דעם לאַנד עוץ, כדי דאָרט צו שיטן טרייסט־זאַלץ אויף די וואונדן פון זיין פריינט איוב. און דער סוד איז אַ גאַנץ פּשוט׳ער, און עס ווייס אים ניט — נאָר דער, וואָס וויל אים ניט וויסן: צוויי מאָל צוויי איז פיר; אַז עס רעגנט אין צייט וואַקסט גראָז און די שעפסן ווערן פעט; אַ האָגל פאַרדאַרבט די תבואה; פון ניט וואַשן זיך שפּראָצן אַרויס אויפן פּנים פּרישטשעס; וואו עס וואַקסט דער רער־שטאָק פון אויבן, איז פאַראַן אַ זומפּ פון אונטן, און וואו דו זעסט ליידן, זוך חטאים — די פּרישטשעס אויפן פּנים פון דער וועלט. אליפז התימני איז דער פיזיקער אין טעאָלאָגיע; איר נאַטורוויסנשאַפטלער און אויך איר יוריסט. שכר־ועונש איז אַ נאַטור־געזעץ, אַ געזעץ וואָס גאָט האָט אַוועקגעשטעלט אויף דער וועלט — פון בראשית ביז... נו, ביזן לעצטן ביז. און זיצט איוב אויף שטויב און אַש, מיט קרעץ אויפן גאַנצן גוף, אָן זין און אָן טעכטער, אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ, מיט אַ פרוי וואָס קאָן ניט פאַרטראָגן זיין פּיין און הייסט אים שילטן גאָט, כדי אַרויסצורופן זיין גרימצאָרן, וועלכער וועט איוב׳ן אפשר פאַרניכטן און דערמיט באַפרייען פון עינויים — מעסט אים אליפז התימני אָפּ פונם באַאַשטן קאָפּ ביז די באַשטויבטע פינגערשפּיצן פון די פיס, און „טרייסט״ אים מיטן באַרימטן פסוק:

„מי הוא נקי אבד,
ואיפה ישרים נכחדו?״

(וואו איז דען פאַראַן אַ ריינער, וואָס איז אומגעקומען? און וואו זיינען דען יענע גערעכטע, וואָס זיינען פאַרניכטעט געוואָרן?).

איוב ליידט — הייסט עס, אַז ער האָט געזינדיקט. און לייקנט ער זיינע זינד, באַגייט ער ערשט איצטער דעם גרעסטן פאַרברעכן, דעם חטא פון גאָטלעס־טערונג — האָט ער אויסגעטראַכט אויף גאָט אַ בילבול, אַז ער שטראָפט אַן אומשולדיקן, אָדער אַז די בוכהאַלטעריע, כביכול, פון גוטע און שלעכטע מעשים איז ביי אים ניט אין אָרדענונג.

אַן אַלטע, דיסקרעדיטירטע לערע? ס׳איז גאָר נישטאָ, דוכט זיך, אַזאַ זאַך אויף דער וועלט. עבודה־זרה׳ס ווערן גאָר ניט אַזוי לייכט פאַרניכטעט און אַבסורדע פרומקייטן האָבן אַ טבע אויפצושטיין תחית־המתים. הערן מיר דאָך היינט פון דעטראָיט דיזעלביקע חכמה, מיט וועלכער אַ סעמיטישער שעיך האָט „מנחם־אבל״ געווען זיין פריינט מיט טויזנטער יאָרן צוריק. און איז דען רעוורענד קרעין דער איינציקער אליפז אין דער היינטיקער רעליגיעזער וועלט — ביי קריסטן, ביי אידן, ביי מאַכמעדאַנער? טוט אַ קראַץ דעם דורכ־שניטלעכן פרומען — אומעטום וואו מענטשן פרומעווען — און איר וועט באַלד

אויפדעקן אין אים דעם פאַר־איוב־מענטשן, מיט אַן אויפפאַסונג פון אַ וועלט־רעגירער, אַן אדון עולם, וואָס פירט די וועלט מיטן שכל פון אַ יושר׳דיקן מלך בשר־ודם...



דער דעטראַיטער אליפז איז איצט ניט דער איינציקער וואָס וויל אונז פאַרזיכערן, אַז היטלער איז גאָט׳ס רוט, אז דורך אים אָדער מיט אים שמייסט אונז אַלעמען דער רבונו של עולם פאַר אונזערע זינד. איך האָב די טעג דאָס־זעלביקע געהערט פון אַ באַקאַנטן אידישן פירער אינם פאַר־היטלער־דייטש־לאַנד.ביידע, דער מעטאָדיסטישער גלח און דער אַמאָליקער אידישער פי־רער, זיינען פרום, יעדער אויף זיין אופן; ביידע האָבן זיי געלייענט די נביאים, און ביי ביידע לייגט זיך אויפן שכל, אַז ווי דער אל קנא ונוקם האָט אַמאָל גע־שטראָפט ישראלן דורך די חיילות פון אשור, אַזוי שטראָפט ער איצט די גאַנצע וועלט פאַר אירע חטאים דורך נאַציישע טאַנקען און עראָפּלאַנען; דורך סאָלדאַטן וואָס שענדן אידישע און ניט־אידישע טעכטער, קינדער, גרייזן. ביידע פילן זיי ניט, ווי זייער גאָט איז אַליין געוואָרן אַ באַרבאַר. אין פאַר־היסטאָרישע צייטן האָט גאָט געשיקט אויף זינדיקע מענטשן זיין שטראָף, ניט אָנקומענדיק צו דער הילף פון בשר־ודם׳ס. די שטראָף איז געווען אַ דירעקטע — מן השמים. אַזוי איז געווען דער מבול, אַזוי איז אויך געווען די צעשטערונג פון סדום און עמורה. עס קומט אויס, אַז די קרעפטן פון דער נאַטור וואָס געפינען זיך אין זייער באַשאַפערס רשות, זיינען פאַר אים ניט גענוג, און אין היסטאָרישע צייטן האָט דער אדון עולם אָנגעהויבן „דינגען גענגסטערס״: אַמאָל אַשור און בבל, אַמאָל מאַנגאָלן אָדער רוים, און איצטער — היטלער׳ן. אין פלאַם פון זיין גע־רעכטיקייט באַשטראָפט גאָט זינדיקע דורך די הענט פון טויזנט מאָל מער זינ־דיקע — מאַכט ער בכיוון אַ גרויס פאָלק פאַר ערשטקלאַסיקע רשעים, כדי זיי זאָלן זיך אָפּרעכענען פאַר אים מיט צווייט־קלאַסיקע אָדער גאָר צענט־קלאַסיקע בעל־עבירה׳ס. ווייל אין פוילן און אין סקאַנדינאַוויע, אין פראַנקרייך און אין בעלגיע, האָט מען ניט גענוג פראַקטיצירט גאָט׳ס געבאָט פון ליבע, האָט ער פאַרוואַנדלט צענדליקער מיליאָנען דייטשן אין רוצחים און סאַדיסטן און זיי געשיקט „אויסקורירן״ די איבעריקע פעלקער פון זייער ליבע־מאַנגל. ווען אַזעלכעס וואָלט געטאָן אַ מלך בשר־ודם, וואָלטן מיר אים אַלע באַטראַכט פאַר אַ מטורף׳דיקן טיראַן, וואָס פאַרפלייצט די וועלט מיט טומאה און רציחה. „טוט״ דאָס אָבער דער רבונו של עולם, דאַרף מען אַרויפציען ס׳ביסל פרומקייט אויפן פנים און מאַכן אַ ברכה. יאָ, ברוך דיין אמת...



די אַלטע באַדערפעניש פאַר טעאָדיציייע — פאַר צידוק־הדין... גאָט איז גערעכט און זיין משפט איז גערעכט, און איך, פלוני בן פלוני, נעם זיך אונטער „אויפצוקלערן" פאַרוואָס און ווי אַזוי ער איז גערעכט. אַמאָל נעמט אויף זיך די ראָלע אַ בעדואינישער שעיך, אַמאָל אַ נביא, אַמאָל אַ מערב־אייראָפּעאישער פילאָזאָף, ווי לייבניץ, אַמאָל אַן אוניווערזיטעטס־געהיימראַט ווי פּאַאולסען. צוויי דורות נאָכאַנאַנד האָט פּאַאולסען געקנעלט זיין רעכטפערטיקונג פון גאָט און פונם סדר־העולם, וואָס האָט שטענדיק געהאַט דעם „חן" פון דער אַמאָ־ליקער קאַטוילישער דערקלערונג, פאַרוואָס עס עקזיסטירט אָרעמקייט אויף דער וועלט: דער רייכער זאָל האָבן אַ געלעגנהייט צו געבן צדקה און זיך פאַר־זיכערן מיט עולם הבא. אַלץ, הייסט עס, איז געקניפּט און געבונדן איינס מיטן אַנדערן, און אומעטום קאָן מען זען געטלעכן שכל, יושר און ליבע: האָט דאָך גאָט באַשאַפן ווערעמלעך, כדי די פויגעלעך זאָלן האָבן וואָס צו עסן און כדי זיי זאָלן האָבן חשק צו זינגען שירה צום זונען־אויפגאַנג. עם־הארצ'ישע ווע־רעמלעך: זיי האָבן ניט געלערנט קיין תורה אין אַ מיטלאַלטערלעך־קאַטוילי־שער שולע, איז פון וואַנען זאָלן זיי פאַרשטיין זייער ראָלע אין דער וועלט? דער שכל איז דאָך, ווי, למשל, ביי אַזאַ צידוק־הדין־פילאָזאָף, ווי פּראָפע־סאָר פּאַאולסען, אַ פּשוט'ער: שלעכטס איז דער שאָטן־הינטערגרונט אָדער דער „פאָן" פאַרן גוטן (יעדער מאלער וויס און קאָן אייך געבן צו פאַרשטיין דעם אייביקן געזעץ פון קאָנטראַסטן אויף זיינע לייוונטן), און, ווי מיר האָבן אַמאָל געהערט פון דעמזעלביקן פּאַאולסענ'ען, זיינען די פּראָקוראָרן און ריכטער אין אַטען געווען „די ריכטיקע פאַסונג" פאַר סאָקראַטעס'ן: אָן זייער רשעות'דיק־אידיאָטישן טויט־אורטייל וואָלט מען דאָך ניט געקאָנט בולט אַרויסזען די מאָראַלישע גבורה און וויזהייט פונם גריכישן פילאָזאָף. און אַן אַנדער דייטשער פּילפּול־מייסטער, וועמען ס'איז געגאַנגען אין לעבן צו פאַר־פעסטיקן זיין מער וועלטלעכע פרומקייט און צדוק־הדין־פילאָזאָפיע, האָט אפילו געהאַט אַ ריין־לאָגישן, כאָטש ניט קיין עקספּערימענטאַלן באַוויז, אַז די וועלט ווי זי איז איז אין אָרדנונג, און אַז דאָס געשען וואָס געשעט אין איר איז ניט ווייניקער אין אָרדנונג: „אויב די וועלט איז אַ זאַך וואָס ס'וואָלט געווען בעסער ווען זי וואָלט ניט געווען, דאַרף דאָס דאָך הייסן, אַז אויך אַזאַ געדאַנק וועגן דער וועלט, וואָס איז אַליין אויך אַ שטיק פון דערזעלביקער וועלט, איז אַ געדאַנק וואָס ס'וואָלט געווען בעסער, ווען ער וואָלט ניט געדאַכט געוואָרן; ווען אָבער אַ געדאַנק, וואָס דערקלערט אַז די וועלט איז שלעכט, איז אַ שלעכטער געדאַנק, איז עס דאָך אַ סימן, אַז די וועלט איז גאָר גוט" (דוד פרידריך שטראַ־אוס). ניט אומזיסט פלעגט ניטשע טענה'ן, אַז אַזאַ „באַגרינדעטער" אָפּטימיזם קאָן טרייבן יעדן פיין־פילנדיקן מענטשן צו זעלבסטמאָרד. ניטשען, טראַכט איך

אַמאָל, וואָלט אַ סך נענטער געווען צום האַרצן די גאָטלעסטערישע „פילאָ־זאָפיע" פונם אַנעקדאָטישן אידישן שניידער, וואָס האָט געהאַלטן דעם רבונו של עולם פאַר אַ שלעכטן „בעל מלאכה". ווען דער רב האָט אים אויסגע־רעדט, פאַרוואָס עס האָט ביי אים געדויערט אויפצונייען פאַר אים אַ פּאָר הויזן גאַנצע זעקס וואָכן, בשעת דער ריבונו של עולם האָט אין ניט מער ווי זעקס טעג באַשאַפן די גאַנצע וועלט, איז דער שניידער ביי זיך ניט אַראָפּגעפאַלן: „זעט איר דאָך, רבי, וואָס פאַר אַ פּנים עס האָט אַ וועלט וואָס מען באַשאַפט אין איילעניש; אָבער טוט נאָר אַ קוק אויף די פּאָר הויזן וואָס איך האָב אייך געמאַכט, — ס'איז דאָך אַ מחיה צו קוקן אויף זיי, און ווי קאָנט איר זיי פאַרגלייכן מיט אַזאַ פאַרטאַטשעסקע שטיקל אַרבעט ווי מעשה־בראשית?".

יענער שניידער האָט דעם רב מתסמא טיף שאָקירט (אַ שטרענגערער פון אים וואָלט דעם שניידער אַריינגעלעגט אין חרם, אַ מער סענסיטיווער פון אים וואָלט געריסן קריעה), און אַלע ראַציאָנאַליסטישע גאָט־וועלט־אַדוואָקאַטן, פון אליפז התימני ביז רעוורענד קרעין פון דעטראָיט, וואָלטן מסתמא געווען גרייט פאַר אַזאַ וואולגאַריטעט אים דורס צו זיין. און דאָך איז אין דעם חוצפה־הומאָר פונם אומצופרידענעם שניידער פאַראַן מער עכטקייט און ערלעכקייט, ווי אין אַלע צדוק־הדין־טעאָריעס, און ממילא איז ער שוין אויך... רעליגיעזער.



אין 1755 — דאָס האָט פּאַסירט גראָד אין „טאָג פון אַלע הייליקע" — איז ליסאַבאָן צעשטערט געוואָרן פון אַן ערדציטערניש. עס זיינען אין יענעם טאָג אומגעקומען אַרום דרייסיק טויזנט מענטשן, צווישן זיי גרויסע צאָלן בשעת'ן דאַווענען אין די קירכן. זשאַן־זשאַק רוסאָ האָט אין דער ליסאַבאָנער קאַטאַסטראָפע געוואָלט זען אַ שטראָף פאַר מענטשלעכע זינד: הלמאי וואוינען מענטשן אין דער ענגשאַפט פון גרויסע שטעט, בשעת די נאַטור האָט געבאָטן, זיי זאָלן לעבן אין איר „מוטערלעכן שויס"? (און דאָס האָט געקנעלט מיט זיינע צייטגענאָסן רוסאָ, אַ שווייצער, וועלכער האָט גוט געוואוסט, וויפיל שווייצאַ־רישע דאָרפסמענטשן עס ווערן צעקוועטשט אין דעם „מוטער־שויס" דורך די גלעטשערס אין די בערג!). ער האָט אַפילו ניט געוואָלט אַ קלער טאָן, אַז אויב די ערדציטערניש איז אַן עונש פאַר גרויסשטאָטיקייט, וואָלטן שכל און יושר געדאַרפט מחייב זיין דעם אויבערשטן, ער זאָל זי גיכער אָנשיקן אויף פּאַריז און לאָנדאָן — אויך אין יענע צייטן גרעסערע שטעט ווי ליסאַבאָן. דאָסזעלבע אומגעפער האָבן געטאָן פּאַריזער גלחים: די ערדציטערניש, האָבן זיי געדונערט אין זייערע זונטיק־דרשות, איז אַן עונש מן השמים פאַר די עבירות פון דער ליסאַבאָנער באַפעלקערונג. דאָס איז געווען אַ גאַנצער דור פאַר דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע און די פּאַריזער פּאַטערס האָבן גע־

וואוסט, אַז קיינער וועט ניט וואַגן צו פרעגן, מיט וואָס זיינען די פּאָרטוגעזער אין ליסאַבאָן מער זינדיק איידער פראַנצויזן אין זייער אייגענער הויפּט־שטאָט אָדער שפּאַניער אין מאַדריד. אָבער אַ דאַנק אי רוסאָן, אי די קאַטוילישע אַלץ־ווייסער פון פּאַריז: זיי האָבן אַרויסגערופן מיט זייערע איבונגען אין דער נאַטור׳ס און גאָט׳ס גערעכטיקייט וואָלטער׳ס סאַרקאַזם (זיין דערציילונג „קאנדיד״). וואָלטער׳ס העלד, פּראָפעסאָר פּאַנגלאָס (פון וואָס איז ער געווען אַ פּראָפעסאָר? יאָ, פון אַ זייער עקזאַקטער וויסנשאַפט, פון „מעטאַפיזיקאָטעאָ־לאָגיקאָקאָסמאָניקאָלאָגיע״) האָט אויך געקאָנט דעמאָנסטרירן אַז אַלץ אין דער וועלט איז צוועקמעסיק איינגעריכט פאַרן גערעכטן און גוטן: „זעט איר דען ניט, אַז די נאָז איז באַשאַפן געוואָרן, כדי ס׳זאָל זיין אויף וואָס צו טראָגן ברילן; אַז וואָלטן מיר ניט געהאַט קיין פיס, וואָלט נישט געווען אויף וואָס אָנצוטאָן אַ פּאָר זאָקן; אַז די נאַטור פאַרמאָגט שטיינער, כדי עס זאָל זיין פון וואָס צו בויען פּאַלאַצן, און אַז חזירים זיינען באַשאַפן געוואָרן, כדי מיר זאָלן אַ גאַנץ יאָר קאָנען האָבן אויף אונזער טיש גערויכערטן שינקען?״ אָבער וואָס האָט דען וואָלטער געוואָלט באַווייזן מיט זיין סאַטירישער דערציילונג? איז ער דען געווען אַן אַטעאיסט? ער האָט נאָר פיינט געהאַט די פרומקייט פון שטות און זעלבסט־נאַרעריי. ער האָט נאָר ניט געוואָלט אָננעמען קיין על־פּי־שכל־טעאָדיצייע. אויב נאָר על־פּי־שכל, און על־פּי אונזער באַגרענעצט־ער־לעכן מענטשלעכן שכל, וואָלט ער זיכער מסכים געווען זיך אונטערצושרייבן אונטער בערטראַנד ראָסעל׳ס אַ חילול־השם־זאַץ: „אין אַזאַ וועלט, פול מיט קעגנזאַץ, קאָן איך ניט געפינען גאָט; זיכער קאָן איך דענקען, אַז זי איז באַשאַפן געוואָרן פון אַ שטיפערישן מעפיסטאָפעל, דערצו נאָך אין צושטאַנד פון אומ־פאַרגלייכלעכער טייוולישקייט״. אָבער ראָסעל איז סאַי־ווי־סאַי אַן אַטעאיסט, בשעת וואָלטער איז שוין געווען אַזאַ פרייער און זעלבסטשטענדיקער גייסט, אַז ער האָט געהאַט דעם מוט צו זיין אַ כופר אין כפירה־בעיקר. ער איז געווען אַ דעאיסט, אָבער האָט זיך קיינמאָל ניט אונטערגענומען תופס צו זיין און גאָר נאָך אַנדערע אויפצוקלערן דעם כביכול׳ס דרכים...

***

עס וואָלט געווען ווילד, אומנאַטירלעך און אפשר די גרעסטע אַנטוישונג פון אונזער צייט, ווען דאָס, וואָס די וועלט לעבט איצטער דורך, וואָלט ביי קיינעם ניט אַרויסגערופן קיין באַדערפעניש אין אַ רעליגיעזן חשבון־הנפש. אליפז התימני טאָר אָבער מער ניט זיין אונזער וועג־ווייזער. אַן ערדציטערניש און אַ פאַרפלייצונג, אַ מלחמה און אַ פּאָגראָם קאָנען און דאַרפן אַרויסרופן הרהורי־תשובה, אַ געפיל פון אַלגעמיינער זינדיקייט. דאָס האָט אָבער גאָר ניט צו טאָן מיט דער אידייע פון אַ קאָסמישן פּאָליציי־מאַגיסטראַט, וואָס טיילט

אויס שכר און עונש פאַר מצוות און עבירות. קיינער האָט קיינמאָל אַזאַ גאָט ניט געקאָנט דעמאָנסטרירן, קיינער קאָן דאָס אויך היינט ניט. לויט שכר־ועונש וואָלט היינט, פאַר אַלעמען, געדאַרפט קומען אַן אויסכאַפּעניש אויף בערלין און מינכען, אויף רוים און נעאַפּאָל (און דאָס אפשר אויך ניט, סיידן מען זאָל פריער שיקן מלאכים, וואָס זאָלן מאַכן, ווי ביי די בכורים אין מצרים, סימנים אויף די טירן, מ׳זאָל וויסן וועמען צו שאַנעווען). לויט שכר־ועונש — זאָל מיך דער אוניווערסאַלער גאָט נישט שטראָפן פאַר מיינע „שאָוויניסטישע״ רייד — וואָלטן היינט אידן געדאַרפט ליידן ווייניקער און ניט מערער, ווי אַנדערע אומות, ווייל כאָטש איך האַלט זיי ניט פאַר צדיקים בני־צדיקים, גלויב איך באמונה שלמה, אַז זיי האָבן געזינדיקט אַ סך ווייניקער פון אַנדערע. דאָס רעליגיעזע דענקען מוז איינמאָל פאַר אַלעמאָל זיך אָפּזאָגן פון ראַציאָנאַליסטישן צדוק־הדין, פון פאַרטייטשן גאָט און אויסטייטשן זיינע מעשים. נישטאָ קיין וויסנשאַפט פון גאָט און קיין וויסן פון זיינע דרכים, און ווער עס זוכט אין וועלט־געשעען אַ מאַניפעסטאַציע פון גאָט׳ס גערעכטיקייט און גוטסקייט, ווער עס זוכט אַן „אות״ און אַ „מופת״, אַן עמפּירישע, דעמאָנסט־רירבאַרע באַשטעטיקונג אַז ער איז דאָ און אַז ער איז דער טרעגער פון העכסטן גוטן, וועט דאָס קיינמאָל ניט געפינען, און אויב אפילו ער וועט טענה׳ן, אַז ער האָט יאָ געפונען — וועט עס זיין בכיוונ׳דיקער אָדער אומבאַוואוסטער שקר וכזב. וועט ער וועלן זיין ערלעך מיט זיך, וועט ער מוזן אָדער אינגאַנצן לייקענען גאָט׳ס עקזיסטענץ, אָדער קומען צום שלוס, צו וועלכן עס קומט דער העלד פון דער לאַטיינישער דראַמע סיעסטעס: „תמיד האָב איך געזאָגט און וועל ווייטער זאָגן, אַז די הימל־געטער עקזיסטירן, אָבער זיי אינטערעסירן זיך ניט מיט דעם, וואָס דער מענטשלעכער מין טוט. וואָלטן זיי געהאָט אַזאַ אינטע־רעס, וואָלט די גוטע געווען גוט און די שלעכטע שלעכט״. אַזוי וועט ער מוזן דענקען, אויב ער וויל בלייבן אויפן שטח פון אַ ראַציאָנאַליסטישער וועלט־אויפפאַסונג. פון דער אַנדערער זייט, דער רעליגיעזער מענטש, אויב ער וויל בלייבן וואָס ער איז און האָבן אַ ווערט אין זיינע אייגענע אויגן, דאַרף זיך לערנען דאָס גלויבנדיקע ניט־וויסן, דאָס אַוואַנטוריסטישע פאַרטרויען, אַ פאַרוואָס און אַן אַ פאַרוועןָ, ביי איוב׳ן:

„והחכמה מאין תבוא,
ואי־זה מקום בינה?
ונעלמה מעיני כל חי,
ומעוף השמים נסתרה...
אלהים הבין דרכה,
והוא ידע את מקומה״.

(איוב כח: כ, כא, כג)

(„און די ווייזהייט — פון וואַנען קומט זי, און וואו איז דער אָרט פון דערקענטעניש? זי איז פאַרבאָרגן פון די אויגן פון אַלעם לעבעדיקן, און פאַרן פויגל פון הימל איז זי פאַרהיט... (נאָר) גאָט ווייס איר וועג, און (נאָר) ער ווייס איר אָרט").

איוב ווערט געטרייסט „אויף שטויב און אַש". ווער האָט אים געטרייסט? ניט די פריינט מיט זייער טעאָלאָגישער לומדות, אויך ניט גאָט אַליין. גאָט'ס „שטים פונם שטורמווינד" האָט איוב'ן גאָר נישט ניט אויפגעקלערט; זי האָט נאָר אויסגעברייטערט דעם שטח פון זיין ניט־וויסן און ניט־פאַרשטיין, געעפנט פאַר אים אומבאַגרעניצטע האָריזאָנטן פון אומבאַגרייפלעכקייט און אומ־דורכדרינגלעכקייט, געמאַכט פאַר אים דעם סוד פון דער הויה פאַר נאָך אַ גרע־סערן סוד. „נפלאות ממני ולא אדע" (דאָס זיינען פאַר מיר אומבאַגרייפלעכקייטן און איך פאַרשטיי זיי ניט); טרייסטן טרייסט ער זיך נאָר מיטן באַוואוסטזיין, אַז זיין ליידן איז אַ טראָפּן אין אַן אומענדלעכער מיסטעריע פון זיין און לעבן.

ווער עס זוכט „באַוויזן", „ראיות", וועט זיי קיינמאָל ניט געפינען. ווער עס קאָן ניט זאָגן צוזאַמען מיטן תהלים־דיכטער „גם כי אלך בגיא צלמות, לא אירע רע, כי אתה עמדי" (אפילו מיר זאָל אויסקומען צו גיין דורכן טאָל פון טויט־שאָטן, האָב איך ניט מורא פאַרן בייזן, ווייל דו ביסט מיט מיר), דער האָט זיך ניט דערהויבן צו דער גבורה־רעזיגנאַציע פון גלויבן. ראַציאָ־נאַל וועט שטענדיק בלייבן גערעכט איוואַן קאַראַמאַזאָוו: „בישטאָ מיט וואָס צו פאַרענטפערן דאָס טרערל אפילו פון איין פאַרפייניקט קינד". דער פרומער מענטש מוז זיך אויסלערנען ניט זוכן קיין „מופתים", קיין באַשטעטיקונגען, וואָס ער קאָן אָנטאַפּן מיט די הענט אָדער אויפפּאַסן מיט זיין שכל. די, וואָס זיינען אין דאָסטאָיעווסקי'ס מאָנאַסטיר אַנטוישט געוואָרן פון דעם, וואָס דער הייליקער זאָסימאַ איז געשטאָרבן און זיין טויטער קערפּער האָט ניט אַרויס־געגעבן קיין ריח־ניחוח (פון זאָסימאַ'ס קערפּער האָט זיך געטראָגן דער זעלביקער איבלער גערוך, וואָס פון אַלע מתים), זיינען ערב־אַטעאיסטן. די וואָס „פאַרזוכן", פּרובירן אויס גאָט, וואַרטן פון אים אויף אַ „סימן" — גלויבן נאָך אין אַ מאַגאָטעאיסטישן געטשקע, פון וועלכן זיי מוזן זיך פריער אָדער שפּעטער אָפּקערן. דער טיפערער, רעליגיעזער מענטש האָט אין דעם שטענדיק געזען די שלאַנג פון אומגלויבן, די סיטרא־אחרא וואָס וויל אַראָפּפירן דעם מענטשן פונם דרך הישר. ניט אומזיסט ווערט דערציילט אין די ערשטע קאַפּיטלען פון נייעם טעסטאַמענט, ווי דער שטן האָט געזוכט צו פאַרפירן דעם אותו האיש. „אויב דו ביסט גאָט'ס זון", האָט ער צו אים גע'טענה'ט אין דער מדבר, „באַפעל אַז די דאָזיקע שטיינער זאָלן פאַרוואַנדלט ווערן אין לאַבנס ברויט... אויב דו ביסט גאָט'ס זון, וואַרף זיך אַראָפּ פון דאַנען... שטייט דען ניט געשריבן „כי מלאכיו יצווה לך, לשמרך בכל דרכיך", (ער וועט פאַר דיר באַפעלן זיינע

מלאכים, אַז זיי זאָלן דיך אָפּהיטן אויף אַלע דיינע וועגן) און „על כפּים ישאונך, פּן תגף באבן רגלך" (אויף די הענט וועלן זיי דיך טראָגן, אַזוי אַז דיין פוס זאָל פון אַ שטיין ניט געשטרויכלט ווערן)? אָבער „גאָט'ס זון" איז זיכער אין זיין זונשאָפט און דאַך וואַרט ער ניט אויף קיין דעמאָנסטראַציע פון גאָט'ס „פּאָטערשאַפט". ער ענטפערט מיט פאַראַכטונג: אַוועק פון מיר, דו פאַרזוכער, דו מסית ומדיח. ווער עס האָט ניט קיין שטומען פאַרטרויען אין גאָט, הענגנדיק אויפן רוימישן קרייץ, אַן וועלכן ניט איז באַוואוסטזיין פון זינד; ווער עס קאָן ניט זינגען „ברכי נפשי", זיצנדיק אויף שטויב און אַש, אָן אַ דערקלערונג פאַר זיין פּיין און אָן אַ „סימן" פון אויבן — דער איז, אין לעצטן חשבון, ניט קיין גלויביקער.

דער גאָט־גלויביקער איז דער הערָאישסטער „צו־להכעיס'ניק" אויף דער וועלט. זיין לאָגיק איז אפשר די משונה'דיקסטע, די פּאַראַדאָקסאַלסטע, די סאַמע עקשנות'דיקע פון אַלע לאָגישע איינשטעלונגען. אָט ווי ביי איוב'ן: „הן יקטלני, לו איחל" — אפילו ער זאָל מיך שלאַכטן, וועל איך (נאָך אַלץ) האָפן צו אים". און מיינט איינער, אַז דאָס איז אַן אַבסורד, קאָן אים קיינער ניט באַווייזן אַז ער איז אומגערעכט. נאָר מיט רעליגיע האָט יענער איינער זייער ווייניק צו טאָן.

1940

# „הלכה און אגדה״ *)

ביאַליק׳ס „הלכה ואגדה״ איז אַן עסעי מיט אַ מוסר־השכל. זיין צוועק איז געווען ניט בלויז אָנצודייטן די כאַראַקטער־שטריכן פון די דאָזיקע צוויי קלאַסישע זשאַנרן פון אונזער ליטעראַטור (אין אַ געוויסן זינען, פון ליטעראַטור בכלל), נאָר — אין צוזאַמענהאַנג מיט אַזאַ כאַראַקטעריסטיק — אָנצואווייזן אויף אַ גרויסער קולטור־געפאַר, וואָס דראָט, ווי ער האָט געזען, דעם מאָדערנעם אידנטום. איך דערמאָן זיך, ווי ער האָט מיט מיר אַמאָל גערעדט אין אַ פּריוואַטן שמועס וועגן דער סכנה פון דעזאינטעגראַציע, פאַר וועלכער מיר שטייען שוין אַ היפּשע פאָר דורות, פון די השכלה־צייטן ביז אונזערע טעג:

„דאָס לעבן פון אַ פאָלק מוז האָבן זיינעם אַן אייגענעם ריטם. אָן אַ מינימום פון ריטם איז בכלל קיין סאָציאַל לעבן ניט פאַראַן, און הערט דער ריטם אויף זיך צו פילן, מוז זיך אָנהויבן צעלאָזנקייט, אינדיווידואַליזם וואָס דערגייט ביז הפקרות, כאַאָס. דער מאָדערנער איד, מעג ער זיין אַ נאַציאָנאַליסט, אַ ציוניסט, ווערט אַלץ מער אַטאָם און וואָס ווייניקער אַ טייל פונם ציבור. עס פעלט אים דער קאָלעקטיווער ריטם, וואָס טיילוויז שטאַרבט ער אָפּ בדרך הטבע און טיילוויז ווערט ער בכיוון דערשטיקט. פרומע אידן פילן עס, טאַפּן עס אָן בחוש, און דערפאַר האָבן אַסאַך פון זיי, אפשר די מער סענסיטיווע, אונז אַזוי פיינט — אונז אַלעמען: העברעאיסטן און אידישיסטן, ציוניסטן און אויטאָנאָמיסטן און ווי מיר אַלע הייסן דאָרט. זיי קוקן אויף אונז ווי אויף „וויראָדקעס״ **) און מיר וואַרפן אויף זיי אָן אַן אימה. אויב אַזוי, מוזן זיי טראַכטן, זעט אויס אין דער ווירקלעכקייט דער „רוח הזמן״, איז אַ רוח אין אַזאַ זמנ׳ס טאַטן אַריין. זיי זיינען מסוגל תופס צו זיין, אַז מיר, היינטוועלטיקע אידן, קאָנען האָבן אונזער אייגענע הלכה, וועלכע זאָל זיין ווייט פון זייער הלכה כרחוק מזרח ממערב. קיין נחת קאָנען זיי דערפון ניט שעפּן, אָבער משיג זיין קאָנען זיי עס, אָט ווי יענע אידענע אין דאָרף, פון וועלכער אַנ—סקי האָט אונז אַמאָל דערציילט. זונטאָג אין דער פרי וועקט זי איר גע׳שמד׳טן זון, ער זאָל ניט פאַרשלאָפן דאָס דאַווענען אין דער „גוי׳עשער תיפלה״: זאָל ער כאָטש דינען יענעם גאָט. וואָס פרומע אידן

---

*) געשריבן אַלס אַריינפיר צו י. י. שוואַרץ׳ס אידישער איבערזעצונג פון ביאַליק׳ס „הלכה ואגדה״.

**) דעגענעראַטן.

קאָנען אין אונז ניט פאַרטראָגן, איז אפשר ניט אַזוי אונזער אפיקורסות, ווי אונזער הפקרות: אויב מיר זאָלן אַפילו האָבן אונזערע אַן אייגענע הלכה, איז זי ניט קיין הלכה למעשה. זי איז סתם אַ טעאָריע, אַ פּרינציפּ, אַן אידעאָלאָגיע אָדער אַ פּראָגראַם, וואָס קער זיך מיטן לעבן און מיט אונזערע האַנדלונגען ווייניק אָן. און הלכה אָן מעשה איז אַ פאַלשע אַסיגנאַציע, אין גרונט גאָר קיין הלכה ניט... אַט נעמט אונזער געבענטשטע אָדעס. שוין יאָרן און יאָרן אַז מיר פירן דאָ, דוכט זיך, אַ מחלוקת לשם שמים: ציוניסטן, סתם־נאַציאָנאַליסטן און אַסימילאַטאָרן. אָבער וואָס איז דער אונטערשייד צווישן אידן פון איין מחנה און דער אַנדערער, ניט אין דער פּרעסע, אויף פאַרזאַמלונגען, אין דיסקוסיעס, נאָר אין טאָג־טעגלעכן לעבן — אין שטוב און אין גאַס, אין מידות און מנהגים, אין אַרבעט און רו, אין פאַרגעניגנס און פאַרוויילונגען, אין דער דערציאונג פון קינדער? אַ חוץ זעלטענע אויסנאַמען, איז צווישן זיי כמעט קיין חילוק נישטאָ. קיין עבודה פאַרמאָגן נישט ניט די און ניט יענע. אָבער אָן עבודה, אָן אַ נוסח פון פליכטן, אָן מקיים זיין באַשטימטע, קאָנקרעטע „מצוות", און — מיך אַרט ניט אויב איך זאָל מיין משל שאַקירן — אָן אַ מין קאָלעקטיוון מאַרשירן און, דער עיקר, קאָלעקטיוון אָטעמען, קאָנען מיר קיין קיום ניט האָבן, מוזן מיר ווערן פּיצלעך שטויב, פּולווערייזירט ווערן".

איך גיב מסתמא איבער ביאַליק'ס רייד ניט וואָרט־געטריי, נאָך מער פון אַ פערטל יאָרהונדערט, ווען מיר האָבן געפירט אונזער שמועס שפּאַצירנדיק אַרום מאַלי פאָנטאַן (ווען, ריכטיקער, ער האָט געפירט דעם שמועס, זיך לאָזנדיק וואוילגיין מיט פּאַראַדאָקסן, פרייע, שפּרינגנדיקע אַסאָציאַציעס און כל'ערליי גוטמוטיקע צו־להכעיס'ן, און איך האָב שווייגנדיק זיך צוגעהערט צו זיין חנ'עוודיק־צעשויבערטן חיתוך־המחשבה). איך גלויב אָבער אַז איך גיב איבער דעם זינען און דעם אַלגעמיינעם קאָלאָריט פון דעם וואָס כ'האָב פון אים געהערט אין דעם שמועס און אין אַ סדרה אַנדערע שמועסן, וואָס האָבן סטימולירט מיט זייער ניט־אָרגאַניזירטקייט און מיט זייער אַפּטמאָל קאַפּריזנעם טאָן, אין יענע טעג ווען (ווי כ'האָב שפּעטער אויסגעפונען) ער איז געווען פאַרנומען מיט אויספורעמען זיין אָפּהאַנדלונג „הלכה ואגדה".

איך געדענק, ווי איך האָב אים אויף איינער פון אונזערע באַגעגענישן דערציילט וואָס עס טוט זיך אין דעם רוסישן אונטערגרונט, וואָס איך האָב געהערט און געזען אין פּעטערבורג און אין מאָסקווע און אויף דער וואָלגאַ אין רעוואָלוציאָנערע קרייזן. די מלחמה, בין איך געווען איבערציוגט, מוז זיך ענדיקן מיט אַ רעוואָלוציע אויף אַ גראַנדיעזן מאַסשטאַב און מיטן שטורץ פון מאָנאַרכיזם. ביאַליק האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט צו מיין אינפאָרמאַציע און פּלוצים, אין מיטן מיינע רייד, ווי אַרויסגעפּלאַצט:

„מעג איך אייך זאָגן דעם אמת? כ'האָב מורא פאַר דער רעוואָלוציע. איך בין גרייט יעדן טאָג צו זאָגן „בכל יום אחכה לה אף על פי שתתמהמה", און דאָך האָב איך מורא פאַר איר, ווי אייניקע אידן, אגב, האָבן מורא געהאַט פאַרן קומען פון משיח אָדער פאַר די חבלי משיח... רוסלאַנד האָט געלעבט עטלעכע הונדערט יאָר מיט איר אייגענעם ריטם. אַ ריטם איז דאָס, אונטער די ראָמאַנאָווס, אַז ימח שמו וזכרו, אָבער דאָך אַ ריטם — אַ ראַם, אַ תחום, אַ סיסטעם פון געזעצן און פון מקיים זיין געזעצן, אַמאָל מאהבה און אַמאָל מיראה. אַן עבודה־זרה, וועט איר זאָגן? אוודאי, און נאָך אַזאַ עבודה־זרה, אָבער אויך עבודה־זרה האָט (אָדער איז) עבודה. וואָס פאַר אַן עבודה ברענגט מיט זיך די רעוואָלוציע, ווייס איך ניט. איך ווייס ניט, צי זי האָט שוין אויס־געאַרבעט איר הלכה למעשה, אירן אַ נייעם שולחן־ערוך, וואָס זאָל אָנהויבן שאַפן אַ נייעם לעבנס־ריטם. כ'האָב מורא, אַז די רעוואָלוציע איז בלויז „אגדה", חלום, פּאָעזיע, ברויזנדיקע ליריק, צעבונטעוועטער טעמפּעראַמענט, און אויב דאָס זאָל זיין אמת, וועלן מיר אָנשטאָט ריטם האָבן „סטיכיע", שווימען איבער אַ צעבושעוועטן ים אָן אַ קאָמפּאַס, סתם אַנאַרכיע. אונזער דרויאַנאָוו זאָגט, אַז אויב ס'וועט אין רוסלאַנד אויסברעכן אַ רעוואָלוציע, וועט זי זיין ניט מער ווי אַ פּאָגראָם: רוסלאַנד וועט זיך אַליין פּאָגראָמירן און וועט נאָך מאַכן אויף דעם אַ פּרומען „שהחינו". אָבער איר קענט דאָך דרויאַנאָוו'ן, מאריך ימים זאָל ער זיין — אַ איפּכא־מסתברא'ניק, וואָס וואָלט זיך גאָר באַליידיקט ווען מען באַציט זיך צו ערנסט צו זיינע צו־להכעיס'ן. אָבער דאָך, טראַכט איך, איז עפּעס דאָ אין דעם וואָס ער זאָגט. פאַר אַ גוטער, קאָנסטרוקטיווער רע־וואָלוציע דאַרף מען האָבן רעוואָלוציאָנערע רעגימענטן מיט אַן אייגענער „יד חזקה", מיט אַן אייגענעם „חושן־משפט", און רוסלאַנד, האָב איך מורא, וועט צושטעלן אָנשטאָט דיסציפּלינירטע רעגימענטן — צעכראַסטעטע כאַ־ליאַסטרעס... אָט איר זעט דעם גאַראַדאָוואָי מיטן געלן בערדל און פאַר־שמאַלצעוועטן מונדיר? די וואָס מאַכן די רעוואָלוציע דאַרפן שוין היינט וויסן, וואָס זיי וועלן מיט אים טאָן נאָכן זיג: צי מעג מען אים הרג'ענען צי ניין, צי דאַרף מען אים פאַרשיקן און וואוהין, און וואָס זאָל מען טאָן מיט זיין ווייב און קינדער, מיט זיין וואַנט־זייגער און מיט דער קאַנאַרעיקע אין דעם גרינעם שטייגל וואָס הענגט ביי אים לעבן דער איקאָנע. זאָגט זיי, די ווייסע־חברה'ניקעס, אַז זיי דאַרפן זיך באַצייטנס באַזאָרגן מיט זייערער אַן אייגענער מסכתא סנהדרין".

ביאַליק האָט זיך דערביי אַליין צעלאַכט מיט זיין געשמאַקן, אָנשטעקנדיקן, כמעט קינדערשן געלעכטער:

„אַז מען רעדט, דעררעדט מען זיך, כאָטש ס'איז ניט קיין עקספּראָמפּט. כ'האָב עס די טעג אַרויסגעזאָגט דעם „זיידן" (מענדעלע מוכר ספרים) —

האָט ער זיך שעלמיש צעכיכיקעט און האָט אָנגעהויבן מיט זיין סאַטירישן ניגון: „ביאַליק שפיקח הוא, מה ראה לשטות זו? אַ מסכתא רעוואָלוציע האָט זיך אים פאַרוואָלט — הערט אָן איינפאַל. האַלט ס'מויל, ביאַליק, די חברה קאָנען נאָך אייער עצה אָננעמען, וועלן זיי זיך באַלד צעטיילן אויף בית שמאי און בית הלל, און איין רעוואָלוציאָנער וועט אָנהויבן שפּאַלטן דעם אַנדערן דעם קאָפּ און שרייען „הלכה כמותי", און „הורדוס" וועט זיצן ביי זיך אין פּאַלאַץ מיט זיינע פּילגשים צדקניות און זיך האַלטן ביי די זייטן פון געלעכטער... וואָס נאָך פאַר אַ טעלערל פונם הימל האָט זיך אייך פאַרוואָלט?"

„ס'איז געווען אינטערעסאַנט ווי דער אַלטער האָט זיך געביזערט, אָבער ער האָט שנעל אָפּגעהאַקט: ווענט, זאָגט ער, האָבן אויערן... אָבער פון דער אַנדערער זייט טאָר מען דאָך טאַקע ניט פאַרגעסן, אַז רעוואָלוציע איז מלחמה, און אַ מלחמה פּלאַנעוועט מען, און מען דאַרף וויסן אין פאָראויס ווי אַזוי מען מעג און ווי אַזוי מען טאָר ניט פירן מלחמה, וואָס ס'איז מותר און וואָס ס'איז אסור נאָכן זיג. ווי שטייט אין פסוק? „כי תצא למלחמה". אפשר שטייט דאָרט ניט דאָס, וואָס עס דאַרף שטיין, אָדער וואָס מיר מיינען היינט אַז עס דאַרף שטיין, אָבער עפּעס שטייט דאָך פאָרט — אַ חוק, אַ דין. און דערמאָנט אייך, וואָס חז"ל האָבן שפּעטער אויסגערעכנט אין הלכות מלחמה, און ווי זיי האָבן זיך געמאַטערט אַרום ענין שבת — ווען, אונטער וועלכע אומשטענדן און אין וואָס פאַר אַ מאָס מעג מען מחלל שבת זיין צוליב מלחמה. אָן הלכה — און ווען איך זאָג הלכה, מיין איך שטענדיק הלכה למעשה, טאַקע אויף מקיים צו זיין מיט אַלע פּרטים און דיקדוקים — איז אַ מלחמה סתם באַנדיטסטוואָ, און דאָס זעלבע איז אויך רעוואָלוציע... איר ווייסט וואָס כ'וועל אייך זאָגן? כמעט אַלע רעוואָלוציאָנערן, וואָס כ'האָב באַגעגנט, זיינען מחיה'דיקע מענטשן, ערלעכע, וואַרעמע, מיט נשמה יתרה'ס. אָבער זיי זיינען, דוכט זיך, אַלע בעלי־אגדה, ניט קיין בעלי־הלכה — פּאָעטן, רחמנא לצלן. און, גאָט זאָל מיך ניט שטראָפן פאַר די רייד, איך האָב פיינט פּאָעטן".

כ'האָב, געדענק איך, זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן און אויסגעשאָסן אַ געלעכטער. ביאַליק האָט מיין געלעכטער אונטערגעכאַפּט און אים צוגעגעבן, ווי ער פלעגט זיך אויסדריקן, מער „פּאַרע".

„מילא, נאַרישקייטן, שייך זאָגן — כ'האָב זיי פיינט. אָבער מען קאָן לעבן אַ פּאָר דורות אויך אָן זיי, אָן נייער פּאָעזיע. תהלים, אבן גבירול, פּושקין — גלויבט מיר, אַז מ'קאָן זיך מיט דעם ניט סמ'ען. וואָס מיר דאַרפן איצטער האָבן, מיר אידן, די וועלט בכלל, איז — ישובו של עולם, און דאָס קאָן מען אָן הלכה, אָן דיסציפּלין, ניט מאַכן. ווער האָט עס ליב סאָלדאַטשינע? אָבער גלויבט מיר, אַ ראָטע סאָלדאַטן וואָס מאַרשירט ריטמיש לויטן קלאַפּן פון אַ באַראַבאַן, איז ערגעץ־וואו אַ בעסערער עלעמענט פאַר ישובו של עולם, ווי

אַ לויז רומל גייסטרייכע באַהעמע־מענטשן אויף וואַקלדיקע שטולן אין אַ קאָפּע. די אונטערוועלט האַלט ניט פון די עשׂרת הדיברות, איז דאָס אַ שטענ־דיקע סכנה פאַר דער געזעלשאַפט. אָבער ס׳איז פאַראַן אויך אַ כלומר׳שטע „איבערוועלט״ — פּאָעטן, מקובלים, עוואַנגעליסטן — וואָס האַלטן אויך ניט פון די עשׂרת הדיברות און פון די מצוות וואָס זיינען אויף זיי אויפגעבויט. זיי דאַרפן, גלויבן זיי, ניט לערנען קיין גראַמאַטיק; זיי רעדן סיי־ווי־סיי קאָרעקט און לאַגיש, און תרי״ג איז פאַר זיי אַ פּחיתות־הכבוד, ווייל מען מעג זיך אויף זיי סיי־ווי־סיי פאַרלאָזן, אַז זיי וועלן טאָן בלויז דאָס גוטע און דאָס שיינע. מושטרירן זיי, האָבן זיי זיך איינגערעדט, איז איבעריק: רחמנא ליבא בעי (גאָט פאָדערט בלויז האַרץ) און דעם שטאָף פאַרמאָגן זיי בשפע. און אין דעם ליגט די געפאַר. אָט האָט ראַסקאָלניקאָוו בפירוש פאַרמאָגט האַרץ, אַ סך האַרץ, אַ גרויס האַרץ, אָבער דער „קאָלעקטיווער פּולס״ האָט אויפגעהערט ביי אים צו קלאַפּן, איז ער אַרויס פון די סאָציאַלע האַלאַבליעס און איז אַוועק הרג׳ענען די אַלטע פּראָצענטניצע, און געבליבן נאָכדעם מיט אַ פייג אין קעשענע און מיט אַן אייביקער וואונד אין דער נשמה. אויב שוין יאָ אַ פּאָעט, אַ בעל־אגדה, איז אַזאַ ווי ר׳ יוסף קאַראָ: קבלה — פולע זשמעניעס, אָבער אויך אַ שולחן ערוך... „התגבר כארי״ וועט דו כאַפּסט זיך אויף פון שלאָף? אַן אויסגעצייכנט שטיק אגדה, אָבער אַן נעגל־וואַסער און אַן „מודה אני״, האָב איך מורא אַז „דער לייב״ וועט נאָכאַמאָל אַוועקלייגן דעם קאָפּ אויפן קישן און „פאַרפּאַפּן״ די צייט פון קריאת־שמע... און באַזונדערס איז דאָס וויכטיק פאַר אידן. איר זאָגט, דערזעלביקער קריזיס פילט זיך אויך ביי די אומות־העולם. ס׳איז מסתמא אמת. אָבער ס׳איז דאָך אַן אונטערשייד. די אומות־העולם האָבן לענדער, מלוכות, אייגענע עקאָנאָמישע סביבות, שפּראַכן, קאָן דאָרט דער יחיד ניט אַזוי אַטאָמיזירט ווערן. סאַ׳יז פאַראַן אַן אָביעקטיווער „תחום״ אָדער אַן אָביעקטיווער „עירוב״ וואָס געוועלטיקט איבער אים, און צי ווייסט ער עס אָדער ניט, ער גייט אין שפּאַן, ער אָטעמט־מיט. אָבער מיר (אפשר אמת־פרומע אידן אַראָפּגערעכנט) דאַרפן זיך נאָכאַמאָל אויסלערנען „אָטעמען בציבור״, אלא ניט וועלן מיר מיט דער צייט אַלע קראַנק ווערן אויף אַסטמאַ... אין ארץ־ישׂראל, זאָגט מען, וועט מען דאָס ניט דאַרפן האָבן, יעדנפאַלס ניט אין אַזאַ מאָס ווי דאָ און איצט. איך צווייפל אין דעם, אָבער כדי אויפצובויען ארץ־ישׂראל, דאַרף מען זיך אויך פריער באַפרייען פון דער פאַרשוואומענער ציוניסטישער אגדה און אַרויפצווינגען אויף זיך אַ ציוניס־טישע הלכה, אַ הלכה למעשׂה. ווי ווייט אייגנטלעך קאָן מען דערגיין מיט חובבי־ציון און, זייט מיר מוחל, מיט חובבי־ציוניזם?״

איידער מיר זיינען זיך יענעם טאָג פאַנאַנדערגעגאַנגען, האָב איך אַ זאָג געטאָן צו ביאַליק׳ן:

„איצט דאַרף אייער ערשטער הלכה־אַקט זיין אַנצושרייבן אַן אָפּהאַנדלונג וועגן די שייכות'ן צווישן הלכה און אגדה, וועגן די דאָזיקע צוויי, לאָמיר זיי אַנרופן, זשאַנרן און זייער ראָלע אין מאָדערנעם לעבן".

ער האָט מיר געענטפערט מיט אַ ביסל אַ שעמעוודיקן שמייכל:

„אַ טייל דערפון ליגט שוין פאַרטיק אין מיין טישקעסטל. אָבער אויף צו פאַרענדיקן דאַרף מען האָבן אַביסל ווייניקער קאָפּדרייעניש און אַ קאַ־פּיטשקע „סיעתא דשמיא"".

עטלעכע וואָכן שפּעטער האָב איך געקראָגן פון אים דעם פאַרענדיקטן מאַנוסקריפּט מיט אַ פאַרלאַנג: איבערזעצן דעם עסעי אויף רוסיש. איך האָב אָפּגעלייגט מיין צוריקפאָרן קיין מאָסקווע, כדי נאָכצוקומען זיין פאַרלאַנג, כאָטש מיר איז ניט געווען קלאָר, אויף וואָס ער האָט דענסטמאָל געדאַרפט האָבן אַן איבערזעצונג פון זיינער אַ נאָך ניט געדרוקטער זאַך.

***

אַ יאָר שפּעטער, אַ קורצע צייט פאַר דער מערץ־רעוואָלוציע, איז ביאַליק געקומען צו־גאַסט קיין מאָסקווע, און אויף זיין קבלת־פּנים אין פּאָליטעכנישן מוזעאום האָט ער, אנשטאט האַלטן אַ רעדע, איבערגעלייענט פון פּאַפּיר אויף רוסיש זיין „הלכה ואגדה" (נאָטשאָלסטוואָ האָט זיך איינגעשפּאָרט און ניט דערלויבט אין יענע צייטן צו רעדן עפנטלעך אידיש און העברעאיש, אָדער וועלכע ניט איז אַנדערע „פרעמדע" שפּראַך). צום קבלת־פּנים זיינען גע־קומען אויך די „פּני" פון דער רוסישער אינטעליגענציע — געלערנטע, שריפט־שטעלער, אַרטיסטן — אויף וועלכע ביאַליק האָט יענעם אָוונט געמאַכט אַ טיפן רושם מיט זיין פּערזענלעכקייט און מיט זיין דינאַמישן טאָן, כאָטש די עצם זאַך וואָס מ'האָט אים געהערט פאָרלייענען האָט ביי אַ טייל עולם אַרויס־גערופן אויסזעצונגען און נאָך מער מיספאַרשטענדענישן. אייניקע (צווישן זיי אויך אידן) האָבן געקראָגן דעם איינדרוק, אַז ביאַליק רופט צוריק צום בית־המדרש, צו אָרטאָדאָקסיע, צום אַלטן ריטואַליזם און פאָרמעלער רעליגיע. אַנדערע האָבן זיך דערמאָנט אַן טאָלסטאָי'ס „וואָס איז קונסט?" — און האָבן אויסגעטייטשט ביאַליק'ס עסעי אַלס אַ פאַרזוך פון אַ נייעם „קרייצצוג" קעגן קינסטלערישער קולטור. ווען דער אָוונט האָט זיך פאַרענדיקט, איז צו מיר צוגעקומען די אַרטיסטין אַנדרעיעוואַ, מאַקסים גאָרקי'ס פרוי, און געבעטן כ'זאָל זי פאָרשטעלן פאַר ביאַליק'ן. זי האָט געהאַט אַ שליחות פון איר מאַן, וואָס האָט זיך אין יענער צייט געפונען אין פּעטערבורג, צו באַגריסן אין זיין נאָמען „דעם גרויסן מענטשן פון אָדעס". ווען זי האָט פאַרענדיקט איר באַ־גריסונג און אויסגעדריקט איר אייגענע באַגייסטערונג פאַרן פאָרטראָג, האָט ביאַליק זי שטיפעריש אַ פרעג געטאָן:

„אָבער מעג איך אייך פרעגן — וואָס האָט איר אַזעלכעס אַרויסגעטראָגן פון מיין פאַרטראַג? סוף־כל־סוף האָבן אַלע מיינע אילוסטראַציעס, גענומען פון תלמוד׳ישער ליטעראַטור, געמוזט קלינגען ווילד־פרעמד אין אייערע אויערן, און די עצם טערמינען: הלכה, אגדה״...

אַ קורצע ווײַלע איז מאַדאַם אַנדרעיעוואַ געשטאַנען ווי אין אַ פאַר־לעגנהייט, ווי אַ שילערין וואָס שטייט פאַר איר עקזאַמענאַטאָר. נאָכדעם האָט זי מיט דער כאַראַקטעריסטישער דרייסטקייט פון אַ צעבאַלעוועטער פרוי, אַביסעלע צו טראַציק דערקלערט:

„פונדעסטוועגן — איך האָב אייך נאָכגעפאָלגט אין אייער לאַבירינט און איך גלויב אַז איך בין אַרויס פון אים בשלום. דער אגדה־מענטש איז אומ־געפער דאָסזעלבע וואָס דער „באָסיאַק״ אין גאָרקי׳ס פריע ווערק, און איך האָט אייער גרונט מורא צו האָבן פאַר דער ממשלה פון דער באָסיאַצקע „סטיכיע״. איך וועל שרייבן גאָרקי׳ן וועגן אייער פאָרטראַג: אַביסל וועט ער אויף אייך פאַראיבל האָבן, אָבער ער וועט אייך פאַרשטיין מיט טיפער סימפאַטיע. דער קולט פונם „באָסיאַק״ האָט זיך אויך ביי אים, גלויב איך, פאַרענדיקט. כ׳האָב אָבער מורא, אַז אייער הלכה־מענטשן וועט ער ניט אַזוי לייכט אָננעמען. אויף זיין לשון קאָן ער עס נאָך פאַרטייטשן — „מוזשיק״, און איר ווייסט דאָך ווי וויניק דער „מוזשיק״ האָט נושא־חן געווען ביי אים — אָדער ער וועט גאָר דעם הלכה־מענטשן אידענטיפיצירן מיטן „מיעשטשאַנין״ (באַלעבעסל), אָט מיט דער פאַנטאַזיעלאָזער שטאָטישער באַשעפעניש, וואָס שאַקירט אים אַזוי מיט זיין פּחדנות, הכנעה, קאַרגשאַפט, מאַנגל אין טעמפּע־ראַמענט און עיפּוש׳דיקן „מאָראַלישן קאָדעקס״. כ׳וואָלט זייער וועלן, גאָרקי זאָל איבערלייענען אייער עסיי. איר שפּאַנט, ווי מיר דוכט זיך, אויף איינע און דיזעלביקע רעלסן. איר זוכט, ווי מיר שיינט, אַ מין סינטעז פון הלכה און אגדה. אויך גאָרקי זוכט עס — איר האָט געלייענט זיינע „צוויי נשמות״, וועגן דער סתירה אין דער רוסישער פאָלקס־נאַטור? — אָבער ער וויל זיך איצט איינרעדן, אַז אַזאַ סינטעז האָט זיך אין רוסלאַנד שוין אָנגעהויבן פאַרקער־פערן. פונם „באָסיאַק״ איז ער אַוועק, דער „מוזשיק״ און דער „מיעשטשאַנין״ זיינען פאַר אים אָפּשטויסנדיק ווי געווען, לייגט ער אַלע האָפענונגען אויפן אינדוסטריעלן אַרבעטער. אין זיינע אויגן פאַרמאָגט יענער קינסטלערישע פאַנטאַזיע און טעמפּעראַמענט, אָבער ער איז ניט אַנאַרכיסטיש, לייגט אַליין אַרויף אויף זיך דיסציפּלין, דאָס וואָס איר רופט „הלכה״. איך וואָלט זייער וועלן, איר זאָלט אַמאָל מיט גאָרקי׳ן האָבן אַ שמועס וועגן די ענינים, כאָטש זיין „קלאַסן־שטאַנדפּונקט״ וועט אייך אפשר זיין פרעמד...״

***

איך נעם זיך איצט ניט אונטער צו אורטיילן, אין וועלכער מאָס די רוסישע רעוואָלוציע האָט זיך אַנטוויקלט אויף די וועגן, פֿאַר וועלכע ביאַליק האָט אויסגעדריקט זיין מורא. וואָס פֿאַר אַ ראָלע „הלכה" און „אגדה" האָבן אין איר געשפּילט, און אין וועלכע פּראָפּאָרציעס, איז אַ דעליקאַטער און פֿאַרפּלאָנטערטער ענין. אין די בירגער־קריג־יאָרן האָב איך אָבער געהאַט, געדענק איך, ניט ווייניק געלעגנהייטן זיך צו דערמאָנען אָן דער אונטער־שיידונגס־ליניע וואָס ביאַליק האָט געצויגן צווישן די דאָזיקע צוויי „סטילן" אָדער ריכטונגען. ווען די סאָוועטישע מאַכט האָט זיך גענומען איינפֿירן איר אייגענע געריכטס־סיסטעם — נאָך דעם וואָס זי האָט ליקווידירט די פֿריער־דיקע געזעצגעבונג, יורידישע אינסטיטוציעס און פּראָצעדורן — האָט זי באַ־שטימט אין אַסאַך ערטער פֿאַר די טריבונאַלן בירגער אָן פֿאַך־בילדונג און פֿאַך־דערפֿאַרונג, ריכטער וואָס זיינען מערסטנטייל געווען „בעלי־אגדה", און די איינציקע אינסטרוקציע וואָס זיי האָבן געקראָגן איז געווען: אורטיילט לויט אייער „רעוואָלוציאָנאַרע פּראַוואָסאָזנאַניע" (רעוואָלוציאָנערער רעכטס־באַוואוסטזיין). דער שטאַט, הייסט דאָס, איז געווען גרייט זיך צו פֿאַרלאָזן אויפֿן „געוויסן" און דער „אינטואיציע" פֿון בירגער, וואָס זיינען געווען דורכגענומען אָדער גאָר „באַנומען" מיט דער „אגדה" פֿון דער רעוואָלוציע. די פּראַקטיק האָט אָבער מיט דער צייט באַוויזן, אַז „געוויסן" איז אָפֿטמאָל פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין קנאה־שנאה און בלינדע נקמה, און אינטואיציע — אין פֿאַראורטיילן און ווילקיר. ביסלעכווייז האָט זיך די סאָוועטישע מלוכה גע־מוזט אומקערן צו די עלעמענטן פֿון „הלכה" און אויסאַרבעטן אירן אָן עקזאַקטן קאָדעקס פֿון געזעצן און פּראָצעדור, וועלכער לאָזט זיך ניט „פֿריי" אינטער־פּרעטירן אָדער מיסאינטערפּרעטירן, לויט דעם ריכטערס אינדיווידועלן „גע־וויסן" אָדער „גוסט". אויפֿבויען און אויפֿהאַלטן אַ שטאַט אויף בלויז אגדה איז אַן אַבסאָלוטע אוממעגלעכקייט. אָרגאַניזירטע געזעלשאַפֿט, אין איר שטרעבן צו דער מדרגה פֿון אָרגאַנישער געמיינשאַפֿט, מוז אָנקומען צו הלכה. זי קאָן אָדער דאַרף אין געוויסע מאָמענטן אָפּשאַפֿן אַלטע, אָפּגעלעבטע הלכות, אָבער זי קאָן קיין קיום ניט האָבן אויב זי שאַפֿט ניט מיט דער צייט אירע אָן אייגענע משנה און אָן אייגענע גמרא. אַנאַרכיזם — טראָץ דער קראַפֿט פֿון זיינע עטישע און עסטעטישע תשוקות — איז דערפֿאַר ביז היינט געבליבן אַ נאָבעלע וויזיע אָן פֿלייש, אָן ביינער, אָן בלוט.

אין 1920, ווען די רוסישע איבערזעצונג פֿון „הלכה ואגדה" איז שוין געווען אָפּגעדרוקט און האָט אַרויסגערופֿן אָן אינטערעס אין אייניקע ניט־אידישע ליטעראַרישע קרייזן, איז מיר אויסגעקומען דיסקוטירן ביאַליק׳ס געדאַנקענגאַנג מיטן אָן אָנגעזעענעם געלערנטן (ער איז נאָך, דוכט זיך, איצט

פאַרבונדן מיט אַ וויכטיקער אַקאַדעמישער אינסטיטוציע אין רוסלאַנד און ס׳איז אפשר גלייכער, כ׳זאָל זיין נאָמען ניט אָנרופן).

„דענקט איר ניט", האָט ער מיך אַמאָל אַ פרעג געטאָן, „אַז ביאַליק׳ס עסעי איז פאַרמאַסקירטע פּראָפּאַגאַנדע קעגן קריסטנטום?"

עס איז ניט וויכטיק וואָס איך האָב אים דענסטמאָל געענטפערט, אָבער ווי איך זע די זאַך היינט, איז ביאַליק׳ס עסעי, אין איינעם פון זיינע אַספּעקטן, ניט קיין פאַרמאַסקירטע, נאָר דירעקטע „פּראָפּאַגאַנדע" קעגן אַ געוויסן סאָרט קריסטנטום.

אויב קריסטנטום זאָל זיין דאָס, וואָס די וועלט האָט געקראָגן בירושה פונם אַפּאָסטאָל פּאַאולוס, איז ביאַליק זיכער זיינער אַ שאַרפער קעגנער. פּאַאולוס איז דער טיפּישער, ריכטיקער, דער עקסטרעמער בעל־אגדה: אמונה איז אַלץ, מעשים זיינען גאָרניט, און אויב מעשים האָבן ניט קיין באַדייטונג אָדער זיי פירן ניט צו גאולה, דאַרף מען אויך קיין הלכה למעשה ניט האָבן. דער „שליח צו די גויים" האָט דערפאַר אַרויסגערופן קעגן זיך אַזוי פיל ביטער־קייט אין זיין אידישער סביבה. אמת, אויך ישו הנוצרי איז געווען הויפּט־זעכלעך אַ בעל־אגדה, אָבער אויף וויפל מיר מעגן אורטיילן וועגן אים לויט די פאַרוואָלקנטע און סתירות׳פולע מקורות וואָס מיר פאַרמאָגן, האָט ער זיך קיינמאָל ניט פאַרנומען אָפּצושאַפן די הלכה, דינים און מנהגים, צערע־מאָניעס, מצוות מעשיות. ער האָט זיי אפשר ניט גענוג אָקצעפּטירט (נוצנדיק אחד־העמ׳ס טערמינען, האָבן אויך „נביאים" געלייגט אויף זיי אַ סך וויניקער געוויכט ווי „כוהנים"), אָבער ער האָט זיי ניט געהאַלטן פאַר איבעריק אָדער גאָר פאַר שעדלעך. זיין קעגנערשאַפט צו די פּרושים איז אין דער קאָנווענציאָ־נעלער קריסטלעכער ליטעראַטור אַ שיין ביסל איבערטריבן. ער איז אַליין אין ניט קיין קליינער מאָס אַ פּרושי. אָבער קריטיק פון אַ באַשטימטן טיפּ פּרושים, ריכטיקער פון אַ דעגענערירטער פּרושים־מענטאַליטעט, הויבט זיך ניט אָן מיט ישו׳ן. די חכמי התלמוד האָבן מיט ביטערקייט גערעדט וועגן דעם „חסיד שוטה", דעם סימבאָל פון פאַרביינערטער פּרושים־פרומקייט, וועגן איינעם וואָס זעט־צו ווי אַ פרוי טרינקט זיך אין טייך און ער וויל זי ניט ראַטעווען, כדי ער זאָל זי ניט מוזן זען אַ נאַקעטע, אָדער, לויט אַ נוסח אין תלמוד ירושלמי, וועגן איינעם וואָס לאָזט אַ קינד אומקומען און ער לויפט ניט עס ראַטעווען ווייל ער האָט ניט נאָך באַוויזן אויסצוטאָן די תפילין. אין דעם פאַל האָט זיך די הלכה, אַזוי צו זאָגן, אינגאַנצן „עמאַנסיפּירט" פון דער אגדה — ליבע צום נאָענטסטן, רחמים, פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר יענעמס לעבן — אָבער דורך אַזאַ „עמאַנסיפּאַציע" איז זי געוואָרן טעמפּ־פאַרמעל און, דער עיקר, מעכאַניש. דער פּראָטעסט קעגן הלכה, אַלס אַ צוועק אין זיך אַליין, אין אַ געוויסן זינען קעגן דער פאַרהייליקונג פון „מיטלען" אויפן

חשבון פונם „צוועק״ אָדער גאָר קעגן דעם כאַראַקטער פונם צוועק, האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט ביי אונז אויך אין שפּעטערע פּעריאָדן. ווען רבנו בחיי הדיין מאַכט אַן אונטערשייד צווישן „מצוות האיברים״ און „מצוות הלבבות״, איז ער אויך אַ קעגנער פון אַ פּרושים־נוסח, וואָס איז געוואָרן גייסטלאָז, און ווען אַ מקובל אין מיטלאַלטער רעדט וועגן אַ געוויסן טיף פּאַרגליווערטן הלכה־אידן ווי וועגן מאַלפּעס, וואָס מ׳דאַרף אויף זיי מאַכן אַ ברכה „ברוך משנה הבריות״, הייסט דאָס ניט אַז ער וויל אָפּשאַפן בכלל די פונקציע פון הלכה. צוריקגייענדיק צו ישו׳ן, דאַרף מען געדענקען, אַז ער איז ניט געווען קיין „יוצא־דופן״ אין דער אידישער סביבה פון זיין צייט אויך דענסטמאָל, ווען ער איז, לויט דער עוואַנגעלישער טראַדיציע, אָנגעפאַלן אויף אַן אַנדער פּרושים־טיפּ — אויף „צבועים״ און „חנפים״. רבי יהודה הנשיא און ר׳ אלעזר דער אמורא האָבן גענוצט אַ זייער שאַרפן אויסדרוק „מכת פרושים״, מיינענדיק אַזעלכע וואָס זיינען זיך בכיוון פאַרמעל סומך אויפן דין, כדי פּאַקטיש דעם דין צו פאַרלעצן: געבן, למשל, אַן אָרעמען מענטשן וואָס פאַרמאָגט 199 דינרים אַ נדבה פון איין דינר (האָבנדיק דערביי אין זינען אַז ווער עס האָט צוויי הונדערט דינרים טאָר ניט קריגן קיין שטיצע פון דער צדקה־פּושקע), און ר׳ חנינא און ר׳ יוחנן באַצייכענען אַזאַ פּרושי אַלס אַ „רשע ערום״ (אַ כיטרער רשע, וואָס נוצט אויס דעם דין פאַר אַ בייזוויליקן אָדער גאָר סאַדיסטישן צוועק). ווען די עוואַנגעלישע קריטיק פון פּרושים׳טום וואָלט זיך געהאַלטן בלויז אין אַזעלכע תחומים, וואָלט מסתמא דער ריס צווישן די בעלי־אגדה פונם ישו־טיפּ און אַנדערע אידן געווען ניט טראַגישער, ווי עס איז געווען דער ריס צווישן חסידים און דעם אַזוי גערופענעם רבנ׳ישן אידנטום אין אַכצנטן יאָרהונדערט. אויך דער בעל־שם און אַנדערע אבות פון דער חסידישער באַוועגונג האָבן „איבעראַקצענטירט״ דעם ווערט פון „אגדה״; אָבער וואָס ס׳איז שייך „הלכה״, האָבן זיי זי ניט געזוכט אָפּצושאַפן. זיי האָבן זי בלויז, אין אַ געוויסן זינען, „אונטעראַקצענטירט״. אַן ערנסטע געפאַר, מיט וועלכער עס קאָנען ניט געמאַכט ווערן קיין שום קאָמפּראָמיסן, האָט דאָס אידנטום פאַר זיך דערזען אין פּאַאולוס׳ן און אין דעם קרייז וואָס האָט זיך אָנגעפאַנגען קריסטאַליזירן אַרום אים. און די דאָזיקע געפאַר איז באַשטאַנען ניט אין דעם וואָס פּאַאולוס זאָל האָבן געשטעלט די הלכה מיט אַ פּאָר שטאַפּל נידעריקער, ווי זי איז געשטאַנען אין די אויגן פון אַנדערע אידן, און אויך אפשר ניט אין דעם וואָס ער זאָל געווען זיין גרייט באַשטימטע הלכות אַפילו אינגאַנצן אָפּצושאַפן און איינפירן אויף זייער אָרט נייע. ענלעכע טענדענצן האָבן זיך, סוף־כל־סוף, ניט איינמאָל אַרויסגעוויזן אין דעם תחום פונם פּרושים־לעבן גופא. ווער זיינען אייגנטלעך געווען די תלמידים, וואָס זיינען געקומען צו רבי אלעזר בן הורקנוס אים טרייסטן, ווען עס איז ביי אים

געשטאָרבן זײַנע אַ שקלאַפנפרוי? ער האָט זײַערע טרייסטווערטער ניט אָנגענומען, ווייל זיי זײַנען געווען קעגן דין: ער האָט זיי דערמאָנט, אַז „אין מקבלין תנחומין על העבדים מפני שהעבדים כבהמה" (מ׳איז ניט מקבל קיין טרייסט פאַר שקלאַפן ווייל שקלאַפן זײַנען געגליכן צו בהמות", און ווען אַ בהמה פאַלט אַוועק, זאָגט מען דעם וואָס האָט געליטן דעם פאַרלוסט: „המקום ימלא חסרונך", דער אויבערשטער זאָל דיר אויספילן דײַן מאַנגל, דו זאָלסט, הייסט עס, קריגן אַ נייע בהמה אויף איר פּלאַץ). אָבער שוין זשע האָט ר׳ אלעזר וועגן אַזאַ דין געדאַרפט דערמאָנען? האָבן די תלמידים אַזאַ הלכה געקאָנט פאַרגעסן, אָדער שיקט זיך עס אַז זיי האָבן פון איר ניט געוואוסט? זייער באַזוך מאַכט גיכער דעם אײַנדרוק פון אַ מין דעמאָנסטראַציע: דאָס סאָציאַלע געוויסן פון די תלמידים האָט שוין, ווייזט אויס, מער ניט געקאָנט שלום מאַכן מיט אַ בהמה־סטאַטוס פאַר אַ קענכט, און זיי האָבן געזוכט אַ וועג ווי אײַנצופירן אַ נייע הלכה. אַזאַ נייע הלכה האָט טאַקע — דערווייל פאַר זיך אַליין, אפשר ניט האָבנדיק גענוג כוח זי אַרויפצוצווינגען אויף קהל בכלל — אײַנגעפירט ר׳ גמליאל דיבנה: „חיבה יתירה הראה ר׳ גמליאל לטבי עבדו הנכרי, שבמותו קבל עליו תנחומין, כאילו היה אחד מקרוביו" (אַ באַזונדערס גרויסע ליבשאַפט האָט ר׳ גמליאל אַרויסגעוויזן צו זײַן ניט־אידישן שקלאַף טבי, וואָס ווען יענער איז געשטאָרבן האָט ער מקבל געווען פאַר אים טרייסט־ווערטער, גלייך ווי ער וואָלט געווען זײַן קרוב). ר׳ גמליאל איז שוין געווען באַזעלט מיט אַ נייער „אגדה" — אַבסאָלוטע גלייכווערטיקייט פון אַלע מענטשלעכע ברואים — און יענע „אגדה" האָט זיך אין זײַן אייגענעם לעבן שוין אָנגעפּאַנגען צו פאַרקערפּערן אין אַ נייער „הלכה". אַזעלכע „עקסטראַוואַגאַנצן" וואָלטן סיי די חכמים און סיי דאָס פאָלק מסתמא געווען טאָלערירט אויך ביי די עוואַנגעלישע אידן, ווי מ׳האָט, למשל, טאָלערירט ר׳ טרפון און ר׳ עקיבא, ווען זיי האָבן געזאָגט „אילו היינו בסנהדרין לא נהרג אדם מעולם" (ווען מיר וואָלטן געווען אין סנהדרין, וואָלט קיינמאָל קיין מענטש ניט הינגעריכטעט געוואָרן). סיי ר׳ טרפון און סיי ר׳ עקיבא האָבן גוט געוואוסט די הלכה, אַז פאַר געוויסע פאַרברעכנס איז דער סנהדרין מחוייב פאַראורטיילן צום טויט, אָבער זיי זײַנען שוין געווען פאַרכאַפּט פון אַ נייער „אגדה": דאָס לעבן פון אַ יחיד, פון יעדן יחיד איז אַזוי הייליק, אַז ס׳איז גאָרניט פאַראַן אַזאַ פאַרברעכן פאַר וועלכן מ׳מעג פאַראורטיילן צו טויט־שטראָף. זיי זײַנען שוין אפשר געווען ביי זיך אינעווייניק גרייט — ניט צו האַנדלען קעגן דין, נאָר אײַנפירן אַ נייעם דין, אַלס אַן אַלגעמיינע נאָרמע, אָפּשאַפן איין הלכה און איבערפירן אויף איר אָרט אַן אַנדערע. מיט פּאַולוס׳ן איז געווען אַנדערש: ניט וואָס ער איז געווען איבערקלייבעריש אין הלכות, נאָר ער האָט זיך פאַרמאָסטן בטל צו מאַכן דעם עלעמענט פון הלכה בכלל. נישטאָ קיין דינים, קיין מצוות און קיין

אָבליגאַטאָרישע מנהגים — עס איז פֿאַראַן בלויז די משיח־אגדה; נישטאָ קיין מעשים טובים וואָס האָבן אַ שייכות צו וועלט־דערלייזונג — עס איז פֿאַראַן בלויז אמונה; נישטאָ מער קיין תורה — עס איז פֿאַראַן בלויז גאָט׳ס גנאָד (חסד); נישטאָ מער קיין פֿליכטן — פֿון היינט אָן און ביזן לעצטן „אחרית הימים" איז פֿאַראַן בלויז ליבע. אידן האָבן מיט אַלע זייערע חושים דערפֿילט, אַז דאָ קלייבט זיך אויף זיי אַ גרויסע סכנה, פֿאַר זייער קיום אַלס פֿאָלק, פֿאַרן ריטם פֿון זייער סאָציאַלן לעבן, פֿאַר זייערע רעליגיעזע אַספּי־ראַציעס אין וועלכע „תיקון העולם" און „ישובו של עולם" האָבן פֿאַרנומען אַזאַ גרויסן פּלאַץ — און ניט נאָר פֿאַר זיי אַליין, נאָר פֿאַר דער וועלט בכלל.

זיי האָבן דערזען די סכנה פֿון אגדה וואָס וויל פּרינציפּיעל זיך ניט פֿאַר־קערפּערן אין וועלכער ניט איז הלכה. אַזאַ סכנה פֿאַרן קיום פֿון פֿאָלק, פֿאַר אונזער גייסטיקן און היסטאָרישן שיקזאַל, פֿאַר דער וועלט בכלל, האָט אין אונזער דור, און אין זיינע טערמינען, דערפֿילט אויך ביאַליק. מיט דער ערנסטקייט פֿון יענעם געפֿיל איז דורכגעדרונגען זיין עסעי, פֿון וועלכן עס לאָזן זיך מאַכן ניט וויניק פּועל־יוצא׳ס פֿאַר אַ צאָל ספּעציפֿישע פֿראַגן פֿון אונזער קעגנוואַרט.

1943

# אידנטום, אמונה און מצוות מעשיות

## צוויי בריוו צו א. מענעס

### ערשטער בריוו

אייער בריוו איז שטאַרק אָנרעגנדיק, און דאָך (און אפשר גאָר דערפאַר) ווייס איך ניט פון וואָס אָנצופאַנגען מיין ענטפער. דערביי איז מיר אויך ווייט ניט קלאָר, וואָס עס מאַטערט אייך איצטער אַממערסטן — די פראַגע פון אונזער רעליגיעזער ירידה אָדער גאָר דאָס פּראָבלעם פון אידישן קיום, פון אונזער המשך אַלס פאָלק מיט זיין אייגענער ציוויליזאַציע, מיט זיין אייגענעם, אויב איך מעג זיך אַזוי אויסדריקן, אינסטרומענט אינם וועלט־אָרקעסטער. און צוליב וואָס, וואָלט זיך מיר וועלן אייך פרעגן, דאַרפט איר האָבן, זייט איר גרייט צו מאָנען פון זיך און פון אַנדערע — הלכה?

איך פיל אַרויס פון אייער בריוו (און איך ווייס דאָס אויך פון אונזערן אַ לענגערן שמועס), אַז דעם מאַנגל פון הלכה, פון מצוות מעשיות, באַטראַכט איר פאַר אַ סאָציאַל־קולטורעלן אומגליק ביי יעדן פאָלק און אויך, אפשר ספּעציעל, ביי אידן. ערגעץ־וואו בין איך גרייט, ווי איר ווייסט, מיט אייך מסכים צו זיין; אָבער מיר וואָלטן פריער צווישן זיך געדאַרפט קלאָר מאַכן, וואָס עס דאַרף איצט זיין אין אונזער לעבן די הויפּט־שליחות פון הלכה, וואָס איז דער עיקר צוליב וועלכן עס בענקט זיך אייך אַזוי נאָך אַ באַשטימטן קאָדעקס פאַר האַנדלונגען, צערעמאָניעס, מנהגים.

עס וואָלט געווען ניט ריכטיק צו באַהויפּטן, אַז אין אונזער דור האָט הלכה — אין איר אַלגעמיינעם זין און ניט ספּעציעל אין קאָנטעקסט פון אידישן לעבן — אינגאַנצן פאַרלוירן איר קראַפט און השפעה. אַנטשולדיקט מיר וואָס איך געברויך דעם באַגריף „הלכה" אַזוי לויז, אָבער אין לעבן פון יענע לענדער, וואו מחמת זייער פּאָליטישן רעזשים ווערט דאָס גאַנצע לעבן רעגימענטירט, איז פאַראַן געגנוג „הלכה", און מיליאָנען מענטשן זיינען אירע פאַרשריפטן מקיים, פאַר אַלעמען, אויס מורא. ניט נאָך אַזאַ „הלכה", ווייס איך, בענקט זיך אייך. „מצוות" וואָס מ'מוז מקיים זיין אונטער דעם דראָען פון אַ בייטש, פון טורמע אָדער פון אַ תליה, זיינען ניט קיין אמת'ע מצוות. אויך אָן אַ טאָטאַליטאַרן פּאָליטישן רעזשים זיינען פאַראַן אומטעום קאָנווענציאָנעלע מנהגים און אַפילו ריטואַלן, וואָס די מערהייט פון אונז מוז נאָכקומען מחמת סאָציאַלן צוואַנג און וואָס מיר זיינען מקיים כמעט אויטאָ־

מאַטיש. דאָס איז אויך אַ שטיק הלכה, אַפילו לויט די באַגריפן פון אונזערע אַמאָליקע חכמים (דערמאָנט אייך אָן אַזעלכע תלמודישע אויסדרוקן ווי „צא וראה מה הציבור נוהג" אָדער „פוק חזי מאי עמא דבר"). קיין גרויסן קולטור־ווערט האָט זי אָבער ניט און אַמאָל מוז מען גאָר אַזאַ סיסטעם פון מנהגים באַקעמפן. אין דער רבנ׳ישער ליטעראַטור פון 16טן און 17טן יאָרהונדערט, אין ליטע און אין פוילן, באַגעגענען מיר זיך מיט אַזעלכע אויסדרוקן ווי „מנהגי שטות", און דער גרעסטער בעל־הלכה פון נאָך חתימת־התלמוד, דער רמב"ם, האָט זיך אפילו דערלויבט אַזאַ „שטיפעריי", ווי אָנצוּואַווייזן אַז די ווערטער „מנהג" און „גהנם" (גי־הנום) באַשטייען פון איינע און דיזעלביקע אותיות. די בינען־שטאַטן און די מוראַשקעס־שטאַטן זיינען אַזוי שטרענג שולחן־ערוך׳דיק לויט זייער דיסציפּלין און לעבנס־ריטם, אַז קיין שום מענטשלעכע געזעלשאַפט קאָן צו אַזאַ מדרגה ניט דערגיין, אָבער זייער „הלכה" איז אונז כלל ניט צום הארצן, ווייל זי האָט יענע ברואים פאַרוואַנדלט כמעט אין אויטאָ־מאַטן. ווען מיר רעדן היינט פון הלכה, האָבן מיר אין זינען ניט די „מצוות" פון אַ פּאָליציי־שטאַט אָדער פון אַ קירכן־אינקוויזיציע, ניט פון „קאָנדיציאָ־נירטע רעפלעקסן", וואָס כאַראַקטעריזירן די גולם׳דיקייט פון אַ לעבעדיקן נפש און ניט יענע „אידעאַלע פּאַראַליוועדקייט", וואָס מיר קאָנען באַאָבאַכטן אין געוויסע טיילן פון דער אָרגאַנישער וועלט און וואָס מיר ווייסן, אַז זי האָט ביי זיי אָפּגעשטעלט די מעגלעכקייט פון יעדער ווייטערער אַנטוויקלונג. די הלכה פון וועלכער איר רעדט איז אַ סיסטעם פון געזעצן, צערעמאָניאַלן און סימבאָלן, וואָס כאָטש זיי ווערן געשאַפן פונם כלל, איז דער יחיד גרייט זיי אָנצונעמען און זיך צו זיי אונטערוואַרפן מיטן אייגענעם ווילן, אויס פרייהייט און אַלס אַ סטימול פאַר שעפערישן לעבן. דאָס איז אין גרונט געווען דער זין פון הלכה ביי אידן. אין אירע שעפערישע פּעריאָדן האָט זי אַפּעלירט ניט צום טשערעדע־עלעמענט אינם מענטשן, נאָר צו זיין פרייען אינדיווידועלן ווילן, צו זיין פאַרשטעלונגס־קראַפט און געוויסן, צו זיין פאַ־עטישן געפיל און צו זיין טיפער עמאָציע פון פרייוויליקער שייכות צום כלל. עס איז ניט קיין צופאַל, וואָס אַזאַ גרויסער טייל פון אונזער הלכה איז פאַר־מולירט געוואָרן אין דורות ווען מיר האָבן שוין ניט פאַרמאָגט קיין שטאַטלעכע אָרגאַניזאַציע אינם אָנגענומענעם זינען פון וואָרט, און „אַרויפגעצוואונגען" איז דאָס געוואָרן פון אַזאַ אויטאָריטעט ווי חכמים — הויפּטזעכלעך, הייסט דאָס, פון אַ מאָראַלישער אויטאָריטעט. אָבער אַזאַ הלכה קאָן מען ניט, ווי איר פאַר־שטייט אַליין, קינסטלעך „מאַכן", און דאָרט וואו זי האָט עקזיסטירט און מחמת באַשטימטע סיבות פאַרלוירן איר השפעה, קאָן מען זי ניט רעסטאַווּרירן אין איר אַמאָליקער קראַפט בלויז דורך אַנטשלוס, אָדער דורך אונזער באַגרייפן

אַז מיט הלכה איז אונזער לעבן געוואָן פעסטער, סאָלידער, רייכער און זינ־פולער ווי עס איז איצט.

פון הלכה, בין איך גענויגט צו גלויבן, דאַרף מען הנאה האָבן, אָדער זי האָט אינגאַנצן קיין זינען ניט. נאָר אונזער אויבערפלעכלעכע השכלה האָט זיך איינגערעדט (דאָסזעלביקע האָט זיך די השכלה אין אירע פאַרשיידענע וואַריאַציעס איינגערעדט אויך ביי די אומות־העולם), אַז דאָס רעליגיעזע הלכה־לעבן באַשטייט פון סתם „גזירות" און „חומרות", וואָס דערשטיקן אין כלל און אין יחיד זיין לעבנס־לוסט און לעבנס־פעיאיקייטן. אויך דער רעליגיעזער אַסקעט וואָלט אונז געקאָנט זייער אַ סך דערציילן וועגן זיינע — פּאַראַדאָקסאַלע? — הנאות און זיך באַרימען אַז זיי זיינען אָן אַן ערך אינטענסיווער, סטימולירנדיקער, און גיבן אים אַ סך אַ שאַרפערן געפיל פון „איך־זיין" איידער עס פאַרמאָגן אין זיך די וואָס „לאָזן זיך וואוילגיין".

דער עקסטרעמער אַסקעט איז אפשר אַ שלעכטער ביישפּיל, ווייל ער לעבט אויך נאָך זיינער אַן אייגענער, ניט בלויז לויט אַ קאָלעקטיווער הלכה, אָבער הלכה בדרך־כלל — צוגעשניטן צום שיעור־קומה פונם אַזוי גערופענעם דורכשניטלעכן מענטשן — האָט אין איר וועזן אַפּעלירט ניט בלויז צום געפיל פון געהאָרכזאַמקייט, נאָר אויך צו דער אַלגעמיינער וויזיע־קראַפט און דערלעבעניש־קראַפט סאַי פונם כלל און סאַי פונם יחיד. איך קאָן זיך איצט ניט דערמאָנען עקזאַקט וואו דאָס שטייט, אָבער אין מיינע אויערן קלינגט אַ מדרש וועגן דעם אונטערשייד צווישן צדיקים און רשעים. „רשע בחייו חשוב כמת", דער רשע איז (אויך) בשעת ער לעבט געגליכן צו אַ מת, ווייל ער זעט ווי די זון גייט אויף און ער מאַכט ניט די ברכה „יוצר אור", און ער זעט ווי די זון פאַרגייט און מאַכט ניט די ברכה „מעריב ערבים", און ער עסט און טרינקט און בענטשט ניט; אָבער צדיקים מאַכן אַ ברכה אויף יעדער זאַך, וואָס זיי עסן, אָדער טרינקען, אָדער זען, אָדער הערן. וואָס איז אייגנטלעך דער זין פון אַזאַ כאַראַקטעריסטיק? דאָס עצם אַרויס־רעדן פון מויל אַזאַ ברכה ווי „יוצר אור" אָדער „מעריב ערבים" מאַכט נאָך ניט פונם צדיק קיין לעבעדיקן מענטשן, און דאָס ניט־אַרויסרעדן אַ באַשטימטע צאָל ווערטער מאַכט נאָך ניט דעם רשע פאַר קיין „מת". דער אונטערשייד ליגט דאָ נאַטירלעך ערגעץ־אַנדערש: דער „רשע" איז גייסטיק אַזוי טויט אַז ער פילט ניט קיין באַדערפעניש צו מאַכן די ברכה און פון איר הנאה צו האָבן — אַזוי טויט אַז ער פילט ניט די מיסטעריע פון זונאויפגאַנג און פון זונאונטערגאַנג, פון אַ שטיקל ברויט און פון אַ ביסל וואַסער, אין זייער אייביקער פאַרבינדונג מיט דער וועלט־טאָטאַליטעט און מיט גאָט אין יענער טאָטאַליטעט. ער איז „טויט" ווייל ער זעט אין דעם וואונדערלעכן דאָס געוויינלעכע, אין די אויסשטראַלונגען פון אייביקייט דאָס אַלטעגלעכע,

אין יעדער דערשיינונג בלויז איר לאַנגווייליקע חיצוניות און ניט די קראַפט וואָס „באַהאַלט זיך" הינטער איר. ניט יעדן מענטשן און אין יעדן צושטאַנד קאָן מען זאָגן „של נעליך" (נעם אַראָפּ דיינע שיך) אויס ערפורכט; כדי מקיים צו זיין אַזאַ שטיק „הלכה", דאַרף ער זיין פּיאַיק צו זען מיט מער דורכ־דרינגענדיקע אויגן ווי ער זעט. עליזאַבעט בראַאונינג האָט דאָס תופס געווען אויף איר אופן, ווען עס האָבן זיך ביי איר אַרויסגעריסן די ווערטער:

"Earth' crammed with heaven,
And every common bush afire with God;
But only *he who sees, takes off his shoes.*"

אין יעדן הלכה־סיסטעם פאַרנעמט די ברכה אַ זייער חשוב'ן פּלאַץ, אָבער דער גאַנצער זין פון אַ ברכה איז דער באַגלייטנדיקער געפיל אָדער די „זעאונג", אַז די זאַך אָדער די דערשיינונג אויף וועלכער מ'מאַכט די ברכה, איז ניט קיין צופעליקע און ניט קיין איזאָלירטע, אַז אויף מיליאָנען אומזעבאַרע וועגן איז זי פאַרבונדן מיט אַ פאַרבאַרגענער זינרייכקייט. אָן אַזאַ געפיל און אָן אַ שטרעבן, כאָטש אויף אַ בלאַסן אופן, צו קומען אין אַ טיילווייזער באַהעפטונג מיט יענער זינרייכקייט, וואָלט קיין שום ברכה (און מעג איך נאָך צוגעבן? — קיין שום לירישע פּאָעזיע) ניט געקאָנט אַנטשטיין. ווען די וועלט וואָלט פאַר אונז אַלעמען געווען „געוויינלעך", אַבסאָלוט „נאַטיר־לעך", טריוויאַל, וואָלטן מיר אַלע, לויטן נוסח פונם פריער־ציטירטן מדרש, געווען „רשעים". אַ ברכה, אַפילו ווען זי איז ניט קיין ספּעציפישע, קיין באַ־זונדערס־אַקצענטירטע, ווי, לאָמיר זאָגן אַ „שהכל ברכה", איז, אויב איך מעג זיך אַזוי אויסדריקן, דאָס אויפנעמען פון אַ נס, דאָס באַוואוסטזיין אַז ווי קלאָר און עקזאַקט מיר זאָלן ניט פאַרמולירן די געזעצמעסיקייט פון אַלץ וואָס עס געשעט אַרום אונז, זיינען מיר ניט אַריינגעשטעלט אין קיין וועלט פון באַנאַ־ליטעטן, און אַלץ וואָס ס'איז ניט באַנאַל איז אויף אַ געוויסן שטח פון גייסטיקן לעבן „אַ נס". דאָס „נאַטירלעכסטע" וואָלט געווען דער גאָרניט, דאָס ניט־עקזיסטירן און ניט־לעבן, די אַבסאָלוטע אָפּוועזנקייט פון וועלכע ניט איז זאַכן, דערשיינונגען, ברואים. אָט אין דעם זינען פאַרשטיי איך די ווערטער פון וואָלט וויטמען — "As to me, I know of nothing else but miracles," אָדער די עצה פון אַן ענגלישן עסעאיסט: „געפינט עפּעס וואָס ס'איז ניט קיין וואונדער, וועט איר דענסטמאָל האָבן אַ געלעגנהייט זיך צו וואונדערן".

צוליב וואָס אייגנטלעך שטעל איך זיך אַזוי לאַנג אָפּ אויפן כאַראַקטער פון הלכה, איגנאָרירנדיק דערווייל אַנדערע, זייער וויכטיקע און אָנרעגנדיקע, מאָמענטן, וואָס איר האָט אין אייער בריוו אַרויסגעבראַכט? ווייל מיר דוכט זיך, אַז איר אַליין זייט, אַזוי צו זאָגן, אויף דעם הלכה־מאָמענט ספּעציפיש

קאָנצענטרירט, און מיר ווילט זיך באַזונדערס אַקצענטירן, אַז ווערטפּולע הלכה איז בלויז די יעניקע, הינטער וועלכער עס שטייט אַ באַשטימטע אגדה. איך זייט מסכים, ווי איך פאַרשטיי, מיט ביאַליק׳ן, אַז סתם אגדה, ווי דערהאָבן זי זאָל ניט זיין, איז פּרוכטלאָז, ניט עפעקטיוו אָדער אפשר גאָר אויך פאַרפירעריש, אויב זי מאַניפעסטירט זיך ניט אין הלכה, אין אָפּגעוואויגענער און אָפּגעמאָס־טענער הלכה למעשה. איך וואַרף אַזאַ שטאַנדפּונקט נישט אָפּ. יענער ענ־גלענדער וואָס האָט אַמאָל דערקלערט דעם בישאָף, אַז ער באַטראַכט עס פאַר אַ פּחיתות הכבוד ווען מ׳וויל אַרויפצווינגען אויף אים אַ רעליגיעזן קאָדעקס פון מאָראַלישע געזעצן, ווייל ער איז אַ דזשענטעלמען, און דער ריבונו של עולם מעג זיך אויף אַ דזשענטעלמען פאַרלאָזן, אַז אויך אָן געזעצן וועט ער שטענדיק האַנדלען ערלעך און ערנהאַפטיק, האָט געמאַכט אַ פאַלשן פּסיכאָ־לאָגישן חשבון. אַחוץ גוטע כוונות וואָס אַ „דזשענטעלמען״ זאָל פאַרמאָגן אין זיין שורש־נשמה מוז ער נאָך האָבן אויף זיך אַ באַשטימטע דיסציפּלין און קאָאָרדינירן זיין לעבן מיט אַ באַשטימטן סאָציאַלן ריטם — דאָס וואָס מיר פאַרשטייען, סימבאָליש גערעדט, אונטערן באַגריף הלכה. אָבער הלכה, גלויב איך, מוז פון ערגעץ־וואו קריגן אַ סאַנקציע; זי איז ניט זעלבסטשטענדיק, זי איז ניט ביכולת זיך צו שטיצן אויף זיך אַליין אָדער זיך דערנערן פון אייגענע שפּייכלער. איך קאָן זיך דאָ ניט אונטערנעמען דאָס צו באַווייזן, אָבער איך נעם אָן און גלויב, אַז, אַזוי צו זאָגן, „כראָנאָלאָגיש״ קומט הלכה נאָך אגדה, סיי אין רעליגיעזן און סיי אין סאָציאַלן און מלוכה־לעבן. דער שטאַט מיט זיינע געזעצן און דיסציפּלין, מיט זיין הלכה, איז נאַטירלעך ניט קיין רעזולטאַט פון אַ „סאָציאַלן קאָנטראַקט״ אין דעם פּשטנ׳ישן זינען פון וואָרט, אַז אין אַ באַשטימטן מאָמענט האָבן זיך יחידים פאַרזאַמלט און האָבן צילבאַוואוסט געשלאָסן צווישן זיך אָן אָפּמאַך צו שאַפן אַ מלוכה. אָבער די מלוכה, אַפילו די סאַמע פּרימיטיווע און דעספּאָטישע, האָט געקאָנט אַנטשטיין בלויז דענסטמאָל, ווען פאַרן באַוואוסטזיין אָדער דער פאַרשטעלונגס־קראַפט פון יחידים און משפּחות האָט שוין פאַרגעשוועבט, לאָמיר זאָגן אין אַ פאַר־נעפּלטער פאָרם, די וויזיע פון אָרגאַניזירטן שטאַטלעכן לעבן, ווען עס האָט שוין אין זיי געלעבט די אגדה פון אַ נייעם און העכערן טיפּ סאָציאַלן אָרגאַ־ניזם. איך גלויב אַז איך וועל זיך מאַכן קלאָרער און פאַרשטענדלעכער, אויב איך וועל פאַרזוכן דאָס צו אילוסטרירן אויף דעם געביט פון עטיש־רעלי־גיעזן לעבן. וואָס איז „ואהבת לרעך כמוך״ (ליב דעם נאָענטן ווי זיך אַליין) — הלכה אָדער אגדה? געזאָגט געוואָרן איז עס אין אַ אימפּעראַטיווער פאָרם, גראַמאַטיקאַליש קלינגט דאָס ווי אַ באַפעל, ווי אַ מצווה, און דאָך איז דאָס אין תוך ריינסטע אגדה. די טענדענץ פון הלכה איז קאָנקרעטקייט, עקזאַקטקייט, לויט איר וועזן איז זי נאָרמאַטיוו, און אירע פאָרמולעס זיינען אַזעלכע, אַז

מ׳קאָן שטענדיק פעסטשטעלן צי (און אין וועלכער מאָס) מ׳האָט אירע פאַר־שריפטן מקיים געווען אָדער ניט. „ואהבת לרעך כמוך״ קאָן ניט געהערן צו דער קאַטעגאָריע פון אַזעלכע פאָרשריפטן, ווייל עס איז ניט פאַראַן קיין אָביעקטיווער, זעבאַרער מאַסשטאַב, לויט וועלכן מ׳זאָל קאָנען מעסטן „ליבע״ — שוין ניט רעדנדיק וועגן דעם, אַז אויב מ׳נעמט דעם דאָזיקן זאַץ בוכשטעבלעך, האָבן מיר דאָ צו טאָן מיט אַן אומדערגרייכבאַרן אידעאַל, אויף וויפל עס האַנדלט זיך וועגן דעם רוב מנין פון דער מענטשהייט. דער דאָזיקער אידעאַל, די אַפּעלאַציע צו אַ געוויסער דינאַמיק אין דעם מענטשנ׳ס וועזן, איז לויט זיין כאַראַקטער און אינהאַלט וויזיאָנעריש: דאָס איז אַ וויזיע פון מעטאַפּי־זישער אידענטישקייט פון „איך״ און „ניט־איך״, פון גלייכווערדיקייט פון אַלע מענטשלעכע ברואים, אין „עולם העליון״ אויב ניט אין „עולם התחתון״, און דערפאַר איז דאָס אין תוך, ווי איך האָב שוין אָנגעוויזן, ריינע אגדה. אָבער אַן דעם דאָזיקן שטיק אגדה וואָלט ניט געווען אין דעם סיסטעם פון רעליגיע קיין פּלאַץ פאַר הונדערטער הלכות, און אַלע מצוות וואָס האָבן צו טאָן מיט „בין אדם לחברו״ וואָלטן געהאָנגען אין דער לופטן. די געזעצן פון לקט, שכחה און פאה זיינען טיפּישע הלכה, אָבער זייער סאַנקציע ליגט ניט אין זיי אַליין אָדער אין וועלכער ניט איז אַנדערער, מער כולל׳דיקער הלכה, נאָר אין אַזאַ ניט קאָנקרעטער, „צעשוואומענער״ אגדה ווי „ואהבת לרעך כמוך״.

אין דעם זינען באַטראַכט איך אויך די ערשטע פון די עשרת הדיברות פאַר אגדה, ניט פאַר הלכה. „אנכי ה׳ אלהיך אשר הוצאתיך מארץ מצרים מבית עבדים״ (איך בין דער האַר, דיין גאָט, וואָס כ׳האָב דיך אַרויסגעפירט פון מצרים, פונם הויז פון קנעכטשאַפט) איז ניט קיין באַפעל, קיין פאָרשריפט, קיין קאָנקרעטע נאָרמע פאַר טאַט און האַנדלונג. דאָס איז גיכער אַן אַנטפּלעקונג, אַן אַלגעמיינע קאָסמיש־רעליגיעזע דערלעבעניש, די אויפּציטערנדיקע וויזיע פונם אַבסאָלוט, פון אַן אייביקן און הייליקן וועזן, וואָס האָט זיך היס־טאָריש מאַניפעסטירט אין דער באַפרייאונג פון אַ פאַרשקלאַפט פאָלק און האָט דערמיט אַרויסגעוויזן איינעם פון זיינע אַטריבוטן — גערעכטיקייט אָדער ליבע צום אונטערדריקטן. ניט אומזיסט איז דער דאָזיקער זאַץ דערגאַנגען צו אונז אַלס די ערשטע „דיברה״. די ערשטע „דיברה״ וואָס טראָגט אין זיך די סאַנקציע פאַר אַלע איבעריקע דיברות און (פּאָטענציעל) פאַר הונדער־טער דינים, פאַר די מצוות עשה און לא־תעשה וואָס זאָלן שפּעטער אויפגעבויט ווערן אויפן יסוד פון גרונט־געבאָטן, קאָן אַליין קיין געזעץ, קיין הלכה, ניט זיין. זי איז הוילע תפיסה, זעאונג, „באַגעגעניש״ מיט דער אורקראַפט און מיטן אור־אמת פון אַלץ וואָס עקזיסטירט און געשעט.

ביאַליק האָט צוליב פּסיכאָלאָגישע מאָטיוון, וואָס דאַרפן אייך זיין פאַר־שטענדלעך, אַ שיין ביסל איבערבאַטאָנט דעם ווערט פון הלכה. עס איז ניט

מיין אויפגאַבע צו פאַרקלענערן איר באַדייטונג, אָבער ווי וויכטיק איר פונקציע זאָל ניט זיין און ווי צעשטויבט דאָס גאַנצע סאָציאַל־גייסטיק לעבן פון אַ פאָלק זאָל ניט ווערן מחמת מאַנגל אין הלכה, וויל איך, אַז איר זאָלט מסכים זיין מיט מיר, אַז היינטער יעדן קאָדעקס פון הלכה מוז שטיין אַ באַשטימטע אויפפאַסונג אָדער וויזיע פון דער וועלט־טאָטאַליטעט — אַן אגדה אָדער אַ סיסטעם פון אגדה, פון וועלכער די הלכה דאַרף שעפּן איר יניקה, קריגן איר סאַנקציע; פון וועלכער זי דאַרף אינספּירירט ווערן; דורך וועלכער זי קומט אין באַרירונג מיט דעם וואָס מיר ווילן באַטראַכטן אַלס איבערהיסטאָריש, אַלס אַבסאָלוט.

איצט פאַרשטייט איר, גלויב איך, וואוהין איך האָב געצילט און געוואָלט דערפירן. איר מאָנט פאַר אונזער לעבן הלכה, גלייך ווי אַגדה וואָלטן מיר שוין (אָדער נאָך) פאַרמאָגט. אָבער וואו איז אונזער אגדה, אונזער אַלגעמיינע וועלט־ און לעבן־עמפּינדונג, אונזער — ערשטע דיברה? האָבן מיר זי, לעבט זי אין אונז, האָבן מיר פאַר איר אַ נאָמען? ווען איך זאָג דאָ „מיר“, „אונז“, מיין איך נאַטירלעך אנשי שלומנו, ווייל אויף וויפל עס זיינען נאָך דאָ אויף דער וועלט עכט־פרומע אידן, וואָס טראָגן אין זיך די לחלוחית׳־דיקע „עקשנות“ פון אונזער רעליגיעזער טראַדיציע, פרעגן זיי ניט די קשיות וואָס איר פרעגט און וואַרטן ניט אויף מיר, איך זאָל זייערע שאלות פּסק׳ענען. ווען איר רעדט אָבער וועגן אונזער עולם, וועגן יענע שיכטן פונם אידישן פאָלק, וואָס מיר ביידע ווילן זיך איינרעדן אַז מיר קאָנען האָבן אויף זיי אַ השפעה, און אין תחום פון זייער לעבן בענקט זיך אייך נאָך „אַ רענעסאַנס פון הלכה־אידישקייט“, ווי איר דריקט זיך אויס אין אייער בריוו, זייט איר מיר פאַר אַלעמען שולדיק אַן ענטפער אויף דער פראַגע, וואָס איך האָב שוין, דוכט זיך, פריער געפרעגט: אויף וואָס דאַרפט איר דעם הלכה־רענע־סאַנס האָבן אָדער — אַנדערש גערעדט — צוליב וועלכער אגדה ווילט איר האָבן הלכה?

הלכה האָט (מיר ווילט זיך אַפילו ריזיקירן און זאָגן: דרך אגב) דערפילט אין משך פון דורות אויך אַן אַנדער שליחות, ניט קיין רעליגיעזע אין ספּע־ציפישן זינען פון דעם וואָרט — זי האָט סטימולירט אונזער קיום אַלס פאָלק, געשאַפן באַדינגונגען פאַר אונזער המשך, אָפּגעהיט אונז פון גייסטיקע „צוג־לופטן“, פון פאַטאַלע „פאַרקילונגען“, פון אַטאָמיזירט ווערן, פון קאָלעקטיוון אונטערגאַנג. אָבער איר „בראשית“, איר אינעווייניקסטע טרייב־קראַפט, איז געווען אַ דורך און דורך רעליגיעזע. איר הויפּט־צוועק איז ניט געווען דינען די היסטאָרישע צוועקן פונם אידישן פאָלק אַלס אַ באַזונדערער סאָציאַלער אָדער עטנישער אָרגאַניזם, נאָר דערפילן גאָט׳ס ווילן, אָדער שאַפן אַזעלכע „היגיענישע“ באַדינגונגען, אונטער וועלכע עס זאָל לייכטער זיין זיך צו באַ־

העפטן מיט גאָט׳ס אויסשטראַלונגען אין דעם „עולם התחתון״. איר הויפּט־פּאַטאָס איז געווען עבודת־הבורא, ניט עבודת האומה, און דורך איר איינציק־אַרטיקן סיסטעם פון דינען גאָט האָט זי (מעג מען זאָגן „ממילא״) געדינט אויך דעם פאָלק אַלס אַזעלכן. וועט עס איצט זיין אַ בלבול אויף אייך, אויב איך זאָל זאָגן, אַז ווען איר רעדט וועגן הלכה, זייט איר הויפּטזעכלעך פאַראינטערעסירט אין עבודת־האומה, און ניט — רעדנדיק אין אונזערע קלאַסישע טערמינען — אין עבודת־הבורא? אַז איר זוכט אויפצולעבן אין אונזער לעבן די הלכה ניט לשמה, צוליב איר גופא און צוליב אַ באַשטימטער רעליגיעזער אגדה הינטער איר, נאָר אַלס אַ קרדום לחפור בו, אַלס אַן אינסטרומענט וואָס קאָן צונויץ קומען אין אויפהאַלטן דעם וויטערדיקן קיום פון אונזער פאָלק? אויב איך מאַך ניט קיין טעות, און דאָס איז טאַקע אייער הויפּט־מיין, ווייס איך ערשט דענסטמאָל ניט וואָס צו טאָן מיט דעם פּראָבלעם וואָס איר האָט אַוועקגע־שטעלט. איך בין געווען „נאַציאָנאַליסט״ כדי צו פאַרשטיין אייער זאָרג פאַר אונזער צוקונפט, און טיילן אייער עצבות ווען איר קוקט זיך צו צו דער דעז־אינטעגראַציע פון אידישן לעבן. איך בין אָבער, האָב איך מורא, ניט גענוג „נאַציאָנאַליסט״, כ׳זאָל זיך קאָנען פאַרשטעלן, אַז אָן אַ רעליגיעזער אגדה, אָן אַ וויזיע פון איבערנאַציאָנאַלע און איבערהיסטאָרישע ווערטן, אָן (אויב איך מעג דאָ נוצן אַזאַ וואָרט) אַ מעטאַפיזישן רענעסאַנס, אָדער, רעדנדיק טראַדיציאָנעלער, אָן אַ נייער דערוואַכונג פון אמונה, זאָלן מיר האָבן כוח אַריינצוטאָן אונזער קאָפּ אין יאָך פון הלכה — פון דער אַלטער, צי פון אַ רעפאָרמירטער, צי פון אינגאַנצן אַ נייער — בלויז אָדער הויפּטזעכלעך, כדי אָפּצוהיטן אונזער לעבן אַלס פאָלק, צוליב נאַציאָנאַליזם.

איך ווייס, אַז נאַציאָנאַליזם איז אין אונזער דור אַ גרויסע קראַפט (מעג איך אויסזאָגן דעם אמת? אין מיינע אויגן, אַ צו גרויסע און אָפטמאָל אַ גייסט־פיינטלעכע, רישעות׳דיקע קראַפט); איך גלויב אָבער ניט, אַז אין לעבן פון אַ צעזייט און צעשפּרייט פאָלק ווי מיר זיינען, קאָן אויפסניי אונזער ווילן צו המשך, אונזער שטרעבן אָפּצוהיטן וואָס ס׳איז אונז פאַרבליבן פון אונזער קאָלעקטיוון פּרצוף פּנים, סובלימירט ווערן צו דער מדרגה פון אַזאַ הויכן ציל, פון אַזאַ עיקר־אגדה, אַז מ׳זאָל אויף איר יסוד קאָנען ווידעראויפבויען אַ סיסטעם פון הלכה, און יענע הלכה זאָל מען טאַקע בפועל ממש מקיים זיין. מיר זיינען אפשר „צו אַלט״ פאַר נאַציאָנאַליזם פון אַזאַ היקף און אַזאַ אינטענ־סיווקייט, און דערפאַר טאַקע בין איך אַזאַ פאַר׳עקשנ׳טער ציוניסט: איך ציוניזם זע איך די הבטחה, אַז מיר קאָנען מיט דער צייט פּטור ווערן פון דער קיום־און המשך־פראַגע, ווערן אפשר מער נאַציאָנאַל, אָבער אַ סך ווייני־קער נאַציאָנאַליסטיש, אין זינען פון יעדן טאָג טאָפּן ביי זיך דעם דופק און זיך פרעגן, צי הויבט זיך שוין ביי אונז ניט אָן די גסיסה. און ווען דאָס וואָלט

יאָ מעגלעך געווען, אַז נאַציאָנאַליזם זאָל ביי אונז פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון רעליגיע, אויספילן אין אונז דעם חלל וואָס איז אַמאָל געווען אָנגעפילט מיט רעליגיעזע אינהאַלטן, אַליין ווערן אַ רעליגיע, וואָלט איך דערין געזען אַ געפאַר פון פעטישיזם, פון „אָהנען־קולט“, פון... עבודה זרה.

אפשר האָב איך איך שלעכט פאַרשטאַנען, וויל איך אייך בעטן איר זאָלט זיך מאַכן מער פאַרשטענדלעך. דערווייליקע דערלויבט מיר צום שלוס נאָכאַמאָל ברענגען צום אויסדרוק מיין אַלגעמיינעם געפיל, אַז כאָטש ס'איז אמת אַז אונז פעלט אין לעבן הלכה, איז אָבער אונזער גרעסערער אומגליק דאָס, וואָס מיר האָבן פאַרלוירן אונזער אגדה אַלס רעליגיעזן הינטערגרונט פון לעבן, און אָן אגדה — פון וואַנען זאָל זיך נעמען הלכה?

אגדה איז ווייט ניט שטענדיק דאָס וואָס איר באַצייכנט אין אייער בריוו אַלס „פּרפּראות לחכמה“ (אַ צובייס אָדער אַ פריפּראַווע צו חכמה); אויף אַ געוויסן שטח — ווען זי איז „וויזיאָנעריש“ — איז זי די חכמה גופא, די איינציקע חכמה וואָס איז דערגרייכבאַר פאַרן מענטשלעכן מין, און, אַחוץ דעם, ניט בלויז אַן אָרנאַמענט פאַר דער הלכה, נאָר אַ קלימאַט וואָס אין אים און אַדאַנק אים קאָן הלכה געבוירן ווערן, וואַקסן און ברענגען אירע רייכע פרוכט.

האָבן מיר איצט, קאָנען מיר היינט האָבן אַזאַ אגדה?

## צווייטער בריוו

מעג איך אייך דערמאָנען די מעשה מיט משה פאַסטוך?

דער בעל־שם האָט אַמאָל באַשלאָסן זיך אָנועקצולאָזן אויף אַ מלחמה קעגן שבתי־צבי און יעקב פראַנק. דעם פאַלשן משיח האָט ער געוואָלט מתקן זיין, ווייל ער האָט אויף אים רחמנות געהאַט און אויך געפילט, אַז אין אים שטעקט „אַ ניצוץ“, און יעקב פראַנק'ן האָט ער געזוכט פשוט צו „באַצווינגען“. האָט מען אים מגלה געווען פון אויבן, אַז פאַר אַזאַ שליחות, וואָס ער האָט אויף זיך גענומען, דאַרף ער זיך פאַראייניקן מיט נאָך צוויי — מיט רב מאיר פּרעמישליאַנער און מיט איינעם, וואָס רופט זיך משה פאַסטוך. האָבן זיך דער בעל־שם און רב מאיר צוזאַמען אַוועקגעלאָזן זוכן דעם אומבאַקאַנטן פאַסטוך. זיי זיינען געגאַנגען אַזוי לאַנג ביז זיי האָבן אים געפונען ווייט אין די בערג. ווען זיי זיינען אַהין געקומען, איז משה געשטאַנען ביים ברעג פון אַ גרוב און מיט אַלע כוחות אויסגעשריען: „גאָטעניו, מיט וואָס קאָן איך דיר דינען? וואָלסטו געהאַט שאָף וואָלט איך זיי געפּאַשעט אומזיסט“. נאָכדעם האָט ער אָנגעהויבן שפּרינגען פון איין זייט גרוב צו דער אַנדערער און דערביי אויסגערופן: „דאָס אַלץ טו איך צוליב דעם השם יתברך“. דער בעל־שם האָט שפּעטער געזאָגט, אַז דעם פאַסטוכ'ס עבודה איז גרעסער פון זיין עבודה.

ווי די לעגענדע דערציילט, איז משה פּאַסטוך געווען אַ פולשטענדיקער עם־הארץ, און לויט דעם באַקאַנטן מאמר חז״ל, האָט ער, הייסט עס, קיין „חסיד״ ניט געקאָנט זיין. דער בעל־שם האָט זיך ערשט נאָכדעם גענומען אים לערנען אידישקייט: דערציילן וועגן חורבן בית־המקדש, וועגן גלות ישראל, וועגן דער שכינה וואָס איז אַליין אין גלות, און אַפילו אים פּראָסט־פּשוט וויזן דעם אלף־בית.

צוליב וואָס אייגנטלעך האָב איך דאָ איבערדערציילט די חסידישע מעשה? ווייל איך האַלט זיך אַלץ, אויך נאָך אייער צווייטן בריוו, ביי מיינעם — אַז אגדה קומט פאַר הלכה, און אַז אויב עס איז אונז, אידן, באַשערט אַ רע־ליגיעזע ווידערגעבורט נאָך אין אונזער דור, קאָן זי זיך אָנפאַנגען נאָר פון אגדה און ערשט נאָכדעם איבערגיין צו הלכה. משה פּאַסטוך האָט געגאַרט נאָך הלכה, נאָך עבודה, נאָך מצוות מעשיות, כאָטש ער האָט דעם שולחן ערוך ניט געקענט און דעם באַגריף וועגן תרי״ג מצוות ניט געהאַט. עפּעס האָט אין אים אָבער געלעבט, וואָס האָט געזוכט זיך צו מאַניפעסטירן אין טאַט און האַנדלונג, אין תפילה און צערעמאָניאַל, אין קרבן, אין עפּעס נאָרמאַטיוון, און אַזוי ווי גאָט האָט ניט קיין טשערעדעס שאַף ער זאָל זיי קאָנען פּאַשען אומזיסט, האָט ער זיך געשאַפן זיינע אַן אייגענע הלכה — שפּרינגען פון איין זייט גרוב צו דער אַנדערער, „צוליב דעם השם יתברך״. אָט דאָס ריין סוביעקטי־ווע, וואָס האָט אין אים וויברירט אפשר אַן אַ נאָמען און אָן אַ פאָרמולע און האָט איבערגעפילט זיין האַרץ מיט דבקות, אָט מיט דעם וואָס מיטלאַלטערלעכע מיסטיקער פלעגן אָנרופן אויף זייער לשון “Adhesio Dei”, איז געווען זיין אגדה. מיטן כוח פון אַזאַ אגדה האָט דאָס שפּרינגען איבערן גרוב באַקומען זין און אינהאַלט, געוואָרן — אין קאָנטעקסט פון זיין לעבן — אַ רעלי־גיעזער אַקט, אַ מין ליטורגיע.

איך גלויב אַז איר וועט מיך ניט שלעכט פאַרשטיין. עס האַנדלט זיך ניט, לויט מיין מיינונג, וועגן דעם, אַז עס זאָל פאַר אונז (אָדער אין אונז) אויפפלאַמען אַ שפּאָגל נייע אגדה, שלא ידעו אבותינו. איך ווייס ניט דעם אַדרעס פון אַזאַ דאָרנבוש, וואָס ביי זיין אייביקן פייער זאָלן מיר דערהערן מפּי הגבורה אַ שטים, וואָס קיינער האָט זי נאָך פאַר אונז ניט געהערט. די „אָנטפּלעקונגען״ וואָס זיינען שוין געמאַכט געוואָרן פאַר אונז, אידן, פאַרן מענטשלעכן מין בכלל, זיינען, ס'קאָן זיין, גענוג אויך פאַר קומענדיקע דורות, און קיין נייע דאַרף מען ניט האָבן. עס זיינען אָבער פאַראַן אמת'ן (דאָס איז אפשר ניט חל בלויז אויף ראַציאָנאַלע אמת'ן, פון אַ ריין וויסנשאַפטלעכן כאַראַקטער), וואָס כדי זיי זאָלן ווערן ווירקזאַם, מוזן זיי, אַזוי צו זאָגן, „ווידער־אַנטפּלעקט״ ווערן. אַ מענטש וואָס האָט זיך אין אַ באַשטימטן פּעריאָד באַ־וואוסטזיניק אָפּגעזאָגט פון זיין אמונה און רעליגיעזער טראַדיציע, אָדער וואָס

זי איז אין אים אויסגעלאָשן צי אַטראָפירט געוואָרן, און ער ווערט נאָך אַ צאָל „אַפּיקורסישע״ יאָרן אַ בעל־תשובה, געפינט ניט אויס אין די מייסטע פאַלן אפילו קיין רמז אויף אַ נייעם אמת. ער קערט זיך אום, ווי מיר ווייסן פון ניט ווייניק פאַלן, צוליב דיזעלביקע אמת׳ן, פון וועלכע ער האָט געוואוסט אויך אין דער פאַרגאַנגענהייט. זיי האָבן זיך אָבער פאַר אים, אין אַ געוויסן זינען, „ווידער־אַנטפּלעקט״ — אָדער אפשר גאָר האָבן זיי זיך פאַר אים צום ערשטן מאָל אוממיטלבאַר אַנטפּלעקט, ווייל פריער זיינען זיי געווען בלויז אַ טייל פון אַ פאָלק׳ס אָדער אַ גרופּע׳ס ירושה, וואָס קיינער האָט אים ניט געפרעגט צי וויל ער זי גאָר ירש׳ענען.

איך ווייס ניט, ווי אַזוי איך זאָל זיך מאַכן פאַרשטענדלעכער. ליבע צווישן מאַן און פרוי איז אַלט ווי די וועלט, און אַפילו די סובלימירטע עראָטישע ליבע וואָס באַטראַכט זיך פאַר ניט געפּענטעט פונם אַלגעמיין־זאָאָלאָגישן סעקסועלן אינסטינקט, איז שוין אויך ניט קיין נייע דערשיינונג, יעדנפאַלס טויזנטער יאָרן אַלט. אַזאַ ליבע, ווען זי איבערוועלטיקט אַ מאַן אָדער אַ פרוי, טראָגט אין זיך, מעג מען זאָגן, אירן אַן „אמת״ — קאָלאָרירט מיט זיך די גאַנצע אַרומיקעווירקלעכקייט, גיט צו דעם לעבן אַ באַזונדער טעם און זין. זי איז אָבער אין יעדן אינדיווידועלן פאַל אַ נייע, זעלבסטשטענדיקע „אַנטפּלעקונג״, כאָטש טעאָרעטיש קאָן דער „בעל־דבר״ פאַרשטיין, אַז דאָס וואָס ס׳האָט זיך אים אַנטפּלעקט, האָט זיך פאַר זיין געבורט מיליאָנען מאָל שוין מאַניפעסטירט.

איך נעם זיך ניט אונטער צו פאָרמולירן אין מיין קורצן בריוו, וואָס עס איז געווען, אין זינען פון גרונט־אידייען, דער אינהאַלט פון חסידות. איך גלויב אָבער, אַז קיין איינער פון די באַשאַפער פון דער חסידישער באַוועגונג האָט ניט פאַרמאָגט קיין „אָריגינעלע״ אידייע, ניט תופס געווען קיין אין לחלוטין נייעם אמת. אַלץ אָדער כמעט אַלץ וואָס מקובלים און חסידים האָבן געפּרעדיקט און דורכגעלעבט, קאָן מען, אין תוך, געפינען אין דער רעליגיעזער ירושה פון דער פאַרגאַנגענהייט. ניי איז אין חסידות געווען ניט דער אינהאַלט פון אמונה, נאָר די אַקצענטירונג פון געוויסע אידייען, דאָס פיקסירט ווערן אויף זיי; און ניי איז געווען די קראַפט, מיט וועלכער אַלטע אידייען האָבן אַנגערירט אין אידן זייערע גייסטיקע סטרונעס. אָט פון דעם שטאַנדפּונקט, מיין איך, אַז אויב אַפילו מיר זאָלן לחלוטין ניט דאַרפן האָבן קיין נייע אגדה, מוז די אַלטע אגדה מיט אירע אידייען אויפסניי רעפּרעזענטירט ווערן — ניט אין זינען פון בלויז באַגריפן, נאָר אין דעם זינען, אַז מיר זאָלן פון איר ווידעראַמאָל אָנגעגריפן ווערן.

ווי איר זעט, ליבער פריינט, בין איך אפשר אַ סך הילפלאָזער פון אייך. ווייל איר זייט גרייט אָנצופאַנגען פון הלכה, זייט איר פּייאַיק, (אָדער איר האָט די געבענטשטע אילוזיע, אַז איר זייט פּייאַיק) שוין אָנצוצייכענען אַ פּראָגראַם,

אַ מין אורח חיים פֿאַר אידישע מענטשן אויך פֿון אונזער דור. מיך אָבער האָט איר אַ געוויסן גרונט חושד צו זיין, אַז איך זיץ פּאַסיוו, כמעט פֿאַטאַליס־טיש, און וואַרט אויף אַ נס מן השמים, אויף אַ מין „רעוועלאַציע" פֿאַר אונזער דור. אויב איר זייט מיך טאַקע אין דעם חושד, איז אין דעם פֿאַראַן אַ געוויסער קערן פֿון אמת. דאָס פּראָבלעם — ווי איך זע עס — ווי זאָל איך זיך אין מיין הילפֿלאָזיקייט אויסדריקן? — איז אַ זע־פּראָבלעם, כ'האָב שיר־שיר ניט אָנגע־שריבן „אַן אָקוליסטיש פּראָבלעם". מיך פֿאַרפֿאָלגט אָפּטמאָל אַ זאַץ, וואָס כ'האָב אַמאָל געלייענט ביי אַן ענגלישן נאַטורוויסנשאַפֿטלער (ב. א. האַאוואַרד): „אַ מענטש", זאָגט ער, „איז אַזאַ מין גוף וואָס, אין דורכשניט, אַנטהאַלט ער אין זיך גענוג וואַסער אָנצופֿילן אַ צען־גאַלאָן־פֿעסל; גענוג פֿעטס פֿאַר זיבן סטאַנדאַרד־זייפֿלעך; קאַרבאָן פֿאַר צוויי טויזנט און צוויי הונדערט קעפּלעך פֿון שוועבעלעך; אייזן פֿאַר איין טשוואָק פֿון אַ מיטעלער גרויס; גענוג קאַלך אויף אויסצוקאַלעכן אַ הינער־שטאַל און קליינע קוואַנטיטעטן פֿון מאַגנעזיום און שוועפֿעל". דער אַמעריקאַנער היימיש־געבאַקענער (און גאַנץ קליינשטעטל־דיקער) אפּיקורס, קלאַרענס דאַראָו, האָט אַמאָל — איך ווייס ניט ווען אויף צו־להכעיס — אויסגערעכנט, אַז אין שיקאַגאָ קאָסטן די אַלע פּראָדוקטן אויפֿן לאחדים־מאַרק 96 סענט. איר שטויסט זיך מסתמא אָן, צוליב וואָס איך ברענג דאָ די דאָזיקע פּריוואַליטעטן: זיי האָבן אַ שייכות צו דעם, וואָס איך האָב פֿריער געזוכט צו באַצייכענען אַלס „דאָס זע־פּראָבלעם". אויב דער לאַנטערן זאָל ביי אונזער דור בלייבן שטיין (אָדער בלייבן אָנ־געשטעלט) ווי ער איז, אויב מיר זאָלן ניט ווערן „זעעוודיקער", ווי מיר זיינען, וועלן מיר האָבן אַלץ מער יצר־הרע צו באַטראַכטן איינער דעם אַנדערן און די גאַנצע וועלט אַרום אונז מער אָדער ווייניקער אין טערמינען פֿון די דערמאָנטע „פּקחים", און דענסטמאָל האָט לחלוטין ניט קיין זינען צו דענקען וועגן רעליגיע, אגדה'שער אָדער הלכה'שער. איר געדענקט, מסתמא, איינס פֿון ווערעסאַיעוו'ס ערשטע ווערק („מעמואַרן פֿון אַ דאָקטאָר"). ווען ער האָט אין זיינע יונגע סטודענטן־יאָרן אָנגעהויבן אַרבעטן אין אַנאַטאָמישן טעאַטער אויף טויטע מענטשלעכע קערפּערס, האָט ער אָנגעפֿאַנגען אויסצו־מיידן דאָס מיידל, אין וועלכן ער איז געווען פֿאַרליבט. די אַרבעט אין לאַבאָראַטאָריע האָט ביי אים אַרויסגערופֿן אַ נייגונג צו קוקן מיט אויגן פֿון אַן אַנאַטאָמיקער אויף יעדער מענטשלעכער געשטאַלט, און זיין געליבטע איז פֿאַר אים ניט געווען קיין אויסנאַם. זי איז פֿאַר אים פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ בינטל פֿלייש, אָרגאַנען, אָדערן, נערוון, קאַנאַלן, צעלן, און ער האָט ניט געקאָנט איבערטראָגן איר „אַנטגייסטונג". נאָך לאַנגע חדשים האָט ער ערשט צוריקגעקראָגן זיין פֿריערדיקע „זע־קראַפֿט". ווערעסאַיעוו דערציילט אונז (לויט אייגענער דערפֿאַרונג, גלויב איך), אפשר וועגן אַן עקסטרעמען פֿאַל.

אָבער אין אַ ווייניקער עקסטרעמער מאָס האָט זיך די נייגונג צו זען די גאַנצע וועלט אין אַזעלכע טערמינען אַנטוויקלט, אין די לעצטע דורות, ביי אומגעהייער גרויסע צאָלן פון דער ווייסער מענטשהייט. דאָס איז נאַטירלעך ניט קיין ספּעציעל אידיש פּראָבלעם, נאָר אַן אַלגעמיינס. מיר, אידן, זיינען אָבער ניט ווייניקער פון אַנדערע, אין דער מערב־וועלט, קרבנות פון אָט דער דאָזיקער דיספּאָזיציע, און אפשר האָט דאָס גאָר געוויסע שיכטן אידן אַנגערירט אַ סך מער ווי דיזעלביקע שיכטן ביי די אומות־העולם. עס קאָן זיין, אַז אויך די פּיאיקייט פון עכטן קינסטלערישן גענוס, פון אמת׳ן פאַרלירן־זיך אין קונסט, ווערט ביי אונז ביסלעכוויז אָפּגעשוואַכט אַדאַנק דער דאָזיקער „אויגן־קראַנק־הייט״. עס זיינען געווען עפּאָכן („פּרימיטיווע״) אין דער געשיכטע פון דער מענטשלעכער ראַסע, ווען אַלץ אַרום איז אָדער געווען גייסט אָדער עס האָט פאַרמאָגט אין זיך גייסט אַלס זעלבסטשטענדיקע קראַפט. אונזערע אויגן האָבן אַמאָל אַלץ באַזעלט — ניט נאָר, ווי מיר זעען אין אַלטן פאָלקלאָר און אין פּרימיטיווע רעליגיעס, חיות, פויגל, פיש, פלאַנצן, נאָר אַפילו די וועלט פון דומם. אין אונזער נאַטור־וויסנשאַפטלעך אָריענטירטער עפּאָכע ליידן מיר אָבער פון דער טענדענץ אַלץ צו אַנטזעלן, אַלץ צו אַנטגייסטיקן.

איך האָב ניט לאַנג צוריק אַרויסגערופן אין אַ קליינער געזעלשאַפט פון „אַפּיקורסים אויף אַפּיקורסות״ אַ סך האַרציקן געלעכטער מיטן סיפּור־המעשה וועגן דעם „עדות זאָגן״ פון צוויי סאָוועטישע פּילאָטן, וואָס דער פאַרשטאָרבענער יאַראָסלאַווסקי האָט אַמאָל געלאָזט אָפּדרוקן. די צוויי פליער האָבן נעמלעך „באַשטעטיקט״, אַז עס איז קיין גאָט אויף דער וועלט ניטאָ: זיי האָבן זיך אויפגעהויבן אין זייער עראָפּלאַן, איך געדענק שוין אַליין ניט, אויף וועל־כער אומגלויבלעכער הויך, און האָבן פון זייער פלי־מאַשין לאַנג געקוקט דורך אַ מעכטיקן טעלעסקאָפּ, אָבער זיי האָבן אַרום און אַרום... קיינעם ניט געזען. אפשר טאָר מען גאָר פון יענע צוויי עדות אַזוי שטאַרק ניט אָפּלאַכן. מער ווי אַן אחד משׂשים אָט פון דער פּילאָטן־אַרגומענטאַציע לעבט, האָב איך מורא, אין יעדן אַרום אונז — אָפטמאָל קעגן אונזער ווילן. אפשר דערפאַר זיינען מיר, מיט אַלע אונזערע חכמות און פּקחות׳ן, אַזוי הילפלאָז אין לייזן אונזערע עלעמענטאַרע סאָציאַלע פּראָבלעמען. כדי זיי צו לייזן דאַרף מען האָבן ניט בלויז קלוגע „סאָציאַלע אינזשענירן״, טעכנאָקראַטן, נאָר אויך — און פאַר אַלעמען — אַ באַשטימטן ווערט־געפיל, אַן איבערצייגנדיקע עמפּינדונג פון מענטשלעכער חשיבות. און איך בין גענויגט אַלץ מער צו דענקען, אַז אויב דער אינדיווידועלער בשׂר־ודם האָט ניט דאָס וואָס מיר ווילט זיך באַצייכענען אַלס קאָסמישע חשיבות — אויב אין דער „סטראַטאָספערע״ קאָן מען טאַקע קיינעם ניט געפינען — קאָן ער אויך קיין סאָציאַלע חשיבות ניט קריגן (אָט דאָ ליגט אפשר דער טראַגישער פּאַראַדאָקס פונם מאָדערנעם, באַזונדערס

מאַרקסיסטישן, סאָציאַליזם). עס איז פאַראַן אַ סיפור־המעשה וועגן אַן אינדישן פילאָזאָף, וועלכער זאָל האָבן באַזוכט סאָקראַטעסן. דער גריכישער חכם האָט געזאָגט דעם גאַסט, אַז זיין לעבנס־ווערק באַשטייט אין פאָרשן דאָס מענטש־לעכע לעבן. האָט דער הינדו אַ שמייכל געטאָן און אים אָנגעוויזן, אַז קיינער קאָן ניט תופס זיין דאָס מענטשלעכע, אַזוי לאַנג ווי ער האָט ניט תופס געווען דאָס געטלעכע. וואָס איך וויל דורך דעם דאָזיקן סיפור־המעשה באַהויפּטן, איז אייך זיכער פאַרשטענדלעך. איר האָט אָנגעפאַנגען פונם „מענטשלעכן", פונם סאָציאַלן, ניין — פון נאָך אַ שמאָלערן היקף: פונם ספּעציפיש־אידישן מאָמענט, און איר ווילט אים מאַכן פאַרן אויסגאַנגס־פּונקט אויפן וועג צום אַלגעמיין־רעליגיעזן. איז דאָס די מעטאָדע פון מן הקל אל הכבד? כ'האָב מורא, אַז פונקט פאַרקערט, אַז עס איז אוממעגלעך צו דערגרייכן דאָס „לייכטערע", אַזוי לאַנג ווי מ'האָט ניט געשאַפן קיין נייעם קאָנטאַקט מיטן „שווערערן", און פון טויזנטער הלכות קאָן קיין איין אגדה ניט אַרויסקומען, אויב זי האָט לכתחילה שוין אין זיי ניט געלעבט אַלס זייער „סאַנקציע" און באַוועגנדיקע קראַפט.

עס האַנדלט זיך אַלזאָ וועגן אַ נייעם (אָדער באַנייטן) אַלגעמיינעם לעבנס־געפיל, אָט וועגן דעם, דוכט זיך, וואָס איר האָט אין זינען אין אייער צווייטן בריוו, ווען איר זאָגט אַז „מיר מוזן קודם־כל ווידער זיך אויסלערנען צו פאַרשטיין דעם טייטש פונם וואָרט קדושה". איך מיין, אַז אַן אַזאַ לעבנס־געפיל, וואָס הענגט אָפּ, אויף מיין אָרעמען לשון, פון אַ באַשטימטן טאַלאַנט צו זען, קאָן ניט זיין קיין גלויבן און קיין מעטאַפיזיש פאַרטרויען, אַן וועלכע רעליגיע האָט ניט קיין ממשות און איז ניט בכוח צו אינטעגרירן דעם מענטשן מיט דער וועלט. עס איז ניט קיין צופאַל, וואָס אויף לאַטיין — וואָס אָרעמער איינער איז אין זיינע אויסדרוק־פייאיקייטן, אַלץ מער לשונות נוצט ער — איז „פידעס" (גלויבן) און „פידוציא" (צוטרוי) פון איינעם און דעמזעלביקן שורש. ווייל גלויבן אין רעליגיעזן זינען איז פאַרבונדן אויך מיט פאַרטרויען, מיט אַ „לירישער איבערצייגונג", אַז דער מענטש מיט זיינע ווערטן און אידע־אַלן, מיט זיין געפיל פון גערעכטיקייט און דראַנג צו אייביקייט, בקיצור, מיט אַלע זיינע מעטאַפיזישע באַדערפענישן, איז אַן אָנגעלייגטער „בן־בית" אין קאָסמישן לעבן. אָבער פאַר אַזאַ אמונה דאַרף מען פייאיק זיין צו קוקן אויפן גאַנצן לעבן און אויף דער גאַנצער ווירקלעכקייט אין מערער ווי אין איין דימענסיע, זיי אויפפאַסן אין זייערע, אַזוי צו זאָגן, פאַראַלעלע באַדייטונגען. מקובלים האָבן ביי אונז באַטראַכט אויף אַזאַ אופן ניט נאָר די עמפּירישע ווירקלעכקייט, נאָר אַפילו די תורה. ווען מיר לייענען אין זוהר (בהעלותך, בלק): „רק טפשין בעלמא לא מסתכלין אלא בההוא לבושא דאיהו סיפור דאורייתא ולא מסתכלין במה דאיהו תחות ההוא לבושא", וואו דאָס וואָרט פון דער תורה גופא ווערט באַטראַכט ניט נאָר אין זיין קאָנקרעטער, אַזוי צו

זאָגן, פיזיקאַלישער באַדייטונג, נאָר אויך אין זיין מיסטעריעזער דימענסיע, אַלס לבוש פון עפּעס וואָס איז הינטער אים פאַרבאָרגן, ווערט דאָ אָנגעווענדט אויף דער תורה אַ מעטאָדע, וואָס די קבלה ווענדט אָן מיט איר ספּעציפישער זעעוודיקייט אויף דער וועלט בכלל. און נאָר מיט אַזאַ זעעוודיקייט קאָן מען זיך מתגבר זיין אויף די מיליאָנען סתירות אין אונזער וועלט פון דערשיינונגען און אין עצם דענקען, און קריגן אַ געוויסע „פאַראַנקערונג" אין אומענדלעכן אָקעאַן פון זיין, לעבן, עקזיסטירן.

אָט פון וואָס, ליבער פריינט, מיר וואָלטן געדאַרפט אָנפאַנגען — פונם עיקר צווישן אַלע עיקרים, אָדער, ריכטיקער, פון אמונה בעיקר. אָבער דאָס איז ניט אונזער פּראָבלעם ספּעציעל אַלס אידן.

דאָס אויסער־אידישע אָדער דאָס איבער־אידישע איז געשטאַנען, גלויב איך, אין דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט אויך ביים וויגעלע פון אידנטום. ניט אומזיסט דערציילט ביי אונז די אגדה, אַז די תורה איז געגעבן געוואָרן לכתחילה אין זיבעציק לשונות, פאַר אַלע אומות־העולם, און ניט אין ארץ־ישראל, נאָר אין דער מדבר (אין „נאָ מענ'ס לענד"), כדי עס זאָל פאַר קיינעם ניט זיין קיין תירוץ, אַז דאָס איז אַ לאָקאַלע תורה — פאַר אַ שבט, אָדער פאַר אַ פאָלק, ניט פאַרן גאַנצן מענטשלעכן מין. אידנטום, מעג מען זאָגן, איז געוואָרן אידנ־טום (אַ פאָלקס־רעליגיע) דערפאַר וואָס אַנדערע אומות האָבן עס ניט געוואָלט אָננעמען, אָבער זיין אָריגינעלער זין, זיין שעפערישע טרייב־קראַפט, ווי פיל בעלי־אגדה האָבן דאָס שוין אויף זייער אופן געפילט און אין זייערע טערמינען אויסגעדריקט, זיינען געווען איבער־נאַציאָנאַלע.

איך האָב דאָ געגעבן אַ שפּרונג פון איין אַספּעקט צו דעם אַנדערן (אונזערע ביידנס בריוו זיינען ניט זייער סיסטעמאַטיש, און אפשר איז דאָס בעסער אַזוי...), ווייל איך וויל, אַז איר זאָלט איינזען אין מיין אַרגומענטאַציע עפּעס וואָס איך באַטראַכט פאַר וויכטיק: מיר זיינען — דערווייל — ניט מחולק וועגן די שלוסן וואָס מיר דאַרפן ציען פון אונזערע מחשבות, נאָר בלויז וועגן דעם אויסגאַנגס־פּונקט. וויפל איר זאָלט ניט באַטאָנען, אין אייער צווייטן בריוו, אַז איך אינטערעסירט אין דער ערשטער ריי דאָס אַלגעמיין־רעליגיעזע, און ערשט נאָכדעם דאָס אידיש־נאַציאָנאַלע, איז דאָך דער פּונקט פון וועלכן איר הויבט אינערלעך אָן... דאָס פּינטעלע איד. דאַרף איך אייך ניט זאָגן, ווי וויכטיק עס איז פאַר מיר דאָס דאָזיקע „פּינטעלע" אַליין פאַר זיך. איך קאָן עס אָבער בשום אופן ניט אָוועקשטעלן אין צענטער פון דער רעליגיעזער וועלט. עס איז אין יעדן פון אונז זיכער פאַראַן ניט ווייניק אידישער קאָלעקטיווער עגאָצענטריזם (און איך באַטראַכט יענע אַרום אונז וואָס עס פעלט זיי דער נאַטירלעכער מינימום פון יענעם עגאָצענטריזם פאַר גייסטיק און מאָראַליש קראַנק, ניט פאַר אידן פון אַ העכערער מדרגה). אונזער אָריענטאַציע אין

רעליגיע, אין אַ ספערע וואָס איך באַטראַכט אַלס איבערהיסטאָריש, טאָר אָבער פון יענעם עגאָצענטריזם ניט דיקטירט ווערן. מיין קריטעריום פון אַ רעליגיעזן אמת, ווי פון יעדן אַנדערן אמת, איז אַ גאַנץ פשוט'ער: צי איז ער אין זיין וועזן, אין דער פּאָטענץ, לכל הפחות, „אַ דבר השוה לכל נפש", אָדער ער איז, אַזוי צו זאָגן, אַ פּריוואַט־אמת. רעליגיע, באַזונדערס מאָנאָטעאיסטישע רעליגיע, איז לויט איר עצם נאַטור עקספּאַנסיוו, און נאָר שווערע היסטאָרישע אומ־שטענדן צווינגען זי — ווי עס איז אין משך פון אַסאַך יאָרהונדערטן געווען דער פאַל מיט אידישער רעליגיע — זיך צו באַהאַלטן אין אַ נאַציאָנאַלער קליפּה. דער דראַנג צו עקספּאַנסיע קאָן האָבן אַ דערפאָלג, אָדער ליידן מיס־דערפאָלגן און זיך בעל־כרחו אָפּשטעלן אויף אַ גאַנץ לאַנגער צייט, אָבער אין פּרינציפּ איז יעדע עכטע רעליגיאָזיטעט מיסיאָנעריש און קאָן ניט שלום מאַכן מיט נאַציאָנאַלע אָדער ראַסן־גרענעצן. מיין פראַגע איז דערפאַר, ווי אַזוי קאָנען מיר אין אונזערע צייטן פאָרמולירן אונזער אגדה און אויף איר יסוד אונזערע אַ הלכה, אַז — פון אונזער שטאַנדפּונקט — זאָלן זיי קאָנען באַטראַכט ווערן אַלס אוניווערסאַל, אַזוי אַז מיר זאָלן גרייט זיין זיי „רעקאָמענדירן" ניט נאָר פאַר אונזער פלייש־און־בלוט, פאַר אידן, נאָר פאַר דער וועלט. די וועלט מעג זיך פון אונז אויסלאַכן, אָדער אַפילו אונז ניט וועלן באַמערקן; ניט דאָס איז, יעדנפאַלס מעטאָדאָלאָגיש, דער עיקר. דער עיקר איז, אַז לויט אונזער איבערצייגונג, וועלט־באַנעם און געשמאַק, זאָלן מיר אונזער סכעמע פון רעלי־גיעזן דענקען און לעבן מעגן באַטראַכטן אַלס אוניווערסאַל, אַלס אַזעלכע וואָס דאַרף אַפּעלירן צו אַן ענגלענדער און צו אַ כינעזער, צו אַ פּערס און צו אַ האָטענטאָט. אין קאַנאַדע וואוינען אין דער פּראָווינץ סאַסקעטשעוואַן עטלעכע טויזנט דוכאָבאָרן. אויף מיין באַזוך אין איינעם פון זייערע ישובים האָט אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק דער גרויסער שילד איבער זייער פאַרזאַמלונג־הויז: „די אוניווערסאַלע פאַראייניקונג פון קריסטלעכער ברו־דערשאַפט". אַזאַ נאָמען מעג פאַר געוויסע אויערן קלינגען באָמבאַסטיש: מ'שטיינס געזאָגט, ווי אוניווערסאַל יענע פאַראייניקונג איז. אין סאָוועטן־פאַרבאַנד האָבן זייער סעקטע די באָלשעוויקעס שוין לאַנג חרוב געמאַכט, און אין קאַנאַדע האָט זייער געמיינדע אין משך פון כמעט אַ האַלבן יאָרהונדערט ניט צוגעקראָגן, דוכט זיך, קיין איין נייעם מענטשן. דאָס איז אַ גאַנץ קלייניקע רוסישע סעקטע, און דאָך — פרעגט נאָר די סעקטאַנטן גופא — וועלן זיי אייך זאָגן מיט פולער איבערצייגונג, אַז דאָס וואָס זיי פּרעדיקן, איז אוני־ווערסאַל, און זייער שטילע אַמביציע און האָפענונג איז, אַז מיט דער צייט וועט די גאַנצע וועלט אָננעמען סיי זייער אגדה און סיי זייער הלכה.

ווי איר זעט, שטייען מיר נאָך אַלץ אין אונזער דיסקוסיע ביים אָנהויב, אפשר אַפילו נאָך פאַרן אָנהויב. אין אַ גרויסער מאָס איז דאָס מיין שולד.

„איך האַלט אייך‟ ביים אָנהויב און לאָז אייך ניט ווייטער גיין. איך וויל, אַז מיר זאָלן זיך ביידע — על תנאי, אויף דערווייל — באַפרייען, אויף וויפל דאָס איז מעגלעך, פון אַלע אונזערע היסטאָריש־אידישע לאָיאַליטעטן און נאַטיר־לעכע קאָלעקטיווע זעלבסט־פאַרליבטקייטן, כדי אָנצוצייכענען, אויב מיר האָבן דערצו כוח, אונזערע עיקרי־אמונה און דעם כאַראַקטער פון יענע מעשים וואָס מוזן פון יענע עיקרים פאָלגן. וועגן אידנטום אַלס עפּעס ספּעציפישעס, וועגן אידישקייט און וועגן המשך און קיום, לאָמיר דערווייל ניט טראַכטן. דידאַקטיקע פראַגן וועלן — ווער ווייסט — אפשר פאַרענטפערט ווערן ממילא, אומדירעקט, אַלס רעזולטאַט פון גייסטיקער באַנייאונג, וואָס האָט זיך גאָר אַזעלכע צילן ספּעציעל ניט געשטעלט.

1944

# מאַרטין לוטער

"If we wish to find a scapegoat on whose shoulders we may lay the miseries which Germany has brought upon the world, I am more and more convinced that the worst evil genius of that country is not Hitler or Bismarck or Frederick the Great, but Martin Luther."

*Dean William Ralph Inge*

אין אַ ריי שטעט אין דייטשלאַנד קלייבט מען זיך איצטער צו פייערן דעם 400סטן יאָרצייט פון מאַרטין לוטער׳ס טויט. אונטער די היינטיקע אומשטענדן וועלן מסתמא די פייערונגען דורכגיין מיט אַ סך ווייניקער פּאָמפּע ווי דאָס וואָלט געווען מיט עטלעכע יאָר פריער, און אויף אַ קלענערן פאַרנעם, ווי מ׳האָט אין דער זעלביקער דייטשלאַנד געפייערט אין 1883 דעם רעפאָרמאַטאָר׳ס 400סטן געבורטסטאָג. עס וועלן זיך אָבער אויך איצטער געפינען ניט־ווייניק דייטשע געלערנטע און גייסטלעכע (און צו זיי אויך אַ צאָל פּאָליטיקער), וואָס וועלן זוכן אויסצונוצן די געלעגנהייט און דערמאָנען דער וועלט, אַז דאָס דייטשע פאָלק האָט פאַר דער וועלט אויך גרויסע גייסטיקע און מאָראַלישע פאַרדינסטן, אַז די זכות־אבות פון די היינטיקע דייטשן דאַרף זיי ביישטיין אין אַ צייט פון נויט און דערנידערונג, און אַז ספּעציעל אייראָפּע טאָר ניט פאַרגעסן דעם גרויסן בייטראָג וואָס דייטשלאַנד האָט אַמאָל געמאַכט צו איר קולטור מיט דער רעפאָרמאַציע־באַוועגונג און ספּעציעל מיט דער פיגור פון מאַרטין לוטער.

איך האָב אויבן געבראַכט עטלעכע שורות פון אַן אַרטיקל, וואָס דין אינדזש האָט פאַרעפנטלעכט עטלעכע חדשים נאָך דעם ווי היטלער האָט איבערגענומען די מאַכט און געגרינדעט זיין „דריט רייך". איך בין ניט זיכער, צי דער ענגלישער טעאָלאָג וואָלט היינט איבערגע׳חזר׳ט זיינע ווערטער, אַז לוטער איז געווען אַ מער רשעות׳דיקע און נידערטרעכטיקע פיגור איידער היטלער. היטלער, ווייסן מיר שוין איצטער, איז אין אַ געוויסן זינען אַן איינמאָליקע און „אומפאַרגלייכלעכע" דערשיינונג. אָבער ווי די זאַך זאָל ניט זיין און וואָס פאַר אַ מאַסשטאַב מיר זאָלן ניט אָנווענדן פאַר מאַכן היסטאָרישע פאַרגלייכן, מוז קלאָר זיין פאַר יעדן איינעם וואָס האָט מיט אָפענע אויגן אַביסל שטודירט די געשיכטע פון דער דייטשער רעפאָרמאַציע, אַז לוטער האָט שוין, צוריק מיט פיר יאָרהונדערטן, געטראָגן אין זיך דעם „עיבור" פונם מאָדערנעם נאַציזם.

פון אויבן־אויף קאָן זיך דוכטן (און ניט ווייניק געבילדעטע און באַזונדערס האַלב־געבילדעטע האָבן טאַקע מיט אַזאַ „דוכטעניש" געלעבט), אַז לוטער האָט מיט זיין רעפאָרמאַטאָרישער טאַט אַריינגעבראַכט אַ נייעם, פרייען גייסט — דעם באַגריף פון דער עמאַנסיפּירטער און אויטאָנאָמער פּערזענלעכקייט; אַז אים איז געלונגען, אין זיין צייט, אָפּצורייניקן די לופט אין אַ גרויסן טייל אייראָפּע פון דער טומאה, מיט וועלכער דער מיטלאַלטערלעכער קאַטאָליציזם האָט זי פאַרפּעסטעט. ווען מען לייענט לוטער׳ס ביאָגראַפיע, איז בפירוש שווער אים ניט צו זיין דאַנקבאַר פאַר די באַרימטע פינף־און־ניינציק טעזיסן וואָס ער האָט אין 1517 צוגענאָגלט צו דער קירכן־טיר אין וויטענבערג. אין קאָנטעקסט פון יענער עפּאָכע איז דאָס, אָן שום ספק, געווען אַ רעוואָלוציאָנערע האַנדלונג. צוויי יאָר נאָכאַנאַנד איז אייראָפּע געווען פאַרפּלייצט פון וואַנדערנ־דיקע אַגענטן וואָס דער פּויפּסט האָט אַרויסגעשיקט צו פאַרקויפן שטיקער עולם־הבא פאַר מזומנים. אין רוים האָט מען געדאַרפט געלט אויפצו־בויען די גראַנדיאָזע פּעטער־קאַטעדראַלע, און טויזנטער און טויזנטער מענטשן, רייכע און אָרעמע, האָט מען איינגערעדט אַז פאַר אַ באַשטימטער סומע קאָן מען זיך באַפרייען פון אַלע זינד און זיך פאַרזיכערן מיט „גאולה" פון אייביקע ליידן און מיט אַ פיינעם פּלאַץ אין גן־עדן. אָרעמע לייט האָבן ניט זעלטן פאַרקויפט דאָס לעצטע וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט, כדי זיך איינצו־שאַפן אַ „אינדולגענציע": האַלט דאָך דער פּויפּסט אין זיינע הענט די שליס־לען צום גן־עדן און ער איז אויטאָריזירט צו האַנדלען מיט שטיקער אייביקייטס־„ריעל־עסטעיט". כדי צו דערקלערן די האַנדלונג פונם פּויפּסט פאַר פּשוט׳ן שווינדל און פאַר אַ גראָבער פאַרלעצונג פון וועלכן ניט איז עכטן רעליגיעזן באַגריף, האָט מען זיכער געדאַרפט פאַרמאָגן אַ סך מוט און אַ געוויסע גרייטקייט אויף מסירות־נפש. אמת, לוטער איז ניט געווען דער ערשטער וואָס האָט דערפילט דעם עקל פאַר דער דאָזיקער גראָב־פּרימיטיווער פאָרם פון עבודה־זרה. יאָהאַן וועסעל האָט מיט אַ דור פאַר אים אויסגעדריקט אויף אַ ראַדיקאַלן אופן זיין קעגנערשאַפט צו דער פּויפּסט־אינסטיטוציע („אַלע מענטשן געהערן צו גאָט׳ס כהונה", און קיין איין מענטש, הייסט עס, קאָן ניט האָבן די אויטאָריטעט פון אַ מין כהן גדול), און נאָך פאַר וועסעל׳ן האָט, אין דער זעלביקער דייטשלאַנד, יאָהאַן רוקראַט — וועלכער איז, אגב, גע־שטאָרבן אַ מאַרטירער־טויט, אַלס אַן „אַפּיקורס", פון די הענט פון דער קאַ־טוילישער קירכע — געהאַט דעם מוט צו דערקלערן עפנטלעך, אַז „די אינ־דולגענציע איז ווערטלאָז". גייסטיקע רעוואָלוציאָנערן זיינען אין די פאַר־שיידענע דייטשע פּראָווינצן געווען פאַר לוטער׳ן, און גרעסערע פון לוטער׳ן. לוטער׳ס באַדייטונג פאַר דער געשיכטע באַשטייט אין דעם, וואָס בשעת כמעט

אַלע אַנדערע רעוואָלוציאָנערן קעגן דער פּויפּסטלעכער שליטה זיינען באַזיגט געוואָרן און אַסאַך האָבן אויסגעהויכט זייער לעבן אויף דער תליה און אויפן שייטערהויפן, איז לוטער געווען דער רעוואָלוציאָנער וואָס האָט געזיגט. און געזיגט האָט ער — יעדנפאַלס אין אַ גרויסן טייל פון דייטשלאַנד און, שפּעטער, אין סקאַנדינאַוויע און אַ צאָל אַנדערע לענדער — ניט דערפאַר וואָס ער איז געווען גייסטיק שטאַרקער פון זיינע פאָרגייער, נאָר ווייל ער האָט צוגעקראָגן מעכטיקע שותפים אין זיין קאַמף קעגן רוים: די פירשטן, די וועלטלעכע מאַכט, אין אַ צאָל דייטשע שטאַטן. אַן דער שטיצע מצד די פירשטן וואָלט פון לוטער'ן געוואָרן דאָס, וואָס ס'איז געוואָרן פון אַ צאָל אַנדערע בונטאַרן און אַפּיקורסים, וועמען די קאַטוילישע שררות האָבן אַן באַזונדערע צערעמאָניעס פּשוט אָפּגעראַמט פונם וועג. אָבער אין זיינע יאָרן האָבן שוין אַ צאָל גרעסערע און קלענערע דייטשע מלכים געהאַט אַן אינטערעס אין דורכפירן אַן אָפּשפּאַלטונג פון רוים, אין באַפרייען זיך פונם פּויפּסט'ס דיקטאַטור. דער חשבון איז געווען אַ גאַנץ פּשוט'ער: ס'איז גלייכער, אַז די געלטער וואָס רוים נעמט אַרויס פון זייערע לענדער (דורכן פאַרקויף פון אינדולגענציעס, דורך איינמאָנען מעשר און אַנדערע קירכן־שטייערן, דורך ספּעציעלע מתנות און ירושות) זאָלן בלייבן אין דער היים — אויב ניט ביים פאָלק גופא, איז אין דער מלוכה־קאַסע אָדער אין די קעשענעס פון די פירשטן. עס „לוינט זיך" בעסער, אַז ניט דער פּויפּסט זאָל באַשטימען גלחים און בישאָפן, נאָר דער פירשט. זעלטן ווען אַ רעליגיעזער רעפאָרמאַטאָר האָט געפונען, כמעט פון זיינע ערשטע שריט, אַזוי פיל מעכטיקע פּראָטעקציע „אין די הויכע פענסטער", ווי דאָס איז געווען דער פאַל מיט לוטער'ן. אין אַ קורצער צייט איז ער געוואָרן דער ליבלינג פון פרינצן, וואָס האָבן שוין פאַר זיך דערזען די מעגלעכקייט, מיט דער הילף פון אַ פייערדיקן פּראָפּאַגאַנדיסט, צו מאַכן אַ סוף אין זייערע לענדער צו רוים'ס הערשאַפט, אין וועלכער זיי פערזענלעך האָבן שוין לאַנג קיין אמת'ע אמונה ניט געהאַט.

פאַקטיש האָט לוטער, אַלס סטראַטעגיקער, אויסגענוצט אין זיין קאַמף קעגן רוים דריי פאַקטאָרן: די געלט־גייציקייט פון דייטשע פרינצן; די שרייענדיקע קאָרופּציע פון דער קאַטוילישער קירך, וואָס האָט זיך אין זיינע יאָרן אַראָפּגעלאָזן צו דער נידעריקסטער און וואולגאַרסטער מדרגה פון אַ געלט־זויגערין; און די רעליגיעז־קאָמוניסטישע רעוואָלוציאָנערע ענערגיע, וואָס האָט אָנגעהויבן ברויזן אין די מאַסן, ספּעציעל צווישן פּויערים. די גרויסע פּויערים־בונטן אין 1524־1525 זיינען געווען אָנגעהויכט מיטן גייסט פון אַ פּרימיטיוון קאָמוניזם, אָבער צוזאַמען מיט סאָציאַל־עקאָנאָמישע פאָדערונגען האָבן די פּויערים אַרויסגעשטעלט אויך פאָדערונגען פון רעליגיעזער עמאַנסיפּאַציע: די אָנערקענונג, אַז די מקורות פון אינספּיראַציע, פון „רוח־הקודש",

זיינען צוגענגליך צו יעדן מענטשן, און דאָס איינפירן פון אַ פּרינציפּ, אַז אַ גייסטלעכער דאַרף פּריוויליק געוויילט ווערן פון דער געמיינדע גופא, ניט אַרויפגעצוואונגען ווערן אויף איר פון אויבן — פונם פויפסט אָדער פון די בישאָפן. די פּויערים־רעוואָלוציע איז פּאַקטיש געטראָגן געוואָרן פון אַ סך אַ ראַדיקאַלערן גייסט, פון אַ סך אַ טיפערער ליידנשאַפט פאַר באַנייאונג און איבערבוי פון לעבן, ווי לוטער׳ן האָט זיך ווען עס איז גע׳חלומ׳ט. די אַנאַ־באַפּטיסטן, די „ענטוזיאַסטן" און אַנדערע מיטגלידער פון צעוואָרפענע, ספּאָנ־טאַן געשאַפענע סעקטעס (וואָס האָבן ניט געקאָנט ניט קיין גריכיש, ניט קיין לאַטיין און ניט קיין העברעאיש, און האָבן מיט שוועריקייטן געלייענט די ביבל אין אָרעמע און שפּראַכלעך פּאַרקריפּלטע „היימיש־געבאַקענע" איבער־זעצונגען) זיינען געווען אַ סך מער אַנטי־קאַטוילי־ש און רעפּאָרמאַטאָריש, ווי לוטער איז פּייאיק געווען צו זיין. לוטער האָט דאָס געוואוסט און האָט מיט זיין פּרעדיקער־טאַלאַנט ניט ווייניק אויסגענוצט — ריכטיקער עקספּלואַטירט — די דאָזיקע רעוואָלוציאָנערע ענערגיע פון די מאַסן, האָבנדיק דערביי אין זינען, אַז ס׳וועט אים געלינגען צו קריגן אַזאַ שליטה איבער זייערע געמיטער, אַז ס׳וועט אים ניט אָנקומען שווער אויך איינצוצאַמען זייער סאָציאַלן ראַדי־קאַליזם. פּראָטעקציע פון אויבן (פון די פּרינצן), שטיצע פון אונטן (פון פּויערים, פון וועבער און אַנדערע בעלי־מלאכה) — דאָס איז געווען זיין טאָפּלטע סטראַטעגיק.

וואָס ס׳איז שייך טעאָלאָגיע, האָט לוטער זיכער זיינע פאַרדינסטן אין באַקעמפן דעם פאַרשטיינערטן און פאַרביינערטן ריטואַליזם פון דער דעמאָלט־דיקער קאַטוילישער קירך, אין אַריינהאַמערן אין די קעפּ פון מיליאָנען מענטשן, אַז דאָס אָפּהיטן פון באַשטימטע צערעמאָניעס (אין די מייסטע פאַלן אָן כוונה) ברענגט קיינעם ניט נענטער צו גאָט. אין דער זעלביקער צייט האָט ער אָבער, ווי זיין פאָרגייער אויף דער שוועל פון קריסטנטום, דער אַפּאָסטאָל פּאַאולוס, אַריינגעבראַכט די דעמאָראַליזאַציע פון פליכטלאָזיקייט. ער האָט ניט געמאַכט קיין אונטערשייד צווישן די צוויי פאַרשיידענע קאַטעגאָריעס פון „מצוות מעשיות" — צווישן ריטואַליסטישע מצוות און די מצוות שבין אדם לחברו. דעם פּאַאולינישן געדאַנק, אַז דער מענטש איז לויט זיין עצם נאַטור קאָרופּט, זינדיק און פאַראורטיילט אויף זינדיקייט, און דערפאַר האָט ניט קיין זין צו מאַכן אַפילו אַ פאַרזוך צו לעבן לויט אַ באַשטימטער הלכה (זיך לאָזן פירן און קאָנטראָלירן פון אַ „שולחן ערוך"), האָט לוטער אַסימילירט אין אַ פאַטאַלער מאָס. ער האָט קיינמאָל ניט פאַרשטאַנען, אַז „מעשים טובים" אָן אמונה, אָדער אָן אמונה וועלכע איז רעגיסטרירט אין באַוואוסטזיין, זיינען אין תוך און אין לעצטן חשבון מער עכטע אמונה (כאָטש פאַרשלייערטע און פאַרוואָלקנטע) איידער אמונה אָן „מעשים טובים". „גלויב אין גאָט׳ס חסד

און טו וואָס דיר גלוסט זיך" — אַ קריסטלעכער מאמר פון איניקע „קדמונים" — קאָן האָבן צוויי באַדייטונגען: א) ווער עס גלויבט מיט דער טאָטאַליטעט פון זיין נשמה אין גאָט'ס חסד, ווערט אין אַ גרויסער מאָס אומפּיאיק צו זינדיקן און דערפאַר מעג ער טאָן וואָס עס גלוסט זיך אים; ב) אמונה אין גאָט'ס גנאָד וועט דיך „ראַטעווען", טראָץ דעם וואָס דו וועסט פירן אַ זינדיק לעבן. לוטער מיט זיין עטישן פעסימיזם האָט פאַקטיש אָנגענומען די צווייטע אויסטייטשונג: בעל כרחך ביסטו אַ זינדיקער, אָבער אויב דו וועסט האָבן אמונה אין גאָט'ס סליחה ומחילה און אין זיין גאולה־מאַכט, וועסטו „געראַטעוועט" ווערן, ניט קוקנדיק אויף דיינע עבירות. פון דעם שטאַנדפּונקט איז לוטער (ווי אַ צאָל אַנדערע פּראָטעסטאַנטישע רעפאָרמאַטאָרן און טעאָלאָגן) אַריינגעפאַלן אין ניט קיין קלענערער מאָראַלישער טומאה, ווי דער רוימישער קאַטאָליציזם פון זיין צייט, וועלכן ער האָט באַקעמפט. זיין טעאָלאָגיע האָט ער אויפגעבויט אויף אינדולגענציע אַלס פּרינציפּ, כאָטש די אינדולגענציע וואָס לוטער האָט „פאַרקויפט" איז אַ סחורה פון אַ העכערער און נאָבעלערער קוואַליטעט, ווי די רוימיש־קאַטוילישע: אַנשטאָט צדקה תציל ממות (צדקה ניט פאַר מיטמענטשן, נאָר פאַר דער קירך) — אמונה תציל ממות. מעשים זיינען גאָרניט, אמונה איז אַלץ. דער פּראַקטישער פועל־יוצא פון אַזאַ לערע איז אין די מייסטע פאַלן געווען אַ רואינירנדיקער: אמונה איז סאָציאַל צו גאָרנישט ניט מחייב; כאָטש בייזקייט, פליכטלאָזיקייט, הפקרות זיינען עבירות, אָבער, ערשטנס, זיינען זיי אומפאַרמיידלעך און, צווייטנס, ווערן זיי, אַזוי־צו־זאָגן, ליקווידירט, אָדער פאַרברענט דורכן פייער פון אמונה.

לוטער'ס ביטראָג צום רעליגיעזן לעבן איז געווען, אין אַ געוויסער מאָס, אַן אינטעלעקטועלער (די באַפרייאונג פון אַ צאָל קאַטוילישע פאַרשטעלונגען וואָס „לייגן זיך ניט אויפן שכל"), אפשר אין אַ גרעסערער מאָס אַן עסטעטישער (דאָס אַריינברענגען די ביבל אין אַ גוטער איבערזעצונג אין מיליאָנען דייטשע הייזער און די אַנטוויקלונג פון אַ פיינערן חוש פאַר רעליגיעזער מוזיק און פּאָעזיע). מאָראַליש אָבער האָט ער דאָס רעליגיעזע לעבן ניט נאָר ניט אויפגעהויבן, נאָר גיכער גאָר דעגראַדירט. ס'איז אויך ניט אמת, אַז ער האָט שטאַרק אויסגעברייטערט די גייסטיקע אויטאָנאָמיע פונם יחיד, זיין עמאַנסיפּאַציע און פרייהייט. אין איינער און דער זעלביקער צייט האָט ער פאַר מיליאָנען דייטשן אָפּגעשאַפט די אויטאָריטעט פונם פּויפּסט און איינגעפירט אויף איר פּלאַץ אַ נייע אויטאָריטעט, אַ נייע שררה איבערן רעליגיעזן און געמיטס־לעבן: דעם שטאַט, אָדער דעם פירשט וואָס האָט אין זיין צייט אין זיך פאַרקערפּערט דעם שטאַט. פאַר יענע דייטשן וואָס האָבן אָנגענומען די רעפאָרמאַציע האָט ער אָפּגעשאַפט דעם וואַטיקאַן אַלס אַ באַשטימטע אינסטיטוציע אין רוים, אָבער ניט דעם וואַטיקאַן־באַגריף, ניט דעם באַגריף פון אַ

צוואַנג־אַפּיטראָפּסות אויף מענטשלעכן דענקען און גלויבן. אָנשטאָט איין וואַ־טיקאַן — צען, צוואַנציק נייע וואַטיקאַנען: אַזוי פיל וואַטיקאַנען וויפיל עס זיינען פאַראַן פּראָטעסטאַנטישע מלכים. די פאַלקסטימלעכע סעקטאַנטן האָבן געוואָלט גלויבן, אַז יעדער קריסט האָט דאָס רעכט אויסצוטייטשן די ביבל לויט זיין אייגענעם פאַרשטאַנד און געוויסן, און אַז גלויבן איז אַן אַקט פון אינדיווידועלער פרייהייט. די אמת׳ע רעפאָרמאַטאָרן, לויט זייערע נייגונגען און גייסטיקער דינאַמיק, זיינען געווען יענע „עמך״־בונטאַרן, וואָס האָבן זיך מיט קיין גרויסער לומדות און מיט קיין ליטעראַרישע פעאיקייטן ניט געקאָנט באַרימען — ניט לוטער, ווייל פאַקטיש האָט לוטער פאַרוואַנדלט יעדן מלכ׳ל אין זיין מלוכה׳לע אין אַ זעלבסטשטענדיקן פּויפּסט, וואָס מעג און דאַרף רעגירן איבער די מוחות און נשמות פון זיינע אונטערטאַנען. (Cujus regio, ejus religio וועמענס הערשאַפט, דעם׳ס רעליגיע), איז אַ טאָטאַליטאַרער פּרינציפּ, וואָס לוטער האָט איינגעפירט מיט זיין רעפאָרמאַציע. ער איז געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ער האָט פאַרבאָטן אַפילו זיך אָפּצושפּאַלטן פון רוים אָן דעם פירשט׳ס הסכמה. צי די באַפעלקערונג פון אַ שטאָט זאָל בלייבן רוימיש־קאַטויליש אָדער זי זאָל ווערן פּראָטעסטאַנטיש (לוטעראַניש) הענגט אָפּ פון פירשט׳ס באַשלוס. ער קאָן באַשליסן פאַר זיינע אונטערטאַנען און זיי דאַרפן אויספאָלגן זיין באַפעל. גלחים דאַרפן זיין פון אויבן־באַשטימטע, ניט קיין געוויילטע (רעליגיעזע „גאַאו״־לייטערס, אויב מ׳זאָל נוצן היטלער׳ס טערמינאָלאָגיע), און באַשטימען דאַרף זיי דער וועלטלעכער הערשער, דער קעניג, דער אימפּעראַטאָר, דער „עלעקטאָר״, דער פּרינץ. ווי טאָטאַליטאַר לוטער׳ס דענקען איז געווען, קאָן מען זען פונם שטיק „ליבעראַ־ליזם״ וואָס ער האָט שפּעטער אַרויסגעוויזן: אַ געמיינדע האָט אַ רעכט ניט צו אָנערקענען דעם גלח, וואָס מ׳האָט פאַר איר באַשטימט, אָבער דענסטמאָל דאַרף זי אויסוואַנדערן אין אַן אַנדער שטאָט. אַזוי לאַנג די „אונ־טערטאַנען״ בלייבן לעבן אויף דער טעריטאָריע פון זייער פירשט, טאָר דעם הערשער׳ס ווילן ניט פאַרלעצט ווערן.

די פאַרהייליקונג פונם שטאָט, מ׳מעג זאָגן אַפילו זיין פאַרגעטערונג, איז אין דייטשלאַנד געווען לוטער׳ס אויפטו. דעם פירער־פּרינציפּ אַלס אַ קריסטאַליזירטע לערע (וועלכע די קאַטוילישע קירך, מיט איר גאַנצער דעג־ראַדאַציע, צו וועלכער זי האָט זיך אין יענעם דור אַראָפּגעקייקלט, האָט ניט געקאָנט אָננעמען, ווייל זי איז אויפגעבויט אויף אַן אוניווערסאַל־טעאָקראַטישן מיטאָס) האָט צום ערשטן מאָל אין דער דייטשער געשיכטע איינגעפירט לוטער׳ס רעפאָרמאַציע.

לוטער איז דערפאַר אין דער דייטשער געשיכטע ניט נאָר אַ רעליגיעזע, נאָר אויך אַ פּאָליטישע דערשיינונג, און זעלטן ווען אַ גרינדער פון אַ נייער

רעליגיע אָדער אַ אַן איבערטייטשער פון אַן אלטער רעליגיע האָט אַזוי פאַר־פלעקט זיין לעבן לדורי־דורות, ווי דאָס האָט געטאָן לוטער מיט זיין שטעלונג צו דער פויערים־רעוואָלוציע. ווען פויערים האָבן אים געפרעגט: „וואָס זאָלן מיר טאָן, ווען די שררות הערן ניט אויף אונז צו אונטערדריקן?“ — האָט ער ניט קיין סך געטראַכט און זיי געענטפערט: „ווען די הערשער זיינען שלעכט און אומגערעכט, הייסט עס ניט אַז מ'מעג קעגן זיי רעוואָלטירן; פאַר אייך זיינען אָפן דריי אַנדערע וועגן: איר דאַרפט זיך מתוודה זיין אויף אייערע זינד; איר דאַרפט מיט געבראָכענע הערצער בעטן גאָט, ער זאָל זיך פאַר אייך אָננעמען קעגן די הערשער וואָס אונטערדריקן אייך; און איר דאַרפט אייערע מיילער מאַכן פאַר אָרגאַנען פון קריסטוס' גייסט. אָט דאָס זיינען אייערע קריסטלעכע 'רעכט'“. מען טאָר דאָ ניט מאַכן קיין טעות. לוטער'ס עצה צו די פויערים האָט גאָרנישט ניט צו טאָן מיט קריסטלעכן פאַציפיזם, מיט דער אידייע פון ניט־באַקעמפן דאָס בייזע מיט בייזן אָדער געוואַלט מיט געוואַלט. ער איז ניט געווען קיין דייטשער גאַנדי, אָדער טאָלס־טאָי, אָדער קאַגאַווא, מיט אַ לערע פון גייסטיקן, אַנשטאָט פיזישן ווידער־שטאַנד. „פאַציפיזם“ האָט ער געפּרעדיקט בלויז צו איין צד — צו די אונטער־דריקטע, ניט צו די אונטערדריקער — צו די אומשולדיקע, ניט צו די שולדיקע. פאַר די פרינצן און די פריצים האָט ער קיין דירעקט מוסר־וואָרט ניט פאַרמאָגט. אין פאַרהעלטניסמעסיק רואיקע צייטן האָט ער זיך געקאָנט דערלויבן דעם לוקסוס צו באַהויפּטן, אַז אַ קלוגער פרינץ איז אַ "Rara Avis", אַ זעלטענער פויגל, און אַ פרומער פירשט — אַ נאָך גרעסערע זעלטנהייט, אָבער פונ־דעסטוועגן איז מען מחויב צו זיין געהאָרכזאַם צום ניט־קלוגן און ניט־פרומען הערשער, ווייל מאַכט טראָגט אין זיך אויך דעם עלעמענט פון רעכט. אָבער ווען עס איז געקומען צו אַ העפטיקן סאָציאַלן קאַמף און לוטער האָט פאַר די אונטערדריקטע פויערים געפּרעדיקט „וואַנגעלישע הכנעה“, האָט ער די הערשער גערופן ניט צו תשובה, ניט צו דער דערפילונג פון זייערע פליכטן צו די געקריוודעטע מיטמענטשן, נאָר צו אַ בלוטיקער שטראָף־עקספּעדיציע:

„באַהאַנדלט זיי, די בונטאָווטשיקעס, ווי משוגע'נע הינט. שמייסט זיי, די דאָזיקע מנוולים. דער וואָס וועט זיי דער ערשטער אָנכאַפּן ביים גאָרגל (דאָס הייסט אַפילו, ווען ער איז ניט דירעקט פּראָוואָצירט) טוט דאָס בעסטע. עס איז גוט און גערעכט, אַז אַלע זאָלן, ניט וואַרטנדיק אויף אַ קלאָרן באַפעל, אָנפאַלן אויף זיי“.

לוטער האָט פאַקטיש אַרויסגעלאָזן אַ רוף פאַר אַ מאַסן־פּאָגראָם אויף די רעוואָלוציאָנערע פויערים. ער האָט געגעבן די רעליגיעזע סאַנקציע פאַר דער גרויסער בלוטבאָד, אין וועלכער דער פויערים־אויפשטאַנד איז דערטרונקען געוואָרן. ער איז געווען אַ וויכטיקער פאַקטאָר אין אויסראָטן די יונגע, עקאָ־

נאַמישע און רעליגיעזע, דעמאָקראַטיע, וואָס האָט זיך טראַגיש געריסן צום לעבן פון די טיפענישן פון דייטשן פאָלק, צוריק מיט פיר יאָרהונדערטן. דעם גייסטיקן יסוד פאַרן טאָטאַליטאַרן שטאַט אין דייטשלאַנד האָט געלייגט לוטער, דער רעפאָרמאַטאָר און „באַפרייער פון קריסטלעכן געמיט". אויב די לעבן־געבליבענע פויערישע רעוואָלוציאָנערן האָבן אים נאָכדעם געשטעמפּעלט מיטן נאָמען „דאָקטאָר ליגנער" אַנשטאָט „דאָקטאָר לוטער" (האָבן זיי דאָך אין זייער תמימות פריער געגלויבט, אַז די רעפאָרמאַציע טראָגט מיט זיך אויך סאָציאַלע באַפרייאונג), און אויב דער טראַגישער העלד פון דער דייטשער דראַמע, טאָמאַס מינצער, האָט אים באַצייכנט אַלס דעם „שקלאַף פון די פּרינצן", האָבן זיי געוואוסט פאַרוואָס זיי טוען עס. די דייטשע געשיכטע איז אָבער שפּעטער — אמת, מיט געוויסע הפסקות און זיגזאַגן — געגאַנגען מער אויף לוטער'ס וועג, ווי אויפן וועג פון טאָמאַס מינצער. לוטער איז, אין מער ווי אין איין זין דער סימבאָל פון דייטשלאַנד'ס קללה, פון איר סאָציאַל־מאָראַלישן שלים־מזל.

און ס'איז אפשר נישטאָ וואָס זיך צו חידוש'ן, וואָס נאָך לוטערן איז אין דייטשלאַנד איבערגעבליבן בירושה אַן אייגנטימלעך־דייטשער סאָרט אַנטיסעמיטיזם. זיין שטעלונג צו אידן פאָדערט נאָך ביז היינטיקן טאָג אַ ספּעציעלע (און ווי איך בין געניגט צו גלויבן, אַ פּסיכאָאַנאַליטישע) אויספאָרשונג. ס'איז ניט אינגאַנצן דורכגעפאָרשט געוואָרן זיין איבערגאַנג פון אידן־טאָלעראַנץ צו אידן־האַס. אין די ערשטע פּאָר יאָר פון זיין קאַמף קעגן דער קאַטוילישער קירך, האָט ער באַקעמפט אויך איר טראַדיציאָנעלן אַנטיסעמיטיזם און די פאַרפאָלגונגען קעגן אידן, וואָס זיינען געווען אין משך פון יאָרהונדערטן כאַראַקטעריסטיש פאַר כמעט אַלע קאַטוילישע שטאַטן. האָט ער דאָך אויסגעשריען מיט גרויסן פּאַטאָס אין זיינעם אַ פּאַמפלעט „ישו איז געבאָרן געוואָרן אַ איד": „אונזערע טיפּשים און אייזלקעפּ, אונזערע גלחים, בישאָפן, סאָפיסטן און מאָנאַכן האָבן באַהאַנדלט די אידן אויף אַזאַ אופן, אַז ווען עמעצער האָט געוואָלט ווערן אַן אמת'ער קריסט, וואָלט פאַר אים גלייכער געווען, ער זאָל זיך מגייר זיין אויף אַ אידן". אָדער: „ווען איך וואָלט געווען אַ איד, און וואָלט געזען וואָס פאַר טומטומים און פלאָפלער עס פירן אָן און רעגירן איבער דער קריסטלעכער וועלט, וואָלט איך ליבער געוואָלט ווערן אַ חזיר איידער אַ קריסט. זיי האָבן באַהאַנדלט אידן ווי הינט, ניט ווי מענטשן, און האָבן ניט געוואָלט געדענקען אַז אידן זיינען נאָענטע קרובים, בלוט־ברידער פון אונזער דערלייזער. אויב מיר זאָלן זיך אָנהויבן באַרימען מיט סגולות פון שטאַם, דאַרף מען זיך דערמאָנען אַז קריסטוס געהערט מערער צו זיי ווי צו אונז. צו קיין שום אַנדער פאָלק האָט גאָט ניט אַרויסגעוויזן אַזויפיל לייטזעליקייט, ווי צו אידן, ווען ער האָט זיי אָנפאַרטרויט דאָס הייליקע וואָרט".

מיט אַ קורצער צייט שפּעטער האָבן מיר פון דעם זעלביקן מויל געהערט גאָר אַנדערע „ניגונים“. ישו׳ס בלוט־ברידער זיינען מיטאַמאָל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין „אַ שטאָם, וואָס איז פאַר אונז אַ לאַסט, אַ פּעסט און אַ קללה“. ער האָט זיך אַפילו ניט געפוילט אַרויסצוקומען מיט אַ קאָנקרעטער פּראָגראַם, ווי אַזוי צו באַהאַנדלען דאָס פאָלק, וואָס גאָט „האָט אים אָנפאַרטרויט דאָס הייליקע וואָרט“. זייערע בתי־מדרשים דאַרף מען פאַרברענען; אַלע זייערע העברייאישע ביכער — אַפילו דעם תנ״ך און סידורים — דאַרף מען פאַרניכטן; די געטאָס דאַרפן אָפּגעווישט ווערן פון דער ערד און זייערע איינוואוינער איז אַ מצווה צו צווינגען, זיי זאָלן לעבן ווי ציגיינער, אָן היימען און אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ; אידישן מסחר און ספּעציעל „די גיפטיקע פּראָפּעסיע פון אידישע דאָקטוירים“ דאַרף מען עוקר מן השורש זיין; מען טאָר זיי קיין שום באַשעפטיקונג ניט געבן, אַחוץ צוואַנגס־אַרבעט פון דעם נידעריקסטן טיפּ און אומווירדיקן כאַראַקטער.“ און איז דאָס אַלץ נאָך ווייניק, האָט ער נאָך געוואָלט שאַפן פאַר זיי אַ ספּעציעלע, פּראָטעסטאַנטישע אינקוויזיציע: „איך וואָלט זיי דראָען, אַז מען וועט ביי זיי אויסשניידן די צונגען פון זייערע העלזער, אויב זיי וועלן ניט אָננעמען דעם קריסטלעכן באַווייז (!), אַז גאָט איז דריי, און ניט איינס“.

גענוג. און לאָמיר ניט פרעגן צופיל פאַרוואָס און ווי אַזוי לוטער איז „מיט אַמאָל“ פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַנטיסעמיט, כמעט מיט אַלע שטריכן פון אַ מאָדערנעם נאַצי (אַחוץ זיין גרייטקייט צו באַקערן אידן צום קריסטנטום: אַ ירושה פון קאַטוילישן אוניווערסאַליזם...). עס איז אפשר גענוג צו נעמען אין באַטראַכט צוויי מאָמענטן.

ערשטנס האָט לוטער אין אָנפאַנג געגלויבט, אַז זיין קאַמף קעגן אַנטי־סעמיטיזם וועט באַוועגן דייטשע אידן אים אָנצונעמען אַלס לערער, אַז עס וועט זיך ביי זיי אָנפאַנגען אַ „נאַטירלעכער“ דראַנג צום קריסטנטום אין אַ „געריניקטן“ נוסח. ער האָט זיך שנעל איבערצייגט אין זיין טעות. אידן זיינען געבליבן די זעלביקע „עקשנים“ וואָס פריער. זיי האָבן אים אַנ־טוישט, אָפּגענאַרט, כמעט „פאַרראַטן“: אין אַ קריסטלעכן שטאַט, האָט לוטער געוואָלט גלויבן, דאַרפן אַלע אונטערטאַנען זיין קריסטן; אידן, הייסט עס, זיינען מורדים במלכות דערמיט וואָס זיי פאַרבלייבן אידן. און אַ מורד־במלכות איז אין לוטער׳ס אויגן געווען דאָס זעלביקע, אויב ניט ערגער, ווי אַ כופר־בעיקר.

און צווייטנס — וואָס ס׳איז אפשר נאָך וויכטיקער — אין יענע סעקטאַנ־טיש־רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען, וועלכע ער האָט מיט אַזויפיל סאַדיסטישן פאַנאַטיזם באַקעמפט, האָט ער דערזען בולטע סימנים פון אידישקייט, פון אַלט־טעסטאַמענטלעכקייט, פון אַ „געפעלשטן קריסטנטום“. דער גלויבן פון

די פאָלקסטימלעכע סעקטאַנטן, אַז גאָט׳ס געזעץ איז העכער פון אַלע געזעצן, וואָס בשר־ודמ׳ס האָבן איינגעפירט; זייער ליידנשאַפטלעך שטרעבן צו באַ־פרייען די געזעלשאַפט, דעם שטאַט, פון זינד און הייליקן דאָס לעבן ניט נאָר מיט „אמונה״, נאָר אויך, און דער עיקר, מיט „מעשים טובים״; זייער חלום פון מענטשלעכער גלייכקייט און פון אַ רעליגיעז לעבן וואָס איז אויפ־געבויט ניט אויף אויסערלעכער אויטאָריטעט; זייער אַנטי־טאָטאַליטאַרישקייט און דאָס ניט וועלן אָנערקענען דעם עקזיסטירנדיקן שטאַט אַלס דעם העכסטן מקור פון פליכט און סאַנקציע, און זייער ברענענדיקע איבערצייגונג, אַז ס׳איז גאָט׳ס געבאָט אַקטיוו צו באַקעמפן אומגערעכטיקייט און אונטערדריקונג — דאָס אַלץ איז פאַר אים געווען אין שרייענדיקער סתירה צו דער קריסטלעכער פּאַסיוויטעט, צו וועלכער ער האָט גערופן אַלע דערנידעריקטע און באַליי־דיקטע. דער „אידישער גייסט״ אין דייטשטום דאַרף באַקעמפט ווערן. אידן, סתם־אידן, זיינען, צי זיי ווילן, צי זיי ווילן ניט, טרעגער פון יענער רעבע־לירנדיקער דעמאָקראַטיע וואָס וויל זיך דורכזעצן דורך דעם פויערים־אויפ־שטאַנד. דאָס איז פאַר לוטער׳ן געווען גענוג.

היטלער איז אַ "Luther Redivivus", לוטער אין אַ נייעם גילגול. איך געדענק שוין ניט דעם נאָמען פון יענעם נאַצי, וואָס האָט דאָס געזאָגט נאָך אין 1933. ס׳איז ניט לייכט צו באַווייזן, אַז ער איז געווען אומגערעכט...

1946

# ווילי‫אַ‬ם טעמפּל — אַ קריסטלעכער בעל־הלכה

אויב עמעצער אין ענגלאַנד האָט אין אונזערע טעג פאַרדינט דעם טיטול „אחד מחסידי אומות העולם", איז דאָס, אָן ספק, געווען ווילי‫אַ‬ם טעמפּל, דער ערצבישאָף פון קענטערבורי.

אידן, ניט נאָר ענגלישע, האָבן זייער באַזונדערע סיבה צו טרויערן אויף זיין טויט. זייער ווייניק ענגלענדער האָבן מיט אַזוי פיל עכטן פּאַטאָס, מיט אַזאַ ברענענדיקער איבערצייגונג און געפיל פון שולד, פאַרטיידיקט אידישע אינטערעסן און אידישן כבוד, ווי דאָס האָט געטאָן „דער פּרינץ פון דער ענגלישער קירך". זיין אויפטרעטן אַלס מוכיח קעגן די מעכטיקע מלוכות און, פאַר אַלעמען, קעגן דער פּאַסיוויטעט פון זיין אייגענער רעגירונג, ווען עס זיינען דערגאַנגען צו אים די ערשטע ידיעות וועגן היטלער'ס פאַרניכטונגס־עקספּעדיציעס אויף אייראָפּעאישע אידן, וועט אויף לאַנגע יאָרן בלייבן אפשר דער וויכטיקסטער דאָקומענט, אין וועלכן ענגליש געוויסן איז געקומען צום אויסדרוק. ער האָט אויך ניט געשפּאָרט קיין שאַרפע ווערטער ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן ענגלאַנד'ס זינד בנוגע ארץ־ישראל, וועגן דער אומפאַר־געבלעכער עוולה פון פאַרמאַכן פאַר אידן די טויערן פון זייער היימלאַנד. ניט שטענדיק האָט זיין שטראָפנדיק וואָרט פּראַקטיש געווירקט אויף די האַנד־לונגען פון דער רעגירונג. אין ברייטע קרייזן פון דער ענגלישער געזעלשאַפט איז אָבער שטענדיק נאָך זיינער אַ שטראָף־רעדע אין לאָרדן־הויז געבליבן אַ נאָגנדיקער געפיל פון מאָראַלישער פּחדנות, פון עבודה־זרה צו באַקוועמ־לעכקייט און צייטווייליקער צוועקמעסיקייט — פון זינד.

ניט אומזיסט האָט ער אַרויסגערופן צו זיך אַזוי פיל האַס אין די פאַשיס־טישע לענדער. ער איז געווען איינער פון די גאָר ערשטע ענגלענדער וואָס האָבן געפאָדערט ענערגישע האַנדלונג קעגן מלחמה־אַגרעסאָרן. אין 1935 (ווען ער האָט נאָך פאַרנומען דעם ווייניקער הויכן פּאָסטן פונם ערצבישאָף פון יאָרק) האָט ער ניט געקאָנט שלום מאַכן מיט דעם פאַרברעכערישן לייכטזין, וואָס ענגלאַנד האָט אַרויסגעוויזן צו איטאַליע'ס אָנפאַל אויף עטיאָפּיע. ער האָט אָנגערופן די זאַך מיט איר פּשוט'ן נאָמען: גזלה און רציחה אין מיטן העלן טאָג. „מצד ענגלאַנד, מצד אַלע פעלקער וואָס גייען אַריין אין פעלקער־בונד, אָנצואווענדן מאַכט קעגן אַן אַגרעסיווער מלוכה איז ניט דאָס זעלביקע וואָס אָנפאַנגען אַ מלחמה; דאָס איז פּונקט אַזוי ווייניק מלחמה, ווי ווען דער פּאָליציסט באַנוצט זיך מיט זיין געווער קעגן אַ באַנדע גענגסטערס וואָס וויל פאַרכאַפּן אַ גאַס אין אונזערער אַ שטאָט". ער האָט שטרענג געוואָרנט

טשעימבערלענען קעגן זיינע אילוזיעס פון 1938, ווען יענער האָט זיך געוואָלט איינרעדן, אַז דורך נאָכגעבן היטלערן אַ טייל פון זיינע אַפּעטיטן, וועט אים געלינגען צו שאַפן אַ סטאַבילן שלום פאַר אייראָפּע. דאָס, וואָס דער פעלקער־בונד האָט קאַפּיטולירט, פּשוט ניט דערפילט זיין שליחות, סיי בשעת יאַפּאַן איז אַנגעפאַלן אויף כינע, סיי ווען איטאַליע האָט פאַרכאַפּט עטיאָפּיע, און באַזונדערס ווען היטלער האָט „אויף אַ פרידלעכן אופן" פאַרניכטעט די זעלבסטשטענדיקייט פון טשעכאָסלאָוואַקיע — איז פאַר אים געווען אַ דער־שיטערנדיקער אַנזאָג פון אומקום אויס פחדנות, און ער האָט ענגלענדער שטרענג געוואָרנט קעגן די פּועל־יוצא׳ס פון זייער מאָראַלישער גלייכגילטיקייט.

אַ גרויסן פריינט האָט אין דעם ערציבישאָף פאַרלוירן אויך די אַרבעטער־באַוועגונג. די דערקלערונג (אין 1942) אַז ענגלאַנד׳ס אומגליק איז דאָס וואָס זי איז „אַ לאַנד פון צוויי נאַציעס, פון אַ רייכער און אַן אָרעמער", איז ניט געווען קיין עפּיזאָד אין זיין לעבן. ניט צופעליק איז ער אין משך פון גאַנצע זעכצן יאָר געווען דער פּרעזידענט פון דער אַרבעטער־געזעלשאַפט פאַר ביל־דונג און דערציאונג, און ווען ער איז אַריינגעקומען אין לאָרדן־הויז האָט ער זיך גלייך אָנגעשלאָסן אָן דער פראַקציע פון דער אַרבעטער־פּאַרטיי. די קאָנסערוואַטיווע קרייזן אין ענגלאַנד זיינען געווען ניט ווייניק שאָקירט, וואָס ווען מ׳האָט אים צוריק מיט יאָרן „געקרוינט" פאַר ערצבישאָף פון יאָרק, האָט ער דעם גרעסטן טייל פון זיין דרשה געווידמעט דער פליכט וואָס שנעלער אָפּצושאַפן די „סלאַמס" אין די אַרבעטער־געגנטן און איינצו־פירן פאַר יעדן גלייכע געלעגנהייטן פאַר בילדונג און דערציאונג. עס איז אַ גרויסער קאָמפּלימענט פאַר ענגלאַנד, וואָס זיינע אויסגעשפּראָכן־ליבעראַלע און פּראָ־סאָציאַליסטישע נייגונגען האָבן אים ניט געשטערט, יאָרן שפּעטער, צו באַשטייגן דעם טראָן פון דעם העכסטן ווירדנטרעגער אין דער אַנגלי־קאַנישער קירך, ווערן דער ערצבישאָף פון קענטערבערי...

***

איז וויליאַם טעמפּל געווען אויך אַ באַדייטנדיקער, אָריגינעלער, טעאָלאָג? זאָלן אויף דעם ענטפערן פּראָפעסיאָנעלע טעאָלאָגן — און ניט קיין אידישע. אין זינען פון לומדות האָט ער זיך אפשר ניט געקאָנט פאַרמעסטן מיט בישאָף גאָר; אין קראַפט פון אויסדרוק און אין אייגנאַרטיקער ליטעראַרישער עלעגאַנץ קאָן ער זיך, גלויב איך, ניט פאַרגלייכן מיט דין אינדזש. זיין באַדייטונג פאַר ענגלאַנד איז אָבער אַ צאָל יאָרן געלעגן ניט אויפן שטח פון ליטעראַטור אָדער טעאָלאָגישן שאַרפזין. זיין ביישטייער איז געווען הויפּט־זעכלעך אַ סאָציאַלער — דער ערנסטער פאַרזוך אָנצואווענדן די הויפּט־

פרינציפּן פון קריסטנטום, ווי ער האָט זיי פאַרשטאַנען, אויף דער ספערע פון „בין אדם לחברו" און אין די באַציאונגען צווישן בירגער און שטאַט. אויב קריסטנטום אַנטהאַלט אין זיך אַן אמת, דעם אייביקן און אוניווערסאַלן אמת, ווי זיינע אָנהענגער ווילן גלויבן, מוז זיך זיין אינהאַלט מאַניפעסטירן אויך אין דער געשיכטע; עס קאָן ניט זיין איין אמת פאַר חיי־עולם און אַ צווייטער, גלייכבאַרעכטיקטער, אמת, פאַר חיי־שעה. רעליגיע איז לערע, אָבער ניט סתם אינטעלעקטועלע לערע, וואָס אַז מ'איז זי בלויז תופס איז מען שוין קעגן איר יוצא. דאָס איז אַ לערע וואָס אַפּעלירט ניט בלויז צו אונזער פאַרשטאַנד, ווי דאָס טוט מאַטעמאַטיק אָדער נאַטור־וויסנשאַפט (אויך דער אופן, אויף וועלכן זי אַפּעלירט צו אונזער פאַרשטאַנד, איז פון אַ ספּעציפישן כאַראַקטער), נאָר אין דער זעלביקער צייט, אַ סך מערער, צו אונזער פאַנטאַזיע און ווילן — און ווילן איז אונז געגעבן געוואָרן אַז ער זאָל, לכל־הפחות, זוכן זיך צו פאַרווירקלעכן אין רעאַלן לעבן. די דאָזיקע פאַר זאַצן שעפּן אויס, מעג מען זאָגן, וויליאַם טעמפּל'ס גאַנצע „פילאָסאָפיע". איז דאָס ניי? אַלט ווי די וועלט, אַלט יעדנפאַלס ווי רעליגיע גופא. איז עס דען ניט באַנאַל? זיכער: „באַנאַל" ווי אַלע גרויסע אמת'ן, וואָס מ'דאַרף פאַרמאָגן אַ סך אייגענע, אָריגינעלע קראַפט, כדי צו זוכן און געפינען אַ וועג זיי פּראַקטיש דורכצוזעצן. דעם עלעמענט פון אַזאַ קראַפט האָט טעמפּל פאַרמאָגט, און פון דעם האָט זיך אייגנטלעך גענומען זיין גייסטיקער שיעור־קומה.

זיין וועג איז גאָר ניט געווען אַזאַ לייכטער און גלאַטער, ווי עס קאָן זיך אויסווייזן פון אויבן־אויף. זיינע „באַנאַלע" אמת'ן האָבן זיך אָנגעשטויסן אויף פעלזן־ווענט פון אַלטע טעאָלאָגישע בנינים. גרעסערע אויטאָריטעטן פון אים האָבן באַהויפּטעט און „באַוויזן" אַז קריסטנטום איז ניט אַ נייע הלכה, וואָס איז געקומען צו פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון דער אַלטער אידישער הלכה, ניט קיין תורת־חיים אין סאָציאַל־היסטאָרישן זין פון וואָרט; אַז „גאָט'ס קעניג־רייך" איז ניט עפּעס וואָס קאָן און דאַרף אויפגעבויט ווערן אַלס אַ סאָציאַלער בנין; אַז דאָס איז בלויז אַ אינעווייניקסטער צושטאַנד פונם יחיד, אין דער ספערע פון „בין אדם למקום", און אַז די קירך דאַרף זיך ניט מישן אין וועלט־לעכע סתירות און קאָנפליקטן. האָט דען ישו אַליין ניט געזאָגט, „גיב דעם קיסר וואָס דעם קיסר קומט און גיב גאָט וואָס גאָט קומט"? איז ער דען ניט געווען נייטראַל ווען אַ מענטש פון פאָלק האָט זיך צו אים געווענדט מיט אַ בקשה: „זאָג מיין ברודער, אַז ער זאָל מיר צוטיילן דעם חלק ירושה וואָס ס'קומט מיר"? און האָט ער אים דען ניט געענטפערט: „ווער האָט מיך אָוועקגעשטעלט איבער אייך פאַר אַ שופט און פאַר אַ צעטיילער?" און האָט דען שפּעטער פּוילוס ניט געלערנט זיינע נאָכפאָלגער אַז זיי זאָלן רעס־פּעקטירן מלכות, ווייל יעדע מלכות איז פון גאָט, אַז זיי זאָלן תפילה טאָן

פֿאַרן געזונט פֿון די רוימישע אימפּעראַטאָרן און צאָלן זייערע שטייערן? האָט דען פּוילוס ווען עס איז געפּאָדערט אַפֿילו די אָפּשאַפֿונג פֿון שקלאַפֿעריי? וואָס איז קריסטנטום — בלויז אַן אמונה וואָס פֿאַרזיכערט דעם גלויבנדיקן זיינע ש״י עולמות אין דער אייביקייט אָדער אויך אַ הלכה למעשה, אויך אַ לערע וואָס דאַרף ענדערן דאָס פּנים פֿון דער וועלט? אָט אויף דער פֿראַגע האָט טעמפּל נאָך צוריק מיט יאָרן זיך אַליין געדאַרפֿט געבן אַ תשובה. איינִיקע פֿון זיינע לערער האָבן זיך באַקוועם געמאַכט און געפּרעדיקט דעם... אומענדלעכן מאָראַטאָריום. „גאָט׳ס קעניגרייך״ דאַרף טאַקע אויף אַ באַשטימטן אופֿן זיך מאַניפֿעסטירן אין קאָנקרעטע מענטשלעכע באַציאונגען, אָבער וואָס איז די איילעניש? דאָס קעניגרייך וועט קומען ווען די וועלט וועט פֿאַר אים רייף ווערן, און מ׳טאָר ניט דוחק זיין דעם „קץ״. האָט דאָך נאָך אויגוסטינוס געזאָגט: “Deus patiens quia aeternus” (גאָט קאָן וואַרטן, ער פֿאַרמאָגט דאָך די אייביקייט). און פֿון אַנדערע האָט ער געהערט, אַז די „פֿריילעכע בשורה״ איז געבראַכט געוואָרן דעם פּרט, ניט דעם כּלל, און פֿאַרן פּרט עקזיסטירט בלויז די פּליכט פֿון אהבת־הבורא, אָן געזעצן, אָן אַ באַשטימטן שולחן ערוך פֿאַר איינצעלנע סאָציאַלע פֿאַלן אָדער סיטואַציעס — אָט ווי דער זעלביקער אויגוסטינוס זאָל האָבן אַמאָל געלערנט: „האָב ליב גאָט און טו וואָס דיר ווילט זיך״. און וויפֿיל מאָל האָט מען אים ציטירט קלאַרענדאָן דעם היסטאָריקער, מיט זיין באַהויפּטונג, אַז אין די גרויסע קריזיסן וואָס ענגלאַנד האָט דורכגעלעבט זיינען צווישן געבילדעטן עולם די גייסטלעכע געווען אַמווייניקסטן פֿייאיק צו אורטיילן וועגן פּאָליטישע ענינים, און — נאָך מער — אַז דאָס איז פֿאַר זיי ניט קיין באַליידיקונג, ווייל עס איז נאַטירלעך אַז זיי זאָלן זיין ווייניקער באַהאַוונט אין הוויות־העולם, פּונקט ווי עס איז נאַטירלעך אַז אַרמיי־אָפֿיצירן זאָלן זיין לאָ־יוצלח׳דיקע פֿאַרמערס? פֿון מער ווי איין זייט האָט ער יאָרנלאַנג געהערט אַז בלויז רעוואָלוציאָנערע סעקטאַנטן, אָפּנויגער אָדער „אַפּיקורסים״ ווילן אָפּווישן די מחיצות צווישן רעליגיע און פּאָליטיק, אָבער די קירך דאַרף געדענקען איר „יענזייטיקע אויפֿגאַבע״ און אין פּאָליטיק זיך אינגאַנצן ניט מישן.

אָבער אויף טעמפּל׳ן האָבן די אַלע טעאָריעס קיין רושם ניט געמאַכט. ער האָט ווי אָפּגעמאַכט מיט זיך, אַז אויב זיין אַ גייסטלעכער הייסט זיין אַ פֿאַכמאַן, אַ פּראָפֿעסיאָנעלער „ספּעציאַליסט״ אין אַ באַשטימטער, שאַרף אָפּגעגרענעצטער ספֿערע פֿון לעבן, און אַז אַלס אַזעלכער טאָר ער זיך אין אַנדערע ספֿערן ניט מישן, קאָן דאָס ניט זיין זיין לעבנס־„קאַריערע״. אויב רעליגיע נעמט ניט אַרום די טאָטאַליטעט פֿון לעבן, קאָן זי איר שליחות ניט דערפֿילן — עס איז ניט וויכטיק צי ער האָט ווען עס איז אַזאַ פֿראַזע גענוצט אָדער ניט. פֿאַקטיש איז דאָס געווען די אידייע וואָס האָט אין אים געלעבט.

און מיטן כוח פון אַט דער איבערצייגונג האָט ער זיך, אַזוי צו זאָגן, געשריבן זיין אייגענעם פירוש צו די צוויי טעסטאַמענטן און צו דער קריסט־לעכער טראַדיציע. וואו פּוילוס איז אים געווען אומבאַקוועם, האָט ער אים איגנאָרירט אָדער פאַרשוויגן — סוף־כל־סוף איז דאָך דער אַפּאָסטאָל צו די געצנדינער געווען ניט מער ווי אַ טעאָלאָג, און ניט אַלץ וואָס ער האָט געזאָגט איז געקומען „מפי הגבורה". אָבער ישו גופא? דאַרף מען אַנדערש לייענען וואָס ער האָט געזאָגט, דאַרף מען עס פאַרשטיין אין גייסט פון זיין פּערזענלעכקייט, ניט אַרויסרייסן עס פונם אַלגעמיינעם קאָנטעקסט פון זיין לערע, פונם ריטם פון זיין דענקען און פילן. אויב ישו האָט ניט געוואָלט זיין קיין שופט איבער צוויי ברידער ווען ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ ירושה, איז דאָס כלל ניט קיין באַווייז, אַז ער איז געווען „פּאָליטיש נייטראַל" אין דעם אַנגענומענעם זין פון וואָרט, אָדער גאָר גלייכגילטיק; אַז אים האָט ניט געאַרט אויב איין ברודער וועט באַ'עוולה'ן דעם צווייטן. אים איז גאָר „ניט אָנגעשטאַנען" צו זיין אַ בורר אין אַ געלט־סכסוך און ער האָט געהאַלטן אַז זיי, די צוויי ברידער, דאַרף אויך ניט „אָנשטיין" זיך לכתחילה אַריינצולאָזן אין אַזאַ מחלוקת. ער האָט ביידע ברידער געוואָלט דערהויבן צו זיין מדרגה, צו דער הויך פון זיין „הומאָר", פון זיין „ביטול"־באַציאונג צו אייגנטום־פראַגן בכלל: „זעט, היט אייך (ביידע) אָפּ פון געלט־גיריקייט, ווייל דעם מענטשנס לעבן הענגט ניט אָפּ פון אָנזאַמלען אַ סך קנינים" (לוקאַס XII, 14). ווער עס היט אָפּ דעם „לא תחמוד", קאָן גאָר פאַר קיין נסיון ניט געשטעלט ווערן ביים פונאַנדערטיילן אַ ירושה. עס איז אָבער אַ גראָבער פעלער צו דענקען, אַז ווייל ישו איז געווען גרייט צו פּרעדיקן אין אינדיווי־דועלע פאַלן זיין „הייליקן ציניזם" אין באַציאונג צו וועלטלעכע גיטער, איז ער געווען גלייכגילטיק אָדער „נייטראַל" צו סאָציאַלער אונטערדריקונג, צו אָרעמקייט און עקספּלואַטאַציע.

די אַנגליקאַנישע קירך איז, אין געוויסע פּרטים, מער קאַטוילישע ווי פּראָטעסטאַנטיש, און וויליאַם טעמפּל האָט ניט איינמאָל געזוכט שטיצע פאַר זיין אויפפאַסונג פון קריסטנטום ביי אַלטע קאַטוילישע אויטאָריטעטן. מיט אַ באַזונדערן פאַרגעניגן פלעגט ער, למשל, ציטירן טאָמאַס אַקווינאַ'ס „היתר אויף גנבה": אויב איינער גנב'עט מחמת אמת'ער נויט, איז דאָס ניט קיין חטא, „עס איז געזעצלעך פאַר אַ מאַן צו באַפרידיקן זיין אייגענע באַ־דערפעניש מיט יענעמ'ס אייגנטום, דורך נעמען עס פאַר זיך אָדער אָפן אָדער אין געהיים, ווייל, שטרענג גערעדט, איז דאָס ניט קיין גנבה און ניט קיין גזלה". די קאַלוויניסטישע רעפאָרמער האָט, ווי ס'איז באַקאַנט, אַזאַ צוגאַנג אומגעהייער אויפגערעגט — איז דאָס דען ניט אַ רוף צו פאַרלעצן די עשרת הדיברות? דער „לא תגנוב" איז פאַר פּוריטאַנער געווען אַן אַבסאָלוטער

געבאָט, וואָס דערלאָזט ניט קיין שום אויסנאַמען. די אַכטע דיברה, פלעגן פּוריטאַנער טענה'ן, איז אַ דירעקטער באַווייז אַז פּריוואַט־אייגנטום איז אומ־באַרירבאַר, שטיצט זיך אויף אַ געטלעכער סאַנקציע, אָבער וויליאַם טעמפּל האָט זיך געלאָזט בעסער איבערצייגן פונם הייליקן אַמבראָז און פון גראַציאַן, אַז פּריוואַט־אייגנטום איז נישט קיין קדושה, נאָר גיכער אַ לעגיטימע פּשרה מיטן מענטשנס זינדיקן צושטאַנד, אָדער עס איז, אין די ווערטער פון טאָמאַס אַקווינאַ'ס, „אַ רעכט צו אַדמיניסטרירן און פונאַנדערטיילן, אָבער ניט אַ רעכט צו האַלטן עס אויסשליסלעך פאַר אייגענער הנאה". די פּראָטעסטאַנטישע רעפאָרמאַציע האָט כמעט אין אַלע לענדער גע'כשר'ט דעם יונגן קאַפּיטאַליזם, צוגעגרייט די אידעאָלאָגישע באַזע פאַר זיין עקזיסטענץ און עקספּאַנסיע, גע־פונען אַ היתר אויך פאַר דעם מאָדערנעם וואוכערניק, דעם באַנקיר. אין דעם, ווי אויך אין צוגעבן דעם שטאַט דעם שיין און די סאַנקציע פון הייליקייט (גלייך ווי דער מענטש איז באַשאַפן געוואָרן פאַרן שטאַט, און ניט דער שטאַט פאַרן מענטשן), איז באַשטאַנען איר גרויסער חטא, צו וועלכן דער מיטלאַלטערלעכער קאַטוליציזם מיט אַלע זיינע חסרונות און אכזריות'ן האָט זיך קיינמאָל ניט אַראָפּגעלאָזן. טעמפּל איז דערפאַר געווען גרייט גיכער זיך צו לערנען פון די סכאָלאַסטיקער, פאַר וועלכע עס איז געווען קלאָר, אַז „ווער עס פאַרמאָגט געגנוג צו באַפרידיקן זיינע באַדערפענישן און פונ־דעסטוועגן הערט ער ניט אויף זיך צו באַמיען אַריינצוקריגן מער רייכטום, צי כדי צו דערגרייכן אַ העכערע סאָציאַלע פּאָזיציע, צי כדי ער זאָל שפּעטער קאָנען לעבן אָן טאָן אָן אַרבעט, צי כדי זיינע זין זאָלן ווערן מענער פון עשירות און חשיבות, ווערט געטריבן און געררייצט פון פאַרשאָלטענעם גייץ, פון נידעריקער תאווה און גאווה".

פּראַגמאַטיש איז לחלוטין ניט וויכטיק צו פּסק'ענען, ווער עס איז היסטאָריש־טעאָלאָגיש גערעכט — צי וויליאַם טעמפּל און אַזעלכע ווי ער, אָדער די קריסטלעכע אַדוואָקאַטן פון סאָציאַלער גלייכגילטיקייט און נייטראַ־ליטעט. די רייכע קריסטלעכע טראַדיציע (און ליטעראַטור) איז פול מיט ווידערשפּרוכן, און יעדער קאָן פון איר אַרויסנעמען דאָס, וואָס האַרמאָנירט מיט זיין געוויסן, מיט זיין אוממיטלבאַרן רעליגיעזן דערלעבעניש. אויב „עכט" קריסטנטום זאָל באַשטיין אין אַ מין „מן־הצד"־שטעלונג צו מענטשלעכע ליידן, צו אונטערדריקונג, צו סאָציאַלע קאָנפליקטן און ראַנגלענישן, וואָלט טעמפּל געמוזט ביי זיך פּועל'ן אַז ער איז ניט קיין קריסט. ער איז געבליבן אַ קריסטלעכער גייסטלעכער און פאַרנומען דעם אויבן־אָן אין אַ גרויסער קירך — וויל ער איז מיט זיך געווען זיכער, אַז קריסטנטום פאָדערט אין יעדער עפּאָכע „הלכה", קאָנקרעטע מצוות מעשיות, אויפן שטח פון סאָציאַל־פּאָליטישע און עקאָנאָמישע באַציאונגען, און אַז אין אונזער דור איז די קאַפּי־

טאַליסטישע אָרדענונג, ווי זי שטייט און גייט, אַן אומפאַרציילעכע פאַרלעצונג פונם קריסטלעכן פּרינציפּ.

***

דאָס הייסט ניט, אַז טעמפּל האָט געזען די מעגלעכקייט ווען עס איז איינצופירן אין תחום פון מענטשלעכער געשיכטע אַן עולם שכולו טוב, אַן אַבסאָלוט־האַרמאָנישע געזעלשאַפט. ווי יעדער אָרטאָדאָקסישער קריסט, האָט ער געגלויבט — אויף זיין אופן — אין חטא הקדמון, אין דער אורזינדיקייט פונם מענטשלעכן מין און פון יעדן מענטשלעכן פּרט באַזונדער. אַ „מלכות שמים" אויף דער וועלט איז אויך פאַר אים געווען אַן אוטאָפּישער אידעאַל: יעדער מענטש איז עגאָ־צענטריש און ער וועט זיך פון זיין עגאָ־צענטריזם פולשטענדיק קיינמאָל ניט קאָנען אויסקורירן. דאָס האָט אים אָבער קיינמאָל ניט געטריבן צו עקסטרעמען פּעסימיזם אָדער מאָראַלישן פאַטאַליזם. ער האָט געוואוסט, אַז צוזאַמען מיט זיין אומפאַרמיידלעכן עגאָ־צענטריזם פאַר־מאָגט דער מענטש אין זיך אַ דינאַמישן כוח, וואָס פירט אים אין גאָר אַן אַנדער ריכטונג, אין דער ריכטונג פון אידענטיפיקאַציע מיט אַנדערע ברואים, פון סימפּאַטיע, קאָאָפּעראַציע, ליבע. יענעם דינאַמישן כוח צו קולטיווירן איז די אויפגאַבע פון רעליגיע, און כאָטש מיר זיינען פאַראורטיילט קיינמאָל צום „אידעאַלן ברעג" ניט צוצוקומען, איז אָבער מעגלעך אַ פּראָצעס פון באַ־וועגן זיך און צו אים דערנענטערן. ער איז אין דעם פּרט ניט געווען ווייט פון גאַנדי'ס לאָגיק: אַבסאָלוטע הייליקייט, פולשטענדיקע מאָראָ־לישע האַרמאָניע איז דאָס זעלבע וואָס אַ געאָמעטרישע ליניע. קיינער האָט נאָך אַזאַ ליניע ניט געזען; זי איז בלויז אַן אידעאַלע, און יעדע ליניע וואָס מיר פירן דורך מיט אונזער בליישטיפט אויף פּאַפּיר האָט שוין ניט נאָר לענג, נאָר אויך אַ געוויסע ברייט און דערמיט אַליין איז זי שוין אַ פיזישע ליניע. די געאָמעטרישע ליניע האָט אָבער אַ רעגולאַטיוון ווערט און אַזאַ ווערט האָט אויך דער אידעאַל פון מאָראַלישער האַרמאָניע: אַדאַנק אים ווייסן מיר די ריכטונג, אין וועלכער מיר דאַרפן זיך באַוועגן. פאַרשלאָגן וואָס ער האָט געמאַכט (וועגן אַן אַגראַר־רעפאָרם, וועגן צוויי רו־טעג אַ וואָך פאַר אַלע אַרבעטער, וועגן באַזאָרגן די מאַסן מיט געראַמע און היגיענישע וואוינונגען דורך מלוכה־סובסידיעס, וועגן באַצאָלטע וואַקאַציעס, וועגן דער אָפּשאַפונג פון קינדער־אַרבעט און ברייטע מעגלעכקייטן פאַר אַלגעמיינער און פּראָפעסיאָנעלער בילדונג, וועגן נאַרהאַפטיקע און אומזיסטע מאָלצייטן אין אַלע ענגלישע פאָלקסשולן, וועגן נאַציאָנאַלן קאָנטראָל איבער דער קרעדיט־סיסטעם אאַז"וו) דאַרפן פאַרשטאַנען ווערן אין ליכט פון אַזאַ באַוועגונג אין דער ריכטונג צו אַן אומדערגרייכבאַרן אידעאַל. ניט פאַנטאַסטישער אָפּטימיזם,

ניט ציניִשער פּעסימיזם און ניט דעם עקסטרעם־איינזייטיקן מיסטיקער׳ס גלייכגילטיקייט צום סאָציאַלן און היסטאָרישן — בלויז פליכט, ברענענדיקע פליכט, אין יעדן דור צו מאַכן דאָס לעבן בעסער, שענער, ווירדיקער און אַזוי נאָענט צום אומדערגרייכבאַרן אידעאַל, ווי נאָר מעגלעך.

איז ער געווען אַ סאָציאַליסט? איך ווייס ניט, צי ער האָט זיך ווען עס איז אַזוי באַצייכנט. אָבער וואָס איז דען דער אונטערשייד? אויב סאָציאַליזם זאָל הייסן דאָס שטרעבן, צי דורך אַ רעוואָלוציע צי דורך אַ צאָל בהדרגה׳דיקע רעפאָרמען, אין אַ באַשטימטן צייטפּונקט פון דער געשיכטע צו האָבן געלייזט אַלע פּראָבלעמען, האָבן געבראַכט גליק און האַרמאָניע דעם מענטשלעכן מין בכלל און יעדן מענטשלעכן פּרט באַזונדער — אַ מין ענדגילטיקער צושטאַנד פון משיח׳ישער פאַרווירקלעכונג — איז ער זיכער קיין סאָציאַליסט ניט געווען. אויב אָבער סאָציאַליזם איז אַ פּראָטעסט קעגן קאַפּיטאַליסטישער צעשטויבונג פון דער געזעלשאַפט, קעגן דער אַנטווערטונג פונם מענטשן, קעגן דעם וואָס אַ לאַנד באַשטייט נאָך אַלץ אין אונזערע צייטן „פון צוויי נאַציעס, איינע אַ רייכע און איינע אַן אָרעמע״, האָט ענגלאַנד אינם ערצבישאָף פון קענטערבורי פאַרלוירן אַ טיף איבערצייגטן, קעמפנדיקן סאָציאַליסט.

1944

# קריסטלעכער גלויבן און „קריסטלעכע ציוויליזאַציע״

אין אַ סימפּאָזיום וועגן דער נעגער־פּראָגע אין אַמעריקע גיט קלעיר לוס איר גוטע עצה די נעגער, ניט צו דערוואַרטן די ישועה פון קאָמוניזם. אין גרונט, גלויבט זי, אַז פון אַ ברייטערן פּסיכאָלאָגישן שטאַנדפּונקט איז גאָר ניט פאַראַן קיין אונטערשייד צווישן קאָמוניזם און קאַפּיטאַליזם:ביידע זיינען זיי מאַטעריאַליסטיש, שטיצן זיך אויפן חומר, אויף נאַקעטער מאַכט, און ביידע זיינען זיי אָפּגעריסן און אָפּגעפרעמדט פון די טיפערע וואָרצלען פון דעם וועלט־וועזן. די גאולה פאַר נעגער קאָן קומען בלויז פון רעליגיע, פון קריסטנטום, און כאָטש מאַדאַם לוס זאָגט עס ניט בפירוש, איז קלאָר אַז זי מיינט דאָ אַ באַשטימטן סאָרט קריסטנטום, יענעם סאָרט צו וועלכן זי איז, נאָך אַ נשמה־קריזיס, צוריק מיט עטלעכע יאָר באַקערט געוואָרן: קאַטאָליציזם.

וועל איך זיך דאָ ניט אָננעמען די קריוודע פון קאָמוניזם. אויב קאָמוניזם, ווי איך גלויב, איז ניט גוט פאַר ווייסע, קאָן ער ניט זיין קיין רפואה אויך פאַר קאָלירטע. איך בין זיכער, אַז אַ קאָמוניסטישער רעזשים אין אַמעריקע וואָלט די נעגער געגעבן אַבסאָלוטע גלייכקייט, אָבער דאָס איז פון יענע ישועות נאָך וועלכע אַ נאָרמאַלער מענטש לעכצט ניט: די גלייכקייט פון אַרעסטאַנטן אין אַ תפיסה. אָבער פאַרוואָס זאָלן זיך נעגער דאַרפן היינט אָנכאַפּן מיט אַ נייעם ברען אָן קריסטנטום — אַלץ איינס צי אָן מאַדאַם לוס׳ היינטיק קריסטנטום אָדער אין פּראָטעסטאַנטיזם? אגב, זיינען נעגער אין אַמעריקע ניט ווייניקער קריסטלעך פון דער ווייסער באַפעלקערונג, און עס קאָן גרייליך זיין, אַז וואָס ס׳איז שייך כוונה און פאָלקסטימלעכער עקזאַלטירטער פרומקייט, קאָן מען דאָס אָפטער זען ביי נעגער איידער ביי ווייסע. מאַדאַם לוס ווייסט דאָס ניט ווייניקער פון אַנדערע. זי וויל אָבער גלויבן, אַז אין זייער קאַמף פאַר גלייכקייט דאַרפן די נעגער זיך שטיצן אויף רעליגיע, פאַרבינדן זייערע האָפענונגען מיט קריסטנטום. קריסטנטום אָנערקענט, דערמאָנט זי אונז, אַז דער מענטשלעכער קערפּער איז דער היכל פון רוח־הקודש — איז ווי אַזוי קאָן אַזאַ רעליגיע זיך ניט אָננעמען פאַר אַ ראַסע, וואָס אירע מענטשן האָבן דיזעלביקע קערפּערס און דיזעלביקע נשמות ווי אַנדערע?

זייער קלאָר און איינפאַך. אין פּרינציפּ קאָן מען דאָ גאָרניט אויסזעצן. קריסטנטום איז, פונם אָנפאַנג אָן, אַן אוניווערסאַלע, אַ קאָסמאָפּאָליטישע

אמונה. קיינער האָט דאָס קיינמאָל ניט געלייקנט. קיינער וועט דאָס אויך אין דער צוקונפט ניט לייקענען. אַן אינטעליגענטער נעגער ווייס, אַז אין גאָט'ס אויגן איז, לויט דער קריסטלעכער אמונה, ניט פֿאַראַן קיין ברעקל אונטער־שייד צווישן „אַ אידן און אַ העלענער", צווישן אַ ווייסן און אַ קאָלירטן. ער ווייס אָבער אויך — און אויב ער ווייס דאָס ניט אַליין, איז פֿאַראַן ווער עס זאָל דאָס אים דערציילן — אַז קריסטנטום איז ניט בלויז אַ לערע (אַט ווי מאַטעמאַטיק, אָדער פיזיק, אָדער אַ פילאָסאָפיש סיסטעם איז אַ לערע), נאָר אויך אַ היסטאָרישער פּראָצעס, אַן אינסטיטוציע, אַ לעבעדיקע טראַדיציע, אַ מין ציוויליזאַציע. ער פֿאַרשטייט אויך, אַז וויכטיק איז ניט נאָר דער פּרינציפּ פֿון אַ לערע, נאָר אויך די פּראַקטישע אויספֿירן וואָס אירע לערער און נאָכפֿאָלגער ציען פֿון איר אַרויס, און ווען ער טראַכט זיך אַריין אין קריסטנטום (ניט נאָר אין זיין געשיכטע, נאָר אויך אין זיינע גרונט־אידייען), קאָן ער זיך לייכט איבערצייגן אַז גלייכקייט איז דאָרט מער אַ מעטאַפיזישע אַבסטראַקציע איידער אַ קאָנקרעטע סאָציאַלע אידייע.

פּרעגט פּאַאולוס'ן, דעם אייגנטלעכן גרינדער פֿון קריסטנטום, וועט ער עס אייך אַליין זאָגן. אין זיין ערשטן בריוו צו די קאָרינטיער, זאָגט ער זיך אַרויס וועגן שקלאַפֿעריי מיט אַזאַ קלאָרקייט, וואָס קאָן ביי קיינעם קיין צווייפל ניט אַרויסרופֿן: יעדער מענטש זאָל בלייבן אין זיין „באַרוף" אָדער דינסט, אין וועלכן ער געפֿינט זיך; אויב דו ביסט לויט דיין „באַרוף" אַ שקלאַף, זאָלסטו אויף דעם ניט פֿאַראיבל האָבן, כאָטש „אויב דו האָסט אַ געלעגנהייט צו ווערן פֿריי, זאָלסטו דאָס אויסקלייבן". מ'דאַרף דערביי ניט פֿאַרגעסן, אַז פּאַאולוס רעדט דאָ ניט צו סתם קנעכט, נאָר צו אַזעלכע וואָס זיינען שוין מיטגלידער פֿון דער עוואַנגעלישער געמיינדע, „אויסגעלייזטע" דורך ישו'ס בלוט. אויב דער שקלאַף האָט אַ געלעגנהייט, מיט דעם הסכם פֿון זיין (קריסטלעכן) האַר, צו קריגן דעם סטאַטוס פֿון אַ פֿרייען מענטשן, זאָל ער זיך דערמיט באַנוצן. אָבער קעמפֿן פֿאַר זיין סטאַטוס, רעוואָלטירן קעגן דעם האַר וואָס ער „געהערט" צו אים, רעוואָלטירן ניט נאָר מיט געוועהר אָדער פיזישער קראַפֿט, נאָר אַפילו דורך פּאַסיוון ווידערשטאַנד (וואָס וואָלט זיכער ניט גע־ווען קיין פֿאַרלעצונג פֿונם פֿריען קריסטנטום'ס פּאַסיפיסטישע פּרינציפּן), טאָר ער ניט. עס איז כאַראַקטעריסטיש אין דעם צוזאַמענהאַנג פּאַאולוס'עס בריוו צו פילעמאָנ'ען, אין וועלכן ער בעט זיך ביי אים — ביי אַ קריסט! — אַז ער זאָל ניט באַשטראָפֿן אונעסימאָס'ן (אַ שקלאַף, אויך אַ קריסט, וואָס איז אַנטלאָפֿן פֿון זיין האַר און ער האָט זיך צו אים אומגעקערט). פּאַאולוס וויל ווירקן אויף אים, אַז ער זאָל זיין „פֿאַרזינדיקטן" קנעכט באַהאַנדלען ווי אַ חבר און אַ ברודער „סיי אין פֿלייש און סיי אין גאָט", אָבער אין דעמ־זעלביקן צאַרטן בריוו איז ער מסכים, אַז פילעמאָן זאָל האַלטן אונעסימאָס'ן

אין קנעכטשאַפט „אויף אייביק". דער קריסטלעכער שקלאַף האָט ניט קיין רעכט זיך צו באַפרייען קעגן דעם ווילן פונם האַר, אָבער דער קריסטלעכער האַר האָט אויך ניט קיין פליכט זיין שקלאַף צו באַפרייען. אַזאַ שטעלונג צו דעם וויכטיקסטן סאָציאַלן פּראָבלעם פון יענער עפּאָכע איז ביי פּאַאולוס'ן ניט געווען קיין צופעליקייט. יעדער מענטש איז טאַקע באַשאַפן געוואָרן אין גאָט'ס געשטאַלט, יעדער „גלוביקער" איז טאַקע פאַרזיכערט מיט עולם־הבא, אַלץ איינס צי ער איז אַ איד אָדער אַן ערל, אַ ווייסער צי אַ שוואַרצער, אַ האַר אָדער אַ קנעכט, אַ מאַן אָדער אַ פרוי; אין די ש"י עולמות איז יעדער גלייך, אָבער אין אונזער עולם־התחתון טאָר די אומגלייכקייט ניט באַקעמפט ווערן, טאָר מען ניט זוכן צו צעטרייסלען די זיילן, אויף וועלכע עס שטיצט זיך די געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג. עס איז נאָך ביז היינט ניט אינגאַנצן קלאָר, וואָס ישו האָט געמיינט, ווען ער האָט געזאָגט: „גיט דעם קיסר וואָס ס'איז דעם קיסר'ס און גאָט וואָס ס'איז גאָט'ס". פּאַאולוס האָט אָבער גאַנץ קלאָר געמאַכט פאַר זיינע נאָכפאָלגער, אַז דער קיסר טאָר ניט באַקעמפט ווערן. אין אונטערשייד פון ישו איז פּאַאולוס געווען אַ פולבאַרעכטיקטער רוימישער בירגער (ביי געוויסע געלעגנהייטן האָט ער אַפילו דערפון גערעדט מיט שטאָלץ), און די אימפּעריע האָט ער אָנגענומען אויך רעליגיעז — ניט בלויז ווי איינער, וואָס מאַכט שלום מיט אַ טרויעריקן אָדער טראַגישן פאַקט, בלויז ווייל ער האָט ניט קיין כוח אים צו באַזייטיקן. אין זיין בריוו צו די רוימער געפינען מיר אַ שאַקירנדיקע רעליגיעזע סאַנקציע פאַר דער מלוכה־מאַכט: „יעדער מענטש זאָל זיך אונטערוואַרפן די אויטאָריטעטן וואָס שטייען איבער אים. עס איז ניט פאַראַן קיין מאַכט סיידן (באַשטימט) פון גאָט. דער וואָס שטעלט זיך אַנטקעגן דער מאַכט ווייזט, דערפאַר, אַרויס ווידערשטאַנד צו דעם, וואָס גאָט האָט באַשטימט". און איז דאָס נאָך ווייניק, גיט אונז נאָך פּאַאולוס ווייטער צו פאַרשטיין, אַז די גוטע האָבן ניט וואָס מורא צו האָבן פאַר די הערשער; נאָר די בייזוויליקע דאַרפן פאַר זיי מורא האָבן. „ניט אומזיסט טראָגט די מאַכט אַ שווערד; זי איז גאָט'ס דינער (דיאַקאָנאָס), און זי איז זיך נוקם מיט צאָרן אָן דעם, וואָס טוט שלעכטס". אַזעלכע ווערטער קלינגען כמעט אומפאַרשטענדלעך ביי אַ גרינדער פון אַ רעליגיע וואָס באַטראַכט אַלע מענטשן פאַר גאָט'ס קינדער, אין אַ צייט ווען רוימישע סטאָאיקער („געצנדינער", ניט קיין קריסטן) האָבן שוין אין דער אימפּעריע געזען רישעות און טומאה. נאָך אומפאַרשטענדלעכער קלינגען אַזעלכע ווערטער אין דעם מויל פון אַ אידן, וואָס האָט געדאַרפט רעאַגירן מיט ספּעציפישער ביטערקייט אויף דער טיראַניי פון אַ קאַיוס קאַליגולאַ אָדער נעראָן קיסר, וואָס האָט אַליין דורכגעלעבט די רוימישע רציחות אין זיין אייגן לאַנד. דאָס האָט אויף פּאַאולוס'ן ניט געווירקט. פאַר אים איז געווען וויכטיק, וואָס אין דער אייביג־

קייט זיינען שקלאַפֿן, אונטערדריקטע און באַליידיקטע, ניט ווייניקער פֿריי ווי אַנדערע. אויף דער וועלט איז מען מחוייב צו געבן דעם קיסר ניט נאָר די שטייערן און די צינזן וואָס קומען אים, נאָר, ווי ער דריקט זיך אויס אין דעמזעלביקן רוימער־בריוו, אויך די „יראה" און דעם „כבוד" וואָס עס קומט דער מאַכט. וואָס ס'איז שייך דעם שקלאַף, דאַרף ער דינען זיין האַר ניט נאָר מיט „פֿאָרכט און ציטער", נאָר אויך מיט דער „תמימות פֿון זיין האַרצן" און מיט דער „גאַנצער נשמה". מיט אָט דעם אַנטיסאָציאַלן, טיף־אוממאָראַלישן און אין גרונט אַנטירעליגיעזן גיפֿט האָט פּאַאולוס אויף אַ סאַך, אַ סאַך דורות אָנגעפּילט דאָס קריסטנטום וואָס ער האָט געשאַפֿן.

ווער עס וויל מעג באַהויפּטן, אַז דאָס דאָזיקע אָפּשטויסנדיקע פּאַאולינישע קריסטנטום האָט מיט אַזאַ רעוואָלוציאָנערער נאַטור ווי ישו פֿון נצרת קיין שום שייכות ניט. אָבער דער גרינדער פֿון קריסטנטום איז ניט ישו, נאָר פּאַאולוס, און פֿון ישו'ס דרשות אַליין וואָלט מסתמא קיין באַזונדערע אמונה, קיין קירך, קיין נייע אינסטיטוציאָנעלע רעליגיע ניט אַרויסגעקומען. די „קאָפּיראַיט" פֿאַר דעם וואָס ס'איז אין דער וועלט באַקאַנט אַלס קריסטנטום געהערט פּאַאולוס'ן, פּעטרוס'ן, ניט ישו'ן, טראָצדעם וואָס זיי האָבן דעם לעצטן געשטעלט אין צענטער פֿון זייער לערע און פֿון זייער נייעם ריטואַל.

און איז דען דאָס היסטאָרישע קריסטנטום געווען בלויז גלייכגילטיק צו אַזאַ דערשיינונג ווי שקלאַפֿעריי? יוסטינוס, איינער פֿון די גאָר־גאָר פֿאַר־הייליקטע אין דער קריסטלעכער קירך, רעדט וועגן קריסטלעכע שקלאַפֿן פֿון קריסטלעכע הערשער ווי וועגן אַ נאַטירלעכער דערשיינונג, און אַטענאַגאָ־ראַס — איינער פֿון די אבות פֿון דער קירך! — פֿאַרטיידיקט אין זיינער אַן אַפּאָלאָגעטישער שריפֿט דאָס קריסטנטום קעגן דעם פֿאַרדאַכט, אַז עס זוכט צו באַפֿרייען די שקלאַפֿן, מיט אַ דערקלערונג: „אויך מיר פֿאַרמאָגן שקלאַפֿן". זיי זיינען ניט געווען די איינציקע, און איך ברענג דאָ ניט אַרויס קיין איג־דיווידועלע פֿאַלן. ווען דאָס קריסטנטום איז פֿון אַ פֿאַרפֿאָלגטער סעקטע גע־וואָרן די הערשנדיקע שטאַטס־רעליגיע פֿון רוים, האָט עס דעם סטאַטוס פֿון די שקלאַפֿן ניט געענדערט, אויך ניט געשטרעבט צו ענדערן. דיזעלביקע געזעצגעבונג וואָס האָט עקזיסטירט אין דער געצנדינערישער רוים איז געבליבן גילטיק אויך אין דער קריסטלעכער רוים. דער קאַטוילישער קאָנציל וואָס האָט זיך פֿאַרזאַמלט אין אַנגראַ (אַזוי שפּעט ווי אין יאָר 324) האָט זיך ניט געשעמט אָנצונעמען דעם פֿאָלגנדיקן צינישן באַשלוס: „ווער עס פּרעדיקט, אונטער דעם אויסרייד פֿון ליבע צום מיטמענטשן, אַז דער שקלאַף דאַרף האָבן פֿאַר זיין האַר ווייניקער דרך־ארץ, אָדער, אַז ער זאָל פֿאַרנאַכלעסיקן זיינע דינסט־פֿליכטן, אַנשטאָט דעם וואָס ער זאָל אים דינען מיט ליבע און אָפּפֿער־פֿרייד, דער זאָל געשטעלט ווערן אונטער חרם". דאַרף מען זיך וואונדערן,

ווען מען לייענט ביי ווּעסטערמאַרק׳ן, אין זיין „אָרידזשין ענד דעוועלאָפּמענט אָוו מאָראַל איידיאַס״, אַ גאַנץ פיינע רשימה פון גלחים, אַבאַטן, מאָנאַסטירן, בישאָפן און אַפילו אַזעלכע וואָס זיינען קאַנאָניזירט געוואָרן אין דער קירך אַלס קדושים („מאַרטירער״), וואָס האָבן געוועלטיקט איבער גרויסע צאָלן שקלאַפן? מיר רעדן שוין ניט פון יענע קאַנאָנישע געזעצן אין מיטלאַלטער, לויט וועלכע אַ פרוי, וואָס מ׳האָט געפונען שולדיק אין סעקסועלע באַציאונגען מיט אַ קריסטלעכן גלח, איז פאַרקויפט געוואָרן אין שקלאַפעריי, און אויב עס איז פון אַזאַ טריפה׳נעם זיווג געבוירן געוואָרן אַ קינד, האָט מען עס געמאַכט פאַר אַ שקלאַף. אין פאַרשיידענע פעריאָדן האָט די קירך ניט נאָר טאָלערירט, נאָר דירעקט דערמוטיקט שקלאַפעריי. כאַראַקטעריסטיש איז דער באַשלוס פון די קאַטוילישע „אנשי כנסת הגדולה״ אין עפּאַאָן, וואָס פאַרבאָט די הויפּטן פון די מאָנאַסטירן צו באַפרייען קנעכט, וואָס די מאָנאַכן האָבן באַקומען (פון גאָטספאָרכטיקע קריסטן, נאַטירלעך) אַלס מתנה. „עס וואָלט געווען ניט־יושר׳דיק״, לייענען מיר אין יענעם באַשלוס, „אַז די קנעכט זאָלן אַרומגיין לידיק און די מאָנאַכן זאָלן זיך פּלאָגן מיט פעלד־אַרבעטן״. אין שפּעטערן מיטלאַלטער האָט נאָך דער פּויפּסט ניקאָלאַאוס דער פינפטער אויסדריקלעך געגעבן זיין הסכמה, אַז די פּאָרטוגעזער זאָלן זיך פאַרנעמען מיט שקלאַפן־האַנדל (אין זיין באַרימטער „בולע״ פון 1454, וואָס האָט געגעבן אַ רעליגיעזע סאַנקציע פאַר אַלע ברוטאַליטעטן און רציחות, פון פּאָרטוגעזער און שפּאַניער, פראַנצויזן, ענגלענדער און האָלענדער אין אַפריקע). ביזן זעכצנטן יאָרהונדערט האָבן נאָך די מייסטע פּויפּסטן געהאַלטן שקלאַפן אַלס הויז־דינער און אַלס אַ מקור פון הכנסה.

אין אַלגעמיין איז אין דער פראַגע ניט געווען קיין וועזנטלעכער אונטער־שייד צווישן אָרטאָדאָקסישן אָדער קאַטוילישן קריסטנטום און דעם פּראָטעס־טאַנטישן. די רעפאָרמאַציע האָט דעם סטאַטוס פון קנעכט אין ערגעץ ניט געענדערט. דער שקלאַפן־האַנדל אין דער קאָלאָניאַלער אַמעריקע און, שפּע־טער, שוין נאָך דער רעוואָלוציע, איז געפירט געוואָרן הויפּטזעכלעך פון פּראָטעסטאַנטן. די פּלאַנטאַטאָרן אין אונזערע דרום׳דיקע שטאַטן זיינען געווען מייסטנס פּראָטעסטאַנטן, און יענע אַמעריקאַנער וואָס דיקענס האָט אַמאָל, אויף זיין באַזוך דאָ אין לאַנד, געמוסר׳ט פאַר זייער באַהאַנדלונג פון די נעגער און וואָס האָבן אים אָפּגעענטפערט מיט דער טרויעריק־באַרימטער פראַגע: „וואָס, איר גלויבט ניט אין דער ביבל?״ — זיינען געווען פּראָ־טעסטאַנטן (צום שבח פון דער קאַטוילישער וועלט מעג דאָ געזאָגט ווערן, אַז די „וויסנשאַפטלעכע״ ראַסן־טעאָריעס וואָס האָבן גע׳כשר׳ט היטלער׳ן און נאַציזם זיינען, אין זייער גרעסטן טייל, אַ פּראָדוקט פון פּראָטעסטאַנטישער „ציוויליזאַציע״).

און מעג איך דאָ צוגעבן אַ מין פּערזענלעכע נאָטע? אין מעטאָדיס־טישע קירכן האָבן מער ווי איינמאָל אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק די הימנען פון דזשאָן ניוטאָן. צוויי פון זיינע הימנען:

How sweet the name of Jesus
Sounds in a believer's ears

און

Glorious things of Thee are spoken,
Zion, city of our God

— פאַרנעמען אַ זייער בכבוד'יקן פּלאַץ אין דעם מעטאָדיסטישן סדר־התפילה. ווען איך האָב לעצטנס, גאַנץ צופעליק, זיך אָנגעשטויסן אויף ניוטאָנ'ס ביאָ־גראַפיע, האָב איך זיך דערוואוסט אַז דער דאָזיקער פּראָטעסטאַנטישער תפילה־פאַרפאַסער איז יאָרנלאַנג געווען אַ סקיפּער פון אַ שיף, וואָס האָט געפירט פון אַפריקע נעגער אין אַמעריקאַנער שקלאַפעריי. דאָס האָט ניט געשטערט דער מעטאָדיסטישער קירך צו מאַכן זיינע לידער אַ טייל פון איר אָפיציעלן גאָטעסדינסט: אין חרם האָט מען אים ניט אַריינגעלייגט. און אין אונזערע טעג? פרעגט די פּראָטעסטאַנטישע בורן אין דרום־אַפריקע וועגן דער באַהאַנדלונג פון די מיליאָנען נעגער אין זייער לאַנד, וועלן זיי אייך ענטפערן מיט פרומע פסוקים: די נעגער שטאַמען ניט פון שמ'ן און ניט פון יפת'ן, נאָר פון חמ'ן, און אויף זיי הענגט אַן אייביקע קללה, אָדער — די ברכה פון אברהם אבינו איז אויף זיי ניט חל, ווייל זיי שטאַמען פון הגר'ן וואָס אברהם אַליין האָט פאַרטריבן אין דעם מדבר. רעוואָלטן קעגן אומפרייהייט און אומגלייכקייט, קאַמפן פאַר דער ווערדע פון שוואַכע, אָרעמע און אונטער־דריקטע, זיינען אין דער קריסטלעכער וועלט פאָרגעקומען מייסטנס מצד „אַפּיקורסים", סכיזמאַטיקער, אָפּנויגערישע סעקטעס — ניט פונם עטאַב־לירטן, רעספּעקטאַבעלן קריסטנטום, וואָס האָט יענע „אַפּיקורסים" געשמידט אין קייטן, געהאָנגען אויף סלופּעס, פאַרברענט אויף די שייטערהויפנס. לאַ־טייניש̈ער קאַטאָליציזם, גריכישער קאַטאָליציזם, פּראָטעסטאַנטיזם — קיין וועזנטלעכער אונטערשייד אין ענין „מענטשלעכקייט" איז צווישן זיי ניט פאַראַן. ס'איז ניט קיין צופאַל, וואָס אין דער וועלט פון „קריסטלעכער ציווי־ליזאַציע" האָט פראַנקרייך אָפּגעשאַפט דעם שקלאַפנהאַנדל ערשט אין 1830, ענגלאַנד אין 1838 און האָלאַנד אין 1854; וואָס „קרעפּאָסטניקעס" זיינען באַפרייט געוואָרן אין רוסלאַנד ערשט אין 1861, בערך אַ טויזנט יאָר זינט דאָס קריסטנטום איז אַהין אָנגעקומען, און וואָס — „גאָד בלעס אַמעריקאָ"! — אין מאַדאַם לוס'עס אייגענער מדינה, אויפגעבויט פון פּוריטאַנישע „עולי־רגל", זיינען נאָך פאַראַן אַלטע נעגער וואָס זיינען אַמאָל אַליין געווען שקלאַפן. אַזוי פיל הונדערטער יאָרן האָט די וועלט פון „קריסטלעכער ציוויליזאַציע"

געדאַרפט וואַרטן, כדי ריין פאַרמעל און האַלב־היפּאָקריטיש „אויסצוגעפינען״, אַז עס זיינען נישטאָ קיין מענטשן וואָס טראָגן ניט אויף זיך דעם צלם אלהים? און וועט עס זיין אַ גרויסע אַפּיקורסות צו באַהויפּטן, אַז די אַלע שקלאַפן־עמאַנסיפּאַציעס וואָס מיר האָבן דערמאָנט און וואָס זיינען נאָך הלכה למעשה ניט גאַנץ דורכגעפירט געוואָרן, זיינען געקומען ניט אַ דאַנק דעם אינסטי־טוציאָנעלן קריסטנטום, נאָר אַן אים און אָפטמאָל טראָץ און קעגן אים?

אָט דאָס זיינען „מחשבות־זרות״ וואָס אַ דענקנדיקן נעגער איז גאָר ניט אַזוי לייכט צו פאַרטרייבן פון זיך, ווען מען אַפּעלירט צו אים אין נאָמען פון קריסטנטום און מען וויל, ער זאָל זיך פאַרלאָזן אויף דער ישועה וואָס די „קריסטלעכע ציוויליזאַציע״ וועט אים ברענגען. און איז אַזאַ נעגער ניט נאָר אַ דענקנדיקער, נאָר אויך אַ מער געבילדעטער מענטש, וועט ער אפשר אַ טראַכט טאָן, אַז אויפן היסטאָרישן קריסטנטום ליגט די קללה פון אַ משונה־דיקער דאָגמע, אַז פאַר דער דערלייזונג פון דער מענטשלעכער נשמה אין דער אייביקייט איז וויכטיק בלויז „גלויבן״ — גלויבן אין דעם קרבן פון ישו הנוצרי אַלס די כפרה פון אַלע מענטשלעכע ברואים פון אָנהויב פון די דורות און ביז צו זייער סוף — אַז מעשים טובים קאָנען די גאולה קיינעם ניט ברענגען, אַז קיין געזעצן, קיין „הלכה״ פאַר מענטשלעכער טאָג־טעגלעכער אויפפירונג דאַרף מען ניט האָבן, ווייל דער מענטש איז לויט זיין נאַטור זינדיק און מוז בלייבן זינדיק, און עולם־הבא און לייטזעליקייט אין גאָט׳ס אויגן קריגט מען ניט דורך טאָטן, דורך „מצוות״, נאָר אַלס אַ פרייע, אומפאַרדינטע מתנה פאַר גלויבן אין דעם קריסטלעכן מלך המשיח, און פאַר טועם זיין פון צייט צו צייט זיין געטלעך לייב און זיין געטלעך בלוט, פאַר אַ ווילדער מיסטעריע פון „גאָט־פרעסעריי״. אַזוי לאַנג ווי די קריסטלעכע מענטאַליטעט וועט זיך ניט באַ־פרייען פון יענעם טשאַד, וואָס זיין רויך, געררויך און ווייז־רויך ציען זיך פון פּאַאולוסן דורך אויגוסטינען און טאָמאַס פון אַקווינאָ ביז אַזעלכע „באַפרייענדיקע״ רעפאָרמאַטאָרן ווי לוטער און קאַלווין, און פון זיי ביז צו די הויפּט־טיפן פון היינטיקער קריסטלעכער רעליגיאָזיטעט, קאָן קריסטנטום קיין גואל ניט זיין, מוז עס אַליין נאָך וואַרטן אויף דער גאולה פון דער חשכות, אין וועלכער עס האָט זיך אַריינמאַנעווורירט. אָבער דאָ קומען מיר אַריין אין קיניגרייך פון טעאָלאָגיע און דאָגמאַטיק, וואָס פאַרדינט אַ באַזונדערע באַהאַנדלונג.

און דערווייל? דערווייל דערנענטערט זיך יענע וועלט, וואָס איז היסטאָריש דערצויגן געוואָרן אויפן קריסטנטום, צום סוף פון איר צווייטן יאָר־טויזנט. און ווי זעט זי אויס נאָך די דאָזיקע צוויי טויזנט יאָר „דערלייזונג״? יעדער טומטום קאָן דאָס אָפּמאָלן מיט אַ בליישטיפט אויף אַ שטיקל פּאַפּיר: אויפן ברעג פון איין ים שטייט עמיצער מיט דער אַטאָמישער באָמבע אין דער

האַנט, און ביי אַן אַנדער ים שטייט אַ צווייטער עמיצער מיט זיין אַטאָמישער באָמבע אין דער האַנט. ביינצן יאָרהונדערטן פון קריסטלעכער ציוויליזאַציע האָבן גאָר ניט באַוויזן זיי אויסצולערנען אַן אַנדער סיסטעם פון „סיגנאַליזאַ־ציע". מ׳קאָן אפילו ניט זאָגן, אַז איינער פון זיי איז דוד און דער אַנדערער איז גלית. קוקט מען זיך איין אין די פּנים׳ער, זעט מען גאָר: קין קעגן — קין.

איך וויל זיך ניט אונטערנעמען שילדערן, וואָס עס טוט דער „אידישער" גאָט, דער גאָט וואָס פאָדערט ניט נאָר אמונה, נאָר אויך הלכה למעשה, מצוות מעשיות געבויט אויפן יסוד פון אמונה און געשפּייזט פון אמונה — קוקנדיק אויף אַזאַ סצענע. אַמאָל אָבער דוכט זיך מיר (זינדיקער מענטש וואָס איך בין, מיט מיינע עבודה־זרה־פאַנטאַזיעס), אַז די אַמאָליקע גריכישע געטער זיצן נאָך היינט אויף זייער באַרג אָלימפּוס, קוקן זיך צו צו אַ וועלט וואָס איז אַמאָל „דערלייזט" געוואָרן אויף אַן אַנדער באַרג, אויף דער גולגולתא, און לאַכן, לאַכן, לאַכן זייער „האָמערישן" געלעכטער.

מאַדאַם לוס האָט אַ גוט אויער. הערט זי ניט יענעם געלעכטער?

1949

# טאָלעראַנץ

וואָס הייסט טאָלעראַנץ, ספּעציעל רעליגיעזע טאָלעראַנץ? דעם דאָזיקן באַגריף מוז מען, גלויב איך, נאָכאַמאָל דעפינירן — בפרט ביי אונז, אידן, און ספּעציעל דאָ, אין אַמעריקע.

אין קיין שום אַנדער לאַנד איז מען זיך, דוכט זיך, ניט מתעסק אַזויפיל מיטן ענין טאָלעראַנץ, און אין ערגעץ, שיינט מיר, איז דער באַגריף ניט אַזוי פאַרשוואומען און אָפטמאָל אַפילו בכיוון'דיק פאַרדרייט, ווי אין אַמעריקע. עס זיינען פאַראַן גרויסע שטעט אין אונזער מדינה, וואו צוויי דריטל צייט און ענערגיע פון אונזערע רבנים גייען אַוועק אויף פאַבריצירן רעליגיעזע טאָלעראַנץ: ווער קאָן עס שוין היינט איבערציילן די צאָל „גוד־וויל"־קאָמיטעטן, וואָס האָבן זיך ביי אונז די לעצטע יאָרן אַזוי אָנגעפּרוכפּערט? אָבער פרעגט איינעם פון דער אַרמיי „גוד־וויל"־ראַבאַיס, וואָס הייסט עס אַזוינס טאָלעראַנץ, וועט ער מסתמא אויסוויכן צו געבן אַ דירעקטן און קלאָרן ענטפער. אין האַרצן פילט ער אפשר אַליין, אַז זאָגן זאָגט ער טאָלעראַנץ, נאָר מיינען מיינט ער גאָר — גלייכגילטיקייט. טאָלעראַנץ איז פאַר אים אויך אַ מין אינטעלעקטועלער וואַפנשטילשטאַנד: לאָמיר צווישן זיך אָפּמאַכן, אַז דו, גלח, וועסט קיינמאָל ניט זאָגן קיין שלעכט וואָרט אויף מיין רעליגיע, וועל איך, רב, אין ערגעץ ניט זאָגן קיין שלעכט וואָרט אויף דיין רעליגיע. בקיצור, טאָלעראַנץ הייסט ביי אונז אַן אָפּמאַך ניט צו קריטיקירן. דער פאַרשטאָרבענער לואי מאַרשאַל האָט זיך דערפאַר צוריק מיט אַ צאָל יאָרן געהאַלטן פאַר באַרעכטיקט זיך אויסצובייזערן אויף אַ פּראָטעסטאַנטישן מיטגליד פון אַ „גוד־וויל"־קאָמיטעט, הלמאי יענער האָט זיך דערלויבט צו פּרעדיקן קריסטנטום אין אַ אידישן קלוב: אויף מאַרשאַל'ס לשון — און ניט נאָר אויף זיינעם — האָט עס געהייסן אַ פאַרלעצונג פונם טאָלעראַנץ־קאָנטראַקט...

אָבער אויב דאָס איז טאָלעראַנץ, איז עס דאָס זעלבע וואָס גלייכגילטיקייט, און דעמאָלט מעג מען שטעלן די פראַגע, צי קאָן גאָר אַן אמת־רעליגיעזער מענטש זיין טאָלעראַנט. „טאָלעראַנט" אין זינען פון אינדיפערענץ קאָן זיין אַ ניט־גלויביקער, אַן אַטעאיסט: פאַר אים זיינען אַלע רעליגיעס ווילדע נאַרישקייטן, פון איינעם און דעם זעלביקן ווערט. „טאָלעראַנט" איז געווען היינע'ס פּרינצעסין. זי האָט זיך איינגעהערט אין טעאָלאָגישן וויכוח צווישן דעם רב און דעם גלח, און ווען מ'האָט זי נאָכדעם געפרעגט, ווער, לויט איר מיינונג, עס איז גערעכט, האָט זי קיין סך ניט געדאַרפט טראַכטן: לויט איר פּרינצעסישן איינדרוק, שטינקען זיי ביידע. אָבער וואָס הייסט

טאָלעראַנץ, ווען עס רעדן וועגן דעם רבנים און גלחים? קאָן עס הייסן, מעג עס הייסן, אַז דער פאָרטרעטער פון איין רעליגיע זאָל ניט טאָרן קרי־טיקירן וועלכע ניט איז אַנדערע רעליגיע? פאַרוואָס זאָל ער ניט קריטיקירן? פאַרוואָס זאָל ער ניט פאָרשטעלן זיין רעליגיע אַלס אמת'ער, העכער, מער אינספּירירט, אַלס דעם איינציק אינספּירירטן גלויבן? איז עס דען ניט זיין פליכט צו באַקעמפן פאַלשע אמונות, אמונות וועלכע ער האַלט פאַר פאַלש?

מיין שכן איז אַ קאַטאָליק. גלויבט ער, אַז דער ריבונו של עולם האָט איבערגעגעבן „די שליסלען" דעם רוימישן פּויפּסט; גלויבט ער אַז אַ גלח איז אַ מוסמך אויף צו פאַרגעבן זינד; איז ער זיכער, אַז אויף יענער וועלט וועט מען מיך ברענען און בראָטן אין גיהנום, אויב איך וועל אַוועקגיין פון דער וועלט אַ „ניט־געראַטעוועטער". אויב מיר זיינען גוטע פריינט, האָט ער אויף מיר רחמנות; אָבער אויב מיר זיינען טאַקע אמת'ע ידידים, האָב איך אויף אים אויך רחמנות, הלמאי ער גלויבט, מילד גערעדט, אין אַזאַ משונה'־דיקן גאָט. דאַרף איך זיין „טאָלעראַנט" צו זיינע רעליגיעזע איבערצייגונגען? איז עס ניט מיין פליכט אים צו עפענען די אויגן אויף די לעפּישע דאָגמעס, וואָס מ'האָט אין אים אַריינגערעדט? האָט מען ניט געטאָרט קריטיקירן — גייסטיק, אינטעלעקטועל — די מאָרמאָנען פאַר זייער פיל־וויבעריי אַלס אַ רעליגיעזע אינסטיטוציע? און אויב אַ רעווערענד אַ פּרא־אדם פּרעדיקט אַ טעאָריע, אַז די ערד איז פלאַטשיק ווי אַ טעלער, און ווער עס זאָגט אַז זי איז קיילעכדיק איז אַ כופר־בעיקר, בין איך מחויב אַ גאַנץ לעבן זיך איינצוהאַלטן און קיינמאָל ניט זאָגן זיינע חסידים, אַז זייער רבי איז אַ שוטה־בן־פּיקהאָלץ? אָט געדענק איך אין רוסלאַנד אַ קליינינקע סעקטע (די בעזסמערטניקעס), וועלכע האָט זיך איינגערעדט אַז דער מענטש איז לויט זיין נאַטור פיזיש אומשטערבלעך, און שטאַרבן שטאַרבט מען נאָר דערפאַר וואָס מען גלויבט ניט אין השארות הגוף, און אַלס באַוויז פלעגן זיי, דערמאָן איך זיך, דעמאָנסטרירן זייער פירער, וועלכער איז געווען ניט מער און ניט ווייניקער ווי יוחנן דער טויפער, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין עין־כרם פאַר ישו הנוצרי און וואָס אין משך פון קרוב צו צוויי טויזנט יאָר קאָן דער מלאך־המות קיין שליטה אויף אים ניט קריגן — בין איך מחויב אויך אַזאַ גלויבן צו „טאָלערירן"? און אָט געדענק איך אַן אַנדער רוסישע סעקטע, די „סקאָפּצי", די קאַסטראַטן פון זיין ליבן נאָמענ'ס וועגן, מיט זייער פאַנאַטישער אמונה, אַז גאָט'ס איינציקער ווילן איז אַז אַלע זכרים זאָלן זיך אַנט'זכר'ן און מאַכן אַ סוף פון דער זינדיקער וועלט — האָט מען אויך אַזאַ סעקטע געדאַרפט „טאָלערירן", ניט אָנרירן איר כבוד, ניט אַרויסברענגען די אַבנאָרמאַליטעט פון אירע נאָכפאָלגער? און טאָר מען טאַקע ניט קריטיקירן אַ רעליגיע וואָס האָט, ווי אין אינדיע, פאַראורטיילט צענדליקער מיליאָנען מענטשן אויף אַ

סטאַטוס פון „אומבאַרירבאַרע", וואָס גיט אַן אלמנה אַן עצה־טובה אַז זי זאָל זיך לאָזן פאַרברענען, כדי נאָכצופאָלגן איר מאַן, איר האַר און באַשיצער, אויף יענער וועלט?

שוין עטלעכע דורות ווי דאָס „ליבעראַלע" אידנטום טראָגט זיך אַרום איבער דער וועלט מיט לעסינג'ס מעשה, וועגן וועלכער מען וואָלט געקאָנט זאָגן אַז זי האָט שוין אַ לאַנגע באָרד, ווען מיר וואָלטן ניט געוואוסט אַז די האָר פון דער באָרד זיינען שוין לאַנג אויסגעקראָכן. דער גרויסער דייטשער הומאַניסט האָט גראָד אויפן געביט פון טעאָלאָגישן דענקען אַרויסגעוויזן ניט ווייניק פלאַכקייט. ווער עס וויל נעמען ערנסט זיין משל מיט די דריי רינגען (אין זיין פיעסע „נתן דער חכם") דאַרף פון אים מאַכן איין פועל־יוצא: אַלע דריי רעליגיעס זיינען גלייך אמת און גלייך אינספּירירט, און דערפאַר דאַרף מיך ניט אַרן, אויב עמעצער בייט איין רינג אויף אַן אַנדערן, אויב ער גייט איבער פון אידנטום צו קריסטנטום אָדער פון קריסטנטום צו אידנטום; און דערפאַר דאַרף קיינער אַפילו קיין קרעכץ ניט טאָן, אויב אַלע אידן און אַלע קריסטן זאָלן אין אַ שיינעם פריי־מאָרגן ווערן מאַכמעדאַנער. אויב מען זאָל טאַקע באמת מאַכן פון לעסינג'ס דריי־רינגען־געשיכטע דעם לאָגישן פועל־יוצא, דאַרף מען דערגיין צו אַזאַ משונה'דיקער מדרגה פון „טאָלעראַנץ", אַז אויב מאָרגן זאָלן אַלע אידן זיך אויס'שמד'ן, דאַרף מען קיין קריעה ניט רייסן און קיין שבעה ניט זיצן: וואָס האָט דען דאָ אַזוינס פּאַסירט? מענטשן האָבן איבערגעביטן זייער עכטן רינג אויף אַן אַנדערן, ניט ווייניקער עכטן. האָבן זיי, אין ערגסטן פאַל, געבראָכן אַ געוואוינהייט, אפשר אַן אַלטע, היסטאָרישע געוואוינהייט — צי לוינט דען צוליב דעם מרעיש עולמות זיין? וואָס פאַר אַ שייכות האָט דאָס יעדנפאַלס מיט טאָלעראַנץ? אויב דו ווייסט, אַז יענעמס אמונה אָדער איבער־צייגונג איז פונקט אַזוי אמת, ווי דיין אייגענע — דאַרף מען דאָך צו טאָלעראַנץ גאָר ניט אָנקומען.

אמת'ע טאָלעראַנץ — ניט יענע, פון וועלכער עס רעדן אין אַמעריקע אונזערע „גוד־וויל"־רבנים און „גוד־וויל"־גבירים — איז דער היפּוך פון איגנאָרירן מיינונגס־פאַרשיידנהייטן אָדער גלויבנס־פאַרשיידנהייטן, דער היפּוך פון זיין גלייכגילטיק צו יענעמס איבערצייגונגען אָדער אמונות. טאָלעראַנץ איז אין גרונט ניט מער ווי אַ מעטאָדע פון באַהאַנדלען אַנדערש גלויביקע, אָבער ניט די גלויבנס גופא. דאָס, אין וואָס איך גלויב, איז דאָס איינציק־ריכטיקע, און איך באַטראַכט עס אַלס מיין חוב דיר, דעם פאַרבלאָנדזשעטן און אָפּגענאַרטן, עפענען די אויגן און דיך באַקערן צו מיין גלויבן. אָבער אַזוי לאַנג ווי מיר איז ניט געלונגען דיך צו איבערצייגן אָדער אויפוועקן אין דיר דיינע פעאיקייטן צו זען העל און ריכטיק, איז עס מיין פליכט דיך און

דיינע אמונות צו טאָלערירן — באַטראַכטן דיך אַלס מאָראַליש ניט נידעריקער פון מיר, אַלס אַ מענטשן וואָס האָט ליב דעם אמת, נאָר אויפֿן וועג צום אמת איז ער פֿון עמיצן אָדער פֿון עפּעס, קעגן זיין ווילן, פֿאַרפֿירט געוואָרן; דיך ניט צו באַשטראָפֿן פֿאַר זיין צייטווייליק בלינד צום עכטן אמת; דיך ניט אַוועקשטעלן סאָציאַל, פּאָליטיש אָדער עקאָנאָמיש אויף אַ נידעריקערער מדרגה ווי די, אויף וועלכער איך געפֿין זיך. אָבער אַזאַ טאָלעראַנץ שליסט ניט אויס מיין רעכט און מיין פֿליכט צו „אַטאַקירן" די פֿאַלשע אָנשויאונגען אָדער אמונות פֿון מיין מיטמענטשן; שליסט ניט אויס אויך מיין האָפֿענונג, אַז היות מיין גלויבן איז דער ריכטיקער, וועט מיין אַנדערש גלויביקער מיט־מענטש פֿריער אָדער שפּעטער „דערזען ליכט" און זיך מגייר זיין אויף מיין אמונה. עכטע טאָלעראַנץ שליסט ניט אויס קיין מיסיאָנערישקייט; פֿאַר־קערט, אין אַ געוויסן זינען פֿאָדערט זי גאָר מיסיאָנערישקייט. טאָלערירן הייסט טיף רעספּעקטירן דעם מיטמענטשן, גלויבן אַז אין זיין שורש, אין זיין דורשט נאָך אמת און אין זיין נאַטירלעכער פֿעאיקייט תופֿס צו זיין דעם אמת און אים פֿאַרווירקלעכן אין לעבן, איז ער מער אָדער ווייניקער „מיין גלייכן". זיין צייטווייליקע פֿאַרבלענדעניש (יעדע פֿאַרבלענדעניש דאַרף, באַ־זונדערס פֿון אַ רעליגיעזן מענטשן, באַטראַכט ווערן אַלס אַ צייטווייליקע) בין איך דערפֿאַר מחויב צו טאָלערירן, אָבער מיט דעם אינהאַלט פֿון זיינע פֿאַלשע אידייען, אויפֿפֿאַסונגען און אמונות טאָר איך בשום אופֿן ניט שלום מאַכן — עס איז מיין פֿליכט, מיט גייסטיקע מיטלען, זיי עוקר מן השורש צו זיין. אין דעם זינען איז יעדער עכטער רעליגיעזער גלויבן (ווי אויך יעדער טיף־דורכגעלעבטער פּאָליטישער גלויבן), לויט זיין נאַטור, אַגרעסיוו, מיליטאַנטיש, מיסיאָנעריש.

1938

# ניטשע אין קאַמף קעגן אידנטום

"Ich will alle Antisemiten erschiessen lassen" (Nietzsche, Brief an Overbeck).

## I

אַ דאַנק אַ שווייצאַרישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער צייטונג, זיינען צו אונז דערגאַנגען די דרייסיק פונקטן, וואָס דער נאַצי־„פילאָזאָף" אַלפרעד ראָזענבערג האָט אויסגעאַרבעט פאַרן „רעליגיעזן אויפשוואונג פונם דייטשן פאָלק". דער יסוד פון דער היטלעריסטישער רעליגיע, ווי מען קאָן זען פון יענעם דאָקומענט, איז ראַדיקאַלער אַנטיסעמיטיזם, פאַראַכטונג צום קריסטנטום, גלויבן אין דער פראָווידענציעלער מיסיע פונם דייטשן פאָלק, פאַרהערלעכונג פון דער שווערד אַלס דעם סימבאָל פון פאָלקס־ערע, און קאַמף פאַרן „נאַטירלעכן רעכט" פונם גערמאַנענטום צו הערשן איבער דער וועלט. דעם פלאַץ פונם „דערלייזער" וועט, אָנשטאָט ישו־הנוצרי, ווי דער זעלביקער ראָזנבערג באַטאָנט איגם פאָרוואָרט צו זיין רעליגיעזער פלאַטפאָרם, פאַרנעמען היטלער, וועמענס אָנקומען און באַפרייענדיקע טאָט עס זאָל האָבן פאָראויסגעזאָגט נאָך צוריק מיט זעכציק יאָר פרידריך ניטשע. ניטשע ווערט אויך אין ראָזענבערג׳ס לעצטן דאָקומענט פאָרגעשטעלט, ווי דער מפנה־דרך פאַרן טעווטאָנישן משיח, ווי אַ מין יוחנן המטביל אין דער הייליקער דראַמע פון נאַציזם. היטלער׳ס הויף־פילאָזאָף איז אין דעם פאַל ניט קיין אויסנאַם. פונם סאַמע אָנהויב אָן האָבן נאַצישע „אינטעלעקטואַלן" דערקלערט ניטשען פאַרן נביא פונם דריטן רייך.

איז אַז מען וויל, קאָן מען פרעגן: וועמען אַרט עס? דער פאַקט, וואָס היטלעריסטן האָבן „עקספּראָפּריאירט" ניטשען, ווילן מאַכן פון אים אַן איקאָנע פאַר נאַצישער עבודה־זרה, איז ניט זייער גרעסטער פאַרברעכן. באַמערקט מען אָבער פון צייט צו צייט, אַז דער נאַצישער בלבול קלעפּט זיך צו אויך צו ניט־זייער־גלייכן. די לעצטע פאַר יאָר שטויסט מען זיך אָן אויך אין ליבעראַלע און סאָציאַליסטישע שריפטן אויף דערזעלביקער פאַלשער אויסטייטשונג פון ניטשעס אידעאַלן און ניטשעס פערזענלעכקייט. אַנדערע גיבן נאָך דעם פילאָזאָף צו אַ שותף. וואַגנער, זאָגן זיי, האָט צוגעגרייט דעם באָדן פאַרן היטלעריזם אין דער קונסט, ניטשע — אין דער פילאָזאָפיע און דיכטונג.

אָבער האָט טאַקע ניטשע וועלכע ניט איז שייכות צו יענעם זאָאָלאָגישן נאַציאָנאַליזם, וואָס בושעוועט איצט איבער גאַנץ אייראָפּע? נאַטירלעך, עס איז אַ ריין „אַקאַדעמישע" פראַגע, ניט מער ווי אַ פראַגע פון היסטאָרישן אמת, און זאָל מען היינט יענעם אמת פעסטשטעלן מיט דער מאַקסימאַלסטער קלאָר־קייט, וועט זיך אין דער ווירקלעכקייט גאָרנישט ענדערן. מען טאָר אָבער ניט זיין גלייכגילטיק צו דעם פאַקט, וואָס אין דער פּראָגרעסיווער וועלט און צווישן אמת־זוכנדיקע מענטשן בירגערט זיך ביסלעכווייז איין אַ היס־טאָרישער ליגן. ניטשע איז היינט אַ פאַרגעסענער פילאָזאָף (זיין ליטעראַרישער תחית־המתים וועט אפשר קומען מיט דער צייט), מען לייענט אים איצט ווייניק, מען שטודירט אים איצט נאָך ווייניקער, און אין זיין „נאַכלאַס", גראָד אין יענע זיינע ניט־געאָרדנטע באַמערקונגען, אין וועלכע דער רייפער ניטשע האָט געשמועסט מיט זיך אַליין פאַר זיין פאַטאַלן קראַנק ווערן, פוילן זיך אַמאָל אַריינצוקוקן אַפילו פאָרשער. איז עס דערפאַר דער חוב פון יעדן איינעם, פאַר וועמען ניטשעס נאָמען מיינט עפּעס אין דער גייסטיקער ביאָ־גראַפיע פון דער מאָדערנער אייראָפּע, צו העלפן מיט וואָס ער קאָן, כדי צו באַזייטיקן — אַ חילול־השם.

ווייל אויב נאַציזם איז דייטשער פאַטריאָטיזם, איז ניטשע, דער זעלבסט־שטענדיקער ניטשע, נאָך דעם ווי ער האָט זיך באַפרייט פון דעם וואַגנערישן מוזיק־כישוף און פון זיין פּערזענלעכער פריינטשאַפט מיט וואַגנער׳ן — קיינמאָל קיין פאַטריאָט ניט געווען. פליכט־געפיל האָט אים אין זיין יוגנט געבראַכט אויפן שלאַכטפעלד. ער האָט זיך באַטייליקט אין דער דייטש־פראַנצויזישער מלחמה מיט וואָס ער האָט געקאָנט, אָבער דער דייטשער זיג איז פאַר אים געווען די גרעסטע אַנטוישונג. ער איז ניט געווען קיין דעפעטיסט; ער האָט, נאַטירלעך, ניט געגאַרט נאָך אַ מפּלה פון זיין פאָטער־לאַנד; ער האָט אָבער ניט געקאָנט אַריבערטראָגן די זאַטקייט און זעלבסט־צופרידנקייט פון די זיגער, פונם רוב מנין פונם דייטשן פאָלק, די פאַרליבט־קייט אין זיך אַליין, וואָס מען האָט געקאָנט איבערלייענען אויפן פּנים פון יעדער דייטשער בעל־הבית׳טע, ווען זי האָט געבאַקן איר זונטיק־קוכן. ער איז אַנטלאָפן פון ביירויט, פון די מוזיקאַלישע וואַגנער־פייערונגען, ווייל אויך דאָרט, און אפשר ערשט דאָרט, האָט ער דערפילט דעם אָפּשטויסנדיקן גערוך פון ווירוויך, וואָס דייטשן האָבן געצויגערט צו זיך אַליין. אומעטום, וואו ער איז געגאַנגען, האָט ער געהערט אַרום זיך דאָס יובעלן פון עולה־לגדולה זיין. דייטשלאַנד איז געוואָרן אויף אַן אמת׳ן אַ „רייך", אַן אימפּעריע. קיין ענטוזיאַזם האָט עס אָבער ביי אים ניט אַרויסגערופן: וואָס קומט אַרויס פון דער „אימפּעריע", אַז דער דייטשער מענטש אַליין זעט אויס אַזוי „ניט־אימפּעריאַל"? ער האָט געזען אין דעם דייטש דעם זעלביקן קנעכט, וואָס ער

האָט געקענט פון פריער, אַביסל אַנדערש געשליַיערט. דער דיַיטשער מענטש, האָט ער שפּעטער באַהויפּט, איז איצט, נאָך דעם זיג, מער קנעכט און מער פּחדן, ווי ער איז געווען פאַר דעם זיג:

„די קליַינקיַיט און די דלות׳דיקע געבונדנקיַיט פון דער דיַיטשער נשמה איז גאָר ניט געווען קיין פּועל־יוצא פונם פאַקט, וואָס דיַיטשן האָבן גע־לעבט אין קליַינע מלוכה׳לעך. וויַיסן מיר דאָך פון שטאָלצע און זעלבסט־הערלעכע מענטשן אין קליַינע שטאָטן. אַן אימפּעריע איז ניט ביכולת צו מאַכן די נשמה פריַיער און מענלעכער. ווער עס טראָגט אין זיַין נשמה דעם שקלאַפישן באַפעל „דו זאָלסט און מוזט קניען״, און זיַין קאָפּ בויגט זיך אויטאָמאַטיש פאַר ערן־טיטלען, פאַר אָרדנס און מעדאַלן, און פאַר אַ „גנע־דיקן״ קוק פון אויבן אַראָפּ, דער וועט אין אַן „אימפּעריע״ זיך נאָך טיפער בוקן, דער וועט פאַר אַ גרויסן הערשער פונם פאָטערלאַנד אָפּלעקן דעם שטויב פונם באָדן נאָך מיט מער כוונה ווי ער האָט עס פריער געטאָן פאַר דעם קליַינעם הערשער״ *).

אַ פּאַראַלעל צו ניטשען, אין דעם פּרט, קאָן מען געפינען אין דער גרי־כישער ליטעראַטור־געשיכטע. אין דער קלאַסישער גריכנלאַנד האָט זיך געפונען אַ קינסטלער, דער געקרוינטער נאַציאָנאַלער קינסטלער פון זיַין דור, וועמען עס האָט געעקלט פונם נאַציאָנאַליסטישן יובל־געפּיל, וואָס האָט אַרומגע־כאַפּט זיַין פאָלק נאָך דער זיגריַיכער מלחמה קעגן די פּערסער. עסכילאָס האָט וואָרשיַינלעך אויף זיַין אופן געזען די טעמפּע זעלבסט־פאַרגעטערונג, וואָס האָט דעמאָלט געלעבט אין פּאַטריאָטישן פאָלק, און אָנשטאָט זיך צו פריַיען מיט די זיגער, האָט ער גאָר אין זיַין טראַגעדיע „די פּערסן״ געטרויערט מיט די באַזיגטע. ניטשע האָט, אמת, ניט געפּראַוועט קיין אבלות נאָך דער פראַנצויזישער מפּלה — אַזוי אַלטרואיסטיש־סענטימענטאַל איז ער קיינמאָל ניט געווען — אָבער דער דיַיטשער זיג גופא איז אין זיַינע אויגן געווען אַ נידערלאַגע, אַ ירידה פון דיַיטשן גייסט, אַן אַראָפּזינקען אין דער טומאה פון ענג־נאַציאָנאַליזם.

וויַיניקער פון וועלכן ניט איז אַנדערן קינסטלער אָדער פילאָזאָף אין דיַיטשלאַנד איז ניטשע געווען געצוויגט אַנצונעמען די אויפפאַסונג פון דיַיטשער סופּעריאָריטעט. ביַי זיך איז ער געווען זיכער, אַז ווען מען וואָלט אים פאַר דער געבורט געפרעגט, אין וועלכן לאַנד און אין וועלכן היסטאָרישן פּעריאָד ער וויל קומען אויף דער וועלט, וואָלט ער אָנגעוויזן אויף דער אַמאָליקער קלאַ־סישער גריכנלאַנד. וויַיל יענע קולטור־אידעאַלן, וועלכע ניטשע האָט געוואָלט אַריַינברענגען אין דיַיטשלאַנד און אין איַיראָפּע בכלל, זיַינען, לויט זיַין אויפפאַ־סונג, געווען גריכישע, „העלעניש״ אידעאַלן: די אידעאַלן פון טראַגישע העלדן,

*) Zu "Voelker und Vaterlaender," Aus dem Nachlass.

פון פעסימיסטן, וואָס זיינען גובר אין זיך די קאָסמישע מרה־שחורה דורך די גרויסע אמת'ן פון עסטעטישע „ליגנס" — די פרייע אויטאָנאָמע פערזענלעכ־קייט. און דאָס, וואָס ער האָט אָנגערופן מיטן נאָמען „דאָס גריכישע", האָט ער אין דייטשלאַנד, גראָד אין דייטשלאַנד, ניט געפונען: צו בעל־הבית'יש פאַרקנעפּלט, צו ניט אָרגיאַסטיש איז פאַר אים געווען דער דייטשער נוסח, אַז ער זאָל קאָנען מיט אים שלום מאַכן. נאָך מער: ווען ער האָט געזוכט אין אייראָפּע די יורשים פון דער אַמאָליקער גריכישער קולטור, פון דער איינציקער, ווי ער האָט געגלויבט, אמת־הומאַניסטישער קולטור, וואָס די מענטשהייט האָט ביז אַהער אַרויסגעבראַכט, האָט ער זיי געפונען אין אַנדערע לענדער און גראָד ניט אין די נאָרדישע. אויב עס איז נאָך פאַרבליבן אין אייראָפּע עפּעס פונם אַמאָליקן פרייהייטלעכן גריכן־גייסט, פון דער פייאיקייט צו פערזענלעכער אויטאָנאָמיע, פון דעם טאַלאַנט אַרויסצוברענגען אייגענעם, אינדיווידועלן, ניט קיין „טשערעדע"־סטיל, דאַרף מען עס, ווי ער האָט געגלויבט, זוכן ניט ביי די גערמאַנען, נאָר אין די דרום־לענדער, ביי די לאַטיינישע פעלקער, נעענטער צום מיטללענדישן ים. גערעכט אָדער אומ־גערעכט, צי ער האָט ריכטיק אָפּגעשאַצט די „אייביקע ווערטן" פון דער גריכישער קולטור, אָדער ער האָט אין איר אַריינגעטייטשט, ווי אַסאַך קריטי־קער באַהויפּטן, זיינע אייגענע טרוימען און פיבערהאַפטיקע וויזיעס, אָבער אין דער אַטמאָספערע פון אַן אתה־בחרתנו־דייטשלאַנד האָט ער זיך געפילט ווי אין דער פרעמד — ביי זיך אין דער היים אין אַ גייסטיקן „גלות". נאָר אַן עקסטרעמע פאַרביטערונג קעגן דעם דייטשן ענג־נאַציאָנאַליזם האָט אים געקאָנט ברענגען צו עקסצעסן פון געדאַנק און וואָרט, צו אַ באַהויפּטונג, למשל, אַז „דער דייטש מוז זיין מער פון אַ דייטש, כדי צו זיין ניצלעך פאַר אַנדערע פעלקער, כדי, לכל־הפּחות, מ'זאָל אים קאָנען דולדן". אַראָפּגערעכנט סאָציאַליסטן, איז ניטשע געווען אין די זיבעציקער יאָרן אפשר דער איינ־ציקער אינטערנאַציאָנאַליסט אין דייטשלאַנד. ער האָט שוין דעמאָלט זיך אויסגעלאַכט פון אַלע פלאַפּלערייען, וואָס האָבן צו טאָן מיט ראַסן־האַס, און מיט אַ באַזונדערער הנאה פלעגט ער זיך רייצן מיט דייטשע ראַסן־פעטישיסטן, ווועלנדיק באַווייזן, אַז ביסמאַרק זעט אויס ווי אַ סלאַוו, ניט ווי אַ גערמאַן; אַז נאָר רוסלאַנד וועט אפשר מיט דער צייט אַרויספירן אייראָפּע פונם גייסטיקן זומפּ, אין וועלכן זי איז געבליבן שטעקן; אַז ער אַליין שטאַמט גאָר פון פּאָליאַקן און איז זייער שטאָלץ מיט זיין יחוס, און אַז אין די לעצטע עטלעכע יאָרהונדערטער האָט אייראָפּע אַרויסגעבראַכט בלויז איין מאַן פון אַ גרויסן פאָרנעם, איז ער געווען האַלב־איטאַליענער און האַלב־פראַנצויז — נאַפּאָלעאָן. מען מוז ניט נעמען ערנסט אַלע יוצא־דופן־באַהויפּטונגען, וואָס ניטשע פלעגט אַזוי אָפט מאַכן ווי אויף צו להכעיס. איך בין ניט זיכער, אַז ער

האָט טאַקע באמת געגלויבט, אַז „אַלץ, וואָס עס האָט אין דייטשלאַנד פאַר־מאָגט מענלעך, איבערשטראָמענדיק בלוט, איז אַוועק קיין אויסלאַנד, און פון אויסלאַנד קומט צוריק אַן אויסגעבעסערטער טיפּ, אָפּטמאָל אַדאַנק דעם בייגעמיש פון סלאַוויש בלוט". אָבער נאַפּאָלעאָנ׳ס פערזענלעכקייט איז פאַר אים געווען אַן עכטע און טיפע איבערלעבעניש, און ניט ווייל יענער איז געווען אַ באַגאַבטער סאָלדאַט און אַ „הערשער־נאַטור", נאָר ווייל ער האָט אין אים געזען דעם מפנה־דרך פאַר דעם אַל־אייראָפּעאישן „נאַציאָנאַליזם", דעם נביא פון — פאַן־אייראָפּע.

אויב איך מאַך ניט קיין טעות, איז — אין דייטשלאַנד, יעדנפאַלס — דער באַגריף פון פאַן־אייראָפּע אַריינגעבראַכט געוואָרן דורך ניטשען. גראַד דייטשלאַנדס זיג האָט אין אים אַרויסגערופן דעם געפיל, אַז מען מוז איינמאָל פאַר אַלעמאָל מאַכן אַ סוף צו די קליינלעכע, לאָקאַלע פּאַטריאָטיזמען. דער אינדיווידואום קאָן זיך ניט אויסשיילן אין זיין פולן אויטאָנאָמען וואוקס מחמת די פּראָווינציעלע טשערעדע־קולטורן פון די איינצלנע שטאַטן. אייראָפּע, האָט ער געגלויבט, מוז ווערן אַן איינהייט, פריער אַ פּאָליטישע און מיט דער צייט אַ קולטורעלע, כדי „דאָס גריכישע" זאָל אין איר קריגן אַ תיקון, כדי דער יחיד זאָל זיך קאָנען אָנהויבן אַנטוויקלען אַלס יחיד, לויט זיינע אייגענע, אינעווייניקסטע געזעצן און ניט לויט דער קאָמאַנדע פון אַ גרויען, לאַנגווייליקן „כלל". דייטשן, די גערמאַנישע פעלקער בכלל, האָבן אויפגע־לעבט אין וויכטיקע מידה־טובה פונם קלאַסישן גריכנטום: פרייהייט פון רעליגיעזן געוויסן. אַפילו אין די סאַמע סאַרקאַסטישע מאָמענטן פון זיין „אַנטי־דייטשטום" האָט ניטשע ערנסט אָפּגעשאַצט די דייטשע רעליגיעזע רעפאָרמאַציע, וועלכע האָט יענע פרייהייט כלומרשט פּראָקלאַמירט. אין דעם זין זיינען די לאַטייניש פעלקער, פאַר וועלכע ער האָט געהאַט אייגנאַרטיקע סימפּאַטיעס (ווייל זיי זיינען נעענטער צום „גריכנטום"), נידעריקער פון די דייטשן. דער דייטש האָט אָבער נאָך אַלץ קיין חוש ניט פאַר „אַלגעמיינע פרייהייט פון גייסט און פון געשמאַק", און גראַד די לאַטייניש פעלקער, כאָטש אַזוי געבונדן פון קאַטוילישן גייסטיקן צוואַנג, האָבן געלאָזט מער פלאַץ, אויב ניט פאַר דעם אינדיווידועלן דענקען, איז פאַר אינדיווידועלן נוסח און סטיל. וואָס אייראָפּע מוז איצט האָבן, איז, דערפאַר, אַ סינטעזע פון לאַטיינישער געשמאַקס־פרייהייט, פון גערמאַנישער געוויסנס־פרייהייט און פון די „באַרבאַרישע" אָרגיאַזמען פון די סלאַווישע פעלקער. ערשט אַזאַ סינ־טעז־אייראָפּע קאָן ווערן דער פלאַץ פון אַ באַנייטער, עכטער קולטור, פאַר פרייהייטלעכער אַנטוויקלונג פון דער איינצלנער פערזענלעכקייט. אַזאַ אייראָפּע — האָט ער געגלויבט — מוז אַנטשטיין. די אייראָפּעאישע פעלקער מוזן זיך באַפרייען פון זייערע קליינשטעטלדיקייטן, אויב מיר ווילן באַזייטיקן די

סכנה פון קליינע נאַציאָנאַלע טשערעדעס, וואָס זיינען גרייט מלחמה צו האַלטן איינע מיט דער אַנדערער, כדי נאָכן זיג אַריינצופאַלן אין טעמפּער זעלבסט־צופרידנקייט: „די קליין־שטאַטן פון איראָפּע, און ווען איך זאָג קליין־שטאַטן, מיין איך אויך אימפּעריעס, מוזן אין אַ קורצער צייט דערזען די אוממעגלעכקייט אפילו פון זייער ווירטשאַפטלעכער עקזיסטענץ אַלס באַזונדערע אָרגאַניזמען", און וואָס פריער זיי וועלן זיך צוזאַמענמישן אין איין פּאָליטישן אָרגאַניזם, אַלץ מער האָפענונג וועט זיין פאַרן שיקזאַל פונם איראָפּעאישן קאָנטינענט, פון דער וועלט בכלל. נאַפּאָלעאָן אַלס טרעגער פון אַן אינטערנאַציאָנאַליזירנדיקער קראַפט איז פאַר אים געווען דער אַנזאָג פון דער נייער איראָפּע, וועגן וועלכער ער האָט געטרוימט. עס איז דאָ ניט וויכטיק, צי נאַפּאָלעאָן האָט באַוואוסטזיניק, אינטעלעקטועל פאַרמאָגט די דאָזיקע אידייע, ווי ניטשע האָט זי אויסגעדריקט; וויכטיק איז, וואָס אין נאַפּאָלעאָנען האָט ער געזען דעם סימפּטאָם, די „בלינדע אינסטינקטיווע טענדענץ" צו אַ מין איראָפּעאישן „קאָסמאָפּאָליטישן נאַציאָנאַליזם".

אַז דייטשן זיינען אַ באַזונדערע, ריינע, נאָך דערצו אַ סופּעריאָרע ראַסע, און אַז זיי זיינען באַרופן צו דערפילן אַ וועלט־היסטאָרישע מיסיע — וועגן דעם געפינען מיר ביי ניטשען אפילו קיין זכר ניט, טראָצדעם וואָס זיינע ווערק זיינען אַזוי פול מיט סתירות. עס איז אויך לחלוטין נישטאָ קיין גרונט צו מיינען, אַז ניטשע האָט די נאַציס געגעבן אידעאָלאָגישן שטאָף פאַר זייער אַנטיסעמיטיזם. קיין ראַסן־מחיצה צווישן זיך און אידן האָט ער קיינמאָל ניט געפילט: „איך האָב אַ כלל", פלעגט ער אָפט זאָגן, „קיינמאָל ניט האָבן צו טאָן מיט מענטשן, וואָס באַשעפטיקן זיך מיט ראַסן־שווינדל". אמת, אין זיינע אינגערע יאָרן, בשעת ער איז נאָך געווען באַצויבערט פון וואַגנער׳ס פּערזענלעכקייט און פאַר׳שיכור׳ט פון זיין מוזיק, האָט ער זיך געלאָזט באַאיינפלוסן פון זיין עלטערן פריינט׳ס פּאַטאָלאָגישער באַציאונג צו אידן. פריינטשאַפט מיט וואַגנערן האָט אַרויפגעלייגט באַשטימטע פליכטן, און צווישן זיי איז אויך געווען די פליכט זיך צו „דיסטאַנצירן" פון אידן. ניטשעס בריוו פון באַזעל קיין טריבשען, וואו וואַגנער האָט אַ צאָל יאָרן זיך אויפגעהאַלטן, זיינען בכיוון אַנטיסעמיטיש געפאַרבט, כדי, ווי זיין שוועסטער, עליזאַבעט פערסטער־ניטשע, איז זיך מודה פאַר אים, צו פאַרשאַפן זיין פריינט אַביסל נחת־רוח. אין יענעם פּעריאָד איז דער יונגער ניטשע געווען שקלאַפיש פאַרליבט אין דעם דייטשן קאָמפּאָזיטאָר, און כדי ניט אָראָפּצופאַלן ביי אים אין די אויגן, האָט ער אַפילו — קעגן זיין בעסערן פאַרשטאַנד און אייגענעם ווילן — צוריקגעוויזן די איינלאַדונג פונם פרייבורגער פּראָפעסאָר מענדעלסאָן, אַ געלערנטער פון אידישן אָפּשטאַם, פון משה מענדעלסאָנ׳ס גזע, מיטצומאַכן מיט אים אַ שטודיר־רייזע קיין גריכנלאַנד, וועלכע האָט אים, נאַטירלעך,

זייער אינטערעסירט. גאָר אַן אַנדער באַציאונג צו אידן אינם אוממיטלבאַרן פאַרקער זעען מיר אָבער ביי ניטשען נאָך זיין רעוואָלט קעגן וואַגנער׳ן, נאָך דעם וואָס ער האָט זיך באַפּרייט פון יענעמס „כישוף־גיפט״. וואַגנער׳ס אידנהאַס איז געווען איינע פון די וויכטיקסטע סיבות, וואָס האָבן צו יענעם רעוואָלט גע־בראַכט. אין שפּעטערע יאָרן האָט ניטשע ניט איינמאָל באַמערקט, אַז וואַגנער איז פאַר אים אַ פּסיכאָלאָגישע רעטעניש, אַז ער קאָן ניט תופס זיין ווי אַזוי דער הימלישער יובעל אין זיין מייסטערזינגער־אָווערטיורע און דער טיפער מיט־לייד מיט מענטשן, וואָס מען פילט אין דעם גלאָקן־שפּיל פון זיין פּאַרסיוואַל, קאָנען זיך פּאָרן מיט פאַראַכטונג און גיהנום־שנאה צו גאַנצע גרופּן גע־מאַטערטע מענטשן. יעדנפאַלס, נאָך זיין „עמאַנסיפּאַציע״ פון וואַגנער׳ן, הערט ניטשע אויף זיך צו „דיסטאַנצירן״ פון אידן. דאָס ווערט, אגב, זייער רייך אילוסטרירט אין אַן אינטערעסאַנטער שריפט, וואָס אַ דייטשער ניטשע־פאָרשער האָט לעצטנס אַרויסגעגעבן אין שוועדן *).

אין בריוו צו געאָרג בראַנדעס, צום „אינטערנאַציאָנאַלן אידן״, מיט וועמען עס האָט אים יאָרן נאָכאַנאַנד פאַרבונדן אויפריכטיקע פריינטשאַפט, ווייזט ער אָן אויפן קולטור־שאַנטאַזש, וואָס אַנטיסעמיטן טרייבן אין דייטש־לאַנד: „דער אומגליק פון דער דייטשער געשיכטס־שרייבונג און טעאָלאָגיע איז פאַן־טרייטשקעס אַנטיסעמיטיזם״. ווען זיין שוואָגער, פאַן פערסטער, לאָזט זיך אַוועק אויף אַ לענגערער צייט קיין אַרגענטינע צוליב עפּעס אַ אידיאַטישער אַוואַנטורע, דערקלערט ניטשע מיט שמחה צו זיינע נאָענטע: „ס׳איז געוואָרן ריינער אין הויז, מען פילט מער ניט דעם גערוך פון זיין וואולגאַרן אַנטיסעמיטיזם״. און פרעגט מען אים אַ מיינונג וועגן דייטשער פּאָעזיע, דערקלערט ער מיט דער עקסטרעמער דרייסטקייט, וואָס איז פאַר אים כאַראַקטעריסטיש, אַז דייטשלאַנד האָט ביז אַהער אַרויסגעבראַכט בלויז צוויי גרויסע דיכטער: געטע און היינע. ער געדענקט היינע אויף אויסנווייניק, ציטירט אים אָפט אין שמועסן מיט פריינט און האָט אַ באַזונדערע הנאה פון די „פריוואַליטעטן״, וואָס היינע דערלויבט זיך אויפן חשבון פונם דייטשן פיליסטער, באַאַמטן, אָפיצער, אָדער „צאָפּ־געלערנטן״.

אין זיין דערמאָנטער שריפט ווייזט לאָנסבאַך אָן אויף ניטשעס צוויי בריוו צו דעם פאַרלעגער פריש, וואָס איז אין זיין צייט געווען דער הויפּט־אָרגאַניזאַ־טאָר פון דער אַנטיסעמיטישער באַוועגונג אין דייטשלאַנד, אין וועלכע ער פאָ־דערט, מען זאָל אים אויפהערן צו שיקן די העפטן פון דער „אַנטיסעמיטישער קאָרעספּאָנדענץ״. און ווייזן אים פריינט אָן אויף שלעכטע מידות, מיט וועלכע

*) Richard Maxmilian Lonsbach: Friedrich Nietzche und die Juden, Berman-Fischer Verlag, Stockholm.

אידן צייכענען זיך אויס, לויט זייער מיינונג, זוכט ער ניט צו לייקענען די פאַקטן גופא. ער שטעלט זיי נאָר אַוועק אין אַן אַנדער ליכט:

„ניט־אַנגענעמע, אַפילו געפערלעכע אייגנשאַפטן האָט יעדעס פאָלק און יעדער מענטש. עס איז אַן אכזריות צו פאַרלאַנגען, אַז בלויז דער איד זאָל זיין אַן אויסנאַם... אַחוץ דעם וואָלט איך וועלן וויסן, וויפל חסרונות דאַרף מען אין אַלגעמיינעם סך־הכל מוחל זיין, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ פאָלק, וואָס, ניט אָן דער שולד פון אונז אַלעמען, האָט צווישן אַלע פעלקער דורכגע־מאַכט די אָממערסטן ליידנספולע געשיכטע, און וואָס מיר דאַרפן אים זיין דאַנקבאַר פאַר דעם איידלסטן מענטשן (קריסטוס), פאַר דעם ריינסטן חכם (שפּינאָזאַ), פאַר דעם מעכטיקסטן בוך און פאַר דעם ווירקונגספולסטן זיטנ־געזעץ אין דער וועלט".

ווייל ער האָט וועגן אידן ניט קיין בייזע מחשבות, דערלויבט זיך ניטשע פון ציית צו ציית אָפּט אַנצואווייזן אויף געוויסע מאַגירלאַזיקייטן, מיט וועלכע זיי זיינען באַלאַסטעט, און אויף זייער יצר־הרע פאַרן „לייכטן ריוח׳ל". ער האַלט אָבער פאַר בויטיק אין דער זעלביקער צייט צו באַטאָנען, אַז צו זייערע אייגנשאַפטן געהערן „טאַטקראַפט, העכערע אינטעליגענץ, גייסט־און־ווילן־קאַפּיטאַל, וואָס זיי האָבן, פון דור צו דור, אָנגעזאַמלט אין זייער לאַנגער ליידנסשול", און אַז גראַד די דאָזיקע פּאָזיטיווע אייגנשאַפטן רופן אַרויס ביי שאַרלאַטאַנען און לא־יוצלח׳ס קנאה און שנאה און אַ נידערטרעכטיק שטרעבן צו פאַרוואַנדלען אידן אין אַ כפרה־הינדל פאַר אַלע אומגליקן.

לאַנסבאַך דערמאָנט אָן אַ ריי פּערזענלעכע פריינטשאַפטן מיט אידן, וואָס ניטשע האָט געשלאָסן אין די יאָרן פון זיינע וואַנדערונגען. פון אַ באַזונדע־רער פּסיכאָלאָגישער וויכטיקייט איז זיין אינטימע פריינטשאַפט מיט פּאַאול לאַנצקי׳ן. פאַר דעם דאָזיקן פיינפילנדיקן אונגאַרישן אידן האָט זיך ניטשע, אין אַ זומער־נאַכט אין איטאַליע, געקלאָגט אויף זיינע קערפּערלעכע מיחושים און אויף זיין „נשמה־בויט", און אים אַנפאַרטרויט דעם סוד, אַז ער קלייבט זיך באַגיין זעלבסטמאָרד. די „ראַסן־מחיצה" צווישן דעם „אַריער" און דעם „סעמיט" האָט אים ניט געשטערט זיך אויסצוגיסן פאַר אים דאָס האַרץ אויף אַן אופן, אויף וועלכן ער האָט עס מיט קיין איינעם פון זיינע מיוחס׳דיקע דייטשע פריינט ניט געטאָן. ניט ווייניקער אינטערעסאַנט איז ניטשעס פאַר־קער מיט אַן אַנדער אידן, דעם עסטרייכישן נאַטור־וויסנשאַפטלער פּאַנעט. מיט אים דיסקוטירט ער לאַנגע שעה׳ען די אידישע פּראָבלעם, פאַר וועלכער ניטשע זעט, אויף זיין פּאַראַדאָקסאַלן אופן, צוויי פּאַראַלעלע לייזונגען. דייטשע אידן, מיינט ער, דאַרפן בלייבן אין דייטשלאַנד און זיך אַסימילירן מיט דעם מערהייטס־פאָלק. ראַסן־געמיש, האַלט ער, איז אין געוויסע סיטואַציעס אַ געזונטע זאַך פאַר אַלע צדדים, און עס וואָלט געווען באַזונדערס ווינשנסווערט,

ווען אין דייטשן אָרגאַניזם קומט אַריין אַביסל מער אידיש בלוט, פון איין זייט, און „אָרגיאַסטיש״ רוסיש בלוט, פון דער אַנדערער זייט. אין דער זעלביקער צייט גיט ער זיין אידישן פריינט צו פאַרשטיין, אַז אַנדערע אידישע גרופּן דאַרפן זוכן אַ וועג פאַר ראַסן־פּאַראַינגערונג אין ארץ־ישראל. אין די אַכציקער יאָרן, איידער עס איז נאָך געווען אויף דער וועלט אַ פּאָליטיש־ציוניסטישע באַוועגונג, טראַכט שוין ניטשע וועגן דעם, אַז עס וואָלט געווען כדאי צו העלפן אַ טייל אידן ווידער־אויפצובויען פאַר זיך זייער אַמאָליקע היים, וואו זייער געניוס וועט זיך נאָכאַמאָל קאָנען אַרויסווייזן אין זיין גאַנצער קראַפט.

וואָס האָט דאָס אַלץ צו טאָן מיט אַנטיסעמיטיזם, באַזונדערס אין זיין נאַצישן נוסח — מיט אַ לערע פון אידישער ראַסן־אינפעריאָריטעט, מיט אַ באַגריף פון „ראַסן־שענדונג״? וויניק דערשיינונגען האָבן ניטשען אַזוי גע־שראָקן, ווי דער וואוקס פון דער אַנטיסעמיטישער באַוועגונג אין דייטשלאַנד. אין אידנהאַס, אַלס פּאָליטישער לאָזונג, האָט ער געזען פאַר דייטשלאַנד און פאַר גאַנץ איירָאָפּע די גרעסטע קולטור־סכנה, די סכנה פונם „עבד כי ימלוך״. אַלע אומבאַגאַבטע, פוילע, טויגעניכטסן, אומזיסט־עסערס, לאָ־יוצלח׳ס, גייסט־לאָזע און גייסט־האַסער זוכן פאַר זיך, ווי ער האָט שוין דעמאָלט באַמערקט, אַ „תיקון״ אין אַנטיסעמיטיזם: „קאַמף קעגן אידן״, לייענען מיר אינם עלפטן באַנד פון זיינע שריפטן, „איז שטענדיק געווען אַ צייכן פון די שלעכטערע, פון קנאה־אויפגעפרעסענע און פחדנות׳דיקע נאַטורן, און ווער עס נעמט איצט אַנטייל אין אַזאַ קאַמף, מוז אין זיך טראָגן אַ גוט שטיק גרוביאַנישע מענטאַליטעט״ („פּעבעלהאַפטע געזינונג״). אין אויפוואַכנדיקן ראַסן־אַנטי־סעמיטיזם האָט ניטשע געזען, פאַר אַלעמען, דאָס שטרעבן פון די נידעריקע המון־מענטשן זיך צו קאָמפּענסירן פאַר זייער אומפעאיקייט מיט אַ ביליקן יחוס־עצמו, מיט אַ מעטריקע, וואָס דאַרף זיי געבן אומפאַרדינטע פּריווילעגיעס און אַ פּיקטיוו־אַריסטאָקראַטיש באַוואוסטזיין, און אים האָט דערפאַר געעקלט פון דער מעגלעכקייט פון אַ באַרבאַרישער „אינוואַזיע פון אינעווייניק״.

מאַכן איירָאָפּע „אידנריין״ — אַזאַ לאָזונג האָט זיך שוין געהערט אין די אַכציקער יאָרן, אין „פעלקישע״ קרייזן, סיי אין דייטשלאַנד, סיי אין עסט־רייך. צו ניטשען האָט זיך אָבער דער לאָזונג קיינמאָל ניט צוגעקלעפּט. אידן — צוזאַמען מיט פראַנצויזן, איטאַליענער און סלאַוון — זיינען פאַר אים געווען אַ וויכטיקער עלעמענט פאַר דער אויסבילדונג פון אַ ניי „איירָאָפּעאיש פאָלק״. צו לאַנג האָבן די אידן געלעבט און געווירקט אין איירָאָפּע, אַז מען זאָל זיי באַטראַכטן פאַר אַ „פרעמדן״ אַזיאַטישן עלעמענט. ניטשע גלויבט אַפילו, אַז גראָד אידן, טראָץ זייער אַזיאַטישן אָפּשטאַם, האָבן אין אַ געוויסער מאָס אָפּגעראַטעוועט איירָאָפּע פון בלייבן שטעקן אין גייסטיקן „אָריענטאַליזם״.

ניט רעכענענדיק די אַראַבער (אויך סעמיטן!), זיינען די אידן אין אייראָ־פּעאישן מיטלאַלטער געווען די איינציקע, וואָס האָבן אויפגעלעבט און אויפגע־האַלטן דעם פלאַם פונם קלאַסיש־גריכישן גייסט, בשעת די קאַטוילישע קירכע האָט געהאַלטן דעם גאַנצן קאָנטינענט אין די קייטן פון אַן „אָריענטאַלישער רעליגיע". דיזעלביקע אידן, הייסט עס, וואָס האָבן — מיט דער הילף פון קריסטנטום — אָריענטאַליזירט די אייראָפּעאישע פעלקער, האָבן זיי נאָכדעם צוריק „אָקצידענטאַליזירט", און זיי טראָגען אין זיך גענוג ניט אויסגעשעפּטע כוחות, כדי זיך מיטצובאַטייליקן אינם שאַפן פון אַ נייער מערב־קולטור.

## II

ניט קעגן אידן האָט ניטשע געצילט זיינע פיילן, נאָר קעגן אידנטום, קעגן אַ געוויסער גייסט־טענדענץ, וואָס זיי האָבן אַמאָל אַריינגעטראָגן אין לעבן פון דער וועלט. ניטשעס „אַנטיסעמיטיזם" איז ניט אידן־האַס, נאָר אַן אייגנ־אַרטיקער אידנטום־האַס. ער האָט גאָרניט צו טאָן מיט פּאָליטיק אין ספּעציפישן זינען פון וואָרט, אָדער מיט עקאָנאָמיק, מיט געזעצגעבונג אָדער סאָציאַלע דיסקרימינאַציעס. זיין „אַנטיסעמיטיזם" איז אַ היסטאָריש־פילאָסאָפישער, אַ מאָראַליש־מעטאַפיזישער, דערצו אָנגעהויכט מיט דער גאַנצער טראַגיק פון סתירה אין זיינע נשמה־שפּאַנונגען. (אַזאַ „אַנטיסעמיטיזם" איז מסוגל אָנצונעמען אויך אַ באַשטימטער טיפּ איד: מיכה־יוסף בערדיטשעווסקי, למשל, האָט אין זיינע „ניטשע'אַנישע" יאָרן, מיט וויניקער גראַציע און טאַלאַנט, גערופן אידן תשובה צו טאָן פאַר זייערע „זינד", פאַר שאַפן, ווי ער האָט געפילט, אַן אינסטינקט־פיינטלעכע, לעבן־שטיקנדיקע, אין קייטן־שמידנדיקע אַסקעטישע רעליגיע, אין וועלכער ער האָט געוואָלט זען אַ מין „חילול הטבע").

אַ גאַנץ לעבן האָט זיך ניטשע געראַנגלט צווישן „צוויי זעלן אין זיין ברוסט": צווישן חסד און גבורה. ביידע האָבן זיי פאַר אים פאַרמאָגט אַן אומגעהייער שטאַרקן כח־משיכה, ביידע האָבן זיי אין אים אַרויסגערופן שפּאַ־נונגען, וואָס האָבן זיך ניט געלאָזט באַהערשן. די פיגור פונם נוצרי (די סימבאָלישע פאַרקערפּערונג פון חסד), וואָס האָט אין אים אַ גאַנץ לעבן אַרויסגערופן באַוואונדערונג און אַ מין כורעים־שטימונג, האָט אים אָבער אין דערזעלביקער צייט געגעבן דעם געפיל, אַז גרויס און פאַרערונגסווערט ווי זי איז, איז זי אָבער אַן אָפּנויג פון דער ליניע, וואָס די „נאַטור" האָט פאַר אונז אָנגעצייכנט — אַז אין „גריכנטום", אין דער אייביקער אומשולדיקייט פון די אינסטינקטן, אין דער „הייליקייט" פון די ליידנשאַפטן, און אין גבורה, וואָס ווייס ניט פון קיין דין און פון קיין דיין, וואָס פאַרפלייצט די וועלט מיט איר וואולקאַנישקייט און אומגעצוימטקייט און לאָזט זיך ניט „פאַרווייכלעכן" און „פאַרווייבלעכן" פון מיטלייד און קראַנקן געוויסן, ליגט אַן אייביקער

גרונט־„אמת". ווען ער וואָלט געקאָנט שטעלן דעם רבונו־של־עולם אַן אולטי־מאַטום, וואָלט ער פון אים געפאָדערט: מאַך אַזוי, אַז איך זאָל גלייכצייטיק זיין אי אַ פראַנציסקוס פון אַסיזי, אי אַ נאַפּאָלעאָן, און איך זאָל צווישן זיי ניט פילן קיין סתירה און קיין גרענעץ. אָבער קיין רבונו־של־עולם, האָט ער „געוואוסט", איז נישטאָ, און אויב ער זאָל יאָ זיין, וועט ער קיין אולטי־מאַטום ניט אָננעמען. דער וועג צו „גרויס־זיין" ליגט אָדער אויף דער ליניע פון אַ פראַנציסקוס אָדער אויף דער ליניע פון אַ נאַפּאָלעאָן, און דינען קאָן מען (רעדנדיק אין אידישע טערמינען) אָדער דער מוטערלעכער שכינה אָדער דעם „אל צבאות". עס איז ניט קיין צופאַל, עס איז סימבאָליש פאַר זיין גאַנצן שיקזאַל, אַז ווען ער איז אַראָפּ פון זינען, האָט ער זיך גע'חתמ'עט אויף אַ צעטעלע: „דער געקרייציקטער דיאָניס". די צוויי פיגורן, מיט וועלכע ער האָט זיך אין זיין וואַנזין אידענטיפיצירט, זיינען געווען דער טראַגישער גריכישער גאָט (גבורה) און דער געקרייציקטער אויף דער תליה (חסד), און מיט דער „לאָגיק" פון אַן אומלאָגישן צושטאַנד האָט ער די צוויי פיגורן פאַרוואַנדלט אין איינער, אין אַ סינטעז־געשטאַלט, אין... אַ ניטשע וואָס איז „דערלייזט געוואָרן" פון זיינע שפּאַלטונגען און געוואָרן איינס. אַ סימבאָליש־ביאָגראַפישן אויסדרוק פאַר דעם דאָזיקן פאַטאַלן קאָנפליקט אין זיין נשמה קאָן מען זען שוין אין זיינע יוגנט־יאָרן: ער נעמט אָנטייל אין דער פּרייסיש־פראַנצויזישער מלחמה אַלס פרייוויליקער (אין יענע יאָרן איז ער געווען אַ שווייצאַרישער בירגער און מיליטער־פליכט איז אויף אים ניט חל געווען), ניט אַלס סאָלדאַט, נאָר אַלס סאַניטאַר, אַלס „אַ באַרעמהאַרציקער ברודער". אויפן שלאַכטפעלד איז ער ניט די קעמפנדיקע „בלאָנדע בעסטיע", נאָר די מיטליידנדיקע „קריסטלעכע נאַנע", וואָס העלפט פאַרוואונדעטע און טרייסט געפאַלענע. זיין באַציאונג צו אידנטום־קריסטנטום איז אַלע יאָרן געווען אַן „אַמביוואַלענטע", אַ צווייפאַכע, אַ ווידערשפּרוכלעכע: טיפע פאַרערונג, וואָס דערגייט ביז עקזאַלטאַציע, און אין דער זעלביקער צייט קאָנוואולסירנדיקע אָב־שטרענגונגען זיך צו באַפרייען פון אַ מין מיסטעריעזן לבנה־שיין־היפּנאָז. און אָט אין דער „פיינטלעכקייט" צום אידנטום, סיי אין זיין אָריגינעלן, און סיי, נאָך מער, אין זיין עוואַנגעלישן לבוש, האָבן זיך עס די נאַצישע „פילאָזאָפן" אָנגעכאַפּט, כדי צו קאָנען פּראָקלאַמירן ניטשען פאַרן נביא פון דער דייטשער „דערלייזונג".

אָבער וואָס האָט צו טאָן מיט נאַציזם ניטשעס טראַגישע צעריסנקייט, די פאַרצווייפלונג צו וועלכער עס האָט אים געטריבן דער „פאַקט", אַז גבורה און חסד זיינען ווי אַנטיטעזן, אַז איינס קאָן לעבן ניט צוזאַמען מיטן צווייטן, נאָר אויפן חשבון פונם צווייטן? וואָס פאַר אַ שייכות האָט זיין טרוים פונם איבערמענטשן (וועלכן ער האָט אין אַ היסטערישער מינוט באַצייכנט אַלס

די „בלאָנדע בעסטיע") מיט דער נאַציִשער פּראָגראַם פון אַן איבער־זשאַנדאַרם און איבער־הענקער?

עס זיינען געווען צייטן, ווען געוויסע נאַציִשע אידעאָלאָגן האָבן צביעות'־דיק געשאָנעוועט דעם נייעם טעסטאַמענט אַלס אַ פּראָדוקט פון „אַרישער שאַפונג", כדי זיי זאָלן קאָנען לייכטער גיסן עמערס שמוץ אויפן תנ"ך. אָבער ווען האָט ניטשע זיך דערלויבט אַ וואולגאַר וואָרט וועגן דעם „ספר הספרים"? קיין גרעסערן יראת־הכבוד פאַרן אַלט־העברעאישן געניוס דאַרף מען ניט זוכן, ווי אין די פאָלגנדיקע ניטשע־שורות:

„אין אידישן אַלטן טעסטאַמענט, אינם בוך פון געטלעכער גערעכטיקייט, זיינען פאַראַן מענטשן, זאַכן און רעדן אין אַזאַ גרויסן סטיל, אַז די גריכישע און אינדישע ליטעראַטורן קאָנען זיך מיט זייער סטיל ניט איבערנעמען. מיט שרעק און ערפורכט שטייט מען פאַר די דאָזיקע אומגעהייערע דאָקומענטן פון דעם, וואָס דער מענטש איז אַמאָל געווען, און עס שווימען אומפאַרמיידלעך אויף טרויעריקע געדאַנקען וועגן דער אַלטער אַזיע און איר האַלב־אינזל אייראָפּע, וואָס וויל פאַררעכנט ווערן קעגן אַזיע אַלס דער „פּראָגרעס פונם מענטשן"... דער געשמאַק פאַרן אַלטן טעסטאַמענט איז דער פּראָביר־שטיין פון „גרויס" און „קליין".

צו דער דאָזיקער טעמע, צו דער פאַרהערלעכונג פונם תנ"ך, קערט זיך ניטשע אום אויך ביי אַנדערע געלעגנהייטן. דעם קינסטלערישן ווערט פון דער אַלט־העברעאישער ליטעראַטור שטעלט ער אומגעהייער הויך: „בכלל איז די פייערלעכקייט פונם טויט, די פאַרהייליקונג פון דער ליידנשאַפט אויף דער ערד, אפשר אין ערגעץ נאָך ביז אַהער נישט געשילדערט געוואָרן שענער, ווי פון געוויסע אידן אין אַלטן טעסטאַמענט; אויך די גריכן וואָלטן געמעגט גיין צו זיי אין שול אַריין". נאָך מער, ניטשע — טראָץ די אומצייטיקע פאַר־אורטיילן, מיט וועלכע זיין סביבה איז געווען אָנגעזאַפּט — געפינט אַ גוט וואָרט אַפילו פאַרן שפּעטערדיקן, תלמוד'ישן אידנטום: „דער פּרושים־גייסט", לייענען מיר אין זיינע באַמערקונגען צו „יענזייטס פאָן גוטס און בעזע", „איז נישט קיין דעגענעראַציע אינם גוטן מענטשן; להיפוך, אַ גוט שטיק דערפון איז גאָר די באַדינגונג פון יעדן גוט־זיין". אידן איז דערפאַר געלונגען אין משך פון דער צייט צו אַנטוויקלען אין זיך אַזעלכע מידות אין באַציאונגען צווישן מענטש און מענטש און אין פאַמיליען־לעבן, אַזוי פיל אויפריכטיקע גרייטקייט ניט ווי צו טאָן און בייהילפיק צו זיין, אַז אין דער רוימישער אימפּעריע האָט מען געגאַפט אויף זיי און ניט פאַרשטאַנען, פון וואַנען אַזאַ מענטאַליטעט נעמט זיך. די טראַגישע פראַגע פאַר ניטשען איז אָבער געווען אַן אַנדערע — צי איז גוטסקייט גופא גוט? צי ליגט אין איר דער העכסטער

לעבנסוועלט? צי זיינען די אידישע מידות די „ריכטיקע“, די וואָס זיינען מסוגל צו פירן דעם מענטשלעכן מין צו אַ העכערער עוואָלוציע־שטופע, צום טראַגיש־העלדישן איבערמענטשן? און בלויז ווען ער האָט געשטעלט די פראַגע אויף אַט־דעם שטח און זיך געענטפערט, אַז דאָס אידישע מיטליידן מיטן אָרעמען און שוואַכן מאַכט יעדן אָרעם און שוואַך, אַז דאָס הויך־שעצן יעדע מענטשלעכע נשמה איז אַ מניעה פאַרן וואוקס פון אַריס־טאָקראַטישע נאַטורן און אַ מין פאַרלעצונג פון דער נאַטור׳ס ווילן, האָט ער זיך געפילט אַלס אַנטי־איד און אַנטי־קריסט. אמת, דעם דאָזיקן אַנטי־אידישן און אַנטי־קריסטלעכן געמיט־צושטאַנד האָט ער אין זיך בכיוון אָפט אַרויסגערופן (דער מיטאָס פונם איבערמענטשן איז געוואָרן פאַר אים כמעט אַ כראָנישע חולאת), אָבער אויך דעמאָלט פלעגט ער באַ־טאָגען מיטן טיפסטן יראת־הכבוד דעם ברייטן היקף און די אומגעהייערע טיפן פון דער אידישער גייסטיקער שאַפונג. אמת, אידנטום — באַזונדערס אין זיין עוואַנגעלישן גילגול — איז געווען דער ערשטער גרויסער אויפשטאַנד פון די קנעכט, אָבער וויפל העראָאיזם און העכסטע קונסט האָבן די דאָזיקע קנעכט אַריינגעטראָגן, לויט זיין מיינונג, אין זייער בונט! „די אידן, אַ פאָלק וועגן וועלכן טאַציטוס און די גאַנצע אַנטיקע וועלט זאָגט, אַז עס איז געבוירן געוואָרן פאַר שקלאַפעריי, אַ פאָלק, וואָס זאָגט און גלויבט וועגן זיך, אַז עס איז „דאָס אויסדערוויילטע צווישן די פעלקער“, די אידן האָבן עס באַוויזן יענע וואונדער־קונסט פון ראַדיקאַל ענדערן די ווערטן, אַדאַנק וועלכער דאָס לעבן אויף דער ערד האָט אויף אַ פאַר טויזנט יאָר באַקומען אַ נייעם און געפערלעכן רייץ״. אַדאַנק אידן, מיינט ער, איז „רייך“, „הערשעריש“, „געוואַלט־טרייבעריש“ געוואָרן דאָסזעלבע וואָס „גאָטלאָז“, „זינדיק“, שענד־לעך“, און „אָרעם“ איז געוואָרן דער סינאָנים פאַר „פריינט“ „הייליק“, „נאָבל“. ווייל די אידן זיינען געווען שוואַך, פאַרפאָלגט, דערנידעריקט און פאַרשקלאַפט, האָבן זיי זייער עצם שוואַכקייט פאַרוואַנדלט אין אַ נייעם טיפּ גבורה, זייער שקלאַפעריי אין אַ נייעם טיפּ הערשאַפט — דורך זייער געניאַלן איבערקערן די לוחות פון לעבנס־ווערטן פון אויבן־אַראָפּ. קריסטנטום איז אין דער וועלט־געשיכטע געווען די אידישע נקמה, אַ פּראָדוקט פון אידישן האַס קעגן אַ פיינטלעכער און אונטערדריקנדיקער וועלט. דורכן קריסטנטום זיינען אידן ווי געוואָרן די הערשער איבער די געמיטער פון צענדליקער גרויסע פעלקער. ניטשע מיינט אָבער ניט, אַז אידן האָבן בלויז די פעלקער אַנגעשטעקט מיט דעם נייעם גייסט, כדי אויף אַ סובטילן אופן זיך נוקם צו זיין אָן זיי, און אַליין זיינען זיין געבליבן „אימון“. זייער געפיל פון קריוודע און באַליי־דיקונג האָבן זיי טראַנספאָרמירט אויף פאַר זיך אַליין אין נייע, העכערע

ווערטן; די סובלימאַציע פון זייער האַס איז געוואָרן אַ נייע, אַלץ־אומפאַסנ־דיקע, פאַרפלייצנדיקע עמאָציע — ליבע, מיטלייד. מיט דעם דאָזיקן איידעלן גיפט האָבן זיי פאַר׳שיכור׳ט, און אויף דורות באַצויבערט אי זיך, אי די אומות־העולם. קיין שום אַנדער פאָלק קאָן זיך דערפאַר ניט באַרימען מיט אַזאַ גייסטיקן טריאומף אין דער געשיכטע, ווי אידן. ניטשע וויל אָבער גלויבן, אַז מיטן גרעסטן דרך־ארץ פאַר דער געניאַליטעט, וואָס האָט צו אַזאַ טריאומף געבראַכט, דאַרף מען די אידיש־קריסטלעכע ווערט־לוחות באַטראַכטן פאַר אַ געפאַר, פאַר דער גרעסטער קולטור־געפאַר. אין דעם באַשטייט אייגנטלעך זיין קעגנערשאַפט צום אידנטום, וועלכע ער וואָלט בשום־אופן ניט מסכים געווען צו באַצייכענען אַלס אַנטיסעמיטיזם.

ווער עס האָט אַן אויער פאַר ניטשעס אייגנאַרטיקער שפּראַך, דער ווייסט, אַז „אידישער גייסט" איז ביי אים געווען אַ סימבאָל פאַר עפּעס אַלגעמיינעס, פאַר אַ געוויסער טענדענץ אין דער מענטשלעכער נאַטור בכלל. פאַרוואָס איז אידן, אַ שקלאַפן־פאָלק, געלונגען צו היפּנאָטיזירן מיט זייער לערע אַזוי פיל „הערן־פעלקער"? פאַרוואָס האָבן זיך די „הערן־פעלקער", די געזינטערע, שטאַרקערע און „אַריסטאָקראַטישע" טיילן פון דער מענטשהייט — געלאָזט פאַרגיפטן? וואו זיינען געווען זייערע אינסטינקטן, דאָס נאַטורמעסיקע און נאַטורקרעפטיקע אין זיי? מיט וואָס פאַר אַ כישוף האָבן אידן מצליח געווען צו מאַכן זיי גייסטיק־אונטערטעניק? פאַרוואָס, אין אַנדערע ווערטער, האָט זיך דאָס „וועזנס־פרעמדע" קריסטנטום — צו־געקלעפּט צו זיי? ניטשע ווייסט, אַז פּונקט ווי פּריסטער וואָלטן ניט געקאָנט „אַריינגאַרן" אַ פּרימיטיוון שבט אין דער סכעמע פון זייערער אַ רעליגיעזער אויפפאַסונג, ווען די מענטשן פונם שבט וואָלטן ניט געהאַט קיין אינעוויי־ניקסטע באַדערפעניש „אַריינגעגנאַרט" צו ווערן, וואָלטן אויך אידן ניט געווען בכוח צו „פאַראידישן" דורכן קריסטנטום אַ געוויסן טייל פון די פעלקער, ווען יענע וואָלטן ניט געווען אינערלעך מסוגל אָנצונעמען זייער לערע, ווען זיי וואָלטן אַליין ניט געווען, אין אַ געוויסן זינען, „אידיש". דער „אידישער גייסט" איז אַן אוניווערסאַלע נשמה־טענדענץ, אַ פּאָטענציעלע ליניע אין אַלע ראַסן און פעלקער, נאָר אויף אידן איז, אַזוי צו זאָגן, געפאַלן דער גורל יענע ליניע קלאָר און רייצנדיק אַרויסצוברענגען. די וועלט, איז ניטשע גענויגט געווען צו גלויבן, דאַרף זיך פון יענער ליניע באַפרייען, אָבער ניט ווי פון עפּעס וואָס איז לחלוטין פרעמד זייער שורש־נשמה, נאָר ווי פון אַ שטיק אייגנס און אָרגאַנישעס. „אידנטום" איז פאַר די אומות־העולם געקומען ניט פון דרויסן, נאָר פון זיך אַליין — פון דעם „ווידערנאַטירלעכן" וואָס לעבט בכח אומעטום און אין יעדערן; „אידנטום" איז אַ טייל, איינע פון די

מאַניפעסטאַציעס פון דער וועלט־ביאָגראַפיע. אַז ניטשע האָט אַזוי גע־גלויבט, קאָן מען זען פון זיין „פּראַקטישער פּראָגראַם" פאַר דער צוקונפט פון אייראָפּע. די נייע אייראָפּעאישע קולטור דאַרף זיין, לויט זיינע דער־וואַרטונגען, אַ ניט־אידישע, אַ ניט־קריסטלעכע, אַ פרייע פונם צוויי־טויזנט־יאָריקן היפּנאָז און צויבער; אָבער עס איז ניטאָ קיין באַשטימטע ראַסע, וואָס זי און נאָר זי אַליין איז באַרופן צו שאַפן יענע קולטור, וואָס וועט מער ניט טראָגן אויף זיך די אידיש־קריסטלעכע קייטן. אַלץ איינס, צי האָט ער וועגן אַזאַ קולטור געהאַט אַ קלאָרע פאָרשטעלונג אָדער בלויז אַ פאַרנעפּלטע אָנונג — וויכטיק איז דאָס וואָס אידן, אָט די זעלביקע אידן וואָס פון „זייער" גייסט דאַרף מען זיך עמאַנסיפּירן, האָבן, לויט זיין אויפפאַסונג, געדאַרפט זיין מיט־בויער פון דער נייער אייראָפּע, אויך פון אַ נייער דייטשלאַנד. ניטשע האָט אין דעם קיין סתירה ניט געזען. אין תוך האָט ער ניט געגלויבט, אַז וועלכער ניט איז מענטש איז אויף אייביק געבונדן אָן אַ באַשטימטער ליניע, אויף וועלכער דער געניוס פון זיין ראַסע האָט זיך אַמאָל מאַניפעסטירט.

וואָס ניטשע האָט געזוכט אין אייראָפּע, איז ניט געווען אַ ראַסע אָדער אַ פאָלק, וואָס זיין „פעלקישקייט" זאָל ווערן דער יסוד פון אַ נייער קולטור, נאָר אַ גייסטיקע אַריסטאָקראַטיע, מיט גרויסן שעפערישן ווילן. אָבער אין יענער אַריסטאָקראַטיע האָט ער געזען עלעמענטן פון פאַרשיידענע אייראָ־פּעאישע פעלקער, און צווישן זיי אויך אידן. אויף וויפל די דערוואַרטונגען פון דעם דאָזיקן באַגאַבטן טרוימער האָבן געהאַט אַ יסוד אָדער ניט, וויפל עס איז אין זיי געווען „רוח־נבואה" און וויפל „רעדן פון היץ", אָדער טראַגישע קאָנוואולסיעס דורך וועלכע עס האָבן צו דער וועלט גערעדט אַלע קולטור־קריזיסן פון די לעצטע עטלעכע יאָרהונדערטן — איז אַן אַנדער פראַגע. מיט נאַציזם יעדנפאַלס און מיט אַנטיסעמיטיזם, אינם אַנגענומענעם זינען פון וואָרט, קער זיך ניטשע לחלוטין ניט אָן.

1942

# איבער-שטאָטלעך און אונטער-שטאָטלעך

איבסען האָט עס אַמאָל אויסגעדריקט אין אַ בריוו צו אַ פריינט: אַ אידישע מלוכה? ווער דאַרף זי האָבן? די וועלט? אָבער ווייניק מלוכות זיינען דען פאַראַן, אַז עס זאָל זיך אימיצן גלוסטן צו האָבן נאָך איינע? פינף און זעכציק זאָל זיין ווייניק, ווייל דאָס רומל איז זעקס און זעכציק? מען זאָגט, אידן גלויבן, אַז זיי דאַרפן האָבן אַן אייגענע מלוכה — ניט פאַר דער וועלט׳ס טובה וועגן, נאָר פאַר זיך גופא, פאַר זייערע אינטערעסן און נאַציאָנאַלן פרעס־טיזש. איז עס זייער טרויעריק, האָט איבסען געמיינט, אויב אידן גאַרן טאַקע נאָך אַן אייגענער מלוכה. קרוב צו צוויי טויזנט יאָר איז אין דער וועלט געווען, לכל־הפחות, איין נאָבעל, אַריסטאָקראַטיש פאָלק — אידן. אַלע פעלקער האָבן פאַרמאָגט אייגענע לענדער, רעגירונגען, מלוכות, און זיינען געווען פאַרטאָן אין אומעסטעטישע נידערטרעכטיקייטן. דאָס איינציקע פאָלק, וואָס האָט זיך ניט דערנידעריקט צו אייגענער פאָליציי, צו אַן אייגענער אַרמיי, טורמעס, קאַטאָרגעס, תליונים, ברוטאַלע מלחמות, און צו אַן אייגענער קאָרופציע, וואָס איז אַזוי ענג פאַרבונדן מיט שטאַאַטלעכן לעבן, זיינען געווען אידן. ווילן זיי איצט אויך ווערן „מיט לייטן גלייך" — דעגענערירן צו פאָליטישן נאַציאָנאַ־ליזם. פאַר איבסענ׳ען איז ציוניזם, באַזונדערס פאָליטישער ציוניזם, געווען אַ ירידה, אַן אומווירדיק בענקען נאָך נחות־דרגא׳דיקייט: אַן אַרטיסט, אַ באַ־העמע־נאַטור, האָט באַשלאָסן חתונה האָבן, טאַקע מיט חופה־וקדושין, קויפן זיך אַן אייגענע שטוב, מיט אַ פאַרצוימטן הויף, מיט אַ גלעקל ביים טויער, זיך איינשאַפן אַ קאַץ, און אַוועקשטעלן ביים אַריינגאַנג אַ הונט פאַר אַ שומר פון זיין בעל־הבית׳ישקייט.

איבסען האָט געהאַט דעם געפיל, אַז דער לעצטער אַריסטאָקראַט וועט נעלם ווערן פון דער וועלט, אויב דער פאָליטישער ציוניזם וועט פאַרווירק־לעכט ווערן.

ווי האָט עס אַמאָל געזאָגט איינער פון אונדזערע קדמונים? „צדקה עשה הקדוש ברוך הוא עם ישראל שפזרם בין האומות". איז איבסען געווען ברוגז, הלמאי אידן ווילן זיך פון דער דאָזיקער „צדקה" פרייוויליק אָפזאָגן און ווערן פראָסטע בשר־ודמ׳ס.

***

דעם זעלביקן „אַריסטאָקראַטישן" מאָטיוו האָב איך אַמאָל געהערט פון אַ רוסיפיצירטן אידן. דער פאַרשטאָרבענער ספעציאַליסט פון סלאַ־וואָפילישער ליטעראַטור, גערשענזאָן, איז אַרויסגעקומען אין 1917 מיט זיין

אַטאַקע אויף דעם נהיה־ככל־הגויים׳דיקן ציוניזם, מיט זיין באַצייכענונג פון ציוניזם ווי די ערגסטע און עקסטרעמסטע „אַסימילאַציע", אָדער ריכטיקער, אַלס פּאַראַט קעגן דעם זינען פון דער אידישער געשיכטע. אמת, ווען דער מיסטיש־געשטימטער גערשענזאָן האָט אין זיין אָפּהאַנדלונג פּרובירט דע־פינירן דעם באַהאַלטענעם, „פּראָווידענציעלן" זינען פון אידישן עקזיסטירן, איז אַרויסגעקומען... זינלאָזיקייט. אָבער אַ פּאַראַדאָקסאַלער מיסטיקער שרעקט זיך אויך פאַר דעם ניט: ערשט זינלאָזיקייט, אַבסאָלוטע תכלית׳־לאָזיקייט, איז דער העכסטער זין פון מענטשלעכן אַרומגיין אין אונדזער זינדיקער וועלט. אידן זיינען עס לכתחילה באַשטימט געוואָרן צו זיין די פּיאָנערן פון „לעבן אָן תכלית" — דאָס איז אייגנטלעך זייער מיסיע, און דער צוועק פון זייער באַזונדערער עקזיסטענץ אַלס גרופּע באַשטייט טאַקע אין דעם, אַז אַלע אַנדערע פעלקער זאָלן זיך אַראָפּנעמען אַ משל פון דער כנסת־ישראל און מאַכן זייער לעבן... צוועקלאָז. גערשענזאָן האָט אפילו געמיינט, אַז דאָס, וואָס מיליאָנען רוסישע סאָלדאַטן האָבן אין 1917 דעזער־טירט פונם פראָנט, איז אַ זייער וויכטיקע גייסטיקע געשעעניש אין דער וועלט־געשיכטע. ביי אים איז אויסגעקומען, אַז רוסן זיינען זיך „מגייר", אַז דורך דעם באָלשעוויזם ווערן רוסן אידן: זיי ווילן פאַרניכטן זייער שטאַטלעכקייט, זייער טעריטאָריאַלישקייט, זייער נאַציאָנאַל־פּאָליטישע ציוויליזאַציע און אָנהויבן צו לעבן ווי אידן — קינסטלעריש־זינלאָז, אַרטיסטיש־פריי, ניט צוגעבונדן צו „בעל־הבית׳ישקייטן". ער איז טאַקע צוליב דעם געווען גרייט צו באַגריסן דעם אויפברויז פון דער באָלשעוויסטישער אַנאַרכיע: „אידנטום" זיגט; רוסן זיינען דאָס ערשטע פאָלק, וואָס לאָזט זיך גיין אויף דעם אידישן וועג...

אין 1922, שוין נאָכדעם וואָס דער בירגער־קריג אין רוסלאַנד האָט זיך פאַרענדיקט און די סאָוועטישע מלוכה איז געוואָרן מלוכה׳דיקער און תכלית־שטרעביקער פון פיל אַנדערע מלוכות, האָב איך באַגעגנט גערשענזאָנ׳ען אין דער בערלינער עמיגראַציע (ער איז דאָרט געווען בלויז צו־גאַסט; ער איז געווען איינער פון די גאָר וויניקע ניט־קאָמוניסטישע רוסישע שריפט־שטעלער, וואָס איז געשטאָרבן אַלס טאָלערירטער בירגער פונ׳ם סאָוועטן־פאַרבאַנד). איך בין געווען גענוג טאַקטלאָז אים צו דערמאָנען, אַז די אַמאָליקע רוסישע דעזערטירן, — פון וועלכע ער האָט געשעפּט אַזוי פיל נחת, ווייל זיי זאָלן האָבן סוף־כל־סוף דערפילט, אַז אַ מלוכה איז נאַרישער און פוסטער פונם גרעסטן הבל־הבלים, — זיינען איצט זייער דיסציפּלינירטע סאָלדאַטן אין דער רויטער אַרמיי און אַז די „אידיש"־אַנאַרכיסטישע, הפקר־פּעטרושקע־סטיכיע איז קריסטאַליזירט געוואָרן אין אַ פּרעה־מלך־מצרים־רעזשים מיט מאַרקסיסטישע שיר־המעלות׳ן אויף די שפּיצן פון די נייע פּיראַמידן. האָט ער מיר געענטפערט מיט אַ טיפן זיפץ. ער האָט זיך, האָט עס געהייסן, אָפּגע־

נאָרט אין די רוסן: זיי זיינען נאָך אויך ניט מסוגל זיך „מגייר" צו זיין, אָבער דאָס איז דאָך ניט קיין באַוויז, אַז דערפֿאַר דאַרפֿן זיך אידן „שמד'ן" און זיך אַוועקלאָזן אויף אַזאַ גוי'אישן וועג ווי ציוניזם.

***

ווער נאָך האָט זיך ביי אונדז געבעטן, אַז מיר זאָלן זיך ניט אָפּזאָגן פֿון אונדזער מיסיע, פֿון דער אַריסטאָקראַטישקייט פֿון אידישן שיקזאַל און וועזן?

ניט קיין קלענערער ווי גאַנדי. אידן זיינען אַ גייסטיקע געמיינשאַפֿט — נאָך וואָס דאַרפֿן זיי האָבן אַזאַ גשמיות'דיקע זאַך ווי אַ לאַנד, אַ מלוכה? ציון איז ניט קיין טעריטאָריאַלער און ניט קיין פּאָליטישער באַגריף, נאָר אַ גייסטיקער. ציון איז אומעטום וואו עס געפֿינט זיך אַפֿילו איין איד, אויב ער בלייבט נאָר געטריי זיין טראַדיציע, זיין ירושה און וועזן — צוליב וואָס זשע דאַרפֿן אידן האָבן אַן ערדישע ציון? האָט אונדז דער נביא פֿון יונג־אינדיע, אין אַ זייער שווערער מינוט פֿון אונדזער לעבן, געגעבן אַן עצה, מיר זאָלן בעסער קולטיווירן אונדזער ירושלים של מעלה, אָט יענע „מלכות שמים" (גאָט'ס קעניגרייך), פֿון וועלכער עס רעדט זיך אין די עוואַנגעלישע ספרים — וואָס איז ניט דאָ און ניט דאָרט, נאָר אומעטום, וואָס עקזיסטירט ניט אין נעכטן, ניט אין היינט און ניט אין מאָרגן, נאָר אין דער אייביקייט, ווייל אינעווייניק און ניט אינדרויסן. וואָלט גאַנדי געווען מער באַהאַוונט אין אייראָפּעאישער פֿילאָזאָפֿישער ליטעראַטור, וואָלט ער אונז מסתמא אין דעם פֿאַל ציטירט שפּינאָזאַ'ן. אַלע מלחמות און מחלוקת'ן צווישן מענטשן נעמען זיך, ווי ער האָט געגלויבט, דערפֿון וואָס זיי קאָנען זיך ניט צעטיילן מיט די ענדלעכקייטן, מיט דער באַגרענעצטער צאָל זאַכן, וואָס האָבן זייערע פֿעסטע גרענעצן; וואָלטן זיך מענטשן אינטערעסירט מיט דער איין און איינציקער אומענדלעכקייט, וואָלטן אַלע געלעבט בשלום, ווייל גראָד אומענדלעכקייט איז אַ קנין, וואָס יעדער קאָן אים האָבן אינגאַנצן פֿאַר זיך און דעם אַנדערנס פֿאַרמעגן זאָל אַפֿילו אויף אַ האָר דערפֿון ניט געמינערט ווערן...

האָט עס מיך אויף גאַנדי פֿאַרדראָסן מער ווי אויף וועמען ניט איז אַנדערש. איבסען? נאָך אַלעמען האָט ער זיך זיין גאַנץ לעבן ניט געקאָנט באַפֿרייען פֿון ליטעראַטור־קאָקעטסטוואָ, פֿונם צו־להכעיס'דיקן פּאַראַ־דאָקס, פֿון אָריגינאַל'עריי. געֶרשענזאָן האָט זיך אין זיין פֿריער יוגנט אָפּגע־ריסן פֿון וואָרצל־פֿאַרבינדונגען און קאָנקרעטע סביבה־צוגעבונדנקייטן און זיך געלאָזט שווימען אין דעם תכלית'לאָזן אַבסטראַקציע־נעפּל פֿון צעשוואו־מענעם סלאַוואָפֿילישן מיסטיציזם. אָבער גאַנדי — טראָגט זיין עכטער רעלי־גיאָזיטעט און שורש'דיקן מיסטיציזם — איז אויך אַ גרויסער סאָציאַלער

קעמפער, אַ מיליטאַנטער פּאַטריאָט און מאַסן־רעפאָרמער. צענדליקער יאָרן, אַז ער גופא קעמפט פאַר... „ענדלעכקייטן", פאַר אַן אינדיע־של־מטה. פאַרוואָס פאַרשטייט ער אונז ניט? אויב אידן פאַרמאָגן „אידנטום", פאַר־מאָגן גאַנדי'ס פאָלקסגענאָסן „הינדואיזם", און — זאָל מיר מיין אייגענע משפחה מוחל זיין — אַ מער „ספּיריטואַליזירטע", אַ טיפערע, אַ מער התפשטות־הגשמיות'דיקע קולטור איידער די אידישע. וואָס וואָלט געווען, ווען איינער קומט צו גיין צום פירער פון דער אינדישער פרייהייטס־באַוועגונג און גיט אים אַן עצה, ניט צו קעמפן פאַר אינדיע'ס פּאָליטישער עמאַנסיפּאַ־ציע, לאָזן אָפּרייסן פונם לאַנד איין פּראָווינץ נאָך דער אַנדערער, ניט פאָ־דערן קיין מלוכה־זעלבשטענדיקייט, נאָר קולטיווירן די „אינעווייניקסטע" אינדיע; ווען איינער קומט און פּאַראַפראַזירט גאַנדי'ן: „אינדיע איז, ווי ציון, אומעטום, וואו עס געפינט זיך אַפילו איין הינדו, אויב ער איז נאָר געטריי זיין טראַדיציע, זיין שיקזאַל און זיין וועזן"?

אָבער גאַנדי פאָדערט דווקא אַ גרויסן, פאַראייניקטן, אינטעגראַלן שטאַט...



איך געדענק ניט, אַז טאָלסטאָי זאָל האָבן ווען עס איז אויסגעדריקט זיין מיינונג וועגן ציוניזם, אָבער אַלץ איינס: ווער איז נאָך אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט געווען אַזאַ אַנטי־מלוכה'ניק ווי ער?

און פונדעסטוועגן האָט ער ניט איינמאָל אויסגענוצט דעם מלוכה־אַפּאַ־ראַט פאַר זיינע צוועקן — אמת פאַר צוועקן, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר נאָבעלע. אויף די עלטערע יאָרן איז ער געווען זייער פאַרזאָרגט אַרום דער פראַגע פון זיין ליטעראַרישער ירושה. ער האָט געהאַט זיין גוטן גרונט מורא צו האָבן, אַז נאָך זיין טויט וועט די פאַמיליע זוכן צו געווינען גרויסע פּראָפיטן פון זיינע ווערק און אַז דערפאַר וועלן זיי ניט זיין צוגענגלעך צום אָרעמען פאָלק.

האָט דער אַנאַרכיסטישער אַפּאָסטאָל פון יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ געטראַכט און געטראַכט, ביז ער האָט זיך דערטראַכט צו אַ תרופה. ער האָט געהיים אָפּ־גערעדט מיט זיין סעקרעטאַר און מיט אַ נאָטאַריוס, זיך צו באַגעגענען אין וואַלד, און דאָרט האָבן זיי עס אַלע דריי, אָן דעם וויסן פון דער טאָלסטאָי־פאַמיליע, פאַרפאַסט אַן אָפיציעלע צוואה, די באַרימטע צוואה, לויט וועל־כער אַלע ווערק, וואָס ער האָט אָנגעשריבן איידער ער איז געוואָרן אַ „בעל־תשובה", געהערן די יורשים, און אַלע איבעריקע — „דעם פאָלק", מיטן תנאי, הייסט עס, אַז זיי זאָלן אַרויסגעגעבן און פאַרקויפט ווערן אָן פּראָפיטן.

אָבער וואָס הייסט אַ צוואה, אַן אָפיציעלע צוואה, מיט אַ געשוואוירענעם עדות און אַ נאָטאַריוס?

דאָס איז געווען אַ דראָאונג זיינע יורשים מיט „סאַנקציעס" פון דער מלוכה־מאַכט. אויב זיי זאָלן דאָך פּרובירן אַרויסצוקריגן ריווח פון זיינע ווערק פונ׳ם לעצטן פּעריאָד, וועט זיך, אויפ׳ן סמך פון זיין צוואה, אַנטקעגנ־שטעלן די מלוכה — אָט די זעלביקע מלוכה, וואָס ער האָט אַזוי קרעפטיק ניט אָנערקענט — מיט אַלע אירע מאַכט־מיטלען: מיט פּאָליציי, מיט געריכט, מיט טורמע.

אומקאָנסעקווענץ? ניין, דאָס מוז זיין דער שיקזאַל פון אַלע אַנטי־מלוכה׳ניקעס, פון אַלע די וואָס אַ מלוכה איז „נידעריקער פון זייער מענטש־לעכער ווערדע".

***

אַלבערט איינשטיין איז די טעג געקומען צו אונדזערער אַן אונטערנעמונג. האָט ער געזאָגט עטלעכע פּראָסטע, נאָבעלע און האַרציקע ווערטער פאַר אונ־זער ישוב אין ארץ־ישראל. ער וויל זען דעם ישוב וואַקסן, בליען; ער וויל אים זען וואָס גרעסער, עקאָנאָמיש־קרעפטיקער, סאָציאַל קאָנסאָלידירטער. אָבער גרינדן אַ אידישע מלוכה איז אויך אין זיינע אויגן אַ „מלאכה בזויה", אַ שטיק „גוי׳אישקייט". אַן אייגענע אַרמיי, אַן אייגענער פלאָט, פּאָליציי, טור־מעס, גרענעצן — דאָס פּאַסט זיך ניט פאַר אידן. אידן זיינען, לויט זיין מיינונג, שוין אַרויסגעוואַקסן פון יענעם פּעריאָד, ווען אַזאַ שטיק פּאָליטי־שער געצנדינסט און גראָבע חמריות האָט נאָך אַפּעלירט צו די געפילן און באַגריפן פונ׳ם פאָלק. וואָס טויג אונדז אַ מלוכה, ווען מיר פאַרמאָגן אַזאַ טראַ־דיציע, ווי די נביאישע? נאַטירלעך, אויב מען וועט אונדז צווינגען ווערן אַ מלוכה׳שע נאַציע, איז באין ברירה וועלן מיר מוזן נעמען אויף זיך די גזירה, אָבער שטרעבן דערצו, פרייוויליק אָננעמען אַ מלוכה־אָנבאָט דאַרף אונדז ניט אָנשטיין.

איינשטיין, הייסט עס, וואָלט אויך וועלן ראַטעווען אונזער כבוד, אונזער היסטאָריש־גייסטיקן יחוס: ווערן אַ פּאָליטישע נאַציע, ווי אַלע „פּלעבעיער"? ניט כדאי.

אָבער, אויב שטאָטלעכקייט איז אַזאַ מיאוסער ענין, אַז מיר, אידן, טאָרן זיך שוין איצטער ניט מטמא זיין מיט אים, פאַרוואָס בלויז האָבן אין זינען אונדזער אייגענע ריינקייט? פאַרוואָס טאַקע ניט נעמען אויף זיך די מיסיע פון אַנטשטאָטלעכן די גאַנצע וועלט? פאַרוואָס פילט ניט אין דעם פאַל אַזאַ אינטערנאַציאָנאַליסט און הומאַניסט ווי איינשטיין, אַז וואָס ער איז גרייט איצט צו פּרעדיקן איז — אַן אפשר מאָדערניזירטע אתה־בחרתנו־טעאָריע, אידישער ראַסן־סנאָביזם? איר, גויים זייט נאָך היסטאָרישע שנעקעס, נאָך וווּיט פונ׳ם בר־מצווה־פּעריאָד — איז פאַר אייך נאַטירלעך זיך נאָך

אָפּצוגעבן מיט אַזעלכע עבודה־זרה־ענינים; מיר, אידן, האָבן שוין לאַנג־לאַנג צוריק „גראַדואירט", און פאַר אַן „עם־סגולה" פּאַסט גאָרנישט זיך אומ־צוקערן איצטער צו אַ קינדערישן אָדער שקצ׳ישן פּעריאָד פון ציוויליזאַציע אָדער אפשר גאָר „אומציוויליזאַציע" — איז ניט דאָס דער ניט־פאָרמו־לירטער זין פון איינשטיינ׳ס ווערטער?

ראַטן ווייצמאַנ׳ען, אַז ער זאָל זיך ניט באַמיען צו גרינדן אַ אידישע מלוכה? יאָ, איינשטיין האָט פולשטענדיק רעכט דאָס צו טאָן, אָבער אונטער איין באַדינג: אויב ער איז גרייט צו גיין צו רוזוועלט׳ן און ראַטן אים, ער זאָל זיך באַמיען די אַמעריקאַנישע מלוכה צו פאַרניכטן; אויב ער איז גרייט צו בעטן טשעימבערלענ׳ען, ער זאָל בעסער וואָס פריער זען ליקווידירן די ענגלישע מלוכה.

ניטאָ קיין מיוחסים אויף דער וועלט; עס טאָרן ניט זיין פעלקער־מיוחסים און פשוט׳ע „עמך"־פעלקער.

⁂

נו, גוט, אידן וועלן זיך אָפּזאָגן פון אַן אייגענער מלוכה אין ארץ־ישראל. וואָס וועט דענסמאָל זיין? וועלן זיי דאָרט לעבן אין אַ ניט־אידישער מלוכה, וועט די „כנסת־ישראל" אַלס גאַנצע בלייבן געטריי „איר וועזן און איר טראַדיציע". אָבער יעדער אינדיווידועלער איד וועט דאָך מיט דער מלוכה האָבן צו טאָן, לעבן אין איר אַטמאָספערע, אין איר השפעה־קרייז, זיך אויף איר אָריענטירן, איר אַפּאַראַט נוצן. נו, גוט, וועלן ניט זיין קיין אידישע טורמעס — אָבער אינדיווידועלע אידן וועלן האָבן שטע־לעס אין דער פּאָליציי, דינען און זיך דערדינען אין דער אַרמיי, זיין אויפ־זעערס אין די טורמעס, זיך באַטייליקן אין דער שמירה פון די גרענעצן (פון פרעמדע, ניט, חס־וחלילה, פון אידישע גרענעצן). און וועט מען קעגן זיי דיסקרימינירן און מען וועט זיי צו אַזעלכע באַשעפטיקונגען ניט צולאָזן, וועלן זיי דאָך פאַרשרייען די וועלט מיט פּראָטעסטן, הלמאי מען קריוודעט זיי, און איינשטיין אַליין וועט דענסמאָל לאָזן הערן זיין שטימע קעגן דער פאַרלעצונג פון גלייכבאַרעכטיקונג. וואָס זשע איז שוין דאָ מאָראַליש דער אונטערשייד? און ווייסט דען ניט איינשטיין, אַז פאַר דער עמאַנסיפּאַציע האָבן אידן ניט אַריסטאָקראַטיש איגנאָרירט די מלוכה, נאָר גאַנץ פּלעבעאיש זי „אונטערגעקויפט", געראַטעוועט אָדער פאַרלייכטערט זייער עקזיסטענץ דורך כאַבאַר (איך ווייס שוין ניט, וואָס עס איז „נאָבעלער" — זיין אַליין אַ זינדיקע מלוכה, אָדער לעבן אין שטענדיקן שרעק פאַר דער מלוכה און זיך בזיונ׳דיק אויסקויפן פון אירע גזירות), און פון זינט ס׳האָט זיך אָנגע־

הויבן אונזער פּאָליטישע עמאַנסיפּאַציע, האָבן מיר אומעטום, וואו עס איז נאָר געווען די מינדעסטע געלעגנהייט, געקלעטערט אויפ׳ן לייטער פון דער מלוכה׳שער עבודה־זרה? איז איינשטיין גרייט צו זאָגן, אַז בלום׳ען דאַרף ניט אָנשטיין (ווייל ער איז אַ איד) צו זיין דער פּרעמיער פון פראַנקרייך, אַז ראַטענאַו האָט ניט געטאָרט זיין קיין פירנדיקער שטאַטסמאַן אין דייטש־לאַנד, ביקאָנספילד אין ענגלאַנד, טראָצקי אין רוסלאַנד, און בראַנדייס טאָר זיך ניט דערנידעריקן צו זיין אַ מיטגליד אין אַמעריקאַנער העכסטן געריכט?

די גאַנצע קאָנצעפּציע פון אידישן אַנטי־מלוכה־אַריסטאָקראַטיזם איז אַן אויסגעטראַכטע זאַך, אַ שטיק אומבאַגרינדעטע גאווה.

1938

# װעגן „אידישן פּאַראַזיטיזם"

(רעדע געהאַלטן בײַם צוזאַמענפאָר פון אידיש נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד אין דעטראָיט, אין מאי 1940)

איך בין װײַט פון צו זײַן אַ פאַכמאַן אין עקאָנאָמישע ענינים און איך װעל זיך דערפאַר היטן פון געבן קאָנקרעטע עצות, װי אַזױ אױסצובעסערן און מאַכן זיכערער די װירטשאַפטלעכע מערכה פון די פינף מיליאָן אַמעריקאַנער אידן. איך װעל זיך באַגרענעצן מיט עטלעכע באַמערקונגען פון אַן אַלגעמײנעם כאַראַקטער, װאָס װעלן האָבן מער צו טאָן מיט דער סאָציאַל־קולטורעלער זײַט פון אידישן עקאָנאָמישן לעבן, אײדער מיט עקאָנאָמישע פראַגן אין קאָנקרעטן, פּראַקטישן זין פון װאָרט.

מיר װײסן אַלע, װי געפערלעך עס איז איצטער פאַר אונזערע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס אומעטום, אַפילו אין אַמעריקע, די װײַט־פאַרצװײַגטע אַנטיסעמיטישע פּראָפּאַגאַנדע, װאָס װערט דאָ געשפּײַזט סײ פון היטלעריסטישע מקורות און סײ פון הײמישער רעאַקציע. קײנמאָל, אין די לעצטע דורות, האָט דער שונא־ישראל־העצער ניט געניצט אַזױ ענערגיש אַלע זײַנע קרעפטן, כדי צו פאַרמיאוסן דעם אידישן נאָמען און דאָס אידישע פּנים פאַר דער ניט־אידישער באַפעלקערונג פון אַלע קלאַסן און שיכטן, װי אין אונזערע טעג. עס איז פאַר קײנעם פון אונז ניט קײן נײַעס, אַז אינם מבול פון אַנטיסעמיטישער ליטעראַטור און פון די טױזנטער צורר־היהודים־רעדעס, מיט װעלכע דער שונא פאַרפלײצט איצט אַזױ פיל לענדער, פאַרנעמט אַ זײער װיכטיקן פּלאַץ די אַלטע באַשולדיקונג, אַז אין װירטשאַפטלעכן לעבן פון דער װעלט שפּילן מיר, אידן, אַ ראָלע פון פּאַראַזיטן. װײַל די עקאָנאָמישע פּראָבלעמען זײַנען איצטער אומעטום אַזױ שאַרף און פאַרפּלאָנטערט, און דעם מענטשן מיט דורכשניטלעכער אינטעליגענץ און בילדונג איז גאַנץ שװער זיך אין זײ צו אָריענטירן, װערט פון טאָג צו טאָג גרעסער די געפאַר, אַז די דערמאָנטע אַנטיסעמיטישע אָנקלאַגע זאָל זיך צוקלעפּן אַפילו צו אַזעלכע טײלן פון דער באַפעלקערונג, װאָס זײַנען ביז אַהער געװען פאַרהעלטניסמעסיק רײן פון אידנהאַס. אױף אונז ליגט דערפאַר אַ גרױסע און פאַראַנטװאָרטלעכע אױפגאַבע — צוזאַמען מיט אונזערע פּראָגרעסיװע און קלאָרער דענקענדיקע ניט־אידישע מיטבירגער פירן אַן ענערגישע קאָנטער־אַטאַקע קעגן דער טאָג־טעגלעכער קאַמפּאַניע פון אַנטיסעמיטישע לאָזונגען. אָבער װען איך פרעג זיך, צי זײַנען מיר גופא, מיר אידן, גענוג צוגעגרײט, אינטעלעקטועל און

מאָראַליש, צו אַזאַ קאָנטר־אַטאַקע, מוז איך מיר געבן אַ זייער מעלאַנכאָלישן ענטפער. מיר זיינען ניט גענוג צוגעגרייט, שוואַך באַוואָפנט פאַר דעם, שוין צוליב דעם אַליין, וואָס, ביודעים און בלא יודעים, זיינען פילע פון אונז גופא אין אַ באַדייטנדער מאָס אָנגעשטעקט מיטן גייסט פון דער דאָזיקער אַנטיסעמיטישער „פילאָסאָפיע“. צווישן אונז אַליין איז גאַנץ פּאָפּולער די מיינונג, אַז אידן שטעלן מיט זיך פאָר אַ מין פּאַראַזיטישן אויסוואוקס אויפן אָרגאַניזם פון דער מענטשהייט, אַז אַ גאָר־גאָר גרויסער פּראָצענט פון אונז זיינען פאַרנומען מיט לופט־פּרנסות, אין אומפּראָדוקטיווע און אַפילו דעס־טרוקטיווע באַשעפטיקונגען, און על־פּי יושר קומט אונז ניט דער חלק פון דער וועלט׳ס היונה, וואָס פאַלט אַריין אין אונזערע הענט. און אָט דאָס איז דאָס פּראָבלעם, אויף וועלכן מיר ווילט זיך פיקסירן אייער אויפמערק־זאַמקייט: מיר ליידן ניט נאָר פון האַס, וואָס אַנדערע פילן צו אונז, נאָר אויך פון זעלבסט־פאַראַכטונג. גרויסע צאָלן אידן, אין אַלע לענדער, טראָגן זיך אַרום מיט אַ שפלות־קאָמפּלעקס און זיי זיינען גרייט צו באַטראַכטן כמעט אַלע אַנדערע פעלקער פאַר העכער אין זינען פון ווירטשאַפטלעכער מאָראַ־ליטעט, און אַזוי לאַנג ווי מיר האָבן זיך ניט באַפרייט פון דעם דאָזיקן שפלות־קאָמפּלעקס, ווי קאָן מען דערוואַרטן, אַז מיר זאָלן מיט אַן אָפן פּנים און מיט אַ באַוואוסטזיין פון אונזער גלייכווערטיקייט באַקעמפן אָדער העלפן באַקעמפן די דאָזיקע אַנטיסעמיטישע פּראָפּאַגאַנדע?

סימנים פון דער דאָזיקער זעלבסט־טאַדלונג און זעלבסט־פאַראַכטונג קאָנען מיר זען נאָך אין אונזער השכלה־ליטעראַטור. דער אַמאָליקער משכיל האָט, צוזאַמען מיט געוויסע עלעמענטן פון דער אַזוי גערופענער אַלגעמיינער, דאָס הייסט, ניט־אידישער קולטור, איינגעזאַפּט אין זיך אויך אַ באַשטימטע דאָזע פון פאַראַכטנדיקער באַציאונג צו אידן און צו זייער פלאַץ אין עקאָנאָ־מישן לעבן. די אידישע העכערע בורזשואַזיע איז די לעצטע פאַר דורות געוועזן גרייט אַרויסצוהעלפן דעם פּראָצעס פון אידישער פּראָלעטאַריזאַציע און דער פאַרשפּרייטונג פון לאַנדווירטשאַפט צווישן אידן ניט צוליב וועלכע ניט איז נאַציאָנאַל־היסטאָרישע פּערספּעקטיוון, אויך ניט נאָר כדי צו שטעלן אויף די פיס די דעקלאַסירטע עלעמענטן פונם אידישן פאָלק, נאָר אויך, און אפשר הויפּטזעכלעך, כדי אַביסל אָפּצוואווישן דערמיט פון אידן דעם פלעק פון „פּאַראַזיטיזם“. פון אַן אַנטיסעמיטישן אָדער כמו־אַנטיסעמיטישן בליק אויף דער אידישער ראָלע אין עקאָנאָמישן לעבן, איז אַלע יאָרן געוועזן ניט פריי אויך דער אידישער סאָציאַליזם. ניט יעדער אידישער סאָציאַליסט האָט געלייענט קאַרל מאַרקס׳ עס ווערק „צור יודענפראַגע“, אין וועלכן אידנטום ווערט אידענטיפיצירט מיט קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע, מיט געלט־גיי־ריקייט און וואוכער־אינסטינקטן, מיט אומפאַרדינטע רווחים, אָבער עפּעס פונם

גייסט פון יענעם שאַקירנדיקן באַשולדיקונגס־אַקט איז פאַראַן אין די אויפ־פאַסונגען פונם דורכשניטלעכן אידישן סאָציאַליסט, אָדער אפשר ריכטיקער, איד־סאָציאַליסט. דאָס מוז כלל ניט הייסן, אַז אַזאַ ניט־צאַרטע און אומגע־רעכטע באַציאונג צו אידן און אידנטום איז די מאָנאָפּאָל בלויז פון מאַרקסיס־טישע סאָציאַליסטן. רוסישע נאַראָדאָוואָלצעס האָבן מיט מאַרקסיזם גאָרנישט ניט געהאַט צו טאָן און זייער אומאיבערטראַפענער הומאַניזם וואָלט גע־דאַרפט אין זיי האָבן אויסגעאַרבעט אַ פולשטענדיקע אימוניטעט קעגן אַנטי־סעמיטיזם, און דאָך זיינען זיי אַמאָל שטאַרק געשטרויכלט געוואָרן אין זייער באַציאונג צו אידן. ווען זיי האָבן אין זייער צייט אַרויסגעגעבן (און דוכט זיך, אויך פאַרשפּרייט) זייער באַרימטע פּראָקלאַמאַציע צו די פּויערים, אין וועלכער די לעצטע זיינען גערופן געוואָרן צו „צינדן די פּריצישע הייזער, ראַבעווען די פּאַמעשטשיקעס און שלאָגן אידן", איז דאָס ניט געווען, ווי אייניקע ווילן עס אויסטייטשן, בלויז אַ שטיק דעמאַגאָגישע סטראַטעגיק — צוצוגעוואוינען די פּויערים צו איניציאַטיווע און אַקטיוויטעט דורך אָנפאַנגען פון אַנטיסע־מיטיזם אַלס אַ פּאָפּולערן מאָטיוו אין רוסישן פאָלקס־לעבן. זיי וואָלטן קיינמאָל ניט גע׳פּועל׳ט ביי זיך אַזאַ פּראָקלאַמאַציע אַרויסצוגעבן, ווען זיי וואָלטן ניט געהאַט דעם באַגריף אָדער, לכל־הפחות, אַן עטוואָס פאַרנעפּלטע פאַרשטעלונג, אַז אידן, אידן אַלס אַזעלכע, זיינען אַן עקספּלואַטירנדי־קער, „בלוט־זויגערישער" עלעמענט. יענע גרופּן, וואָס האָבן גע־שטעלט דעם טראָפּ אויף דעם אַגראַר־פּראָבלעם, פאַר וועמען דער פּויער איז געווען דער פּאָטענציעלער הויפּט־טרעגער פון זייערע אידייען, זיינען בכלל געווען גענויגט צו באַטראַכטן דעם אידן אַלס די פאַרקערפּערונג פונם שטאָט־מענטשן און פון שטאָטישער עקספּלואַטאַציע. דערפאַר איז אויך טאָלסטאָי מיט זיין אַגראַר־אַנאַרכיסטישן אוטאָפּיזם ווייט ניט געווען ריין פון אַנטיסעמיטישע רעאַקציעס און באַזונדערס... פון האַלב־אַנטיסע־מיטישע „פאַרשווייגונגען". צו אָפט האָט דורך אים גערעדט דער פּויער מיט זיין ענגן סאָציאַל־עקאָנאָמישן האָריזאָנט, מיט זיינע פּרימיטיווע באַגריפן פון נוצן און שאָדן אין עקאָנאָמישע שייכות׳ן, און מיט זיין אַלטן האַס צום שטאָטישן מענטשן און באַזונדערס צום אידן, ווי צום עקאָנאָמישן „כישוף־מאַכער" אָדע „פּאַקוסניק". אונטער פאַרשיידענע ליטעראַרישע איינפלוסן, אין אַ געוויסער מאָס אויך דורך באַשטימטע נוסחאות פון סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע, זיינען איינצלנע גיפטיקע טראָפּן פון אידנהאַס אַריינגעדרונגען אין באַוואוסטזיין אויך פון אַ צאָל אידן, און איז ביי זיי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טענדענץ צו זעלבסטהאַס אָדער זעלבסט־פאַראורטיילונג.

אויך דער ציוניזם איז אין דעם פּונקט ניט געווען אינגאַנצן קיין אויסנאַם. פאַרקערט, אין געוויסע פּעריאָדן איז ביי אייניקע וואָרטפירער

פון דער ציוניסטישער באַוועגונג די טענדענץ צו שפּילן דעם פּראָקוראָר קעגן אידישן כלל געווען נאָך שטאַרקער ווי ביי אַנדערע. וויפיל מאָל האָב איך אין מיין ציוניסטישער פאַרגאַנגנהייט געהערט דעם בראַווירנדיקן זאַץ, אַז „מ'קאָן ניט זיין קיין גוטער ציוניסט, ניט זייענדיק פריער כאָטש — אַ שטיקל אַנטיסעמיט" (וויפיל מאָל, האָב איך מורא זיך מודה צו זיין, האָב איך אַליין אַזאַ אָדער ענלעכן זאַץ געניוצט)! רמזים אויף אַזאַ זעלבסטהאַס געפינען מיר שוין ביי „ראשונים"; אין פאַרשיידענע נוסחאות און מיט אַ שטאַרקערן אָדער שוואַכערן אַקצענט באַגעגנט מען אַזאַ קטיגור־טאָן אויך ביי סירקינען און ביי באָראָכאָוו'ן; מיט אַ סליחה־ומחילה־טאָן האָט וועגן אונזער שרעקלעכער זינדיקייט גערעדט און געשריבן א. ד. גאָרדאָן, און מיט אַ דאָסטאָיעווסקי־ריטם פון אַ מין נאַציאָנאַל־מאַזאָכיזם האָט זיך אַליין און אונז אַלעמען גע־שמיסן מלקות י. ח. ברענער. ביז היינטיקן טאָג איז אין ציוניסטישע אַרבעטער קרייזן, ריכטיקער, אין רייען, וואָס אָריענטירן זיך אויף סאָציאַליסטישן און אַרבעטער־ציוניזם, באַזונדערס פּאָפּולער דער באַגריף וועגן שיבת־ציון ווי וועגן אַ מין תשובה־פּראָצעס, ווי וועגן אַ רייניקונגס־שפּרונג פון עקאָנאָ־מישער טומאה אין אַ וועלט פון עקאָנאָמישער טהרה און קדושה. אין אונזער טערמינאָלאָגיע פאַרנעמט שוין יאָרנלאַנג אַ באַזונדערס בכבוד'יקן פּלאַץ אַזאַ טערמין ווי „דת העבודה" (די רעליגיע פון אַרבעט), מיט דער פּראָקוראָרישער אימפּליקאַציע, אַז ווער עס טוט ניט קיין „פּראָדוקטיווע" פיזישע אַרבעט, פירט פּאַקטיש אַ פּאַראַזיטיש לעבן.

און קומען מיר אין באַרירונג מיט דער ניט־אידישער וועלט און ווערט דאָרט אַוועקגעשטעלט די פראַגע פון דער אידישער ראָלע אין עקאָנאָמישן לעבן, ווערן מיר מערסטנטייל אַפּאָלאָגעטיש, הויבן מיר זיך אָן צו פאַר־ענטפערן און זוכן אין דער געשיכטע „מילדערנדע אומשטענדן" פאַר אונזער קאָרופּציע. דעמאָלט זייען מיר זיך סומך אויפן תנ"ך, אין וועלכן מ'קאָן זען באַשיינפּערלעך, אַז געבוירן געוואָרן זיינען מיר גאָר וואוילע, ערלעכע מענטשן — אַקערבויער און בעל־מלאכות — אַז דער טיפּישער סוחר, און דערמיט שוין אויך דער עקספּלואַטאַטאָר, איז אין אַלטערטום גאָר געווען דער כנעני און ניט דער איד, אַז אין הלכות־קאָמערץ זיינען אידן געווען טויגעניכטסן אין פאַרגלייך מיט די גריכן, און אַזוי ווייטער. מיר לייקענען ניט דעם פאַקט פון אונזער איצטיקער דעמאָראַליזאַציע; מיר באַשטעטיקן אַפילו אין אַ גרויסער מאָס די אַנטיסעמיטישע הנחה, אַז מיר זיינען ווירט־שאַפטלעך אַ ניט־סימפּאַטישער, ניט־ניצלעכער עלעמענט פון דער געזעל־שאַפט, נאָר, ווי זיצנדיק אויף דער אַנקלאַגע־באַנק, זוכן מיר צו באַווייזן, אַז אין אַלץ איז שולדיק דער ביטערער גלות, אונזער היסטאָרישע רעכט־לאָזיקייט און רדיפות. אונזערע אַפּאָלאָגעטישע טענות זיינען אַליין פאַר־

זיך טאָקע אמת׳ע, ניט קיין אויסגעטראַכטע און ניט קיין איבערטריבענע. די חשיבות פון פיזישער אַרבעט פאַרנעמט ניט, דוכט זיך, אין קיין שום רעליגיעזער ליטעראַטור (אפשר מיט דער אויסנאַם פון דער אַלט־כינעזישער) אַזאַ גרויסן פלאַץ ווי אין דער אידישער. אויף וויפיל עס האַנדלט זיך וועגן הויכשאַצן די פונקציע פון יגיע־כפים, וועלכע איז אין דער גריכישער ציוויליזאַציע באַטראַכט געוואָרן אַלס אַ נידעריקע און הויפּטזעכלעך שקלאַ־פישע, האָבן מיר געוגנ גרונט אַנצואווייזן מיט באַרעכטיקטן שטאָלץ אויף דעם תלמוד, וועלכער איז אַן אָפּשפּיגלונג פון אַ אידישן לעבנס־שטייגער און אַ קריסטאַליזאַציע פון סאָציאַלע ווערטשאַצונגען, וואָס זיינען אויסגעוואָקסן פון די טיפענישן פון אונזער פאָלקסלעבן. ווען איך לייען אין פּרקי אבות אַזאַ זאַץ, ווי „אהב את המלאכה ושנא את הרבנות“, אָדער „כל תורה שאין עמה מלאכה, סופה בטלה וגוררת עוון“; ווען איך זע ווי איינער פון די חז״ל פּסק׳נט, אַז „אין בעלי אומניות רשאים לעמוד מפני תלמידי חכמים, בשעה שהם עסוקים במלאכתם“ (בעל־מלאכה׳ס, בשעת זיי זיינען פאַרנומען מיט זייער אַרבעט, טאָרן זיך ניט אויפשטעלן כדי אָפּצוגעבן כבוד תלמידי חכמים); ווען לויט איין תלמוד׳ישן אַפאָריזם איז מלאכה וויכ־טיקער פון זכות אבות און לויט אַן אַנדערן אפילו פון יראת שמים; ווען איך דערמאָן זיך אָן דער שאַרפער וואָרענונג צו עלטערן, אַז אויב זיי לערנען ניט זייערע זין קיין מלאכה, איז דאָס גליך ווי זיי וואָלטן זיי געלערנט גזלה; און ווען איך שטויס מיך אָן אָן די באַרימטע ווערטער, וואָס רב האָט געזאָגט צו רב כהנא — „פשוט נבלה בשוק וטול שכר, ואל תאמר כהן אני ואדם גדול אני וגנאי הוא לי“ (שינד אָפּ אַ נבלה אין מאַרק און קריג באַצאָלט, און זאָג ניט: אַ כהן בין איך, אַ גרויסער מענטש בין איך און דאָס איז פאַר מיר אַ חרפּה צו טאָן) — דרינג איך דערפון אַרויס ניט בלויז דעם פאַקט, אַז אין אַלטערטום און אין פריען מיטלאַלטער זיינען אידן געווען מערסטנטייל אַ פאָלק פון יגיע־כפּימ׳ניקעס (דאָס זיינען דאָך געווען אין זייער רוב מנין אויך אַנדערע פעלקער, ווייל זיי האָבן קיין אַנדערע ברירה ניט געהאַט), נאָר אַז אידן זיינען געווען פיאָנערן אינם פּראָצעס פון אַראָפּנעמען די סאָציאַלע מינדערווערטיקייט פון פיזישער אַרבעט. קעגן דעם קוק אין קלאַסישן גריכנ־טום אויפן קנעכט, דעם טיפּישן טרעגער פון פיזישער אַרבעט, ווי אויף אַ באַשעפעניש, וואָס דאַרף ניט באַטראַכט ווערן פאַר אַ „יורידישער פּערזאָן“, געפינען מיר ביי אידן די תלמוד׳ישע וואָרנונג, אַז אויב איינער וועט טענה׳ן: „איך בין אַ מיוחס, איך שטאַם פון אַ וויכטיקער משפחה, און מיר פּאַסט ניט זיך מבזה צו זיין און טאָן אַ מלאכה“, דאַרף מען אים ענטפערן, „שוטה, כבר קדמך יוצרך, שעשה מלאכה קודם שבאת לעולם“ (שוטה וואָס דו ביזט,

דער רבונו של עולם האָט שוין געשאַפן פאַר דיר אַ מוסטער, ווייל ער האָט געטאָן אַ מלאכה איידער דו ביסט געקומען אויף דער וועלט — זיך מטריח געווען צו באַשאַפן אַ וועלט). מיט אַזאַ קלאַסיש אידישן קוק אויף דער באַ־דייטונג און ווערדע פון פיזישער אַרבעט, מעג טאַקע יעדער איד שטאָלצירן אַפילו ווען עס האַנדלט זיך ניט וועגן זיך פאַרענטפערן אָדער „זיך־אויסשטעלן“ פאַר אַנדערע. איך האָב אויך גאָרנישט קעגן דעם, וואָס מיר סטאַרען זיך געבן פאַרשטיין אַנדערע, אַז אַפילו אין שפּעטערע דורות האָבן אידן אַרויס־געוויזן אַ נאַטירלעכע נויגונג צו אַקערבוי און מלאכה און אַז דאָס איבערגיין צו פּרנסות, וועלכע אַסאַך פון אונז שטעמפּלען אַלס „ניט־פּראָדוקטיווע“, איז אין אַ סך אַ גרעסערער מאָס דער חטא פון אונזערע פאַרפאָלגער איידער אונזער אייגענע זינד. אין דעם איז זיכער פאַראַן אַ סך אמת. אין שפּעטן מיטלאַלטער איז קריסטן געווען פאַרבאָטן צו זיין וואוכערער און אידן איז דאָס געווען דערלויבט, און נאָכמער — די מלוכה האָט זיי אָפטמאָל אַפילו דערמוטיקט זיך ווידמענען דער דאָזיקער פּראָפעסיע. כדי צו באַגרייפן פאַר־וואָס אידן האָבן זיך אין אַ ריי אייראָפּעאישע לענדער באַזייטיקט פון לאַנד־ווירטשאַפט, איז גענוג זיך צו דערמאָנען אָן די פעאָדאַלע געזעצן און באַ־ציאונגען: דער פויער איז דעמאָלט געווען דער „לאַנדקנעכט“ פונם פּריץ, כדי צו בלייבן אויפן לאַנד האָט ער געדאַרפט שווערן טרייהייט צום פעאָדאַל „אין נאָמען פון ישו, פון גאָט׳ס מוטער און דעם הייליקן גייסט“, און אַחוץ דעם האָט ער נאָך געדאַרפט צאָלן יעדעס יאָר אַ מין מעשר פון זיין הכנסה ניט דירעקט דער מלוכה, נאָר דער קאַטוילישער קירכע. אין יענע צייטן איז פאַר אידן זיין אַ פויער געווען דאָס זעלביקע וואָס אַ צושטאַנד פון שמד אָדער דינען עבודה־זרה. דאָס איז זיכער ניט די איינציקע סיבה פון אונזער דע־אַגראַריזאַציע אין מיטלאַלטער, אָבער עס לוינט צו דערמאָנען סיי פאַר אונז אַליין און סיי פאַר דער אַרומיקער ניט־אידישער סביבה אָן אַזעלכע און ענלעכע סיבות, וואָס האָבן גורם געווען דערצו, אַז מיר זאָלן אין משך פון אַזוי פיל דורות ניט פאַרנעמען קיין פּלאַץ אין דער אַגראַרער ווירטשאַפט. אויף וויפיל עס ווערט געפירט ביי אונז אַזאַ אויפקלערונגס אַרבעט, האָב איך קעגן איר גאָרנישט, אויב דאָס ווערט געטאָן געוויסנהאַפט, אָן גוזמאות. קעגן וואָס איך פיל אַלץ מער און מער אַן אינעווייניקסטע באַדערפעניש צו פּראָטעסטירן, איז ניט די דאָזיקע אויפקלערונג, נאָר די פּאָפּולערע אויפ־פאַסונג, אַז כאָטש ניט צוליב אונזער אייגענער שולד, זיינען מיר דאָך פּאַקטיש פאַרוואַנדלט געוואָרן — דער גלות האָט אונז פאַרוואַנדלט — אין אַ מין פאָלק פון ווירטשאַפטלעכע אויסוואורפן.

איך בין כלל וכלל ניט פאַרליבט אין דער איצטיקער עקאָנאָמישער סטרוקטור פון אידן אין דער וועלט. אָבער קיין אויסוואורפן זיינען מיר ניט,

און מיט וואָס מיליאָנען אידן זאָלן זיך ניט באַשעפטיקן, זיינען זיי ווייט פון צו זיין סתם פּאַראַזיטן אויפן אָרגאַניזם פון דער מענטשהייט. איך וועל זיך מוזן אָפּשטעלן אויף צוויי טעמים: אויף איינעם — קורץ, אויף דעם אַנדערן לענגער, כדי זיך פאַרשטענדלעך צו מאַכן.

אין צוזאַמענהאַנג מיטן ערשטן טעם בין איך באַזונדערס דאַנקבאַר יעקב לעשטשינסקי׳ן און ד״ר יחזקאל קויפמאַן. ביידע האָבן זיי אונז באַוויזן מיט פאַקטן און ציפערן אין דער האַנט, אַז די גאַנצע מעשה וועגן אידישע ניט־פּראָדוקטיווע פּרנסות איז, אין אונזער צייט, אין אַ גרויסער מאָס אַ ליגן אָדער אַ מיספאַרשטענדעניש... איך וועל אייך ניט מיד מאַכן מיט סטאַטיסטישע טאַבעלן, אָבער איך וואָלט יעדן פון די דעלעגאַטן געראָטן זיך פערזענלעך צו באַקענען מיט די מאַטעריאַלן, וואָס די פריער דערמאָנטע צוויי פאָרשער האָבן דורכגעזיפּט און פאַראַרבעט. פאַר די מייסטע פון אייך וועט זיין געגוג איבערצולייענען יחזקאל קויפמאַנ׳ס אַ קירצערע אָפּהאַנדלונג „די באַשעפטיקונגס־סטרוקטור פון אידן״, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט אין דער מאָנאַטשריפט „מאזנים״. איר וועט דאָרט זען, ווי אומדערוואַרטעט גרויס עס איז די צאָל פון אידישע האַרעפּאַשניקעס אין די מייסטע לענדער מיט אַ אידישער מאַסן־באַפעלקערונג; ווי באַדייטנדיק עס איז אין אייניקע לענדער דער אידישער יגיע־כפּים־אַנטייל אין אינדוסטריע. דער אַנטייל אין אַגריקולטור איז, נאַטירלעך, אַ סך קלענער ווי ביי די אומות העולם, אָבער ער איז — ביזן אָנפאַנג פון דער איצטיקער מלחמה, מיט איר קאַטאַסטראָפאַלער אַרויסשטויסונג פון אידן גראַד פון די אַזוי גע־רופענע פּראָלעטאַרישע פּרנסות — אַ סך גרעסער ווי די מייסטע פון אונז שטעלן זיך פאָר, גרעסער ווי ער איז געווען צוריק מיט צוויי־דריי דורות.

פאַר מיין צוועק איז אָבער וויכטיקער דער צווייטער טעם וועלכן איך וועל דערווייל פאָרמולירן דורך אַ פראַגע: אין וועלכער מאָס און אין וואָס פאַר אַ זינען זיינען די אַזוי גערופענע ניט־פּראָדוקטיווע פּרנסות טאַקע באמת „ניט־פּראָדוקטיוו״, סאָציאַל אומנוציק אָדער גאָר שעדלעך?

פּרימיטיווע פויערים־פּסיכאָלאָגיע, די טעאָרעטישע און, באַזונדערס, די פּראָפּאַגאַנדיסטישע גוזמאות פונם ענג־פּראָלעטאַרישן קלאַסן־סאָציאַליזם און, פון דער אַנדערער זייט, געוויסע נוסחאות פון רעליגיעז־אַנאַרכיסטישער ראָמאַנטיק, האָבן געשטעלט צופיל דעם טראָפּ אויף פּראָדוצענטן־אַרבעט: ווער עס פּראָדוצירט ניט קיין זאַכן, וואָס האָבן אַ לענג, אַ ברייט און אַ גרעב, וואָס מען קאָן זיי אָנטאַפּן מיט די הענט און נאָכדעם נוצן אָדער פאַר־נוצן אין דער פאָרם פון שפּייז, בגדים, וואוינונגען אאַז״וו. — דער איז אַ פּוסטעפּאַסניק און אומזיסט־עסער. איך האָב בכיוון געברויכט דעם אויס־דרוק פּראָדוצענטן־אַרבעט און ניט פּראָדוקטיווע אַרבעט, ווייל לויט דער

טערמינאָלאָגיע, װאָס איך װיל פאָרשלאָגן (און איר פאַרשטייט דאָך אַליין, אַז דאָס איז ניט בלויז אַ פראַגע פון װערטער), מוז ניט יעדע פּראָדוקטיװע אַרבעט זיין אויך אַן אַרבעט פון „מאַכן זאַכן“, אָדער אַרויסציען זיי פון דער ערדס געדערים אָדער געגערירן זיי פון פיזישער דינאַמיק. אונטער אַ פּראָ־דוקטיװער אַרבעט דאַרף מען פאַרשטיין יעדע באַשעפטיקונג, װאָס באַפרידיקט מענטשלעכע באַדערפעניש, װאָס ברענגט צו סאָציאַל־ניצלעכע רעזולטאַטן. דער פּראָדוצענט, דער „זאַכן־מאַכער“, איז ניט דער איינציקער פונקציאָנער פון דער געזעלשאַפט, װאָס „פּראָדוצירט“ הנאה אָדער נוצן. ער איז דאָס אפשר געװען אין דער אַמאָליקער געזעלשאַפט מיט איר איינזייטיק־פּרימיטיװן און מאָנאָטאָנעם לעבנס־סטאַנדאַרד. ער קאָן עס ניט זיין און ער איז עס ניט אין דער מאָדערנער געזעלשאַפט מיט איר װאַריעטעט פון באַדערפענישן און מיט די שוין איצטער ריזיק אויסגעװאַקסענע מעגלעכקייטן יענע באַ־דערפענישן צו באַפרידיקן. אַ סך ניט־פּראָדוצירנדיקע פּרנסות מוזן דערפאַר באַטראַכט װערן פאַר פּראָדוקטיװע.

אין טאָלסטאָי׳ס לעבן איז געװען אַ פּעריאָד פון אַ באַזונדערער באַגייסטע־רונג מיט די דרשות פון באָנדאַריאָװ׳ן. באָנדאַריאָװ איז געװען אַ פאָלקס־מענטש מיט עקסטרעמע, האַרטע פּרינציפּן, און ער האָט אור־מעטום געפּרעדיקט די פליכט פון יעדן מענטשן ניט נאָר צו טאָן פיזישע, פּראָדוצירנדיקע אַרבעט בכלל, נאָר ספּעציעל אַגריקולטורעלע אַרבעט, און אַפילו ניט סתם אַגריקולטורעלע, נאָר דאָס, װאָס ער האָט באַצייכנט אַלס „כליעבני טרוד“, „ברויט־אַרבעט“ — אַקערן און זייען און שניידן, כדי צו קאָנען עסן כשר, „אייגן“ ברויט. אויב אַ פאַרמער זאָל פּראָדוצירן בלויז באַנאַנעס אָדער עפּל אָדער אָראַנזשן, װאָלט ער, לויט באָנדאַריאָװ׳ן נאָך ניט יוצא געװען, װאָלט ער נאָך אַלץ געװען אַ „דאַר־מאָיעד“, אַן אומזיסט־עסער. ער האָט געװאָלט, אַז יעדער מענטש זאָל זיין בפועל־ממש . . . אַ מוציא לחם מן הארץ — לחם און ניט קיין „לוקסוס־זאַכן“. אומגעפער אין דער זעלבער צייט האָט זיך טאָלסטאָי געפונען אונטער דער השפעה אויך פון אַן אַלטן שװעד, אַ „פילאָזאָף“, װאָס איז אויסגעיוירט גע־װאָרן אויף זיינע אייגענע הייװן. אויך יענער האָט געפאָדערט, אַז יעדער מענטש זאָל אַליין, מיט די אייגענע הענט, פּראָדוצירן די „זערנעס“ פאַר זיין שפּייז. אָבער װאָס פאַר אַ שפע פון לעבן יענער שװעד האָט זיך פאַר־געשטעלט, קאָן מען זען דערפון, װאָס ער האָט שאַרף גע׳מוסר׳ט טאָלסטאָי׳ען פאַר טרינקען טיי: דערפאַר, װאָס איר לאָזט זיך דאָ װאױלגיין מיט טיי־טרינקען, פלאַנצט דער כינעזישער פּויער אויף זיין שטיקל באָדן בלויז דעם דאָזיקן אומנוטיקן פּראָדוקט און עס בלייבט אים ניט קיין פּלאַץ צו קול־טיװירן רייז פאַר זיך און זיין פאַמיליע, אַזוי אַז עס קומט אים אויס כראָניש

צו הונגערן (מיט דעם סאָרט מוסר־זאָגן האָט ער געזוכט צו לייזן דאָס עקאָ־נאָמישן פּראָבלעם פון ראַסן און לענדער). טאָלסטאָי איז איינמאָל אַריינגע־פאַלן אין אַ באַזונדערס גרויסער התלהבות וואָס יענער „פילאָזאָף" האָט זיך אָפּגעזאָגט, אויף אַ באַזוך ביי אים, פון אַ גלאָז מילך: „מיין מאַמע איז שוין לאַנג געשטאָרבן, און די קו, וואָס איר מעלקט דאָ, איז עמיצן אַנדערשס מאַמע". איך ציטיר דאָ די דאָזיקע טשיקאַווע טעאָריעס, כדי צו באַטאָנען צו וועלכע משונה׳דיקע עקסטרעמען און אַבסורדן מען קאָן דערגיין מיט דער אויפפאַסונג פון אוממיטלבאַרער פּראָדוקציע אַלס דעם איינציקן מאָס־שטאָב פון סאָציאַל־עקאָנאָמישער ניצלעכקייט.

אין דער סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע האָבן, נאַטירלעך, אַזעלכע עקסטראַוואַגאַנצן ווי די, מיט וועלכע טאָלסטאָי האָט זיך צייטנווייז געשפּילט, קיין פּלאַץ ניט פאַרנומען. די צילן, וואָס דער פּראָלעטאַרישער סאָציאַליזם האָלט פאַר זיינע נאָכפאָלגער, איז ניט באַשרענקונג פון באַדערפעניש, נאָר, פאַרקערט, זייער שטענדיקע פאַרמערונג און אויסברייטונג. די מצווה פון נעמען אין מויל אַריין בלויז דאָס, וואָס די אייגענע פאַר הענט האָבן פּראָ־דוצירט, איז אים דערפאַר שטענדיק געווען פרעמד, ווייל די עקאָנאָמישע שפע, פון וועלכער ער טרוימט, פאָדערט אַן אַלץ מער פאַרצווייגטע און דיפערענצירטע פאַרטיילונג פון אַרבעט. פאַר אים זיינען דערפאַר אַלע פונק־ציעס פון פּראָדוצענטן גלייך אין זייער סאָציאַלן ווערט. אָבער, ווי עס איז שוין אַנגעוויזן געוואָרן, האָט ער יאָרנלאַנג מיט עקשנות׳דיק־דאָגמאַטישער איינזייטיקייט אַקצענטירט דעם ווערט פונם פּראָדוצענט און דעם רעלאַטיוון אומווערט אָדער אפילו די פּאַראַזיטישקייט פון דעם, וואָס שטייט צווישן דעם פּראָדוצענט און דעם קאָנסומענט, אָדער פון דעם, וואָס זיינע פונקציעס האָבן ניט צו טאָן דירעקט מיט שאַפן עקאָנאָמישע „גיטער" אין קאָנקרעט־קעגנשטענדלעכן זין פון וואָרט. אָבער לויט אַזאַ ווערטשאַצונג, האָב איך מורא, קאָן זיך שוין באַלד אָנהויבן לייגן אויפן שכל, אַז דער מאַן, וואָס שטעלט יעדן פאַרטאָג אַוועק ביי דער טיר פון מיין וואוינונג אַ פלעשל מילך, איז אַ „פּאַראַזיט" (ער פּראָדוצירט ניט, ער איז בלויז אַ פאַרמיטלער צווישן דער מילך־פירמע און מיר), בשעת די קרוין פונם „פּראָדוצענט" און פונם „ניצלעכן מיטגליד פון דער געזעלשאַפט", דאַרף מען גאָר אָנטאָן אויפן קאָפּ פון איר מאַיעסטעט, דער קו...

אין דעם פונקט איז בערנאַרד שאָ אַ סך געגערעכטער פונם רוסישן אַפּאָסטאָל, גערעכטער אויך פון אַ סך סאָציאַליסטישע פשטנים און מוכיחים. „ווען אַ דאָרף־סטאָליאַר", לייענען מיר אין שאָ׳ס אַן אָפּהאַנדלונג, „מאַכט דעם פאַרמער אַ פלויט צו פאַרשפּאַרן פאַר די בהמות דעם וועג צום ווייץ־פעלד, האָט ער אין די הענט עפּעס סאָלידעס, וואָס ער קאָן באַטראַכטן

פאַר זיין אייגנס ביז דער פאַרמער וועט אים פאַר דעם באַצאָלן; אָבער ווען דאָס דאָרפישע אינגל מאַכט אַ רעש מיטן מויל, כדי צו פאַרטרייבן די פויגל פון דעם זעלבן פעלד, קאָן ער גאָרנישט ניט ווייזן, כאָטש דער רעש איז פונקט אַזוי נוצלעך ווי דער פלויט“. דאָס דאָזיקע אינגל, הייסט עס, פּראָדוצירט עקאָנאָמיש־נוצלעכע רעזולטאַטן, כאָטש ער איז ניט קיין פּראָדוצענט פון קיין זאַך, ווי דער סטאָליאַר איז. „די הויזדינערין“, לייענען מיר אין דעם זעלבן עסיי, „שאַפט אויך ניט עפּעס סובסטאַנציעלעס, און אָמאָל צעברעכט זי גאָר זאַכן“, אָבער קיינער האָט ניט קיין גרונט ניט צו אַנערקענען איר פונקציע פאַר אַ ניצלעכער, און וואָס־וואָס קיין פּאַראַזיט איז זי ניט.

און קיין פּאַראַזיטן זיינען ניט מיליאָנען מענטשן אין יעדן לאַנד, וואָס פאַרמערן ניט אַפילו מיט קיין כזית דעם סכום עקאָנאָמישע גיטער, אויב זיי דערפילן אַנדערע פונקציעס, וואָס מאַכן דאָס לעבן פון זייערע מיטמענטשן באַקוועמער, שענער, געזונטער, אינטערעסאַנטער אָדער מער קאָמפאָרטאַבל. קיין פּאַראַזיט איז אויך ניט דער אידישער קרעמער (איך נעם אַ טיפּישע אידישע פּראָפעסיע, אויף וועלכער פרעמדע און אייגענע האָבן געוואָרפן אַזוי פיל שמוץ), אויב ער האַנדלט ניט מיט קיין גע׳גנב׳עטער סחורה, גיט אַ ריכטיקע וואָג און נוצט ניט אויס די אומדערפאַרנקייט פונם קונה.

אין פּרינציפּ איז ניט פאַראַן קיין מאָראַלישער ווערט־אונטערשייד צווישן אַ קרעמער, וואָס אָפּערירט מיט זיין אייגענעם געוועלבל, און אַ גע־דונגענעם פאַרקויפער אין אַ פּראָלעטאַריש־קאָאָפּעראַטיווער אָדער סאָוועטישער מלוכה־קראָם (כאָטש עס קאָן, נאַטירלעך, זיין אַ געוויסער ווערט־אונטערשייד צווישן אינדיווידועלער און נאַציאָנאַליזירטער קרעמערײ). ביידע זיינען זיי באַשעפטיקט אין דיסטריבוציע, אָן וועלכער מיר קאָנען זיך ניט באַגיין, און ביידע קאָנען זיי כשר פאַרדינען זייער ברויט, אויב זיי באַדינען אונז ווי געהעריק. איך קאָן ניט גיין נאָך מיין פונט צוקער דירעקט צום קובאַנער פּראָדוצענט, נאָך מיין פונט טיי דירעקט צום כינעזישן פּלאַנ־טאַטאָר, און פאָרן קיין טולאַ זיך איינשאַפן אַ סאַמאָוואר דירעקט פונם בעל־מלאכה וואָס פּראָדוצירט אים. כדי איך זאָל קאָנען באַפרידיקן מיינע באַרעכטיקטע הצטרכות׳ן, מוז איינער אַרבעטן אין טראַנספּאָרט, אַן אַנדערער אין אימפּאָרט, אַ דריטער אין קרעמערײ אאַז״וו. אין סאָוועט־רוסלאַנד האָט מען עטלעכע יאָר נאָכאַנאַנד געהאַמערט אין די קעפּ, אַז די „קראַסנייע קופּצי“ (די „רויטע סוחרים“, דאָס הייסט די וואָס זיינען באַשעפטיקט אין סאָוועטיש־מלוכה׳שן האַנדל און דיסטריבוציע־אַפּאַראַט) דערפילן אַ גרויסע עקאָנאָ־מישע פונקציע. אָבער „רויטע סוחרים“ אַפילו פון אַן אמת סאָציאַליסטישער ווירטשאַפט זיינען אויך סוחרים, כאָטש זיי אַרבעטן ניט פאַר פּראָפיטן, נאָר פאַר שכירות, און אַ קרעמער וואָס שטעלט מיר צו פרישן קעז און פוטער,

און ברויט, איז אַ סך אַ ניצלעכערער מיטגליד פון דער געזעלשאַפט, ווי אַן אַרבעטער וואָס פּראָדוצירט, לאָמיר זאָגן, טשואינג־גאם אָדער לאָליפּאָפּס (איך רעד שוין ניט פון אַזעלכע פּראָדוצענטן, וואָס פאַרמערן אונזער סכום פון „עקאָנאָמישע גיטער" דורך מאַכן באָמבעס, קאַנאָנען, מאַשינען־ביקסן, גילאָטינעס).

ווער זשע איז אייגנטלעך אַ פּאַראַזיט? קיין איין און איינציקער מענטש, וואָס איז באַשעפטיקט מיט עפּעס אַזוינס, פון וואָס זיינע מיטמענטשן האָבן נוצן אָדער הנאה, אויב ער ביטרעוועט ניט אַרויס דערפון פאַר זיך אַ הכנסה, וואָס איז ניט אין פּראָפּאָרציע צו זיין ביישטייער צום אַלגעמיינעם עקאָנאָמישן צושטאַנד פון דער געזעלשאַפט. אין אַמאָליקן קאָנסטאַנטינאָפּאָל, למשל, זיינען אין די קאַפע־הייזער געזעסן פּראָפעסיאָנאַלן אַזעלכע, וואָס זייער איינציקע עובדה איז געווען צו דערציילן מעשיות — אויסגעטראַכטע, פאַר־פּלאָנטערטע, לאַבירינטרייכע און פאַנטאַזיעפולע מעשיות. טערקן, אָרעמע און רייכע, האָבן ליב געהאַט זופן שוואַרצן קאַפע, צובייסן מיט ראַכאַט־לוקום, לאַנגזאַם רויכערן די נאַרגילע און הערן מעשיות. פאַר דערציילן אַ מעשה פלעגט זיך דער פּראָפעסיאָנאַל הייסן באַצאָלן און דערפון האָט ער געלעבט. איז ער געווען אַ פּאַראַזיט אָדער אַ „פּראָדוקטיווער" מיטגליד פון דער געזעלשאַפט? לויט מיין הנחה — אַ פּראָדוקטיווער מענטש (אויב איך בין ברוגז אויף איניקע פון זיי, איז בלויז דערפאַר וואָס זיי האָבן זיך פאַרנומען אויך מיט „ספּעקולאַציע"; עס זיינען געווען צווישן זיי אַזעלכע, וואָס פלעגן אָפּרעדן מיטן עולם אַז זיי דאַרפן באַקומען, לאָמיר זאָגן, אַ פּיאַסטער פון אַ קאַפע, אָבער נאָך אַ שטונדע דערציילן, פונקט דעמאָלט ווען די צוהערער זיינען געווען באַזונדערס געשפּאַנט, ערב דעם קלימאַקס, גראָד ווען עס דאַרף געשאַפן ווערן אַ נייע סיטואַציע, כדי דער בן־מלך זאָל זיך נאָכאַמאָל קאָנען באַגעגענען מיט דער בת־מלכה, פלעגן זיי דערקלערן אַ שטרייק: אָדער איר גיט מיר אַ הוספה, אָדער איך לאָז אייך איבער אין מיטן דער מעשה). עס קאָן זיין, אַז מענטשן מיט לאַנגע בערד דאַרפן ניט פאַרברענגען זייער צייט אַזוי קינדעריש — כאָטש פערזענלעך ווייס איך ניט פאַרוואָס. איך ווייס ניט וואו עס ליגט דאָ דער חטא, און פאַר אַ שיין דערציילטער בבא־מעשה בין איך נאָך איצט אויך גרייט ניט נאָר זיך צו לאָזן זיך עפּעס קאָסטן, נאָר אפילו גיין עטלעכע מייל צופוס. אין יעדן פאַל, אַזוי לאַנג ווי יענע טערקן האָבן געהאַט אַזאַ באַדערפעניש — און זייער באַדערפעניש צו הערן מעשיות איז געווען, דאַרף מען געדענקען, זייער אַן אינטענסיווע — האָט יענער „לופט־מענטש" דערפילט אַ פונקציע וואָס איז געווען ניט ווייניקער נוצלעך פון דער פונקציע פון אַ טערקישן פּראָלעטאַריער, וואָס פּראָדוצירט, לאָמיר זאָגן, כאַלוואַ.

איך ווייס, אַז איך בין מחויב צו טאָן אַ ניצלעכע אַרבעט, כדי ניט צו בלייבן אַ בעל־חוב דער געזעלשאַפט און ניט צו לעבן אויף איר חשבון. אָבער אַ בעל־חוב בין איך ניט נאָר לגבי דעם פּאַרמער און אַ פּאָר אַנדערע פּראָדוצענטן, וואָס באַזאָרגן מיך מיט שפּייז, בגדים און אַ וואוינונג. פּאַר מיר טוען וויכטיקע און ניצלעכע אַרבעט הונדערטער אַנדערע מענטשן, וואָס פּראָדוצירן לחלוטין גאָר ניט. דער מילך־מאַן, דער גראָסער וואָס שטעלט מיר יעדן פרימאָרגן צו פרישע זעמל; דער „עקסטערמינייטאָר", וואָס דערלאָזט ניט אַז אין מיין וואוינונג זאָלן זיך פּריה־ורביה׳ן ברואים וואָס נאָר גאָט ווייס צוליב וואָס ער האָט זיי באַשאַפן; דער עלעוועיטאָרמען, דער באָס־דראַיווער און דער סאָבוועי־קאָנדוקטאָר; דער צושטעלער פון האַנטיכער אין מיין ביוראָ; דער קעלנער אין רעסטאָראַן; דער שערער, דער שטיוול־פּוצער, דער ראַדיאָ־אַנאָנסירער, דער דאָקטאָר און דער דענטיסט, די קראַנקן־שוועסטער וואָס איז אַרום מיר געגאַנגען אין שפּיטאָל, דער פּולמאַן־קאַר־פּאָרטער וואָס מאַכט מיר מיין בעט; עטלעכע צענדליק קאָרעספּאָנדענטן פון דער טאָג־צייטונג וואָס איך לייען; מיין זון׳ס זעקס לערער אין זיין שולע; דער בריוו־טרעגער און דער טעלעגראַמען־טרעגער, די טעלעפאָן־אָפּעראַטאָרין, הונדערטער אַרטיסטן אין טעאַטערס און אין קינאָ צוזאַמען מיט די „אָשערס" וואָס ווייזן מיר אָן מיין פּלאַץ; דער פּאָליסמאַן, דער פייער־לעשער, דער בוכהענדלער, דער פלאָריסט, דער ביבליאָטעקאַר, דער „גאַיד" אין אַ פרעמדער מדינה, דער פּילאָט און אויך די „האָוסטעס" פונם אַעראָפּלאַן, וואָס איז מיך בלויז מכבד מיט וואַרעמער קאָפע ווען עס ווערט קילער אין דער הויך; דער שיף־מאַטראָס און דער צוג־קאָנדוקטאָר, דער פּאַרזיכערונגס־אַגענט (וועלכן מען וועט אַמאָל ניט דאַרפן, ווייל מען וועט איינפירן נאַציאָנאַלע און אָבליגאַטאָריש־אויטאָמאַטישע פאַרזיכערונג פאַר יעדן, אָבער דערווייל — אַ דאַנק אים פאַרן איינרעדן, פאַרן דערמאָנען און פאַרן איינמאָנען די פּרעמיעס); דער אויפזעער פונם מוזייאום און זיינע אַרויסהעלפער, און אויך דער באַאַמטער פונם ריעל־עסטעיט־אָפיס וואָס פאַרשפּאָרט מיר עטלעכע טעג צייט, ווען איך זוך אַ נייע דירה (אין גרונט איז ער אַ מעקלער און דער בעל־הבית זיינער איז אַ מעקלער, אָבער מיר איז שווער אָן אים אויסצוקומען). אויף וויקענדס פאָר איך פון צייט צו צייט אַרויס אין דאָרף, צו אַ פּאַרמער, וואָס אונזערעווירטשאַפטס־מאָראַל־פּוריסטן האַלטן אים ניט פאַר קיין פּאַרמער און שפּעטן פון אים אָפּ — ער פּראָדוצירט גאָר ניט און אַפילו מילך קויפט ער פאַר זיך און פאַר זיינע געסט פון אַ שטאָטישער פירמע — אָבער איך ווייס, אַז ער און זיין פרוי זיינען פאָרט אַרבעטס־מענטשן, אַז זיי האָרעווען שווער כדי זייערע געסט, פון וועלכע זיי לעבן, זאָל זיין באַקוועם און אַנגענעם. די איינציקע פּרנסה ביי אידן, וועלכע איך באַטראַכט אין פּרינציפּ פאַר אַן

איבעריקע, איז בלויז שדכנות. אָבער, ערשטנס, איז קיינער ניט מחויב אָנ־צונעמען מיין אָפּשאַצונג (קיינער באַצאָלט דאָך ניט קיין שדכן, אויב ער האָט פון אים ניט קיין נוצן), און, צווייטנס, נאָר קליינשטעטלדיקע אידישע מיידלעך אין רוסלאַנד האָבן געמיינט, אַז ביי גויים איז יעדער בחור אַ ראָמעאָ און יעדעס מיידל אַ דזשוליעטאַ. ביי די אומות־העולם, אַמעריקע אַריינגערעכנט, איז שדכנות אויך אַ גאַנץ פּאָפּולערע באַשעפטיקונג. וואָס נאָך בלייבט אונז איבער פון די אַזוי גערופענע ספּעציפישע אידישע פּרנסות? כלי־קודש? איז נאָך אויך אַ פראַגע, צי דער קלעריקאַלער צעך איז ביי אונז אַ גרעסערער ווי ביי אַנדערע פעלקער. ביי די קאַטוילישע און גריכיש־אַרטאָדאָקסישע אומות מיט זייערע מאָנאַכן, נאָנען, „אַלטיטשקע" און נע־ונד׳ניקעס לשם שמים, איז דער דאָזיקער צעך ניט קלענער, נאָר אפשר גאָר גרעסער ווי ביי אונז (אגב, אין טיבעט איז יעדער פינפטער זכר אַ כלי־קודש־מענטש).

איך האָב מורא, מ׳וועט מיך באַשולדיקן אַז איך נעם אָן ערנסטן ענין און מאַך פון אים אַ שאַרזש. איך מיין אָבער, אַז ס׳איז אפשר גאָר ניט אַזאַ קרומע זאַך ווי טאָקע גוט־גוט אָפּשפּעטן פון אַ פאַלשער אויפפאַסונג, וואָס אַנטוויקלט אין אונז שעדלעכע אינפעריאָריטעט־געפילן לגבי אונזערע ניט־אידישע שכנים. איך בין ווייט פון צו האַלטן אַלע אידן פאַר צדיקים, און מיר זיינען באַקאַנט צופיל טעמים, צוליב וועלכע מ׳מוז באַטראַכטן אונזער היינטיקע עקאָנאָמישע מערכה פאַר אַ ניט־זיכערער און אַנגעלאָדענער מיט געפאַרן (איך באַטראַכט היינט ניט דעם ענין פון שטאַנדפּונקט פון די גרויסע ענדערונגען וואָס מיר מוזן אפשר דורכפירן אין אונזער פּראָפעסיאָנעלער סטרוקטור צוליב ריין־פּראַקטישע מאָטיוון), אָבער דאָס וואָס כ׳האָב געזוכט צו באַטאָנען, איז בלויז איין זאַך: אַז מיר זיינען, אַלס אַן עקאָנאָמישער טיפּ, ניט בעסער און ניט ערגער פון אַנדערע פעלקער; אַז אונטער די באַדינגונגען פון דער איצטיקער געזעלשאַפט דערפילן מיר ווירטשאַפטלעכע פונקציעס, וואָס זיינען סאָציאַל ניט ווייניקער ניצלעך ווי די פונקציעס פון אַנדערע פעל־קער; אַז זאָל זיך קיינער ניט אונטערנעמען אונז איינרעדן, אַז אַזוי פיל יאָרהונדערטער איז די וועלט געווען אַ נאַר און האָט אונז געקאָרמעט אומ־זיסט. און ווייטער: איך בין ניט שטאָלץ מיטן אַמאָליקן אידישן שענקער, אָבער איך וויל אַז מיין רוסישער שכן זאָל זיך אויך שעמען מיטן בעל־הבית פון זיין „קאַבאַק", מיין ענגלישער שכן — מיטן אייגנטימער פון זיין „פּאָב" און מיין אַמעריקאַנער שכן — מיט זיין סאַלון־קיפּער. איך האָב געזען אין דער סאַאוט אייניקע העסלעכעביישפּילן פון דעם אופן ווי אידישע „קאָסטאָ־מער־פּעדלער" באַהאַנדלען זייערע נעגער־קליענטן און איך האָב זיך גע־שעמט פאַר זיך, אָבער איך וויל זיך ניט שעמען פאַרן סאָדערנער אַנגלאָ־

זאַקסישן דזשענטלמאַן, ווען איך זע ווי ער באַהאַנדלט נאָך היינט זיינע נעגער־אַרבעטער אויף די פּלאַנטאַציע־פעלדער. מיר איז ניט לייכט דן זיין לכף־זכות דעם אַמאָליקן אוקראַינער אידישן ישוב׳ניק, וואָס האָט גענומען אין אַרענדע די קירך און האָט זי אָפּטמאָל זונטאג ניט געלאָזט עפענען פאַר די פּויערים, אויב מ׳האָט אים ניט באַצאָלט, אָבער איך וועל קוקן יעדן אוקראַינער גלייך אין פּנים אַריין, אויב ער פאַרגעסט אַז ער דאַרף זיך אויך שעמען מיט זיין קריסטלעכן פּריץ, מיטן „בעל־הבית“ פון דער קירך, וואָס האָט זי דעם אידן אוועקגעגעבן אין אַרענדע, צוליב פּראָפיטן.

דאַרף מען נאָך דעם אַלעמען נאָך שטעלן די פראַגע, צי און ווי אַזוי אַזאַ מאָראַליש „לויזער“ בליק אויף אידישע עקאָנאָמישע טעטיקייטן גראַמט זיך מיט אונזער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער אידעאָלאָגיע? זאָלן מיר אויפהערן אין אונזער ארץ־ישראל־אַרבעט, אין אונזער גאַנצער באַוועגונג, צו שטעלן דעם טראָפּ אויף יגיע־כפּים, אויף דעם פּרימאַט פון אַגריקולטור, אויף פּראָדוצירנדיקע באַשעפטיקונגען, אויף דעם וואָס מיר באַצייכענען שוין ניט פון נעכטן אָן מיטן נאָמען „חלוציות“? איר פאַרשטייט מסתמא אַליין, אַז איך שלאָג דאָ ניט פאָר קיין רעוויזיע, קיין „אומוועטונג פון ווערטן“, ביי וועלכע מיר האַלטן זיך שוין אַ פאַר צענדליק יאָר. דער ציוניזם — ניט נאָר דער סאָציאַליסטישער, נאָר אויך דער סתם־ציוניזם — איז מחויב אויך ווייטער צו פאָדערן פון מאָדערנע אידן, אַז זיי זאָלן זיך, אַזוי צו זאָגן, „איבערבויען“ עקאָנאָמיש, אַז זיי זאָלן קולטיווירן אין זיך און אַרום זיך אַנדערעווירטשאַפטלעכע כוחות און טוגענדן, ווי די אויף וועלכע זיי זיינען אויסגעכאָוועט געוואָרן. און דער טעם דערצו, דאַרף דאָך יעדער וויסן, איז אַן אומגעהייער איינפאַכער: אָנגענומען, אַז סאַרווערײ איז, ווי איך האַלט, אַ גאַנץ כשר׳ע, פּראָדוקטיווע (כאָטש ניט קיין פּראָדוצירנדיקע) פרנסה, אָבער די ווירטשאַפט פון אַ גאַנץ פאָלק, אויב עס וויל מאַכן עקאָנאָמישן שבת פאַר זיך, אויספורעמען פון זיך אַ גאַנצע געזעלשאַפט און ניט זיין בלויז (כאָטש אַפילו אַ ניצלעכער) צוגאָב אָדער „אַריינגאָב“ אין אַן אַנדער געזעלשאַפט, קאָן זיך ניט שטיצן בלויז אויף סאַרווערײ. סאַרווערס האָבן אַ זין בלויז דאָרטן, וואו עס איז פאַראַן וועמען צו סערווירן. נעמט מען זיך אויפבויען אַ ניי לאַנד, אַ נייע זעלבשטענדיקע געזעלשאַפט, אַ פאָלק מיט אַ מער אָדער ווייניקער אינטעגראַלער עקאָנאָמיק, מען מוז לכתחילה טראַכטן וועגן אַ ברייטערער וואַריעטעט פון פּראָפעסיעס און מ׳מוז פאַר אַלעמען שאַפן דאָס בראשית׳דיקע פון יעדן נאָרמאַלן מענטשלעכן צוזאַמענזיין. דאָס בראשית׳דיקע איז נאַטירלעך אַגריקולטור, און נאָכדעם מלאכה און טעכנאָלאָגיזירטע אינדוסטריע, און אין געוויסע פאַלן (אין זייער אַ גרויסער מאָס אויך אין אונזער פאַל) איז דאָס בראשית׳דיקע אַפילו דאָס פאַר־פּראָדוקטיווע און דאָס פאַר־אַגריקולטורעלע:

אויסטריקענען זומפן אָדער אויסהאַקן וועלדער איז אַליין פאַר זיך נאָך ניט קיין פּראָדוקציע; דאָס איז אָבער יענע פּיאָנערישע אַרבעט אין אַ סך קאָלאָניזאַציע־געביטן, וואָס שאַפט די פאַרבאַדינגונגען פאַר פּראָדוצירנדיקער און נאָכדעם, מיט דער צייט, אויך פאַר סתם פּראָדוקטיווער אַרבעט. מיר זיינען קעגן דעם, אַז אַכציק פּראָצענט אידן וואָס ווילן זיך באַזעצן אין ארץ־ישראל זאָלן ווערן קרעמער — ניט דערפאַר, וואָס קרעמעריי איז אין תוך אַ פּאַראַזיטישע באַשעפטיקונג, נאָר ווייל מען דאַרף זיי דאָרט אין אַזעלכע צאָלן ניט האָבן; ווייל זיי וועלן ניט האָבן וועמען צו פאַרקויפן און צו באַדינען; ווייל מיר מוזן דאָרט ערשט שאַפן באַדינגונגען פאַר קרעמעריי (אינדיווידועלער, קאָאָפּעראַטיווער אָדער מלוכה׳שער); און ווייל אַזעלכע באַדינגונגען קאָן שאַפן אויך אַ נאָרמאַלן אופן נאָר אַ קלאַס פון אַקערבויער, פון בעלי־מלאכה׳ס און פון אינדוסטריעלע אַרבעטער. אין ארץ־ישראל מוזן מיר באַשטיין אויפן פּרינציפּ פון וואָס מער פּראָדוצענטן, אויף אַ ראַדיקאַלער פּראָפעסיאָנעלער אומשיכטונג און — אין אַ געוויסן זין און פאַר אַ באַשטימטן פּעריאָד — אויף אַ באַזונדערן קולט פון יגיע־כפּים. דער טעם דאָ איז אַ גאַנץ בולט׳ער און דורכזיכטיקער: מיר האָבן זיך אונטערגענומען צו שאַפן דאָרט אַ גאַנצע וועלט אין אַ לאָקאַלן זעיר־אנפּין. ווען איך לייען אַזאַ ארץ־ישראל־דערציילונג ווי „באר הפרנו" (מיר האָבן געגראָבן אַ ברונים) מיט איר דערגרייכונגס־ענטוזיאַזם, וואָס קלינגט אפשר נאַאיוו און אומבאַגרינדעט־באַרימעריש פאַר אַ פרעמד אויער, פאַרשטיי איך זייער גוט די באַרעכטיקונג פאַר יענעם ענטוזיאַזם — ניט דערפאַר וואָס דאָס איז פּראָדוקטיווע אַרבעט, און אַנצאַפן גאַזאָלין פאַר מיין אויטאָמאָביל, אָדער מיר פאַרקויפן אַ פלעשל סאָדע־וואַסער, ווען איך ווער פאַרברענט פון דאָרשט, זאָל זיין אַ „פּאַראַזיטישע" באַשעפטיקונג, נאָר ווייל ברונים־גרעבער פעלן אונז און אַנדערע פונקציאָנערן האָבן מיר גענוג, ווייל ברונים־גרעבער דאַרפן מיר האָבן אין לאַנד פאַר דעם גאַזאָלין־פאַרקויפער אָדער דעם קרעמער.

מיר איז נאַטירלעך ווייט ניט פרעמד דער געדאַנק פון אַ אידישן עקאָנאָמישן איבערבוי אויך אין חוץ־לארץ. עס לייגט זיך אויפן שכל, אַז מיר זיינען צופיל רעפּרעזענטירט אין איין גרופּע פּראָפעסיעס און צו ווייניק אין אַנדערע גרופּן, און אַז דאָס איז פאַר אונז ניט געזונט, אין געוויסע לענדער אַפילו געפערלעך. עס קאָן זיין, אַז אויך אין אַמעריקע מוזן מיר זיך — צוליב ריין פּראַקטישע טעמים — עקאָנאָמיש אומשיכטן, און איך וועל זיין דאַנקבאַר יעדן איינעם, וואָס איז בכוח ניט בלויז צו זיין אַ מוכיח און פּאָכען מיט דער מוסר־בייטש איבער אידישע קעפּ, נאָר אויך קאָנקרעט אָנצואווייזן, ווי אַזוי, למשל, אידן זאָלן דאָ, אין דער ראַם פון דער איצטיקער געזעלשאַפט און אונטער די היינטיקע באַדינגונגען פון דעוואַריענטירטן קאַפּיטאַליזם, ווערן

אין גרויסע צאָלן פּאַרמערס, קוילן־גרעבער און מעטאַל־אַרבעטער. איך בין צו ווייניק עקאָנאָמיסט, אַז איך זאָל קאָנען האָבן אַ פעסטע מיינונג, צי דאָס איז איצטער מעגלעך אָדער אוממעגלעך. אויב דאָס זאָל זיין אוממעגלעך ביז די גאַנצע סטרוקטור פון דער אַמעריקאַנערווירטשאַפט וועט דורכמאַכן געוויסע פונדאַמענטאַלע ענדערונגען, איז דער מוסר־זאָגער ניט מער ווי אַ לועג לרש. אויב דאָס זאָל יאָ זיין מעגלעך און אויב מען דאַרף עס טאָקע, ווי איך בין געניגט צו מיינען, אַז מען דאַרף עס, כדי מיר זאָלן ניט אַרויסגעשטויסן ווערן פון דער עקאָנאָמישער ראָם בכלל, וועלן מיר באַגריסן יעדן קאָנסטרוקטיוון פּלאַן, וואָס איז עלול אונז צו פירן צו אַ בעסערער און סטאַבילערער לאַגע. אָבער פאַר אַלעמען לאָמיר אויפהערן אַרומצוגיין איבער דער וועלט מיטן געפיל פון אַ הויקער אויפן רוקן (ווען דער הויקער איז פאַקטיש אַ בייזע אויסטראַכטעניש), און לאָמיר אויפהערן מיט אונזערע טעאָריעס און מיט אונזער טערמינאָלאָגיע דערמוטיקן אנטיסעמיטישע פּראָפּאַגאַנדע.

אונזער ווירטשאַפטלעכע מערכה קאָן זיין אַ קראַנקע, אַ דורכגעלעכערטע, אַפילו אַ געפערלעכע. זי איז אָבער ניט קיין ספּעציפיש־אוממאָראַלישע, און וואָס זי זאָל ניט זיין, איז זי אַזעלכע, אַז געמאָסטן מיט די סטאַנדאַרדן פון דער איצטיקער געזעלשאַפט, טאָר זי בשום־אופן ניט געשטעמפּלט ווערן אַלס אַ פּאַראַזיטישע.

1942

# א בריוו קיין אינדיע

איך ווייס ניט ווי אײַך צו אַדרעסירן. אַמאָליקע יאָרן וואָלט איך אײַך גערופן „מאַהאַטמאַ" (גרויסע נשמה) — אַ נאָמען מיט וועלכן מיליאָנען פון אײַערע פאָלקסגענאָסן האָבן אײַך געקרוינט. איך ווייס אָבער, אַז איר האָט פאַרבאָטן דאָס דאָזיקע וואָרט אָנצואווענדן אויף אײַך, און אין אַ מינוט פון פּראָטעסט און אויפרעגונג האָט איר דערקלערט, אַז איר זייט ניט מער ווי אַ „גאַסנקערער". איך וואָג אײַך אויך ניט אָנצורופן לערער. אויף אײַער נאָמען האָב איך זיך צום ערשטן מאָל אָנגעשטויסן ביי טאָלסטאָי'ן אין זיין „בריוו צו אַ הינדו"; איך פאָלג נאָך אײַער טעטיקייט זינט 1914; אין מיין זכרון האָבן זיך טיף איינגעקריצט אַלע דאַטן און פּרטים פון אײַער ליידנס-וועג — פון אײַערע אַרעסטן און געריכטס-פּראָצעסן, פון אײַערע נדרים און תעניתים, פון אײַערע זיגן און פון יענע צייטווייליקע נידערלאַגן, וועלכע האָבן קיינמאָל אײַער אמונה ניט געבראָכן; איך האָב געלייענט אין די שפּראַכן וואָס זיינען מיר צוגעגנגלעך אַלץ וואָס איר האָט געשריבן. עס איז אָבער ניט אײַער שולד, אויב טראָץ דעם וואָס איך בין אין געוויסע פּעריאָדן אויפגעטרייסלט געוואָרן ביז אין די טיפענישן פון מיין וועזן דורך אײַער לערע און לעבנס-קונסט, בין איך נאָך ווייט פון צו זיין אײַערער אַ תלמיד אָדער נאָכפאָלגער. איר ווייסט, ווי אומגעהייער שווער עס איז אײַך נאָכצופאָלגן מיט אויפריכטיקייט און לעצטער קאָנסעקווענץ אין אינדיע גופא, אין אַ לאַנד וואו ראַסע און קולטור-געשיכטע האָבן געשאַפן פאַרבאַדינגונגען פאַר דער אַקלימאַטיזאַציע פון אײַערע אידייען; פיל שווערער איז עס אין די מערב-לענדער, באַזונדערס פאַר מענטשן פון מיין דור און לאַנד-אָפּשטאַם, וואָס זיינען אויפגעוואַקסן אין דער טעמפּעראַטור פון דער העראָאישער און מאָראַליש-קאָנפליקטנרייכער רוסישער רעוואָלוציע. מיר איז אָבער ניט שווער אײַך אָנצורופן ברודער, שוין צוליב דעם אַליין וואָס איך געהער צו אַ פאָלק וואָס האָט נאָך צוריק מיט טויזנטער יאָרן, דורך זיינע נביאים, אַרויסגעשטראַלט פון זיך די אידייע פון גאָט'ס אוניווערסאַלער פאָטערשאַפט און פון דער אומפאַרניכטבאַרער ברודערשאַפט פון אַלע יענע וועזנס וועמען גאָט האָט באַשאַפן „אין זיין פורעם און געשטאַלט".

אָבער איידער איך וועל איבערגיין צום אייגנטלעכן צוועק פון מיין בריוו און צו מיין פאָדערונג, וועלכע וועט אפשר קלינגען ווי אַן אַרויספאָדערונג, דערלויבט מיר אײַך אָפּצוגעבן מזל-טוב מיט דעם גרויסן זיג וואָס איר האָט צוריק מיט עטלעכע חדשים אָפּגעהאַלטן אין אײַער קאַמף פאַר מענטשלעכער

גלייכבאַרעכטיקונג. איך האָב דערמיט אין זינען דעם מאַניפעסט פונם יונגן מאַהאַראַדזשאַ אין דעם שטאַט טראַוואַנקאָר, דורך וועלכן עס זיינען אָפּגעשאַפט געוואָרן אַלע רעליגיעזע און סאָציאַלע דיסקרימינאַציעס קעגן די גרויסע צאָלן „אומבאַרירבאַרע״ פון יענער געגענט. מיר צווייפלען דאָ ניט אין די נאָבעלע כוונות פונם פּראָגרעסיוון הערשער פון טראַוואַנקאָר און מיר גלויבן, אַז ער האָט יענע באַן־ברעכנדיקע רעפאָרם פּראָקלאַמירט מיט דער פולער קראַפט פון זיין אויפגעוואַכטן געוויסן. מיר ווייסן אָבער אויך, אַז דער מאַהאַראַדזשאַ וואָלט ניט געהאַט קיין געלעגנהייט צו פאַראייביקן זיין נאָמען מיט דער דאָזיקער גרויסער געשעעניש אין דער געשיכטע פון אינדיע, ווען איר וואָלט אין משך פון יאָרן ניט צוגעגרייט דערצו דעם באָדן; ווען איר וואָלט, פון איין זייט, ניט סטימולירט די „אומבאַרירבאַרע״ גופא פאַר אַ קאַמף פאַר זייער מענטשלעכער ווערדע, און, פון דער אַנדערער זייט, ניט געוועקט דעם געוויסן אין טויזנטער הערצער פון די העכערע און פּריווילעגירטע קאַסטן.

איך געדענק גאַנץ גוט, אַז אין די אַלע יאָרן זייט איר ניט געווען דער איינציקער אַדוואָקאַט פאַר דער באַפרייאונג פון די מיליאָנען „טמאים״. עס קאָן זיין, אַז ראַבינדראַנאַט טאַגאָר האָט געגעבן אַ פיל קרעפטיקערן ליטעראַרישן אויסדרוק דעם מאָראַלישן רעוואָלט קעגן דער טויזנט־יאָריקער מחיצה, וואָס האָט עקזיסטירט אין אינדיע צווישן מענטש און מענטש. און איך ווייס פון אַ ריי באַדייטנדיקע מענער און פרויען ביי אייך אין לאַנד וואָס זיינען געגאַנגען אַ סך ווייטער און גראַדליניקער ווי איר אין זייערע עגאַליטאַרע שטרעבונגען. מיר האָבן אָבער אַ גרונט אַרויפצושטעלן דעם אָנהויב פון דער גרויסער רעפאָרם, מיט וועלכן טראַוואַנקאָר וועט איצטער שטאָלצירן, פאַר אַלעמען, אויף אייער חשבון. אַלע ריין־אינטעלעקטועלע אַרגומענטן פאַר דער גלייכשטעלונג פון די אומבאַרירבאַרע און אַלע טעאָלאָגישע באַווייזן און טעקסט־קריטישע פאָרשונגען, מיט וועלכע אַ סאַך פון די פּראָגרעסיווע הינדוס האָבן זיך באַשעפטיקט, זיינען בלאַס אין פאַרגלייך מיט דער קורצער דערקלערונג וואָס איר האָט אַמאָל געמאַכט: „איך וואָלט ניט וועלן נאָכאַמאָל געבוירן ווערן, נאָר אויב עס איז מיר באַשערט נאָכאַמאָל צו קומען אויף דער וועלט, זאָל עס זיין צווישן די אומבאַרירבאַרע״; און איך גלויב אַז נאָך ווירקזאַמער איז געווען דער מוט וואָס איר האָט אַרויסגעוויזן אין „דירעקטער אַקציע״, ווען איר האָט אַדאָפּטירט אַ קינד פון די אומבאַרירבאַרע און עס געמאַכט פאַר אַ מיטגליד פון אייער פאַמיליע. איך מיין, אַז דער דאָזיקער פּערזענלעכער ביישפּיל פון פּראַקטישן דורכברעכן קאָנאַניזירטע היסטאָרישע ווענט האָט עס אָנגעשטעקט הונדערטער אַנדערע זין פון די העכערע קאַסטן מיטן נאָבעלן טראָץ אָנצופאַנגען טאָן עפּנטלעך יענע „נידעריקע״ אַרבעטן, אויף וועלכע מ׳האָט אַמאָל פאַראורטיילט אין אינדיע די פּאַריאַ׳ס און דערמיט

אַליין אָפּווישן פון זיי דעם חותם פון „נידעריקייט". דער דאָזיקער ביישפּיל האָט אויך צוגעגעבן די „אומבאַרירבאַרע" זעלבסט־רעספּעקט. און מאָראַלישן קוראַזש און געמאַכט זיי פּייאיקער און קאָמפּלוסטיקער פאַר די בלוטלאָזע אויפשטאַנדן, מיט וועלכע זיי האָבן זיך מערערע מאָל אויסגעצייכנט. אויב מ'האָט געדאַרפט האָבן אין אונזער צייט אַ קאָנקרעטן באַווייז, אַז ניט נאָר הערצאָישע אויסנאַם־נאַטורן, נאָר אויך מאַסן פּראָסטע און אומגעבילדעטע מענטשן זיינען פּייאיק, אונטער געוויסע באַדינגונגען, צו זיין „אַגרעסיוו", ניט אָנקומענדיק צו געוואַלט־מיטלען, און אַז די סיסטעם פון פּאַסיווער רע־זיסטענץ קאָן אויך געקרוינט ווערן מיט דערפאָלג, אָפּהאַלטן גרויסע זיגן, איז דער פּאַסיפיסטישער קאַמף פון די „אומבאַרירבאַרע" זיכער איינער פון די אַממערסטן איבערצייגנדיקע באַווייזן. עס איז אויך פון גרויסער היסטאָ־רישער וויכטיקייט דער פאַקט, וואָס אויב די צוויי מיליאָן געוועזענע „אומ־באַרירבאַרע" פון טראַוואַנקאָר וועלן פון איצטער אָן געניסן דאָס רעכט צו באַזוכן די טעמפּלען און דאַוועגען צוזאַמען מיט די העכערע קאַסטן, דאָס רעכט צו נוצן די געמיינדע־ברונימער און די עפנטלעכע שאָסייען און צו דערציען זייערע קינדער אין די אַלגעמיינע שולן, איז עס אַ פּועל־יוצא בלויז פון אַן אינעוועניקסטער עוואָלוציע, פון אַ גייסטיקער באַנייאונג און פאַריונגונג פון אינדיע גופא, אָן וועלכן עס איז דרוק מצד דעם אייראָפּייאישן „ציוויליזאַטאָר". איך געדענק אַז עס איז יאָרן און יאָרן געווען אייער אַמביציע ניט אויסצונוצן די ענגלישע הערשאַפט פאַר רעפאָרמען פונם אינעוועניקסטן לעבן פונם אינ־דישן פאָלק. איר וואָלט זיך בשום אופן ניט צופרידנגעשטעלט מיט אַ רעפאָרם, וואָס קומט פון אויבן אָדער פון דרויסן. איר האָט געוואַרט אויף אַן אָנזאַמלונג פון קאַמף־ענערגיע אין די טיפענישן פון די דעגראַדירטע מאסן גופא און אויף דער דערוואַכונג פון תשובה־געפילן ביי די העכערע קאַסטן, און איך בין גליקלעך וואָס איר האָט זיך דערוואַרט, וואָס איר האָט זוכה געווען נאָך אין אייערע יאָרן צו זען דאָס ערשטע גרינענדיקע גערעטעניש אויף דעם האַרטן פעלד וואָס איר האָט פאַראַקערט און פאַרזייט. אָן ענגלישער אינטערווענציע, אָן דרוק פון דרויסן, האָט טראַוואַנקאָר געמאַכט די רעוואָלוציאָנירנדיקע התחלה. איך בין זיכער אַז דער ביישפּיל פון טראַוואַנקאָר וועט אין גיכן אָנהויבן ווירקן אויף דער גאַנצער לענג און ברייט פון אייער גרויס לאַנד, און אַלע זעכציק מיליאָן אומבאַרירבאַרע וועלן נאָך אין אונזער דור צוריקגריגן זייערע נאַטיר־לעכע רעכט, וועלכע מ'האָט אַזוי אומנאַטירלעך פאַרלעצט.

די פון אונז אין אייראָפּע און אַמעריקע, וואָס האָבן אַלע יאָרן געהאַט ברידערלעכע סימפּאַטיעס מיט דער אומדערטרעגלעכער לאַגע פון די „אומבאַ־רירבאַרע", זיינען לאַנג געווען געשטערט אין זייערע האָפנונגען דורך די אייגנאַרטיקע טעאָלאָגישע אַספּעקטן פון דעם דאָזיקן פּראָבלעם. מיר האָבן

געוואוסט אַז די אָרטאָדאָקסיש־געשטימטע הינדוסן און צווישן זיי, ווי מ׳האָט אונז איבערגעגעבן, אויך מענטשן פרייע פון ענגע עגאָאיסטישע קאַסטן־אינטערעסן, אַנטשליסן זיך ניט צו גיין אויפן וועג פון עמאַנסיפּאַציע צוליב אַ באַשטימטער דאָגמע פון דער הינדואיסטישער רעליגיעזער לערע. לויט יענער דאָגמע זאָלן די מיטגלידער פון די נידעריקע קאַסטן זיין באַשטראָפטע, „פון גאָט פאַראורטיילטע״. אויב איך מאַך ניט קיין טעות, האָבן אָרטאָדאָקסישע הינ־דוס געזוכט צו לייזן דורך אַ באַשטימטער אינטערפּרעטאַציע פון דער קאַסטן־צעטיילונג דאָס פּראָבלעם פון טעאָדיצייע, פון צידוק־הדין — דאָס פּראָבלעם וואָס האָט אַמאָל געמאַטערט דעם אַנאָנימען דיכטער פון אונזער איוב, וועל־כער האָט קיין ראַציאָנאַלע לייזונג פאַר אים ניט געפונען. די אונטערדריקטע קאַסטן ליידן, לויט יענער אויפפאַסונג, פאַר זינד וואָס זיי זיינען באַגאַנגען אין אַן אַנדער גילגול אָדער אין אַנדערע גילגולים; זיי זיינען נאָכמאָל גע־קומען אויף דער וועלט כדי אָפּצוקומען פאַר זייערע זינד, זיך רייניקן, דורכ־צוגיין דעם פּעריאָד פון זייער „קאַרמאַ״, און אין אַן אַנדער גילגול קאָנען זיי, אויב זיי וועלן דערצו זוכה זיין, נתעלה ווערן און אַריינגעבוירן ווערן אין אַ העכערער קאַסטע. עמאַנסיפּירן אַן אומבאַרירבאַרן איז דערפאַר דאָסזעלביקע וואָס העלפן אַ באַשטראָפטן, ניט דורכצוגיין דעם ציקלוס פון דעם עונש וואָס איז פאַר אים באַשטימט געוואָרן — זיך אַריינמישן אין די פּלענער פון דער אַלערהעכסטער השגחה.

איך בין, זעלבסטפאַרשטענדלעך, לחלוטין ניט קאָמפּעטענט צו אורטיילן, אויף וויפיל אַזאַ דאָגמע אָדער טראַדיציאָנעלע פאָרשטעלונג איז אַן אָרגאַנישער טייל פון הינדואיזם און אויף וויפיל עס האָבן געהאַט גרונט יענע „אומבאַריר־באַרע״ וואָס האָבן פאַראיאָרן אָנגעהויבן טראַכטן וועגן איבערגיין צום קריסטנ־טום אָדער צום איסלאַם, כדי זיך צו באַפרייען פון אַ רעליגיע, וואָס דיסקרי־מינירט ניט נאָר סאָציאַל, נאָר אויך מעטאַפיזיש קעגן אַזאַ גרויסער צאָל פון אירע נאָכפאָלגער. מיר איז דערפאַר ניט אינגאַנצן קלאָר ווי אַזוי אָרטאָדאָק־סישע הינדוס וועלן קאָנען האַרמאָניזירן זייער רעליגיעזע אינטעגריטעט מיט דער אידייע פון עמאַנסיפּאַציע פאַר די אומבאַרירבאַרע. עס האָט מיך אָבער זייער געפרייט, ווען עס איז מיר ניט לאַנג צוריק אַריינגעפאַלן אין די הענט איינע פון די פּובליקאַציעס פונם סענטראַל הינדו קאָלעדזש אין בענאַרעס („ען אַדוואַנסד טעקסטבוק אָוו הינדו רעלידזשיאָן ענד עטיקס״), אין וועלכער איך האָב געפונען אַ סימפּאַטאַטיש נייע אויסטייטשונג פונם קאַרמאַ־באַגריף. לויט יענער אויסטייטשונג קומט אויס אַז ס׳איז אַ גרויסער פעלער צו זאָגן וועגן אַ ליידנדיקן וואָס מאַכט דורך זיין קאַרמאַ, אַז אויב איך העלף אים, שטער איך דעם פאַרלויף פון זיין קאַרמאַ; ווייל די וואָס דענקען אַזוי פאַרגעסן אַז אויב מיר זיינען אימשטאַנד צו העלפן אַ מענטשן, איז דאָס אַליין אַ באַוויז

אַז די קאַרמאַ אונטער וועלכער ער ליידט איז שוין אויסגעשעפּט, און אַז אויב מיר זאָגן זיך אָפּ צו העלפן אַ מענטשן זינדיקן מיר און גרייטן זיך אַליין צו אַ שלעכטע קאַרמאַ אין דער צוקונפט, אין איינעם פון אונזערע גילגולים. איך געדענק אין דערזעלבער צייט, אַז אויך איר האָט נאָך מיט יאָרן צוריק זייער קלאָר באַטאָנט אייער איבערצייגונג, אַז די איצטיקע קאַסטן־סיסטעם אין אינדיע איז ניט קיין אומסעפּאַרירבאַרער טייל פון הינדואיזם. עס איז ניט די אויפגאַבע פון אַ פרעמדן צו פּסק׳ענען שאלות וועגן אַן אַלטער און מאָנומענ־טאַלער רעליגיעזער סיסטעם פון אַן אַנדער פאָלק. איך זע אָבער געוויסע סימנים אין איצטיקן גייסטיקן לעבן פון אינדיע, וואָס שטאַרקן מיין האָפּ־נונג אַז פאַר דער פולשטענדיקער עמאַנסיפּאַציע פון די אומבאַרירבאַרע וועט ניט נויטיק זיין ניט קיין צעשטערונג פון דער רעליגיעזער סיסטעם און ניט קיין קינסטלעכע רעפאָרם אינם וועזן פון דער הינדואיסטישער לערע. אידן האָבן אַמאָל בוכשטעבלעך געגלויבט אין דער ביבלישער נאָרמע פון „שן תחת שן, עין תחת עין״; די שפּעטערדיקע תלמודישע אויסטייטשונג, אַז מיט יענער פאָרמולע מיינט מען מאַטעריעלע קאָמפּענסאַציע פאַר אַ צאָן אָדער פאַר אַן אויג, האָט דאָס רעליגיעזע אידנטום ניט אָפּגעשוואַכט, נאָר פאַרשטאַרקט. ענ־לעכע אָרגאַנישע אַנטוויקלונגס־פּראָצעסן שטעל איך מיר פאָר אויך אין דעם רעליגיעזן לעבן פון אינדיע...

אָבער — און דאָ גיי איך איבער צום פּראַקטישן צוועק פון מיין בריוו — מעג איך אייך איצטער דערמאָנען, אַז „אומבאַרירבאַרע״ זיינען פאַראַן ניט נאָר אין אינדיע? ניט אומעטום, נאַטירלעך, אין אַזעלכע גרויסע צאָלן און ניט פּינקטלעך מיט דעם זעלבן סטאַטוס, אָבער דאָך „אומבאַרירבאַרע״: מענטשן וואָס ווערן פאַרפאָלגט, באַליידיקט, אויסגעהונגערט און אָפטמאָל אויך אויס־געשאָכטן בלויז דערפאַר, וואָס זיי געהערן צו אַן אַנדער עטנישער גרופּע אָדער זיי וואָגן צו דינען גאָט אויף זייער אייגענעם אופן.

מיליאָנען אַזעלכע „אומבאַרירבאַרע״ זיינען נאָך פאַראַן אין דעם לאַנד, פון וואַנען איך שרייב אייך מיין בריוו: איר ווייסט גאַנץ גוט, אַז די עמאַנסי־פּאַציע פון נעגער איז נאָך פּראַקטיש אין אַמעריקע ניט דורכגעפירט געוואָרן, אַזוי פיל יאָרן נאָך אברהם לינקאָלנ׳ס טויט. און מיליאָנען „אומבאַרירבאַרע״ זיינען צעשפּרייט איבער אונזער גאַנצן פּלאַנעט, אויף אַלע פינף קאָנטינענטן, אין צענדליקער לענדער: דאָס זיינען די מיליאָנען פון מיינע פאַרפייניקטע אי־דישע פאָלקס־גענאָסן. עס איז אַ זייער צווייפלהאַפטע הנאה און נישט שטענדיק אַ ווירדיקע אויפגאַבע צו דעמאָנסטרירן די אייגענע וואונדן און זוכן מיטלייד און סימפּאַטיע. אָבער צו אייך זיינען מסתמא דערגאַנגען ידיעות וועגן דעם מבול פון פאַרפאָלגונגען, וואָס דראָט צו פאַרניכטן גרויסע קיבוצים פון אונזער פאָלק אין לענדער, וואו זיי וואוינען שוין פילע הונדערטער יאָרן, אין לענדער

וואוהין די ערשטע אידן זיינען אָנגעקומען נאָך פאַר זייערע איצטיקע הערשער, אין געגענטן וואָס זיי האָבן אָנגעזאַפּט מיט זייער שווייס, מיט זייערע טרערן און בלוט. נאָך טויזנט יאָר דייטש־אידישן צוזאַמענלעבן געפינען זיך איצט די פאַרבליבענע פיר הונדערט טויזנט דייטשע אידן אין אַ צושטאַנד פון באַשפיגענע און פאַרמוטשעטע, און זייער לאַגע איז נאָך טראַגישער צוליב זייער באַוואוסטזיין, אַז זיי און זייערע עלטערן האָבן אַזויפיל בייגעטראָגן צום וואוקס און דער באַרייכערונג פונם לאַנד, סאַי אין ווירטשאַפטלעכן און סאַי אין גייסטיקן זין, און אַז זיי האָבן ביז ניט לאַנג צוריק געהערט צו די בעסער־סיטואירטע און העכערע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. דאָסזעלבע אומגעפער קומט איצט פאָר אין פוילן און אין רומעניע און (דערווייל), אין אַ ווייניקער קאַטאַסטראָפישער מאָס, אין אַ לאַנגער ריי אַנדערע לענדער. אָנטרעכטונג, שוצלאָזיקייט, נומערוס קלאַאוזוס און נומערוס נולוס אין די אוניווערזיטעטן, באַזונדערע בענק און אַ דעגראַדירנדיקער סטאַטוס פאַר אידישע קינדער אין די עפנטלעכע שולן, עקאָנאָמישער און סאָציאַלער באָיקאָט, טאָלערירטע און ניט זעלטן דערמוטיקטע פיזישע אַטאַקעס און מאָרד־אַקטן, אַ לינטש־סיסטעם וואָס אַנטיסעמיטישע רעגירונגען ווילן אפילו ניט באַקעמפן, פאַרשפאַרטע טירן און פאַרזיגלטע טויערן פאַר אידן וואָס ווילן אייַנוואַנדערן אין נייע לענדער — אָט דאָס איז איצט אונזער שיקזאַל אין אַ גרויסן טייל פון דער וועלט, דער שיקזאַל פון מיליאָנען מיטגלידער פון אַן אַלטער און קולטור־רייכער ראַסע. אינדיע איז ווייט פון די טיפע אידישע טרערן־טאָלן, אינדיע איז פאַרנומען מיט אירע אייגענע גרויסע זאָרגן און נאָך ניט געלייזטע פּראָבלעמען, מיטן שיקזאַל פון אַ פינפט־חלק פון מענטשלעכן מין; אָבער איך בין זיכער אַז אויך צו אייך האָבן זיך דערטראָגן ידיעות וועגן דער קיין־לופט וואָס מיליאָנען פון מיינע ברידער און שוועסטער מוזן אָטעמען אין איירָאָפּע, אין צפון־אַפריקע, אין געוויסע טיילן פון דער אַזיאַטישער וועלט.

ווילן מיר זיך באַפרייען פון אונזער תוכחה, פון אונזער צושטאַנד פון „אומבאַאַרירבאַרקייט”. זוכן מיר ברויט, אַרבעט, פרייע לופט, זיכערקייט און מענטשלעכע ווערדע; ווילן מיר דאָס אַלץ דערגרייכן דורך אָפּשאַפן די אַנאָמאַליע אויף וועלכער די געשיכטע האָט אונז פאַראורטיילט, דורך מאַכן אַ סוף צו אונזער היימלאָזיקייט און באָדנלאָזיקייט. עס איז שוין העכער אַ האַלבן יאָרהונדערט — זייט די בעסטע זין און טעכטער פון מיין פאָלק גיבן אַוועק זייער גאַנצע ענערגיע, דעם פאַטאָס פון זייער נשמה, פאַרן אויפבוי פון אַ אידישן נאַציאָנאַלן צענטער, פאַר דער ווידעראויפשטעלונג פון אונזער אַמאָליקער נאַציאָנאַלער היים אין ארץ־ישראל. מיר מוזן האָבן אַ לאַנד פאַר די מיליאָנען פאַרוואָגלטע אידן, מיר מוזן האָבן דאָס לאַנד, דאָס וויגעלע פון אונזער געשיכטע, פאַר דער באַנייאונג און פאַריונגערונג פון אונזער גאַנצן לעבן אין

גייסט פון יענער ציוויליזאַציע, וואָס מיר האָבן דאָרט אַמאָל געשאַפן. דאָס איז ניט בלויז אַן עקאָנאָמישע, ניט בלויז אַ פּאָליטישע פראַגע, און צווישן די וואָס קערן זיך איצט אום אין זייער אַמאָליקן פאָטערלאַנד זיינען פאַראַן ניט נאָר פּליכטלינגע, געטריבן פון פרעמדע קרעפטן, נאָר אויך עולי־רגל, אינספּירירטע פון אינוויניקסטע היסטאָרישע קרעפטן — מענטשן וואָס זוכן די לעצטע אויפריכטיקייט און אינטעגריטעט אין אַ נייעם, אייגענעם סביבה־לעבן. אידנטום איז ניט בלויז אַ רעליגיע, ניט בלויז אַ סיסטעם פון אַבסטראַקטן דענקען, ניט בלויז אַ סכום פון מנהגים און צערעמאָניעס. אידנטום איז אויך, און אפשר פאַר אַלעמען, אַן אייגנאַרטיקע דינאַמיק פון לעבן, טאַט, מאַניפעסטאַציע און שעפּפערישקייט, און די דאָזיקע דינאַמיק איז אָפּטמאָל אין אונז „אַרעסטירט", ווייל מיר לעבן אומעטום אין פרעמדע סביבות, אונטער פרעמדע קולטור־השפּעות, אין באַדינגונגען פון שטענדיקער צופּאַסונג צו דער ציוויליזאַציע פון אונזערע שטאַרקערע שכנים, אין אַ צושטאַנד פון מימיקרי וואָס באַדראָט אונזער גייסט. דער ציוניזם איז דערפאַר אַ באַוועגונג ניט נאָר פאַר הונגערנדיקע און פאַרפאָלגטע; אַלץ מער און מער אידענטיפיצירן זיך מיט אים נאָך פרייהייט לעכצנדיקע אידן אויך אין יענע לענדער, וועלכע זיינען פריי פון גראָבן אַנטיסעמיטיזם און באַטראַכטן אונז ניט אַלס „טמאים". יענע אידן וויסן — ווי אייער גרויסער פּאַטריאָט לאַדזשפּאַט ראַי האָט עס אַמאָל געזאָגט — אַז קייטן זיינען קייטן, אפילו ווען זיי זיינען באַגילדעט. איר פערזענלעך האָט אַמאָל געלעבט אין דער פרעמדע, אין דעם קליינעם אינדיאַנער גלות פון דרום־אַפריקע, און איר ווייסט ווי געפּעניגט עס איז די גייסטיקע און מאָראַלישע ענערגיע פון אַ נאַציאָנאַלער אָדער ראַסן־גרופּע, ווען זי לעבט אַלס מינאָריטעט, אין אַ ניט־אייגענער סביבה. איך גלויב, אַז איר וועט עס ניט אויפפאַסן אַלס אַ מאַטעריאַליסטישן לעבנס־בליק, אויב איך וועל אייך אין דעם צוזאַמענהאַנג ציטירן די ווערטער פון דעם גרויסן העברעאישן דיכטער פון אונזער צייט, ח. נ. ביאַליק: „יעדעס פאָלק האָט אַזוי פיל הימל איבערן קאָפּ וויפל עס פאַרמאָגט באָדן אונטער די פיס".

באַדנהונגעריק און הימלדורשטיק, זיינען די לעצטע יאָרן טויזנטער און טויזנטער פון מיינע ברידער צוריקגעגאַנגען אין פאַרוויסטן לאַנד פון אונזערע אבות. איר אין אינדיע ווייסט, ווי אַזוי אַ לאַנד קאָן פאַרוויסט און דעגענערירט ווערן. מען דאַרף ניט זיין קיין גרויסער בקי אין אינדישער געשיכטע, כדי צו וויסן אַז אייער לאַנד איז אַמאָל געווען רייכער, אַנטוויקלטער, ציוויליזירטער ווי עס איז איצט. די אויסגראָבונגען אין מאָהענדזשאָ דאַרו האָבן שוין קלאָר באַוויזן, אַז 3500 יאָר פאַר דער קריסטלעכער ערע האָט אין אייער לאַנד עקזיסטירט אַ הויכע ציוויליזאַציע, מיט גרויסע שטעט, מיט אינדוסטריען, מיט באַקוועמע היימען. ווען אַלעקסאַנדער דעם גרויסנ'ס חיילות האָבן פאַרכאַפּט

טײלן פון אינדיע צוריק מיט העכער צוויי און צוואנציק יאָרהונדערטן, האָט מען דאָרט געפונען, ווי דער היסטאָריקער מעגאַסטהענעס דערציילט, אַ פאָלק וואָס איז געווען ציוויליזירט און אַרטיסטיש ניט ווייניקער פונם גריכישן פאָלק פון יענער צייט. אויך אין ארץ־ישראל האָט אַמאָל עקזיסטירט אַ העכערע ציווי־ליזאַציע ווי די, וואָס מיר האָבן דאָרט געפונען אין אונזער דור, ווען מיר האָבן אָנגעהויבן אַהין זיך אומצוקערן. עדות זיינען די רעשטן פון טעראַסן אויף די בערג, די פּראַכטפולע אויסגעגראָבענע בתי־מדרשים אין כפר־נחום און בית־אלפא, די סימנים פון דער אַמאָליקער איריגאַציע־סיסטעם. יאָרהונדערטן פון אונזער אָפּוועזנהייט, דער בייזער גייסט פון מלחמות און אונטערדריקונג וואָס האָט זיך דורות־לאַנג געטראָגן איבער אונזער לאַנד, האָבן עס קראַנק און אָרעם געמאַכט, האָבן אַרויפגעלעגט אויף אים אַ שטעמפּל פון פאַר׳יתומ׳ט־קייט, דעם שלייער פון אלמנה׳שאַפט. דאָס האָט ניט אַנטמוטיקט אונזערע פּיאָ־נערן. אומעטום אין לאַנד וואו מ׳האָט זיי נאָר געגעבן די מינימאַלסטע גע־לעגנהייט, האָבן זיי אויפגעבויט נייע און פּראָספּערירנדיקע דערפער און שטעט; וואו די ערד איז געווען זומפּיק, האָבן זיי זי אויסגעטריקנט; וואו זי איז געווען פאַרשמאַכט פון דורשט, האָבן זיי געצוואונגען וואַסער אַרויפצוקומען פון די פאַרבאָרגענע טיפענישן, און האָבן זיי זיך באַגעגנט מיט דער קללה פון מאַ־לאַריע, האָבן זיי זי פאַרטריבן. נאַקעט זיינען געוואָרן די בערג פון יהודה און גליל נאָך אין די צייטן פון די רוימישע מלחמות — באַפרייען איצט אונזערע יונגע זין דאָס לאַנד פון זיין חרפּה פון נאַקעטקייט, און אין פילע ערטער וואו מ׳האָט ערשט ניט לאַנג צוריק געזען בלויז שטיין און פעלז, זיינען שוין ווי אויפגעשטאַנען תחית־המתים די אַמאָליקע גרינע וועלדער פון אידנלאַנד. אין אַ פאַרהעלטניסמעסיק קורצער צייט האָבן מיר אַנטוויקלט אַ אידישע לאַנד־ווירטשאַפט און א אידישע אינדוסטריע און געשאַפן מעגלעכקייטן פאַר אַ נייער און גרעסערער אידישער מאַסן־איינוואַנדערונג. מיר האָבן צום אָנפאַנג פון אונזער אויפבוי־אַרבעט געהאַט אונזערע קולטור־שוועריקייטן, אונזער פּראָ־בלעם פון שלעכטע געוואוינהייטן און פון פאַלשע באַגריפן וועגן פיזישער אַרבעט. אַמאָל אַ פאָלק פון לאַנד־ווירטן און בעלי־מלאכות, זיינען מיר נאָכדעם, אויף די וועגן פון אונזערע וואַנדערונגען, פאַרוואַנדלט געוואָרן הויפּטזעכלעך אין אַ פאָלק פון הענדלער. מיר האָבן זיך אָפּגעריסן פון דער נאַטור, זיך אָפּגע־וואוינט פון געזונטער און רייניקענדיקער האַנט־אַרבעט און אָנגעהויבן צו קוקן מיט אַן אומבאַרעכטיקטער, כמעט זינדיקער פאַראַכטונג אויף די אַזוי גערופענע „נידעריקע" סאָציאַלע פונקציעס. דער רעליגיעזער קולט פון געלערזאַמקייט איז ביי אונז ליידער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פּסעוודאָ־אַריסטאָקראַטיזם און פיל פון אונז האָבן אויפגעהערט צו פאַרשטיין דעם מאָראַלישן און עסטעטישן ווערט פון פּראָסטער אַרבעט. אייך זיינען באַקאַנט יענע פּאַראַדאָקסאַלע וועגן,

אויף וועלכע אַ פאָלק דערגייט צו אַזאַ קאַרופּטער סקאַלע פון ווערטן: מיט דעם דאָזיקן לומד׳ישן פּסעוודאָ־אַריסטאָקראַטיזם וועט איר נאָך אין אינדיע אויך דאַרפן פירן אַ לאַנגן און שווערן קאַמף, און מיר פאַרשטייען דעם „צו־להכעיס״ אין דעם טיטל „גאַסן־קערער״, וואָס איר האָט זיך גענומען. אין ארץ־ישראל און דורך ארץ־ישראל באַפרייען מיר זיך אַלץ מער און מער פון דעם דאָזיקן מאָראַלישן הויקער, וואָס איז אָנגעוואַקסן אויף אונזער אָרגאַניזם אין די יאָרהונדערטן פון אומגעזונטער אַנטוויקלונג. מיר האָבן אומגעקערט דער פיזישער אַרבעט די חשיבות וואָס זי פאַרדינט, די הייליקייט וואָס זי טראָגט אין זיך. מיר האָבן זיך אומגעקערט צו די עכט־אידישע און טיף־מענטשלעכע באַגריפן פון אונזערע תלמוד׳ישע חכמים, וועלכע האָבן אונז געלערנט אַז „דער וואָס איז נהנה פון זיין מי איז גרעסער פון דעם וואָס איז בלויז אַ ירא־שמים״ און אַז „ווער עס לערנט ניט זיין זון קיין מלאכה איז געגליכן צו אַזעלכן וואָס לערנט אים רויבעריי״. דורך דער ווידער־דערקענונג פון חשיבות פון אַרבעט זיינען פילע פון אונז געקומען צום באַגריף פון אַבסאָלוטער גלייכ־קייט און אַרבעט און אין געניסן פון דער פּרוכט פון אַרבעט, און דאָרט וואו עס האָבן אַמאָל עקזיסטירט געמיינדן, געגרינדעט אויפן פּרינציפּ פון „שלי שלך ושלך שלי״ (מיינס איז דיינס און דיינס איז מיינס), וואָס זיינען אייך באַ־קאַנט פון דער פּרי־עוואַנגעלישער געשיכטע אונטערן נאָמען איסיים, זיינען אין אונזערע יאָרן ווידער אַנטשטאַנען גרויסע דערפער אויפגעבויט אויפן יסוד פון פּרייוויליקן קאָמוניזם. מ׳האָט מיר מערערע מאָל איבערגעגעבן אַז אין געוויסע קרייזן אין אינדיע, צו וועלכע עס איז דערגאַנגען אַביסל אינ־פאָרמאַציע וועגן אונזערע קאָמונעס אין ארץ־ישראל, האָט מען זיך געשאַפן אַ פאָרשטעלונג אַז דאָס זיינען געפערלעכע נעסטן פון וואולגאַרן מאַטעריאַליזם און גאָטלאָזיקייט. עס וואָלט מיך פאַרפירט צו וויט, ווען איך וואָלט אין דער ראַם פון מיין בריוו געוואָלט דערקלערן פאַרוואָס איך באַטראַכט זייער איר־רעלי־גיאָזיטעט פאַר עכטער רעליגיע. איר וועט מיך אָבער פאַרשטיין בלויז פון אַ וואונק. דערמאָנט אייך אָן אייער גרויסן מיסטיקער ראַמאַקרישנאַ. גראָד ער איז אַרויסגעקומען מיטן לאָזונג אַז „רעליגיע איז ניט פאַר ליידיקע מאַגנס״, און גראָד זיין תלמיד, דער פלאַמענדיקער וויוועקאַנאַדאַ, איז עס געווען דער, וואָס האָט ביי אייך דערקלערט: „אַזוי לאַנג ווי אין מיין לאַנד וועט נאָך בלייבן כאָטש איין הונגעריקער, וועט מיין איינציקע רעליגיע זיין אים מפרנס צו זיין״. איך גלויב, אַז איר זייט איצט תופס דעם הינטערגרונט פון דעם „מאַטעריאַ־ליזם״, מיט וועלכן עס צייכנט זיך אויס אונזער סאָציאַלער פאַרזוך אין ארץ־ישראל...

און קעגן אָט דער דאָזיקער באַוועגונג פון אידישן רענעסאַנס האָבן זיך לעצטנס מאָביליזירט אַראַבישע שונאים פון אונזער פאָלק און, ווי מיר זיינען

איבערצייגט, שונאים פון זייער אייגענעם אַראַבישן פאָלק. אַלע אָביעקטיווע באַאָבאַכטער וואָס זיינען געווען אין ארץ־ישראל און אַלע ערלעכע פאָרשער וואָס האָבן דאָרט שטודירט די לאַגע זיינען כמעט איינשטימיק געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז אונזער ווערק האָט דער אַראַבישער באַפעלקערונג קיין שאָדן ניט געבראַכט, אַז גרויסע שיכטן פון יענער באַפעלקערונג האָבן בלויז פּראָפיטירט פון דער אידישער איינוואַנדערונג און קאָלאָניזאַציע — עקאָנאָמיש, סאָציאַל, קולטורעל. אויב איר זאָלט זיך נעמען די צייט און די מי זיך צו באַקענען מיט די נויטיקע מאַטעריאַלן, וועט איר אַליין איינזען, אַז דער לעבנס־סטאַנדאַרד פון דער אַראַבישער באַפעלקערונג האָט זיך באַדייטנדיק געהעכערט אַדאַנק די פרידלעכע און פּראָגרעסיווע מעטאָדן פונם אידישן אויפבוי, אַז אין דער נייער געשיכטע פון דער וועלט איז עס דער ערשטער ביישפּיל פון אַ קאָלאָניזאַציע, וועלכע האָט ניט קיין אימפּעריאַליסטישע כוונות, קיין בייזן ווילן צו באַהערשן וועלכן ניט איז טייל פון דער באַפעל־קערונג. די איצטיקע אַראַבישע פירער ווייסן אַליין גאַנץ גוט, אַז אַזאַ סכנה דראָט ניט דעם אַראַבישן פאָלק מצד דעם ציוניזם. זיי האָבן אָבער זייער גרונט מורא צו האָבן אַז דורך דעם ציוניזם און זיין השפּעה אויף די אַראַבישע מאַסן וועט פאַרשנעלערט ווערן אין ארץ־ישראל דער פּראָצעס פון עקאָנאָמי־שער און סאָציאַלער זעלבסט־באַפרייאונג, אַז זייערע ענגע עגאָאיסטישע אינ־טערעסן פון אַ הערשנדיקער קאַסטע שטייען איצט אין קאָן. האָבן זיי אָנגעצונדן דאָס ווילדע פייער פון נאַציאָנאַלן האַס און רעליגיעזן פאַנאַטיזם, האָבן זיי געשיקט אָרעמע, אומגליקלעכע און אומוויסנדיקע מענטשן צו פאַרניכטן אידיש האָב און גוטס, אויסצורייסן בוימער וואָס אידן האָבן פאַרפלאַנצט, אָנצוצינדן אידישע הייזער, מאָרדן אידישע מענער און פרויען, אידישע זקנים און קינדער, אַוועקלייגן באָמבעס אין שולן און אין קינדער־גערטנער, שיסן אידישע קראַנקן־שוועסטער וואָס באַהאַנדלען אויך אַראַבישע פּאַציענטן אין די שפּיטאָלן. איך בין זיכער, אַז איר האָט געהערט וועגן דער כוואַליע פון אַנטי־אידישן טעראָר וואָס האָט זיך געטראָגן אַ האַלב יאָר נאָכאַנאַנד איבער די אידישע ישובים אין ארץ־ישראל, און מסתמא דערגייען צו אייך די ידיעות, אַז די אַראַבישע פירער־שאַפט גרייט זיך דעם טעראָר צו באַנייען כדי צו דערגרייכן איר ציל: אָפּצו־שטעלן די ווייטערדיקע אידישע איינוואַנדערונג, ליקווידירן דעם ציוניזם. פאַרוואָס זשע, וואַג איך אייך צו פרעגן, האָט איר די גאַנצע צייט געשוויגן? פאַרוואָס שוויגט איר איצטער?

איך ווייס וואָס פאַר אַ קליינעם פּלאַץ די אידנפראַגע פאַרנעמט און מוז אפשר פאַרנעמען אינם באַוואוסטזיין פון פּאָליטיש־דענקנדיקע מענטשן אין אינדיע. איך ווייס אויך ווי אומגעהייער עס זיינען אייערע אייגענע פּראָבלעמען און אייערע אייגענע זאָרגן. אָבער יענע דראַמע וואָס שפּילט זיך איצטער אָפּ

אין ארץ־ישראל האָט אירע דירעקטע און אומדירעקטעווירקונגען אויך אין אינדיע. אין אייערע מוסולמענישע געמיינדן ווערט די לעצטע צייט געפירט אַ שעדלעכע, דורך־און־דורך ליגנערישע העץ־פּראָפּאַגאַנדע קעגן אידנטום און ציוניזם. די זייער ניט איבערקלייבערישע אַגענטן פון דער איצטיקער אַראַבישער פירערשאַפט פאַרשפּרייטן אין אינדיע, דורך וואָרט און שריפט, בייזוויליק אויסגעטראַכטע ליגנס וועגן דער אידישער געפאַר פאַר אַ מוסול־מעניש פאָלק, וועגן אידישע כוונות צו פאַרניכטן אָדער צו פאַרשוועכן מוסול־מענישע קירכן און הייליקטימער. צווישן די צענדליקער מיליאָנען מוסול־מענער פון אייער לאַנד ווערט געשאַפן אַן אַטמאָספערע פון אידנהאַס, און גלויבט מיר, אַז ניט נאָר דערפאַר וואָס דאָס רירט אָן די אינטערעסן פון מיין פאָלק, האַלט איך עס פאַר מיין חוב אייך צו וואָרנען קעגן יענער פּראָוואָקאַ־טאָרישער פּראָפּאַגאַנדע. אידנהאַס איז געפערלעכער סם, סם ניט נאָר פאַר די געהאַסטע, נאָר אויך פאַר די האַסער גופא, און אויך אין די אינטערעסן פון אייער לאַנד און אייער פאָלק וואָלט איך ניט געוואָלט, אַז יענע מיקראָבן, וואָס פּרעסן אויף דאָס גייסטיקע געזונט פון אַזוי פיל אייראָפּייאישע פעלקער, זאָלן איצט פאַרפּעסטן די לופט פון אינדיע. איך געפין ניט קיין דערקלערונג, פאַרוואָס איר האָט ביז אַהער ניט באַמערקט די דאָזיקע מאָראַלישע געפאַר פון אָנצינדן רעליגיעזן פאַנאַטיזם און בלינדן האַס אין די הערצער פון אייערע מוסולמענישע מיטבירגער, פאַרוואָס איר האָט ניט רעאַגירט וועגן דער גיפט, וואָס אַראַבישע שאָוויניסטישע אַגיטאַטאָרן פאַרשפּרייטן ביי אייך, און וואָס האָט אָנגעהויבן צו פּויזן אויך אין די רייען פון דעם אינדישן נאַציאָנאַלן קאָנג־רעס. איר שווייגט, אייער תלמיד און טיילווייזער אָפּאָנענט נערו שווייגט, און אויב איך מאַך ניט קיין טעות, איז אייער פּאָעטעסע און נאָבעלע קעמפערין פאַר אַלץ וואָס איז גרויס־מענטשלעך, פּרוי נאַידו, געווען די איינציקע וואָס האָט אויפגעהויבן איר שטים אין די אינטערעסן פון אונזער פאָלק.

זאָל אייער קלאָרע און מוטיקע שטים זיך לאָזן הערן — פון אונזערטוועגן, פון אייערטוועגן, פאַר די אינטערעסן פונם גאַנצן אויפוואַכנדיקן מזרח, אין וועמעס שויס מיר קערן זיך איצט צוריק. טוט וואָס איר קאָנט, כדי אָפּצושטעלן די גיפטיקע אידנהאַס־פּראָפּאַגאַנדע צווישן די מיליאָנען אינדישע מוסולמענער. ווען הינדוס און מוסולמענער האָבן געמאַכט איינע אויף די אַנדערע מאָרד־אַטאַקעס ביי אייך אין דערהיים, האָט איר אַלס פּראָטעסט קעגן ברודער־האַס און פּסעוודאָ־פרומקייט גוזר תענית געווען אויף זיך. איך געדענק די שטרענגע פייערלעכקייט פון אייער דריי־וואָכיקן תענית, איך געדענק אויך ווי דאָס דאָ־זיקע אייגנאַרטיק־„דיקטאַטאָרישע" מיטל וואָס איר האָט אָנגעווענדט האָט געווירקט: די צוויי רעליגיעזע געמיינדעס האָבן שלום געמאַכט אונטערן דרוק פון אייער תּפילה און פאַסטן. איך בין ניט אַזוי נאַאיוו און עגאָצענטריש

זיך פאַרצושטעלן, אַז איר דאַרפט און אַז איר קאָנט מיט דערזעלביקער ליידנ־שאַפט פּראָטעסטירן קעגן דער אַטאַקע אויפן אידישן ווערק און אויף דער אידישער צוקונפט אין ארץ־ישראל. עס איז אָבער ניט מיין זאַך, אייך אָנצוואַ־וויזן, מיט וועלכע מיטלען איר וואָלט געקאָנט באַאיינפלוסן די מוסול־מענישע עפנטלעכע מיינונג אין אינדיע און באַזונדערס די פירערשאַפט פון אייער נאַציאָנאַלן קאָנגרעס. טוט וואָס איר קאָנט, כדי אָפּצושטעלן די העצע קעגן אידן, פאַר וועלכער דער איסלאַם ווערט אויסגענוצט אַזוי ציניש און פאַרשווערעריש. איך ווייס וואָס פאַר אַ גרויסן דרך־ארץ איר האָט פאַרן איס־לאַם און פאַר זיינע נאָכפאָלגער. איר האָט אָבער אייער גאַנץ לעבן באַוויזן דעם מוט און די פיאיקייטן צו באַקעמפן רעליגיעזע צביעות, פאַר אַלעמען צביעות אין הינדואיסטישן רעליגיעזן לעבן. אַלס אַן אויספּרובירטער פריינט פון די מוסולמענער האָט איר דאָס באַזונדערע רעכט צו דערהויבן אייער שטימע קעגן עקספּלואַטאַציע פון איסלאַם און זיינע אינסטיטוציעס פאַר אומווירדיקע צוועקן.

מעג איך אייך דערמאָנען ווי אַזוי אַן איראָפּיאישער באַאָבאַכטער פון אינדיע האָט אַמאָל כאַראַקטעריזירט די רעאַקציע פון אַ הינדו צו דער גע־ווינטלעכער מיסיאָנערישער פּרעדיגט פון קריסטנטום? זיין ערשטער ענטפער אויף אַ מיסיאָנערישער דרשה איז: „קריסטיאַניטי איז נאָט טרו״; זיין צווייטער ענטפער איז: „קריסטיאַניטי אי נאָט ניו״; זיין דריטער ענטפער איז: „קריס־טיאַניטי איז נאָט יו״. ער דערזעט, הייסט עס, דעם אמת אין קריסטנטום און אין דער זעלבער צייט טאַפּט ער אַן דעם ליגן אינם קריסט. דאָס קאָן מען זאָגן, אין דער אַדער אַנדער מאָס, וועגן יעדער רעליגיע און אַ סאַך פון אירע אָפיציעלער טרעגער, אויך וועגן דעם איסלאַם און וועגן די וואָס מאַכן פון יע־נער נאָבעלער לערע אַן אינסטרומענט פאַר גאָטווירדיקע און אַנטי־סאָציאַלע צוועקן. איר זייט דער מאַן אין אינדיע וואָס קאָן יענע פאַרפירערישע עקספּלואַ־טאַטאָרן פון איסלאַם וואַרפן אין פנים אַריין די באַשולדיקונג: „איסלאַם איז נאָט יו״.

ווען מיר דערהערן אייער שטים, די שטים פון דער נייער, יונגער אינדיע?

1937

# גאַנדי און די אידן־פּראַגע

אין זיין אַרטיקל וועגן דער אידן־פּראַגע, אויף וועלכן אַ טייל פון דער אידי־שער עפנטלעכקייט האָט לאַנג און מיט אומגעדולד געוואַרט, איז דער גייסטיקער פירער פון „יונג־אינדיע" אַרויסגעקומען קעגן אונז מיט צוויי ערנסטע באַשולדיקונגען. ער באַקלאָגט זיך אויף אונז, פאַרוואָס מיר צייגן ניט אַרויס דעם העלדישן גייסט פון מיליטאַנטן פּאַסיפיזם אין לענדער וואו מיר ווערן פאַרפאָלגט, און ספּעציעל אין דייטשלאַנד. פון דער אַנדערער זייט, פאַרדריסט אים הלמאי מיר פירן אָן אַן „אַגרעסיוו־נאַציאָנאַליסטישע, כמעט אימפּעריאַ־ליסטישע פּאָליטיק" אין ארץ־ישראל, און מיר „זוכן צוצונעמען" ביי די אַראַ־בער זייער פאָטערלאַנד.

גאַנדי'ס ערשטע באַשולדיקונג איז גאַנץ נאַטירלעך און איז אין פולן איינ־קלאַנג מיט זיין גאַנצער וועלט־אנשויאונג. זיין טעמפּעראַמענט קאָן ניט שלום מאַכן מיט פּאַסיוויטעט, און זיינע עטיש־רעליגיעזע איבערצייגונגען דיקטירן אים די פליכט פון העראָאישן ווידערשטאַנד לויט דעם אינדישן פּרינציפּ פון „סאַטיאַגראַהאַ".

די צענטראַלע אידייע פון „סאַטיאַגראַהאַ" איז ניט, ווי אייניקע דענקען, אַ סטראַטעגישע מעטאָדע וואָס גאַנדי זאָל האָבן „דערפונדן", כדי צו לייזן וויכ־טיקע פּאָליטישע פראַגן אין דער אייגנאַרטיקער אינדישער סיטואַציע. ער האָט זיין לערע געפּרעדיקט נאָך צוריק מיט יאָרן אַלס אַן אוניווערסאַלן אידעאַל, וועלכער קאָן אין זיין הויפּט־וועזן אַנגעווענדט ווערן פון אַלע באַליידיקטע און אונטערדריקטע, אַלץ איינס וועגן וואָס פאַר אַ לאַנד עס זאָל זיך ניט האַנדלען און וואָס פאַר אַ ספּעציפישע היסטאָרישע סיטואַציע עס זאָל דאָרט ניט הערשן. פערזענלעך פיל איך, אַז קאַמפן, סיי פון יחידים און סיי פון גרופּן, לויט דעם „סאַטיאַגראַהאַ"־פּרינציפּ — שוין ניט רעדנדיק וועגן זיינע ריין מאָראַלישע און רעליגיעזע אַספּעקטן — קאָנען זיין אויך זייער עפעקטיוו און געקרוינט ווערן מיט גרויסע פּראַקטישע זיגן. איך מוז אָבער אין דער זעלביקער צייט גע־דענקען, אַז כדי אַנצוווענדן גאַנדי'ס קאַמף־מעטאָדע אין דער סאָציאַלער און פּאָליטישערווירקלעכקייט, איז ניט גענוג זי אַנצונעמען בלויז אינטעלעקטועל. זי מוז אויך עמאָציאָנעל אַסימילירט ווערן. מ'מוז אין יענער מעטאָדע גלויבן מיט דער גאַנצער טאָטאַליטעט פון דער מענטשלעכער נשמה, כדי זי זאָל קאָנען ווערן פּראַקטיש־עפעקטיוו. אַזאַ גלויבן פאַרמאָגן ניט די דייטשע אידן. פאַר אמונה אין דעם פּרינציפּ פון „סאַטיאַגראַהאַ" פאָדערט זיך, אַזוי צו זאָגן, אַ ספּעציעלע „דיספּאָזיציע", וואָס אידן אין דייטשלאַנד האָבן, מחמת פאַר־

שידענע סיבות, אין זיך ניט אַנטוויקלט. די ציוויליזאַציע, אין וועלכער דייטשע אידן האָבן געלעבט אין משך פון אַ סך דורות און צו וועלכער זיי האָבן מיט אַזוי פיל טאַלאַנט און ענערגיע געמאַכט זייער ביישטייער, האָט זיי ניט צוגעגרייט צום פּאַטאָס פון „סאַטיאַגראַהאַ". זיי זיינען דערפאַר איצטער ניט מסוגל זיך צו פאַרטיידיקן. די פאַרטיידיקונגס־מעטאָדן וואָס זיינען אָנגענומען אין דער מערב־וועלט קאָנען די דייטשע אידן, אונטער די איצטיקע באַדינגונגען, ניט אָנווענדן. זיי קאָנען אויך ניט פּראַקטיצירן די מעטאָדע פון פּאַסיוון ווידערשטאַנד, ווייל עס פעלט זיי יענער טיפער העראָאיזם, וואָס נאָר אמונה און ספּעציפישע אימאַגי־נאַטיווע קרעפטן זיינען בכוח צו אַנטוויקלען. ווען גאַנדי באַשולדיקט די דייטשע אידן, אַז זיי פעלט יענע מענטאַליטעט, וואָס, לויט זיין אָפּשאַצונג, איז זי די אייג־ציקע אמת־העראָאישע, בין איך גרייט מיט אים מסכים צו זיין, אָבער מיט איין תנאי וואָס ער איז, גלויב איך, מחויב אָנצונעמען: אַז די באַשולדיקונג זאָל חל זיין אויך אויף מיליאָנען ניט־אידישע בירגער אין דייטשלאַנד, וואָס טראָגן אויף זיך דעם יאָך פונם היטלער־רעזשים מיט הילפלאָזן האַס און ווייזן ניט אַרויס קיין גרעסערע טאַלאַנטן פאַר „סאַטיאַגראַהאַ"־מעטאָדן איידער די אידן; אויף מיליאָנען איטאַליענער וואָס אָטעמען שוין יאָרן און יאָרן די פאַרפּעסטעטע לופט פון זייער אייגענעם דעספּאָטיזם; אויף צענדליקער מיליאָנען רוסן וואָס האָבן אויסגעשעפּט זייערע כוחות אין אַ בלוטיקן בירגער־קריג און געפינען ניט דעם וועג צו דער גאַנדישער קאַמף־מעטאָדע קעגן אַ נייער פאָרם פון אויטאָקראַטיע; אויף הונדערטער מיליאָנען כינעזער, וואָס מיט זייער מילי־טערישן ווידערשטאַנד העלפן זיי דעם יאַפּאַנישן מיליטאַריזם צו פאַרוויסטן זייער לאַנד — ווען זיי וואָלטן גאָר געדאַרפט זיך אָוועקלאָזן אויפן וועג פון מיליטאַנטישן פּאַסיפיזם.

עס איז אמת, אַז פון אידן און ספּעציעל פון דייטשע אידן מעג מען פאָדערן — ווי גאַנדי טוט עס — אַז זיי זאָלן ווערן אין דער מערב־וועלט די פּיאָנערן פון נייע פאָרמען פון סאָציאַלן קאַמף, אַז זיי זאָלן זיין די ערשטע אָנצונעמען די אמונה און די סטראַטעגיק פון „סאַטיאַגראַהאַ". גאַנדי וויל, אַז דייטשע אידן זאָלן זיין די מפּני־דרך פאַר אַ גייסטיקער אָפּענסיווע קעגן זייער רשעות׳דיקער רעגירונג. ער האָט זיינעם אַן ערנסטן גרונט צו גלויבן, אַז די אומפאַרגלייכ־לעכע דערנידעריקונגען, צו וועלכע די דייטשע אידן זיינען אויסגעזעצט, וואָלטן זיי באַדאַרפט ברענגען דערצו, אַז זיי זאָלן האַנדלען העראָאישער און אַרויסווייזן גרעסערע פיאיקייטן פאַר גייסטיקער „אַוואַנטורע" איידער זייערע שכנים. איך פרעג ניט אָפּ דעם געדאַנק וואָס ליגט אין יסוד פון גאַנדי׳ס פאָ־דערונג, אַז ס׳איז פאַראַן אַ געוויסע קעגנזייטיקע שייכות צווישן פּיין און דער מאָראַלישער רעאַקציע אויף פּיין. ער וואָלט אָבער אויך געדאַרפט אַ טראַכט טאָן וועגן דעם, אַז ווען ליידן און דערנידעריקונג שרייטן אַריבער אַ געוויסע

גרעניץ, איז עס גאַנץ נאַטירלעך, אַז אנשטאט יענעם הערֲאיזם וואָס ער פּרע־דיקט, זאָל גאָר די רעאַקציע זיין אַ געפיל פון טאָטאַלער הילפלאָזיקייט און יאוש. דאָס איז באַזונדערס אמת ווען די באַטרעפנדיקע גרופּע איז היסטאָריש און פּסיכילאָגיש גאָר ניט צוגעגרייט צו אַזאַ קאַטאַסטראָפע, ווי די וואָס האָט זיך אויסגעגאָסן אויפן דייטשן אידנטום, און זי קוקט אויף איר ווי אויף אַ פלו־צימדיקער, אומדערוואַרטעטער געשעעניש. דער נביא פון „יונג־אינדיע" האָט אין דעם פאַל אַרויסגעוויזן אַ פאַרדריסלעכן מאַנגל פון פּסיכאָלאָגישער פאַר־שטענדעניש.

גאַנדי וואָלט אויך געדאַרפט פאַרשטיין, ווי שווערער עס איז צו פּריידיקן „סאַטיאַגראַהאַ" פאַר אידן אין דייטשלאַנד איידער פאַר די מאַסן אין אינדיע, אפילו פאַר די נידעריקסטע קאַסטן פון די „אומבערירבאַרע". ווייסן מיר דאָך די חסרונות פון ענגלישער הערשאַפט און אַדמיניסטראַציע אין אינדיע. מען דאַרף זיך אָבער שטאַרק היטן פון פאַרגלייכן די לאַגע פון די אינדישע מאַסן היינט, אָדער אפילו צוריק מיט צוואַנציק יאָר, מיט דער איצטיקער לאַגע פון דייטשע אידן. אין די אַלע יאָרן, וואָס דער אינדישער נאַציאָנאַלער קאָנגרעס האָט אָנגעפירט זיין קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פונם לאַנד, האָבן דאָרט עק־זיסטירט צענדליקער לעגאַלע צייטונגען און זשורנאַלן, וואָס האָבן געגעבן אויס־דרוק פאַר די נויטן און די פּאָליטישע תביעות פונם פאָלק. די ענגלישע רעגירונג האָט קיינמאָל ניט אָפּגעפרעגט דאָס רעכט פון דער אונטערדריקטער באַפעל־קערונג אין אינדיע צו לעבן, צו ארבעטן און צו פאַרדינען איר ברויט ; זי האָט אויך ניט אָפּגעפרעגט דאָס רעכט פון אינדישע אונטערטאַנען צו פאַרנעמען אפילו פאראנטוואָרטלעכע רעגירונגס־פּאָסטנס. די ברוטאַלסטע בריטישע אַד־מיניסטראַציע אין אינדיע האָט געוואוסט און געדענקט, אַז זי האָט צו טאָן מיט אַ פאָלק פון הונדערטער מיליאָנען מענטשן, וואָס לעבן אין זייער לאַנד קאָמפּאַקט און קאָנצענטרירט. צוזאַמען מיט גאַנדי האָט זי פאַרשטאַנען, ווי ער האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט, אַז „ווען מיר, אינדיער, וואָלטן פּייאיק געווען בלויז צו שפּייען בציבור, וואָלט דערפון געוואָרן אַ טייך, גרויס גענוג, אַז עס זאָלן אין אים דערטרונקען ווערן 300.000 ענגלענדער", פאַקטיש אַלע ענגלענדער וואָס געפינען זיך אין אינדיע און רעגירן זי.

ווען „סאַטיאַגראַהאַ" זאָל פּראַקטיצירט ווערן פון אַן אָרגאַניזירטער גרופּע וואָס האָט הינטער זיך די סימפּאַטיען פון אַזאַ ריזיקער באַפעלקערונג, וואָלט דאָס געווען אַזאַ גרויסע פּאָטענציעלע קראַפט, וועגן וועלכער דייטשע אידן קאָ־נען אַפילו ניט טרוימען (דערביי דאַרף מען ניט פאַרגעסן, אַז אַפילו ווען אינד־יער וואָלטן וועלן אַנטלויפן פון אינדיע און וואָלטן האָבן וואוהין צו לויפן, וואָלט ענגלאַנד געווען ביז גאָר פאַראינטערעסירט, אַז זיי זאָלן בלייבן אין לאַנד — פּונקט דער היפוך פון דער שטעלונג וואָס דער נאַצי־רעזשים האָט

אָנגעגומען אין באַצוג צו אידן). און מעג איך נאָך עפּעס צוגעבן? איך וועל זיך באַנוצן מיט די ווערטער פון איינעם פון גאַנדי׳ס מיטאַרבעטער און תלמידים, וואָס האָט געמאַכט די פאָלגנדיקע דערקלערונג, ווען איבער אים האָט געהאַנגען א שווערער תפיסה־אורטייל: „מיר מעגן דאַנקען אונזערע גליקלעכע שטערן, וואָס אונז קומט אויס צו קעמפן קעגן ענגלענדער און ניט קעגן אַן אַנדער פאָלק, ווייל די ענגלענדער פאַרמאָגן אין זיך אַן עפּעס, צו וועלכן מ׳קאָן אַפּעלירן".

דער זעלביקער ענגלישער ריכטער וואָס האָט אַמאָל פאַראורטיילט גאַנדי׳ן אויף אַ תפיסה־טערמין, האָט געפונען פאַר מעגלעך (און אויך פאַר ניט באַ־שטראָפּטבאַר) צו דערקלערן בשעת דעם אַרויסטראָגן דעם פּסק־דין, אַז בלויז דאָס געזעץ פאַרשיקט גאַנדי׳ן אין תפיסה, ווייל ער פּערזענלעך באַציט זיך צו אים ווי צו אַ „גרויסן פּאַטריאָט און אַ גרויסן פירער", און „אפילו די וואָס זיינען מיט זיינע אידייען אָדער מעטאָדן ניט מסכים, קוקן אויף אים ווי אויף אַ מאַן פון גרויסע אידעאַלן, פון נאָבּיליטעט און קדושה". אין דער זעלביקער צייט האָט איינער פון די פּראָמינענטסטע ענגלישע מיסיאָנערן אין אינדיע פאַר־גליכן דעם גאַנדי־פּראָצעס צום משפּט אויף ישו־הנוצרי און סאָקראַטעס, און דער ענגלישער בישאָף פון מאַדראַס איז אַרויסגעקומען מיט אַ גילוי־דעת פאַר דער גאַנצער וועלט: „איך מוז אָפן אָנערקענען, כאָטש עס איז פאַר מיר אַ גרויסער ווייטאָג דאָס צו זאָגן, אַז איך זע אין גאַנדי דעם געדולדיקן מאַר־טירער פאַר דער זאַך פון יושר און חסד, אַן עכטערן פאַרטרעטער פונם געקריי־ציקטן משיח איידער עס זיינען די מענער, וואָס האָבן אים אַריינגעוואָרפן אין תפיסה און באַצייכענען זיך אַלס קריסטן".

ערשט דאָ ניט לאַנג צוריק האָב איך אין אַמעריקע באַגעגנט אַן ענגלענ־דער — זיין נאָמען דאַרף גאַנדי׳ן זיין באַקאַנט — אַן אַמאָליקן אַרמיי־אָפיצער אין אינדיע און איצטער אַ מיטגליד פון פּאַרלאַמענט, וועלכער האָט אַרויס־געוויזן ניט קיין דורכשניטלעכן מאָראַלישן קוראַזש, ווען ער האָט זיך, מיט יאָרן צוריק, אַנטזאָגט אויסצופירן אַ באַפעל צו אַרעסטירן גאַנדי, וויסנדיק, נאָ־טירלעך, זייער גוט, וואָס פאַר אַן עונש עס קומט אים פאַר אַזאַ פאַרלעצונג פון מיליטער־דיסציפּלין. קיין שטראָף האָט ער פונדעסטוועגן, ווי איך ווייס, ניט געקראָגן, און מ׳האָט אים בלויז געגעבן די געלעגנהייט צו רעזיגנירן פון דער אַרמיי. און יענער מאַן, דאַרף מען האָבן אין אַכט, איז ניט קיין פּאַציפיסט, אויך ניט קיין סאָציאַליסט, און אין פּאַרלאַמענט פאַרטרעט ער די קאָנסערוואַ־טיווע פּאַרטיי. אַפילו אין די טרויעריק באַרימטע טעג פון גענעראַל דאַיער׳ס אַדמיניסטראַציע אין אינדיע האָט דאָרט ניט געהערשט יענע בעסטיאַליטעט און יענע „מאָראַלישע אַנעסטעזיע", וואָס זיינען כאַראַקטעריסטיש פאַר דער היינטיקער דייטשלאַנד. אַ אידישער גאַנדי אין דייטשלאַנד, ווען אַזעלכער זאָל

זיך באַווייזן אויף דער סצענע, וואָלט געקאָנט „פונקציאָנירן" ניט מער ווי פינף מינוט, ביז דער ערשטער געסטאַפּאָ־אַגענט, וואָס וועט אים אויסגעפינען, וועט אים אַוועקפירן — אפילו ניט אין קאָנצענטראַציע־לאַגער, נאָר גלייך צו דער גיליאָטינע.

אויב גאַנדי פאָדערט הערויזם פון זיין אייגענעם פאָלק, פאָדערט ער פון דייטשע אידן אַ מדרגה פון סופּער־הערויזם, וואָס האָט גאָרניט קיין ביישפּיל אין דער געשיכטע. דער פאַרגלייך וואָס גאַנדי מאַכט צווישן דער לאַגע אין אינדיע און דער לאַגע פון דייטשע אידן אַנטהאַלט אין זיך אַן עלעמענט פון אומגערעכטיקייט, אין וועלכער ער איז נכשל געוואָרן טראָץ זיינע בעסטע כוונות.

אָבער אויב גאַנדי פאָדערט פון אונז סופּער־הערויזם אין דייטשלאַנד, האָט ער צו אונז אַ תביעה, אַז אין ארץ־ישראל זאָלן מיר זיך אָפּזאָגן פון די עלעמענטאַרסטע רעכט, וואָס דאַרפן באַטראַכט ווערן ווי דער קנין פון יעדן פאָלק. ווען ער פרעגט, הלמאי מיר מאַכן ניט אונזער היים אין לענדער וואו מיר זיינען געבוירן געוואָרן און וואו מיר ציען אונזער חיונה — „ווי אַלע אַנדערע פעלקער פון דער וועלט" — באַווייזט ער בלויז, אַז ער האָט זיך קיינמאָל ערנסט ניט פאַרטראַכט וועגן דער אומגעוויינלעכער דראַמע פון דער איינציקאַרטיקער אידישער געשיכטע. אין משך פון אַ סך דורות האָבן אידן געלעבט אין דער פרעמד, און עס איז כלל ניט קיין צופאַל, וואָס נאָכדעם ווי זיי האָבן געלעבט אין אַזוי פיל לענדער און מיט אַזוי פיל פעלקער, זיינען זיי דאָרט ניט געוואָרן געוויס איינגעוואָרצלט, אַז זיי זאָלן זיך אויפהערן צו פילן ווי אין „שטיפמוטער־לענדער". גאַנדי וואָלט געדאַרפט וויסן וועגן די פאַרשידענע פאַרזוכן, וואָס אידן האָבן געמאַכט אין דער פאַרגאַנגענהייט צו פאַרוואַנדלען זייערע וואוינלענדער אין אמת'ע היימען — אָנפאַנגענדיק פון בבל און אַלעקסאַנדריאַ פון מצרים און ענדיקנדיק מיט דער מאָדערנער דייטשלאַנד. די גרויסע בייטראָגן, וואָס אידן האָבן געמאַכט צום קולטורעלן אויפשוואונג פון יענע לענדער און צו זייער עקאָנאָמישן וואוקס זיינען געווען באַוויזן, אַז זיי האָבן דאָרט געזוכט צו שלאָגן וואָרצלען, אָבער צו אָפט זיינען זייערע באַמיאונגען געווען אומזיסט. גאַנדי'ס פראַגע קלינגט ווי אַ באַשולדיקונג: זי מאַכט דעם איינדרוק, גלייך ווי מיר וואָלטן בכיוון זיך אָפּגעזאָגט פון ווערן צוזאַמענגעוואַקסן מיט וועלכן ניט איז אַנדער לאַנד אַחוץ ארץ־ישראל. אויב עס זאָל זיין אמת, אַז מיר האָבן זיך אַליין פאַראורטיילט אויף אַן אייביקן סטאַטוס פון פרעמדע אין אַלע אונזערע וואוין־לענדער, וואָלט אַזאַ אויסערגעוויינלעכער פענאָמען אין דער מענטש־לעכער געשיכטע געדאַרפט אַרויסרופן ביי גאַנדי'ן גרויסע פאַרוואונדערונג, און ער וואָלט זיך געדאַרפט שטעלן אַן אַנדער פראַגע: צי טראָגן ניט אידן אין

זיך אַזעלכע נאָך־ניט־רעאַליזירטע קרעפטן, וואָס זיינען מסוגל זיך צו מאַני־פעסטירן בלויז אין אַ אידישער טעריטאָריעלער סביבה.

איך מיין דערמיט ניט צו זאָגן, אַז היסטאָרישע רעכט דאַרפן שטענדיק באַטראַכט ווערן אַלס אַבסאָלוט גילטיק. ווען אין ארץ ישראל וואָלטן היינט געלעבט בלויז אַראַבער און זיי וואָלטן זיך דאָרט געפונען אין אַזעלכע גרויסע צאָלן, אַז עס וואָלט אין לאַנד ניט געווען לחלוטין קיין נאָרמאַלע עקאָנאָמישע אויפנאַם־פּייאיקייט פאַר נייע תושבים, וואָלטן אונזערע היסטאָרישע רעכט איצט ניט געקאָנט האָבן קיין מאָראַלישן ווערט און קיין פּראַקטישע באַדייטונג. אָבער דאָס לאַנד איז אונטערבאַפעלקערט, ווייט ניט גענוג קולטיווירט, און מיר האָבן ניט קיין גרונט צו צווייפלען אין די באַגרינדעטע באַהויפּטונגען פון עקספּערטן — אידישע און ניט־אידישע — אַז עס איז ביכולת אַריינצונעמען אין זיך עטלעכע מאָל אַזוי פיל מענטשן וויפל עס געפינען זיך שוין דאָרט. אין אַנדערע ווערטער: עס איז דאָרט פאַראַן פּלאַץ פאַר אַ פּאָטענציעלער אידישער מערהייט, ניט אָנרירנדיק דערביי די אוממיטלבאַרע אינטערעסן פון דער היינ־טיקער אַראַבישער מערהייט. אונטער אַזעלכע באַדינגונגען דאַרף ערנסט גע־נומען ווערן אין באַטראַכט דער פאַקט, אַז ארץ־ישראל איז דאָס וויגעלע און די „לאַבאָראַטאָריע“ פון דער גאַנצער אידישער ציוויליזאַציע און אַז די פאַר־בינדונג פונם אידישן פאָלק מיט יענעם לאַנד איז ניט בלויז אַן „אַרכעאָלאָגי־שע“, ווי, לאָמיר זאָגן, די פאַרבינדונג צווישן די אונגאַרן און דעם אַמאָליקן מאָנגאָלישן סעקטאָר אין אַזיע, פון וועלכן זיי זאָלן האָבן אַרויסגעקומען. האָט דאָך ביי אידן ארץ־ישראל געשפּילט אויך אין די צוויי טויזנט יאָר פון זייער צעשפּרייטונג די ראָלע פון אַ גראַוויטאַציע־צענטער — רעליגיעז־דאָגמאַטיש, עמאָציאָנעל, קולטורעל־פּסיכאָלאָגיש, און דורך דער משיח־האָפענונג און דעם גלויבן אין גאולה, אויך פּאָליטיש — בשעת פאַר אַראַבער איז דאָס דאָזיקע לאַנד, אין אַ געוויסן זינען, אַ „צופעליקער“ געאָגראַפישער פּונקט, פאַר וועלכן זיי האָבן אפילו ניט קיין ספּעציעלן נאָמען: ביזן היינטיקן טאָג איז פאַר זיי ארץ־ישראל ניט מער ווי „דרום־סיריע“.

דאַרף מען נאָך זוכן אַנדערע באַווייזן פאַר דער מאָראַלישער גילטיקייט פון דער אידישער תביעה אויף ארץ־ישראל? אין מזרח־אייראָפּע דערציילט מען אַן אַנעקדאָט (דער משל איז ניט אינגאַנצן געגליכן צו דעם נמשל, און דאָך ליגט אין דעם אַ געוויסער מוסר־השכל), וועגן אַ גנב, וועמען דער ריכטער האָט שאַרף גע׳מוסר׳ט פאַר זיין פאַרלעצונג פון געזעץ: „ווייסטו דען ניט, אַז עס איז פאַרבאָטן צו נעמען זאַכן וואָס געהערן צו אַנדערע מענטשן?“ דער גנב האָט אָבער אָוועקגעשטעלט פאַרן בית־דין אַ אינטעלעקטועלע און מאָראַלישע דילעמע: „וואָס זאָל איך טאָן, אַז ווען איך בין געבוירן געוואָרן, איז אויף וואָס פאַר אַ זאַך איך האָב נאָר אַ קוק געטאָן, האָט מען שוין אויף איר געזאָגט אַז זי

געהערט צו עמיצן אַנדערש?״ אַבסאָלוטע אָרעמקייט, אין אַ וועלט וואָס איז פול מיט רייכטימער, גיט אַ נאַטירלעך רעכט, און ניט בלויז אַ רעכט, נאָר אויך אַ פליכט, די, וואָס געבורט און שיקזאַל האָבן זיי שלעכט באַהאַנדלט, צו מאָנען זייער חלק, און פאַר אַלעמען אויפן חשבון פון אַזעלכע, וואָס פאַרמאָגן צופיל: מער ווי זיי באַדאַרפן אָדער זיי קאָנען נוצן (אַפילו אַזאַ דאָגמאַטיש גלויבנדיקער קריסט ווי טאָמאַס פון אַקווינאַ האָט דעמדאָזיקן געדאַנק אָנגענומען און אים אויף זיין אופן באַגרינדעט). מ׳קאָן ניט זאָגן צו אידן: „די וועלט איז שוין פאַנאַנדערגעטיילט; אייניקע האָבן געקראָגן מערער און די אַנדערע ווייניקער, אָבער פאַר איך איז שוין גאָרנישט נישט געבליבן, און קיינער איז ניט מחויב זיך מיט איך צו טיילן, כאָטש איינער פאַרמאָגט פעלדער וואָס ער קאָן ניט אָדער ער וויל ניט באַאַרבעטן, און אַן אַנדערער פאַרמאָגט פאַבריקן, וואו ער לאָזט די מאַשינען זשאַווערן פון אומטעטיקייט״. גאַנדי גיט זיך ניט אָפּ קיין חשבון, וואָס פאַר אַ פעלער ער מאַכט ווען ער סאַנקציאָנירט אויף אַן אומדיי־רעקטן אופן די אַבסאָלוטע אומפאַרלעצלעכקייט פון פּריוואַט־אייגנטום, וואָס על־פּי יושר דאַרף עס רעגולירט ווערן לויט אַ ברייטערן, אַלגעמיין־מענטשלעכן אָדער אינטערנאַציאָנאַליסטישן פּרינציפּ. כאָטש ער איז ניט קיין סאָציאַליסט אינם אָנגענומענעם זינען פון וואָרט, וועט גאַנדי פונדעסטוועגן מודה זיין, אַז די אייגנטום־שייכות׳ן צווישן די אינדיווידועלע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט ווערלן מוזן אויף אַ באַשטימטן אופן געענדערט ווערן, כדי מ׳זאָל קאָנען דער־גרייכן כאָטש אַ מינימום פון סאָציאַלן יושר. דערפון וואָלט ער געדאַרפט מאַכן דעם לאָגישן פועל־יוצא, אַז דער זעלביקער קריטעריום פון יושר — די פליכט צו פאַרזיכערן אַ לעבנס־מינימום פאַר יעדער באַשעפעניש, וואָס טראָגט אויף זיך דעם צלם אלהים — דאַרף אָנגעווענדעט ווערן אויך אין דער באַהאַנדלונג פון קאָלעקטיווע איינהייטן: פון יעדן פאָלק, פון יעדער ראַסע, פון יעדן שבט. בענדזשאַמין פרענקלין (ניט קיין סאָציאַליסט און אויך ניט קיין אינטערנאַ־ציאָנאַליסט אינם היינטיקן זינען פון וואָרט) האָט אַמאָל געגעבן אויסדרוק דעם דאָזיקן איינפאַכן געדאַנק אין אַ בריוו צו ראָבערט מאָריס:

„אַלץ וואָס עס ווערט באַצייכנט אַלס אייגנטום, אַחוץ דעם פּרימיטיוון מענטשנס צייטווייליקן געצעלט, זיין פייל־און־בויגן, זיין צינדהאָלץ און אַנדערע קליינע קעגנשטאַנדן, וואָס זיינען אַבסאָלוט נויטיק פאַר זיין עקזיסטענץ און דערנערונג, איז אין מיינע אויגן ניט מער ווי אַ פּראָדוקט פון געזעלשאַפט־לעכן הסכם (ניט אויפגעבויט, הייסט דאָס, אויף אַבסאָלוטן רעכט). די געזעל־שאַפט האָט דערפאַר אַ רעכט צו רעגולירן דעם טראַנספער פון אייגנטום, אויך צו באַגרעניצן די קוואַנטיטעט פון אייגנטום און זיין געברויך. אַלע קנינים וואָס זיינען נויטיק פאַרן מענטשן, כדי צו פאַרזיכערן די עקזיסטענץ פונם יחיד און דעם ביאָלאָגישן המשך פון זיין גרופּע, געהערן צו דער ספערע

פון זיין „נאַטירלעך רעכט״, און קיינער טאָר דאָס פון אים ניט צונעמען. אָבער אַלע קנינים, וואָס זיינען ניט נויטיק פאַר די דאָזיקע צילן, זיינען דאָס אייגנטום פון דער געזעלשאַפט. דורך אירע געזעצן האָט זי געשאַפן אייגנטום־רעכט, וואָס באַציען זיך אויף זיי, און דערפאַר מעג זי, דורך אַנדערע געזעצן, יענע רעכט אָפּשאַפן, אויב די אינטערעסן פון אַלגמיינעם וואוילזיין זאָלן דאָס פאָדערן. ווענען עס געפעלט ניט אַ ציווילע געזעלשאַפט, באַזירט אויף אַזעלכע באַדינגונגען, זאָל ער זיך פון איר צוריקציען און לעבן צווישן ווילדע. ווער עס איז ניט גרייט צו מאַכן זיין ביישטייער צו שטיצן די געזעלשאַפט, האָט ניט קיין רעכט אויף אירע בענעפיטן״.

וואָלט זיך גאַנדי גענומען די טירחה צו באַטראַכטן דעם דאָזיקן עלעמענטאַרן אמת אין זיין שייכות צו דער היינטיקערווירקלעכקייט, וואָלט ער אויך ניט געווען געשריבן אין אַזאַ כמעט פאַראַכטנדיקן טאָן וועגן דער מאַנדאַטן־סיסטעם. פון אַ ריין יורידישן שטאַנדפונקט איז ניט שווער מיט אים מסכים צו זיין, „אַז די מאַנדאַטן האָבן ניט קיין אַנדער סאַנקציע, אַ חוץ דער סאַנקציע פון דער לעצטער מלחמה״. דאָס הייסט אָבער ניט, פונדעסטוועגן, אַז די אידייע וואָס ליגט אינם יסוד פון די מאַנדאַטן און אפילו די קאָנקרעטע מאַנדאַטן־סיסטעם, ווי זי איז פּראַקטיצירט געוואָרן די לעצטע צוואַנציק יאָר, איז בלויז אַ פּראָדוקט פון דער מלחמה. הינטער דער מאַנדאַטן־סיסטעם שטייט די אידייע, וואָס האָט געפונען אַ טיילווייזע פאַרקערפּערונג אין דער קאָנסטיטוציע פונם פעלקערבונד, אַז געגענטן וואו די באַפעלקערונג איז נאָך ניט גענוג רייף פאַר זעלבסטרעגירונג אָדער וואו לאָקאַלע אינטערעסן דאַרפן סובאָרדינירט ווערן צו מער אַלגעמיינע אינטערעסן, זאָלן אַדמיניסטרירט ווערן דורך אינטערנאַציאָנאַלע כוחות. פּאָטענציעל, יעדנפאַלס, האָט דאָס אַ גרויסע הומאַניטאַרע באַדייטונג. דאָס איז אַ פּרעלודיע צו יענער „ציווילער געזעלשאַפט״, פון וועלכער פּרענקלין האָט געשריבן אין אַכצנטן יאָרהונדערט. דאָס איז אַ וועג צו אַ ראַציאָנאַלערן, מער יושר׳דיקן און מער אינטערנאַציאָנאַליסטישן קאָנטראָל פון דער וועלט׳ס רייכטימער. איך ווייס, מיט וויפל חסרונות דער פעלקערבונד איז באַלאָדן און ווי גרויס עס איז אין די לעצטע יאָרן געווען זיין בידערלאַגע, וואָס האָט געבראַכט ליידן און אומגליק פאַר דער גאַנצער מענטשהייט. אָבער ווער עס האָט זיך גוט צוגעקוקט צו דער אַרבעט פונם פעלקערבונד אין אַדמיניסטרירן די מאַנדאַטן־לענדער (ניט רעכענענדיק, נאַטירלעך, די געגנטן אונטער דער מאַנדאַטן־השגחה פון יאַפּאַן, וועלכע האָט זיך ציניש אויסגעלאַכט פונם פעלקער־בונד׳ס קאָנטראָל אפילו דעמאָלט, ווען אירע פאָרטרעטער זיינען נאָך געזעסן אין זשענעווע), מוז צוגעבן, אַז די מאַנדאַטן־סיסטעם איז אַ שריט פאָרווערטס אין פאַרגלייך מיט די אויטאָקראַטישע קאָלאָניאַלע רעזשימען פון דער פאַרגאַנגענהייט און אויך פון דער קעגנוואַרט. דער פאַקט וואָס אַ מאַנדאַטן־

רעגירונג איז פֿאַראַנטוואָרטלעך צו דער פּערמאַנענטער מאַנדאַטן־קאָמיסיע, אין וועלכער ניט קיין קליינע צאָל מיטגלידער פֿאַרטרעט רעגירונגען, וואָס פֿאַרמאָגן ניט קיין קאָלאָניעס און פֿאַרוואַלטן אויך ניט קיין מאַנדאַטן־טערי־טאָריעס, איז שוין אַליין אַ שריט פֿאָראויס אין דער ריכטונג פֿון אינטערנאַציאָ־נאַליזם און העכערע הומאַניטאַרע סטאַנדאַרדן.

עס איז זייער צו באַדויערן, וואָס גאַנדי איז צוגעגאַנגען צו דער אידנ־פֿראַגע אָן יענער פֿונדאַמענטאַלער ערנסטקייט און אָן יענער ליידנשאַפֿטלעכ־קייט אין זוכן דעם אמת, וואָס זיינען געוויינלעך אַזוי כאַראַקטעריסטיש פֿאַר זיין באַהאַנדלונג פֿון פּראָבלעמען. ער האָט דערפֿאַר ניט באַמערקט די טיפֿערע אימפּליקאַציעס פֿון דער מאַנדאַטן־סיסטעם (און זאָל דערביי דערמאָנט ווערן, אַז אידן האָבן זייער וויניק גרונט צו זיין צופֿרידן מיט דעם אופֿן ווי דער ארץ־ישראל־מאַנדאַט ווערט פֿון ענגלאַנד דורכגעפֿירט). ער האָט דערפֿאַר אויך ניט תופֿס געווען די אומפֿאַרגלייכלעכע טראַגעדיע פֿון אידישער עק־זיסטענץ, און עס לייגט זיך אים סיי אויפֿן שכל און סיי אויפֿן געוויסן, אַז ער מעג באַרעכטיקן דעם פֿאַקט, וואָס פֿינף אַראַבישע שטאַטן פֿאָדערן איצט אין לאָנדאָן די גרינדונג פֿון אַ זעקסטן אַראַבישן שטאַט (ערב דער עטאַבלירונג פֿון אַנדערע צוויי זעלבסטשטענדיקע אַראַבישע מלוכות, אין סיריע און דעם לבנון), און אין דער זעלבער צייט צו שטעמפּלען אַלס אַן עוולה דעם אומ־קער פֿון אידן אין זייער אַלטער היים. גאַנדי האָט אפֿילו ניט באַמערקט, ווי ער פֿאַרטיידיקט אַ פּריווילעגירטע לאַגע פֿאַר אַראַבער: עס קומט ביי אים אויס, אַז פֿאַר אַראַבער טאָר אין ערגעץ ניט געשאַפֿן ווערן קיין מינדערהייטס־סטאַ־טוס, בשעת אים איז גוט באַקאַנט, אַז צענדליקער מיליאָנען דייטשן, טשעכן, רוסן, פּאָליאַקן, אירלענדער, איטאַליענער און אַנדערע לעבן אין אַ סך לענדער אַלס עטנישע מינדערהייטן, און די אידן זיינען אַ מינדערהייט אומעטום אויפֿן ערד־קוגל.

מיט מיין גאַנצן דרך־ארץ פֿאַר גאַנדי פֿיל איך פֿונדעסטוועגן, אַז אין דעם פֿאַל האָט ער פֿאַרראַטן זיין אינווייניקסטן „איך". איך קאָן זיך ניט באַ־פֿרייען פֿונם פֿאַרדאַכט, אַז אויף וויפֿיל עס האַנדלט זיך וועגן דעם ארץ־ישראל פּראָבלעם, האָט זיך גאַנדי דערלויבט אַרונטערצופֿאַלן אונטער דער השפּעה פֿון דער אַנטי־ציוניסטישער פּראָפּאַגאַנדע, וואָס ווערט געפֿירט אין אינדיע פֿון פֿאַנאַטישע פּאַן־איסלאַמיסטן. זיין נאַטירלעך און לויבנסווערט שטרעבן צו אַ פֿאַראייניקטן פֿראָנט מיט די מוסולמענער, אין פֿראַגן פֿון אינ־דישער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק, האָט אים, וואַרשיינלעך, פֿאַרפֿירט — אים בלינד געמאַכט צו וויכטיקע רעאַליטעטן, און צוגענומען ביי אים יענע קלאָרקייט פֿון אַנאַליז, וואָס איז אַ טייל פֿון זיין מאָראַלישן וועזן. צוריק מיט יאָרן איז ער, מחמת דער זעלביקער סיבה, באַגאַנגען די עוולה פֿון פֿאַרטיידיקן דעם קאַלי־

פּאַט — אַ רעליגיעז־אימפּעריאַליסטישע אינסטיטוציע, וואָס איז כלל ניט אין איינקלאַנג מיט זיינע אַלגעמיינע אנשויאונגען. גאַנדי איז דענסטמאָל גע־ווען אומגערעכט. ער איז אויך אומגערעכט אין אונזער פאַל. און מיר דוכט, אַז דער מקור פון זיין אומגערעכט־זיין איז איינער און דער זעלבער.

איך ווייס, אַז דאָס איז אַן ערנסטע באַשולדיקונג, יעדנפאַלס, אַן ערנסטער חשד. אָבער אַזאַ אָנקלאַגע, ספּעציעל ווען זי קומט פון אַ אידן, איז ניט קיין סימן פון מאַנגל אין פאַרערונג. העלדן־קולט איז ביי אידן שטענדיק געווען באַגלייט מיט רעזערוואַציעס. מיר פאַרערן משה רבנו, אונזער ערשטן נביא און באַפרייער. מיר פאַרגעסן אָבער ניט, אַז אויך ער איז געווען זינדיק — אַזוי זינדיק, אַז גאָט האָט אים ניט דערלויבט אַריינצוקומען אין דעם פאַר־שפּראָכענעם לאַנד, און צו קבורה איז ער געקומען אויף די איינזאַמע הויכן פונם באַרג נבו.

1945

# גאנדי׳ס ענטפער

איך וויל פאַר אַלעמען זאָגן, אַז איך האָב ניט געשריבן מיין אַרטיקל צוליב קריטיק. איך האָב אים געשריבן מחמת אַ דרינגנדיקער בקשה מצד אי־דישע פריינט און קאָרעספּאָנדענטן. ווען איך האָב באַשלאָסן צו שרייבן, האָב איך דאָס ניט געקאָנט טאָן אויף אַן אַנדער אופן.

שרייבנדיק, האָב איך ניט געהאָפט, אַז די אידן וועלן זיך תיכף ומיד באַ־קערן צו מיין אויפפאַסונג. איך וואָלט זיך צופרידנגעשטעלט, אפילו ווען איין איד וואָלט דורך מיר געוואָרן אינגאַנצן איבערצייגט און באַקערט.

איך האָב אויך ניט געשריבן מיין אַרטיקל בלויז פאַר היינט. איך בין גענוג בעל־גאווה צו גלויבן, אַז אייניקע פון מיינע שריפטן וועלן מיך איבער־לעבן און וועלן ברענגען נוצן פאַר יענע צילן, צוליב וולכע איך האָב זיי געשריבן. איך האָב ניט קיין געפיל פון אַנטוישונג, ווען איך ווייס, אַז מיין שרייבן האָט (ביז אַהער), אויף וויפיל איך ווייס, ניט באַקערט קיין איינציקן אידן.

האָבנדיק געלייענט גרינבערג׳ס ענטפער מער ווי איין מאָל, מוז איך זאָגן, אַז איך זע נישט קיין סיבה, צוליב וועלכער איך זאָל דאַרפן ענדערן די מיי־נונג, וואָס איך האָב אויסגעדריקט אין מיין אַרטיקל. עס איז העכסט וואַר־שיינלעך, אַז, ווי דער שרייבער זאָגט, „אַ אידישער גאַנדי אין דייטשלאַנד, ווען אַזעלכער וואָלט זיך באַוויזן, וואָלט געקאָנט פונקציאָנירן ניט מער ווי פינף מינוט, און ער וואָלט גלייך אַוועקגעפירט געוואָרן צו דער גיליאָטינע“. דאָס נעמט אָבער ניט צו דעם אמת פון מיין אַרגומענט און שוואַכט ניט אָפּ

מיין אמונה אין דערווירקזאַמקייט פון אַהימסאַ (ניט צו באַקעמפן דאָס בייזע מיט בייזן)...

מיין גרונט־פּרינציפּ איז, אַז אַהימסאַ איז נאָך מער ווירקזאַם, ווען זי שטויסט זיך אָן אויף דער גרעסטער הימסאַ (געוואַלט). אויף אָן אמת׳ן וועט איר ווען אויספּרובירט ־נאָר אין אַזעלכע פאַלן. ס׳איז ניט קיין מוז, אַז די ליידנדיקע זאָלן זען דעם רעזולטאַט אין זייער אייגענעם לעבן. זיי דאַרפן האָבן אמונה, אַז אויב זייער קולט וועט אויסשטיין די נסיונות, איז דער רעזולטאַט אַ געזיכערטער. די מעטאָדע פון געוואַלט גיט ניט קיין גרעסערע גאַראַנטיע איידער די מעטאָדע פון ניט־געוואַלט. זי גאַראַנטירט אָן אָן ערך וויניקער, ווייל עס פעלט אין איר דער גלויבן, וואָס לעבט אין דער נשמה פון דעם אָנהענגער פון אַהימסאַ.

דער שרייבער באַהויפּטעט, אַז איך בין צוגעגאַנגען צו דער אידנפראַגע „אָן יענער פונדאַמענטאַלער ערנסטקייט און ליידנשאַפטלעכן דורשט נאָך אמת, וואָס זיינען בדרך כלל אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר מיין באַהאַנדלונג פון פראַ־בלעמען". אַלץ וואָס איך קאָן אויף דעם ענטפערן, איז, אַז אויף וויפיל איך ווייס, האָט ניט געפעלט ניט קיין ערנסטקייט און ניט קיין ליידנשאַפט פאַרן אמת, ווען איך האָב מיין אַרטיקל געשריבן. די צווייטע באַשולדיקונג פונם שרייבער איז אַ שווערערע. ער דענקט, אַז מיין אייפער פאַר הינדו־מוסולמענישער אחדות האָט מיך געמאַכט פאַרטייאיש צו דער אַראַבישער פּרעזענטאַציע פון דער פראַגע, ספּעציעל ווי יענע פּרעזענטאַציע איז באַטאַנט אין אינדיע. איך האָב אָפט געזאָגט, אַז איך וואָלט ניט פאַרקויפט דעם אמת צוליב אינדיע׳ס באַ־פרייאונג. נאָך וויניקער בין איך דאָס גרייט צו טאָן כדי צו געווינען מוסול־מענישע פריינטשאַפט. דער שרייבער דענקט, אַז איך בין אומגערעכט אין דער קאַליפאַט־פראַגע. אויך היינט, ווען איך קוק אויף צוריק, האָב איך לחלוטין ניט קיין חרטה פאַר האָבן געשטיצט די קאַליפאַט־באַוועגונג. איך ווייס, אַז דאָס וואָס איך בלייב געטריי מיינער אַ שטעלונג פון צוריק מיט יאָרן איז ניט קיין באַווייז, אַז יענע שטעלונג איז געווען אַ ריכטיקע. ס׳איז אָבער וויכטיק, אַז יעדער וואָס האָט אין דער זאַך אַן אינטערעס זאָל וויסן ווי אַזוי איך באַטראַכט היינט מיינע האַנדלונגען פון 1919 און 1920.

איך האָב אַ פיינפול באַוואוסטזיין פונם פאַקט, אַז דאָס וואָס איך שרייב דאָ וועט נישט צופרידנשטעלן ניט דעם שרייבער און ניט מיינע אַנדערע אידישע פריינט. איך ווינש אָבער מיט מיין גאַנצן האַרצן, אַז צו די רדיפות אויף אידן זאָל קומען אַ סוף און אַז די פראַגע פון ארץ־ישראל זאָל געפינען אַ לייזונג, וואָס זאָל צופרידנשטעלן אַלע פאַראינטערעסירטע צדדים *).

*) ביידע אַרטיקלען זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין „האַרידזשאַן", אַ וואָכנשריפט וואָס איז יאָרנלאַנג רעדאַגירט געוואָרן פון גאַנדי, דעם 22טן יוני, 1939 (נומער 16, באַנד 7).

# אַ טאָג אין לייפּציג

מיר האָבן פאַר זיך כמעט דעם גאַנצן טאָג פריי — האָט ביאַליק אַ זאָג געטאָן צו מיר, ווען מיר האָבן איינגעאָרדנט די זאַכן אין אונזערע האָטעל־צימערן — חברה זיינען פאַרנומען און ביז זיבן אַזייגער וועט אונז קיינער ניט טשעפּען. קאָנען מיר זיך דערלויבן אַ שטיף־טאָן.

אין אַ זוניקן יאַנואַר־טאָג זיינען מיר דענסטמאָל (אין 1924) צוזאַמען אָנגעקומען פון בערלין קיין לייפּציג. אין אָוונט האָבן מיר דאָרט ביידע גע־דאַרפט אויפטרעטן אויף אַ גרעסערער פאַרזאַמלונג, אָדער ריכטיקער, ביאַליק האָט געדאַרפט האַלטן אַ רעדע און מיין עובדה האָט געזאָלט זיין איבערזעצן וואָס ער האָט געהאַט צו זאָגן, פון זיין קאָלירפולן העברעאיש אויף מיין וואַסערדיקן דייטש.

דעם אמת זאָגנדיק, איז מיר דער קאָפּ יענעם טאָג ניט געלעגן ביי „אַ שטיף טאָן", ווייל איך האָב ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט באַזונדערס געליטן פון „אימתא דציבורא", און איך האָב זיך אינעווייניק געמאַכט שאַרפע פאָר־וואורפן, הלמאי איך האָב מסכים געווען צו נעמען אויף זיך אַזאַ שווערע אויפ־גאַבע. קיין „רעפּעטיציע", האָב איך געוואוסט, קאָנען מיר ניט מאַכן, ווייל ביאַליק האָט גע׳טענה׳ט, אַז, ערשטנס, האָט ער בכלל ניט וואָס צו זאָגן, און צווייטנס, טאָמער האָט ער עפּעס יאָ וועט עס אפשר „אַרויספּלאַצן" פון אים, מעשה עקספּראָמט, בשעת דעם רעדן גופא.

— אָבער וואָס מיינט איר — האָב איך נייגעריק אַ פרעג געטאָן — ווען איר זאָגט אַ שטיף טאָן?

— אַ פיינער שטיפער זייט איר — האָט זיך ביאַליק צעלאַכט — איר ווילט שטיפן מיט אַ פריער אויסגעאַרבעטן פּראָגראַם, מיט אַ סדר־היום... וואָס זייט איר, אַ ליטוואַק? איך מיין סתם זיך לאָזן וואוילגיין, „וואַיעוועזן", ווי מ׳פלעגט זאָגן אין אוקראַינע, „זבורדען", אָפּלאָזן די לייצעס... אין יעדן פון אונז לעבט דאָך אַ שטיק הפקר־יונג...

אויסגעלאָזט האָט זיך אין יענעם טאָג אונזער „הפקרות" דערמיט, וואָס פון עלף אין דער פרי ביז זיבן אין אָוונט זיינען מיר צוועקלאָז אַרומגעגאַנגען איבער די לייפּציקער צענטראַלע גאַסן, באַזוכט צוויי רעסטאָראַנען און עטלעכע קאַפעס, געהערט אַ ווינער אָרקעסטער בשעת דעם מיטאָג־עסן און אַ טיורינגער כאָר בשעת דעם טיי־טרינקען, און, דער עיקר, געשמועסט; געשמועסט, ווי

אונז האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז אַ באַשטימטער טעמע, איבערשפּרינגענדיק פון איין ענין צום אַנדערן, אַז מורא פאַר פּאַראַדאָקסן, אַז אימה פאַר באַנאַ־ליטעטן, אַז פּחד פאַר ווילדע אַבסורדן.

***

בשעת דעם מיטאָג־עסן האָט ער זיך דערמאָנט אַז דעם קליינעם, פינף־יעריקן מיידעלע, וואָס איז מיט אונז מיטגעפאָרן יענעם פרימאָרגן אין איין קופּע. ביאַליק האָט זיך אין דעם קליינעם, בלאָנדן באַשעפעניש בוכשטעבלעך פאַרליבט, און אים האָט ווי געטאָן, וואָס ער קען ניט גענוג פאָלקסטימלעכן, קינדערישן דייטש, כדי מיט דעם קינד זיך אונטערהאַלטן. דאָס דייטשע מיידעלע האָט געטאַנצט אין דעם ענגען קופּע, און געזונגען, און אויסדער־ציילט אַלע קינדער־גאָרטן־מעשיות וואָס ס׳האָט נאָר געדענקט. ווען עס האָט פון מאָל צו מאָל, קעגן דער מוטער׳ס מילדע פּראָטעסטן, אַרויסגענומען פון אַן עלעגאַנט קעסטעלע שטיקלעך שאָקאָלאַד און צוקערקעס, האָט עס די נאַשערייען מיט וועלכע עס האָט זיך אַליין מכבד געווען באַזונגען מיט אַ האַלבער סטראָפע פון אַ קאַבאַרע־לידל, וואָס ווער ווייסט אויף וועלכע וועגן עס איז פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן אין קינדער־צימער פון אַ קולטורעלער מיטל־שטאַנד־פאַמיליע:

" . . . Und das haben die Maedchen so gerne,
Die im Stuebchen und die im Salon . . ."

די מוטער האָט אי געלאַכט און אי זיך געבייזערט, זיך געבעטן ביים קינד אַזאַ לידל ניט צו זינגען, אָבער די קליינע עלזאַ האָט ניט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס זי טאָר אַזעלכע אומשולדיקע ווערטער ניט אַרויסברענגען פונם מויל. זי איז מסתמא זיכער געווען, אַז דאָס וואָס די מיידלעך האָבן אַזוי האָלד, איז שאָקאָלאַד אָדער צוקערקעס...

ביאַליק האָט זיך ניט געקאָנט אָפּלויבן פון דער „נאָרדישער" שיינקייט פון דעם קליינעם פרויען־באַשעפעניש:

— פאַר האָבן אַזאַ קינד אין הויז בין איך גרייט מוחל צו זיין אַלע עולם הזה׳ס, אויב איר ווילט, אַפילו עולם־הבא׳ס. ווען מיר זיינען געזעסן אין קופּע, איז מיר דורכן קאָפּ דורכגעלאָפן אַ משוגע׳נער געדאַנק. וואָס וואָלט, אַ שטייגער, געווען, האָב איך אַ טראַכט געטאָן, ווען די מוטער טוט אַ זאָג צו מיר: „איך זע, מיין ליבער הער, אַז איך געפעלט שטאַרק מיין קינד: אַזוי ווי איך האָב נאָך צוויי קינדער אין דער היים, נעמט איך מיין עלזאַ צו זיך, און איך בין זיכער, אַז זי וועט ביי אייך זיין גליקלעך". ווי געפעלט איך אַזאַ משוגעת? איך האָב מיר אַפילו פאָרגעשטעלט, ווי איך ברענג זי קיין בערלין צו מיר אַהיים און זאָג אַז מיין פרוי אַ פריילעכע בשורה: „אָט

האָבן מיר, מאַניעטשקע, למזל ולברכה, אַ קינד, און לאָמיר עס מחנך זיין לתורה ולחופּה ולמעשים טובים״. אַי, ס׳אַ שיקסעלע? איז וואָס? אין אַ יאָר אַרום וועט עלזאַ פאַרגעסן איר פּיצל טעווטאָנישע פאַרגאַנגענהייט, און איך וועל זי אויסלערנען זינגען זמירות יעדן פרייטיק־צו־נאַכט. פון דער קליינינקער דייטשקע קאָן נאָך אויסוואַקסן מיט דער צייט אַ שרה בת טובים, אַ „לודמירער מויד״, און וואָס ניט? דער גאַנצער ענין ראַסע, בלוט, ביאָלאָגישע ירושה, פון וועלכע מ׳רעדט און מ׳שרייבט איצט אַזויפיל אין דייטשלאַנד, איז ניט נאָר עבודה־זרה, נאָר די גרעסטע אידיאָטסטווע, וואָס מ׳האָט אין אונזערע צייטן אויסגעטראַכט. „ביאָלאָגיש״ איז פּושקין געווען אַן אַפריקאַנער, און דאָס האָט אים ניט געשטערט צו ווערן דער נאַציאָנאַלער דיכטער פון רוסלאַנד; און ווער וועט עס זאָגן אויף נאַפּאָלעאָן׳ען אַז ער איז ניט געווען קיין פראַנצויז, כאָטש אַלע ווייסן אַז זיין ביאָלאָגישער יחוס איז גאָר געווען אַן איטאַליענישער? ווען טאָטערן וואָלטן געכאַפּט דעם ווילנער גאון, ווען ער איז געווען אַ קליין קינד, און אים פאַרקויפט פאַר אַ קנעכט ערגעץ־וואו אין די מדבריות פון אַפריקע, און ער וואָלט דאָרט אויסגעכאָוועט געוואָרן, וועט איר מיר איינרעדן, אַז ער וואָלט נאָכדעם געווען אַ איד? עפּעס פאַרנעפּלטס און אומפאַרשטענדלעכס וואָלט אפשר פון צייט צו צייט אַ ציטער געטאָן אין אים — מסתמא איז פאַראַן אַ מין קאַנאַלעכל, דורך וועלכן אַ דערשטיקטע שטים זוכט זיך צו לאָזן הערן פון דור צו דור; אינגאַנצן אָפּלייקענען דעם ענין גזע קאָן מען ניט — אָבער וואָס פאַר אַ האַפט האָט עס אין פאַרגלייך מיט סביבה, סאָציאַלן היפּנאָז, דערציאונג, שפּראַך, קולטור אָדער אומקולטור? נעמט די קליינע עלזאַ צו מיר אין הויז, און זאָל מאַניעטשקע אָנהויבן בענטשן ליכט יעדן פרייטיק פאַר נאַכט און זאָגן „גאָט פון אברהם״ יעדן שבת־צו־נאַכט; און זאָל פאַניע שאַרגאָראָדסקי *) אַריינגיין צו איר יעדן טאָג אויף אַ שעה צייט מיט אירע העברעאישע לערנביכלעך, וועט זי מיט דער צייט אויסוואַקסן אַ בת ישראל מיט אַלע פּיטשעווקעס, און זי וועט מיינען, אַז ראַווניצקי איז אירער אַ זיידע... און ווייסט איר גאָר, וואָס איך וועל אייך זאָגן? איך הויב זיך אָן חושד זיין, אַז איך וואָלט גאָר געקאָנט אַליין הייראַטן מיט אַ „שיקסע״, אַפילו מיט אַ „שיקסעשער״ דערציאונג און באַוואוסטזיין. וואָס, איר וועט מיר איינרעדן, אַז צוריק מיט יאָרן, ווען איך באַגעגן מאַניטשקע אָט אַזוי ווי זי שטייט און גייט, אָדער אַזוי ווי זי איז אין אירע מיידלשע יאָרן „געשטאַנען און געגאַנגען״, און זי איז גאָר אַ שיקסע בת ערל, וואָלט איך זיך פאַר דעם אָפּגעשטעלט, און איך וואָלט געזאָגט: פע, חיים נחמן, ווי קומט דאָס צו דיר? און וואו איז עפּעס קיום היהדות?

*) דר. פ. שאַרגאָראָדסקי ז״ל, אין יענע יאָרן אַ באַקאַנטער פּעדאַגאָג, אַ פאַרפאַסערין פון העברעאישע טעקסט־ביכער.

ער האָט זיך דערביי ברייט און געשמאַק צעלאַכט:

„ווי געפעלט אייך אַזאַ פאַנטאַזיע — מאַניטשקע אַ שיקסע? שוין, דוכט זיך, לייכטער זיך פאַרצושטעלן דעם ליובאַוויטשער רבי׳ן פאַר אַ קאָזאַק. אַז מען רעדט, דערעדט מען זיך צו די גרעסטע נאַרישקייטן. עס דערמאָנט מיר אַביסל אָן יענעם אידן וואָס זאָגט: „קוקט ניט, וואָס איך בין איצטער ניט שיין; ווען איך בין געבוירן געוואָרן, בין איך געווען, קיין עין־הרע, אַ פאַלנער קראַסאַווען, נאָר די אַם האָט מיך פאַרביטן״. וואָס איך מיין צו זאָגן איז, אַז ווען עס וואָלט געקאָנט געמאָלט זיין אַ גוי׳עשער „תינוק שנשבה לבין היהודים״, וואָלט ער מיט דער צייט געווען מער איד, ווי אַ אידישער „תינוק שנשבה לבין העכו״ם״. איר געדענקט דאָך גערשענזאָנען? אַ כערסאָנער אָדער אַ קעשענעווער אידיש אינגל, און טוט נאָר אַ קוק: ער איז דער ספּעציאַליסט אויף סלאַוואָפילישער ליטעראַטור, און ניט בלויז, אַזוי צו זאָגן, אַ וויסנשאַפטלעכער ספּעציאַליסט, נאָר אויך דער וואָס האָט זיך אויפן אינטימסטן אופן איינגעלעבט אין דער אַלטער רוסלאַנד. מיט חכמה, מיט קונצן און מיט באַלעזנקייט אַליין קאָן מען ניט אָנשרייבן אַזאַ בוך, ווי „גריבאָיעדאָוו׳ס מאָסקווע״. איך געדענק, ווי איר האָט מיר אַמאָל געזאָגט וועגן לעוויטאַנען, אַז זעלטן ווען אַ רוסישער מאלער האָט אַזוי רוסיש געמאָלן די רוסישע לאַנדשאַפט ווי ער. איך בין אַ קנאפּער מבין אויף פּייזאַש — אויף וויפיל איך אינטערעסיר זיך מיט פּלאַסטישער קונסט, איז מיר אַמנאָענטסטן דער סקולפּטאָר און דער פּאָרטרעטיסט — אָבער איך זע דאָך ווי דער איד לעוויטאַן האָט זיך טיף איינגעוועבט אינם רוסישן קינסטלערישן באַוואוסטזיין, און מיר ווייסן דאָך ווי אַזעלכע עכט־רוסישע שרייבער ווי טשעכאָוו און בונין האָבן געהאַלטן, אַז לעוויטאַן איז זיי אַ נאָענטער „קרוב״. אויף לעוויטאַנען איז מקויים געוואָרן „הרואה ניר נאה או אילן נאה, ואומר מה נאה ניר זה, מה נאה אילן זה, הרי זה מתחייב בנפשו״, אָבער דערזען דעם ניר נאה און דעם אילן נאה „אין אַ פרעמד לאַנד״, דערזען אַזוי, אַז עס זאָל איינגעבאַקן ווערן אין דער נשמה און אַרויסרופן אַ מין דבקות, קאָן מען נאָר דורך סביבה, דערציאונג, קולטור, לשון. סאָציאַלן היפּנאָז...

„איך האָב די טעג געלייענט אייערן אַ מאמר וועגן „מזרח און מערב״, אין וועלכן איר גיט מיר אַ פאַרציע פאַר מיין מגידות וועגן אַסימילאַציע און אַסימילאַנטן. אין גרונט, גלויב איך, זייט איר גערעכט. ס׳איז דאָ אַ סאָרט אַסימילאַציע, וואָס ליגט „אויף יענער זייט״ פון מאָראַלישן אורטייל, אויף וועלכער מ׳קאָן ניט אָנווענדן דעם באַגריף „פאַרראַט״. לעוויטאַן איז ניט קיין „בוגד״ און גערשענזאָן איז ניט קיין גייסטיקער „משומד״ — זיי זיינען ביידע גיכער „מומרים״, פאַרביטענע, געענדערטע, ניט מיט זייער אייגענעם ווילן, ניט לויט באַשלוס — אַט ווי איינער, לאָמיר זאָגן, פאַרקילט זיך, און אַן אַנדערער ווערט אָפּגעברענט פון דער זון אין אַ טראָפּיש לאַנד. איר זייט מסתמא

גערעכט, ווען איר זאָגט, אַז מ׳קאָן זיין אַן אַסימילירטער איד און אַן ערלעכער, ערנאַפטער מענטש, און אויב איך האָב אויף אייך פּאַראיבל, איז עס ניט ווייל עס איז ניט אמת, נאָר ווייל — וואו שטייט עס געשריבן, אַז איר זייט שטענדיק מחוייב מיט אַלע אמת׳ן אַרויסקומען אין דער עפנטלעכקייט ? ס׳איז פּשוט ניט פּעדאַגאָגיש היינט אַזאַ אמת צו פּרעדיקן, ווייל דאָס קאָן אָנגענומען ווערן אַלס הכשר פאַר נידעריקע ברואים צו מאַכן פון אַסימילאַציע אַ קרדום לחפור בו, אַלס אַ היתר אויף פּשוט׳ן שמד. אָבער די געפאַר פון, אַזוי צו זאָגן, „ערלעכער״ אַסימילאַציע ווערט גרעסער פון טאָג צו טאָג, און דערפאַר, גוטער־ברודער, דאַרף מען זיך אַזוי צואַיילן מיטן ענין ארץ־ישראל...

„אָבער וואוהין בין איך פאַרקראָכן ? נאָכאַמאָל אַריינגעפאַלן אין מגידות. מיר האָבן דאָך געשמועסט וועגן דער קליינער עלזאַ, מיט די בלויע שטיפנדיקע אייגעלעך, מיט די בלאָנדע לאָקן און מיט איר קינדיש־חיה׳שער איבערצייגונג, אַז שאָקאָלאַד, און גראַד שאָקאָלאַד, איז דאָס וואָס „די מעדכען האָבן זאָ גערנע״. דאָס דאָזיקע קליינע באַשעפעניש גייט מיר ניט אַראָפּ פון דער מחשבה. אפשר איז עלזאַ גאָר ניט אַזוי רייצנדיק, ווי מיר דוכט זיך ? אפשר איז דאָס בלויז דער נאָגנדיקער, ניט־געשטילטער הונגער נאָך אַ קינד, און עלזאַ איז בלויז אַ סימבאָל, אַ שאַרפע, עונש׳דיקע דערמאָנונג ? איר ווייסט דאָך, די לעצטע צייט האָבן מיר אַ פאָר דייטשע אידן געדולט אַ קאָפּ מיטן נאָבעל־פּרייז. לייענען קאָנען זיי מיך ניט, אָבער „זיי ווייסן״, אַז מיר קומט איצט דער נאָבעל־פּרייז. זיי דרייען מיר אַ קאָפּ טאָג און נאַכט, גלייך ווי די זאַך ליגט ביי זיי אין די הענט אָדער גאָר ביי מיר אין די הענט. אָבער זאָל מיר יענע דייטשע מאַמע אַוועקגעבן על־זאַ, בין איך אייך מוחל זיבן און זיבעציק נאָבעל־פּרייזן מיט אַלע ש״י עולמות לאחר מאה ועשרים, און זאָל קלויזנער קרויגען פאַרן גרעסטן העברעאישן דיכ־טער דאַליצקי׳ן, אָדער איוב ממינסק — וועמען אַרט עס ?... אָבער, למען השם, דערציילט עס ניט אוסישקינ׳ען. ער דאַרף, דוכט זיך, אין גיכן קומען קיין אייראָפּע. נאָך מיין באַזוך, צוריק מיט יאָרן, אין ארץ־ישראל האָט ער אויפ־געהויבן אַ גאַנצע סומאַטאָכע. אַ נבלה בישראל האָב איך אָפּגעטאָן. כ׳האָב דאָרט פאַרגעלעזן פאַר אַן עולם מיין „מאחורי הגדר״. סטייטש, האָט ער מרעיש עולמות געווען, דער נאַציאָנאַלער דיכטער פאָרט קיין ארץ־ישראל און האָט דאָרט ניט וואָס צו זאָגן, נאָר דערציילן אַ מעשה פון מאַרינקע, פון אַ שיקסע ? מענדעלע מוכר ספרים איז געוואָרן אסור בהנאה ווייל ער האָט געהאַט אַ זון אַ משומד (אַנדערע אידן האָבן, כידוע, אַרויסגענומען אַ קוויטל ביים רבונו־של־עולם, אַז מיט זייערע זין און טעכטער קאָן אַזוינס קיינמאָל ניט פּאַסירן), און מיך דאַרף מען דורס זיין, ווייל כ׳האָב מיט זיך „געבראַכט אַ שיקסע״ קיין ארץ־ישראל. אָבער ווער האָט ביי אוסישקינ׳ען אָדער ביי עמיצן אַנדערש גע־בעטן אַ דיפּלאָם פון אַ נאַציאָנאַלן דיכטער ? גיט מיר ניט קיין דיפּלאָמען און

לאָזט מיך זיין אַ פרייער מענטש. באַלד וועט מען זאָגן, אַז איך ניס ניט אָדער שנייץ ניט די נאָז, ווי עס פּאַסט פאַרן „משורר לאומי״.

די קעלנערין איז צוגעקומען צו אונזער טיש פרעגן, צי מיר ווילן ווין אָדער ביר פאַר אונזער מאַלצייט.

— זאָל זיין ווין — האָט ביאַליק גע׳פסק׳נט — אַז שטיפן זאָל זיין גע־שטיפט. אָבער מיט איין באַדינגונג: איך צאָל. דער „משורר לאומי״ האָט אַ שם־רע פון אַ קמצן. ס׳איז אמת. אָבער וואָס קאָן מען טאָן? ווען איך בעט אויס ביים ריבונו־של־עולם ראָטשילד׳ס עשירות, פּרוג׳ס דוואָריאַנסקע ברייטע האַנט, דעם ווילנער גאון׳ס קדושה און פּושקינ׳ס טאַלאַנט, וואָלט איך דאָך צעפלאַצט געוואָרן פון מעלות... אָבער סאַי־ווי־סאַי, לאָמיר טרינקען לחיים... צום געזונט פון דער קליינער עלזאַ...

ביאַליק האָט, ווייזט אויס, געכאַפּט אויף מיין פּנים אַ שמייכל:

— עפּעס טראַכט איר איצט וועגן מיר, גנב שבגנבים, וואָס איר ווילט ניט אויסזאָגן, אָדער איר האָט זיך דערמאָנט אָן עפּעס קאָמישעס. לאָמיך טרעפן: איר האָט זיך דערמאָנט אָן שלום־עליכמ׳ס „ווען איך בין ראָטשילד״. ווייניקער פון ראָטשילד׳ס עשירות איז פאַר ביאַליק׳ס אַפּעטיט ניט גענוג?

איך האָב זיך טאַקע דענסטמאָל דערמאָנט אָן שלום־עליכמ׳ען, אָבער ניט אָן זיין מלמד וואָס גאַרט צו ווערן אַ ראָטשילד, נאָר אָן טביה דעם מילכיקן. ווען טביה וויל זיך ניט אָפּשטעלן רעדן מיט האָדלען, ווייל זי איז אַוועק מיט פּעדקאָ דעם „פּיסאַר״, וואָס איז אַזוי ענלעך מיטן פּנים און מיט דער „רובאַשקע״ צו מאַקסים גאָרקי, פאַלט ער אַריין, פאַרנדיק אין דער שטילקייט פונם זומער־אָוונט, אין קאָסמאָפּאָליטישע, אוניווערסאַליסטישע מחשבות: צוליב וואָס האָט בכלל גאָט באַשאַפן אַ געשפּאָלטענע וועלט — איד, גוי, מיין אמונה, דיין אמונה? וואָלט דען ניט גלייכער געווען ווען אַלע זיינען איינס?

ביאַליק האָט זיך צעלאַכט און מיר אַ קלאַפּ געטאָן איבער דער פּלייצע:

— אַ דאַנק פאַרן פאַרגלייך. איך נעם דאָס אָן פאַר אַ קאָמפּלימענט. ווען שלום־עליכם וואָלט שטענדיק זיך געהאַלטן ביי טביה׳ס חכמה, וואָלט ער געווען אַ סך אַ גרעסערער שרייבער ווי ער איז געווען. זיין אומגליק איז געווען, וואָס חכמה אַליין איז אים געווען ווייניק: ער האָט נאָך געוואָלט „חכמות״, און דער־פאַר איז ער אַזוי אָפט געווען דאָס, וואָס, ווי איר דערציילט מיר, אייערע בעסאַראַביער אידן רופן „אַ כאָכמאַטש״. טביה האָט פאַרשטאַנען דעם סוד פון ריטם: אי מען דאַרף זיך איבערבעטן מיט אַ טאַכטער אַ משומדת, אי מען דאַרף פון צייט צו צייט זיך אַריבערקלייבן אויף אַ ווייל אין אַ ספערע, וואו „די אַלע זאַכן האָבן קיין אָפּגעריבענעם פּיאַטאַק ניט ווערט״, זיך, אַזוי צו זאָגן, אַ באָד טאָן אין דער לופט פון אוניווערסאַליזם. ס׳איז נישטאָ קיין

סתירה צווישן די צוויי צושטאַנדן. דערפֿאַר זאָג איך אַז ס׳איז אַ ריטם אַזעלכער. אַ איד וואָס איז ניט פּייאיק פֿון צייט צו צייט אויף „התפשטות הלאומיות״ און אויף נאָכדעם אומקערן זיך צו זיין שורש, צו זיין סביבה און סביבה־גייסט, צו זיין שבט, אויב איר ווילט, איז אַ קראַנקע באַשעפעניש... אַט דער־ציילט איר מיר די לעצטע צייט אַ סך וועגן דייטשן אַנטיסעמיטיזם, און איך הער שוין פֿון פֿאַרשידענע זייטן, אַז שנאת ישראל איז אַ באַקטעריע אין דייטשן בלוט, וואָס מען וועט זי שוין קיינמאָל ניט קאָנען אַרויסטרייבן. עס קומט אויס, אַז משׂשת ימי בראשית אָפּעררדט אַזאַ מין נאַטור־געזעץ, אַז דייטש און איד זאָלן זיך זיין פֿאַרהאַסט. אָבער גאַנץ דייטשלאַנד זינגט פֿונדעסטוועגן היינע׳ס לידער ווי אייגענע, און איך האָב שוין גייסטיק אַדאָפּטירט די קליינע עלזאַ. אין „לעצטן חשבון״ איז מסתמא נישטאָ קיין מחיצה אויך צווישן דייטש און איד. מיר איז די טעג געקומען אויף דער מחשבה, אַז אין אידישן פֿאָלק־לאָר — סיידן איך בין זיך טועה — האָט זיך נישט אָפּגעשפּיגלט קיין ספּעציעלער האַס צו דייטשן, אָט ווי, למשל, ס׳האָט זיך אָפּגעשפּיגלט האַס צו טאָטערן אין רוסישן פֿאָלקלאָר. פֿון די קינדער־יאָרן איז ביי מיר פֿאַרבליבן אין זכרון אַ לידל, וואָס איר האָט עס אפשר אויך געהערט:

אויפֿן הויכן באַרג,
אויפֿן גרינעם גראָז,
שטייען אַ פּאָר דייטשן
מיט די לאַנגע בייטשן.
הויכע מענער זיינען זיי,
קורצע קליידער טראָגן זיי.
אָבי המלך!
דאָס האַרץ איז מיר פֿריילעך.
פֿריילעך זאָלן מיר זיין,
טרינקען וועלן מיר וויין,
קרעפּלעך וועלן מיר עסן,
און אין אונזער לעבעדיקן גאָט
וועלן מיר קיינמאָל ניט פֿאַרגעסן״.

— איך ווייס ניט, ווי אַזוי אַזאַ לידל איז געבוירן געוואָרן, און איך פֿאַר־שטיי ניט, וואָס ס׳איז די סמיכות הפרשיות צווישן די „פּאָר דייטשן מיט די לאַנגע בייטשן״ און „אָבי המלך,״ אָבער וואָס־וואָס קיין האָס צו דייטשן און קיין מורא פֿאַר זיי איז אין דעם לידל נישטאָ. דער מזמור איז מסתמא אין מיין וואָלינער געגנט ניט געשאַפֿן געוואָרן. פֿריילעכקייט האָבן מיר דאָרט געהאָט ווייניק און וויין נאָך ווייניקער. אָבער וואָס איז דען דער אונטערשייד? רופֿט צו די קעלנערין... נאָך אַ גלעזל וויין... פֿאַר עלזאַ׳ס געזונט...״

*
**

אין שפעטערן נאָכמיטאָג, בשעת מיר האָבן געזופּט טיי אין אַ קליינעם, אָבער זייער עלעגאַנטן קאַפע, איז דער שמועס אַרויפגעקומען אויף אחד־העמ׳ען.

אחד־העם איז ניט לאַנג צוריק געווען אויף אַ באַזוך אין דייטשלאַנד, און אין האַמבורג (לעבן פראַנקפורט אַם מאַין) האָט ער זיך באַגעגנט, נאָך אַ לאַנגער און פּיינלעכער הפסקה, מיט זיין טאָכטער, וועלכע איז שוין אַ גוטע פּאָר יאָר געווען פאַרהייראַט צו אַ רוס (צום שרייבער אָסאָרגין). אויב איך מאַך ניט קיין טעות, האָט ביאַליק משפּיע געווען אויף אחד־העמ׳ן, ער זאָל אַראָפּנעמען דעם חרם פון זיין טאָכטער און זיך מיט איר איבערבעטן. ביאַליק איז יעדנפאַלס געווען מער ווי צופרידן, וואָס אחד־העם האָט אויפגעהערט צו פּייניקן אי זיך, אי די טאָכטער מיט זיין „באַיקאָט".

— איך האָב דעם איינדרוק — האָט זיך ביאַליק צו מיר געווענדעט מיט אַ שלעכט פאַרבאַהאַלטענעם פאַרוואורף אין דער שטים — אַז איר זייט אַ שטיק אפּיקורס אויף אחד העמ׳ען. איך האָב דאָס ניט געלייענט, אָבער מ׳האָט מיר איבערגעגעבן וועגן אייער הקדמה צו אַ באַנד אחד־העמ׳ס עסייען אין אַ רוסישער איבערזעצונג, אַז זיין שיעור־קומה קומט דאָרט אַרויס ביי אייך ניט זייער הויך. איך גלויב, אַז איר האָט אים ניט ריכטיק אָפּגעשאַצט.

— מיט אייך וועגן אחד־העמ׳ען איז מיר ניט לייכט צו רעדן — האָב איך האַלב־אַפּאָלאָגעטיש געענטפערט — פּונקט ווי מיר וואָלט געווען שווער צו רעדן מיט איינעם וועגן די מעלות און חסרונות פון זיין ערשטער געליבטער. אַחוץ דעם, איך האָב אחד־העמ׳ען קיינמאָל נישט באַגעגנט, כ׳האָב אים בלויז געלייענט, און עס קאָן זיין אַז אין פּערזענלעכן קאָנטאַקט מיט אים זעט מען אי אַ גרעסערע, אי אַן אינטערעסאַנטערע פיגור. אין אייערע געזאַמלטע שריפטן וואָלט איך יעדנפאַלס אייער ליד וועגן אחד־העמ׳ען ניט אַריינגענומען. ס׳איז ניט קיין פּאָעזיע, ס׳איז גיכער אַ פייערלעכער „אַדרעס" פאַר אַ באַנקעט, אָדער אַן אָדע אין דערזשאַווינ׳ס סטיל — בקיצור, רעטאָריק. אָבער עס איז ניט מיין זאַך צו אַנאַליזירן אייער סוביעקטיווע באַציאונג צו איינעם וואָס איר האָט אים געקרוינט פאַר אייער לערער. אויף אַ באַשטימטן פעריאָד פון אייער לעבן איז אחד־העם, מחמת סיבות אויף וועלכע ס׳איז ניט מיין עסק היינט זיך אָפּצושטעלן, מסתמא געווען פאַר אייך אי אַ גרויסע, אי אַן אינטימע דערלעבעניש. פאַר מיר איז ער בלויז אַ גוטער שרייבער, אַ סטיליסט, אַן ערשטקלאַסיקער (און אין דער העברעאישער ליטעראַטור — דער ערשטער) עסעי־אַרכיטעקט. זיין ווערט איז — ער וואָלט זיך מסתמא אויף אַזאַ קאָמפּלימענט זייער געבייזערט — הויפּטזעכלעך אַן עסטעטישער. אָבער אַ דענקער, אַ פילאָזאָף? דער קרייז פון זיינע אידייען איז אַן אומגעהייער שמאָלער, און וואָס איז דער פּאַטאָס, דער ברען־פּונקט פון זיין וועלט־אַנשויאונג? נאַציאָנאַליזם. זיין האָריזאָנט איז

קיום האומה, און מיר האָבן דאָך צווישן זיך אָפּגערעדט (אפשר אויף אומוועגן, אפשר אויף שטום־לשון), אַז נאַציאָנאַליזם געהערט צו די רעלאַטיווע און צייט־ווייליקע ווערטן, ניט, אַזוי צו זאָגן, צו די אַבסאָלוטע. נאַציעס וועלן מסתמא עקזיסטירן אייביק, אָבער נאַציאָנאַליטעטן־קריוודעס — און די דאָזיקע קריוו־דעס וועלן דאָך מיט דער צייט באַזייטיקט ווערן — און נאַציאָנאַליזם אַלס אַן אידעאַל, אַלס סאָציאַלע דינאַמיק, וועלן אַוועקגעטראָגן ווערן אין אַרכעאָלאָגישן מוזעאום. אַ פילאָזאָף איז, פּאַר אַלעמען, אַ מעטאַפיזיקער, און ביי אחד־העמ׳ען זע איך גאָר ניט, ער זאָל האָבן וועלכע ניט איז עכטע מעטאַפיזישע באַדערפעניש. איז דאָך ביי אים רעכט, אַז דער גלויבן אין אינדיווידועלער אומשטערבלעכקייט איז ביי אידן אַנטשטאַנען שפּעט, און בלויז אַלס אַ רעאַק־ציע אויף דער פּאָליטישער צעשפּליטערונג פון אידן אַלס נאַציע. ווען אידן, הייסט עס ביי אים, זיינען נאָך געווען אַ נאָרמאַל פאָלק מיט נאָרמאַלע פעל־קער גלייך, מיט אַן אייגן לאַנד און אייגענער מלוכה׳שאַפט, האָט דער אינ־דיווידועלער איד קיין עולם־הבא — קיין תחית המתים אָדער קיין השארות־הנפש — ניט געדאַרפט האָבן. זיין „אייביקייט" האָט ער געזען אין כלל, אין קיבוץ, אין פאָלק, וועמענס עקזיסטענץ און צוקונפט איז געווען אַ זיכערע. די אמונה אין אומשטערבלעכקייט, קומט ביי אים אויס, איז גאָר געווען אַ מין גייסטיקע ירידה, אַן אַראָפּגיין פונם דרך־הישר... דאָס איז אַ שטיק פּאָזיטי־וויזם, אַ ניט זייער פּרוכטבאַרער געדאַנק אַ לאַ אָגיוסט קאָנט, אָנגעווענדעט אויף אידישער געשיכטע. דאָס איז אַן אָפּלייקענונג פונם אינדיווידואום׳ס אייגנ־ווערט, פונם פּרט׳ס „עולם מלא". פילאָזאָפיש באַפרוכפּערן אונזער דענקען קאָן מען ניט מיט אַזעלכע אידייען, אויך ניט מיט אחד־העמ׳ס עלעגאַנט פאַר־מאַסקירטן אַטעאיזם.

ביאַליק האָט זיך ווי אָנגעבלאָזן און אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ. ער האָט אויף אַ פּאָר מינוט פאַרמאַכט די אויגן און איך האָב ניט געוואוסט, צי עס שלעפערט אים פון די פּאָר גלעזלעך ווין און פון דעם ליקער וואָס מ׳האָט אונז סערווירט צו דער טיי (סוף־סוף, איז ער דאָך צו שאַרפע משקאות ניט געווען שטאַרק צו־געוואוינט), אָדער ער קלערט עפּעס איבער אין זיך און פאַר זיך. מיר האָט אָנ־געהויבן באַנג צו טאָן, הלמאי איך האָב מיר דערלויבט אַ מין מיעוט הדמות פון דעם, וועמען ער האָט יאָרנלאַנג עפּנטלעך באַטראַכט פאַר זיין רבי׳ן. ווען ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, האָב איך אין זיינע אויגן דערזען אַ קליין, ברוגז פייערל:

— וועגן אחד־העמ׳ען וועל איך היינט מיט אייך ניט רעדן. כ׳האָב מורא, אַז איר האָט אין אים קיינמאָל ניט דערפילט דאָס ניט־דערזאָגטע. עס זיינען פאַראַן שרייבער — אין גרונט פּיפּיקע קאַליקעס — וואָס „זאָגן אַריבער"; אחד־העם איז געווען באַשיידן, שעמעוודיק, „קאַרג" אויף אויסדרוק, כדי אים תופס

צו זיין, גוטער ברודער, דאַרף מען האָבן אַן אויער, און מיר דוכט זיך, אַז איר פאַרמאָגט עס ניט. אָבער לאָמיר לאָזן אחד־העמ׳ען אַן אַ זייט. איר האָט מיך אַרויפגעבראַכט אויף אַנדערע מחשבות. כ׳האָב שוין אַ פּאָר מאָל געוואָלט מיט אייך שמועסן וועגן דעם, און ס׳איז אַלץ ניט אויסגעקומען. איר זייט די לעצטע צייט, פּיל איך, „געכאַפּט אין דער מעשה". איר זייט ניט דער איינציקער. כ׳זע, ווי עס פאַרשפּרייט זיך ביי אונז ביסלעכווייז אַ מין עפּידעמיע, אַ קראַנקער און פּרוכטלאָזער גוסט פאַר „לא מעלמא הדין", אַ מין געפיל פון אוניווערסאַלער שוואַכקייט, וואָס מוז אָנקומען צו גאָט׳ס שלייקעס — זייט מיר מוחל — אויף אונטערהאַלטן די תחתונים. אָפּטמאָל דוכט זיך מיר אַז דאָס איז מידקייט, מידקייט פון לעבן, פון קאָנקרעטן שטראָם פון לעבן. נאָרדוי וואָלט מסתמא לאַנג ניט געטראַכט און וואָלט עס געשטעמפּלט מיטן אַלטן שטעמפּל — „ענטאַרטונג", דעגענעראַציע. איך וועל ניט זיין אַזוי דאָקטאָריש־ברוטאַל און גראָב, ווי ער, אָבער איך דערמאָן זיך איצט אָן אַ אידן, אַ גרויסן חובב־ייִן, וואָס מיט דער צייט האָבן אים אַלע וויינען אויפגעהערט סטימולירן. ער האָט פּשוט פאַרלאָרן דעם געשמאַק פאַר וויין, און חברה לצים האָבן אָנגעהויבן אויף אים זאָגן, אַז ער וואָלט איצט וועלן אַ פּאָר גלעזלעך „יין המשומר" אויף דער וועלט. ס׳איז אַ שלעכטער סימן. קיין יין המשומר איז אויף יענער וועלט אויך נישטאָ, און אויף דער וועלט אוודאי נישט. מ׳דאַרף קאָנען טרינקען פון פּשוט׳ע, ערדישע וויינען, און פילן אין זיי אַ טעם און הנאה האָבן פון זיי. און מ׳דאַרף אויך אויפהערן קוקן מיט אַ שפּאַקטיוו אין די הימלען — אפשר האָט זיך דאָרט הינטער די וואָלקנס באַהאַלטן אַן אב הרחמן, וואָס שפּילט זיך מיט מיט אונז אין „בלינדזעקייט", אָדער אַ מין קאָסמישע מוטער רחל מיט אַ פּאַטשיילכל אין דער האַנט, גרייט אָפּצואווישן אונזערע טרערן... אגב, זאָגט מיר נאָר, צוליב וואָס האָט איר זיך אָפּגעשוירן די האָר כמעט ביזן הוילן שאַרבן, אַזוי אַז ס׳איז פון זיי כמעט קיין זכר ניט געבליבן? ווען איר טראָגט אייערע האָר לאַנג און געדיכט און האַלט אַ פּאַפּיראָס אין מויל, דוכט זיך מיר אויס, אַז איר רעדט מיט אַ באַס ווי אַ גאַנצער „יאַ טיעביע דאַם". אָן די האָר, מיט אַ גלאַטן קאָפּ, העלפט אייך ניט דער פּאַפּיראָס, און ס׳איז מאָדנע צו קוקן ווי איר טרינקט „משקה". איך קריג פון אייך די אילוזיע אָדער חצי־אילוזיע פון אַ קינד, וואָס דאַרף האָבן אַ מאַמע. אַ מאַמע דאַרף האָבן עלזאַ, אַ מאַמע און אַ טאַטן — אָט אַזאַ טאַטן ווי איך — אָבער ניט איר. איר זייט אַ דערוואַקסענער מענטש, טראָגט זשע אייערע האָר און וואַרט ניט, עמיצער זאָל אייך אַ גלעט טאָן איבערן נאַקעטן קעפּל. נישטאָ ווער, גוטער־ברודער. אָט אין אַזאַ וועלט האָבן מיר זיך אַריינגעפּאַקט, און ס׳וועט שוין ניט העלפן קיין וועלטן־רעדאַקטאָריי.

ער האָט זיך אויף אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט, נאָכאַמאָל בייגעריק אַ קוק געטאָן אויף מיין כמעט נאַקעטן קאָפּ, און אַ פרעג געטאָן:

— וואָס האַלט איר פון שניאור׳ן? איך פרעג וועגן אים, ווייל איך האָב שוין יענעם וועלט־טאַטע־מאָטיוו אויך ביי אים געפונען: „איפה אבא? השיבו לי את אבא״. אַ קרעפּטיקער, אַ געוואַלטיקער טאַלאַנט. אַן אומבאַקוועמער מענטש, זאָגט איר?

— ניין, איך האָב גאַרנישט ניט געזאָגט.

— האָט אַן אַנדערער געזאָגט. אָבער דאָס נעמט זיך דערפון וואָס ער איז אַ וואולקאַנישע נאַטור. איר האָט שוין אַמאָל געזען אַ באַקוועמען וואולקאַן? אַ סטעפּ איז אָפּטמאָל באַקוועם, אַ טאָל אַמאָל נאָך באַקוועמער, אָבער אַ וואולקאַן? כ׳האָב ניט לאַנג צוריק געהערט פון אים אַ נאַרישקייט. ער קען ניט, זאָגט ער, געזונג העברעאיש. ווען ער פאַרמאָגט מיין העברעאיש, וואָלט ער געווען, מיינט ער, אַ סך אַ גרעסערער פּאָעט. נאַרישקייטן. מ׳האָט אַנומעלטן, אין בערלין, געפרעגט שמריה לעווינען, צי איך קען דייטש. ווייסט איר וואָס ער האָט גע־ענטפערט? אַ מענטש קאָן קענען דייטש, אָבער העברעאיש קאָן קיין דייטש ניט קענען, פּונקט ווי דייטש קאָן קיין העברעאיש ניט קענען. ביאַליק איז העברעאיש, און ווי אַזוי זאָל ער קענען דייטש? שניאור מיינט אויך, אַז איך בין עפּעס אַ ספּעציעלער מיוחס ביי העברעאיש, אַז העברעאיש פאָלגט מיך מער ווי אַן אַנדערן. אָבער אין גרונט, דאַרף אים אים אפשר מקנא זיין מיט זיין „ניט־קענען״. דער אונטערשייד צווישן אונז, האָב איך מורא, איז וואָס איך בין ביי העברעאיש „כיוצר ביד החומר״ — העברעאיש טוט מיט מיר וואָס עס וויל און איך מוז זיך לאָזן — און ביי שניאור׳ן איז העברעאיש „כחומר ביד היוצר״. העברעאיש איז אָפּטמאָל ביי מיר אין דער בחינה פון „והיא תמשול בו״, ביי שניאור׳ן איז די בחינה אַן אַנדערע, אַ נאַרמאַלערע: „והוא ימשול בה״... איז וואָס אייגנטלעך האָבן מיר גערעדט? יאָ, אויך ביי שניאור׳ן רייסט זיך דורך פון צייט צו צייט דער מאָטיוו פונם יתומ׳ל וואָס גאַרט נאָך אַ טאַטן און וויל מיינען, אַז אַ טאַטע איז טאַקע דאָ, אַז ער האָט זיך בלויז ערגעץ באַהאַלטן און קאָן זיך יעדע מינוט באַווייזן. און אַלץ, דאַכט זיך מיר, נעמט זיך פון שוואַ־כע נערוון, פון אַ מין מיחוש אינם חוט־השדרה, און פון אַן איינרעדעניש, אַז ס׳איז טאַקע פאַראַן אַ טעלערל פונם הימל און אַז מיר זיינען ראוי פון יענעם טעלערל, לכל הפחות, אַ לעק צו טאָן. אָבער ראוי אָדער ניט ראוי, דאָס טעלערל איז ניט בנמצא, און ס׳איז נישטאָ פון וועמען עס צו מאָנען... אידן זיינען אין דעם פּרט די רייפסטע מענטשן מיט דער רייפסטער אמונה. די וועלט איז פול מיט זאַכן, אויף וועלכע מ׳דאַרף מאַכן אַ ברכה. אָבער אויף וואָס באַציט זיך אַ ברכה? אויף אַן עפּל, אויף אַ טעלער לאָקשן מיט מילך, אויף אַ קיסר, אויף אַ מאַלפּע, אויף אַ דונער. אָבער ס׳איז נישטאָ קיין ברכה אויפן פאַל, טאָמער מאַכט זיך און מ׳דערזעט אַ מלאך. אָט האָט איר, למשל, טענות

צו אחד־העמ׳ען הלמאי ער באַציט זיך, לויט אייער מיינונג, מיט אַזאַ גרינגשעצונג צום ענין אומשטערבלעכקייט, אינדיווידועלער אומשטערבלעכקייט.
איך פאַרשטיי, אַז ווען יעדער יאַנקל און גימפּל וואָלט געווען זיכער מיט זיינער אַן אייגענער אייביקייט אין עפּעס אַן איבערנאַטירלעכער וועלט, וואָלט ער לייכטער זיך צופרידנגעשטעלט מיט דער נאַטירלעכער וועלט, מיט דעם עולם התחתון. רבי דוב מעזעריטשער, דוכט זיך, האָט אַמאָל געגעבן זיינע תלמידים אַ משל. לאָמיר זיך פאַרשטעלן, האָט ער אַמאָל געזאָגט, אַז אַ ווילדער מענטש פון די גאָר־גאָר וויטע מרחקים, וואו מענטשן גייען נאָך אָרום נאַקעט, פאַלט אַריין צו אונז אין שטעטל און ער זעט ווי אַ שניידער נעמט אַ גאַנץ שטיקל שטאָף און צעשניידט עס מיט דער שער אויף שטיקלעך. ער וואָלט מסתמא אויף זיין פּרא־אדמ׳דיקן לשון אָנגעהויבן שרייען, אַז דער שניידער טוט אַ שלעכטע זאַך — ער נעמט דאָס וואָס ס׳איז גאַנץ און באַרויבט עס פון זיין פאָרם, פון זיין שלימות, פון זיין „נשמה". אים קומט גאָרנישט אויף דער מחשבה, אַז דאָס צעשניידן פונם שטאָף איז גאָר אַ תיקון פאַר אים, אַז דער שניידער טוט עס, כדי ער זאָל פונם שטאָף מאַכן אַ שיינעם מלבוש. דער נמשל איז דאָך קלאָר. דער רבונו־של־עולם איז, כביכול, אַ שניידער, און מיר זיינען שטיקלעך שטאָף. און אַזוי ווייטער, און פון דעם איז געדרונגען — אומשטערבלעכקייט. אָבער וואָס טוט מען, אַז קיין „שניידער" איז נישטאָ און פונם שטאָף ווערט ניט קיין שיינער מלבוש, נאָר פשוט ער ווערט פאַרשטויבט, און אויסגעריבן, און צעפוילט, און צעפאַלט זיך אויף שטיקער, און אַדיע די פינף־זעקס אַרשין אָדער די הונדערט און פופציק פונט נאַטור־מאַנופאַקטור?... איז וואָס איז דער פּועל־יוצא? איר געדענקט וואָס איר האָט מיר אַמאָל דערציילט פון אַ אידן וואָס האָט געדאַרפט געבן כינין זיינעם אַ קליינעם קינד? די מוטער האָט דעם קינד געזוכט איינצורעדן, אַז די רפואה איז ניט ביטער, געוואָלט דעם פּראָשעק אויסמישן מיט זיסער וואַסער, אָבער דער פאָטער האָט דאָס קינד אַוועקגעזעצט אויף די קני און אים שטרענג אָנגעזאָגט: „ס׳איז כינע, ס׳איז ביטער, נעם איין און וויין נישט, אלא ניט כאַפּסטו פּעטש". אָט אַזוי דאַרפן מיר אַלע האַנדלען מיט זיך: נישטאָ קיין זיסער כינין.

— איר טראַכט מסתמא פאַר זיך, אַז דאָס זיינען אַלץ פּראָפאַנע געדאַנקען, און איר ווילט וויסן, וואוהין איך ציל. ס׳אַ סך צו רעדן, און דאָ איז אַ לייפּציקער קאַפע און ניט יענער שמוציקער טראַקטיר, אין וועלכן דאָסטאָיעווסקי לאָזט זיצן איוואַן קאַראַמאַזאָוו׳ן און פירן אַ צענשטונדיקן שמועס מיט זיין ברודער אַליאָשאַ. איר געדענקט דאָך איוואַן קאַראַמאַזאָוו׳ס פּועל־יוצא. אויב מען גיט אים ניט דאָס טעלערל פונם הימל, און אויב „דאָרט" זיצט ניט אין זיין קאָסמישן וואַרשטאַט „אַ שניידער" וואָס איז גרייט אָפּצוגעבן אַ כשר׳ן שניידערשן חשבון און דערקלערן, צוליב וואָס ער נעמט שטאָף און צעשניידט אים מיט דער שער,

לוינט אים, איוואַנען, ניט „דאָס גאַנצע געשעפט", איז דאָס געבוירן ווערן געווען אַ מקח־שטוף. ווי דריקט ער זיך דאָרט אויס? ער איז גרייט אָפּצוגעבן די איינטריטס־קאַרטע צו אַזאַ ספּעקטאַקל. אָבער עס שטייט אין ערגעץ ניט קיין קאַסע, און ס'איז נישטאָ קיין קאַסירער, ווּעמען מ'זאָל די איינטריטס־קאַרטע קאָנען צוריקגעבן, און ער וועט קיינעם ניט אָפּטאָן אויף טערקיש, אויב ער וועט זיך פון דעם ספּעקטאַקל צוריקציען. אויף יעדן איוואַן קאַראַמאַ־זאָוו וואָס ברוגז'ט זיך אויף דעם ניט־עקזיסטירנדיקן רעזשיסאָר פונם ספּעק־טאַקל, און דרייט מיט דער נאָז, און טראַכט פון אַ מיתה משונה, ווערן געבוירן פופציק מיליאָן קינדער, הונגעריקע און גיריקע פון דער ערשטער מינוט, און — עולם כמנהגו נוהג...

— די רוסישע ליטעראַטור האָט איינגעפּירט אַ מין נייעם ספּאָרט — זיך בונטעווען קעגן גאָט. יעדער ביאַלאָגישער לא־יוצלח, יעדער נעוראַסטע־ניקער, יעדער גראַמאַטנער רוס וואָס האָט פאַר זיך געזען דעם עיפּוש פון פּאָ־ליטישער שקלאַפעריי, פון אָרעמקייט און דחקות, פון איזדיעקעווען זיך איבערן אָרעמען מענטשן, און האָט קיין כוח ניט געהאַט צו ווערן אַ רעוואָלוציאָנער קעגן צאַר, איז געוואָרן אַ רעוואָלוציאָנער קעגן גאָט. אַ גרויסע חכמה און אַ גרויסע גבורה: שטיין איינער אַליין אין וואַלד און דראָען מיט דער פויסט אין הימל אַריין: אָט־אָט וועל איך דיך... וואָס ווּעסטו? ווען ווּעסטו? און ווּעמען ווּעסטו?... מיך אַליין האָט עס אויך אַמאָל אָנגעשטעקט. אָנגעהויבן זוכן סימנים פון אידישן בונט. אַז מ'זוכט געפינט מען. איר ווייסט דאָך — „מתי מדבר" און „שמים, בקשו רחמים עלי". אין גרונט, גוטע לידער, איך שעם זיך ניט מיט זיי, אָבער נעמען טויט־ערנסט דעם מאָטיוו פון מרידה, פון בויען באַריקאַדעס קעגן דעם „אדון־עולם אשר מלך", מאַכן דאָס פאַר אַ לעבנס־מאָטיוו? און ס'איז אויך ליגן, אַז דער דאָזיקער גייסט פון מרידה שטאַמט נאָך פון גריכנלאַנד, פון דער גריכישער מיטאָלאָגיע און דראַמע. וואָס האָט, למשל, פּראָמעטעאוס צו טאָן מיט רוסישע בונטאָוושטשיקעס און מיט אידן וואָס ווילן מיט זיי זיך מיט־בונטעווען? אין גרונט, האָט פּראָמעטעאוס געזוכט עוסק צו זיין „בישובו של עולם" — געבן מענטשן דעם באַגריף פון צייט, אויסלערנען זיי ציילן, געבן זיי פייער, אָוועקלייגן דעם יסוד פון ערדישער ציווי־ליזאַציע. דער גאַנצער פּראָמעטעאוס־מיטאָס איז אַ מין פאַרגייסטיקונג פונם מענטשנ'ס קאַמף מיט דער נאַטור. דאָס איז רעאַליזם. ווייל מיט דער נאַטור לאָזט זיך קעמפן. אין גרונט וויל זי גאָר, מ'זאָל זי באַקעמפן, מ'זאָל מיט שכל, מיט מי, מיט עקספּערימענטן, מיט זעלבסט־אָפּפערונג „אויסנאַרן" ביי איר אירע סודות. קאַמף קעגן דער נאַטור איז נאַטירלעך, ניט ווידער־נאַטירלעך; דער קאַמף גופא איז אַ טייל פון איר וועזן. זי „וויל" פונם מענטשן באַצוואונגען ווערן, אָט ווי אַ פרוי וויל אַמאָל באַצוואונגען ווערן פון אַ מאַן... אַז מ'פירט

דורך אַ טונעל דורך אַ קייט פון ריזן־בערג, איז מען דערמיט ניט „מאנס" די נאַטור; דאָס בויערן דעם טונעל איז אַליין אַ שטיק נאַטור... איך פאַרשטיי שוין גיכער די איינפאַכע, טיפע פרומקייט פון דעם, וואָס פרעגט ניט קיין קשיות, חקירה׳ט ניט, איז אַלץ מקבל באהבה. יענעם איז וויכטיק בלויז איין זאַך — צי איז דאָ אַ גאָט, אָדער ניט. איז ער דאָ (און פאַר אים עקזיסטירט ער דאָך), איז אַלץ אין אָרדענונג, איז דענסטמאָל — ווי שטייט עס דאָרט ביי מיכה־יוסף בערדיטשעווסקי? — ניט פאַראַן אין דער וועלט קיין לאָך און ס׳איז נישטאָ וואוהין און וואו־אַרום אַרויסצופאַלן. אַזעלכע פרומע נשמות — און כ׳האָב געקאָנט פון זיי אַ צאָל עקזעמפּליאַרן — זיינען טאַקע „הוד שבתפארת". איך האָב זיי אַ פּאָר מאָל געפּרואווט באַזינגען. אָבער ווי אַזוי ווערט מען אַזאַ „פרומער לעקיש"? רוסן האָבן פאַר דעם זייער׳ס אַ וואָרט — „בלאַזשעני". הונגעריק און דאָרשטיק, נאַקעט און באָרוועס, אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ, בייזע הינט רייסן אים, שלעכטע אינגלעך שלאָגן אים, און ער גייט אַרום איבער דער וועלט מיט אַ שמייכל. ער איז אַ „בלאַזשעני", אַ גליקלעכער, אַ זעליקער. פּונקט ווי עס איז פאַראַן אהבת חנם, אַזוי זיינען אַזעלכע אין אַ צושטאַנד פון אמונת חנם, פון אמונה שאינה תלויה בדבר. ברענג אַזאַ איינעם זשמעניעס מיט באַווייזן פאַר זיין אמונה, וועט ער אפילו זיך אויף זיי ניט אומקוקן. אויף כפּרות דאַרף ער זיי האָבן. „ענוי־עולם" האָב איך זיי אַמאָל אָנגערופן, אָבער זייער עניוות איז פול מיט גדלות: עס שטייט זיי גאָר ניט אָן צו האָבן אַ באַוויז פאַר זייער אמונה. אויף זיי קאָן מען באמת זאָגן וואָס מען דערציילט וועגן חסידים פון אַ געוויסן רבי׳ן. מופתים האָבן זיך דאָרט געוואַלגערט אונטער די טישן, נאָר קיינער האָט זיך ניט מטריח געווען זיך אָנצובויגן און זיי אויפהויבן: אַ מופת — אויך מיר אַ מציאה... אָבער וואָס קומט דערפון אַרויס? דיכטעריש קאָן מען אַמאָל מיט זיי אויף אַ האַלבער שעה זיך אידענטיפיצירן, אָבער לעבן מיט זיי, זיין זיי, ווער קאָן עס? קאָן איך? קאָנט איר?... נאָש בראָט וויל פאַרשטיין, זען, אָנטאַפּן, אַריינקוקן און זען דאָס קערנדל, אָדער גאָר אָפּשיילן די ציבעלע, איין קליפּה נאָך דער אַנדערער, איין קליפּה פון דער אַנדערער, און זיך נאָכדעם איבערצייגן, אַז אַחוץ קליפּה איז אין אַ ציבעלע גאָרנישט ניט פאַראַן.

ער האָט זיך צעלאַכט מיט אַן אחד משׂשים פון אַ היסטערישן געלעכטער און מיר אַ קלאַפּ געטאָן איבער די קני:

— איר זעט, צו וואָס מיר האָבן זיך דערדעדט? ביי רב דוב מעזעריטשער איז גאָט געגליכן צו אַ דאַמסקי שניידער (רעדט ער דאָך וועגן שיינע מלבושים, און וואָס קאָן זיך נאָך פאַרגלייכן מיט פרויען קליידער?), און ביי מיר איז איז די וועלט געגליכן צו אַ ציבעלע. וואולגאַר, אַה? ס׳קאָן זיין. אָבער זאָגט מיר ניט, איך בעט אייך, אַז איך בין „העכער" פון אַזעלכע געדאַנקען, אַז דאָס אַלץ איז אין סתירה צו מיינע לידער. וואָס זיינען לידער? באַשטראַלטע ליגנס...

איך האָב אים אָנגעוויזן אויפן זייגער: עס ווערט שפּעט און מיר דאַרפן זיך קלייבן צוריק אין האָטעל. ער האָט זיך אָבער איינגעשפּאַרט, אַז ער וועט זיך ניט רירן פונם אָרט, ביז איך וועל אים עפּעס ניט זאָגן:

— איך האָב אייך אָנגעמגיד'עוועט אַ גאַנצן קאָרב און איר מאַכט זיך ניט ווייסנדיק. זאָגט מיר, אַז כ'האָב גערעדט שטות'ערייען, וואולגאַריטעטן, משכילישע חכמות, אָבער עפּעס מוז איך דאָך פון אייך הערן. איך ווייס, אַז איר זייט מיט מיר אומצופרידן — איז וואָס זשע שעמט איר זיך? זאָגט, וואָס איר האָט צו זאָגן מיט אַ פולן מויל און אָן צערעמאָניעס.

איך האָב אים געפאָלגט:

— אין אייערע „באַשטראַלטע ליגנס" איז פאַראַן אַ סך, אַ סך מערער אמת, ווי אין אייערע אמת'ן.



שפּעט ביינאַכט בין איך אַריינגעגאַנגען אויף אַ ווײַלע אין ביאַליק'ס צימער, אויסצוגעפינען צי ער וועט זיין גרייט צו פאָרן מיט מיר צוריק קיין בערלין מיטן ערשטן מאָרגן־צוג.

ער האָט מיך ניט גלייך געלאָזט אַרויסגיין. זיך געקלאָגט אויף מידקייט פון דער פאַרזאַמלונג, אויף דאַרשט און אויף דער פּאָליציי־שעה וואָס מאַכט אוממעגלעך פאַר אַ מענטשן עפּעס טועם צו זיין נאָך מיטנאַכט. טראָץ זיין מידקייט איז ער געווען אויפגעלעגט צום ריידן, און אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט ער נאָכאַמאָל דערמאָנט עלזאַ'ן:

— מיר זיינען ביידע צוויי שלים־מזל'ניקעס. פאַרוואָס האָבן מיר ניט גענומען ביי עלזאַ'ס מוטער דעם אַדרעס? איך וואָלט דער קליינער וועלן עפּעס צושיקן אַ קליינע מתנה. ניט קיין שאָקאָלאַד, נאָר עפּעס אַזוינס וואָס זי האָט ניט. כ'וואָלט שוין עפּעס צוגעטראַכט...

— כ'האָב בשעת דעם ריידן היינט אָוונט אַ פּאָר מאָל זיך דערמאָנט אָן עלזאַ'ן, און איר ווייסט, צו וואָס פאַר אַן אויספּיר איך בין געקומען? ווען מיין היינטיקע ווילדע פאַנטאַזיע וואָלט מקויים געוואָרן און די מוטער וואָלט געווען גרייט מיר אָוועקצוגעבן עלזאַ'ן, וואָלט איך זי מסתמא ניט גענומען. נאַרישקייטן, אַן איינרעדעניש — איך וואָלט מסתמא ס'גאַנצע לעבן געדענקט, אַז דאָס קינד איז ניט מיינס, אַז עלזאַ איז גאָר — אַ נדבה, איר פאַרשטייט, אַ קינד — אַ נדבה?... און איך האָב בטבע פיינט נדבות, בעטלעריי. אפשר דערפאַר בין איך אַ קמצן, כאָטש מ'שטיינס געזאָגט, וויפיל יאָרן האָב איך עס אַזוינס געהאַט אין מיין לעבן, ווען כ'האָב געקאָנט אויספירן ניט צו זיין קיין קמצן? מיין קמצנות נעמט זיך מסתמא דערפון, וואָס כ'האָב אַ גאַנץ לעבן מורא פאַר

בעטל־ברויט... אָבער נאָך נעמען אַ קינד פאַר אַ נדבה? ניין, מיינס איז מיינס און דיינס איז דיינס. עלזאַ איז פאַר מיר ווי אַ שיינע לאַנדשאַפט. דורכגעפאָרן, פאַרציוויבערט געוואָרן פון דער לאַנדשאַפט; איך וועל זיך מסתמא ניט איינמאָל דערמאָנען אָן איר שיינקייט, זיך פאַרבענקען נאָך איר, אָבער דאָס הייסט ניט אַז איך בין גרייט צו ווערן אין דער לאַנדשאַפט אַ תושב... שיין און פרעמד.

ער איז שטיל געבליבן אויף אַ מינוט, זיך ווי פאַרקוקט אויפן ביליקן יעגער־בילד וואָס ס'האָט געהאַנגען אויף דער וואַנט פונם האָטעל־צימער און נאָכדעם פאַרגעזעצט:

„איך האָב היינט בייטאָג, דוכט זיך, גערעדט אויך וועגן אומשטערבלעכקייט. מילא, צי אחד־העם איז גערעכט מיט זיין אויסטייטשונג פון דער רעליגיאָנס געשיכטע, אָדער ניט, איז אפשר ניט וויכטיק. אָבער עפּעס אַ פאַרשאָלטענע תשוקה צו המשך, צו אומענדלעכן המשך איז וואָרשיינלעך שטענדיק אין אונז פאַראַן. דאָס האָבן קינדער און דאָס וועלן האָבן קינדער איז מסתמא אַן אויסדרוק פון דער דאָזיקער תשוקה. ווי זאָגט רחל צו יעקב'ן? „הבה לי בנים, ואם אַין מתה אנכי". אָדער נאָך קלאָרער: ווי בענשט מען רבקה'ן? „אחותנו, את היי לאלפי רבבה". די ברכה איז ניט, אַז זי זאָל האָבן צענדליקער טויזנטער קינדער, נאָר אַז זי גופא זאָל זיין צענדליקער טויזנטער... „היי"... זי זאָל לעבן אין זיי, זי זאָל זיך אַליין פאַרפילפאַכן און ווערן טויזנטער, מיריאַדן. דער אידישער, דער סעמיטישער דראַנג נאָך אייביקייט... אָבער ווי קאָן מען לעבן, זיין, אי אַ געשענקט קינד, ווי קאָן אַ פרעמד קינד ווערן דיין המשך? אגב, וואָס איז דער מקור פונם דייטשן וואָרט „קינד"?

איך האָב אים געענטפערט, אַז איך בין ניט זיכער וואָס ס'איז די עטימאָלאָגיע פונם וואָרט, אָבער איך בין גענויגט צו גלויבן, אַז דאָס איז אַנגלאָזאַקסיש און אַז דאָס מיינט „מין", אַ באַשעפעניש פונם זעלבן מין וואָס דו ביסט.

ביאַליק איז אויפגעשפרונגען, אין כעס... אויף דער דייטשער שפּראַך:

— אַ נאַריש וואָרט, גאָר נאַריש, אויב אייער השערה איז אַ ריכטיקע. דאָס רוסישע וואָרט „דיטיאַ" גיט אויך ניט איבער דאָס וואָס ס'איז באַזונדערס ווערטפול אינם באַגריף „קינד", כאָטש איך ווייס ניט, פון וואַנען דאָס וואָרט קומט. אַ קינד איז „ילד", „ילדה". העברעאיש ווייסט וואָס עס רעדט: „ילד", „ילדה". דאָס שפּעט העברעאישע „תינוק", „תינוקת", איז אויך נאַריש, ניט ווייניקער נאַריש פונם דייטשן „קינד". „תינוק" איז אין גרונט אַ מין זאַאָלאָגישער אויסדרוק: אַ באַשעפעניש וואָס זויגט פון דער ברוסט. אַ קעלבל, להבדיל, איז אויך אַ „תינוק". אָבער „ילד" איז טאַקע אייגנס, דיינס, דו אַליין. „ילד", „ילד" (קמץ יוד, חולם למד), „הוליד" — דאָס באַשעפעניש וואָס איז פון דיר געבוירן געוואָרן. ניט געפונען אונטערגעוואָרפן הינטער דער טיר, ניט געקויפט, ניט געקראָגן אַ מתנה, נאָר געבוירן געוואָרן... באמת וואָלט מען

גאָר אויף העברעאיש דעם געבורטסטאָג געדאַרפט רופן „מולד״: הײנט איז דער מולד פון מיין טאָכטער; דער מולד פונם ילד אָדער דער ילדה...

ער האָט זיך מיטאַמאָל ברייט און הויך צעלאַכט, נאָכדעם מיך אָנגענומען ביים לאַץ, אַ צוויי־דריי מאָל גוט אַ טרייסל געטאָן און אויסגעשריען:

„איצט פאַרשטייט איר שוין, שלים־מזל וואָס איר זייט, פאַרוואָס איך וואָלט עלזאַ׳ן ניט גענומען, ווען מען שענקט זי מיר? על פּי פילאָלאָגיע איז עס זינלאָז, על פּי פילאָלאָגיע...״

ער האָט נאָכאַמאָל אויסגעשאָסן מיט אַ הילכיקן געלעכטער.

אַ האָטעל־דינער האָט אָנגעקלאַפּט אָן טיר. ער איז געקומען אונז דער־מאָנען, אַז ס׳איז שוין זייער שפּעט, אַז אַלע אַרום שלאָפן שוין, און מיר ריידן צו הויך...

1945

# מיט ראָמען ראָלאַן

די ערשטע וואָכן פון 1924 איז מיר אויסגעקומען צו פאַרברענגען אין פּאַריז. אין מיין נאָטיץ־ביכל איז געווען פאַרשריבן, צווישן אַנדערע זאַכן, וואָס איך האָב באַדאַרפט באַזאָרגן אויף מיין פּאַריזער באַזוך: „זיך זען, אויב מעגלעך, מיט ראָמען ראָלאַן". קאָלעגן אין בערלין וואָס האָבן געהאַט אַן אינטערעס אינם מאָדערנעם העברעאישן שול־וועזן האָבן געזוכט מיר איינצו־רעדן, אַז דורך דעם באַרימטן פראַנצויזישן שריפטשטעלער וועט אפשר געלינ־גען צו קריגן השפּעה אין די מאָסקווער „הויכע פענסטער", אַז אפשר וועט ער באַווייזן צו באַוועגן די סאָוועטישע רעגירונג אָראָפּצונעמען דעם חרם פון העברעאיש. פּערזענלעך האָב איך זיך צום ענין באַצויגן זייער סקעפּטיש. אָבער — פון דער אַנדערער זייט, האָב איך זיך געטראַכט, וואָס קאָן מען דאָ פאַרלירן? אם לא יועיל, לא יזיק. אויב אפילו ראָלאַן אַליין זאָל זיך באַקאָנען מיט אַן ענין, וועגן וועלכן ער האָט מסתמא ניט דעם מינדסטן באַגריף, קאָן דאָס אויך אַמאָל צונוץ קומען.

אַ רוסישער פריינט, אַן אַלטער תושב איז פּאַריז מיט ברייטע פאַרבינ־דונגען, האָט פאַר מיר לייכט אַראַנזשירט אַ באַגעגעניש מיט ראָלאַנ'ען.

ער האָט מיך אויפגענומען אין אָוונט אין אַ רעלאַטיוו באַשיידענעם האָ־טעל־אַפּאַרטמענט (זיין אייגענע וואוינונג איז, דוכט זיך, דענסמאָל געווען אונ־טער רעמאָנט און ער האָט זיך צייטווייליק אויפגעהאַלטן אין אַ האָטעל). אויף זיין ספק שרייבטיש, ספק טיי־טיש איז געלעגן אַ קליין פּאַפּירל, אַ מין דער־מאָנונג וועגן מיין באַזוך, און ער האָט פאַר מיר מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל איבערגעלייענט וואָס דאָרט איז געווען אויפגעשריבן: „אַ רוסישער עמיגרע, פון די ווייסע, וואוינט אין דייטשלאַנד, וויל מיט מיר דיסקוטירן רעליגיע, אָדער ביבל, אָדער גאָר די שפּראַך פון דער ביבל". ער האָט געוואָלט וויסן, צי דאָס וואָס ס'איז ביי אים פאַרשריבן, איז קאָרעקט. איך האָב מיר גענומען עטלעכע מינוט צו קאָרעגירן מיין „לעגיטימאַציע". מיט די ווייסע, האָב איך אים דער־קלערט, האָב איך לחלוטין גאָר ניט צו טאָן; פאַר דעניקינע'ן איז אַזאַ איינער ווי איך פּסול, פאַר וורַאַנגעל'ן טריף, און ווען באַלאַכאָוויטש פּאַקט מיך וואָלט ער מיך אויפגעהאַנגען; „דער רוס" איז, אַחוץ דעם, אַ איד, און דאָס פּראָבלעם איז ניט רעליגיע און ניט אפילו די ביבל אַן און פאַר זיך, נאָר דאָס רעכט פון אידן אין רוסלאַנד, אויב זיי זאָלן עס וועלן, צו דערציען זייערע קינדער אויף העברעאיש.

ראָלאַן האָט לאַנגזאַם מיט אַ בליישטיפט עפּעס קאָרעגירט אויף זיין צעטעלע:

„ווי עס קומט נאָר צו רוסישע ענינים, פאַלט מען גלייך אַריין אין טעותים. אַמאָל איז עס געווען איינפאַך: פאַרן צאַר, קעגן צאַר. היינט זיינען פאַראַן אַזויפיל ניואַנסן, אַז ס'איז זיך שווער צו אָריענטירן. חוץ דעם, איז שווער זיך צוגעוואוינען צום געדאַנק, אַז רוסלאַנד איז ניט אינגאַנצן רוסלאַנד, אַז זי איז אַ ריזיקער בבל אָדער אַ נייער רוים, מיט פאַרשידענע שפּראַכן, קולטן, ראַסן, שבטים. האָט מען ביי אייך שוין ענדגילטיק גע'פסק'נט וואָס עס זיינען אוקראַאינער — רוסן, האַלב־רוסן אָדער גאָר קיין רוסן ניט? צוריק מיט אַ פּאָר חדשים איז ביי מיר געווען צוגאַסט אַן אוקראַאינישער נאַציאָנאַליסט. ער האָט זיך מודה געווען, אַז ער אַליין קאָן גאָר זיין לשון ניט. ער האָט גערעדט אויסגעצייכנט פראַנצויזיש און דייטש; רוסיש, זאָגט ער, איז זיין מוטערשפּראַך, קיין אוקראַאיניש קאָן ער ניט, אָבער לאָזט אים נאָר, וועט ער אויפרייסן גאַנץ מאָסקווע מיט דינאַמיט צוליב אוקראַאינישן נאַציאָנאַליזם. אָבער לאָמיר דערווייל לאָזן רוסלאַנד אין אַ זייט. איר וואוינט איצט אין בערלין — וואָס האָט איר צו דערציילן פון דייטשלאַנד? און אַנטשולדיקט פאַר מיין עגאָצענטריזם: איר האָט דאָרט אפשר געזען די אויפפירונג פון מיינער אַ פּיעסע?"

איך האָב אים דערציילט אַז זיין אַנטי־אימפּעריאַליסטישע פּיעסע „די צייט וועט קומען" ווערט איצט אויפגעפירט אין בערלין מיט גרויסן דערפאָלג. ערשט צוריק מיט עטלעכע וואָכן איז מיר אויסגעקומען צו זיין ביי אַן אויפפירונג, און עס האָט מיך געפרייט צו זען, ווי ביי דייטשן בעמט אַזוי שטאַרק אויס, נאָך דער מלחמה, אַ פראַנצויזישער שרייבער. נאַטירלעך, צווישן דייטשן זיינען פאַראַן אויך ציניקער, באַזונדערס צווישן די יונגע. בשעת די אַלטע בורן־פּרוי אין דער פּיעסע האָט געענטפערט דעם ענגלישן גענעראַל מיט אַ רעטשיטאַטיוו פון ישעיה הנביא, מיטן „והיה באחרית הימים", האָט לעבן מיר אַ מיידל זיך שטאַרק צעלאַכט און אַ זאָג געטאָן צו איר בחור: „ישעיה הנביא איז געווען אַ גרויסער פּראָווינציאַל", און דער בחור האָט אַ דריי געטאָן די בלאָנדע וואָנצעס און מיט אַ וואויל־יונגערישער פאַראַכטונג איר אָפּגעענטפערט: ניין, ניט בלויז אַ פּראָווינציאַל, נאָר אַ פּאָר־קריסטלעכער נאָר אים קריסטי, דער אָפּשטויסנדיקסטער טיפּ פון אַלע נאַראָנים".

ראָלאַן האָט זיך אויפגעהויבן פונם שטול און זיך פריינטלעך אַ בייזער געטאָן:

„איך בעט אייך, גענעראַליזירט נישט. די יוגנט אין דייטשלאַנד איז קראַנק. וואָס דען זאָל זי זיין נאָך אַזאַ אָנשטרענגונג און נאָך אַזאַ מפּלה? אָבער פון איר קראַנק־זיין מוז כלל ניט אַרויסקומען אַ נייע סאָציאַלע משוגעת. עס קאָן זיין, אַז אין ערגעץ אין אייראָפּע איז דער באָדן איצט ניט אַזוי רייף פאַר אַ הומאַני־

טאַרער און פּאַסיפיסטישער ציוויליזאַציע, ווי אין דייטשלאַנד, טראָץ די עקלהאַפטע לערעס וואָס מען האַלט דאָרט אין פאַרשפּרייטן. און אַחוץ דעם — טוט אַ קוק אויף פּאַריז, אויף פראַנקרייך. איז אונזער יוגנט דאָ געזונט? נאָך אַ פּאָר אַזעלכע זיגן, און עס וועט גאָרנישט בלייבן פון אונזער וויטאַליטעט. אַ זיג איז פאַר אַ פאָלק ניט וויניקער געפערלעך ווי אַ נידערלאַגע... אגב, איז דאָס אמת וואָס מען דערציילט מיר וועגן דייטשלאַנד, אַז די גרויסע שטעט זיינען דאָרט פאַרפלייצט פון פּראָסטיטוציע?״

איך האָב אים דערציילט וואָס איך האָב געוואוסט — איינדרוקן און באַ־אָבאַכטונגען פון אַ ניט־פאָרשער. בערלין איז אין יענער צייט אין דעם פונקט געווען מאוימ׳דיק. אַ סך מער דעמאָראַליזירט איז, ווי מיר האָט זיך געדוכט, דער בירגערלעכער עלעמענט איידער דער פּראָלעטאַרישער. פילע פרויען און טעכטער פונם פאַראָרעמטן מיטלקלאַס זיינען אַרויס בוכשטעבלעך „אויף דער גאַס״.

„טרויעריק, זייער טרויעריק״, האָט ראָלאַן געברומט צו זיך אַליין. „אָבער דאָס איז מלחמה, און דאָס איז אַרבעטסלאָזיקייט. איך האָב דעם ענין נישט שטודירט, אָבער מיר דוכט אויך, אַז די פרויען פונם בירגערטום האָבן אַ שוואַ־כערע רעזיסטענץ ווי אַרבעטער־פרויען. אפשר איז דאָס דערפאַר וואָס זיי איז שווערער איבערצוטראָגן ליידן, הונגער, ענגשאַפט, און דער עיקר דעם מאַנגל אין אָנשטענדיקער הלבשה. אָבער ווי די זאַך זאָל ניט זיין, פראַנקרייך קאָן אין דער זאַך ניט זיין קיין מוסר־זאָגער. מיר ווייסן דאָ אונזער חרפּה, אָבער ביי פראַנצויזישע פרויען איז די זאַך מער „אויסגעעדעלט״. ,אַ מעטרעסע׳ איז ביי אונז אין געוויסע קרייזן כמעט אַ רעספּעקטאַבעלער באַרוף. אין פּאַריז האָבן מיר פרויען וואָס האַלטן צו צוויי וואוינונגען — איינע פאַר איין ,געליבטן׳ און די צווייטע פאַר אַן אַנדער ,געליבטן׳. אין רוסלאַנד, זאָגט מען מיר, איז די דאָזיקע פּראָפעסיע ליקווידירט. דאָס וואונדערט מיך ניט. ס׳איז ניט נאָר דער געזעצלעכער פאַרבאָט, און ניט נאָר בעסערע פּאָליצײַ־השגחה. די גאַנצע גייס־טיקע טעמפּעראַטור שיינט דאָרט צו זיין אַ העכערע, ווי אין דער קאַפּיטאַליס־טישער אייראָפּע. דער אָרעמסטער פון די אָרעמע האָט געקראָגן אַ געפיל פון זעלבסט־רעספּעקט. אָבער איר קענט אייער לאַנד בעסער — ניט אמת?״

איך האָב צוגעגעבן, אַז אַלץ איינס ווי איינער זאָל זיך ניט באַציען צו דער רעוואָלוציע בכלל, מוז ער מודה זיין, אַז אַ געוויסער סאָרט קאָרופּציע הויבט אָן אין רוסלאַנד צו פאַרשווינדן, פון זיך אַליין, אַזוי צו זאָגן. די באַפעל־קערונג איז דאָרט סענסיטיווער ווי אין אַנדערע לענדער צו אַ בירגער׳ס מקור פון הכנסה, און אַחוץ דעם, ווערט דאָרט אַלץ שווערער און שווערער פאַר אַ מענטשן צו באַהאַלטן פון וואַנען ער ציט זיין חיונה. עקאָנאָמיש איז יעדן בירגער׳ס לעבן כמעט אַן אָפן בוך.

אַ קעלנער האָט איבערגעריסן אונזער שמועס. ער האָט אַריינגעטראָגן אַ טישל מיט קאַפע און „כיבוד”. ראָלאַן האָט אים דערמאָנט אַז מאָרגן קומט צו אים צום מיטאָג־ברויט אַ כינעזישער געלערנטער וואָס עסט ניט קיין פלייש. ער האָט אים געבעטן באַזאָרגן אַ וועגעטאַרישע מאָלצייט פאַר ביידע.

ערשט ביים קאַפע און צובייסן האָבן מיר אָנגעהויבן שמועסן וועגן דעם עניין, צוליב וועלכן איך בין אים געקומען זען.

אַלץ וואָס כ'האָב אים דערציילט האָט פאַר אים געקלונגען אויסטערליש. וועגן אידיש האָט ער אַמאָל געהערט; ער האָט אָבער ניט געוואוסט, אַז אויף דעם לשון איז פאַראַן אַזאַ גרויסע ליטעראַטור. ער האָט עפּעס געלייענט פון אידישע שרייבער, אָבער זיין איינדרוק איז געווען אַז ס'איז געווען אַן איבער־זעצונג פון דייטש אָדער גאָר פון אַ סלאַווישער שפּראַך. אַז אויף העברעאיש איז פאַראַן אַ מאָדערנע וועלטלעכע ליטעראַטור, האָט ער אויך ניט געוואוסט. כאָטש פריינט האָבן אים אַמאָל געבראַכט אַ פּאָר שלעכטע איבערזעצונגען פון ביאַליק. ער האָט געמיינט, אַז עס זיינען פאַראַן אַ פּאָר „טשודאַקעס”, וואָס לאָזן זיך פון צייט צו צייט וואוילגיין מיט שרייבן העברעאישע פּאָעזיע. יאָ, האָט ער זיך דערמאָנט, אין ארץ־ישראל זיינען פאַראַן אידישע קאָלאָניעס און דאָרט זוכט מען צו קולטיווירן העברעאיש, אָבער די אמת'ע קולטור־שפּראַך, האָט ער געמיינט, איז דאָרט דייטש: איז דאָך הערצל געווען אַ דייטשער שריפט־שטעלער. ווען איך האָב אים דערציילט אַז אין מזרח־אייראָפּע האָבן מיר די לעצטע יאָרן געפירט אַ קאַמף פאַר אייגענע שולן, מיט אידיש אָדער העב־רעאיש אַלס אונטעררי‏כטס־שפּראַך, און אַז אַזעלכע שולן עקזיסטירן דאָרט, האָט ער געעפנט מויל און אויערן: ער האָט עס פּשוט ניט געקאָנט תופס זיין.

ער האָט זיך אויפגעהויבן, אַריינגעגאַנגען אין אַ צווייטן צימער, און אַ מינוט שפּעטער זיך אומגעקערט מיט אַ מיטליעריקער דאַמע. ער האָט זי פאָרגעשטעלט פאַר מיר, אָנרופנדיק זי בלויז ביים ערשטן נאָמען (ער האָט אפשר אָנגענומען, אַז איך ווייס פון פריער ווער זי איז), אַזוי אַז מיר איז ניט קלאָר געוואָרן וואָס און וויאַזוי זי האָט זיך מיט אים אָנגעקערט. ראָלאַן האָט איר אָנגעהויבן דערציילן, וואָס פאַר אַן אַנטדעקונג ער האָט נאָר וואָס געמאַכט:

„שטעלט איך פאַר פאַריז. אויף איין גאַס איז פאַראַן אַ געמיינדע־שולע, לערנט מען דאָרט אַריטמעטיק און די געשיכטע פון פראַנקרייך אויף פראַנ־צויזיש; אָבער אויף דער אַנדערער גאַס, לאָמיר זאָגן, אין דער געמיינדע־שולע נומער צוויי, לערנט מען דיזעלבע לימודים און אין די זעלבע שטונדן אויף טערקיש, צי אויף יאַפּאַניש, צי אויף כינעזיש. און עס האַנדלט זיך ניט וועגן קינדער פון אויסלענדישע דיפּלאָמאַטן, נאָר וועגן בירגער פונם לאַנד. אומגלויבלעך, אוימגלויבלעך! אויף וואָס דאַרף מען דאָס האָבן? פאַרוואָס

זאָלן אַלע קינדער אין וואַרשע ניט לערנען אַלצדינג אויף פּויליש? און ווי אַזוי האָט פּוילן מסכּים געווען אויף אַזאַ זאַך? און אויף וואָס דאַרפן די סאָוועטן האָבן אַזאַ מישעניגע? מוזן טאַקע קאַלמיקן אין זייערע סטעפּעס אויף אייביק בלייבן קאַלמיקן? פאַרוואָס ווילן זיי ניט זיין קיין רוסן? איך האָב געהערט און געלייענט וועגן אויטאָנאָמע רעכט פאַר געוויסע פּראָווינצן אין סאָוועטן-פאַרבאַנד — גוט, דאָס איז דעצענטראַליזאַציע; אַזאַ ריזיק לאַנד ווי רוסלאַנד קאָן ניט רעגירט ווערן אין אַלע פּרטים פון מאָסקווע, אָבער נאָך וואָס דאַרפן זיי דאָרט האָבן אַזוי פיל שפּראַכן? איך האָב געמיינט, אַז נאָר אין אינדיע איז פאַראַן אַזאַ צעריסנקייט, און מיך וואונדערט אויף לעניג׳ען, וואָס אַנשטאָט אָפּצושאַפן מחיצות צווישן איין טייל באַפעלקערונג און דעם אַנדערן, זוכט ער גאָר יענע מחיצות צו פאַראייביקן... עס וואונדערט מיך אויך אויף אידן: פאַרוואָס ווילן זיי זיך אויסטיילן, איזאָלירן? זיינען אידן דען ניט קיין רוסן — אין רוסלאַנד, מיין איך? איך פאַרשטיי, אַז אונטערן צאַר, אין די דורות פון רדיפות, האָבן אידן געהאַט אַ באַדערפעניש צו מאַכן ׳אויס דער נויט אַ טוגענד׳, און אַלס פּראָטעסט זיך פאַרטיפן אין זיך, אין זייער פאַרגאַנגענהייט, אין ׳אייגנס׳, אָבער איצטער, נאָך דער רעוואָלוציע, פאַרוואָס זאָלן זיי ניט צוזאַמענגיסן זייער קולטור מיט רוסלאַנד׳ס, ווערן איינס מיטן לאַנד?״...

„איך ווייס אַז אידן טראָגן אין זיך עפּעס אַזוינס, וואָס אַנדערע פעלקער פאַרמאָגן ניט. ווען איך באַגעגן אַ טיפּישן אידן, רעדן צו מיר אַרויס פון זיינע אויגן גאַנצע דורות, און די עצבות פון זייערע אויגן איז ניט בלויז אַ פּראָדוקט פון טויזנט-יאָריקע רדיפות... עס איז גיכער דער טרויער פון מענטשן וואָס ווייסן עפּעס אַ גרויסן סוד, אָדער זיינען דיספּאָנירט אַזאַ סוד תּופס צו זיין. אפשר איז דאָס גאָר קיין טרויער ניט אין אָנגענומענעם זינען פון וואָרט. דער וואָס האָט דורכגעמאַכט אַן אַנטפּלעקונג, שאָפּט דעם איינדרוק פון עצבות. אַן אַנטפּלעקונג, זאָג איך, ניט קיין דערפינדונג. אַ דער־פינדער קאָן זיין פריילעך, אַמאָל אויך וואולגאַר פריילעך: ער איז אַ בר־מזל און דער בר־מזל איז שטענדיק אַ בעל-גאווה. דער אַנטפּלעקער אָבער האָט אַנגערירט דעם זוים פון אייביקייט, און נאָך אַזאַ דערפאַרונג בלייבט ביי אים אויף שטענדיק אַ מין מונטערער, וויזיאָנערישער טרויער, אַ טרויער וואָס איז דער היפּוך פון דעפּרעסיע. טרויעריק אין דעם זינען איז מסתּמא געווען משה נאָך דעם נס מיטן דאָרנבוש, וואָס האָט געברענט און איז ניט פאַרברענט געוואָרן. נאָך טרויעריקער איז געווען שפּינאָזאַ, דער גרעסטער איד — אַמאָל טראַכט איך, דער גרעסטער מענטש, פון וועלכן מיר ווייסן. דער אידישער חרם אויף שפּינאָזאַ׳ן איז די פאַטאַלסטע מיספאַרשטענדעניש אין דער געשיכטע פון גייסטיקן לעבן, פאַטאַלער ווי ישו׳ס קרייציקונג. עס

איז צייט, אַז רבנים זאָלן זיך צוזאַמענפאָרן קיין האַג און טאַקע דאָרט אויפן פלאַץ בעטן מחילה ביי שפינאָזאַ׳ס גייסט. ווען איך וואָלט געווען ניט בלויז אַ ליבהאָבער פון מוזיק, נאָר טאַקע אַן עכטער מוזיקער, אַ קאָמפּאָזיטאָר, וואָלט איך אָנגעשריבן אַ שפינאָזאַ־סימפאָניע, אַ מין "Amor-Dei" ־ ניגון ס׳וועט קלינגען פאַר אייך אפשר ווי אַ פּאַראַדאָקס, אַנדערע האָבן מיר געזאָגט אַז ס׳איז אַן אַבסורד, אָבער איך האַלט מיך ביי מיינעם: די וועלט וואָרט אויף אַ גרויסן מוזיקאַלישן גייסט וואָס זאָל אָנשרייבן נאָטן צו שפינאָזאַ׳ס „עטיק״... אָבער מיר דערווייטערן זיך פון אונזער טעמע. דער איד טראָגט אין זיך משה׳ן, טראָגט אין זיך שפינאָזאַ׳ן, און אָט דעם זיכערן קאָסמישן געפיל, דעם געפיל פון אייביקער ריטמישער גערצעלעכקייט, פון אַ גאַנצקייט פון וועלכער קיינער קאָן ניט אַרויספאַלן, ווייל ס׳איז גאָר נישטאָ וואוהין אַרויסצופאַלן, קאָנען אידן איבערטראָגן אין אַנדערע פעלקער, זיי דערמיט באַרייכערן. אפשר איז דאָס זייער עובדה אין דער וועלט...״

„מ׳האָט מיר ניט לאַנג צוריק צוגעשיקט פון דייטשלאַנד אַ נייע קליינע שריפט וועגן שפינאָזאַ׳ן, כ׳געדענק ניט דעם שרייבער... ווייל ער דאָרט באַווייזן, אַז שפינאָזאַ׳ס „אַל־גאָטהייט״ איז גאָטלאָזיקייט, אַז דער „גאָט־באַטרונקענער מאַן״ איז גאָר געווען דער גרעסטער אַטעאיסט, און ער האָט זיך בלויז באַנוצט מיט קאַטוליש־סכאָלאַסטישע טערמינען ווי מיט לבושים פאַר דער טיפסטער כפירה וואָס די וועלט האָט ווען עס איז געזען. נאַרישקייטן, נאַרישקייטן. אין שפינאָזאַ׳ס וועלט איז „יאָ־גאָט״ און „נישט־גאָט״ אַ פּוסטע עטימאָלאָגישע פראַגע, זיין און ניט־זיין האָט גאָר ביי אים אַן אַנדער זין... מיר האָבן זיך נאָך ניט אויסגעלערנט צו פאַרשטיין זיין שפּראַך, פּונקט ווי מיר זיינען נאָך עם־הארצים ווען מיר לייענען בודיסטישע ליטעראַטור, אָדער כינעזישע. צי אויף כינעזיש איז פאַראַן אַ וואָרט פאַר „גאָט״ אָדער ניט, איז אַ פּוסטע פילאָלאָגישע פראָפעסאָרן־פראַגע. אָפטמאָל ווילט זיך מיר אויסשרייען: „נו, און אַז כ׳וועל שוין באַווייזן מיט אַבסאָלוטער קלאָרקייט, אַז ס׳איז נישטאָ קיין גאָט, איז וואָס? איז מיין באַווייזן אַ ראיה אַז ער איז טאַקע נישטאָ?״

די דאָמע האָט זיך צעלאַכט:

„כ׳האָב עס שוין אַזוי פיל מאָל געהערט פון אייך, און איך פאַרשטיי עס נאָך אַלץ ניט. מיין מוח איז אַ קינדערשער: דאָ איז דאָ, נישטאָ איז נישטאָ״.

„און מיין מוח״, האָט ער צו איר גלייך געענטפערט אין טאָן פון אַן אַלטן פּאַרדרוס, „איז ניט קיין געניאַלער, ניט קיין איבערמענטשלעכער, און דאָך ווייס איך, אַז וואָס כ׳האָב געזאָגט איז ניט סתם קיין צו־להכעיס. מאָרגן וועט ביי מיר זיין אַ כינעזער, וועט איר זען, ווי ער וועט עס יאָ פאַרשטיין.

און אַ איד, פיל איך, דאַרף אויך זיין מסוגל דאָס תופס צו זיין. עס איז ניט קיין צופאַל וואָס שפינאָזאַ איז געווען אַ איד״.

ס׳האָט אָנגעהויבן צו ווערן שפעט און איך האָב זיך אומגעקערט צו מיין „מיסיע״. עס איז ניט וויכטיק, וואָס פאַר דערקלערונגען איך האָב ראַלאַנ׳ען געגעבן און אויף וועלכע סתירות אין זיין אייגענער אַרגומענטאַציע איך האָב אים אָנגעוויזן. ער האָט צום סוף מודה געווען, אַז ער האָט דעם ענין ביז צו זיין לאָגישן סוף ניט דורכגעטראַכט: אידן זיינען אפשר אַן אויסנאַם, אידן דאַרפן אפשר זוכן זייער אייגנאַרטיקייט אָפּצוהיטן אַ סך מער ווי אַנדערע, און דער וועג פאַר דעם — ווער ווייס? — איז טאַקע אפשר ציוניזם, כאָטש אים איז שווער זיך פאָרצושטעלן, ווי אַזוי מאַכט מען עס. פראַנצויזישע אידן קאָן ער בשום אופן זיך ניט פאָרשטעלן, אַז זיי זאָלן ווען עס איז זיך באַזעצן אין ארץ־ישראל. נאָך שווערער איז פאַר אים צו זען דייטשלאַנד אָן אידן אָדער אידן אָן דייטשלאַנד. אַ איד אין דייטשלאַנד, מיינט ער, איז, טראָץ אַנטיסעמיטיזם, מער אין דער היים, ווי אין וועלכן ניט איז אַנדערן אייראָפּעאישן לאַנד. „און דאָך: ווער ווייס? אַ זייטיקער קאָן אפשר ניט באַגרייפן, וואָס ס׳קומט פאַר אין דער גאַר־גאַר אינטימער ספערע פון אַ אידישער נשמה״.

„אינטערוועניִרן״ אין מאָסקווע האָט ער זיך סוף־כל־סוף אָפּגעזאָגט. ערשטנס, איבערטרייבט מען שטאַרק זיין השפעה אין סאָוועטישע קרייזן. דערצו איז ער ניט גענוג באַקאַנט מיט דער לאַגע, און דאָס איינציקע וואָס ער וואָלט געקאָנט אַהין שרייבן, איז — אַז צי מען דאַרף יאָ העברעאיש צי ניט, אָבער אויב עס זיינען דאָ אידן וואָס זאָגן אַז זיי דאַרפן דאָס, איז דאָס אַן אַלגעמיינע פראַגע פון פרייהייט, און גייסטיקע פרייהייט דאַרף מען יעדן געבן, „אַלץ איינס צי מיר אימפּאָנירט איר אינהאַלט אָדער ניט״.

„לאָמיר רעדן אָפן. אַזאַ אַרגומענטאַציע וועט היינט אין מאָסקווע אויף קיינעם קיין רושם ניט מאַכן. אַ צייט וועט קומען, ווען מ׳וועט דאָס אויך דאָרט אָנהויבן פאַרשטיין. היינט וועט דאָס אויפגעפאַסט ווערן אַלס „בורזשואַזער הומאַניזם״, און פון אַ געוויסן סאָרט פאַרצייטיקן ליבעראַליזם וויל איך מיך אַליין אָפּגרענעצן. און דאָס ביסל איינפלוס וואָס איך פאַרמאָג אפשר יאָ, וויל איך אויסנוצן פאַר אַ פאַר אינדיווידועלע פאַלן וואָס האָבן צו טאָן מיט פיקוח־נפש. העברעאיש איז אַן אוראַלטע שפּראַך פון אַ מעכטיק פאָלק, זי קאָן זיכער וואַרטן נאָך עטלעכע יאָר... אָבער אַ יחיד קאָן ניט וואַרטן, און ווען ער איז אין סכנה און איך קאָן אים העלפן, איז דאָס מיין ערשטע פליכט״.

איך האָב זיך אויפגעהויבן אַוועקצוגיין. איך געדענק, אַז איך בין ניט געווען שטאַרק אַנטוישט — איך האָב זיך צו מיין „מיסיע״ פון אָנפאַנג אָן

באַצויגן סקעפּטיש. ראָלאַן האָט אָבער וואַרשיינלעך געהאַט דעם געפיל, אַז אַט לאָזט ער אַרויס פון זיין היים אַ מענטשן „מיט ליידיקן״.

„ווייסט איר וואָס ?״ — האָט ער צו מיר אַ זאָג געטאָן, שוין שטייענדיק ביי דער טיר — „אפשר וועט איר מאַכן אַ פּרואוו מיט אַן אַנדער פּראָנצויז ? אַנאַטאָל פראַנס, האָב איך דעם איינדרוק, איז אין מאָסקווע מער אָנגעלייגט ווי איך. פאַרוואָס, ווייס איך ניט. אים, אגב, וועט אפשר פּסיכאָלאָגיש זיין באַקוועמער זיך צו ווענדן וועגן אַזאַ ענין צו זיינע רוסישע פאַרערער. ער איז אַן אַנטיקוואַר, און העברעאיש איז, פאַר אַלעמען, אַ קאָסטבאַרער אַנטיק. זעט זיך מיט פראַנס׳ן און מישט אַריין אין אייער שמועס וואָס מער לאַטיין: דאָס וואַרעמט אים. זאָגט אים אַ פּאָר פראַזן אויף העברעאיש — דער קלאַנג, ווייס איך, וועט אים זיין אָנגענעם. און, דער עיקר, רעדט הויך, שרייט, ווייל דער אַלטער איז לעצטנס היפּש טויבלעך און ער פּרואווט דערפון מאַכן אַ סוד. די סכנה איז אַז ער וועט אויף אַלץ שאָקלען מיטן קאָפּ, און איר וועט מיינען אַז ער האָט אַלץ געהערט און איז אויף אַלץ מסכים. אפשר איז גלייכער, אים פריער אָנצושרייבן אַ בריוו ? אויב איר האָט אַ שיינעם כתב, שרייבט מיט דער האַנט: ער האָט ליב געצאַצקעטע אותיות״.

שטאַרק דערמוטיקט פון ראָלאַנ׳ס ווערטער בין איך ניט געווען: צו אַנאַטאָל פראַנס׳ן בין איך שוין ניט געגאַנגען.

חברים האָבן מיך דערפאַר געטאַדלט. ביי זיך בין איך אַלע יאָרן געווען זיכער, אַז „די זאַך״ האָט דערפון גאָרנישט ניט פאַרלוירן...

1945

# וועגן דעם ענין מלקות

(אַ בריוו קיין ארץ־ישראל)

אונזערביידנס אַ פערזענלעכער פריינט, שרייבט איר, וועלכער האָט זיך מיט מיר געזען אין אייראָפּע, האָט אייך דערציילט, אַז ווען ס׳איז אָנגעקומען די ידיעה וועגן די פּאָר ענגלישע אָפיצערן וואָס אונזערע טעראָריסטן האָבן עפּנטלעך אָפּגעשמיסן אין תל־אביב׳ער זאָאָלאָגישן גאָרטן, זאָל איך זיך האָבן אויסגעדריקט: „מעשה כוליגאַנעס״. איר ווילט ניט גלויבן, באַמערקט איר אין אייער בריוו, אַז איך האָב דאָ אַזאַ שאַרפן אויסדרוק גענוצט, און איך וועט פרייען, אויב איך וועל דאָס אָפּלייקענען. „איך וויל דאָס ניט גלויבן, ווייל אויב קיין אַנדער אַטעסטאַט האָט איר ניט געפונען פאַר נויטיק אַרויסצוגעבן מענטשן, וואָס האָבן זיך אָנגענומען פאַרן אידישן כבוד, פאַרן כבוד פון מענטשן בכלל, וואָלט דאָס געווען אַ סימן, אַז יענער פונק פון ריטערלעכקייט וואָס איך האָב אין אייך געקאָנט און וואָס כ׳בין געווען זיכער, אַז ער איז אין אייך אין די אַלע יאָרן ניט אויסגעלאָשן געוואָרן, איז שוין מער נישטאָ. וואָרים ווי קאָנט איר שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז אַן ענגלישער מיליטערישער געריכט מעג פאַראורטיילן אידישע קעמפער צו עפּנטלעכע שמיץ, נאָר אידן טאָרן אויף אַזאַ אורטייל ניט רעאַגירן, און אויב זיי לאָזן פילן אַ פּאָר ענגלענדער דעם טעם פון דער זעלביקער מעדיצין, וואָס זיי האָבן מיט געוואָלט איינגעגעבן אידן, איז דאָס אַ פאַרברעכן אָדער מעשה כוליגאַנעס? וואו איז אייער אידישער שטאָלץ, וואו איז אייער געפיל פאַר גערעכטיקייט, און וואו איז אייער דרך־ארץ פאַר מענטשלעכער חשיבות, פאַר דער הייליקייט אָדער פאַר דער אומבאַרירבאַרקייט פונם מענטשלעכן גוף? אויב ס׳איז אמת, וואָס מען דערציילט מיר פון אייך, האָט מיט אייך געטראָפן איינס פון די צוויי: אָדער איר זייט צוריק אַריינגעפאַלן אין דער מענטאַליטעט פון אַ גלות־אידן, וואָס איז גרייט מקבל צו זיין באהבה און מיט שקלאַפישער הכנעה כל מיני קלעפּ און בזיונות, אָדער איר האָט טאַקע אויף אַן אמת׳ן אָנגענומען יענע וואַנגעלישע מאָראַל (מיט וועלכער, דערלויבט מיר אייך צו זאָגן, איר האָט ביי מער ווי איין געלעגנהייט „קאָקעטירט״), וואָס לויט איר קאָן אויסקומען, אַז אויב ענגלענדער שמייסן דיך איבער איין העלפט פונם קערפּער, דאַרפסטו אונטערשטעלן די אַנדערע העלפט און זיך בעטן ביי זיי: נאַט, שמייסט ווייטער. איך לעב שוין יאָרן אין ארץ־ישראל, איך קאָן גוט דעם ישוב — אַלע זיינע שיכטן — און איך קאָן אייך פאַר־

זיכערן, אַז אפילו יענע צווישן אונז וואָס האָבן קיינמאָל ניט קיין גוט וואָרט פאַר די „טעראָריסטן", ווי די ציוניסטישע נאַטשאַלסטוואָ באַצייכנט אונזערע קנאים, האָבן זיך אין יענעם טאָג געפרייט, און פון אַסאַך פון זיי האָב איך געהערט: 'בראַוואָ! וואוילע חברה! איצט וועלן ענגלענדער וויסן, ווי אַזוי צו געבן שמיץ אידישע בחורים'".

עס קאָן זיין, אַז מיט מיין איצטיקן בריוו וועט אונזער קאָרעספּאָנדענץ זיך ניט פאַרענדיקן. וויל איך אייך דערפאַר עפּעס בעטן: אויב איר ווילט מיך מוסר'ן, אָדער אַפילו מיך „מאַכן מיט דער בלאָטע", טוט עס; זאָגט אויף מיר פּערזענלעך וואָס אייך ווילט זיך, וואָס עס דיקטירן אייך אייער געוויסן און געשמאַק. אָבער, למען־השם, שילט מיך ניט אין טאַטנ'ס־טאַטן אַריין. דער גלות־איד, וואָס איר האָט אים דערמאָנט אין אייער בריוו, איז פאַר מיר ניט קיין פרעמדע און ניט קיין זייטיקע באַשעפעניש. איך טראַכט שוין אַ סך יאָרן ניט, אַז מיין ציוניזם לייגט אויף מיר אַרויף אַ פליכט אים צו פאַר־אַכטן, אָדער זיך פון אים מאָראַליש און עסטעטיש שאַרף צו „דיסטאַנצירן". דער היפוך פון „גלות־איד" איז, לאָמיר אָננעמען, „פּאַטערלאַנד־גוי"; האָב איך שוין אַ סך מאָל זיי אַוועקגעשטעלט איינעם לעבן צווייטן, אָדער איינעם קעגן צווייטן, און זיך גוט־גוט אַריינגעקוקט אין זייערע פּרצופים, און גאָר ניט שטענדיק האָט דער צווייטער אויסגעזען חנ'עוודיקער אָדער מיט מער צלם אלהים ווי דער ערשטער. דער „גלות־איד" איז יעדנפאַלס מיינער אַ לייב־לעכער קרוב (איך האָב גאָר ניט קיין נעענטערע קרובים), און עס זיינען פאַראַן קריטישע סיטואַציעס, ווען איך קאָן גאָר ביי קיינעם ניט זוכן אַ געוויסן שוץ און אָנהאַלט, ווי נאָר ביי אים. איך האַלט ניט פון קיין איקאָנעס, אָבער — איר מעגט דאָס אויסזאָגן דעם „משגיח על הכשרות" און זאָל ער דאָס פאַר־צייכענען אין זיין פּנקס — איבער מיין בעט הענגט אַ „פּאָרטרעט פונם גלות־אידן", און ווען ס'וועט קומען דער טאָג און איך וועל זוכה זיין זיך צו באַזעצן אין ארץ־ישראל, וועל איך יענעם פּאָרטרעט (ווי אַ „שמירה", וואָס, איך פיל, אַז איך וועל זי דאַרפן האָבן אויך דאָרט) ניט פאַרגעסן מיטצונעמען.

און איצט, לאָמיר פּרובירן איבערצוגיין צום עצם ענין. אונזער פריינט האָט מיך ריכטיק ציטירט. „מעשה כוליגאַנעס" איז טאַקע געווען דער אויס־דרוק וואָס איך האָב באַנוצט, און — זאָל איך אייך נאָך מער אַנטוישן? — איך האָב דערויף ניט קיין חרטה. איך האָף, אַז איר וועט מיך ניט מיספאַר־שטיין. איך זאָג ניט אויף אונזערע טעראָריסטן, אַז זיי זיינען — אין זייער וועזן, אין זייער שורש־נשמה — כוליגאַנעס, אָבער באַשטימטע האַנדלונגען פון זייער זייט זיינען, לויט זייער כאַראַקטער, כוליגאַניש. אויב איר זאָלט באַגיין אַ גרויסע עוולה און איך זאָל זי באַצייכענען אַלס „רישעות", וועט דאָס זיין ניט דאָס זעלבע, וואָס ווען איך זאָל אייך, חס וחלילה, באַצייכענען

אַלס רשע. און דערמאָנט מיר ניט, אַז זיי זיינען גרויסע אידעאַליסטן. איך צווייפל ניט אין דעם, אָבער איך ווייס וויפיל רציחה, וואַנדאַליזם און סאַדיזם עס האָבן אין מיין דור אַרויסגעוויזן כל מיני אידעאַליסטן, און אויס אידעאַליס־טישע מאָטיוון. איך וויל אייך דערביי פאַרזיכערן, אַז אויף וויפיל איך מעג זיין מיין אייגענער שופט, בין איך היינט ניט וויניקער סענסיטיוו צו דער הייליקייט אָדער אומבאַרירבאַרקייט פונם מענטשלעכן קערפּער, ווי איך בין געווען אַמאָל, און וואָס ס'איז שייך ריטערלעכקייט — מילא: דאָס איז אַ מיטל־אַלטערלעך־פעאָדאַלער באַגריף, וועלכן איך בין ניט מחויב אַריינצונעמען אין מיין שולחן־ערוך. שיקאַגאָ'ער גענגסטערס זיינען, גלויבט מיר, מענטש־לעכער (כ'מיין טאַקע הומאַניטאַרער) פון יענע באַנדעס אייראָפּיאישע ריטער, וואָס האָבן אין מיטלאַלטער דורכגעפירט קרייצצוגן און האָבן פאַר־אומרייניקט אַ האַלבע וועלט מיט זייער גזלה, רציחה, און פאַרגוואַלטיקונגען פון שוצלאָזע פרויען. די צוויי לענדער אין איראָפּע, וואו מ'האָט זיך אין אונזערע יאָרן באַרימט, אַז אין זיי זיינען נאָך אָפּגעהיט געוואָרן געוויסע עלעמענטן פון דעם אַמאָליקן ריטערלעכן נוסח, זיינען אונגאַרן און שפּאַניע. גלויבט זשע מיר בנאמנות, אַז אויב ריטערלעכקייט אַפּעלירט צו אייך דערפאַר וואָס דאָס שיינט אייך צו זיין אַ מין אַקצענטירטער געפיל פאַר מענטשלעכער חשיבות, וועט איר זיך פילן אַ סך בעסער און געהויבענער אין דער פראַ־זאַאישער פּיטסבורג אָדער אין דער בירגערלעכער מילוואָקי, איידער אין דער פּאַטעטישער מאַדריד און אין דער גאַלאַנטער בודאַפּעשט. איך קאָן אייך פאַרזיכערן, אַז איך האָב זיך אין דעם פּונקט ניט געענדערט: אויך אין מיינע יונגע יאָרן וואָלט איך ניט אַרויסגערופן אויף אַ דועל אַ צווייטן בחור פאַר אַ באַליידיקונג אָדער פאַר „קאָנקורענץ" אין ליבע, און ווען איך וואָלט דאָס יאָ געטאָן, וואָלט מען מיך, אין מיין סביבה, פּשוט „באַשטעקט מיט פעדערן". עס זיינען אויך פאַראַן געוויסע באַגריפן פון „גערעכטיקייט", וועלכע זיינען פאַר מיר אָפּשטויסנדיק. יענע אָרעמע פרוי, וואָס האָט אין די טעג פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע געזאָגט דער רייכער פאַריזער דאַמע: „ביז אַהער האָב איך ביי דיר געוואַשן די פאָדלאָגעס, אָבער פון היינט אָן און ווייטער וועסט דו וואַשן ביי מיר די פאָדלאָגעס, ווייל די רעוואָלוציע איז סוף־כל־סוף געקומען און איצטער זיינען אַלע גלייך" — האָט אַרויסגעוויזן אַ פּערווערזע פאַרשטעלונג אי פון גלייכקייט און אי פון גערעכטיקייט. ווען איך וואָלט איצטער אין אַמעריקע געווען פאַרד'ס שטיוול־פּוצער און וואָלט געהאַלטן, אַז נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע וועט פאָרד געצוואונגען זיין צו ווערן מיין שטיוול־פּוצער, אסור צי איך וואָלט זיך געמעגט באַרימען מיט מיין „ריטערלעכקייט" אָדער מיט מיין געפיל פאַר גלייכקייט און גערעכטיקייט.

איר זעט, ווי איך גיי אַרום־און־אַרום, גלייך ווי איך האָב מורא צוצוגיין

דירעקט צו דער טעמע גופא — צום ענין שמיץ. עס קאָן זיין, אַז כ׳האָב טאַקע „מורא״, ווייל דאָ ווערט גלייך אויפגעוויקלט פאַר מיר אַ קאַפּיטל „קולטור־געשיכטע״, וואָס קאָן אָנוואַרפן אַן אימה ניט בלויז אויף אַזעלכע ווי איך. איך ווייס, אַז היינט — אין מערץ, 1947 — שמועסט מען נאָך אין אַ באַשטימטער קאָמיסיע פון די פאַראייניקטע פעלקער, וואָס האָט צו טאָן מיט דער פאָרמולירונג פון מענטשלעכע רעכט, וועגן דעם צי מ׳זאָל אַריינשטעלן אויך דאָס רעכט פון ניט־געשמיסן־צו־ווערן, אָדער, רעדנדיק אין הערבערט ספּענסער׳ס לשון, דאָס רעכט אויף "physical integrity". איך ווייס ניט, ווער עס זיינען דאָרט די קעגנער פון אַ פאַרבאָט אויף קערפּערלעכער שטראָף, אָבער איך וועל זיך ניט חידוש׳ן, אויב ס׳וועט זיך אַרויסווייזן, אַז ספקות וועגן דעם האָבן ניט נאָר די דעלעגאַטן פון עטיאָפּיע און סאַאודי־אַראַביע, נאָר אויך פון אַזעלכע מדינות ווי ענגלאַנד. דער רעקאָרד פון ענגלאַנד איז אין דעם פּרט גאָר ניט קיין געהויבענער, און מ׳דאַרף אפשר אויף אַ מינוט אַ טראַכט טאָן, אַז אַ פאָלק׳ס היינטיקע יוסטיץ דאַרף גע׳משפט ווערן אין אַלגעמיינעם קאָנטעקסט פון זיין געשיכטע אָדער פון זיין גייסטיקער ביאָ־גראַפיע. געבן שמיץ לויטן אורטייל פון געריכט איז אין ענגלאַנד פּראַקטיצירט געוואָרן אין משך פון אַ סך יאָרהונדערטער. עס זיינען דאָרט געווען צייטן, ווען אין דעם הייליקן טאָג פון ישו׳ס תחית־המתים פלעגט מען צונויפנעמען אַלע פרויען וואָס האָבן געבוירן אומגעזעצלעכע קינדער און אויך די מענער וואָס מ׳האָט אָנגענומען אַז זיי זיינען די פאָטערס פון די „ממזרים״, און זיי געגעבן שמיץ „בפני עם ועדה״. אונטער דער הערשאַפט פון הענרי דעם אַכטן (ווען מ׳האָט אין ענגלאַנד איינגעפירט דעם באַקאַנטן „וויפּינג אַקט״) פלעגט מען נעמען פאַרברעכער — און אַ פאַרברעכער איז אין יענע יאָרן געווען אויך יעדער „וועיגראַנט״, יעדער נע־ונד׳ניק, אָן אַ באַשטימטן וואוין־פּלאַץ און אָן אַ באַשטימטער באַשעפטיקונג — צובינדן זיי צום עק פון אַ וואָגן, פירן זיי נאַקעטערהייט איבער דער גאַנצער שטאָט און אויפן וועג זיי שמייסן איבערן הוילן לייב, און כדי די שמיץ זאָלן זיין אמת׳ע, ניט קיין גע־פעלשטע, איז געשאַפן געוואָרן אַ יורידישע פאָרמולע, וואָס סדום וואָלט זי מסתמא אָנגענומען מיט גרויס התלהבות: "till the body shall be bloody".

יאָ, שפּעטער האָט די גוטהאַרציקע קעניגין עליזאַבעט איינגעפירט אַ „לי־בעראַלע״ רעפאָרם; צו דער עקזעקוציע דאַרף מען דעם פאַרברעכער אויסטאָן בלויז האַלב־נאַקעט, ביזן גאַרטל, כדי אים ניט „צו פאַרשעמען״. איך דערמאָן זיך איצטער ניט, אין וועלכער ענגלישער כראָניק מיר איז דאָס אַמאָל אויסגעקומען צו לייענען, אָבער איך געדענק וואָס עס ווערט דאָרט דערציילט וועגן אַ ריכטער און זיין גאַלאַנטן סטיל נאָך דעם וואָס ער האָט אַרויסגע־געבן דעם פּסק, בפרהסיא אָפּצושמייסן אַ זינדיקע פרוי: „תלין, איך באַפעל

דיר צו זיין באַזונדערס אויפמערקזאַם צו דער דאַזיקער דאַמע. שמייס זי, ביז בלוט וועט ביי איר אָנהויבן צו שפּריצן; ס׳איז איצטער קריסטמעס, אין דרויסן איז פראָסטיק, און דער דאַמע וועט זיין זייער קאַלט ווען מען וועט זי אויסטאָן נאַקעט; זע זשע, אַז דו זאָלסט מיט דיינע שמיץ איר גוט אָנוואַרעמען די פלייצעס״. אָבער נאָך וואָס ציטירן אַלטע כראָניקעס און פאַרצייטיקע ענגלענדער? אויך אין דער מאָדערנער ענגלאַנד זיינען שמיץ ניט אָפּגעשאַפט געוואָרן, און ערשט צוריק מיט עטלעכע און צוואַנציק יאָר האָט דאָרט דער „קאָאורט אָוו קרימינעל אַפּיל״ גע׳פּסק׳נט אַז פאַר אַ גזלה־אַקט אין וועלכן דער רויבער נוצט געוואַלט, מעג דער ריכטער פאַראורטיילן, אַחוץ אַנדערע שטראָפן, אויך שמיץ. מיר איז ניט באַקאַנט, אַז אין דער ענגלישער געזעצגעבונג זאָל אויף דעם שטח האָבן פאַרגעקומען אַ פּרינציפּיעלע ענדערונג. ביז היינטיקן טאָג, גלויב איך, מעגן נאָך לערער און אפּיטרופּסים — וואָס די רעכט פון עלטערן ווערן טיילוויז טראַנספערירט צו זיי — אָנווענדן, ווי דאָס געזעץ זאָגט "reasonable corporal punishment" ד. ה. שמייסן יאָ, אָבער מיט אַ טאַלק, מיט איינזעעניש, מיט אַ ביסל חסד. („ליבעראַלע״ מלמדים פלעגן אַמאָל זאָגן: שלאָגן — יאָ, אָבער ניט קאַטעווען).

איך האָב דאָ געבראַכטביישפּילן פון ענגלאַנד, אָבער איך גלויב ניט, אַז זי איז אין דעם פּרט אַן אויסנאַם. אין אַ צאָל אַנדערע אייראָפּייאישע לענדער — אויך „ציוויליזירטע״, אויך „קריסטלעכע״ לענדער — פלעגט מען טאָן דאָס זעלביקע וואָס אין ענגלאַנד, נאָך מיט אַ צוגאָב: די ריכטער זיינען אין אַ פּאָר אַנדערע לענדער געווען „מהדרין מן המהדרין״ און זיי פלעגן נאָך באַפעלן צו שיטן זאַלץ אויף דעם רוקן, ווען די וואונדן האָבן אָנגעהויבן בלוטן.

און איז דען אומעטום קערפּערלעכע באַשטראָפונג באַשטאַנען בלויז אין שמיץ? ביי גנבים און פאַלשמינצער פלעגט מען אַמאָל אָפּהאַקן אָדער אָפּזעגן די הענט; ביי די וואָס האָבן פאַלש געשוואָרן — פלעגט מען אויסשניידן די צונגען, ביי שפּיאָנען — אויסשטעכן די אויגן. אַנדערש געזעדט, מ׳פלעגט באַרויבן יעדן איינעם פון די אָרגאַנען, מיט וועלכע ער האָט געזינדיקט, זיינע „סירסורי דעבירה״. פאַר מאנס זיין אַ פּרוי, פלעגט מען קאַסטרירן, כאָטש ווען מ׳האָט געכאַפּט אַ פּרוי ביי אַ סעקסועלער עבירה, איז זי אָפּגעקומען „בלויז״ מיט אָפּשניידן ביי איר די נאָז. דער באַגריף, וואָס איז אַמאָל קאָנקרעט־בילדלעך פאַרקערפּערט געוואָרן אין דעם אידישן געזעץ פון „שן תחת שן, עין תחת עין״, שפּילט אין דער גאַנצער וועלט־יוריספּרודענץ אַ סך, אַ סך אַ גרעסערע ראָלע, ווי „די דרשה פונם באַרג״, אָדער הילל׳ס אַלטרואיסטישע פאָרמולע, און, קוקנדיק אויף צוריק, זיינען אין אייניקע לענדער שמיץ געקומען גאָר אַלס אַ „הומאַניטאַרע״ רעפאָרם — אַנשטאָט טויטשטראָף,

אָדער פאַרקריפּלונג, אָדער קאַסטראַציע. (אַן אָפּקלאַנג פון אַזאַ הומאַניטאַרן בליק אויף שמיץ געפינען מיר, אגב, אין תלמוד: „מלקות במקום מיתה עומדות"). דאָס רעכטבאַוואוסטזיין פון דער „ציוויליזירטער" וועלט האָט זיך נאָך ווייט־ווייט ניט באַפרייט פון דער דאָזיקער שמיץ־מענטאַליטעט. צום שבח פאַר די זעלביקע ענגלענדער, וואָס האָבן ביז היינט ניט אינגאַנצן אָפּגעשאַפט דידאָזיקע באַרבאַרישע שטראָף־מעטאָדע, דאַרף באַמערקט ווערן, אַז דער ערשטער ערנסטער פּראָטעסט קעגן דער פאַרשוועכונג פון מענטשלעכער ווערדע דורך געבן עפנטלעכע שמיץ, איז געקומען טאַקע פון זיי. אַ שטאַרקע באַוועגונג פאַר אַ נייער קרימינעלער געזעצגעבונג האָבן אַמאָל אַנטוויקלט די קוועיקערס. אין ענגלאַנד גופא האָט די באַוועגונג קיין דערפאָלג ניט געהאַט, אָבער ווען די זעלביקע קוועיקערס זיינען נאָכדעם אַריבערגעקומען קיין אַמעריקע, איז זיי געלונגען, קעגן די פּראָטעסטן מצד די זייער „פרומע" פּוריטאַנער, אָפּצושאַפן דעם שאַנדקלאָץ סיי אין פּענסילווייניע און סיי אין מערב־דזשוירזי. און פונדעסטוועגן? דריטהאַלבן הונדערט יאָר נאָך דער דאָזיקער קוועיקער־רעפאָרם מעג מען נאָך אַלץ אין אַמעריקע שמייסן אין מער ווי איין שטאָט — אין אַלאַבאַמאַ און אין לואיזיאַנא, אין אַרקאַנסאַ און אין טענעסי, אין טעקסאַס און אין ווירדזשיניע. אַזוי טיף איינגעוואָרצלט איז נאָך אין אונז דער שלעגער, דער שמייסער, דער באַליידיקער און דער דערנידעריקער...

און מיר קאָנען ליידער ניט זאָגן, אַז אידנטום איז אין דער ספערע אינגאַנצן ריין. די תורה האָט אַ קלאָרן באַגריף פון „בן הכות", וועמען דער ריכטער דאַרף אַוועקלייגן און שמייסן: ארבעים יכנו — פערציק שמיץ דאַרף דער פאַרברעכער קריגן. אמת, די תורה האָט דאָ ערגעץ־וואו אין זינען די מענטשלעכע חשיבות אויך פון דעם וואָס דאַרף געשמיסן ווערן. זי וואָרנט זייער שטרענג קעגן געבן מער ווי פערציק שמיץ, ווייל אויב מערער וועט דער געשמיסענער פאַרשעמט אָדער באַליידיקט ווערן („ונקלה אחיך לעיניך"), כאָטש ביז היינטיקן טאָג קאָן איך ניט באַגרייפן — זאָלן מיר למדנים מוחל זיין מיין עם־הארצות — מיט וואָס זיינען איין און פערציק שמיץ אַ באַליידיקונג און פערציק שמיץ, אָדער, לויט אַ שפּעטערדיקער תקנה, בלויז ניין־און־דרייסיק, אַן עונש וואָס נעמט ניט צו ביים מענטשן זיין ווערדע. דער תלמוד האָט געזוכט דעם ענין צו ליבעראַליזירן אָדער הומאַניזירן. האָבן חכמים מתקן געווען, אַז פאַרן שמייסן דאַרף מען דעם פאַרברעכער בודק זיין, זען צי איז ער געזונט גענוג, ער זאָל קאָנען איבערטראָגן די צאָל שמיץ. אויב ער איז אַ שוואַכער, דאַרף מען דעם עונש פאַרקלענערן, און אַפילו בשעת דעם עצם שמייסן, אויב מ'זעט, אַז מ'האָט איבערגעשאַצט דעם באַשטראָפטנ'ס כוחות, איז מען מחויב די מלקות אָפּצושטעלן. אַ יישר־כוח די חז"ל פאַר זייער ליבעראַליזם, אָבער וואָס האָבן זייערע תקנות צו טאָן מיט מענטשלעכער

חשיבות? דאָס זיינען תקנות פון „צער־בעלי־חיים״, פון אָפּוועגן און אָפּמעסטן פיזישן ווייטאָג און פון רחמנות האָבן, אָבער ניט פון אָפּהיטן מענטשלעכן כבוד. און ווי איז געגאַנגען ביי אונז די אַנטוויקלונג אויף דעם שטח נאָך די חכמי־התלמוד? פון זייער טרוקענעם אויסרעכענען אַלע חטאים פאַר וועלכע עס קומט צו באַשטראָפן מיט מלקות (קוקט אַריין אין דער מסכתא מכות) ביז דער „משנה תורה״ זיינען אַוועקגעגאַנגען אַ שיין ביסל דורות, אָבער אויך דער רמב״ם פרעגט ניט אָפּ קיין איינעם פון די 207 פאַלן, ווען בית־דין דאַרף נוצן די רצועה.

ווי איר זעט, האָב איך זיך געלאָזט „וואָוילגיין״ מיט (מסתמא צופיל) היסטאָרישע און יורידישע אַסאָציאַציעס, און איך בין מסופק, צי האָב איך צו זיי געדאַרפט אָנקומען אין צוזאַמענהאַנג מיט אונזער טעמע. איך מיין, אַז איר האָט ניט געקראָגן פון מיינע ווערטער דעם איינדרוק, אַז וויל „שמיץ״ אָדער „מלקות״ האָבן אַ לאַנגע געשיכטע און ניט ווייניק וואָרצלען אַפילו אין אונזער רעליגיעזער טראַדיציע, דאַרף מען זיך ניט אָפּעסן דאָס האַרץ אויב אַזאַ „גערעכטיקייט״ ווערט נאָך פּראַקטיצירט, אָדער אַז ספּעציעל אין ארץ־ישראל מעג, לויט מיין מיינונג, דאָס מיליטער שמייסן אידן, און מיר דאַרפן עס מקבל זיין אָן ביטערניש און אָן פּראָטעסט. איך וויל נאָר, אַז איר זאָלט נעמען אין אַכט עטלעכע באַמערקונגען:

א) לויט די געזעצן וואָס הערשן אין ארץ־ישראל מעג אַ געריכט (ניט נאָר אַ מיליטערישער, נאָר אויך אַ ציווילער) פאַראורטיילן דעם וואָס ער האָלט פאַר אַ פאַרברעכער צו אַ באַשטימטער צאָל שמיץ. דער אורטייל פונם מיליטערישן געריכט, וואָס האָט אַרויסגערופן ביי אונזערע עקסטרעמיסטן דעם באַקאַנטן נקמה־אַקט, מוז ניט באַטראַכט ווערן פאַר אַ בכיוונ׳דיקער דיסקרימינאַציע קעגן אידן אָדער פאַר אַ ספּעציפישער באַליידיקונג פון אידן. דער געזעץ מאַכט דאָ ניט קיין אונטערשייד צווישן אידן, אַראַבער און אַנדערע איינוואוינער פונם לאַנד.

ב) איך האָב ניט דעם איינדרוק, אַז די מענטשן פונם אירגון אָדער פון דער שטערן־גרופּע זיינען שטאַרק שאָקירט פון דעם, וואָס אַזעלכע געזעצן ווערן נאָך פּראַקטיצירט אין ארץ־ישראל. זיי פאַרדריסט ניט די שמיץ־יוסטיץ אַליין פאַר זיך, נאָר דער פאַקט, וואָס מ׳האָט געשמיסן זייערע מענטשן, ווייל זיי האַלטן אַז די ענגלישע אַרמיי האָט בכלל ניט קיין יוריסדיקציע איבער ארץ־ישראל. דאָס שמייסן קאָן ניט זיין, לויט זייער מיינונג, געזעצלעך, ווייל די עצם אָנוועזנהייט פון ענגלישע אויטאָריטעטן אין ארץ־ישראל איז אומ־געזעצלעך. די „עקסטרעמיסטן״ האָבן מיט זייער גאַנצער מענטאַליטעט און מיט זייערע האַנדלונגען — ניט נאָר בנוגע די ענגלענדער, נאָר אויך בנוגע אידן — נאָך ניט באַוויזן, אַז ווען זיי וואָלטן געהאַט דעם מלוכה־אַפּאַראַט

אין זייערע הענט, וואָלטן זיי ניט געגעבן יענע וואָס זיי באַטראַכטן פאַר פאַר־ברעכער אַפילו מערער פון די „געזעצלעכע" ל"ט מלקות. פון זייער זייט איז דאָס ניט אַ קאַמף פאַר אַ רעפאָרם פון דער געזעצגעבונג, נאָר אַ נקמה־אַקט פון איין „אַרמיי" קעגן אַ געוויסער האַנדלונג פון אַן אַנדערער, פון דער פיינטלעכער אַרמיי. אונטער דער ענגלישער אַדמיניסטראַציע איז דאָס געווען ניט דער ערשטער פאַל, ווען מ'האָט עמיצן אויסגעטיילט שמיץ לויט אַ געריכט־אורטייל, און מיר האָבן אין פריערדיקע פאַלן ניט געהערט פון יענעם קרייז קיין פּראָטעסטן קעגן דער „פאַרלעצונג פון מענטשלעכער חשיבות".

ג) אין אָנפאַנג פונם יאָרהונדערט האָט אַ צאַרישער גובערנאַטאָר באַ־פוילן צו שמייסן פּאָליטישע אַרעסטאַנטן אין ווילנע. אויף דעם איז געקומען אַן ענטפער פון הירש לעקערט. וויל איך איצט דאָ ניט אַריינגיין אין דער פראַגע, צי איז דאָס געווען דער ריכטיקער ענטפער אָדער ניט. איך נעם זיך ניט אונטער אויפסניי צו דיסקוטירן דאָס אַמאָליקע פּראָבלעם פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, צי איז אינדיווידועלער טעראָר מותר אָדער אסור. אָבער הירש לעקערט האָט ניט געזוכט קיין געלעגנהייט אָפּצו־שמייסן בפרהסיא דעם ווילנער גובערנאַטאָר — שמיץ תחת שמיץ — און ניט נאָר דערפאַר וואָס דאָס איז אין יענע צייטן און אין יענע פאַרהעלטענישן געווען אוממעגלעך. ער האָט געשאָסן, ניט געשמיסן — ניט אָנגעווענדט דיזעלביקע „יוסטיץ", וואָס האָט אין אים אַרויסגערופן עקל און ברענענדיקן צאָרן — און מיט אָפּפייערן זיין שאָס האָט ער אויסגעדריקט זיין פּראָטעסט קעגן דעם וואָס ער האָט באַטראַכט אַלס פאַרשוועכונג פון מענטשלעכער חשיבות.

ד) איך האָב דאָ ניט געמיינט, נאַטירלעך, צו זאָגן, אַז בדרך־כלל איז גלייכער צו שיסן איידער צו שמייסן (כאָטש פון שטאַנדפּונקט פון דעם וואָס איר רופט אַן „ריטערלעכקייט" לאָזט זיך זאָגן אַ להבדיל צווישן די צוויי אַקטן), אָבער — און דאָ קום איך צום עיקר — אָפּגעפייערט זיין שאָס האָט ער ניט סתם אין אַ מענטשן, וואָס איז אַזוי אָדער אַנדערש געווען פאַרבונדן מיטן מאַכט־אַפּאַראַט פון דער צאַרישער רעגירונג, נאָר ספּעציעל אין דעם, וואָס האָט דעם שמיץ־באַפעל אַרויסגעגעבן. איך בין שטאַרק מסופק, צי ווען הירש לעקערט וואָלט באַגעגנט אין גאַס איינעם פון יענע אונטערגעאָרדנטע באַאַמטע וואָס האָבן פיזיש דורכגעפירט דאָס שמייסן פון די פּאָליטישע אַרעסטאַנטן, וואָלט ער זיך גלייך געכאַפּט צו זיין רעוואָלווער. די אמת'ע אחריות פאַר דער באַליידיקונג האָט געטראָגן ניט דער, וואָס האָט געגעבן די שמיץ (אפשר קעגן זיין אייגענעם ווילן און אפשר אויס טעמפּקייט און אומוויסנקייט), נאָר דער, וואָס האָט אַרויסגעגעבן דעם פסק, דעם באַפעל.

אין אים און נאָר אין אים האָט דער אידישער רעוואָלוציאָנער געוואָלט צילן, און ניט סתם אין איינעם, וואָס טראָגט אַ פּאָליצייאישע אוניפאָרם און פּאָליצייאישע שטיוול.

אַזוי איז אויך געווען דער פאַל מיט ווערא זאַסוליטש. ווען דער רעוואָלוציאָנער יעמעליאַנאָוו האָט געקראָגן שמיץ לויטן באַפעל פונם טרויעריק־באַרימטן גענעראַל טרעפּאָוו, דעם דעמאָלטדיקן קאָמענדאַנט פון פּעטערבורג, האָט זי געזוכט און געפונען אַ געלעגנהייט אַפּצופייערן איר שאָס אין דעם, וואָס איז געווען דירעקט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די שמיץ, אין טרעפּאָוו׳ן גופא, און ניט אין אַן אַנדער גענעראַל, און ניט אַפילו אין יענעם פּאָליציסט אָדער סאָלדאַט מיט וועמענס הענט טרעפּאָוו האָט דורכגעפירט זיין אורטייל. נאָכאַמאָל: דאָס הייסט ניט, אַז איך נעם אָן ווערא זאַסוליטש׳עס רעוואָלוציאָנערע עטיק און אַז כ׳וואָלט וועלן זען אַזאַ עטיק אָנגעווענדט אין יעדער ענלעכער סיטואַציע. ווי כ׳האָב שוין באַמערקט, דיסקוטיר איך דאָ ניט די פראַגע פון אינדיווידועלן טעראָר, וואָס האָט אַמאָל פאַרנומען אַזאַ וויכטיקן פּלאַץ אין רוסישן רעוואָלוציאָנערן דענקען און אין די מיינונגס־פאַרשיידנהייטן פון די פאַרשיידענע רעוואָלוציאָנערע גרופּן. לשיטתה — איז ווערא זאַסוליטש געווען גערעכט. איר טעראָר־אַקט איז געווען, אין די טערמינען פון איר וועלט־אַנשויאונג, אַ פולשטענדיק עטישע טאַט, ניט קיין שטיק הפקרות. זיך אומקערנדיק צו אונזער פאַל, אין ארץ־ישראל — וועמען האָבן אונזערע טעראָריסטן אָפּגעשמיסן? ניט די ריכטער, און ניט אַפילו די פיזישע שמייסער, נאָר מענטשן וואָס האָבן מיט דער זאַך אינגאַנצן ניט געהאַט צו טאָן. זיי האָבן יענע ענגלישע אָפיצערן, וואָס האָבן געקראָגן מלקות אין זאַאָלאָגישן גאָרטן, ניט אויסגעפאָרשט; זיי האָבן ביי זיי ניט אויסגעפונען, צי זיינען זיי פערזענלעך פאַר אַזעלכע אורטיילן, פאַר אַזעלכע שטראָפן, אָדער ניט. די לאָגיק איז דאָ געווען אַ גאַנץ איינפאַכע: שמייסט איר אונזערע „אָפיצערן", וועלן מיר שמייסן אייערע אָפיצערן. מיט אַ קאַמף קעגן באַרבאַרישער יוסטיץ אַלס אַזעלכער האָט דאָס גאָרנישט ניט צו טאָן. לויט דער זעלביקער לאָגיק איז יעדער ענגלענדער, וואָס דינט אין דער אַרמיי, פערזענלעך פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַלץ וואָס די אַרמיי, אָדער טיילן פון דער אַרמיי, אָדער אַ באַשטימטער גענעראַל, אָדער יעדער איינצלנער מיליטערישער ריכטער, טוט, אַלץ איינס צי האָט ער אַ שייכות צו יענער טאַט אָדער ניט. און אָט דאָ, פאַר אַלעמען, ליגט יענער פאַרברעכן, וואָס איך האָב באַצייכנט אַלס „מעשה כוליגאַנעס". עס איז קלאָר, דוכט זיך מיר, פון דעם וואָס כ׳האָב ביז אַהער געזאָגט, אַז איך קאָן בכלל ניט אָננעמען יענעם „גערעכטיקייט־פּרינציפּ", לויט וועלכן מען מעג אָדער מ׳דאַרף ענטפערן מיט אַ שמייס־עקזעקוציע אויף אַ שמייס־עקזעקוציע, פּונקט ווי איך קאָן

ניט תופס זיין, אַז אין קאַמף קעגן טויט־שטראָף אַלס פּרינציפּ דאַרף מען הינריכטן, אויב מ'האָט פּאַר דעם אַ געלעגנהייט, דעם וואָס איז שולדיק אין הינריכטן אַנדערע. אָבער אויב איך זאָל שוין פּועל'ן ביי זיך, אַז „מידה כנגד מידה" איז חל אויף אַזעלכע סיטואַציעס, קאָן איך נאָך אַלץ ניט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז מ'מעג באַשטראָפן איינעם פאַרן צווייטנס זינד. איך וואָלט דעמאָלט פאַרשטאַנען (כאָטש פאַרשטיין הייסט ניט תמיד מסכים זיין), ווי איך האָב שוין אַ פּאָר מאָל מרמז געווען, ווען די טעראָריסטן באַמיען זיך אַריינצוקריגן אין זייערע הענט יענע מיליטערישע ריכטער, וואָס האָבן אַרויסגעגעבן דעם אורטייל אָפּצושמייסן די „סאָלדאַטן פון דער אידישער באַפרייאונגס־אַרמיי", און טוען זיי נאָכדעם זייער רעכט. אָבער — טויזנט מאָל מחילה — כאַפּן אַ פּאָר ענגלישע אָפיצערן און אויסטאָן זיי האַלב־נאַקעט און געבן זיי שמיץ נאָר דערפאַר וואָס זיי זיינען ענגלענדער און אָפיצערן, הייסט זיך אומקערן צו דער פאַרצייטיקער פּרימיטיווער שבט־מאָראַל, ווען יעדער מיטגליד פון אַ שבט איז באַטראַכט געוואָרן אַלס פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער האַנדלונג פון יעדן אַנדערן מיטגליד, און האָט געדאַרפט פאַר יענער האַנדלונג באַשטראָפט ווערן אָדער אין זיין אייגענער פּערזאָן, אָדער אין דער פּערזאָן פון זיינעם אַ זון, אַן אייניקל, אַן אור־אור־אייניקל — „עד סוף כל הדורות". ענגלאַנד איז ניט קיין שבט און אידן זיינען ניט קיין שבט, און אַז אַך און ווי וועט זיין צו אונז אַלעמען, אויב מיר וועלן זיך „אויף דער עלטער" אומקערן קיין ארץ־ישראל, כדי אָנהויבן דאָרט צו לעבן און האַנדלען לויט אַ שולחן־ערוך פון פּאַר תרח'ס צייטן.

איז דאָס טעלעפּאַטיע? שרייבנדיק דידאָזיקע שורות האָב איך דעם געפיל, אַז איר קוקט אויף מיר און שמייכלט, און אייער שמייכל איז פול מיט איראָניע: קוקט אים נאָר אָן, ווי ער „רייסט זיך דעם פּעלץ" איבער אַ פּאָר ענגלישע אָפיצערן, וואָס האָבן געקראָגן עטלעכע שמיץ; ער האָט, ווייזט אויס, ניט קיין אַנדערע דאגות; „כשר'ע" שמיץ אָדער „טריפה'נע" שמיץ — ווי קאָן מען עס אין אַזעלכע צייטן אַזוי מדקדק זיין, און ווי קאָן זיך עס איצט אַ איד דערלויבן דעם לוקסוס צו זיין (אָדער מאַכן דעם אָנשטעל, אַז ער איז), איך בעט איבער אייער כבוד, אַזאַ „מפונק"?

איך האַלט זיך ניט פאַר באַרופן צו זיין דער בעל־הלכה פאַר רעוואָלוציאָנערע האַנדלונגען אָדער פאַר דער אידישער רעזיסטענץ אין ארץ־ישראל. איך ווייס אָבער אַז — סיי פון אַ פּרינציפּיעלן און סיי פון אַ גאָר־גאָר פּראַקטישן שטאַנדפּונקט — דאַרפן מיר האַנדלען מיט דער אומוועלט אַזוי ווי מיר וואָלטן וועלן אַז די אומוועלט זאָל האַנדלען מיט אונז. מיר ווילן ניט, אַז די וועלט זאָל האַנדלען לויטן אַנטיסעמיטישן כלל, לויטן טעזיס אַז יעדער איד באַזונדער און אַלע אידן צוזאַמען זיינען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר יעדער

עוולה וואָס אַן איינצלנער איד איז עלול צו באַגיין. איך האָב מסתמא ניט ווייניק אייגענע זינד פאַר וועלכע עס קומט מיר אַן עונש, אָבער איך וויל ניט מ׳זאָל מיך פּאַגראָמירן דערפאַר וואָס אַן אַנדער איד האָט גענומען פאַר אַ הלוואה אַ צו הויכן פּראָצענט, אָדער איז פאַרבונדן מיט קאָמוניזם, אָדער האַנדלט אויפן שוואַרצן מאַרק. און וואולגאַר געזעדט: „אונז לוינט ניט״, אַז מיר זאָלן געבן דער וועלט אַ ביישפּיל פון האַנדלונגען לויטן פּרינציפּ פון קאָלעקטיווער פאַראַנטוואָרטלעכקייט און אויפן יסוד פון גענעראַליזאַציעס.

די פאָרמעלע טעמע פון אונזער קאָרעספּאָנדענץ איז — שמיץ, אָבער איר פאַרשטייט דאָך אַליין, אַז דאָ האַנדלט זיך ניט בלויז וועגן „שטעלן אין קונע״ דעם אָדער אַן אַנדערן ענגלישן אָפיצער. די צערעמאָניע פון שמייסן אין תל־אביב׳ער זאַלאַגישן גאָרטן איז פאַר מיר ניט קיין איזאָלירטער פאַקט, נאָר אַ טייל פון אַ „סטראַטעגיק״, אַ סימבאָל פון אַן אַלגעמיינער מעטאָדע, פון אַ פּאָליטישער „עטיק״. היינט איז עס קידנעפּן אַ ציווילן ענגלענדער אין ירושלים (יאָ, אַ ציווילן, טראָצדעם, וואָס ער האָט אַמאָל געדינט אין דער אַרמיי און האָט דעם ראַנג פון אַ מאַיאָר), וואָס פאַרנעמט זיך מיט מסחר און לעבט זיך אויס סאָציאַל אין אַ אידישער סביבה, און איבערמאָרגן איז עס קידנעפּן אַ תל־אביב׳ער ריכטער וואָס האָט ניט צו טאָן מיט קיין פּאָליטישע פּראָצעסן און זיין איינציקע שולד איז דאָס, וואָס ער איז אַן ענגלענדער. היינט איז עס קידנעפּן אַ באַיאָרטן ענגלענדער און מאָרגן איז עס קידנעפּן אַ צוויי־יאָריק אַראַביש קינד, מיט וועמענס פּאָטער אונזערע אַ טעראָריסטישע גרופּע האָט געהאַט אַ סיכסוך. היינט איז עס מעשה לאַוטשיקעס און מאָרגן איז עס מעשה רוצחים, און אַן צו אונטערשיידן ווער עס וועט גע׳הרג׳עט ווערן, אַ שולדיקער אָדער אַן אומשולדיקער, אַ פּריינט אָדער גאָר אַן אייגענער.

אונזער בשותפות׳דיקער פריינט, וועלכער האָט אייך דערציילט וועגן מיין „דעגענעראַציע״, האָט זיך פאַר מיר אויסגעדריקט ווען מיר האָבן דעמדאָזיקן ענין דיסקוטירט, ווי זיין שטייגער איז, אויף רוסיש: „ס׳וואָלקאַמי זשיט, פּאָ וואָלטשי וויט״ (לעבט מען צווישן וועלף, זאָל מען וואָיען וועלפיש). איך האָב גרויס דרך־ארץ פאַר דער אַקומולירטער וויזהייט, וואָס מ׳געפינט אין די אַלטע אוצרות פון פאָלקס־שפּריכווערטער. איך האָב אַ ספּעציעלן דרך־ארץ פאַר דער דאָזיקער וויזהייט אין רוסישן שפּריכוואָרט — אפשר דערפאַר וואָס עס איז מיר מערער באַקאַנט. איך ווייס אָבער, אַז אויב עמעצער פון אונז זאָל טאַקע מאַכן אַ פּראָבע און „וואָיען וועלפיש״, וועלן זיך די וועלף שטאַרק אויסלאַכן פון אַזאַ פּלאַגיאַט. איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געהערט פון איינעם וואָס האָט טאַקע געוואָיעט און דאָס האָט אים אָפּגעראַטעוועט פון וועלפישע ציינער און פאַרצערונג. און אויב עס זאָל טאַקע זיין אמת,

אַז מיר לעבן אין אַ וועלט וואָס איז כולו־וואָלף און זי קאָן זיך פון איר „וועלפישקייט״ אַפילו טיילווייז ניט באַפרייען, וואָלט מען דעם ציוניזם געמוזט באַטראַכטן פאַר אַ פאַרשפּילטן ענין און מיר וואָלטן געדאַרפט באַצייטנס אָנהויבן טראַכטן אָדער וועגן קאָלעקטיוון זעלבסטמאָרד אָדער וועגן אַ היימ־לאַנד... אויף אַן אַנדער פּלאַנעט.

מעג איך נאָכאַמאָל עפּעס באַטאָנען, צום סוף פון מיין בריוו? איך נעם זיך ניט אונטער צו פּסק׳ענען אַלע שאלות וואָס האָבן אַ שייכות צו דער טראַגיש־אומפאַרמיידלעכער אידישער רעזיסטענץ אין ארץ־ישראל. מיך אינ־טערעסירט, פאַר אַלעמען, די אַלגעמיינע „איינשטעלונג״, דער גייסטיקער קלימאַט וואָס שאַפט זיך (אָדער וואָס אייניקע ווילן שאַפן) אַרום דער רעזיס־טענץ־באַוועגונג, און מיך אינטערעסירן די „אימאַזשן״, וואָס לעבן אין באַ־וואוסטזיין פון אידישע מענער און פרויען אין די פאַרשיידענע גרופּן, ווייל „אימאַזשן״ אין פאָלקס־באַוועגונגען זיינען די סימבאָלישע און עסטעטישע פאַרקערפּערונג פון פּרינציפּן. און נאָך וואָס זאָל איך ליגן זאָגן? אייניקע אימאַזשן הויבן מיך אָן ערנסט צו באַאומרואיקן. פון אַ פירער פון דער אָרטאָ־דאָקסיע אין ארץ־ישראל — אַ מאַן וואָס איך האָב גרויס התבטלות פאַר זיין לומדות און פאַר זיינע מידות־טובות און פּריוואַטן לעבן — האָב איך ניט לאַנג צוריק געהערט אַ כאַראַקטעריסטישע פראַזע: „איך בין אַ תלמיד פון יהושע בן־נון״. יענע פראַזע, מוז איך זיך מודה זיין, פאַרפאָלגט מיך זינט כ׳האָב זי געהערט. גלויבט מיר, אַז עס זיינען דאָ ניט ווייניק מאָמענטן אין מיין לעבן, ווען איך וואָלט געדאַרפט און געוואָלט האָבן אַ רבי׳ן. אָבער ווי שווער עס זאָל מיר ניט זיין אַרומצוגיין אויף דער וועלט אָן הדרכה, אָן אַן אידעאַלן אָדער אידעאַליזירטן „אימאַזש״, וויל איך גיכער בלייבן איינזאַם און גייסטיק־פירערלאָז אויפן גאַנצן לעבן, איידער אָננעמען — זיין היסטאָ־רישער כבוד במקומו מונח — יהושע בן־נונ׳ען פאַר אַ מורה־הוראה. וואָס קער זיך אָן יהושע׳ס פאַרדינטער פּלאַץ אין אידישן היסטאָרישן פּאַנטעאָן מיט אונזער פאָלקס־באַוואוסטזיין און פאָלקס־פּאָליטיק היינט, אין צוואַנציקסטן יאָרהונ־דערט, טויזנטער יאָרן נאָך „משה׳ס משרת״ און זיין מיליטערישער אָפּע־ראַציע? אמת, יהושע בן־נון ווערט דערמאָנט אויך שפּעטער אין „פּרקי אבות״: משה האָט מקבל געווען די תורה פונם באַרג סיני און האָט זי איבער־געגעבן צו יהושע׳ן, און פון אים ערשט האָבן זי געקראָגן די זקנים, און נאָכ־דעם די נביאים, און שפּעטער די אנשי כנסת הגדולה, און פונדעסטוועגן, טוט נאָר אַ טראַכט: קאָנט איר זיך דערמאָנען, אַז איר האָט ווען עס איז געהערט פון אַ אידן דעם אויסדרוק „רבי יהושע״? משה איז אַ רבי, דער רבי פון אַלע רביים — רבנו! — און יעדער פון די תנאים און אמוראים איז אַ רבי, אָבער ניט יהושע בן־נון. דעם טיטול האָט אים דער פאָלקס־

אינסטינקט און דער פאָלקס־געשמאַק ניט געגעבן, און ווען אַ איד זאָל אין זיין שמועסן דערמאָנען „רבי יהושע", וועט דער אַנדערער איד מסתמא טראַכטן אַז יענער האָט געמיינט ר' יהושע בן־חנניה.

געגנוג: כ'האָב מורא אַז איך פאַל שוין אַריין אין ענינים פון „טעאָלאָגיע". ניט דאָס איז געווען מיין כוונה. יהושע בן־נון האָב איך דאָ דערמאָנט נאָר בדרך־משל. די וואָס ווילן, אַז זייער „מיליטאַנטישקייט" זאָל אויסזען מער רעספּעקטאַבל, דערמאָנען אין איין אָטעם בר־כוכבא'ן און רבי עקיבא. ווייל איך זיך איצט ניט אָפּשטעלן אויף דער בר־כוכבא־פיגור, און אויף וויפיל עס איז געוואונשן, אַז אונזער יוגנט זאָל אויף אַזאַ „אימאַזש" פיקסירט ווערן. פון שטאַנדפּונקט פון פּראַקטישער פּאָליטיק, וואָלטן גראָד אונזערע עקסטרע־מיסטן געדאַרפט זיך וואָס וויניקער סומך זיין אויף דעם בר־כוכבא פּעריאָד פון אונזער געשיכטע. זיין אויפשטאַנד האָט פון אָנפאַנג אָן אין זיך געטראָגן דעם זאָמען פון מפּלה און זעלבסטמאָרד. אונזער אמת'ע טראַגעדיע הויבט זיך אָן ניט מיטן חורבן בית־המקדש, נאָר מיט חורבן ביתר — בר־כוכבא'ס ציטאַדעל. אויך דער גלות, דער חורבן פונם ישוב און די בהלה'דיקע מאַסן־לויפעריי פון ארץ־ישראל הויבט זיך אויף אַן אמת אָן נאָכן עפּילאָג פון דער בר־כוכבא־דראַמע; ערשט דעמאָלט פאַרוואַנדלען די רוימער ירושלים אין אַ געצנדינערישע שטאָט — Aelia Capitolina. ניט אומזיסט איז בר־כוכבא געבליבן אין אידישן היסטאָרישן זיכרון אויך מיט זיין צו־נאָמען „בר־כוזיבא" (דער זון פון ליגן), כאָטש ס'איז לחלוטין נישטאָ קיין גרונט צו צווייפלען אין דער פולער ערלעכקייט פון זיינע מאָטיוון און אין זיין אומבאַגרענעצטן פּאַטריאָטיזם. דער ליגן אין זיין קאַריערע איז באַשטאַנען ניט אין אָפּנאַרן אַנדערע, דאָס פאָלק, נאָר אין אָפּנאַרן זיך אַליין; אין זיין צו פאַרגלויבט אין זיך און אין זיינע נאָכפאָלגער; אין אונטערשאַצן די כוחות פונם קעגנער, אין נאָכגיין אַ מיראַזש, אַן אילוזיע. ניט אומזיסט שרייבט אים אַ מדרש צו אַ חוצפּה'דיק־באַרימערישע תפילה: „מיר בעטן דיך, גאָט, נאָר ניט אַרויס־צוהעלפן אונזער שונא; מיר אָבער בויטיקן זיך ניט אין דיין הילף"... אַנט־שולדיקט מיר: איך זע אַליין איין, אַז איך בין פּאַקטיש אַוועק פון דער אייגנטלעכער טעמע. אין מיין איצטיקן בריוו וויל איך ניט אַריינגיין אין דער פראַגע פון נוצלעכקייט און שאָדן פון דער אָדער אַנדערער „סטראַטעגיק" אין אונזער רעזיסטענץ, און פונם פאַקט וואָס די סעריע פון אונזערע מלחמות אָדער אויפשטאַנדן קעגן די רוימער האָט זיך געענדיקט מיט קאַפּיטולאַציע, חורבן און שמד, איז נאָך ניט געדרונגען אויטאָמאַטיש, אַז אויך אין אונזערע יאָרן מוז זיך אַ געוויסע פאָרם פון רעזיסטענץ קעגן ענגלאַנד, קעגן דער מאָדערנער רוים, ענדיקן מיט אַ נידערלאַגע — כאָטש זיך אַריינטראַכטן אין יענע דורות פון אידישן צער און פאַרצווייפלטן קאַמף וואָלט ניט גע־

שאָדט, און ניט נאָר זיך אַריינטראַכטן, נאָר אויך זען, וואָס פּאַראַ שלוסן מען מעג לאָגיש ציען פון יענעם קאַמף פאַר אונזער היינטיקער צייט. דערמאָנט האָב איך דאָ בר־כוכבא׳ן צוליב ר׳ עקיבא׳ן. מיך שאָקירט, ווען דידאַקטישע מאָנומענטאַלע פיגור ווערט עקספּלואַטירט פאַר ביליקער און איבערפלעכ־לעכער פּראָפּאַגאַנדע. אמת, ער האָט אין אַ געוויסן מאָמענט פון זיין לעבן פּראָקלאַמירט בר־כוכבא׳ן פאַרן „מלך המשיח״, און ער האָט לויט געוויסע סימנים אויך שפּעטער געשטיצט זיין אויפשטאַנד, אָבער איז דאָס דען דער וויכטיקסטער אָדער דער אַממייסטן כאַראַקטעריסטישער שטריך אין דער דאָ־זיקער ריזן־פיגור? ר׳ עקיבא פאַרנעמט זיין פּיעדעסטאַל אין דער אידישער געשיכטע ניט דערפאַר וואָס ער איז געווען אַ מין גייסטיקער נושא־כלים, אַ „לויטענאַנט״, ביי בר־כוכבא׳ן, נאָר ווייל ער איז געווען... רבי עקיבא: דער קרעפטיקער בעל־הלכה, דער גרויסער בעל־מידות און דער וואַגנדיקער דענקער און זוכער פון וועלט־אמת: דער איינציקער פון די פיר, וואָס זיינען אַריינגעגאַנגען אין „פּרדס״, אין קעניגרייך פון געהיימער לערע, און איז פון דאָרט אַרויסגעקומען אומבאַשעדיקט (הציץ ולא נפגע). מ׳מעסט ניט אַ גרויסע היסטאָרישע פּערזענלעכקייט לויט אַן עפּיזאָד אין איר לעבן, לויט אַ גייסטיקן „אַקצידענט״; מען אורטיילט וועגן איר לויט דעם ליכט, וואָס זי האָט פון זיך אויסגעשטראַלט, ניט לויט אירע מאָמענטן פון טראַגישער פאַרבלענדעניש.

ס׳איז צייט צו ענדיקן. איך וויס, אַז כ׳האָב זיך אין מיין בריוו ניט שטרענג געהאַלטן ביי דער טעמע: ס׳איז אַ פרייער בריוו, ניט קיין דיסער־טאַציע. איר ווייסט, יעדנפאַלס, וואוהין איך ציל.

1947

# באַטראַכטונגען צו אַ קאָנסטיטוציע פאַר מדינת ישראל

אין וועלכן זינען און אין וועלכער מאָס דאַרף די קאָנסטיטוציע פון דער מדינת ישראל זיין אַ אידישע, אַ ספּעציפיש אידישע? ניט יעדן אידן אינטערעסירט די דאָזיקע פראַגע. עס זיינען פאַראַן גענוג אידן, סיי אין ארץ־ישראל און סיי אין חוץ־לארץ, וואָס האָבן ביי זיך גע׳פועל׳ט, אַז מ׳דאַרף ניט מאַכן קיין שום ספּעציעלע אָנשטרענגונגען, אַז די אידישע מדינה זאָל, לויט איר כאַראַקטער און פיזיאָנאָמיע, זיין אַ „אידישע״. אַ פרייע מדינה פון אידן און פאַר אידן, וואו דער רוב מנין און רוב בנין פון דער באַפעלקערונג באַשטייט און וועט אויך אין דער צוקונפט באַשטיין פון אידן, וועט ממילא, על־פּי דרך הטבע, זיין אידיש, און עס פאַדערן זיך ניט, גלויבן זיי, קיין באַזונדערע קאָנסטיטוציאָנעלע גאַראַנטיעס פאַר איר אידיש־זיין. אידן באַזעצן זיך אין ארץ־ישראל און קעמפן פאַר זיך אויס אַן אייגענע און זעלבסט־שטענדיקע שטאַט־ראַם — ניט ווייל זיי ווילן פון זיך אַראָפּוואַרפן אידישקייט, נאָר פונקט פאַרקערט, ווייל זיי ווילן מאַכן זייער אידישקייט רייכער, ספּאָנטאַנער, שעפערישער, ממליא׳דיקער און פרייער אין איר אויסדרוק. די קאָנסטיטוציע פון דער מדינת ישראל דאַרף, לויט אַזאַ שטאַנדפּונקט, זיין „אַ גוטע״, אַ גערעכטע, אַ הומאַניטאַרע, אויך אַ רעאַליסטיש צוגעפּאַסטע צו די קאָמפּליצירטע באַדינגונגען און באַדערפענישן פון אונזער צייט; אַ „אידישע״ וועט זי שוין זיין פון זיך אַליין, ווייל אין איר וועט אויסגעדריקט ווערן געוויסן און געשמאַק פון לעבעדיקע אידן פון אונזער דור, וואָס טראָגן אין זיך ביודעים און בלא־יודעים די העכערע שטרעבונגען און האָפענונגען אויך פון פאַרגאַנגענע אידישע דורות.

מען דאַרף זיך פונדעסטוועגן ריכטן, אין די קומענדיקע חדשים, אויף אַ גאַנץ שווערן געראַנגל, אויף אַן אומפאַרמיידלעכן „קולטור־קאַמף״, ווען דער ישראל פאַרלאַמענט וועט אָנהויבן דיסקוטירן די פאַרשיידענע אַרטיקלען פון דער פּראָיעקטירטער קאָנסטיטוציע. די אָרטאָדאָקסיע אין ארץ־ישראל גרייט זיך צו פאָדערן קאָנקרעטע, גאַנץ ספּעציפישע קאָנסטיטוציאָנעלע גאַראַנטיעס פאַרן „אידישן״ כאַראַקטער פון דער מדינה, לויט זייער דעפיניציע — אָדער לויט זייערע דעפיניציעס — פון דעם וואָס זיי באַצייכענען אַלס אידישקייט. די מדינה דאַרף זיך פירן, האָבן מיר געהערט פון יענע קרייזן נאָך איידער די מדינה איז געגרינדעט געוואָרן, „אין גייסט

פון דער תורה״. אַנדערע זיינען אַפילו ניט צופרידן מיט אַזאַ צו אַלגעמיינער אָדער „אַלגעבראַאישער״ פאָרמולע. גייסט פון דער תורה, באַהויפּטן זיי, מיט גאַנץ באַגרינדעטער זאָרג, קאָן פאַרשיידן אויסגעטייטשט ווערן פון פאַר־שיידענע מפרשים, באַזונדערס פון „ניט־באַרופענע״ מפרשים. זיי וואָלטן דערפאַר וועלן האָבן אַ ווייניקער ריזיקאַלישע פאָרמולע ווי די אויבן־גע־בראַכטע. זאָל זיך די מדינה פירן לויט די דינים פון דער תורה, וועט שוין דער גייסט פון דער תורה סיי־ווי־סיי געוועלטיקן אין לעבן: זיינען דאָך די דינים דער נאַטירלעכער „לבוש״ פונם „גייסט״.

די פאָרגעשלאָגענע קאָנסטיטוציע וואָס וועט דינען אַלס יסוד פאַר דער שווערער און אומפאַרמיידלעך אויסגעצויגענער דיסקוסיע אין פאַרלאַמענט (און נאַטירלעך אויך אויסער דעם פאַרלאַמענט, אין דער עפנטלעכקייט בכלל) האָט ניט אין קיין קלענער מאָס זיך גערעכנט מיט דער דאָזיקער פאַרשטענד־לעכער און אין גרונט גאַנץ נאַטירלעכער טראַדיציאָנעל־פרומער שטרעמונג אין אידנטום בכלל און אין ארץ־ישראל ספּעציעל. עס איז אַ סברא, אַז דער מחבר אָדער דער הויפּט־מחבר פונם קאָנסטיטוציע־פּראָיעקט איז אַליין, לויט זיין דערציאונג און נייגונגען, ניט ווייט פון אַן אָרטאָדאָקסיש־רעליגיעזן צוגאַנג צום וועזן פון אידישן שטאַט־לעבן. ער האָט זיך אָבער ניט געקאָנט העלפן און ער האָט אין יענע טיילן פון דער קאָנסטיטוציע, וואָס האָבן צו טאָן מיט דער הויפּט־סטרוקטור און מיט די יסוד־געזעצן פון דער מדינה, אַריינ־געבראַכט עלעמענטן, וואָס לויט אַן אָרטאָדאָקסישער אויפפאַסונג, קאָנען זיי ניט קריגן קיין סאַנקציע מצד דער אידישער רעליגיע.

לאָמיר נעמען, צום ביישפּיל, דעם צווייטן פּאַראַגראַף פון אַרטיקל פיר, לויט וועלכן אַלע בירגער פון דער מדינת ישראל דאַרפן געניסן גלייכע ביר־גערלעכע און פּאָליטישע רעכט, און קענען קיין שום איינצלנעם בירגער טאָר ניט געמאַכט ווערן קיין דיסקרימינאַציע, ווען ער זוכט צו באַקומען באַשטעפ־טיקונג אָדער אַן עפנטלעכן אַמט, אויפן גרונט פון זיין ראַסע, רעליגיע, שפּראַך אָדער געשלעכט. צווישן די בירגער פון ישראל זיינען פאַראַן און עס וועלן זיין אין דער צוקונפט אויך ניט־אידן: מוסולמענער, קריסטן, קלענערע צאָלן וואָס געהערן צו אַנדערע רעליגיעס. אָבער לויט דעם דאָזיקן פּאַראַגראַף פון אַרטיקל פיר, וועלכער ווערט ווייטער באַשטעטיקט דורך אַרטיקל 49, וואָס גיט דאָס רעכט יעדן בירגער אויסגעוויילט צו ווערן צום אַמט פון פּרעזידענט, מעג אין דער שפּיץ פון דער מדינה שטיין אַן אַראַבער אָדער אַ דרוז, אַ מוסול־מענער, אַ קריסט, טעאָרעטיש — אַפילו אַ געצנדינער. עס איז ניט וויכטיק, צי אַ קריסט אָדער אַ מוסולמענער האָט, ריין פּראַקטיש, וועלכע ניט איז האָפענונג אויסגעוויילט צו ווערן פונם פּאַרלאַמענט צום העכסטן אַמט פון דער רעפּובליק. א תושב מיטן סטאַטוס פון אַ ממזר און פון עמלק־אָפּשטאַם

האָט זיכער ניט געהאַט אַ שאַנס צו ווערן אַ כהן־גדול. פונדעסטוועגן האָט מען געפונען פאַר נויטיק דאָס צו פאַרבאָטן אין פּרינציפּ. און מען דאַרף זיך ניט גראָבן לאַנג כדי אויסצוגעפינען, אַז פּרינציפּיעל איז, פון שטאַנדפּונקט פון אידישער רעליגיעזער טראַדיציע, אַזאַ גלייכקייט ווי די וואָס ווערט פאָרמולירט אין דעם פּראָיעקט פון דער ישראל־קאָנסטיטוציע ניט דער־לאָזבאַר. אַפילו אַ גר, פּסק׳נט אַזאַ שפּעטער אויטאָריטעט ווי דער רמב״ם, טאָר קיין אידישער מלך ניט זיין ביז נאָך אַ צאָל דורות, „עד שתהיה אמו מישראל״ (סיידן ער איז אַזאַ מיטגליד פון קהל־גרים, וואָס זיין מוטער איז שוין געווען פון אידישן שטאַם). אַ פּרעזידענט פון אַ רעפּובליק איז לויט דער היעראַרכישער סטרוקטור פון דער מדינה דאָס זעלביקע וואָס אַ מלך. אַחוץ דעם איז כדאי זיך צו דערמאָנען אָן אַן אַנדער פאָרמולע וואָס דער רמב״ם נוצט ווייטער אין זיין „הלכות מלכים״: „ולא למלכות בלבד אלא לכל שררות בישראל״ — אַ ניט־איד טאָר ניט געמאַכט ווערן ניט נאָר פאַר אַ מלך, נאָר פאַר ועלכן ניט איז שטאַטלעכן, מאַכט־אויסאיבנדיקן באַאַמטן אין ישראל. דער דערמאָנטער פּאַראַגראַף איז אין קעגנזאַץ צום אידישן דין נאָך אין אַן אַנדער זין: ער גיט אַבסאָלוט גלייכע רעכט אויך פרויען. אויב די פאָלגעשלאָגענע קאָנסטיטוציע זאָל אָנגענומען ווערן, וועט פון שטאַנדפּונקט פון דער אידישער מדינה זיין זייער ווייניק באַרעכטיקונג פאַר אַזעלכע ברכות, ווי „שלא עשני גוי״ אָדער „שלא עשני אשה״. מ׳מעג דעקלאַמירן וויפל מ׳וויל אַז לויט זיין גייסט איז אידנטום ניט דיסקרימינאַטאָריש קעגן דער פרוי, און אַרויסרופן אין זיכרון די גייסטער פון אַ מרים, פון אַ דבורה, פון אַ ברוריה א. א. וו. אויב ניט דער אידישער גייסט, איז דער אידישער דין (און מיר האָבן דאָך דאָ צו טאָן מיט הלכה, ניט מיט אגדה) קלאָר און שאַרף דיסקרימינאַטאָריש אין באַצוג צו דער פרוי. אַ פרוי, צוזאַמען מיט קנעכט, מינדעריעריקע, וואַנזיניקע, טויבע און שטומע, טאָר לויטן דין ניט צוגעלאָזט ווערן אין געריכט אַלס עדות, און וואָס ס׳איז שייך אַנדערע, פּאָליטישע רעכט, לאָמיר ווייטער הערן וואָס דער רמב״ם האָט וועגן דעם צו זאָגן — ניט פון זיין אייגענעם קאָפּ, נאָר, אַזוי צו זאָגן, מפּי התורה: „אין מעמידין אשה במלכות... וכן כל משימות שבישראל אין ממנים בהן אלא איש״ (הלכות מלכים, א׳). נאָר אַ מאַן מעג פאַרנעמען אַן אַמט אין ישראל.

אַ איד האָט ניט קיין ברעקל גרונט אַראָפּצופאַלן ביי זיך אין די אייגענע אויגן, ווען מען דערמאָנט אים וועגן אַזעלכע דינים. ווי לאַנג איז עס זינט דער געזעץ האָט אָנגעהויבן צו דערלויבן אין ציוויליזירטע קריסטלעכע שטאַטן, אַז אַ ניט־קריסט זאָל מעגן אויסאיבן בירגער־רעכט און פאַרנעמען מלוכה־פּאָסטנס (און דאָס קריסטנטום איז דאָך לויט זיין פּראַזעלאָגיע קאָסמאָפּאָ־ליטיש)? און מעגן דען קריסטן פאַרגעסן אַן יענע קאַטוילישע קירכן־קאָנגרעסן,

אויף וועלכע מ׳האָט טעג און נעכט, מיט אַ סך חריפות, וואָס וואָלט געקאָנט אויסגענוצט ווערן פאַר בעסערע צוועקן, דיסקוטירט די טשיקאַווע פראַגע, צי האָט אַ אשה אויך אַ נשמה? און מעג אַן ענגלענדער אָדער אַמעריקאַנער פאַרגעסן, אַז וואַל־רעכט פאַר פרויען איז אין זייערע לענדער איינגעפירט געוואָרן ערשט אין אונזערע יאָרן? און טאָר מען דען ניט דערמאָנען הויך־ציוויליזירטע מערב־איראָפּייער, אַז אַזעלכע לענדער ווי פראַנקרייך און בעלגיע האָבן נאָך ביז היינט ניט אינגאַנצן שלום געמאַכט מיטן פרינציפ פון גלייכע פאָליטישע רעכט פאַר פרויען, אַפילו מיט גלייכקייט ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַזעלכע ריין־עקאָנאָמישע ענינים, ווי באַזיצן אייגנטום און קריגן ירושה? אָבער ווי די זאַך זאָל ניט זיין, דער אידישער דין אָנערקענט ניט קיין גלייכע פאָליטישע רעכט ניט פאַר ניט־אידן און ניט פאַר פרויען. וואָלט אונזער אָרטאָדאָקסיע געוואָלט (און געהאַט דעם קוראַזש) צו האַנדלען קאָנסעקווענט, וואָלט זי געדאַרפט ערנסט פראָטעסטירן קעגן אַזעלכע פאַר־לעצונגען פון אידישן דין, וואָס זיינען שוין פאָרגעקומען אין ישראל, נאָך איידער אַ קאָנסטיטוציע איז אָנגענומען געוואָרן. אין פאַרלאַמענט זיצן שוין דעפוטאַטן ניט־אידן און אויך אַ צאָל פרויען; אין דער אַרמיי האָבן זיך שוין אויסגעצייכנט מיט זייערע דערגרייכונגען אָפיצערן פונם שיינעם געשלעכט; און אין קאַבינעט זיצט אַ פרוי מיט אַ זייער וויכטיקן פאָרטפעל אין דער האַנט. קיין ערנסטע פראָטעסטן קעגן דעם מצד דער אָרטאָדאָקסיע האָבן מיר פונ־דעסטוועגן ביז היינט ניט געהערט.

דאָס איז ניט אַלץ. לאָמיר נעמען אַזאַ וויכטיקן ענין ווי טויט־שטראָף. אַרטיקל 12 פון דער פאָרגעשלאָגענער קאָנסטיטוציע אָנערקענט די אַבסאָלוטע הייליקייט פון מענטשלעך לעבן און פאַרבאָט אויסדריקלעך וועלכן ניט איז אַקט פון מיתת בית־דין. מיר ווייסן, אַז קעגן דעם דאָזיקן אַרטיקל האָבן שוין געמאַכט זייערע אויסזעצונגען אַ צאָל (אידישע) יוריסטן, סאָציאָלאָגן און פאָ־ליטיקער. עס זיינען נאָך פאַראַן גענוג „ציוויליזירטע“ מדינות וואָס האָבן טויט־שטראָף ניט אָפגעשאַפט. די דאָזיקע שטראָף איז נאָך אָנערקענט אין דער אַמעריקאַנער פעדעראַלער געזעצגעבונג (ווי אויך אין אַ גרויסער צאָל איינ־צעלנע שטאַטן פון דער פעדעראַציע), אין פראַנקרייך, אין ענגלאַנד. אין אַזאַ לאַנד ווי די שווייץ איז טויט־שטראָף קאָנסטיטוציאָנעל אָפגעשאַפט געוואָרן אין 1874, אָבער מיט בלויז פינף יאָר שפעטער איז „די הומאַניטאַרע גזירה“, ווי אייניקע האָבן דאָס באַצייכנט, בטל געוואָרן, ווייל אַ צאָל באַזונדערס אויפרעגנדיקע פאַרברעכנס זאָלן האָבן אַרויסגערופן אין פאָלק אַ באַוועגונג זיך אומצוקערן „צו די גוטע, אַלטע צייטן“. טויט־שטראָף איז דענסטמאָל אין דער שווייץ געוואָרן פאַקולטאַטיוו: די קאָנפעדעראַציע האָט געגעבן יעדן פון די צוויי און צוואַנציק קאַנטאָנען די ברירה זי צו אָנערקענען אָדער ניט

צו אָנערקענען אין זיין שטראָף־סיסטעם, און אין אונזערע טעג זיינען זיך דאָרט קאַטוילישע טעאָלאָגן שטאַרק מטריח צו באַווייזן, זיך שטיצנדיק אויף טאָמאַס אַקווינאַס, אַז „די ריכטער וואָס גיבן אַרויס טויט־אורטיילן זיינען גאָט׳ס שטעל־פאַרטרעטער״, און דער ריבונו־של־עולם מעג דאָך, כידוע, צונעמען דאָס לעבן ביי וועמען ער וויל; אַז אַזעלכע „ריכטער זיינען סאָציאַלע כירורגן וואָס אַמפּוטירן די שעדלעכע אברים פונם סאָציאַלן אָרגאַניזם״. איינע פון די איראָניעס פון אונזערע טעג איז דער פאַקט, וואָס גראַד אין טאָטאַלי־טאַרע שטאַטן איז לעצטנס טויט־שטראָף פאַר קרימינעלע פאַרברעכענס געזעצ־לעך אָפּגעשאַפט געוואָרן. אין לענדער וואו עס ווערט נישט פּראַקטיצירט דער „האַבעאוס־קאָרפּוס״־פּרינציפּ און וואו פּאָליציי קאָן האַלטן אַזוי לאַנג ווי זי וויל אַן אַרעסטאַנט אין באַדינגונגען, אַז זיין פאַמיליע, פריינט, אַדוואָ־קאַטן זאָלן ניט קאָנען אים באַזוכן אָדער האָבן מיט אים אַ שריפטלעכן קאָנ־טאַקט, נויטיקט זיך ניט די רעגירונג אין קיין געזעץ וואָס זאָל איר דערלויבן הינריכטונגען; זי איז אימשטאַנד צו באַזייטיקן פון לעבן אירע קעגנער דורך אַ סך אַן איינפאַכערער פּראָצעדור. דער מחבר פונם קאָנסטיטוציע־פּראָיעקט פאַר דער מדינת ישראל האָט געהאַלטן אַז, ערשטנס, איז די פראַגע פון טויט־שטראָף אַזאַ פונדאַמענטאַלער ענין אין דער געזעצגעבונג פון אַ לאַנד און אין די באַציאונגען צווישן דעם יחיד און דער אָרגאַניזירטער געזעלשאַפט, אַז דאָס דאַרף דערמאָנט ווערן אין דער קאָנסטיטוציע און ניט איבערגעלאָזן ווערן פאַר דעם ווייטערדיקן פּראָצעס פון „נאָרמאַלער״ און דעטאַלירטער לעגיס־לאַציע; און, צווייטנס, אַז טראָצדעם וואָס טויט־שטראָף עקזיסטירט נאָך אין אַ גרויסער צאָל „פּראָגרעסיווע״ שטאַטן, און זי איז אַפילו ווידער־איינגעפירט געוואָרן אין אַ פּאָר לענדער, וואו מ׳האָט זי פריער אָפּגעשאַפט, ווייל די ווירקלעכקייט זאָל כלומרשט האָבן באַוויזן, אַז ס׳איז געווען פריציייטיק אָדער בכלל „אומפּראַקטיש״ צוצונעמען ביים שטאַט אַזאַ ווירקזאַמען וואָפן אין קאַמף מיט פאַרברעכער — טאָר אַזאַ שטראָף־סיסטעם ניט טאָלערירט ווערן אין ישראל׳ס נייער מדינה. איז דאָ ניט דער פּלאַץ צו דיסקוטירן באריכות די עצם־פראַגע: צי האָט די מדינה אַ רעכט צוצונעמען ס׳לעבן ביי די שעדלעכסטע צווישן די שעדלעכע, און צי איז טויט־שטראָף, ריין פּראַקטיש גערעדט, אַזאַ ווירקזאַם „פּעדאַגאָגיש״ מיטל צו פאַרבעסערן דעם מאָראַלישן צושטאַנד און ד הנהגה פון דער באַפעלקערונג. דער שרייבער פון די שורות איז אין פולן הסכם מיט דער אויפפאַסונג פון דר. לעאָ כהן, דעם הויפּט־פאַרפאַסער פון דעם קאָנ־סטיטוציע־פּראָיעקט, אַז דער באַגריף „קדושת החיים״, מיט וועלכן ער אָפּערירט אַלס אַן אַלגעמיינעם פּרינציפּ אין הינטערגרונט פון דער קאָנסטיטוציע, אַנט־האַלט אין זיך אויך דעם אַבסאָלוטן פאַרבאָט פון טויט־שטראָף. ער קאָן אָבער ניט אָננעמען איינעם פון ד״ר כהנ׳ס ספּעציפישע אַרגומענטן, אַז טויט־שטראָף

איז אין סתירה צום גייסט און צו דער רעליגיעזער טראַדיציע פון אידנטום (זאָל דאָ אגב־אורחא באַמערקט ווערן, אַז די פּראָיעקטירטע קאָנסטיטוציע פאַר אינדיע אָנערקענט יאָ טויט־שטראָף, טראָצדעם וואָס דאָס איז, לכל הדעות, אין שאַרפן קאָנפליקט מיט אינדיע׳ס רעליגיעזער ציוויליזאַציע). מ׳קאָן דאָ נאַטירלעך ציטירן מער ווי איין מאמר פונם תלמוד, אין וועלכן עס דריקט זיך אויס אַ גאַנץ נעגאַטיווע באַציאונג צו מיתת בית־דין. די באַ־הויפּטונג, למשל, אַז אַ סנהדרין וואָס גיט אַרויס אַ טויט־אורטייל אַפילו איין מאָל אין זיבן יאָר איז אַ „סנהדרין חבלנית״ אָדער אַ „סנהדרין קטלנית״, מאַכט זיכער אַ גרויסן איינדרוק. אלעזר בן־עזריה האָט אָנגעווענדט די זעלביקע נעגאַטיווע כאַראַקטעריסטיק אויף אַ סנהדרין וואָס פאַראורטיילט אַ מענטשן צום טויט אַפילו איין מאָל אין זיבעציק יאָר, און ר׳ טרפון און ר׳ עקיבא זיינען געגאַנגען נאָך ווייטער: „וואָלטן מיר געזעסן אין סנהדרין, וואָלטן קיינמאָל קיין טויט־אורטיילן נישט אַרויסגעגעבן געוואָרן״. דאָ האָבן מיר אָבער אַלץ צו טאָן מיט אגדה, ניט מיט הלכה, ניט מיט נאָרמאַטיוון רעכט. דאָס זיינען פּריוואַט־מיינונגען פון יחידים, וואָס זייער אייגענער, אינדיווי־דועלער, רעליגיעזער געוויסן האָט ניט געקאָנט שלום מאַכן מיט אַזאַ עונש ווי מיתת בית־דין. ווען מ׳וואָלט דעם זעלביקן ר׳ טרפון און דעם זעלביקן ר׳ עקיבא געפרעגט, וואָס איז דער דין, און ווי אַזוי איז אַ סנהדרין מחוייב צו האַנדלען הלכה למעשה, וואָלטן זיי מסתמא ניט געהאַט קיין אויסוועג און זיי וואָלטן, מיט אַ ווייטאָג אין האַרצן, געמוזט פּסק׳ענען, אַז על־פּי דין מעג מען אָדער דאַרף מען פאַר געוויסע עבירות באַשטראָפן מיט טויט. ווי פּריוואַט עס זיינען געווען זייערע מיינונגען — אַפילו ניט קיין מיינונגען אין שטרענגן זינען פון וואָרט, נאָר גיכער נאָבעלע, הומאַניטאַרע סענטימענטן — קאָן מען זען פון דער קריטיק וואָס זיי האָבן אַרויסגערופן. ניט קיין קלענערער ווי רבן שמעון בן־גמליאל האָט גאַנץ שאַרף רעאַגירט קעגן אַזאַ „סענטימענטאַליזם״: „אַזאַ שטעלונג וואָלט פאַרמערט די צאָל רוצחים אין ישראל״. דאָס רעכט פון דער מדינה אָדער פון דער אָרגאַניזירטער געזעלשאַפט בכלל אָנצוואווענדן טויט־שטראָף איז אין אידנטום, אין אידישן נאָרמאַטיוון רעכט, אָנערקענט — סיי מדאורייתא און סיי מדרבנן. טויט־שטראָף פאַרדינט ניט נאָר אַ מערדער — לויטן פּרינציפּ: טויט פאַר טויט, אַ לעבן פאַר אַ לעבן *) — נאָר אויך אַנדערע פאַרברעכער און פאַרלעצער, ווי, צום ביישפּיל, איינער וואָס גיט זיך אָפּ מיט געצנדינערישע מיסטעריעזע קולטן („בעל אוב ובעל ידעוני״), דער וואָס פירט אַוועק אַנדערע פונם דרך הישר („המסית והמדיח״), דער וואָס גיט זיך אָפּ מיט כישוף, אַ מחלל שבת, און דער וואָס האָט געשאָלטן זיין

*) מכה איש ומת — מות יומת (שמות, כ״א, י״ב, סנהדרין, פ״ד, ע״ב).

פּאַטער און מוטער. טויט דורך דערשטיקונג קומט דעם פאַלשן נביא און דעם וואָס זאָגט נביאות אין נאָמען פון עבודה־זרה. דעם רמב"ם'ס אויטאָריטעט אַלס קאָדיפיקאַטאָר איז, אויף וויפל עס האַנדלט זיך וועגן פונדאַמענטאַלע פראַגן, ביז היינט ניט אָפּגעפרעגט, און ביי אים געפינען מיר אַ רשימה פון זעקס און דרייסיק עבירות, וואָס דאַרפן על־פּי דין באַשטראָפט ווערן מיט טויט. אמת, דער אידישער דין פאָדערט אַן אויסעראָרדנטלעך פאָרזיכטיקע געריכטלעכע פּראָצעדור, ווען עס האַנדלט זיך וועגן דיני נפשות, און יענע פּראָצעדור האָט ניט איר גלייכן אין דער געזעצגעבונג פון אַנדערע ציוויליזאַציעס, צי אין אַלטערטום אָדער אין מיטלאַלטער. עס זיינען פאַראַן קאַטעגאָריעס בירגער, וואָס זיינען לכתחילה דיסקוואַליפיצירט פון זיצן אין געריכט, כדי צו פאַרזיכערן פאַרן אָנגעקלאָגטן די גרעסט־מעגלעכע גערעכטיקייט און אומפּאַרטייאישקייט. „אין מעמידין בכל הסנהדרין לא זקן מופלג בשנים ולא סריס, מפּני שיש בהן אכזריות, ולא מי שאין לו בנים, כדי שיהא רחמן" (משנה תורה, הלכות סנהדרין, ב') — מ'זעצט ניט אַוועק אין סנהדרין ניט קיין צו־אַלטן מענטשן און ניט קיין סריס, וויל זיי האָבן אין זיך אכזריות, אויך ניט איינעם וואָס האָט ניט קיין קינדער, וויל פונם ריכטער פאָדערט זיך אויך מיטלייד. די מאָדערנע יוריספּרודענץ, אַפילו אין די פאָרגעשריטענע שטאַטן, האָט נאָך אַ סך צו לערנען פונם אידישן רעכט, ווען עס האַנדלט זיך וועגן קוואַליפיקאַציעס פאַר ריכטער און וועגן פּראָצעדור אין דיני נפשות. אָבער דער עצם דין ווערט דערפון, אין פּרינציפּ, ניט געענדערט, און כאָטש ס'איז ניט פאַראַן דער מינדסטער חשד אויפן רמב"ם, אַז ער האָט געטראָגן אין זיך וועלכע ניט איז סאַדיסטישע נייגונגען, האָט ער דאָך גע'פּסק'נט (וויל זיין אויפפאַסונג פונם דין האָט אים דערצו געצוואונגען), אַז אַפילו ווען אַ מעוברת'ע פרוי איז פאַראורטיילט צום טויט, „וואַרט מען ניט ביז דאָס קינד וועט געבוירן ווערן, נאָר מ'שלאָגט זי אין דער טראַכט — „כנגד בית ההריון" — ביז דאָס קינד אין איר וועט געטויט ווערן", און נאָכדעם טויט מען זי גופא. לויטן רמב"ם דאַרפן די מיטגלידער פונם בית־דין, וואָס אויפן גרונט פון זיין אורטייל איז אַן אָנגעקלאָגטער הינגעריכטעט געוואָרן, פאַסטן דעם גאַנצן טאָג פון דער הינריכטונג. צונעמען ס'לעבן ביי אַ מענטשן, אַפילו פון אַזעלכן וואָס האָט שוין פאַרלאָרן זיינע לעבנס רעכט, איז ניט קיין טריוויאַלער ענין, און מ'טאָר ניט גלייך נאָך דער הינריכטונג סתם איבערגיין צו דער טאָג־טעגלעכער לעבנס־רוטין. אָבער, ווייטער אַמאָל, פון אַזעלכע עלעמענטן אין אידישן רעכט, וועגן וועלכע מ'קאָן זאָגן, אַז אין זיי ווערט אויסגעדריקט אַן אויפפאַסונג פון טויט־שטראָף אַלס אַ טראַגישע פליכט, איז גאָר ניט אַזוי לייכט צו קומען צום אויספיר וואָס

עס מאַכט אַזאַ ערנסטער און פאַרדינסטפולער פאָרשער ווי רב צעיר *), אַז הלכות סנהדרין און דיני נפשות, ווי זיי ווערן געשילדערט אין תלמוד, זיינען אפשר גאָר ניט פּראַקטיצירט געוואָרן און מ׳האָט זיי באַטראַכט אַלס ריין־טעאָרעטישע אָדער אַבסטראַקטע ענינים („משום דרוש וקבל שכר״), אָן וועל־כער ניט איז פאַרבינדונג מיט דערווירקלעכקייט. דער רמב״ם, למשל, באַ־טראַכט די אַלע געזעצן פאַר פּראַקטיש אָנווענדבאַרע, און ער באַהויפּט אויסדריקלעך, אַז נאָך אַלע פאָרזיכטיקייטן און באַוואָרענישן אין פּראָצעדור און ספּעציעל אין אויספרעגן די עדות, האָט דער געריכט ניט קיין גרונט זיך צוריקצוהאַלטן, אויב עס זאָל זיך פאָדערן, אויך פון אָפטע הינריכטונגען. „אם אירע להם להרוג בכל יום ויום הורגים״ (הלכות סנהדרין, פרק י״ד); מ׳מעג, הייסט עס, הינריכטן פאַראורטיילטע יעדן טאָג, איין טאָג נאָכן אַנדערן. דער געריכט דאַרף זיך נאָר היטן פון פאַראורטיילן צום טויט צוויי מענטשן אין דעם זעלביקן טאָג. אַזאַ פאָרשער, ווי פּראָפעסאָר ש. אַסף (אין זיין וויכטיקער אַרבעט „העונשין אחרי חתימת התלמוד״) באַהויפּטעט, מסתמא ניט אָן גרונט, אַז טויט־אורטיילן זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן פון אידישע בית־דינ׳ס אויך אַ לענגערע צייט נאָכן חורבן.

„תורה־קאָנסטיטוציע״, ווי מ׳דריקט זיך לעצטנס אויס אין געוויסע אָרטאָדאָקסישע קרייזן — אין זינען פון שטרענגער הלכה, ניט בלויז אין דעם זינען פון אַזאַ, סוף־כל־סוף, ניט־עקזאַקטן און פאַרנעפּלטן באַגריף ווי „דער גייסט פון אידנטום״ — קאָן דערפאַר ניט אַנטהאַלטן אין זיך אַ קאַטעגאָרישן פאַרבאָט אויף טויטשטראָף. און דאָס זעלבע קאָן מען זאָגן וועגן קערפּערלעכע שטראָפן, וואָס ווערן אויך קאַטעגאָריש פאַרבאָטן אין דעם פאָרגעשלאָגענעם טעקסט פון דער ישראל־קאָנסטיטוציע. פאַר געוויסע פאַרברעכנס ווערן נאָך אויך היינט געגעבן שמיץ (אָדער דער געזעץ דערלויבט אַזאַ עונש) אין מער ווי אין איין „פּראָגרעסיוון״ שטאַט. אין אַמעריקע איז נאָך די דאָזיקע חרפּה ניט אָפּגעווישט אין אַ באַדייטנדיקער צאָל שטאַטן: אין אַלאַבאַמאַ, לואיזיאַנאַ, דרום־קאַראָלאַינא, מיסיסיפּי, טעקסאַס, און אפילו אין דזשעפערסאָנ׳ס היים־שטאַט, ווירדזשיניע. ענגלאַנד האָט נאָך אויך ניט געקאָנט פועל׳ן ביי זיך אַז די בייטש איז ניט דאָס בעסטע מיטל אַריינצוקנעלן אין געוויסע בירגער בעסערע מידות און מער דיסציפּלין. דער קלאַסישער עונש פון ״cat-o'-nine-tails״ איז נאָך אַלץ נישט באַזייטיקט פון דער „קאָמאָן־לאָ״־סיסטעם. אויך אין ענגלישע שולעס איז נאָך ניט אָפיציעל פאַרבאָטן צו נוצן די האַנט אָדער דעם קאַנטשיק קעגן אומדיסיציפּלינירטע אָדער ווידערשפּעניקע תלמידים. דער פאַרפאַסער פון דער אידישער קאָנסטיטוציע, פון זיין זייט, האָט געהאַלטן, אַז דער קערפּער פון יעדן מענטשן איז זיין אַבסאָלוט אייגנטום

*) לשאלת הדת והמדינה בישראל, בצרון, תש״ח, אב־אלול, זייט 297.

און זיין אויטאָנאָמיע, און שמייסן אַפילו אַ פאַרברעכער טאָר מען ניט. ער וואָלט זיך אָבער געשטעלט אויף זייער אַ וואקלדיקער פּאָזיציע, ווען ער נעמט זיך אונטער צו אַרגומענטירן, אַז די שמיץ־שטראָף איז אין סתירה צו אידישן גייסט און טראַדיציע, אָדער גאָר צום אידישן רעליגיעזן רעכט. מלקות זיינען אין אידישן רעכט אַ גאַנץ לעגיטימער אופן פון באַשטראָפן, און אין דעם פּונקט איז ניטאָ קיין וועזנטלעכער אונטערשייד צווישן „מדאורייתא" און „מדרבנן". מ׳דאַרף נאָר זען, אַז די שמיץ זאָלן געגעבן ווערן „מיט חסד" („כפי כוחן"), אַז דער באַשטראָפטער זאָל פונם שמייסן ניט שטאַרבן אָדער ניט ערנסט קראַנק ווערן — און עס איז דערפאַר אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ ספּעציעלע פּראָצעדור פאַר דער „עקזעקוציע" — אָבער דער רמב"ם פּוילט זיך ניט אויסרעכענען אַ לאַנגע רשימה פון פאַרברעכנס און פאַרלעצונגען, פאַר וועלכע מלקות זיינען די לעגיטימע און, אַזוי צו זאָגן, גאַנץ נאַטירלעכע שטראָף. צווישן די העכער צוויי הונדערט עברות פאַר וועלכע עס קומט צו שמייסן זיינען פאַראַן, ווי עס פאַרשטייט זיך, אַ צאָל אַנטי־סאָציאַלע האַנד־לונגען און פּערווערזיטעטן, אָדער ווידער־נאַטירלעכקייטן. אָבער מלקות דאַרפן קריגן אויך אַזעלכע וואָס פאַרלעצן ריין ריטועלע געזעצן, אָדער דערלויבן זיך זאַכן וואָס שאָקירן די געזעלשאַפט פון שטאַנדפּונקט פון דרך־ארץ אָדער דעקאָרום: דער וואָס עסט אום יום־כפור אָדער טוט אין יענעם טאָג אַ מלאכה, דער וואָס עסט פון אַ טייג פון וועלכן מ׳האָט ניט גענומען קיין חלה, דער וואָס גייט אין גוי׳עשע דרכים (העושה בחוקות הגויים), דער וואָס עסט אַ טריפה׳נע בהמה, אַ טריפה׳נעם עוף אָדער אַ פאַרבאָטענעם פיש, אָדער שרצים און רמשים, דער וואָס עסט די ווערעם פון אַ פרוכט, דער וואָס גייט ווייטער פון אַ תחום שבת, ווער עס אַרבעט אום יום־טוב, ווער עס טאַטואירט אַ חלק פון זיין קערפּער, ווער עס טראָגט שעטנז־קליידער, אויך אַ מאַן וואָס טוט זיך אָן ווי אַ פרוי און אַ פרוי וואָס טוט זיך אָן ווי אַ מאַן. מלקות האָט מען, כידוע, ביי אידן געגעבן כמעט אין אַלע דורות, און כאָטש די אומות־העולם האָבן זיך די דאָזיקע מידה ביי אונז ניט גע־דאַרפט אָפּלערנען, האָבן זיי, אין באַשטימטע סיטואַציעס, איבערגענומען ביי אידן די רעגולירונג (אין אַ געוויסן זינען, די הומאַניזירונג) פון דעם דאָזיקן עונש. די פּערציק שמיץ מינוס איינס וואָס פּוריטאַנער האָבן פּראַקטיצירט אין מאַסאַטשוסעטס זיינען אַ דירעקטע איבערטראָגונג אָדער אַן איבערזעצונג פון די אידישע ארבעים חסר אחת. דאָס שמייסן האָט ביי די פרומע פּראָ־טעסטאַנטן אין מאַסאַטשוסעטס באַקומען דורכדעם אַ רעליגיעזע סאַנקציע. אַזאַ סאַנקציע איז געגעבן געוואָרן אויך אין קאָנעטיקוט און אין ניו דזשוירזי, וואו ריכטער האָבן באַקומען אַן אַלגעמיינע אינסטרוקציע אַרויפצולייגן שטראָפן „אין הסכם מיט גאָט׳ס געזעץ".

מיר זיינען אַוועק אין אַ זייט פון אונזער אייגנטלעכער טעמע, אָבער וואָס מיר האָבן געזוכט צו דערמאָנען איז בלויז, אַז אַ צאָל פונדאַמענטאַלע געזעצן פון דער פּראָיעקטירטער ישראל־קאָנסטיטוציע — כאָטש אַליין פאַר זיך זיינען זיי זייער ווינשנסווערטע פון שטאַנדפּונקט פון אונזער היינטיקן רעכטס־באַוואוסטזיין און געוויסן — זיינען ניט אין הסכם מיט אונזער הלכה. אונזער אָרטאָדאָקסיע האָט פונדעסטוועגן קעגן די דאָזיקע פּאַראַגראַפן ניט פּראָטעסטירט. נאָך מער: אין אַ קליינער שריפט וועגן די פּראָבלעמען פון דער אידישער קאָנסטיטוציע, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט אייניקע פּראָמינענטע וואָרט־זאָגער פון אָרטאָדאָקסישן אידנטום, סיי פונם מזרחי־פליגל און סיי פון אגודת־ישראל, האָבן זיי אַליין פאָרגעשלאָגן אַ פאַרבאָט פון טויט־שטראָף (כאָטש אויף וויפל מיר קאָנען זיך איצט דערמאָנען, ניט פון מלקות). עס וועט זיין אומזיסט זיי צו שטעלן קשיות, אויף וועלכן יסוד — ריכטיקער, אויף וועלכן תורה־יסוד — זיי זוכן אָפּצושאַפן טויט־שטראָף. אַזאַ עונש, נעמען מיר אָן, איז פּשוט קעגן זייער עטישן און אויך קעגן זייער ניט־דיקטירטן רעליגיעזן באַוואוסטזיין. אויב מ׳זאָל זיי זוכן צוזדריקן צו דער וואַנט אויפן יסוד פון אידישער דאָגמאַטיק אָדער, ווי אַמעריקאַנער זאָגן, אויפן יסוד פון זייער „פונדאַמענטאַליזם״, וועלן זיי מסתמא זיך זוכן צו העלפן מיטן געדאַנק, אַז מיט דער גרינדונג פון דער אידישער מדינה איז נאָך די גאולה שלמה ניט געקומען, און עס זיינען דערפאַר פאַראַן דינים וואָס מ׳קאָן זיי נאָך ניט מקיים זיין. דער שרייבער פון די שורות האָט געהערט פון אייניקע פרומע תלמידי־חכמים, אַז אַ טויט־אורטייל מעג, לויטן אידישן דין, אַרויסטראָגן ניט סתם אַ בית־דין, נאָר אַ סנהדרין; אַז אַ סנהדרין דאַרף זיצן אין ירושלים אַלס די אָנערקענטע הויפּט־שטאָט פון מלכות בית דוד; אַז ס׳איז נאָך פאַראַן אַ האַרבע שאלה, ווי אַזוי צו געבן סמיכה פאַר זיין אַ מיטגליד אין סנהדרין, אַז אפשר קאָן גאָר קיין סנהדרין ניט זיין ביז דער בית־המקדש וועט אויפסניי אויפגעבויט ווערן, און אַז דאָס אַלץ איז אפשר מעגלעך נאָר „בימות המשיח״. די איראָניע פון אַזאַ אַרגומענט ליגט, ווי יעדער קאָן זען, „אויף דער האַנט״: אידן אין דער מדינת ישראל וועלן זיך שוין מוזן ווי עס איז צומוטשען מיט הומאַניטאַרע געזעצן כל־זמן די גאולה שלמה איז ניט גע־קומען; אַז גאָט וועט העלפן און משיח וועט קומען, וועט מען נאָכאַמאָל קאָנען מקיים זיין אַ צאָל ברוטאַלע געזעצן, וואָס... אין תוך קאָן דאָס סענסיטיווע געוויסן פון אַ היינטיקן פרומען אידן מיט זיי ניט שלום מאַכן. אויב דאָס איז אַ פּאַראַדאָקס, איז ער ניט דער איינציקער און ניט דער ערשטער אין דער געשיכטע פון אינסטיטוציאָנעלער רעליגיע...

איינע פון די וויכטיקסטע דערגרייכונגען אין דער ספערע פון פּאָליטישער און גייסטיקר פרייהייט איז, אָן שום ספק, די פרייהייט פון רעליגיעזן געוויסן.

דער באַגריף פון רעליגיעזער פרייהייט אַנטהאַלט אָבער אין זיך ניט נאָר דאָס רעכט פון יעדן בירגער צו געהערן צו יענער רעליגיעזער קערפּערשאַפט וואָס ער קלייבט זיך פרייוויליק אויס, נאָר אויך צו זיין פולשטענדיק גלייכ־גילטיק צו וועלכער ניט איז רעליגיע, אָדער פיינטלעך צו דעם עצם עקזיסטענץ פון רעליגיעזער אמונה און פּראַקטיק, אָדער גאָר לעבן, אויב ער האַלט זיך דערצו פּיאיק, זיין אייגן, ריין־אינדיווידועל, רעליגיעז לעבן, וואָס איז ניט פאַרבונדן מיט קיין שום אָרגאַניזאַציע אָדער אינסטיטוציע, און וועגן אינהאַלט פון אַזאַ יחיד׳יש רעליגיעז לעבן איז ער קיינעם ניט מחוייב אָפּצוגעבן חשבון. אַנדערע בירגער (און זיי מעגן זיין די מערהייט) האָבן זייער רעכט צו באַטראַכטן איינעם וואָס איז אינגאַנצן גלייכגילטיק צו רעליגיע פאַר אַ „טומטום״; זיי מעגן זיין איבערצייגט, אַז איינער וואָס איז פיינטלעך צו רעליגיע איז אָדער אַן אומנאָרמאַלער מענטש אָדער גאָר אַן „אויסוואורף״; און קיינער קאָן זיי ניט פאַרווערן צו באַטראַכטן אַזעלכן וואָס באַהויפּט וועגן זיך, אַז רעליגיעז מאַכט ער פאַר זיך שבת באַזונדער און דאַרף צו קיינעם ניט אָנקומען — פאַר אַ פּוסטן בעל־גאווה און פאַנטאַזיאָר. מיט דער מדינה אַלס אַזעלכער, אויב זי איז אַ דעמאָקראַטישע, און מיטן „סאָציאַלן קאָנטראַקט״, אויף וועלכן זי דאַרף אויפגעבויט ווערן, קער זיך דאָס אַלץ ניט אָן: זי דאַרף זיין טאָלעראַנט צו יעדער רעליגיע און צו יעדער אומרעליגיאָזיטעט (אַ חוץ צו אַזעלכע וואָס שטייען אין קאָנפליקט מיטן קרימינעלן קאָדעקס אָדער זיי פאַרלעצן דעם אָנגענומענעם עפנטלעכן דרך־ארץ אָדער דעקאָרום). עס טאָר ניט זיין אין אַזאַ מדינה ניט קיין פּאַטראָנאַזש פאַר איין רעליגיע און ניט קיין געזעצלעכע דיסקרימינאַציע קעגן אַן אַנדער רעליגיע — אויך ניט קיין צוואַנג פאַר וועלכן ניט איז בירגער צו דערפילן אַ רעליגיעזע פליכט אָדער ווערן אַ שותף צו אַ צערעמאָניע קעגן זיין ווילן.

די פאָרגעשלאָגענע קאָנסטיטוציע פאַר דער מדינת ישראל איז, בדרך כלל, אויפגעבויט אויפן פּרינציפּ פון טאָלעראַנץ און גלייכהייט. זי אָנערקענט ניט קיין ספּעציפישע פּריווילעגיעס פאַר דער אידישער רעליגיע און זי אַנטהאַלט ניט קיין אויסגעשפּראָכענע דיסקרימינאַציע קעגן וועלכער ניט איז אַנדער רעליגיע. איר חטא איז גאָר פון אַן אַנדער כאַראַקטער. זי אָנערקענט ניט קיין אויסגעהאַלטענע פאַנאַנדערטיילונג צווישן מדינה און רעליגיע, נאָר פּאַקטיש הייסט זי דער מדינה נעמען אונטער איר שוץ די דריי הויפּט־רע־ליגיעס פונם לאַנד. אין אַ געוויסן זינען מעג מען זאָגן, אַז אַנשטאָט צו עטאַב־לירן איין רעליגיע אַלס די הערשנדיקע, אָנערקענט זי גאַנצע דריי עטאַבלירטע קירכן (די אידישע, די מאַכמעדאַנישע און די קריסטלעכע) אויפן גרונט פון „גלייכקייט״. אַ צאָל פונקציעס וואָס בדרך כלל דאַרפן זיי באַטראַכט ווערן אַלס אָרגאַנישע פונקציעס פונם מאָדערנעם שטאַט אין זיין טאָטאַליטעט, דע־

לעגירט זי צו די אַזוי גערופענע „רעליגיעזע געמיינדען", אַז זיי זאָלן זיי דערפילן אין נאָמען פונם שטאַט און אויף זיין חשבון (בודזשעטאַריש). דאָס קאָן מען קלאָר זען פונם קאַפּיטל פינף פון דער פּראָיעקטירטער קאָנסטיטוציע (אַרטיקלען 70—74).

לויט דעם דאָזיקן קאַפּיטל, זאָלן אין דער מדינת ישראל פונקציאָנירן פינף מינים געריכטן. ווען מיר דאָ ניט אַנאַליזירן דעם פּיראַמידאַלן געבוי פון די פּאָראויסגעזעענע געריכטן, זייערע רעכט און פליכטן. דער שרייבער פון די שורות האָט, אגב, אַ סך סימפּאַטיע פאַרן אַלגעמיינעם פּרינציפּ, וואָס ליגט אין יסוד פון דעם פאָרגעשלאָגענעם פּלאַן — נעמלעך, אַז די ריכטער זאָלן באַשטימט ווערן פון אויבן (פונם פּרעזידענט פון דער רעפּובליק, לויט דער רעקאָמענדאַציע פון באַשטימטע, עפנטלעך־אָנערקענטע קערפּערשאַפטן). די מחברים פון דער קאָנסטיטוציע זיינען דאָ געגאַנגען מער אין די וועגן פון ענגלאַנד און אירע דאָמיניאָנס, איידער אויפן וועג פון די פאַראייניקטע שטאַטן, וואו גאָר אַ גרויסע צאָל ריכטער ווערן געוויילט דירעקט פון דער באַפעלקערונג. די פּראַקטיק האָט באַוויזן, אַז דאָס סיסטעם פון באַשטימונגען גאַראַנטירט מער יושר און אומפּאַרטייאישקייט און שאַפט גינסטיקערע באַדינגונגען פאַר אומאָפּהענגיקייט פונם געריכט, איידער דאָס וואַל־סיסטעם, אונטער וועלכן אַ ריכטער מוז אָפט אָנקומען צו דער לאַסקע פון די פּאַרטיי־„באָסעס" און פּאָליטישע רעדל־פירער פון זיין דיסטריקט, כדי ווידער־דערוויילט צו ווערן, ווען זיין טערמין ענדיקט זיך. אין צוזאַמענהאַנג מיט אונזער ספּעציעלער טעמע אינטערסירט אונז אָבער אין דער פאָרגעשלאָגענער סכעמע פון געריכט־וועזן ספּעציפיש דאָס דעלעגירן פון געוויסע פול־מאַכטן צו די אַזוי גערופענע רעליגיעזע געמיינדעס. ענינים פון „פּערזענלעכן סטאַטוס" (חתונות, גט'ן, רעגיסטראַציע פון געבורטן, קבורה־אָנגעלעגנהייטן, אידענטיפיקאַציע פון עלטערן, סעפּאַראַציע פון מאַן־און־ווייב, געוויסע ירושה־משפטים א. א. וו.) ווערן, לויטן פּראָיעקט, איבערגעגעבן צו ספּעציעלע „רעליגיעזע געריכטן פון דער אידישער, מוסולמענישער און קריסטלעכער געמיינדעס". די ריכטער פון די דאָזיקע בית־דינ'ס וועלן אויך דאַרפן באַשטימט ווערן פונם פּרעזידענט פון דער רעפּובליק (דער פּרעזידענט וועט זיך וועגן דעם דאַרפן באַראַטן מיטן מיניסטער פאַר רעליגיעזע אָנגעלעגנהייטן, וועלכער וועט זיך רעכענען אין זיין ראַט־געבן מיט די רעקאָמענדאַציעס פון דער העכסטער רעליגיעזער קערפּערשאַפט פון דער באַטרעפנדיקער גע־מיינדע).

טראַכט מען זיך ערנסט אַריין אינם טעקסט פון די דאָזיקע אַרטיקלען (70־72), זעט מען, אַז דעם שטאַט ווערט געגעבן דאָס רעכט — אויך די פליכט — צוצורעכענען יעדן בירגער צו איינער פון די דריי רעליגיעזע

געמיינדעס פון לאַנד. אַ בירגער פון דער מדינת ישראל ווערט, לויט דעם, כמעט אויטאָמאַטיש דערקלערט פאַר אַ מיטגליד פון אַ באַשטימטער קירך אָדער רעליגיעזער אָרגאַניזאַציע — אַלץ איינס, צי ער וויל עס, צי ניט. ער מוז זיין (אין באַשטימטע אָנגעלעגנהייטן וואָס רירן אָן זיין פּערזענלעכן סטאַטוס, וויכטיקע אינטערעסן פון זיין פאַמיליע־לעבן) אָדער אַ איד, אָדער אַ קריסט, אָדער אַ מוסולמענער. ווען איינער איז ניט קיין איד (דאָס הייסט, ער אַנערקענט זיך ניט אַלס אַ מיטגליד פון דעם אידישן רעליגיעזן קיבוץ, אָדער ער איז ניט גרייט זיך אונטערצוואַרפן דער אויטאָריטעט פון דער „רבנות ראשית"), ניט קיין קריסט לויט זיינע איבערצייגונגען אָדער גלויבן (כאָטש ער איז געבוירן געוואָרן פון קריסטלעכע טאַטע־מאַמע און איז אַלס קינד אויך געטויפט געוואָרן), און ניט קיין מוסולמענער — האָט ער ניט, לויט דעם פּראָיעקט וואָס ליגט פאַר אונז, קיין אָפיציעלע אינסטאַנץ, צו וועלכער ער זאָל זיך קאָנען ווענדן אין די וויכטיקסטע ענינים פון „פּער־זענלעכן סטאַטוס". אויב ער זאָל זיך ניט וועלן ווענדן צו איינער פון די דריי רעליגיעזע געריכטן, ווייסט ער ניט ווי אַזוי צו לעגאַליזירן אָדער אפילו בלויז רעגיסטרירן זיין חתונה אָדער די געבורט פון אַ קינד; האָט ער ניט פון וועמען צו קריגן אַ גט; און עס איז ניט קלאָר אין וועמענס הענט וועט אַריינפאַלן זיין צוואה, אָדער ווער עס וועט באַשטימען וואָס צו טאָן מיט זיין ירושה און מיט זיינע יורשים, אויב ער לאָזט קיין צוואה ניט איבער. קיין סעקולערער, ניט־רעליגיעזער געריכט פאַר אַזעלכע ענינים ווערט אין דער קאָנסטיטוציע ניט פאָראויסגעזען. בעל־כרחו איז ער אָדער אַ איד, אָדער אַ קריסט, אָדער אַ מוסולמענער. זיין סתם אַ בירגער פון דער מדינת ישראל קאָן ער ניט. פאַרן אַטעאיסט אָדער אַגנאָסטיקער און פאַר דעם ביר־גער מיט זיינער אַ „פּריוואַטער רעליגיע" (אויב מ'מעג דאָ נוצן אַזאַ אויסדרוק) איז אין דער מדינה קיין פּלאַץ ניטאָ. מען דאַרף ניט נוצן קיין סך חריפות, כדי איינצוזען, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ קלאָרער פאַרלעצונג פונם פּרינציפּ פון גלייכבאַרעכטיקונג און פּערזענלעכער פרייהייט. דער שטאַט נעמט דורכדעם אָן דעם כאַראַקטער פון אַ „דרייפאַכער טעאָקראַטיע".

די מחברים פון דער קאָנסטיטוציע האָבן זיך אויך צו לייכט געמאַכט מיט זייער קלאַסיפיצירן די איצטיקע (און די קינפטיקע) באַפעלקערונג פון דער מדינת ישראל אויף דריי רעליגיעזע געמיינדעס. דער שרייבער פון די שורות פּרעטענדירט ניט קלאָר צו וויסן, צי דער מוסולמענישער ישוב איז דאָרט אין רעליגיעזן זינען „מעור אחד". יעדער ווייסט אָבער, אַז עס עקזיס־טירט דאָרט ניט אַזאַ דערשיינונג ווי אַ „קריסטלעכע געמיינדע". די קריסט־לעכע באַפעלקערונג פון דער מדינת ישראל איז אַ גאַנץ פאַרשיידנפאַרביקע. אַ פּראָטעסטאַנט, אַ רוימישער קאַטאָליק און אַ גריכישער אָרטאָדאָקס געהערן

ניט אין ערגעץ צו איין „קריסטלעכער געמיינדע״, אויך ניט אין ישראל. קיין באַזונדערס־אידילישע באַציאונגען צווישן זיי עקזיסטירן ניט, און כאָטש זיי זיינען אַלע קריסטן, לייגן זיי זייער גרויס געוויכט אויף די טעאָלאָגישע, ריטועלע און אַנדערע דיפערענצן וואָס צעטיילן זיי. עס איז דערפאַר ניטאָ (און עס איז אוממעגלעך צו שאַפן) אַזאַ זאַך ווי „דער העכסטער ראַט״ פון דער קריסטלעכער געמיינדע. קיינער וואָלט דאָרט ניט אַנערקענט די אויטאָ־ריטעט פון אַזאַ ראַט. גראַד אין אַ סך אַנגעלעגנהייטן פון „פערזענלעכן סטאַ־טוס״ אונטערשיידט זיך איין קריסטלעכע געמיינדע פון דער אַנדערער, און די אונטערשיידן זיינען אַמאָל גאַנץ ערנסטע. די מייסטע פּראָטעסטאַנטישע קירכן אַנערקענען ניט, למשל, דעם פאַרבאָט אויף חתונה פון שוועסטער־קינדער; פאַר די צוויי „קלאַסישע״ קירכן, די רוימישע און די גריכישע, איז דער פאַרבאָט גילטיק ביז היינט. די רוימיש־קאַטוילישע קירך אַנערקענט בכלל ניט קיין גט, אַ חוץ אין זייער זעלטענע, אויסערגעוויינטלעכע פאַלן („וואָס גאָט האָט צונויפגעבונדן, טאָר קיינער ניט אויפבינדן״); די גריכיש־אָרטאָ־דאָקסישע קירך אַנערקענט יאָ אַ גט, אָבער נאָר אין פאַלן, ווען עס איז נאָך אַ לאַנגער, פיינלעכער און, מ׳מעג זאָגן, גאַנץ „פּאָרנאָגראַפישער״ פּראָ־צעדור, פעסטגעשטעלט געוואָרן אָן אַ שמץ ספק, אַז איינער פון די צדדים האָט זיך פאַרזינדיקט מיט זייטיקע, אומגעזעצלעכע סעקסועלע באַציאונגען. טאָ ווי קאָנען זיי געהערן צו איין „קריסטלעכער געמיינדע״ און שטיין אונטער דער יוריסדיקציע פון איין רעליגיעזן געריכט? — ווי קאָן די צעשפּליטערטע קריסטלעכע באַפעלקערונג פון ארץ־ישראל — רוימישע קאַטאָליקן, גריכישע קאַטאָליקן, פּראָטעסטאַנטן פון עטלעכע מינים, אַביסיניער, אַרמענאָ־גרעגאָר־יאַנער — באַטראַכט ווערן אַלס „אַ געמיינדע״? זאָל מען שאַפן ספּעציעלע קירכלעכע געריכטן פאַר יעדער קריסטלעכער דענאָמינאַציע באַזונדער? און אחוץ דעם, פאַרוואָס און מיט וועלכן רעכט זאָל דער שטאַט צווינגען אַ בירגער, וואָס גילט אַלס קאַטאָליק, אַז ער זאָל זיך מוזן אונטערוואַרפן אין זיין פערזענלעכן סטאַטוס אַלע חומרות פון דער קאַטוילישער קירך, אויב ער איז גרייט זיי צו איגנאָרירן? פאַרוואָס זאָל ניט זיין אָן אַלגעמיינע רע־גירונגס אינסטאַנץ, צו וועלכער ער זאָל זיך קאָנען ווענדן, אויב ער וויל חתונה האָבן אָדער זיך גט׳ן אין אומשטענדן, אין וועלכע די קירך האָט אירן אַ ספּעציפישן גרונט זיין חתונה אָדער זיין גט ניט צו אַנערקענען? און פאַרוואָס זאָל איינער וואָס איז געבוירן געוואָרן אַ מוסולמענער מוזן זיין אונטערוואָרפן די אַנאַכראָניסטישע איסלאַם־געזעצן וועגן ירושה, אָדער וועגן באַציאונגען צווישן מאַן־און־ווייב און צווישן עלטערן און קינדער, אויב ער וויל פון דער מאַכט פון אַזעלכע געזעצן זיין פריי? זאָל די קירך טאָן מיט אים וואָס זי וויל אָדער וואָס ס׳איז פאַר געוויסע פאַלן פאַרגעשריבן אין

איר קאַנאָניש רעכט; זאָל זי אים מחרים זיין, צונעמען ביי אים זיין חלק עולם־הבא; אָננעמען קעגן אים אַנדערע רעפּרעסיעס — מיט דער מדינה האָט דאָס ניט צו טאָן, און דעם בירגער דאַרף געגעבן ווערן די מעגלעכקייט, אויב ער וויל, פון אַזעלכע סאַנקציעס זיך ניט וויסנדיק צו מאַכן.

מיר האָבן דאָ אויסגערעכנט אַ צאָל קריסטלעכע גרופּן אין דער רעלאַטיוו ניט־גרויסער ניט־אידישער באַפעלקערונג פון דער מדינת ישראל. עס זיינען אָבער דאָרט פאַראַן גרופּן בירגער, וואָס קאָנען ניט קלאַסיפיצירט ווערן ניט אַלס אידן, ניט אַלס מוסולמענער און ניט אַלס קריסטן. די באַהאַי־גרופּע אין חיפה האָט זיך אירע אַן אייגענע רעליגיע, און ווען ס׳וועט קומען צו דער אָרגאַניזאַציע פון רעליגיעזע געריכטן, וועט ניט זיין קיין גרונט זי צוצוטיילן צו וועלכער ניט איז פון די דריי דערמאָנטע געמיינדעס. עס וועט זיין אָפּ־הענגיק פון די ענדגילטיקע גרענעצן, וואָס וועלן איינגעשטעלט ווערן פאַר דער מדינת ישראל, וויפל דרוזן עס וועלן זיך אין איר געפינען. אָבער ווער זיינען דרוזן? קיין אידן זיינען זיי זיכער ניט. זיי זיינען אויך ניט קיין קריסטן, טראָצדעם וואָס ישו־הנוצרי איז פאַר זיי איינע פון די אינקאַרנאַציעס אין וועלכע גאָט האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר דער וועלט. זיי זיינען ניט קיין מאַכמע־דאַנער, טראָצדעם וואָס מעקאַ איז פאַר זיי אַ הייליקער פּלאַץ. זיי זיינען אויך ניט קיין געצנדינער. זיי האָבן, אמת, אין זייער ריטואַל געוויסע עלעמענטן וואָס דערמאָנען אין אַן אַמאָליקער עבודה־זרה (וועלכע מאָנאָטעאיסטישע רע־ליגיע איז פון אַזעלכע עלעמענטן אינגאַנצן ריין?), אָבער אחדות־הבורא איז פאַר זיי אַ פונדאַמענטאַלער און אַ גאַנץ טיפער באַגריף. זיי האָבן זייערע אייגענע מצוות אין שייכות מיט טהרת המשפחה, און פּרויען פאַרנעמען אין זייער סאָציאַלן לעבן און אויך אין רעליגיעזע פונקציעס אַ סך אַ העכערן פּלאַץ ווי אין דער סיסטעם פון איסלאַם. צו וועלכן געריכט וועלן זיי זיך דאַרפן ווענדן?

אָבער אויך אידן אין דער מדינת ישראל זיינען ניט אינגאַנצן קיין האָמאָ־גענער קיבוץ. עס זיינען פאַראַן אין ארץ־ישראל אָריענטאַלישע עדות וואָס האָבן ניט אָנגענומען דעם חרם דרבנו גרשם, און זיי פּראַקטיצירן נאָך ווייטער ביז היינט פּאָליגאַמיע. זאָל דער אידישער בית־דין זיי פאַרבאָטן צו נעמען מער ווי איין פרוי, אָדער ער זאָל אָנערקענען אין אידישן דין פאַר איין געמיינדע און אַ צווייטן און אַנטקעגנגעזעצטן דין פאַר מיטגלידער פון אַן אַנדער קהילה? וואָס וועט זיין אין ישראל דער סטאַטוס פון קאָנסער־וואַטיווע (ניט־אָרטאָדאָקסישע) שולן און רבנים? וועלן חתונות און גט׳ן וואָס וועלן אויטאָריזירט ווערן פון אַזעלכע רבנים זיין גילטיק פאַרן אידישן רעליגיעזן בית־דין, וואָס וועט מסתמא באַשטיין פון בלויז אָרטאָדאָקסן, אָדער ניט? און וועלן די קינדער פון אַזעלכע חתונות אָנערקענט ווערן פון

יענעם בית־דין פאַר „כשר׳ע״ אָדער, חס וחלילה, געשטעמפּלט ווערן אין די אָפיציעלע דאָקומענטן אַלס „ממזרים״? וואָס וועט זיין דער סטאַטוס לגבי דער אַלגעמיינער און אָפיציעל־אָנערקענטער „אידישער געמיינדע״, פון, לאָמיר זאָגן, אַזאַ קאָנגרעגאַציע ווי די ניו־יאָרקער „סאָסייעטי פאַר אַדוואַנס־מענט אָף דזשודאַאיזם״, וועלכע האַלט ניט אַז די אמונה פון „אתה בחרתנו״ איז אָבליגאַטאָריש פאַר אַ מאָדערנעם אידן? אָדער זאָלן מיר זאָגן, אַז אַזעלכע רעליגיעזע „יוצא־דופנ׳ס״ מעגן עקזיסטירן אין גלות, אין אַמעריקע, נאָר זייער עקזיסטענץ טאָר ניט דערלאָזט ווערן אין דער מדינת ישראל, וואו יעדער איד, צי ער וויל צי ער וויל ניט, מוז זיין סובאָרדינירט צו דער אָרגאַניזירטער אָרטאָ־דאָקסיע? און וואָס זאָל זיין דער סטאַטוס אין ישראל פון רעפאָרמירטע אידן, און צי מעגן זיך דאָרט באַזעצן און פונקציאָנירן רעפאָרם־רבנים, וואָס, אגב, אייניקע פון זיי פאַרנעמען פירנדיקע פּאָזיציעס אין וועלט־ציוניזם? וועלן זיי זיין אַ לעגיטימער טייל פונם אידישן בית־דין, אָדער בלויז „אונטער־טאַנען״ פון אַן אָרטאָדאָקסישן בית־דין? מעג דער שטאַט אויך זיי דעלעגירן אַ טייל פון זיינע פולמאַכטן אין פראַגן פון פּערזענלעכן סטאַטוס?

מיר שטעלן די אַלע פראַגן, ווייל דער קאָנסטיטוציע־פּראָיעקט, אַנשטאָט צו פאַראיינפאַכן די ענינים פון פּערזענלעכן סטאַטוס, מאַכט זיי אַ סך קאָמ־פּליצירטער און פאַרפּלאָנטערטער. אפילו אין ענגלאַנד, וואו די קירך געניסט נאָך אַן אָפיציעלן סטאַטוס, זיינען פאַראַן געוויסע פרייהייטן, וואָס די מחברים פון דער אידישער קאָנסטיטוציע האָבן ניט געשטרעבט צו פאַרזיכערן פאַר די ישראל בירגער. דער קעניג פון גרויס־בריטאַניע איז נאָך ביזן היינטיקן טאָג דער הויפּט פון דער קירך (אמת, ער איז, אויב עמעצער פאַרשטייט ווי אַזוי ער מאַכט עס, אַן אַנגליקאַנער אין ענגלאַנד און אַ פּרעסביטעריאַנער אין שאָטלאַנד...), און ענדערונגען אין דעם אָפיציעלן געבעט־בוך קאָנען דאָרט געמאַכט ווערן נאָר דורכן פּאַרלאַמענט (אין אונזערע צייטן קלינגט אַזאַ סדר גאַנץ הומאָריסטיש: לעגאַליסטיש גערעדט, זיינען אידן־מיטגלידער פון פּאַרלאַמענט, ווי אויך קאַטאָליקן און די פּאָר קאָמוניסטן וואָס זיצן אין „האַוז אָף קאָמאָנס״, באַרעכטיקט מיטצובאַשטימען, וואָס פאַראַ תפילות עס זאָלן אָדער עס זאָלן ניט געדאַוונט ווערן אין דער ענגליש־פּראָטעסטאַנטישער קירך). פונדעסטוועגן, איז דער באַגריף פון ציווילער חתונה און ציווילן גט ניט פרעמד דער ענגלישער געזעצגעבונג און פּראַקטיק. דער בירגער איז דאָרט ניט צוגעשמידט אין די דאָזיקע אָנגעלעגנהייטן צו אַ באַשטימטער קירכן־אָרגאַניזאַציע.

דאָ קומען צו ניט ווייניק אַנדערע פראַגן, וואָס מאַכן די זאַך נאָך קאָמפּליצירטער. די רעליגיעזע געריכטן דאַרפן, לויטן פּלאַן, אויסגעהאַלטן ווערן אויפן חשבון פון דער מלוכה. מיט וואָס פאַר אַ רעכט, מעג מען פרעגן,

זאָל אַ פרומער איד געצוואונגען ווערן צו צאָלן שטייערן אין דער אידישער מדינה אויף אויסצוהאַלטן, לאָמיר זאָגן, אַ רוימיש־קאַטוילישן געריכט? אָדער האָבן די מחברים פון דער פאָרגעשלאָגענער קאָנסטיטוציע געטראַכט, אַז יעדע געמיינדע וועט צאָלן באַזונדער ספּעציעלע שטייערן אויף אויסצו־האַלטן אירע געריכטן, און דער אידישער מדינה וועט זיין דער אויפמאָנער און דער אַרויפצווינגער פון אַזעלכע שטייערן? עס קאָנען אויך אַנטשטיין קאָנפליקטן מיטן קאָנאָנישן רעכט פון איניקע רעלי־גיעזע גרופּן. עס איז דעם שרייבער ניט קלאָר, צי איז, פון שטאַנדפּונקט פון רוימיש־קאַטוילישן אָדער גריכיש־אָרטאָדאָקסישן רעכט, נאָרמאַל, אַז ריכ־טער פון זייערן אַ ריין־רעליגיעזן בית־דין זאָלן באַשטימט ווערן — אפילו בלויז סימבאָליש — ניט פון זייערע אייגענע העכערע אויטאָריטעטן (פון די וואָס האָבן אויף דעם ספּעציעלע „סמיכה״), נאָר פון דער וועלטלעכער מאַכט, אין דעם איצטיקן פאַל, אין דער מדינת ישראל, פונם פּרעזידענט פון דער רעפּובליק וואָס איז, אגב, גאַנץ שוואער זיך פאָרצושטעלן, אַז ער זאָל זיין, אין די באַדינ־גונגען פון דעם איצטיקן היסטאָרישן פּעריאָד, עפּעס אַנדערש ווי אַ איד.

אַ פולשטענדיקע פאַנאַנדערטיילונג צווישן רעליגיע (אין אונזער פאַל — רעליגיעס) און שטאַט וואָלט געווען אי יושר׳דיק, אי פּראַקטיש איינפאַכער און אדמיניסטראַטיוו לייכטער. די מדינה קאָן שאַפן פאַר אַלע בירגער אירע אַלגעמיינע, ריין סעקולערע אָרגאַנען, וואָס זאָלן האָבן צו טאָן מיט ענינים פון פּערזענלעכן סטאַטוס. דאָס הייסט ניט, אַז עס טאָר ניט זיין קיין פּלאַץ פאַר רעליגיעזע געריכטן — פאַר יענע בירגער, וואָס ווילן לעבן אונטער זייער יוריסדיקציע. אַזעלכע געריכטן קאָנען עקזיסטירן אַלס האַלב־פּריוואַטע און האַלב־עפנטלעכע אינסטיטוציעס, אויפן חשבון פון יענע גרופּן בירגער, וואָס ווילן זיי האָבן און זיינען גרייט זיי אויסצוהאַלטן. אַ חתונה וואָס אַזאַ געריכט האָט אָנערקענט דאַרף אָנערקענט ווערן אויך פונם שטאַט; אַ גט וואָס אַזאַ געריכט האָט אַרויסגעגעבן, קאָן אויך זיין גילטיק פאַרן שטאַט; און אויב יורשים ווילן זיך פאַרלאָזן אויף אַ רעליגיעזן געריכט אין דער פאַרטיילונג פון אַ ירושה, האָט פאַרן שטאַט קיין זינען ניט זיך אין דעם אַריינצומישן — פונקט ווי קיין שום שטאַט איז ניט קעגן דעם, אַז בירגער זאָלן לייזן צווישן זיך געוויסע סיכסוכים ניט אין אָפיציעלן געריכט, נאָר דורך אַ בוררות. די פראַגע איז ניט, צי די מדינת ישראל דאַרף טאָלערירן אַזעלכע געריכטן פאַר די וואָס אָנערקענען זיי. די מדינה קאָן אַפילו דעלעגירן, אויף געוויסע, קלאָר פאָרמולירטע באַדינגונגען, די רעליגיעזע געריכטן באַשטימטע פונקציעס פון אַ שטאַטס־כאַראַקטער. אָפּגעפרעגט ווערט דאָ די אָבליגאַטאָרישקייט פון זייער יוריסדיקציע פאַר יענע בירגער — אַלץ איינס, ווי גרויס אָדער ווי קליין זייער צאָל זאָל ניט זיין — וואָס האָבן זייערן אַ גרונט, אַ ריכטיקן אָדער

אַ פֿאַלשן, זייער אויטאָריטעט ניט צו אָנערקענען. די ריין־ציווילע געריכטן דאַרפֿן פֿאַר זיי זיין אָפֿן אויך אין די אָנגעלעגנהייטן פֿון פּערזענלעכן סטאַטוס.

און צום סוף נאָך איין באַמערקונג. אין דעם אַרטיקל 77 פֿון דער פּראָ־יעקטירטער קאָנסטיטוציע לייענען מיר, צווישן אַנדערס, אַז „די קינפֿטיקע געזעצגעבונג אין ישראל זאָל זיך ריכטן לויט די פֿונדאַמענטאַלע פּרינציפּן פֿון אידישן רעכט", און אַז דאָרט וואו דער עקזיסטירנדיקער געזעץ גיט ניט קיין קלאָרע אָדער גענוגנדיקע הדרכה, „זאָלן זיך די געריכטן ווענדן (נאָך הדרכה) צו די דאָזיקע פֿונדאַמענטאַלע פּרינציפּן". אויב דער אַרטיקל זאָל באַטראַכט ווערן ניט בלויז אַלס אַ רעטאָרישער — געוויסע עלעמענטן פֿון רעטאָריק אָדער „דעקלאַמאַציע" זיינען פֿאַראַן כמעט אין יעדער קאָנסטיטוציע — ווייזט ער אָן דער קינפֿטיקער געזעצגעבונג און געריכט־פּראַקטיק אויף אַ זייער פֿאַרנעפּלטן און גאַנץ גליטשיקן וועג. וואָלט דער קריטעריום געווען דאָס עקזיסטירנדיקע אידיש־רעליגיעזע נאָרמאַטיווע רעכט, וואָלט דאָס, לכל־הפּחות, געווען אַ מער אָדער ווייניקער קלאָרע „אינסטרוקציע": דאָרט וואו מען ווייסט ניט ווי אַזוי צו פּסק'ענען, קוקט מען אַריין אין חושן־משפּט אָדער אין שאלות־ותשובות (אויב איינער איז גענוג אין זיי באַהאַוונט און מעג זיך לאָזן שווימען אין דעם דאָזיקן ברייטן ים) און מען געפֿינט אויס דעם דין. די מחברים פֿון דער קאָנסטיטוציע רעדן אָבער ניט וועגן „דין", נאָר וועגן די פֿונדאַמענטאַלע פּרינציפּן פֿון אידישער רעליגיעזער יוריספּרו־דענץ. אַזאַ „אינסטרוקציע" עפֿנט אויף דעם וועג פֿאַר ספּעקולאַציע און פֿרייער, גאַנץ סוביעקטיווער, אינטערפּרעטאַציע. דאָס פֿעסטשטעלן פֿון אַ פֿונדאַמענטאַלן פּרינציפּ — אָדער גאָר פֿון אַ גרונט־טענדענץ — אין אידישן רעכט וועט זיין אָפּהענגיק פֿון אינדיווידועלע אָפּשאַצונגען און ריין טעאָרעטישע גענעראַ־ליזאַציעס, און יעדער ריכטער וועט מאַכן זיינע פֿעסטשטעלונגען אין הסכם מיט זיין פּערזענלעכן הינטערגרונט און דערציאונג, אין הסכם מיט זיינע פּרעפֿערענצן און אייגענע מאָראַלישע ווערטן. דאָס איז אומגעפֿער דאָס זעלביקע ווי זאָגן, אַז מ'דאַרף משפּט'ן „ברוח היהדות", אין גייסט פֿון אידנטום: וויפֿל פֿאַרשיידענע פֿיזיאָנאָמיעס האָט אין די לעצטע דורות שוין באַקומען דער „גייסט פֿון אידנטום", לויט די אינדיווידועלע נייגונגען פֿון זיינע „פּאַרטרע־טיסטן"! ווי ריזיקאַליש אַזעלכע אַבסטראַקטע אינסטרוקציעס קאָנען זיין, וואָלטן אונז אַ סך געקאָנט דערציילן יוריסטן וואָס האָבן באַאָבאַכט דאָס געריכטס־וועזן אין סאָוועט־רוסלאַנד די ערשטע פֿאַר יאָר נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. קיין קאָדיפֿיצירט סאָוועטיש רעכט איז נאָך דעמאָלט ניט געווען בנמצא, האָט מען די ריכטער רעקאָמענדירט צו משפּט'ן לויט זייער רעוואָלוציאָנערן רעכטס־באַוואוסטזיין („רעוואָלוציאָנאַיע פּראַוואָסאָזנאַניע"). דאָס דאָזיקע באַוואוסטזיין האָט זיך אין צו פֿיל פֿאַלן אַרויסגעוויזן צו זיין

אי צו סוביעקטיוו, אי צו... עלאַסטיש. ווען ריכטער אין די קאָלאָניאַלע יאָרן פון אַמעריקע האָבן אין מאַסאַטשוסעטס און אין קאָנעטיקוט געקראָגן באַ־פעלן צו באַשטראָפן די שולדיקע לויט „גאָט׳ס געבאָט״, "according to the law of God," איז דאָס געווען אַ סך קאָנקרעטער, ווי דער דערמאָנטער אַרטיקל אין דעם פּראָיעקט פון דער אידישער קאָנסטיטוציע. פאַר געוויסע ספערן פון לעבן האָבן די פּוריטאַנער פון יענע יאָרן באַטראַכט תורת־משה פאַרן הויפּט־מורה־דרך. אמת, זיי האָבן איניקע געזעצן פון תורת־משה גע־טייטשט אפשר צו בוכשטעבלעך און האָבן דערפאַר טאַקע פּראַקטיצירט דעם באַפעל „מכשפה לא תחיה״ (אין שפּעטערע יאָרן האָט דאָס געגעבן וואַשינגטאָן אירווינג די געלעגנהייט סאַרקאַסטיש צו באַמערקן, אַז די ניי־ענגלענדער וואָס זיינען געווען שטאַרק פאַרנומען מיט פּיאָנערישער אַרבעט, האָבן געפונען פאַר נויטיק זיך צייטווייליק צו לאָזן רעגירן פון גאָט׳ס געזעצן, ביז זיי וועלן האָבן פרייע צייט אַליין צו מאַכן פאַר זיך בעסערע געזעצן)... עס איז נאַטירלעך ניט לייכט — באַזונדערס פאַר אַ ניט־פאַכמאַן — אָנצואווייזן ווי אַזוי געריכטן אין דער יונגער מדינת ישראל זאָלן זיך אָריענטירן אין יענע פאַלן, פאַר וועלכע קיין קלאָרער געזעץ איז נאָך ניט אָנגענומען געוואָרן און די אַלטע געזעצן פון דער מאַנדאַט־אַדמיניסטראַציע זיינען ניט אין הסכם מיט דער קאָנסטיטוציע. עס וועט זיך מסתמא פאָדערן אַ צאָל יאָרן ביז די יונגע מדינת ישראל וועט באַווייזן אויסצואַרבעטן איר אייגן סיסטעם פון, ציווילן און קרימינעלן, נאַרמאַטיוון רעכט, און די געריכטן וועלן זיך דערווייל נויטיקן אין אַ געוויסער צייטווייליקער הדרכה. עס מוזן אָבער פאַר אַזאַ הדרכה געזוכט ווערן אַנדערע, מער רעאַליסטישע מעטאָדן. די מעטאָדע, מיט וועלכער עס ווילן יוצא זיין די מחברים פונם פּראָיעקט, איז, אין בעסטן פאַל, אַן אַבסטראַקציע.

אונזערע באַמערקונגען האָבן אפשר ביי געוויסע לייענער אַרויסגערופן דעם איינדרוק, אַז זיי זיינען געשריבן געוואָרן מיט אַן אַנטי־רעליגיעזער טענדענץ. מיר זיינען אָבער זייער ווייט פון זוכן „עוקר מן השורש״ צו זיין רעליגיע בכלל, אידישע רעליגיע ספּעציעל. מיר שטעלן זיך אויך ניט פאַר, אַז אין דעם לעבן וואָס וועבט זיך און וועט זיך אויסקריסטאַליזירן אין דער מדינת ישראל זאָל אידישע טראַדיציע ניט שפּילן אַ געוויסע באַרייכערנדיקע און באַפרוכפערנדיקע ראָל. עס איז ניט אויסגעשלאָסן, אַז אידיש רעליגיעז לעבן זאָל ערשט איצט אָנהויבן קריגן זיין נייעם תיקון אין דער סטימולירנ־דיקער „לאַנדשאַפט״ פון אַ אידישער מדינה. אַ פרומער איד האָט זיכער אַ רעכט פאַר זיין האָפענונג, אַז שיבת ציון וועט באַגלייט ווערן פון אַ אידישן רעליגיעזן רענעסאַנס. אַזאַ רענעסאַנס, אויב אים איז טאַקע באַשערט צו קומען, דאַרף אָבער קומען „ממילא״, שעפעריש־ספּאָנטאַן, ניט מיט מיטלען פון „פּראָטעקציאָ־

ניזם" מצד דעם שטאַט. די מדינה דאַרף נאָר פאַרזיכערן פאַר די גלויביקע אַלע מעגלעכקייטן, אַז זיי זאָלן זיך קאָנען פול און אומגעשטערט אויסלעבן אין גייסט פון זייער אמונה און אין הסכם מיט זייער טראַדיציע. קיין אַנדערע פליכטן צו זיי קאָן די רעפובליק ניט האָבן. זי טאָר ניט אַרויפצווינגען אויף אַנדערע בירגער ניט קיין אמונה, ניט קיין טראַדיציאָנעלן נוסח פון לעבן, ניט די מאַכט פון רעליגיעזע אויטאָריטעטן. דאָס איז בכלל ניט קיין ענין פון צוואַנג. מחזיר זיין די, וואָס זיינען, לאָמיר זאָגן, אַראָפּגעגאַנגען פונם דרך הישר (אינם רעליגיעזן זינען פון וואָרט) קאָן מען נאָר אין פרייהייט, ניט דורך רעגימענטאַציע. אָרגאַניזירטע רעליגיע מעג און דאַרף זוכן דאָס צו טאָן דורך השפעה, ניט דורך שררה; מיט איר אייגענעם, אינעווייניקסטן, גייסטיקן כוח — ניט מיטן כוח פונם ריכטער און פּאָליציסט...

1949

# פּאַטריאָטיזם און לאָיאַליטעטן

עס לייגט זיך אויפן שכל אַז אין דער צוקונפט — ניט דווקא אין דער גאָר ווייטער — וועט מען אומעטום באַטראַכטן די עקזיסטענץ פון באַזונדערע נאַציאָנאַלע סואווערעניטעטן און די לאָקאַל־פּאָליטישע פּאַטריאָטיזמען און לאָיאַליטעטן פון אונזער עפּאָכע פאַר עלעמענטן פון אַן אָפּגעשטאָרבענער ציוויליזאַציע. עס איז כלל ניט אויסגעשלאָסן, אַז די שייכות׳ן אין וועלכע דער יחיד געפינט זיך היינט צו זיין לאָקאַל־געאָגראַפישער גרופּע, פאָלק, נאַציע אָדער רעליגיעז־עטנישן קיבוץ, וועלן שפּעטער מיט עטלעכע דורות מערער ניט פאַרמאָגן יענע סעפּאַראַט־פּאָליטישע און עמאָציאָנעלע באַטאָנונגען, וואָס כאַראַקטעריזירן דעם מאָדערנעם נאַציאָנאַליזם אָדער פּאַטריאָטיזם. באַזונדערע פּאַטריאָטיזמען וואָס זיינען היינט (אָדער קאָנען לייכט ווערן) שונאים איינער דעם אַנדערן — אַפילו דם־שונאים — וועלן דענסמאָל אפשר זיין ניט מער ווי לאָקאַל־קאָלירטע אַספּעקטן פון איינעם און דעמזעלביקן „וועלט־פּאַטריאָטיזם״, מיט אונזער גאַנצן פּלאַנעט אַלס — „פּאָטערלאַנד״.

די אידייע פון אַזאַ אוניווערסאַלן פאָטערלאַנד איז, כידוע, ניט קיין נייע. זי איז געווען ניט פרעמד אידישע נביאים און זי געפינט איר אויסדרוק אויך אין אונזער שפּעטערדיקער משיח׳יש־עסכאַטאָלאָגישער ליטעראַטור. אין דער גריכישער וועלט איז דיאָגענעס ניט געווען איינער אַליין צו באַהויפּטן, אַז דער איינציקער שטאַט וואָס האָט אַ רעכט צו עקזיסטירן, איז אַ וועלט־שטאַט, און מעלעאַגער, דער פּאָעטער פון דער גריכישער אַנטאָלאָגיע, איז געגאַנגען נאָך ווייטער פון אים. אַנשטאָט פּאָטערלאַנד, האָט ער גענוצט דאָס וואָרט מוטערלאַנד (דער אונטערשייד אין טערמינאָלאָגיע איז דאָ געווען ניט קיין צופעליקער), און אַלע מענטשלעכע ברואים האָבן, אין זיינע אויגן, געלעבט אין דעם שויס פון איינער און דערזעלביקער „מוטער״ — פון קאָסמאָס. אַריסטאָטעל מיט זיין מער עמפּירישן בליק אויף סאָציאַל־פּאָליטישע פּראָבלעמען וואָלט, נאַטירלעך, אַזאַ קאָסמאָפּאָליטישע, אָדער גאָר מיסטיש־קאָסמאָלאָגישע אויפפאַסונג פון „פּאַטריאָטיזם״ ניט אָנגענומען: די גרענעצן פון אַ שטאַט האָבן, לויט זיין אויפפאַסונג, געדאַרפט באַשטימט ווערן, אַזוי צו זאָגן, לויטן „תחום פון קול״ — אויף אַ שטח, אויף וועלכן אַ בירגער׳ס שטים, אין פּשוט׳ן, פיזישן זינען פון וואָרט, קאָן געהערט ווערן. (מיר וועלן זיך ווייניקער חידוש׳ן אויף דעם „פּראָווינציאַליזם״ פון אַריסטאָטעל, וועלכער האָט סוף־כל־סוף געלעבט אין אַ וועלט־געגנט וואָס איז באַשטאַנען פון אַ

צאָל קליינע מוניציפּאַליטעט־שטאַטן, ווען מיר ווען זיך דערמאָנען אָן דעם ענטפער אויף דער פראַגע, ווי גרויס אַ שטאַט דאַרף זיין, וואָס איז געגעבן געוואָרן אין אַמעריקאַנער „פעדעראַליסט": די נאַטירלעכע גרענעץ איז אַזאַ דיסטאַנץ פונם צענטער, וואָס זאָל מעגלעך מאַכן די דערווײלטע פאַרטרעטער זיך צוזאַמענצוקומען אַזוי אָפט, ווי די אומשטענדן וועלן עס פאָדערן). אָן אַריסטאָטעל פונם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט וואָלט זיכער געדענקט אַנדערש ווי דער אַמאָליקער סטאַגירא־פילאָסאָף: די דיסטאַנץ צווישן טאָקיאָ און וואַ־שינגטאָן איז היינט אַ „קלענערע" ווי זי איז אין אַריסטאָטעל'ס צייטן געווען צווישן אַטען און ספּאַרטאַ. די אַלטערטום־אוטאָפּיעס וועגן פּאָליטישן אוני־ווערסאַליזם וועלן אין אונזערע צייטן אַליך מער מסוגל רעאַליזירט צו ווערן.

אָבער ווי רעאַליזירבאַר מ'זאָל שוין היינט ניט באַטראַכטן די אידייע פון אַן אוניווערסאַלן שטאַט, וואָס זאָל זיין אויפגעבויט אויף אַ פעדעראַטיוון פּרינציפּ און אויף דער באַזע פון לאָקאַל־נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיעס, וועלן מיר נאָך מסתמא ניט ווייניק יאָרן זיך מוזן רעכענען מיט אַ גרויסער צאָל פּאָליטישע סואווערעניטעטן, אויך מיט אייפערזיכטיקע נאַציאָנאַליסטישע פאָדערונגען און איבערבאַטאָנונגען. די אַנטשטייאונג פון ישראל אַלס אַ נייע סואווערעניטעט שטעלט דערפאַר פאַר געוויסע שיכטן פונם אידנטום אַ ניי פּראָבלעם — צי געפינט זיך ניט זייער לעבעדיקער און אַקטיווער אינטערעס אין דעם אויסבוי און אין דער פאַרפעסטיקונג פונם אידישן שטאַט אין אַ געוויסער סתירה צו זייער פּאַטריאָטיזם אַלס איינוואוינער און בירגער פון די לענדער וואו זיי געפינען זיך. סיי אין ענגלאַנד און סיי אין אַמעריקע האָבן שוין איינצלנע אידישע אָרגאַניזאַציעס און קערפּערשאַפטן (און ניט שטענדיק אַנטי־ציוניסטישע) געמאַכט ספּעציעלע דערקלערונגען וועגן דער גאַנצקייט פון זייער פּאַטריאָטיזם און לאָיאַליטעט, וואָס וועלן ניט אַפעקטירט ווערן פון דעם פאַקט וואָס אין ארץ־ישראל איז אַנטשטאַנען אַ אידישע מדינה. עס איז שווער צו זאָגן, אין וועלכער מאָס אַזעלכע דערקלערונגען וועלן ווירקן איבערצייגנדיק אויף יענע קרייזן פון דער ניט־אידישער וועלט וואָס מיינען אַז זיי האָבן אַ גרונט חושד צו זיין פּראָ־ציוניסטישע אידן אין מאַנגל פון פּאַטריאָטיזם אָדער אין געשפּאָלטענער לאָיאַליטעט. פאַר אַ פּאַטאָלאָגיש איי־פערזיכטיקער פּרוי עקזיסטירט ניט קיין טרייער מאַן און פאַר אַ פּאַטריאָט וואָס באַטראַכט דעם שטאַט אַלס דעם אָביעקט פון אַבסאָלוטער לאָיאַליטעט, צו וועלכער אַלע אַנדערע לאָיאַליטעטן דאַרפן סובאָרדינירט ווערן, צו אַלע צייטן און אונטער אַלע באַדינגונגען (אָדער פאַר אַזעלכן וואָס פּרעטענדירט צו האָבן אַזאַ אויפפאַסונג) שטייען אַלע אַנדערע מיטבירגער אונטער שטענדיקן פאַרדאַכט פון פּאַקטישן אָדער מעגלעכן, פּאָטענציעלן פאַרראַט. פאַרן געצנ־דינער פונם שטאַט — פון זיין שטאַט — איז יעדער ניט־געצנדינער אַ

פאַררעטער, אין מענטאַליטעט אויב ניט אין זיינע קאָנקרעטע האַנדלונגען. וואָס, אַ שטייגער, האָט געמיינט אין זיין עקסטרעם־נאַציאָנאַליסטישן פּעריאָד אַ שרייבער ווי אַנדרע זשיד, אין אַ בריוו צו זיינע פריינט — „אויב דאָס ראַטעווען אַן אומשולדיקן דרייפוס איז פאַרבונדן מיט ברענגען אַ געוויסן שאָדן דעם פראַנצויזישן שטאַט, מוז אַלץ געטאָן ווערן אַז דרייפוס זאָל ווערן שולדיק און פראַנקרייך זאָל בלייבן אומבאַפלעקט״?

זשיד האָט סובאָרדינירט אַלע אַנדערע ווערטן און לאָיאַליטעטן צו דער „העכסטער״ לאָיאַליטעט וואָס ער האָט אין יענער צייט פאַרמאָגט — לאָיאַליטעט צום „פאָטערלאַנד״, אפילו ווען דאָס פאָטערלאַנד איז ניט לאָיאַל צו זיך אַליין און צו זיין טיפערן וועזן. צום סוף פונם יאָרהונדערט האָט נאָך אין ערגעץ ניט עקזיסטירט דער באַגריף פונם מאָדערנעם טאָטאַליטאַרן שטאָט, אָבער די עבודה זרה פון נאַציע, פאָטערלאַנד, שטאָט האָט שוין דענס־מאָל געהאַט ניט ווייניק כוהנים. און ווען פאַר אַנדרע זשיד איז געשטאַנען די ברירה: דער אמת אָדער „פראַנקרייך״, גערעכטיקייט און אומקאָרופּטע יוסטיץ אָדער דאָס „פאָטערלאַנד״, האָט ער אויסגעקליבן דאָס צווייטע. די וואָס האָבן געשטעמפּלט אַנאַטאָל פראַנס אַלס פאַררעטער און האָבן זיך נוקם געווען אַן עמיל זאָלאַ דורך אויסשליסן אים פונם ערן־לעגיאָן פאַרן חטא פון פאַרטיידיקן דרייפוס׳ן קעגן „פראַנקרייך״, האָבן אַפילו אין דער סאַמע היץ פונם קאַמף ניט באַהויפּטעט, אַז יענע האָבן ניט קיין באַציאונג אָדער קיין וואַרעמע געפילן צום פאָטערלאַנד. פאַקטיש האָבן די פראַנצויזישע נאַ־ציאָנאַליסטן פון יענער צייט זיי באַשולדיקט (כאָטש זיי האָבן דעם אויסדרוק ניט גענוצט) אין „טאָפּעלער לאָיאַליטעט״, און אין שטעלן אַ „צווייטגראַדיקע״ לאָיאַליטעט — צום אמת, צו גערעכטיקייט, צו אומפּאַרטייאישער יוסטיץ און צו דער רעפּובליק׳ס מאָראַלישער פיזיאָנאָמיע — העכער פון זייערע פּאַטריאָ־טישע פליכטן צו „פראַנקרייך״. וואָלטן זיי געווען ענגלענדער אין די צייטן פון דער רעוואָלוציע, וואָלטן זיי זיכער דיזעלביקע באַשולדיקונג אין „טאָפּעלער לאָיאַליטעט״ געמאַכט קעגן מילטאָנ׳ען. פאַר די ענגלישע פעטיש־פּאַטריאָטן פון יענעם פּעריאָד איז דער קעניג געווען אומגעפער דאָסזעלבע וואָס די אַרמיי איז געווען פאַר די פראַנצויזישע נאַציאָנאַליסטישע עבודה־זרה׳ניקעס בשעת דעם דרייפוס־פּראָצעס — דער סימבאָל פונם פאָטערלאַנד און דער העכסטער אָביעקט פון לאָיאַליטעט. מילטאָן וועלכער האָט מוטיק געפּריידיקט דאָס רעכט פונם פאָלק הינצוריכטן דעם קעניג, אויב ער איז אַ טיראַן, און האָט פאַרגעוואָרפן אַ צאָל פּוריטאַנער אַז זיי ליידן פון אַ געפיל פון פאַררעטערישער רחמנות („סעדישאָס פּיטי״) צום טרעגער פון דער קרוין, האָט ניט געלייקנט אַז די „קרוין״ אַלס אינסטיטוציע איז אָדער קאָן זיין אַן עלעמענט און אַ סימבאָל פון ענגלישן פּאַטריאָטיזם. דאָס פּראָבלעם וואָס איז פאַר אים גע־

שטאַנען איז געווען אַ פּראָבלעם פון ברירה: וועלכע לאָיאַליטעט איז העכער אין דער געגעבענער היסטאָרישער סיטואַציע? אויף דער דאָזיקער פראַגע האָט ער קלאָר און איינפאַך געענטפערט, אַז ווען די ברירה איז, אָדער קעניג טשאַרלז אָדער קעניגין אמת, אַנטשיידעט ער זיך פאַר דער קעניגין. ער איז דערביי געווען זיכער, אַז דינען דער קעניגין אמת, איז ניט נאָר אין דער באַשטימטער פּאָליטישער סיטואַציע אין וועלכער ענגלאַנד האָט זיך דענס־מאָל געפונען, נאָר אין אַלע צייטן און אונטער אַלע באַדינגונגען, אין לעצטן היסטאָרישן חשבון, אַ סך מער פּאַטריאָטיש ווי שאַנעווען דעם קעניג טשאַרלז.

עס איז איצט אין פּלאַץ צו דערמאָנען אַז דאָס וואָס מ׳איז גרייט צו באַצייכענען אַלס „טאָפּעלע לאָיאַליטעט״ האָט אַ שייכות ניט בלויז צו אַזעלכע בירגער, וואָס קאָנען האָבן קולטור־עמאָציאָנעלע „צוגעבונדנקייטן״ צו דער באַפעלקערונג פון אַן אַנדער סואווערענעם לאַנד, ווי דאָס, אין וועלכן זיי לעבן און איבן אויס זייער בירגערשאַפט מחמת זייער עטנישן אָפּשטאַם. דאָס איז הל אויך אויף, אַזוי צו זאָגן, „נאָרמאַלע״ בירגער, וואָס האָבן ניט קיין באַזונדערע עטנישע שייכות׳ן, אַחוץ די וואָס פאַר־בינדן זיי מיט דער מאַיאָריטעט אָדער מיט דעם הויפּט־שטאַם פון זייער שטאַט׳ס באַפעלקערונג, און וואָס טראָגן ניט אין זייערע הערצער קיין נאָס־טאַלגיע־געפילן צו וועלכן ניט איז אַנדער לאַנד. די דוכאָבאָרן אין רוסלאַנד, די הוטעריטן און די מענאָניטן אין דייטשלאַנד, און די קוועיקער׳ס אין ענג־לאַנד און אין אַמעריקע זיינען געשטאַנען (שטייען אויך היינט אין אַ געוויסער מאָס) פאַר אַ ברירה פון לאָיאַליטעטן, כאָטש עטניש און טעריטאָריעל־פּאָלי־טיש איז ניט געווען קיין שום אונטערשייד צווישן זיי און דעם רוב מנין פון דער באַפעלקערונג אין זייערע באַטרעפנדיקע לענדער. דער קאָנפליקט צווישן זיי און די פּאַטריאָטישע מלוכה־פעטישיסטן וואָס האָבן זיי באַקעמפט, איז באַשטאַנען ניט אין אַ סתירה צווישן צוויי נאַציאָנאַלע לאָיאַליטעטן, וואָס האָט נאָך געקאָנט זיין, לאָמיר זאָגן, צוריק מיט עטלעכע און צוואַנציק יאָר ביי אַן אירלענדער וואָס האָט געלעבט אין ענגלאַנד. אין אַ געוויסן זינען איז דער קאָנפליקט געווען אַ סך אַ טיפערער און אַ מער פונדאַמענטאַלער: די סתירה צווישן אַרויסגעצוואונגענע פליכטן פון אַ פּאָליטישן און אַנטי־רעליגיעזן כאַראַקטער, פון איין זייט, און דירעקטע עטיש־רעליגיעזע, אָדער אַזוי צו זאָגן, טראַנסצענדענטאַלע פליכטן, פון דער אַנדערער זייט. דאָס איז אייגנטלעך דערזעלביקער צוזאַמענשטויס צווישן לאָיאַליטעטן פון אַ רעלאַטיוון ווערט און רעלאַטיווער אָבליגאַטאָרישקייט, און לאָיאַליטעטן פון אַן אַבסאָלוטן ווערט און פון אַ מער מעטאַפיזישן כאַראַקטער, וועלכער האָט באַשעפטיקט שוין צוריק מיט דריטהאַלבן טויזנט יאָר ניט נאָר סאָקראַטעס׳ן און פּלאַטאָנ׳ען,

נאָר אויך די גריכישע טראַגיקער, און ספּעציעל סאָפאָקלעס. אַנטיגאָנע ווייסט, אַז איר ברודער פּאָליניקעס, וואָס איז געפאַלן אויפן שלאַכטפעלד, איז באַ־גאַנגען פאַרראַט קעגן זיין פאָטערלאַנד, אַז דער קעניג האָט אַ רעכט, לויט די געזעצן פון שטאַט, אַרויפצולייגן אויף דעם טויטן שונא דעם עונש וואָס איז פאַרגעשריבן פאַר אַזעלכע פאַלן: „לאָזט אים בלייבן אומבאַווײנט און אומבאַגראָבן, לאָזט די פויגל וואַכן איבער זיין קערפער און פרעסן פון אים וויפיל זיי ווילן". זי ווייסט אָבער אויך פון אַן אַנדער קעניגרייך, וואו עס הערשן געטער, ניט קיין מלך־בשר־ודם. זי איז פאַראַלעל אַ בירגערין אויך אין יענעם קעניגרייך פון אייביקייט, און לויט די געזעצן פון יענעם „שטאַט", ווי זי פאַרשטייט זיי, טאָר זי ניט לאָזן דעם קערפער אויך פונם גרעסטן פאַרברעכער אומבאַגראָבן און אומבאַווײנט: אַ מת אָן אַ קבר ווערט אויף אייביק אָפּגעשניטן אויך פון „יענער" וועלט, אויך פון דער אייביקייט. זי ווערט דערפאַר אַליין אַ מורדת במלכות, ווען זי באַזאָרגט פּאָליניקעס מיט אַ קבר און מיטן ריטואַל פון קבורה. זי איז באַגאַנגען, ווי זי דריקט זיך אַליין אויס, „אַ הייליק פאַרברעכן" — אַ פאַרברעכן לויט דער אויפפאַסונג פון שטאַט, אַ הייליקע טאַט לויט די פאָדערונגען פון די געטער. אויף אַנטיגאָנע'ס וועג — אויפן וועג פון סובאָרדינירן פּאָליטישע לאָיאַליטעטן צו דער רעלי־גיעזער „לאָיאַליטעט", פון שטעלן „דינא דשמיא" העכער פון „דינא דמלכותא" — האָט געזאָלט גיין דאָס קריסטנטום: דער דאָזיקער פּאַטאָס האָט זיך אָבער היסטאָריש אויסגעדריקט מערסטנטייל אין זיינע „אַפּיקורס'ישע" אָפּנויגן, ניט אין זיינע הויפּט־שטראָמען. די עצה פונם נייעם טעסטאַמענט, צו געבן צעזאַר'ן וואָס אים קומט, און גאָט וואָס אים קומט, קלינגט זייער אידיליש, אָבער אויך זייער אילוזאָריש. „צעזאַר" מאָנט ניט זעלטן אויך דאָס וואָס עס קומט דעם רבונו של עולם, און דער רבונו של עולם מאָנט גאַנץ אָפט און גאַנץ קאַטעגאָריש דאָס, וואָס „צעזאַר" פאָדערט פאַר זיך. די קאַטוילישע קירכע, וויפיל חטאים מיר זאָלן ניט האָבן קיין גרונט איר צוצושרייבן אַלס אַ גייסטיקן און פּאָליטיש־סאָציאַלן פאַקטאָר אין דער געשיכטע פון דער מערב־וועלט, איז דערפאַר געווען אי גערעכט, אי אַ סך נעענטער צום מקור און צום עכטן וועזן פון קריסטנטום, ווען זי האָט אַזוי לײדנשאַפטלעך פּראָטעסטירט קעגן דער פאָרמולע פון דער רעפאָרמאַציע, לויט וועלכער דער הערשנדיקער פירשט האָט אַ רעכט אַרויפצוצווינגען זיין רעליגיע אויפן גאַנצן לאַנד. דער קאַטאָליציזם האָט מיט רעכט געזען אין אַזאַ צוגאַנג אַן אַטענטאַט אויפן אינדיווידועלן געוויסן, אַ פאַרשטאַטלעכונג פונם בירגער'ס גייסטיקן לעבן, אַ פאַרזוך אַוועקצושטעלן טרייהייט צום פירשט, די דעמאָלטדיקע פאָרם פון פּאַטריאָטיזם, העכער פון אַלע אַנדערע פליכטן און לאָיאַליטעטן. עס איז נישט דאָ דער פּלאַץ זיך אָפּצושטעלן באַריכות אויף אַלע עטאַפּן, זיגזאַגן און

פּאַראַדאָקסן אין דער געשיכטע פונם קאַמף צווישן שטאַט און רעליגיע (אָדער קירכע) און אויף די פאַרשיידענע קאָמפּראָמיסן, אויפריכטיקע און אומאויפ־ריכטיקע, וואָס איין צד האָט געמאַכט דעם אַנדערן. מיר האָבן בלויז געוואָלט דערמאָנען אָן דעם פאַקט, אַז דאָס וואָס מיר באַצייכענען היינט אַלס „טאָפּעלע לאָיאַליטעט" אָדער אַלס פּאַטריאָטיזם מיט רעזערוואַציעס, איז, ערשטנס, ניט קיין נייע דערשיינונג, און, צווייטנס, אַז דער מאָדערנער דעמאָקראַטישער שטאַט האָט געמוזט שלום מאַכן מיטן פאַקט, אַז צווישן דער באַפעל־קערונג געפינען זיך מינאָריטעטן — פון דעמזעלביקן שטאַם און פלייש־און־בלוט, פון דעמזעלביקן שפּראַך־און־קולטור־קרייז ווי די מאַיאָריטעט — וועמענס פּאַטריאָטיזם אָדער דאָס וואָס ווערט קאָנווענציאָנעל אָנגענומען אַלס פּאַטריאָטיזם, איז ניט קיין „אַבסאָלוטער", און וואָס מאַכן עס גאַנץ קלאָר אַז סיי אין פּרינציפּ און סיי אין דער פּראַקטיק קאָן מען פון זיי ניט דער־וואַרטן, אַז זיי זאָלן שטעלן זייער לאָיאַליטעט צום שטאַט און זיינע פאָדערונגען העכער פון זייערע אַנדערע, פון זייער שטאַנדפּונקט וויכטיקערע און, אין אַ געוויסן זינען, איבער־פּאָליטישע לאָיאַליטעטן. נישט שטענדיק, אגב, ווערן מיטגלידער פון אַזעלכע מינאָריטעטן באַטראַכט פאַר מינדערוווערטיקע בירגער, טראָץ דעם וואָס אַלע ווייסן, אַז אין געוויסע קריטישע סיטואַציעס, ווי, למשל, אין צייט פון מלחמה, וועלן זיי זייערע אָפיציעל־פּאַטריאָטישע פליכטן ניט דערפילן. עס איז גענוג צו דערמאָנען אָן דעם הויכן סאָציאַלן אָנזען, וואָס עס געניסן די קוועיקערס סיי אין ענגלאַנד און סיי אין אַמעריקע. טאָרסטיין וועבלען איז אפשר גאָרניט געווען אַזוי אומגערעכט, ווען ער האָט געמאַכט אַן אונטערשייד צווישן דעם גוטן בירגער און דעם פּאַטריאָט, כאָטש ער האָט אויסגעדריקט זיין געדאַנק אין אַן עקסטרעם־פּאַראַדאָקסאַלער צו־להכעיס־פאָרם: „עס איז ניט פאַראַן וואָס עס זאָל שטערן אַ שלעכטן בירגער צו זיין אַ 'גוטער פּאַטריאָט', און עס איז פון גאָרניט געדרונגען אַז אַ גוטער בירגער זאָל, אין געוויסע פּרטים, ניט זיין אַ זייער גלייכגילטיקער פּאַטריאָט".

אַלס אידן האָבן מיר אָבער איצטער אַ באַזונדערן און אַקטועלן אינטערעס ניט אַזוי אין דער אַלגעמיינער פראַגע פון פּאַראַלעלע לאָיאַליטעטן און,אויב מען מעג זיך דאָ אַזוי אויסדריקן, פון דער היעראַרכישער אָרדענונג, אין וועלכער אַזעלכע פּאַראַלעלע לאָיאַליטעטן געפינען זיך ביי אַנדערע, ניט־עטנישע, גרופּן, ווי אין דער פראַגע, אויף וויפיל ציוניזם (אָדער, לאָמיר זאָגן, פּראָ־ציוניזם) געפינט זיך אין אין וועלכער ניט איז סתירה צו פּאָליטישע לאָיאַליטעטן אין אונזערע וואוין־לענדער. שטייט דער פּאַטריאָטיזם פון אַן אַמעריקאַנער אידן, וואָס קולטיווירט זיינע אידישע פאָלקס־שייכות'ן און זעט אין דער מדינת ישראל די פאַרקערפּערונג פון זיינעם אַן אייגענעם אידעאַל, אונטער אַ פראַגע־צייכן? איז ער, מעג ער זיך באַטראַכטן, מעג ער פאָדערן

פון אַנדערע אַז זיי זאָלן אים באַטראַכטן פאַר אַ גאַנצן אַמעריקאַנער (אין ענגלאַנד — פאַר אַ גאַנצן ענגלענדער), אָדער איז ער בלויז טיילווייז אַן אַמעריקאַנער, אַן אַמעריקאַנער מיט אַן „אָבער״? געהערט אַזאַ איד גלייכצייטיק צו צוויי „נאַציאָנאַליטעטן״, און אויב יאָ, צי קאָן מען זיך פאַרלאָזן אויף זיין פולער לאָיאַליטעט צו אַמעריקע? היות צווישן סאָוועריענע מדינות קומען פאָר פון צייט צו צייט קאָנפליקטן און צוזאַמענשטויסן — מיליטערישע אָדער בלויז פּאָליטישע — ווי אַזוי וועט אַ ציוניסטיש אָנגעהויכטער אַמעריקאַנער איד האַנדלען (אָדער אפילו בלויז וועלן האַנדלען?), אל תפתח פה לשטן, אין אַ קריטישער סיטואַציע, אין וועלכער זיינע „צוויי לאָיאַליטעטן״ וועלן זיך מיטאַמאָל אַרויסווייזן אומפאַראייניבאַר: ניט איינע לעבן דער אַנדערער, נאָר איינע קעגן דער אַנדערער? איז פאַר אַזאַ אידן אַמעריקע ניט מער ווי אַ „באָרדינג־הויז״ — מיר נוצן דאָ טעאָדאָר רוזוועלט׳ס אַן אויסדרוק, וועלכן טשאַרלס בירד האָט געהאַלטן פאַר נויטיק איבערצו׳חזר׳ן ערב דער לעצטער מלחמה, ווען ער האָט פאַרגעוואָרפן די ניט־אַנגלאָ־זאַקסישע אימיגראַנטישע גרופּן מאַנגל אין פּאַטריאָטיזם — אָדער אַ פאָטערלאַנד?

עס איז ניט וויכטיק, צי אַזעלכע פראַגן ווערן אונז שוין היינט געשטעלט אין אַמעריקע אָדער ניט, און צי זיי ווערן געשטעלט אין אַזאַ שאַרפער, כמעט „ברוטאַלער״ פאָרם, ווי מיר האָבן זיך דאָס דערלויבט צו טאָן. אַן ענטפער אויף אַזעלכע פראַגן איז אַן אַמעריקאַנער איד (און דער איד אין אַ צאָל דעמאָקראַטישע לענדער) שולדיק זיך אַליין. קלאָרקייט אין אַזאַ ענין און ערלעכקייט מיט זיך אַליין איז פאַר אים, אין אַ געוויסן זינען, אַ סאָציאַל־היגיענישע באַדערפעניש.

אפשר דאַרף מען צוליב דעם, פריער, אויפסניי דעפינירן דעם באַגריף פון פּאַטריאָטיזם, ווי ער ווערט היינט פאַרשטאַנען. אין מיטלאַלטער, ווי מיר האָבן שוין פריער דערמאָנט, איז דער הויפּט־אָביעקט פון פּאַטריאָטיזם אָדער לאָיאַליטעט (מ׳מעג אַפילו זאָגן, דער איינציקער אָביעקט) געווען דער דינאַסטישער הערשער, דער פּרינץ, דער קעניג. ס׳האָט דענסמאָל קיין רעדע ניט געקאָנט זיין וועגן לאָיאַליטעט צום שטאַט אַלס אַזעלכן, ווייל אין גרונט האָט ער גאָרניט פאַרמאָגט קיין באַזונדערע, אייגענע, עקזיסטענץ, אויסער דער פּערזאָן אָדער דער דינאַסטיע פונם הערשער. „ל׳עטאַ סע מואַ״ (דער שטאַט דאָס בין איך) איז ניט געווען קיין אויסדרוק פון אַ קיסר אַ בעל־גאווה, נאָר אַ מער אָדער ווייניקער אָביעקטיווע כאַראַקטעריסטיק פון דער פּאָליטישער פיזיאָנאָמיע פון די מייסטע שטאַטן. אין דער מאָס, אין וועלכער לאָיאַליטעט פונם אונטערטאַן (און זאָל דאָ אונטערשטראָכן ווערן: פונם אונטערטאַן, ניט פונם בירגער) צום הערשער און צו זיין פאַמיליע מעג אָנגערופן ווערן מיטן נאָמען „פּאַטריאָטיזם״, האָט דאָס נאַטירלעך געמוזט זיין

אַ זייער אייפערזיכטיקער פּאַטריאָטיזם. עס איז אוממעגלעך צו זיין אין איינער און דערזעלביקער צייט איבערגעגעבן און לאָיאַל צו צוויי פּרינצן אָדער קעניגן, וואָס — אין פּרינציפּ, לכל הפּחות — איבט יעדער פון זיי אויס אומבאַשרענקטע מאַכט. דאָס איז פּונקט אַזוי אוממעגלעך, האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט אַ פראַנצויזישער סכאָלאַסטיקער, ווי צו לעבן אין צוויי אומענדלעכקייטן. פאַר אַזאַ לאָיאַליטעט איז שוין אין אונזערע יאָרן ניטאָ אין דער וועלט קיין פּלאַץ, ניט פּסיכאָלאָגיש און ניט קאָנסטיטוציאָנעל (אויב מען זאָל ניט נעמען אין באַטראַכט אַזעלכע פּאָליטישע פּאַרזעניישן אָדער אַנאַכראָניזמען, ווי סאַאודי־אַראַביע אָדער תימן). עס וואָלט אָבער געווען לחלוטין אומריכטיק צו דעפינירן דעם פּאַטריאָטיזם פון אונזער צייט אַלס לאָיאַליטעט צו דער רעגירונג פון לאַנד — לאָמיר זאָגן, צו דער קאָנסטיטוציאָנעלער רעגירונג פון אַ דעמאָקראַטיש לאַנד. שוין דערמיט אַליין וואָס זי איז קאָנסטיטוציאָנעל, וואָס איר מאַכט איז אַ דעלעגירטע, איז זי אין פּרינציפּ אַ צייטווייליקע, אָדער אַ פאַרבייגייענדיקע און, ווייל זי איז אָפּהענגיק פונם ווילן און די סענטימענטן פון די בירגער, קאָן זי ניט האָבן קיין תביעות אויף יענער אומבאַדינגטער, כמעט מיסטישער לאָיאַליטעט, אויף וועלכער עס האָט פּרעטענדירט דער געקרוינטער הערשער. אַ דעמאָקראַטישע רעגירונג האָט אַ רעכט צו פאָדערן פון די בירגער, מ׳זאָל אויספאָלגן אירע רעגולאַציעס — אויף וויפיל זיי זיינען ניט אין קעגנזאַץ צום געזעץ — אָבער זי קאָן ניט פאָדערן, מ׳זאָל זי „ליב־האָבן״, מ׳זאָל זי ניט קריטיקירן, מ׳זאָל זי ניט האַלטן פאַר אומקאָמפּעטענט און מ׳זאָל ניט זוכן, מיט געזעצלעכע מיטלען, פּטור צו ווערן פון איר און אַוועקזעצן אויף איר פּלאַץ אַן אַנדערע, בעסערע רעגירונג. זי איז ניט דער מקור פון מאַכט, נאָר אַ פּועל־יוצא פונם כלל׳ס דעלעגירטער מאַכט. ווען דער קאָנגרעס פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָט אין 1798 אָנגענומען דעם „סעדישאָן אַקט״, לויט וועלכן מ׳האָט געמעגט אַרויפלייגן אַ געלט־שטראָף אָדער פאַרשיקן אין תפיסה אַ בירגער פאַר פּובליצירן פאַלשע, בייזוויליקע אָדער סקאַנדאַליעזע באַריכטן וועגן מיטגלידער פון דער נאַציאָנאַלער רעגירונג מיטן צוועק צו שאַפן פאַר זיי אַ שלעכטן נאָמען, האָבן די לעגיסלאַטורן פון ווירדזשיניא און קענטאָקי גלייך געענטפערט אויף דעם מיט רעזאָלוציעס, אַז אַזאַ אַקט איז אומקאָנסטיטוציאָנעל. זיי וואָלטן ניט פּראָטעסטירט קעגן דעם אַקט ווען עס וואָלט זיך אין אים גערעדט בלויז וועגן פאַלשע באַריכטן. זייער טענה איז אָבער געווען, אַז מ׳קאָן ניט לאָזן דעם געריכט פעסטשטעלן, צי אַ באַריכט איז געמאַכט געוואָרן מיט אַ בייזוויליקער כוונה אָדער ער איז „סקאַנדאַליעז״. שאַפן אַ שלעכטן נאָמען אַ מיטגליד פון דער רעגירונג איז, פון דער אַנדערער זייט, אַ בירגער׳ס רעכט, אויב ער באַנוצט זיך ניט פאַר זיין צוועק מיט ליגנס, מיט בילבולים אָדער

סתם רכילות. אַחוץ טאָטאַליטאַרישע מלוכות, וועט אין אונזערע טעג קיינעם ניט קומען אויף דער מחשבה צו מאַכן די רעגירונג (און דאָס הייסט, פּער־זאָנען פון וועלכע אַ רעגירונג באַשטייט) פאַרן אָביעקט פון פּאַטריאָטישער לאָיאַליטעט. דער אָביעקט פון פּאַטריאָטיזם איז, לויט דער איצט אָנגע־נומענער אויפפאַסונג, דער שטאַט, ניט די רעגירונג. אָבער וואָס הייסט, עמפּיריש, שטאַט? עס האָט איצט וויניק זינען נאָכאַמאָל אַריינצולאָזן זיך אין דער פראַגע, צי איז דער שטאַט אַ דירעקטער אָדער אַן אומדירעקטער פּועל־יוצא פון אַ „סאָציאַלן קאָנטראַקט״, און אין וועלכער מאָס ער איז אַן אָרגאַניזאַציע אָדער אַן אָרגאַניזם. ווער עס איז ניט גרייט אָנצונעמען, אַז דער שטאַט איז אַ וועזן, וואָס פונקציאָנירט פון זיך אַליין און לעבט מיט זיין אייגענעם מהות, אומאָפּהענגיק פון די יחידים וואָס שטעלן אים צוזאַמען; ווער עס שרייבט אים ניט צו קיין מיסטישע אַטריבוטן, ווייסט אַז דער שטאַט איז, פאַר אַלעמען, אָרגאַניזירטע געזעלשאַפט, אַ ראַם פאַר אָרגאַניזאַציע און קאָאָרדינאַציע פאַר די יחידים און גרופּן, פון וועלכע די געזעלשאַפט באַשטייט. לאָיאַליטעט צום שטאַט איז דערפאַר, אין לעצטן אַנאַליז, לאָיאַליטעט צו מיטבירגער, צו דער געזעלשאַפט וואָס לעבט אויפן שטאַט׳ס טעריטאָריע, צום פאָלק. אַ פּאַטריאָט איז דער, וואָס געפינט זיך אין אַ מער אָדער וויניקער אינטימער פאַרהעלטעניש צום כלל פון זיינע מיטבירגער, און האָט סימפּאַ־טעטיש אין זינען די אינטערעסן, דעם ווארילזיין, די מאָראַלישע פיזיאָנאָמיע, דעם סטאַטוס און די רעפּוטאַציע פון זיין פאָלק לגבי אַנדערע פעלקער. און דאָ מעג מען פרעגן: צי שליסט אויס די לאָיאַליטעט (צוזאַמען מיט אַ געוויסער אינטימיטעט־צוגעבונדנקייט) צו איין פאָלק אַ פּאַראַלעלע, ענלעכע לאָיאַליטעט צו אַן אַנדער פאָלקס־גרופּע, וואָס לעבט אין אַן אַנדער לאַנד, מיט אַן אייגענער שטאַטלעכער אָרגאַניזאַציע? צי איז מעגלעך דאָס, וואָס אייניקע ווילן באַ־צייכענען אַלס „טאָפּעלע נאַציאָנאַליטעט״, און אויב מעגלעך, צי איז דאָס אַ לעגיטימע און מער אָדער וויניקער נאָרמאַלע דערשיינונג? צי איז פאָלק, נאַציע, שטאַט אַזאַ הערמעטיש געשלאָסענער קאָמפּאַרטמענט, אַז דער בירגער וואָס געפינט זיך אין אים האָט שוין ניט קיין נאָרמאַלע מעגלעכקייט אַריינ־צוטרעטן אין ענלעכע שייכות׳ן צו גרופּן וואָס געפינען זיך אין אַנדערע קאָמפּאַרטמענטן? אַנדערש גערעדט: צי איז פאַראַן פּלאַץ פאַר פּלוראַליזם פון סאָציאַלע שייכות׳ן, פון צוגעבונדנקייטן, פון „צאַרטקייטן״, פון „לאָיאַ־ליטעטן!״?

די ווירקלעכקייט גופא גיט אונז אויף דעם אַן ענטפער. לאָמיר נעמען אַלס ביישפּיל אַ איטאַליעניש שפּרעכנדיקן בירגער פון דער שווייץ. אפשר גיט ער זיך אַליין ניט אָפּ קיין חשבון פון דער צאָל לאָיאַליטעטן, וואָס ער טראָגט אין זיך אין פאַרשיידענע גראַדן. ער איז אַ שווייצער און קיינער וועט ניט אָפּ־

פרעגן זיין אַלגעמיין־שווייצאַרישן פּאַטריאָטיזם, זיין טרייהייט צו דער קאָנפּע־דעראַציע. ער איז אין דערזעלבער צייט אַ לאָקאַלער פּאַטריאָט פון זיין קאַנטאָן. טיטשינא איז פאַר אים דער אינטימסטער חלק פון זיין „פּאַטריאַ". אַלץ איינס וואָס זיין „ראַסן"־אָפּשטאַם זאָל ניט זיין, געפינט ער זיך אין אַ קולטורעלער און שפּראַכלעך־סענטימענטאַלער פאַרבינדונג מיט די מיליאָנען איטאַליע־בירגער פון יענער זייט גרענעץ. רעליגיעז איז ער, אין די מייסטע פאַלן, אַ קאַטאָליק, און אַלס אַזעלכער איז ער באַהעפט מיט אַן אומגעהייער גרויסער צאָל קאַטאָליקן אין גאָר דער וועלט. און, דערצו, אַנערקענט ער נאָך, אין געוויסע ענינים און פאַר באַשטימטע סיטואַציעס, די „סואווערעניטעט" פון אַן אייגנאַרטיקער אויטאָריטעט, וואָס הייסט וואַטיקאַן. אויב ער זאָל מאָרגן ווערן אַ באַאַמטער פון די פאַראייניקטע פעלקער, וועט ער נעמען אַ נייע שבועה פון טרייהייט, און עס וועט אים צוקומען נאָך אַ לאָיאַליטעט — לאָיאַליטעט צו דער „וועלט" בכלל. ווען מ׳זאָל אים אינטערוויואירן און אים צווינגען מאַכן אַ חשבון־הנפש, וועלכן ער האָט אפשר קיינמאָל ניט געהאַט קיין גע־לעגנהייט צו מאַכן, וועט ער זיכער באַהויפּטן, אַז עס איז ניט פאַראַן קיין סתירה צווישן די עטלעכע פאַראַלעלע לאָיאַליטעטן, וואָס מיר האָבן דאָ אויסגערעכנט. זאָל מען אים זאָגן, אַז ער איז אַלס פּסיכאָלאָגישער אָדער סאָציאַלער טיפּ ווייניקער נאָרמאַל ווי אַנדערע בירגער (מיט ווייניקער לאָיאַ־ליטעטן), וועט ער עס מסתמא לייקענען, אָדער ער וועט אייך דערקלערן, אַז ערשטנס זיינען פאַראַן דערשיינונגען פאַר וועלכע עס עקזיסטירט ניט קיין אָביעקטיווער קריטעריום פון מער נאָרמאַל אָדער ווייניקער, און צווייטנס אַז „אָט דאָס איז עס", און עס איז ניטאָ קיין שטאַט וואָס קאָן און מעג דעק־רעטירן „נאָרמאַליטעט". און זאָל עמעצער אויפדעקן אַ סתירה אָדער דיס־האַרמאָניע אין זיין צושטאַנד און שייכות׳ן, וועט ער אייך ציטירן דעם באַרימטן דיכטערישן זאַץ:

"Ich bin kein ausgekluegelt Buch,
Ich bin ein Mensch mit allem seinen Widerspruch."

דער שווייצער איז בלויז אַן אילוסטראַציע; ער איז ניט קיין אויסנאַם־דערשיינונג. מ׳קאָן אומגעפער דאָס זעלביקע זאָגן וועגן אַ שאָטלענדער. אַ שאָטלענדער איז, ערשטנס, אַ פּאַטריאָט פון שאָטלאַנד (עס וואָלט געווען אָביעקטיוו אומנאָרמאַל ווען ער איז עס ניט; צווייטנס, אַ לאָיאַ־לער בירגער פון גרויס־בריטאַניע; דריטנס, האָט ער אַ געוויסע פּאָליטיש־עמאָציאָנעלע באַציאונג צו די בריטישע דאָמיניאָנס; פערטנס, אויב ער איז אַ פרומער, טראָגט ער אין זיך נאָך אַ באַשטימטע און גאָר ניט קיין אויבער־פלעכלעכע באַציאונג צו דער „הויכער קירכע", וועלכע פאַרבינדט אים מיט גלויבנס־גענאָסן אין אויסלאַנד און טיילט אים אָפּ פון אַ גרויסער צאָל ברי־

טישע מיטבירגער. ער קאָן נאָך, פּערטנס, זיין אַ לאָיאַלער מיטגליד פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל. מיט ענלעכע פּלוראַליזמען פון לאָיאַ־ליטעטן צייכענען זיך אויס ענגלענדער און, נאָך מער, פראַנצויזן אין קאַנאַדע, אָדער בורן און ענגלענדער אין דרום־אַפריקע (כאָטש, פון אַ געוויסן שטאַנד־פּונקט, איז אין דרום־אַפריקע, וואו פיר־פינפטל פון דער באַפעלקערונג זיינען ניט קיין בירגער און געניסן נאָך ניט די עלעמענטאַרסטע מענטשלעכע רעכט, נאָך בכלל ניט פאַראַן קיין עכטער פּאַטריאָטישער געפיל, און די איינציקע אמת׳ע פּאַטריאָטן זיינען אפשר דאָרט די איינגעבוירענע און אונטערדריקטע באַנטוס).

איינער פון די וויכטיקסטע יסודות, אויף וועלכע אַן עכטע דעמאָקראַטיע קאָן אויפגעבויט ווערן איז — דאָס רעכט אויף אַנדערשקייט: ניט נאָר אויף צו האָבן אַנדערע מיינונגען און איבערצייגונגען, ווי די וואָס כאַראַקטעריזירן די מאַיאָריטעט, נאָר אויך אויף צו זיין אַנדערש, אויך אויף צו שטיין אין אַ לעבעדיקער פּראַטערנאַלער פאַרבינדונג מיט אַן עטנישער גרופּע, וואָס גע־פינט זיך אין אַן אַנדער שטאַט. אַן איטאַלאָ־אַמעריקאַנער וואָס וויל ניט פאַר־געסן איטאַליעניש, וואָס טראָגט איטאַליע אין די צאַרטע קאַמערן פון זיין זכרון אָדער פון זיינע סענטימענטן, וואָס ליידט־מיט מיט איטאַליע און פרייט־זיך־מיט מיט איר פרייד, וואָס שפּאָרט עפּעס אָפּ פון זיינע פאַרדינסטן אויף אַרויסצוהעלפן אויך נויטליידנדיקע אין איטאַליע, וואָס נוצט זיין איינפלוס אַלס אַמעריקאַנער אַז זיין רעגירונג זאָל אַרויסהעלפן איטאַליע אין איר נויט, און וואָס עס קאָן זיך אים אפשר אַמאָל אַזוי „פאַרבענקען" נאָך איטאַליע אַז ער זאָל פאָרן זי באַזוכן און זיך אַפילו דאָרט באַזעצן, איז אין גרונט ניט קיין ערגערער אַמעריקאַנער ווי דער, וואָס האָט ניט קיין ספּעציפישע זעלך־פאַרבינדונג מיט קיין שום עטנישער גרופּע אויסער אַמעריקע. ווען אַזעלכע זאָכן פּאַסירן אַמאָל מיט אַ „הונדערט פּראָצענטיקן" אַמעריקאַנער (ווי, למשל, מיט דער ווירדזשיניע־געבוירענער לעידי אַסטאָר, וואָס האָט זיך נאַטוראַלי־זירט אין ענגלאַנד און אַפילו געוואָרן דאָרט אַ מיטגליד פון פּאַרלאַמענט), קומט קיינעם ניט אויף דער מחשבה זי צו באַשולדיקן אין „פאַרראַט" אָדער „אומלאָיאַליטעט". אַמעריקע איז ניט פאַראינטערעסירט — קיין לאַנד איז ניט פאַראינטערעסירט — צו האָבן בירגער „מיט אַ קורצן זכרון" און מיט אַן איינגעשרומפּענעם האָריזאָנט, אָדער, בירגער וואָס ליידן פון אַפּאַזיע און אַמנעזיע. אין זייער טיפערן וועזן זיינען פעלקער, אויף וויפיל זיי זיינען ניט באַנומען מיט דזשינגאָאיסטישע קראַנקהייטן אָדער דעמאָראַליזירט פון זייערע רעזשימען, ניט אַזוי „אייפערזיכטיק" ווי פירשטן, קעניגן אָדער בלינד־ענגהאַרציקע רעגירונגען, און זיי קאָנען פאַרטראָגן אויך סעפּאַראַטע

אָדער פּאַראַלעלע לאָיאַליטעטן, אויב זיי טראָגן ניט קיין אַנטי־סאָציאַלן אָדער אַגרעסיוון כאַראַקטער.

ערנסט רענאַן האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט, אַז די עצם עקזיסטענץ פון אַ נאַציע איז אַ שטענדיקער פּלעביסציט. אַזאַ באַהויפּטונג טראָגט אין זיך ניט קיין קליינע איבערטרייבונג. עס איז אָבער אמת, אַז דער היקף פון סאָציאַל־קולטורעלע און פּאָליטישע לאָיאַליטעטן איז ניט שטענדיק איינער און דערזעלביקער, אַז אין פאַרבינדונג מיט געשעענישן און היסטאָרישע אַנטוויקלונגען קאָן ער ווערן אי שמאָלער, אי ברייטער. דער היינטיקער נאָרוועגיער האָט אַ שמאָלערן היקף פאַר זיין פּאָליטישן נאַציאָנאַליזם, ווי עס האָט געהאַט זיין פאָטער אָדער עלטערער ברודער, ווען נאָרוועגיע איז נאָך געווען אַ טייל פון דעם דענישן שטאַט. דער אָביעקט פונם מוסולמענישן פּאַטריאָטיזם אין פּאַקיסטאַן איז היינט „קלענער" איידער דער אָביעקט פונם אַל־אינדישן נאַציאָנאַליזם פון צוריק מיט צען אָדער פופצן יאָר, און ניט אויף אַלע ענגלענדער קאָן מען אָנווענדן דאָס פּאָפּולערע לידל:

"In spite of all temptations
To belong to other nations,
He remains an Englishman."

דער ענגלענדער פון אויסטראַליע, פון ניי־זעלאַנד, פון דרום־אַפריקע (שוין ניט רעדנדיק וועגן דעם ענגלענדער וואָס האָט זיך באַזעצט אין די פאַראייניקטע שטאַטן) איז ניט דערזעלביקער ענגלענדער, וואָס אין גרויס־בריטאַניע. אין אַ געוויסן זינען געהערט ער צו „אַנדערע נאַציעס", צו נאַציעס וואָס ער און אַזעלכע ווי ער האָט אַליין געשאַפן, און וואָס האָבן געמאַכט אי ברייטער, אי קאָמפּליצירטער דעם קרייז פון זיינע לאָיאַליטעטן. אין זומער פון 1940 האָט ווינסטאָן טשוירטשיל געמאַכט דער פראַנצויזישער רעגירונג אַ פאָרשלאָג אין נאָמען פון גרויס־בריטאַניע: פאָרצוזעצן די מלחמה קעגן דייטשלאַנד, טראָץ די טראַגישע שוועריקייטן פון יענע טעג, אָבער אין דערזעלביקער צייט גלייך לייגן דעם יסוד פאַר אַ בשותפות'דיקער בריטיש־פראַנצויזישער מלוכה. וואָס וואָלט געווען, ווען די פראַנצויזישע רעגירונג וואָלט יענעם אָנבאָט אָנגענומען? פראַנצויזן און ענגלענדער וואָלטן היינט געווען בירגער פון איינעם און דעמזעלביקן שטאַט; אַ פראַנצויז וואָלט מיט דער צייט געוואָרן אויך אַן ענגלישער פּאַטריאָט און אַן ענגלענדער (צוזאַמען מיט זיינע שאָטלענדישע און וועלש־מיטבירגער) וואָלט מיט דער צייט אַנטדעקט, אַז כאָטש די מענטשלעכע קאַפּאַציטעט פאַר לאָיאַליטעטן און אינטימע פאַרבינדונגען איז ניט אומבאַגרענעצט, איז זי אָבער באַדייטנדיק גרעסער, דינאַמישער און עלאַסטישער, ווי פיל פון זיי האָבן זיך פאָרגעשטעלט.

די פראַגע, גלויבן מיר, איז קלאָר פאַר יעדן, וואָס איז מסוגל זיך צו באַ־פרייען פון אַנאַכראָניסטישע אויפפאַסונגען וועגן אַ בירגער׳ס פליכטן און דעם שטאַט׳ס רעכט און תביעות. איין עלעמענט איז דער פראַגע איז, אמת, ניט אויפגעקלערט געוואָרן. אויב אונזער הנחה, קאָן מען זאָגן, איז אפילו אַ ריכטיקע — אַז צוויי און אַפילו מער לאָיאַליטעטן מוזן ניט סותר זיין איינע די אַנדערע, און אַז זיי קאָנען אַפילו „אָרקעסטרירט" ווערן — איז זי ריכטיק אפשר נאָר אין רואיקע צייטן און אין נאָרמאַלע סיטואַציעס. וואָס פּאַסירט אָבער מיט אַזאַ „אָרקעסטראַציע" אין פאַל פון אַ מלחמה? צי קאָן אַמאָל אַ פּאַראַלעלע לאָיאַליטעט — ווען דער אָביעקט פון אַזאַ לאָיאַליטעט איז אַן אויסלענדישע עטנישע גרופּע, וואָס פירט אירע אַן אייגענע שטאַטס־עקזיסטענץ — ניט ווערן אַ מקור פון פאַרראַט, אָדער, לכל הפחות, אַפּשוואַכן די גרייט־קייט צו דערפילן די דירעקטע פּאַטריאָטישע פליכטן אין אַ קריטישער צייט?

אין די שייכות׳ן צווישן אַמעריקאַנער כלל־ישראל און דער מדינת ישראל איז אַזאַ פראַגע, גלויבן מיר, אַ ריין טעאָרעטישע, ניט קיין פּאָטענציעל־פּראַק־טישע. מיר זיינען אָבער ניט פריי פון דער פליכט — פאַר אַלעמען, זיך אַליין — צו געבן אַן ענטפער אויף אַזאַ היפּאָטעטישער פראַגע, ווי אויסטער־ליש זי זאָל אין אונזערע אויערן ניט קלינגען.

מיין הויפּט־טעזיס איז דאָ אַן איינפאַכער: איך גלויב נישט אין קיין אַבסאָלוטע לאָיאַליטעטן. אַלע אונזערע לאָיאַליטעטן, סאָציאַלע און פּאָליטישע, זיינען רעלאַטיווע, און אַלע האָבן זיי זייערע, פאָרמולירטע אָדער ניט־פאָר־מולירטע, רעזערוואַציעס. אַבסאָלוטע לאָיאַליטעטן עקזיסטירן בלויז פאַרן רעליגיעזן מענטשן און נאָר אויפן געביט פון רעליגיע, אין די באַציאונגען צווישן מענטש און גאָט. פּאַטריאָטיזם איז אַ סאָציאַלע פליכט, נישט קיין רעליגיעזע, און אַפילו אין יענע פאַלן, אין וועלכע פּאַטריאָטיזם איז אָנגע־הויבט מיט רעליגיע אָדער האָט די סאַנקציע פון רעליגיע, ווערט ער דערמיט נאָך נישט דאָסזעלבע וואָס רעליגיע. ווען פּאַטריאָטיזם וויל אַליין ווערן אַ רעליגיע, ווערט ער אַן ערנסטע סאָציאַל־גייסטיקע געפאַר — די געפאַר פון עבודה־זרה, פון פעטישיזם. אויך פּאַטריאָטישע פליכטן דאַרפן געשטעלט ווערן פאַר אַן עקזאַמען פון העכערע ווערטן, פון ווערטן צו וועלכע פּאַטריאָ־טיזם דאַרף זיין סובאָרדינירט. עס זיינען דערפאַר פאַראַן — באַזונדערס אין דער היסטאָרישער עפּאָכע, אין וועלכער מיר לעבן — מענטשן וואָס האָבן זייער פּאַטערלאַנד ליב מיט זייער גאַנצער נשמה־קראַפט, און זיינען פונדעסטוועגן נישט שטענדיק גרייט צו דערפילן די פּאַטריאָטישע פליכטן, וואָס זייער רעגירונג אָדער אפילו אַ מאַיאָריטעט פון זייער פאָלק לייגט אויף זיי אַרויף. אַזעלכע פּאַטריאָטן האָבן זייער גרונט, אין באַשטימטע סיטואַציעס, צו באַטראַכטן זייערע רעגירונגען אַלס פאַררעטערישע, און

יענע טיילן פונם פאָלק וואָס פאָלגן אויס די באַפעלן פון זייערע רעגירונגען פאַר מיט־פאַררעטער, און זיך אַלס די געטרייעסטע זין פונם פאָטערלאַנד. דער פּעטישיסטישער פּאַטריאָט נוצט דעם באַרימטן לאָזונג: „מאַי קאַנטרי, ראַיט אָר ראָנג". דער קאָמוניסט אויסער סאָוועט־רוסלאַנד, וועלכער איז אויך אַ מין פּעטישיסטישער פּאַטריאָט, אָבער „אויף קאַפּויר", וואָלט געדאַרפט נוצן אַ לאָזונג, ווי ראַינהאָלד ניבור האָט אים אַמאָל פאָרמולירט: „יור קאַנטרי ראַיט אָר ראָנג" (ווייל דער באַפעל פון דער סאָוועטישער רעגירונג האָט די קראַפט פון אַ קאַטעגאָרישן אימפּעראַטיוו), אָבער נישט דער ערשטער און נישט דער צווייטער לאָזונג קאָן אָנגענומען ווערן פון אַ פרייען מענטשן. נישט נאָר אַנדערע לענדער, נאָר אויך זיין אייגן לאַנד קאָן זיין אומגערעכט, שולדיק, פאַרברעכעריש, און ווען ער אַנטדעקט די אומגערעכטיקייט, פילט ער זיך מחויבֿ, אין אַ זייער ערנסטער סיטואַציע, נישט מיטצומאַכן די שולד, און פון אַן אויבערפלעכלעכן שטאַנדפּונקט וועט ער דענסמאָל באַגיין טאַטן, וואָס ריין טעכניקאַליש וועלן זיי קאָנען באַצייכנט ווערן אַלס אומפּאַטריאָטיש.

באַשיצן מיט געווער דאָס פאָטערלאַנד אין צייט פון מלחמה איז פאַר יעדן בירגער (אויב ער איז נישט קיין רעליגיעזער פּאַסיפיסט) אַ קלאָרע און אומצווייפלדייטיקע פליכט. דידאָזיקע פליכט איז אָבער, פון אַ סאָציאַל־מאָראַלישן שטאַנדפּונקט, נישט קיין קאַטעגאָרישע. איך באַטראַכט זיך פאַר אַ לאָיאַלן אַמעריקאַנער און איך האַלט זיך מחויבֿ צו באַשיצן אַמעריקע אין אַלע פאַלן, אין וועלכע עס קאָן איר דראָען אַ געפאַר, באַזונדערס אַ ניט־פּראָוואָצירטע געפאַר. אָבער לאָמיר זיך פאָרשטעלן אַזאַ העכסט־היפּאָטעטישן פאַל, אַז די אַמעריקאַנער רעגירונג באַשליסט מאָרגן צו דערקלערן מלחמה אונזער שכנה מעקסיקאָ, מיטן צוועק צוצונעמען ביי איר נידער־קאַליפאָרניע. אויב אַזאַ מטורף׳דיקע זאַך זאָל פּאַסירן, וועל איך זאָגן, אַז מיין רעגירונג איז אַראָפּ פון זינען, און אויב די מלחמה־דעקלאַראַציע זאָל באַשטעטיקט ווערן פונם קאָנגרעס, וועל איך האַלטן אַז אונזער פּאַרלאַמענט באַגייט דעם פאַרברעכן פון אַן אומנויטיקער אַגרעסיווער מלחמה. איך בין נישט קיין מעקסיקאַנער און נישט קיין בן־מעקסיקאַנער; מעקסיקאָ איז מיר אינגאַנצן אַ פרעמד לאַנד, צו איר ציוויליזאַציע קאָן איך נישט האָבן קיין שום אינטימע באַציאונג, און איך שטיי נישט צו איר און איר באַפעלקערונג אין וועלכער ניט איז שייכות פון לאָיאַליטעטן און צוגעבונדנקייטן. עס וועט אָבער נישט זיין אומ־נאַטירלעך, אויב איך זאָל אין אַזאַ פאַל באַשליסן: אַזאַ פּאַטריאָטישע פליכט וויל איך נישט דערפילן. דער וואוילזיין פון אַמעריקע פאָדערט נישט אַזאַ מלחמה, און פון אַ זיג קאָן איר קיין געזונט נישט צוקומען: דאָס געווינס פון רויב איז ריין אילוזאָריש און אין לעצטן היסטאָרישן חשבון ווערט דער פאָלקס־אָרגאַניזם אויפגעפרעסן פון אַזעלכע „פּראָפיטן". דאָ קאָן זיך

נישט האַנדלען וועגן אַ קאָנפליקט צווישן צוויי נאַציאָנאַלע לאָיאַליטעטן; אויב איך קאָאָפּעריר נישט אין אַזאַ מלחמה, איז עס דאָך נישט דערפאַר, וואָס איך שטעל מיין מעקסיקאַנער לאָיאַליטעט העכער פון דער אַמעריקאַנער (וואָס פאַר אַ שייכות האָב איך דען צו מעקסיקאָ?), נאָר ווייל איך סובאָרדיניר אַ ריין פאָרמעלע לאָיאַליטעט — מיין רעגירונג האָט באַשלאָסן! — צו דער העכערער לאָיאַליטעט פון אַ וועלט-בירגער אָדער אינטערנאַציאָנאַליסט. אויב די ענגלישע רעגירונג זאָל זיך היינט אַנטשליסן צו שיקן אַ מיליטערישע עקספּעדיציע קיין אירלאַנד מיטן צוועק ווידער-אַמאָל צו פאַרניכטן איר זעלבסטשטענדיקייט, וועל איך נישט באַטראַכטן אַן ענגלישן בירגער, וואָס וועט זיך בפרהסיה אָפּזאָגן פון אָנטיילנעמען אין אַזאַ עקספּעדיציע, פאַר קיין פאַררעטער. פאַרקערט: איך וועל אים האַלטן פאַר אַ בעסערן ענגלישן פּאַטריאָט, ווי די וואָס וועלן אַזאַ פאַרברעכן מיטמאַכן און דערמיט ברייטאָגן צו דער חרפּה פון זייער לאַנד און צום אומפאַרמיידלעכן שולד-געפיל, וואָס וועט, אפשר אין אונטער-באַוואוסטזיין, לאַנגע, לאַנגע יאָרן אונטערמינעווען דעם זעלישן גלייכגעוויכט און זעלבסט-רעספּעקט פון זייער פאָלק. דאָס האָט, ווידער אַמאָל, גאָרנישט צו טאָן מיט צוויי קאָנקורירנדיקע נאַציאָנאַלע לאָיאַליטעטן. מיר רעדן דאָך דאָ נישט פון אַן אירלענדער, וואָס לעבט אין ענגלאַנד אַלס ענגלישער בירגער, נאָר פון אַן ענגלענדער בן-ענגלענדער, וואָס טראָגט נישט אין זיין האַרצן קיין שום ספּעציפישע צוגעבונדנקייטן צו אירלאַנד.

אָבער נאָך וואָס זאָל איך דאָס אילוסטרירן מיט אַזעלכע היפּאָטעטישע פאַלן? די געשיכטע פון אונזער דור גיט אונז גענוג קאָנקרעטע פאַלן, מיט וועלכע איך קאָן זיך באַנוצן. אין דער לעצטער וועלט-מלחמה האָבן מיר געזען אַ צאָל דייטשן וואָס האָבן געקעמפט אין דער ענגלישער און אַמעריקאַנער אַרמיי קעגן נאַצי-דייטשלאַנד. קיינער פון אונז איז נישט פאַראינטערעסירט די צאָל פון אַזעלכע דייטשן, פליכטלינגע און פּאָליטישע אימיגראַנטן, צו איבערטרייבן. אָבער אַלץ איינס, ווי גרויס אָדער ווי קליין די צאָל איז געווען, זיינען יענע דייטשן — נישט פון זייער אייגענעם שטאַנדפּונקט און נישט פון אונזער שטאַנדפּונקט — נישט געווען קיין נאַציאָנאַלע פאַררעטער. זיי האָבן געקעמפט קעגן אַ דייטשן פּאַטריאָטיזם, וואָס היטלער האָט מאָנאָפּאָליזירט, אין וועלכן ער האָט אַריינגעטראָגן זיין אינהאַלט, אָבער נישט קעגן דייטשלאַנד אַלס אַזעלכער. זיי האָבן געקעמפט פאַר אַ וועלט, אין וועלכער נאַצישע טומאה זאָל קיין שליטה נישט קאָנען האָבן, אָבער אויך, אין אַ געוויסן זינען, פאַר דייטשלאַנד, פאַר אַ נידערלאַגע פון זייער פאָטערלאַנד וועלכע זיי האָבן אין די אומשטענדן פון דער צייט באַטראַכט אַלס אַ וועג פאַר דייטשער גענעזונג און תשובה. אפשר זיינען זיי גאָר געווען די אייג-

ציקע אמת׳ע פּאַטריאָטן וואָס דייטשלאַנד האָט פאַרמאָגט. יענע נאָרוועגיער, וועלכע האָבן געקעמפט קעגן דער קוויזלינג־רעגירונג פון זייער לאַנד, זיינען נישט געווען קיין אויסוואורפן און פאַררעטער, נאָר בירגער, וואָס העלפנדיק דער ענגלישער אַרמיי, האָבן זיי דערפילט זייערע אַן אינטערנאַציאָנאַליסטישע פליכט, אָבער אויך אַ נאָרוועגישע פּאַטריאָטישע פליכט — אויסצוראָטן די טומאה אין זייער אייגענעם לאַנד. דאָסזעלביקע קאָן געזאָגט ווערן וועגן יענע פראַנצויזן וואָס האָבן געקעמפט, אין זייערע טערמינען, פאַר פראַנקרייך און קעגן לאַוואַל און פעטען; וועגן יענע איטאַליענער וואָס האָבן געקעמפט פאַר איטאַליע און קעגן מוסאָליני.

לאָמיר קוקן אויף דער זאַך מיט אָפענע און ערלעכע אויגן. אין אונזער היינטיקער וועלט איז שוין כמעט נישט געבליבן קיין פּלאַץ פאַר ריין לאָקאַלע מלחמות. דער ערד־קוגל איז אַ שיין ביסל „איינגעשרומפּן געוואָרן" און, אַחוץ געוויסע אויסנאַמען, האָט יעדער באַוואָפנטער צוזאַמענשטויס צווישן צוויי מדינות, גרויסע אָדער קליינע, אָפענע אָדער פאַרמאַסקירטע אינטערנאַציאָנאַלע אימפּליקאַציעס. יעדער כלומר׳שט־לאָקאַלער קריג מעג אין אונזערע יאָרן באַטראַכט ווערן אַלס אַ פאָרשפּיל, אָדער אַ פּראָוואָקאַציע, אָדער אַן אויסרייד פאַר אַ קריג פון אַ סך אַ ברייטערן, כמעט פון אַ גלאָבאַלן פאַרנעם. אין אַ געוויסן זין איז יעדע מאָדערנע מלחמה אַ מין בירגער־קריג, און אַ דענקנדיקער בירגער, אַלץ איינס אין וואָס פאַר אַ לאַנד ער זאָל נישט לעבן און ווי געאָגראַפיש ווייט עס זאָל נישט זיין דער פּראָנט, אויף וועלכן עס צעפלאַקערט זיך אַ צוזאַמענשטויס צווישן בלויז צוויי לאָקאַלע צדדים, האָט אַ גרונט אַזאַ צוזאַמענשטויס צו באַטראַכטן אין זיינע מעגלעכע פאָלגן פאַר דער וועלט בכלל און פאַר דעם שיקזאַל פון זיין לאַנד בפרט. פּאַטריאָטישע פליכטן קאָנען נישט אויפגעפּאַסט ווערן אין אונזערע יאָרן אין טערמינען פון גראָדליניקייט, און אויב עס זאָלן, חס וחלילה, פאָרקומען אין די קומענדיקע יאָרן ערנסטע מלחמה־צוזאַמענשטויסן, איז גאָר נישטאָ קיין גרענעץ פאַר יענע „פּאַראַדאָקסאַלע" פאַקטן, מיט וועלכע אונז וועט אויסקומען זיך צו באַגעגענען: פּאָליאַקן וועלן קעמפן אין פרעמדע אַרמייען קעגן דער איצטיקער פּוילישער מלוכה (אויך צוליב פּוילישן פּאַטריאָטיזם!), טשעכן און סלאָוואַקן וועלן קעמפן קעגן דער איצטיקער טשעכאָסלאָוואַקישער רעפּובליק (צוליב פּאַטריאָטיזם!), און רומענער וועלן זוכן אַריבערצולויפן די גרענעץ קיין טערקיי, צו זייערע אַמאָליקע אונטערדריקער, כדי צוזאַמען מיט איר צו קעמפן קעגן דער איצטיקער רומענישער „פּאָלקס־דעמאָקראַטיע" (צוליב רומענישן פּאַטריאָטיזם!). אין אַמעריקע, פון דער אַנדערער זייט, וועלן זיין קאָמוניסטן, און דווקא נישט פון פרעמדן אָדער רוסישן אָפּשטאַם, נאָר הי־געבוירענע, הונדערט־פּראָצענטיקע אַמעריקאַנער, וואָס וועלן זוכן וועג־

און מיטלען (ווי זיי האָבן דאָס שוין אַליין עפנטלעך אָנגעזאָגט), ווי אַזוי נישט צו קאָאָפּערירן מיט דער אַמעריקאַנער אַרמיי אויב די מלחמה זאָל זיין געריכטעט קעגן דער שטענדיק־געדעכטער, אַבסאָלוט זינדלאָזער רוסלאַנד. אָט אין דעם זין באַטראַכט איך יעדן מאָדערנעם קריג אין איינעם פון זיינע אַספּעקטן אַלס אַ בירגער־קריג. לאָיאַליטעט און אומלאָיאַליטעט, אין דעם אַנגענומענעם, פאָרמעלן זינען פון וואָרט, זיינען אין אונזערע יאָרן אָפּהענגיק אַ סך וויניקער פון עטנישן אָפּשטאַם, אָדער פון יענע פּאַראַלעלע צוגע־בונדנקייטן, וואָס מענטשן קולטיווירן אין זיך אין מער אָדער וויניקער נאָר־מאַלע צייטן, ווי פון דעם בירגער׳ס אַלגעמיינער פּאָליטישער אָריענטאַציע, פון זיינע סאָציאַלע פּרעפערענצן, סימפּאַטיעס און אַנטיפּאַטיעס (זעלבסט־פאַרשטענדלעך, האַנדלט זיך דאָ וועגן מער אָדער וויניקער דענקנדיקע בירגער, אָדער אַזעלכע וואָס זיינען אין אַ באַדייטנדיקער מאָס באַאיינפלוסט פון פּאָליטישער אויפקלערונג און פּראָפּאַגאַנדע, און נישט וועגן יענע אַמאָרפע מאַסן, וואָס לעבן און האַנדלען אויך אין צייטן פון קריזיס און שפּאַנונג מיט זייערע „טשערעדע־אינסטינקטן״).

וואָוהין אייגנטלעך ציל איך דאָ מיט מיינע באַמערקונגען? איך האָב אויף אומוועגן געזוכט צו ענטפערן אויף אַ דירעקטער און זייער קאָנקרעטער פראַגע: וואָס וועט און דאַרף זיין די שטעלונג פון אַ ציוניסטיש־אָריענטירטן אַמעריקאַניש־אידישן בירגער אין פאַל פון אַן ערנסטן קאָנפליקט צווישן אַמעריקע און מדינת ישראל?

אָבער וועגן וואָס פאַר אַ קאָנפליקט האַנדלט זיך דאָ, אַפילו ריין־טעאָרעטיש? אַ דירעקטער קאָנפליקט, אַ מלחמה, צווישן די פאַראייניקטע שטאַטן און דער יונגער און קליינער מדינה אויף דער שוועל פון אַזיע, איז אַזאַ שטיק ווילדע פאַנטאַסטיק, אַז דאָס טאָר אַפילו נישט באַטראַכט ווערן אַלס אַ היפּאָטעטישע מעגלעכקייט. די גאַנצע וועלט זאָל לעבן בשלום ושלווה, נאָר אַ מלחמה זאָל פּלוצים, נישט־דיר, נישט־מיר, זיך צעפלאַקערן צווישן אַמעריקע און דעם אידישן לאַנד, איז נישט מער מעגלעכקייט ווי אַ מלחמה צווישן פּאַראַגוואַי און טיבעט. אַ קאָנפליקט קאָן מען זיך פאָרשטעלן בלויז אין דער ראַם פון אַ מלחמה מיט א ברייטערן היקף, מיט אַ וועלט־פאַרנעם — אַנדערש געזעגט, פון אַ געראַנגל אויף לעבן אָדער טויט צווישן צוויי קאָאַ־ליציעס פון לענדער. טעאָרעטיש קאָן ארץ־ישראל אין פאַל פון אַזאַ קאַטאַ־סטראָפע האַנדלען ווי אַ מיטגליד פון איינער פון דידאַזיקע צוויי קאָאַליציעס. טעאָרעטיש איז אויך מעגלעך (כאָטש, ווי אַנדערע האָבן אַ גרונט אויסצוזעצן, נישט זייער וואַרשיינלעך), אַז דער מדינת ישראל, ווי אַ צאָל אַנדערע קלענערע מדינות, זאָל געלינגען נישט אריינגעצויגן צו ווערן אַלס אַן אַקטיווער אָנטייל־נעמער אין אַ באַשטימטער קאָאַליציע. איך ווייס, אַז דאָס וועט נישט זיין

קיין לייכטע זאַך, אַז אין אַ געוויסן זינען וואָלט דאָס געווען „אַ נס", אָבער אַזעלכע „נסים" זיינען שוין פאָרגעקומען סיי אין דער ערשטער און סיי אין דער צווייטער וועלט־מלחמה (שוועדן, די שווייץ). אויב אַמעריקאַנער אידן זאָלן אין פאַל פון אַ גלאָבאַלער מלחמה זוכן צו באַאיינפלוסן זייער רעגירונג, אַז זי זאָל מיטהעלפן אין אָפּהיטן די נייטראַליטעט פון דער מדינת־ישראל, אויף וויפיל אַזאַ נייטראַליטעט זאָל בכלל זיין אָביעקטיוו מעגלעך, איז נישטאָ קיין גרונט אַזאַ האַנדלונג צו באַטראַכטן אַלס אומפּאַטריאָטיש אין וועזן, כאָטש איך פאַרגעס נישט אויף קיין איין מינוט אַז די מדינת־ישראל ליגט אויף אַ זייער סענסיטיוון געאָגראַפיש־פּאָליטישן און סטראַטעגישן שטח, וואָס מאַכט איר נייטראַליטעט אויסעראָרדנטלעך פּראָבלעמאַטיש. אויב אָבער עס זאָל אַזוי פּאַסירן, אַז די אידישע מדינה זאָל אָדער נישט קאָנען אָדער גאָר נישט וועלן בלייבן אין אַ נייטראַלער פּאָזיציע, אַז זי זאָל מיט איר גוטן ווילן אָדער קעגן איר ווילן אַריינגעצויגן ווערן אין דער אַלגעמיינער בלוט־צאַפּעניש, וועט די פראַגע פאַרן אַמעריקאַנער אידן, אויך פאַר דעם ציוניסטיש־אָריענטירטן, שטיין נישט אויף דער פלאַך פון „אידישער לאָיאַליטעט" און אירע שייכות׳ן צו „אַמעריקאַנער לאָיאַליטעט". אל תפתח פה לשטן, ווען אַ נייע וועלט־מלחמה זאָל זיך אַרויסווייזן פאַר אומפאַרמיידלעך, וועט די מדינת־ישראל פריער זוכן מיט אַלע כוחות וואָס וועלן נאָר זיין אין איר רשות אויסצושעפּן אַלע מיטלען, כדי צו באַוואָרענען איר נייטראַליטעט, און עס זיינען פאַראַן גענוג לעגיטימע און איבערצייגנדיקע אַרגומענטן, כדי אַזאַ שטרעבן צו נייטראַליטעט, אין דעם געגעבענעם פאַל, צו באַרעכטיקן. אויב דאָס זאָל זיך אַרויסווייזן פאַר אוממעגלעך, איז פאַראַן יעדער לאָגישער גרונט אָנצונעמען, אַז די אידישע מדינה וועט געפינען איר פּלאַץ אין דערזעלביקער קאָאַליציע פון לענדער, אין וועלכער עס וועט זיך געפינען אַמעריקע. קיינער פון אונז האָט וועגן דעם נישט אינטערוויואירט די רעגירונג פון ישראל, און איך ראַט נישט קיינעם אַזעלכע אינטערוויוס צו זוכן, אָבער יעדער פון אונז האָט אַ רעכט אויף זיין אָביעקטיוון אַנאַליז פון דער לאַגע און קומען אויפן סמך פון זיין אַנאַליז צו באַשטימטע אויספירן און פּראָגנאָזן. פאָרמעל־טעאָ־רעטיש מוז איך, נאַטירלעך, צולאָזן אויך אַן אַנדער מעגלעכקייט. אויב אַ נייע מלחמה זאָל אויסברעכן אין עטלעכע יאָר אַרום (און אַזאַ מלחמה קאָן זיין בלויז צווישן דעם סאָוועטישן בלאָק און דער איבעריקער וועלט), ווער ווייס וואָס פאַר אַן אָריענטאַציע די אידישע מדינה וועט אינצווישן אָננעמען, אָדער ווער קאָן גאַראַנטירן — איך האָב דאָס שוין געהערט פרעגן — אַז דער רעזשים וועט זיך דאָרט נישט ענדערן, אַז ביים רודער פון דער רעגירונג וועט נישט זיצן אַ טאָטאַליטאַרע אָליגאַרכיע, וואָס וועט פאַקטיש פאַרוואַנדלען דאָס לאַנד אין אַ סאָוועטישן „פּראָטעקטאָראַט" און מאַכן עס פאַר אַ ווערקצייג

פון סאָוועטישער פּאָליטיק און סטראַטעגיק? איך באַטראַכט אַזאַ ענדערונג פאַר אַ העכסט אומוואַרשיינלעכער אַנטוויקלונג, אָבער ווען דאָס זאָל פּאַסירן און די מדינת ישראל זאָל דענסמאָל ווער אַ טייל פון סאָוועטישן מלחמה־פּאָטענציאַל, זע איך נישט, אין אַזאַ פאַל, קיין קאָנפליקט פון צוויי אַנטקעגנ־געזעצטע „לאָיאַליטעטן". איך קאָן נישט זיין „לאָיאַל" צו אַ רעזשים, וואָס איז גרייט צו קעמפן פאַר אַ סאָוועטישן וועלט־זיג, אַפילו ווען אַזאַ רעזשים זאָל זיין אַ אידישער, אין אידישן לאַנד און אין דער אידישער מדינה. מיינע „פּאַטריאָטיזמען" זיינען נישט קיין אַבסאָלוטע, און פּונקט ווי איך זאָג נישט צו קיין לאָיאַליטעט אַ פּאַשיסטישער אָדער קאָמוניסטישער אַמעריקע (אַ טעאָרעטישע מעגלעכקייט, לכל הפחות, איז דאָך פאַראַן אויך פאַר אַזאַ אמע־ריקע), קאָן איך ניט שווערן קיין טרייהייט צו אַ טאָטאַליטאַרער אָדער טאָ־טאַליטאַר־אָריענטירטער מדינת ישראל. אַ סאָוועטישער אָדער פּאַשיסטישער רעזשים קאָן נישט ווערן פאַר מיר מער חנ׳עוודיק און מער אַקצעפּטאַבל בלויז דערפאַר וואָס ער בעל־הבית׳עוועט אין דער אידישער מדינה. דער פאַקט וואָס אַ אידישע מדינה — לאָמיר בעסער זאָגן, ד׳י אידישע מדינה — זאָל זיך באַטייליקן אין אַ מלחמה אַלס טייל פון אַ קאָאַליציע, וואָס איר זיג וואָלט געבראַכט צו אוינווערסאַלער שקלאַפעריי אויף הונדערטער יאָרן, קאָן אויף אַ האָר נישט פאַרמינדערן מיין גרייטקייט יענע קאָאַליציע צו באַקעמפן. איך דאַרף דאָ נישט מאריך זיין וועגן דער טיפער טראַגיק פון אַזאַ סיטואַציע, אָבער אויך טראַגיק באַפרייט נישט אַ מענטשן פון אַן אַנטשיידונג אין אַ קריטישער שעה, און די בויטיקע אַנטשיידונג וואָלט איך געמאַכט אַלס אַן אַמעריקאַנער, אַלס וועלט־בירגער, אָבער... אויך אַלס אַ איד.

מיינער אַ קאָרעספּאָנדענט שרייבט מיר אַז ער נעמט אָן מיין אַנאַליז פון די באַגריפן פּאַטריאָטיזם, לאָיאַליטעטן און צוגעבונדנקייטן, אַז מיטן שכל, כאָטש ווייט ניט אינגאַנצן מיטן געפיל, איז ער גרייט אָנצונעמען מיין טעזיס אַז עס איז ניט פאַראַן קיין וועזנטלעכע סתירה פאַרן אַמעריקאַנער אידן צווישן זיינע פליכטן צו אַמעריקע און זיין פאַרבונדנקייט מיט דעם אידישן ישוב וואָס לעבט אין דער מדינת ישראל. וואָס איז שייך די מעגלעכע קאָנפליקטן אין מלחמה־צייטן, איז ער אויך גרייט מסכים צו זיין מיט מיר, אַז אויב מ׳זאָל אָננעמען מיין ברייטע (לויט זיין אויסדרוק, צו ברייטע) אינטערנאַ־ציאָנאַליסטישע ליניע, איז אויך ניט פאַראַן קיין פּלאַץ פאַר אַן ערנסטן צוזאַמענשטויס פון לאָיאַליטעטן. זיינע טענות זיינען פונדעסטוועגן נאָך ניט אינגאַנצן אויסגעשעפּט. אים דוכט זיך אויס, אַז ווען מען רעדט אין אַמעריקע וועגן עליה קיין ארץ־ישראל, וועגן אַ חלוצ׳ישער באַוועגונג פון אַמעריקאַנער אידישער יוגנט, ווען מ׳אַפּעלירט צו אַמעריקאַנער אידן, אַז זיי זאָלן מאַכן זייער בייטראַג צו דער מדינת ישראל ניט נאָר מיט פינאַנציעלע מיטלען,

נאָר מיט מענטשן וואָס זאָלן זיך דאָרט באַזעצן און „אויף אייביק" פאַרבינדן זייער שיקזאַל מיטן לאַנד, ווערט דערמיט דער אַמעריקאַנער אידישער קיבוץ געשטעלט אין אַ מאָראַלישער און פּאָליטישער פאַרלעגנהייט. „איר וועט דאָך ניט אַפּעלירן", שרייבט ער, „צו אַמעריקאַנער ניט־אידן, אַז זיי זאָלן אויס־וואַנדערן פון דאַנען קיין ישראל; נייך, איר וועט אַפילו ניט אַפּעלירן צו ניט־אידישע אַמעריקאַנער, אַז זיי זאָלן פאַרלאָזן אַמעריקע און זיך אומקערן אין לענדער, פון וועלכע זיי גופא אָדער זייערע עלטערן שטאַמען. איר ווייסט אַזוי גוט ווי איך, אַז אַזעלכע אַמעריקאַנער זיינען פאַראַן אין די מיליאָנען, אָבער איר קומט דאָך ניט אַרויס מיט אַן אַלגעמיינער פאָדערונג, אַז אַלע יענע אַמעריקאַנער וואָס זיינען ניט פון אַנגלאָ־זאַקסישן אָדער 'ריין־אַמעריקאַנער' אָפּשטאַם זאָלן זיך געזעגענען מיט אַמעריקע און צוריקגיין אין זייערע אַמאָ־ליקע מוטערלענדער. איר באַטראַכט, הייסט עס, אידן אַלס אַ גרופּע מיט ספּעציפישע אייגנשאַפטן און ספּעציפישע אינטערעסן, וואָס קיין שום אַנדער גרופּע אין אַמעריקע האָט ניט. הייסט דאָס דען ניט, אַז אַמעריקאַנער אידן זיינען פאַר אייך ניט קיין גאַנצע, ניט קיין פולע אַמעריקאַנער, אַז איר אַליין באַטראַכט זיי פאַר אַמעריקאַנער מיט אַן „אָבער", פאַר בירגער מיט געוויסע „מחשבה־רעזערוואַציעס", פון וועלכע אַנדערע עטנישע גרופּן אין אַמעריקע זיינען פריי? צי טראַכט איר ניט, אַז באַטאָנען די דאָזיקע 'אָבעריש־קייט' איז עלול צו שטעלן אַמעריקאַנער אידן, מילד גערעדט, אין אַ גאַנץ אומבאַקוועמער, צווייזייטיקער פּאָזיציע?"

מיין איינדרוק איז, אַז מיין קאָרעספּאָנדענט וואָס וויל בלייבן אַנאָנים, שפּילט דאָ אַביסל די ראָלע פונם „טייוול'ס אַדוואָקאַט". פאַר זיך, דוכט זיך מיר, דאַרף ער קיין ענטפער אויף די אַלע פראַגן ניט האָבן; ער וויל אָבער וויסן וואָס צו ענטפערן אַנדערע אידן, וואָס מאַטערן אים מיט אַזעלכע קשיות: „דע מה שתשיב לאפיקורס".

בין איך ניט זיכער, אַז איך בין בכוח אים צו געבן אַ פאָרמולע וואָס זאָל אים צופרידנשטעלן. איך בין אָבער גרייט אים אַריינצוגעמען, אַזוי צו זאָגן, אין מיין „לאַבאָראַטאָריע" און אים געבן אַ שטיקל באַגריף, אין וועלכער ריכטונג עס איז געווענדעט, אין צוזאַמענהאַנג מיט אַזעלכע פראַגן, מיין פּערזענלעכער געדאַנקענגאַנג.

איך נעם ניט אָן אַז אַ איד וואָס לעבט אין אַמעריקע איז אַן אַמעריקאַנער מיט „אַן אָבער". אָנשטאָט „אָבערישקייט" וואָלטן מיר גיכער געדאַרפט רעדן וועגן „אַנדערשקייט". און אַנדערש זיינען מיר. אַנדערש איז יעדער אַרום אונז, איד און ניט־איד, אויב ער איז נאָר עפּעס, אויב גאָט האָט אים ניט פאַרשאָלטן מיט פולשטענדיקן מאַנגל פון אינדיווידואַליטעט. יעדע אמת'ע דעמאָקראַטיע איז אויפגעבויט אויף די אַנדערשקייטן פון אירע בירגער, פון איינצלנע בירגער

און פון גרופּן בירגער, און אין דעם טאָג וואָס עס זאָלן פאַרשווינדן יענע אַנדערשקייטן, וועט צוזאַמען מיט זיי פאַרשווינדן אויך יענע נאָך ווייט ניט פאַרפולקאָמטע דעמאָקראַטיע וואָס מיר פאַרמאָגן היינט. דאָס פּראָבלעם פון דעמאָקראַטיע איז ניט צו דערשטיקן די אַנדערשקייטן, וואָס זיינען — צי זיי געפעלן אונז אָדער ניט אין יעדן געגעבענעם פאַל — אַ רעזולטאַט פון היסטאָרישע און קולטורעלע אַנטוויקלונגען און האָבן, אין אַ געוויסן זין, אויך ביאָלאָגישע וואָרצלען — נאָר זיי האַרמאָניזירן. דאָס פּראָבלעם פאַר פּעדאַגאָגיק איז אויך, אַנדערשקייטן ניט צו פאַרניכטן און אַפילו ניט צו איגנאָרירן, נאָר צו סובלימירן — אַנטדעקן אין זיי זייערע מעגלעך־פּרוכטבאַרע עלעמענטן און זיי אויפהויבן אויף אַ העכערער מדרגה, אויף וועלכער זיי קאָנען מאַכן זייערן אַן אייגנאַרטיקן ביטראָג צו דער אַלגעמיינער ציוויליזאַציע פונם לאַנד. אין אַמעריקע זיינען מיר געבענטשט (בפירוש געבענטשט, ניט פאַרשאָלטן) מיט אַ צאָל אַנדערשקייטן, וואָס ניט שטענדיק וואָרצלען זיי אין אַ באַזונדערן פאָלקס־אָפּשטאַם. קוועיקערס, ווי איך האָב שוין געהאַט אַ פּאָר מאָל די געלעגנהייט צו באַמערקן, אונטערשיידן זיך ניט פון דער אַמע־ריקאַנער „גרונט־ראַסע" — אַנגענומען, אַז אַזאַ „גרונט־ראַסע" איז טאַקע אַ פאַקט און ניט אַ שטיק מיטאָלאָגיע — אין וועלכן ניט איז זינען; זיי זיינען, מעגן זיי זאָגן, אַ נאַטירלעכער אַנגלאָ־אַמעריקאַנער פּראָדוקט, און פונדעסטוועגן קאָן מען וועגן זיי ניט זאָגן, אַז זיי זיינען "as American as baked beans". זיי צייכענען זיך אויס מיט זייערער אַן אייגענער און זייער וועזנטלעכער „אַנדערשקייט", און קיינעם קומט ניט אַרויף אויף דער מחשבה אָפּצופרעגן זייער אַמעריקאַנישקייט. איך וועל נעמען אַ ווייניקער „רעספּעקטאַבעלע" גרופּע ווי די קוועיקערס, אָן יענעם יחוס־בריוו וואָס די לעצטע האָבן סיי אין ענגלאַנד און סיי אין אַמעריקע: די סעקטע פון „יעהאָוואַ'ס עדות". זייער „אַנדערשקייט" האָט אין געוויסע פאַלן אָנגענומען, אין די לעצטע יאָרן, אַפילו אַ סקאַנדאַלעז־סענסאַציאָנעלן כאַראַקטער. צווישן אַנדערע זאַכן, אָנערקענען זיי ניט, לשמל, די קדושה פון דער אַמעריקאַנער פאָן. זייערע קינדער האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו סאַלוטירן די אַמעריקאַנער פאָן ביי געוויסע פייערלעכקייטן אין די עפנטלעכע שולן. איך וואָלט די עלטערן פון יענער סעקטע ניט גע־ראָטן, צו דערציען זייערע קינדער אין גייסט פון אַזאַ דאָגמאַטישקייט און עקשנות. סאַלוטירן די אַמעריקאַנער פאָן, יעדע נאַציאָנאַלע פאָן, איז אָבער פאַר זיי אַ שטיק עבודה־זרה, אַ מין איינשרענקונג פון גאָט'ס ממשלה אויף דער וועלט, אַ פעטישיסטישע צערעמאָניע. די חומרה וואָס זיי צווינגען אויף זיך אַרויף — ניט צו רעספּעקטירן די נאַציאָנאַלע פאָן, וועלכע קאָן אויך אויפגעפאַסט ווערן אַלס אַ סימבאָל פון אַל־אַמעריקאַנער סאָלידאַריטעט און פאַרברידערונג — איז אַ שטיק „טאַבו", אַ מין „מוקצה"־געפיל, פון וועלכן

זיי וואָלטן זיך געדאַרפט אויסקורירן. איך ווייס, אַז איך בין ניט בכוח זיי איינצורעדן, אַז זיי זיינען צו ווייט פאַרגאַנגען מיט זייער עקסטרעמער „יראה“, אָבער איך זע פונדעסטוועגן ניט קיין גרונט פאַרוואָס איך זאָל אָפּפרעגן זייער אַמעריקאַנישקייט — באַזונדערס נאָך ווען איך דערמאָן זיך, אַז די דאָזיקע „פלאַנץ“ האָט צום ערשטן מאָל אַרויסגעשפּראָצט פון אַמעריקאַנער ערד, אַז זי איז פון ערגעץ ניט „אימפּאָרטירט“ געוואָרן. זיי פאַרשאַפן אַביסל אומ־באַקוועמלעכקייט, אָבער איך האָב די העזה צו טראַכטן, אַז אין שורש זיינען זיי, מיט זייערע שטרענגע באַגריפן פון „כשר“ און „טריפה“ און מיט זייער שטענדיקער וואַכזאַמקייט פאַר חשבון־הנפש, אַ סך אַ מער ווערטפולער עלע־מענט פאַר אַמעריקע, איידער מיליאָנען אַנדערע, וואָס פרעגן ניט קיין קשיות און נעמען אָן אַלץ וואָס מ׳הייסט זיי טאָן אַלס אַ טייל פון „מעשה בראשית“. מיך האָט דערפאַר שאָקירט צוריק מיט עטלעכע יאָר פעליקס פראַנקפורטער, ווען ער האָט אין העכסטן געריכט גע׳פּסק׳נט, אַז די קינדער פון יענע סעקטאַנטן דאַרפן אויסגעשלאָסן ווערן פון די עפנטלעכע שולעס און, דאָס הייסט, באַרויבט ווערן פון זייערע קאָנסטיטוציאָנעלע רעכט אויף בילדונג און דער־ציאונג.

איך ווייס וועלכע אויסזעצונגען מ׳קאָן מאַכן קעגן מיינע משלים. סיי קוועיקערס און סיי „יעהאָוואַ׳ס עדות“ זיינען רעליגיעזע סעקטן, און דאָס איז דאָך שוין ביי אונז אָן אָנגענומענער כלל, אַז רעליגיעזע אונטערשיידן און אַנדערשקייטן דאַרפן אין אַ דעמאָקראַטישער געזעלשאַפט טאָלערירט ווערן. די דורכשניטלעכע אויפפאַסונג פון רעליגיעזער טאָלעראַנץ אין אַמע־ריקע שטיצט זיך אָבער, ווי איך זע אָפט, אויף אַ ניט גאַנץ ריכטיקער אָפּ־שאַצונג פון רעליגיעזע אונטערשיידן. געוויינלעך שטעלט מען זיך פאָר, אַז די אַנדערשקייטן צווישן איין רעליגיעזער גרופּע און אַן אַנדערער זיינען פון אַ ריין מעטאַפיזישן כאַראַקטער, אָדער די אונטערשיידן האָבן גאָר צו טאָן מיט ריטואַל. ווער מען אַרט עס, קאָן מען לייכט זאָגן, אין וואָס אָדער אין וועמען איינער גלויבט, וואָס פאַר פּריוואַטע ימים־טובים ער פּראַוועט ביי זיך אין דער היים אָדער אין קירך, וואָס פאַר אַ צערעמאָניעס ער פירט דורך פון צייט צו צייט? דער שטאַט, די אָרגאַניזירטע געזעלשאַפט, האָט אין די אַלע זאַכן ניט קיין אינטערעס — רעליגיע איז דעם בירגער׳ס „פּריוואַט־זאַך“ — און צו זיינע בירגער־פליכטן אָדער בירגער־טוגענדן האָט דאָס אַלץ קיין שייכות ניט. מ׳פאַרגעסט דערביי, אַז עס זיינען אין געוויסע לענדער פאַראַן רעליגיעזע מינאָריטעטן, וואָס זייערע „אַנדערשקייטן“ זיינען ניט בלויז פון אַ מעטאַפיזישן כאַראַקטער אָדער דריקן זיך אויס בלויז אין ריטועלע מצוות, נאָר דיקטירן אויך אַ געוויסע שטעלונג צו פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און סאָ־ציאַלע פּראָבלעמען. דער אונטערשייד צווישן קוועיקערס און דער איבעריקער

אַמעריקע איז, פון אַ פּאָליטישן שטאַנדפּונקט, ווייט ניט דערזעלביקער וואָס צווישן לוטעראַנער און עפּיסקאָפּאַליאַנער. ער איז אַ סך וועזנטלעכער, מעג מען זאָגן, ווי צווישן אידנטום און קריסטנטום: עס זיינען ניט פאַראַן אין אַמעריקע קיין דירעקטע בירגער־פליכטן, וואָס אידן און קריסטן זאָלן זיך ניט קאָנען וועגן זיי צוזאַמענרעדן; עס זיינען אָבער פאַראַן בירגער־פליכטן וואָס אידן און קריסטן נעמען זייביידע אָן און קוועיקערס אָדער „יעהאָוואַ׳ס עדות״ אָנערקענען זיי ניט (דינסט אין דער אַרמיי, ריכטער־אַמטן אאַז״וו). דאָ האָבן מיר צו טאָן מיט אַנדערשקייטן אין ציווילן, ניט בלויז אין רעליגיעז־צערעמאָניאַלן לעבן, און אַ דעמאָקראַטיע וואָס וויל זיך אַליין ניט פאַרראַטן, מאַכט מיט אַזעלכע דיפערענצן שלום און אַמאָל שעצט זי זיי הויך אָפּ פון אַ ברייטערן ציוויליזאַטאָרישן שטאַנדפּונקט, טראָץ די געוויסע אומבאַקוועמלעכקייטן, וואָס זיי זיינען מסוגל פון צייט צו צייט צו פאַרשאַפן.

זיך אומקערנדיק צו אונז אַליין, צו אַמעריקאַנער אידן, פאַרמאָגן מיר אויך געוויסע אַנדערשקייטן, מיט וועלכע די אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע דאַרף זיך רעכענען, אַריינגעמען אין חשבון זייער עקזיסטענץ. אמת — אויב מ׳מעג זיך אַזוי באַרבאַריש אויסדריקן — אונזער אַנדערשקייט איז אין געוויסע פּרטים אַנדערש פון אַנדערע אַנדערשקייטן אַרום אונז, אָבער ווען יעדע אַנדערשקייט וואָלט געדאַרפט זיין ענלעך צו אַלע אַנדערע אַנדערשקייטן, אין וואָס וואָלט באַשטאַנען איר אייגנאַרטיקייט?

די אַנדערשקייט פון אידן — אויך אין אַמעריקע — אַנטהאַלט אין זיך אַ פּאָטענציעלע מעגלעכקייט (אַ מעגלעכקייט, ניט קיין נויטווענדיקייט!) פון אויסוואַנדערונג, ספּעציעל פון אויסוואַדערונג קיין ארץ־ישראל. אפשר זיינען מיר אויך אין דער ספערע ניט קיין אַבסאָלוטע אויסנאַם. אַזאַ סוביעקטיווע מעגלעכקייט פון אויסוואַנדערונג און ריקוואַנדערונג אין זייער אַלטער היים עקזיסטירט, אויב מיינע באַאָבאַכטונגען פאַרפירן מיך ניט, אויך ביי אַמעריקאַנער איטאַליענער. די אָביעקטיווע באַדיגנונגען זיינען אָבער קעגן אַזאַ פּראָצעס. איטאַליע איז ניט גרייט צוריק־צו־נעמען אין וועלכע ניט איז באַדייטנדיקע צאָלן אירע זין און טעכטער פון אויסלאַנד. לויט איר לאַגע און טענדענץ אין איטאַליע גיכער אַ לאַנד פון אויסוואַנדערונג איידער אַ לאַנד פון איינוואַנדערונג. דאָסזעלביקע אומגעפער קאָן געזאָגט ווערן וועגן אַמעריקאַנער אירלענדער. סוביעקטיוו וואָלט אַן אָנגעזעענע צאָל אירלענדער אין אַמעריקע געווען גרייט צוריק־צו־וואַנדערן קיין אירלאַנד — באַזונדערס נאָך דעם וואָס זי האָט געקראָגן איר נאַציאָנאַלע זעלבסטשטענדיקייט — כאָטש קיינער קאָן ניט זאָגן, אַז ספּעציעל אירלענדער האָבן אַ גרונט זיך צו פילן געקריוודעט אין אַמעריקע. אָבער אויך אין דעם פאַל איז די אָביעקטיווע לאַגע אין אירלאַנד גופא קעגן אַזאַ פּראָצעס. די עקאָנאָמישע אומשטענדן אין

אירלאַנד, אויך נאָך דער באַפרייאונג, זיינען ניט אַזעלכע אַז דאָס לאַנד זאָלן קאָנען צוציען איינוואַנדערער אָדער ריק־וואַנדערער. פּאַרקערט: אויך אין דער באַפרייטער אירלאַנד זיינען ביז היינטיקן טאָג פאַראַן עמיגראַציע־שטימונגען און טענדענצן, און טויזנטער יוגנטלעכע טרוימען דאָרט אויך היינט וועגן מעבר־לים, די פאַראייניקטע שטאַטן. די אירישע נאַציאָנאַלע שפּראַך („געליק") האָט ביזאַהער, טראָץ איר אָפיציעלן סטאַטוס און ניט געקוקט אויף אַלע באַמיאונגען מצד דער רעגירונג און דער עפנטלעכער שולע, געמאַכט פאַרהעלנטניסמעסיק זייער קליינע דערפאָלגן, און איינע פון די וויכטיקסטע סיבות דערפון איז דער פאַקט, וואָס אַ גרויסער טייל פון דער יוגנט איז עמיגראַ־ציאָניסטיש אָריענטירט און באַטראַכט דערפאַר ענגליש אַלס אַ סך וויכטיקערן וואָפן פאַר זייער צוקונפט איידער געליק, וואָס אויסערהאַלב אירלאַנד פאַר־שטייט עס קיינער ניט. פאַר אידן אין אַמעריקע איז, אמת, עליה קיין ארץ־ישראל ניט קיין ריק־וואַנדערונג אין דעם בוכשטעבלעכן זינען פון וואָרט, אָבער זיכער אַ סוביעקטיוו־פּאָטענציעלע מעגלעכקייט פון פאַרווירקלעכן אַן אַלטע, וויטע, אָבער דאָך ניט אויסגעלאָשענע בענקשאַפט פון שיבת ציון — אַ בענקשאַפט וואָס קאָן פאַרבלאַסט ווערן און באַקומען אַ לחלוטין אומ־דינאַמישן כאַראַקטער, וואָס קאָן אָבער אויך, אין באַשטימטע אומשטענדן, קריגן אַ נייעם אימפּעט און אויפגעשטורעמט ווערן. אָט די פּאָטענציעלע מעגלעכקייט איז אַ טייל פון דער אידישער אַנדערשקייט, אויך אין אַמעריקע; זי איז אַ טייל פון יענעם „באַגאַזש" וואָס אידן האָבן מיט זיך געבראַכט קיין אַמע־ריקע פון זייערע פריערדיקע וואוין־ערטער, אַלץ איינס צי אַזאַ חלק „באַגאַזש" האָבן זיי ביי זיך קלאָר רעגיסטרירט אָדער פון אים כמעט ניט געוואָלט וויסן, אָדער... גאָר אים מיט די ליפּן און „על פי אידעאָלאָגיע" פאַרלייקנט. פאַר אַזאַ אַרטיקל אין זייער „באַגאַזש" דאַרפן זיך אידן ניט אַנטשולדיקן: ער האָט זיי קיינמאָל נישט געשטערט צו דערפילן געוויסנהאַפט זייערע בירגער־פליכטן אין אַמעריקע, ליב צו קריגן דאָס לאַנד און זיין ציוויליזאַציע, זיך פאַרקניפּן מיט אַמעריקע אויף אַן אינטימען אופן. דידאָזיקע, אין פיל פאַלן, גאָר ניט באַוואוסטזיניקע, ניט־אויסגעלעבטע בענקשאַפט האָט זיי ניט געמאַכט פאַר וויניקער אינטערעסאַנטע, פאַר אָרעמערע אָנטיילנעמער אינם פּראָצעס פון אַמעריקאַנער לעבן.

אַזוי אָדער אַנדערש, אָבער דאָס זיינען מיר. צי איז דאָס נאָרמאַל? גאַנץ נאָרמאַל? איך ווייס ניט. איך האָב שוין לאַנג פאַרלוירן דעם עקזאַקטן קרי־טעריום פאַר נאָרמאַל און ניט־נאָרמאַל, און כאָטש איך ווייס אַז מיין משל איז ניט פון 96טער פּראָבע, ווילט זיך מיר אַמאָל זאָגן, אַז, להבדיל, אַ פערד מיט אַ הויקער איז אַ בפירוש'דיקע אומנאָרמאַלע דערשיינונג, אָבער דער־

זעלביקער הויקער אויף אַ קעמל איז נאָרמאַל, אַ טייל פון מעשה־בראשית, און קאָן אַפילו האָבן זיינעם אַ באַזונדערן עסטעטישן חן און רייץ...

צי וועלן אידן פון אַמעריקע עולה זיין אין די קומענדיקע יאָרן, און אין וועלכע צאָלן? איך האָב פריער באַמערקט, אַז אויך אין אַמעריקאַנער אידנטום לעבט אַזאַ סוביעקטיוו־פּאָטענציעלע מעגלעכקייט. ווען, ווי אַזוי, אונטער וועלכע אומשטענדן און אין וואָס פאַר אַ פּראָפּאָרציע וועט זיך אַזאַ מעג־לעכקייט אויך אָביעקטיוו אויסווירקן, נעם איך זיך ניט אונטער נביאות צו זאָגן. יעדנפאַלס, נעם איך ניט אַריין אין מיינע חשבונות און „האָפענונגען" דעם עלעמענט פון קאַטאַסטראָפע. איך וויל ניט בויען די עליה פון אַמעריקע אויפן פּראָגנאָז פון סאָציאַל־וואולקאַנישע אויסברוכן אין אַמעריקע, וואָס זאָלן צווינגען אידן לויפן פון דאַנען אין ישראל. אויב די זון זאָל אינגאַנצן אויס־געלאָשן ווערן אין אַמעריקע, זע איך ניט, מוז איך מודה זיין, קיין ליכט אויפן גאַנצן ערד־קוגל. אַ פאַשיסטישע אַמעריקע איז פאַר מיר דאָסזעלביקע וואָס אַ פאַשיסטישע וועלט, אַ ברוטאַל־אַנטיסעמיטישע אַמעריקע איז פאַר מיר דאָסזעלביקע וואָס אַ ברוטאַל־אַנטיסעמיטישע וועלט. אַ זעלבסט־פאַרראַט פון אַמעריקע איז אַ זעלבסט־פאַרראַט פון אַן אוניווערסאַלן פאַרנעם, און פון אַזאַ קאַטאַסטראָפע וועט פשוט ניט זיין וואוהין צו לויפן — אויך ניט אין דער מדינת־ישראל. איך קאָן זיך ניט אידענטיפיצירן מיט יענער אַנעקדאָ־טישער אידענע וואָס שטעלט יום־כפור אין שול אַן אולטימאַטום דעם רבונו של עולם: גיסט דו מיר אַ גוט יאָר, איז גוט, אלא ניט פאָר איך אַוועק צו מיין מומע אין דאָרף. אויך די מומע אין דאָרף איז אונטערן רבונו של עולמ׳ס יוריסדיקציע, און פון גאָט׳ס צאָרן קאָן מען צו איר ניט אַנטלויפן. די מדינת־ישראל קאָן עקזיסטירן און געדייען נאָר ביי אַ באַשטימטן מינימום פון וועלט־אַנשטענדיקייט און יושר; אין באַדינגונגען וואָס זיינען נידעריקער פון יענעם סטאַנדאַרד (און מיר אַלע ווייסן ווי ניט־הויך יענער סטאַנדאַרד איז), איז געגנוג איין מעת־לעת אַז פון איר זאָל גאָרניט ניט בלייבן. ווען איך טראַכט וועגן איינוואַנדערונג אין דער מדינת ישראל פון אַמעריקע, טראַכט איך דערפאַר וועגן ניט־פאַרפאַלגטע אידן וואָס פאַרלאָזן אַמעריקע מיט אַ ברכה, ניט מיט אַ קללה, מיט ליבע צו אַמעריקע און מיט דאַנק־באַרקייט צו איר, און — מעג איך נאָך עפּעס צוגעבן? — אויך מיט אַ געוויסער בענקשאַפט נאָך אַמעריקע, אַפילו אין דעם מאָמענט פון זאָגן איר אַ זייי־געזונט. ניט אין אַלע לעבנס־סיטואַציעס שטייען מיר פאַר אַן אַנטשיידונג צווישן ליבע און האַס; אַמאָל איז עס גאָר אַ פראַגע פון איין ליבע וואָס איז גובר אַן אַנדער ליבע...

איך האָב שוין פריער באַמערקט, אַז איך נעם זיך ניט אונטער נביאות צו זאָגן, ווען, ווי אַזוי, און אין וואָס פאַר פּראָפּאָרציעס אַן עליה פון אַמע־

ריקאַנער אידן וועט פאַרקומען אָדער מעגלעך ווערן. איך אָנערקען דאָס רעכט אויף אַנדערשקייט (אויך אַ געוויסע אומפאַרמיידלעכקייט פון אַנדערש־קייט) ניט נאָר צווישן איד און ניט־איד, נאָר אויך צווישן איד און איד. איך „רעגימענטיר" ניט אין דער מחשבה קיין אידישן קיבוץ אין קיין שום לאַנד, אויך ניט, און ספּעציעל ניט, אין אַמעריקע. איך קאָן מיר פאָרשטעלן, אַז אין אונזער עפּאָכע זאָל דאָס אַמעריקאַנער אידנטום, אויף אַ מער אָדער ווייניקער אָרגאַנישן אופן, זיך פאַנאַנדערטיילן אויף דריי, מסתמא אומגלייכע שיכטן. איין שיכט אידן, קאָן זיין, וועט מיט דער צייט אינגאַנצן זיך אויפלייזן אין דעם אַזוי גערופענעם גרויסן אַמעריקאַנער שמעלצטאָפּ. אַסימילאַציע האָט אויפגעהערט צו זיין אַ פּראָגראַם, אַ אידעאָלאָגיע, אָבער דאָס הייסט נאָך ניט, אַז עס זיינען אָפּגעשטאָרבן יענע אָביעקטיווע און סוביעקטיווע כוחות וואָס אַרבעטן אין אונז אין דער ריכטונג פון אויפלייזונג. ניט אין יעדן אידן איז דער ווילן צום לעבן, צו אידיש לעבן, גלייך, און פיל אידן קאָנען נאָך שטאַרבן אַ מיתת־נשיקה. איך וואָלט ניט וועלן יענע אידן פאַרלירן, אָבער אויב זיי אַליין ווילן פאַרלוירן ווערן און אויב אַנדערע וועלן זיי ניט צופיל שטערן אין זייער פאַרבלאָנזשעט ווערן, וועט מיין ווילן זייער ווייניק העלפן. איך זע אַן אַנדער שיכט, מיט מער וויטאַליטעט, וואָס וועט אַרויסווייזן ווילן צום לעבן, צו קיום און המשך, און וועט זיך אָריענטירן אויף אידיש לעבן אין אַמעריקע גופא, אויף שאַפן כוחות פאַר אַזאַ לעבן סיי פון די טיפע קוואַלן פון אידישער טראַדיציע, וואָס זיי וועלן זוכן צו גאַלוואַניזירן, און סיי פון דער אויפגייענדיקער ניי־אידישער ציוויליזאַציע אין דער מדינת־ישראל. איך ווייס ניט, וואָס פאַר אַ פּנים און וואָס פאַר אַ „טעם" אַזאַ המשך׳דיק אידיש לעבן אין אַמעריקע וועט האָבן (קיינער קאָן דאָס ניט וויסן און פאָראויס דעקרעטירן), אָבער עס איז ניט אויסגעשלאָסן, אַז יענע שיכט זאָל נאָך אַרויסווייזן ענערגיע און שעפערישע כוחות, וואָס דאָס נאַקעטע אויג קאָן נאָך היינט ניט זען. און איך זע פאַר זיך נאָר אַ דריטע שיכט, מיט נאָך מער אידישער און אַלגעמיינער וויטאַליטעט, וואָס וועט זיך אָריענ־טירן אויף אַ פולער און מער דינאַמיש אידיש לעבן אין דער מדינת־ישראל — אַ שיכט אין וועלכער, ווי כ׳האָב זיך פריער אויסגעדריקט, איין ליבע וועט גובר זיין אַן אַנדער ליבע. און לאָמיר זיך ניט איינרעדן, אַז, אויב מיין פּראָגנאָז זאָל זיין אַ ריכטיקער, קאָנען מיר שוין היינט מאַכן אַ מין „רעגיס־טער" און אַנווייזן יעדן אידן אין אַמעריקע זיין פּלאַץ אין איינער פון די דריי קאַטעגאָריעס. אין דעם פּרט דאַרפן מיר זיין גרייט אויף אַ סך פּאַראַ־דאָקסן, איבערראַשונגען און אַנטוישונגען, אָנגענעמע און אומאָנגענעמע. עליה קאָן מיט דער צייט קומען פון קרייזן וואָס זיינען היינט ניט־ציוניסטיש אָדער אינדיפערענט, און אויך פאַרקערט: היינטיקע ציוניסטן און קינדער פון הייג־

טיקע ציוניסטן קאָנען נאָך זוכן און געפינען זייער פּלאַץ אין די אַנדערע צוויי קאַטעגאָריעס. מיר קאָנען אפשר היינט באַשטימען, ווער פון היינטיקע אַמעריקאַנער אידן „האַלט" פון ארץ־ישראל; ס'איז אָבער גאָר ניט אַזאַ אייג־פאַכע זאַך צו אַנטדעקן, ווער פון זיי עס האָט „אַ טאַלאַנט פאַר ארץ־ישראל"; לעבן דאָך אַזוי אָפט טאַלאַנטן אין פאַרבאָרגענע טיפּענישן...

ווי גרויס עס וועט זיין דער עליה־שטראָם פון אַמעריקע, הענגט אָפּ פון אַזויפיל פאַקטאָרן, אַז עס וואָלט געווען ריזיקאַליש צו זוכן זיי אַלע איבערצוציילן. דאָס הענגט אָפּ פון דער עקאָנאָמישער לאַגע און אַנטוויקלונגס־מעגלעכקייטן אין דער מדינת־ישראל, פון איין זייט, און פון מעגלעכע סאָציאַל־עקאָנאָמישע ענדערונגען אין אַמעריקע, פון דער אַנדערער זייט; פון דעם, צי אין אַמעריקע וועט פאָרקומען אין אונזער דור אַ באַדייטנדיקע אומשיכ־טונג אין פּראָפעסיעס און באַשעפטיקונגען, און אין וואָס פאַר אַ היקף (מענטשן וואָס מוזן בייטן זייער באַשעפטיקונג זיינען מער „עמיגראַציע־פייאיק", איידער אַזעלכע וואָס קאָנען פאָרטזעצן די רוטין פון זייער לעבן); פונם קולטורעלן און סאָציאַל־מאָראַלישן פּרצוף־פּנים פון דער מדינת ישראל און פון דער קראַפט פון איר „אַטראַקציע"; פון דער מאָס, אין וועלכער אידן אין אַמע־ריקע וועלן זיך פילן געזעלשאַפטלעך איזאָלירט פון דער איבעריקער אַמע־ריקע; ניט אין קיין קליינער מאָס אויך פון דעם, וואָס פאַר אַ טיפע דערציאונג דער יונגער אידישער דור וועט אין די קומענדיקע יאָרן קריגן אין אַמעריקע, און ווי טיף עס וועלן זיין יענע נשמה־שיכטן אין וועלכע אַזאַ דערציאונג וועט אַריינדרינגען. עס איז אוממעגלעך היינט די אַלע פאַקטאָרן אָפּצואוועגן און אָפּצומעסטן. איך האָב בלויז געזוכט צו באַטאָנען, אַז די עליה פון אַ געוויסער אידיש־אַמעריקאַנער שיכט אין דער מדינת ישראל דאַרף באַטראַכט ווערן, סיי פון אידן און סיי פון ניט־אידן, אַלס אַ לעגיטימע דערשיינונג — פון שטאַנדפּונקט פון בירגערשאַפט און לאָיאַליטעטן.

און צום סוף בלויז נאָך איין באַמערקונג. די מעגלעכקייט פון אַזאַ דער־שיינונג, וועלכע איך באַטראַכט פאַר לעגיטים, איז לכל הפחות, טעאָרעטיש, שוין לאַנג גענומען געוואָרן אין אַכט אין דעם אַמעריקאַנער פּאָליטישן דענקען און אין אַמעריקאַנער יוריספּרודענץ. נאָך אין יאָר 1779 האָט טאָמאַס דזשעפערסאָן אינספּירירט אַ רעזאָלוציע אין דער לעגיסלאַטור פון ווירדזשיניע וועגן די פליכטן און רעכט פון בירגער, און איינער פון די וויכטיקסטע פּאַראַגראַפן אין יענער רעזאָלוציע דערקלערט „דאָס נאַטירלעכע רעכט פון יעדן מענטשן זיך אָפּצוזאָגן פונם לאַנד, אין וועלכן געבוירט אָדער אַן אַנדער אומשטאַנד האָט אים געבראַכט, און צו זוכן עקזיסטענץ־מעגלעכקייטן און גליק אין יעדן אַנדערן פּלאַץ, וואו ער קאָן אָדער ער מעג האָפן דאָס צו געפינען". דערזעלביקער פּרינציפּ, ווי עס דערמאָנט אונז איצטער פּראָפעסאָר

לאַאוטערפּאַכט (אין זיין אַרבעט „עז אינטענעשאַנעל ביל אָף די ראַיטס אָף מען"), האָט געפֿונען אַ סך שפּעטער זיין אויסדרוק, אין 1868, אין אַ רעזאָלוציע פֿון ביידע הייזער פֿונם קאָנגרעס, וועלכע אָנערקענט „עקספּאַטריאַציע (אויסבירגערונג) אַלס דאָס נאַטירלעכע,איינגעבוירענע רעכט פֿון אַלע מענטשן, אומבאַדינגט־נויטיק פֿאַרן געניוס פֿון לעבן און פֿרייהייט און פֿאַרן זוכן פֿון גליק". און אין אונזערע טעג האָט דער פֿאַרטרעטער פֿון דער אַמעריקאַנער דעלעגאַציע צו דער האַגער קאָנפֿערענץ וועגן דער סיסטעמאַטיזאַציע פֿון אינטערנאַציאָנאַלן רעכט געפֿונען פֿאַר נויטיק צו מאַכן די פֿאָלגנדיקע דערקלערונג: „אין משך פֿון אַ יאָרהונדערט האָט זיך מיין לאַנד געהאַלטן ביים פּרינציפּ, אַז דאָס רעכט אויף עקספּאַטריאַציע איז אַן אָנגעבוירן און נאַטירלעך רעכט פֿון אַלע מענטשן. טרייהייט צו אַ שטאַט איז טאַקע אַ פֿליכט, אָבער זי איז ניט קיין קייט וואָס האַלט אַ מענטשן אין צושטאַנד פֿון געבונדנקייט... דער דאָזיקער פּרינציפּ איז ניט קיין קלייניקייט. דאָס איז ניט קיין פֿראַגע פֿון שפּראַך, אָדער פֿון פֿאָרמולעס, אָדער פֿון פֿראַזן. דאָס איז אַ פּרינציפּ פֿון מענטשן־רעכט, פֿון פֿרייהייט פֿונם מענטשלעכן מין".

אויף אַזעלכע רעכט און אויף אַזאַ פּרינציפּ פֿון פֿרייהייט בין איך גרייט זיך צו שטיצן.

1948

# קולטור און דערציאונג אין גלות*)

מיין טעמע איז היינט די קולטור און דערציאונגס־פּראָבלעמען אין גלות. אָבער איידער מיר ווען צוגיין צו די עצם פּראָבלעמען, פאַר וועלכע מיר שטייען, זאָל מיר דערלויבט זיין צו זאָגן אַ פּאָר ווערטער וועגן גלות אַלס אַן אַלגעמיינעם באַגריף.

אין אַ געוויסן זינען איז גלות אַן אַלגעבראַאישער באַגריף. קאָנקרעט האָבן מיר אין די צוויי טויזנט יאָר פון אונזער צעשפּרייטונג געהאַט פאַר־שיידענע גלות׳ן. דער געפיל פון זיין אין גלות איז ניט אין אַלע לענדער און ניט אין אַלע עפּאָכן געווען איינער און דערזעלביקער. די מאָס שאַרפקייט אָדער אינטענסיווקייט פון דעמדאָזיקן געפיל איז געווען אָפּהענגיק פון די באַזונדערע סביבות און ציוויליזאַציעס, אין וועלכע אידן האָבן געלעבט. אידן האָבן אומעטום געקאָנט גלויבן אין דעם אַלטן מאמר: „קשה היא גלות שהיא שקולה כנגד כל הקללות שבתוכחה״, דער גלות איז שווער, ווייל ער וועגט אַזויפיל וויפיל אַלע קללות פון דער תוכחה — דאָס איז געווען די אַלגעמיינע פאָרמולע — אָבער אין קאָנקרעטן היסטאָרישן חשבון האָט דער איד געמאַכט אַן אונטערשייד צווישן איין גלות און דעם אַנדערן. עס זיינען געווען ערגערע גלות׳ן און, אַזוי צו זאָגן, „בעסערע״ גלות׳ן — גלות׳ן, אין וועלכע דער איד האָט געפילט פרעמדקייט, שוצלאָזיקייט און רעכטלאָזיקייט מיט אַלע זיינע רמ״ח אברים, און גלות׳ן אין וועלכע ער האָט זיך געפילט טיילוויז איינגעוואָרצלט, אָדער וואו ער האָט, לכל הפּחות, געטראָגן אין זיך די אילוזיע פון רעלאַטיווער פאַרוואָרצלטקייט.

בבל איז געווען אַ פרעמד לאַנד — גלות! — און דאָך האָבן זי אידן אין משך פון אַ צאָל דורות אויפגעפּאַסט ווי אַ מין „היימישע פרעמדקייט״. אויב דאָס איז אַ פּאַראַדאָקס, איז ער ניט מיינער. געשיכטע און סאָציאַלע פּסיכאָ־לאָגיע שאַפן אַליין זייערע אייגענע פּאַראַדאָקסן. אין פּופּצנטן און זעכצנטן יאָרהונדערט זיינען פּאָרטוגאַל און האָלאַנד, שפּאַניע און טערקיי, אין פּרינציפּ, געווען גלות׳ן. פונדעסטוועגן איז דאָס ניט געווען קיין צופאַל, וואָס פונם פּירענייען־אינזל איז מען געלאָפן קיין האָלאַנד און אין די געגנטן פון דער אָטאָמאַנישער אימפּעריע. אין איין גלות — אינקוויזיציע און שייטערהויפנס, אין אַן אַנדער גלות — טאָלעראַנץ און רעלאַטיווע גאַסטפריינטלעכקייט. אין איין גלות — מאַראַנען, אין אַ צווייטן גלות, אויב מ׳מעג זיך אַזוי אויסדריקן,

*) רעדע, געהאלטן פאַרן ציוניסטישן קאָנגרעס אין ירושלים, 18 אויגוסט 1951.

— „דעמאָראַניזאַציע". אויך אין אונזערע צייטן, זיינען אַלע לענדער פון אידישער צעשפרייטונג — אַלע אָן אויסנאַם! — גלות. אויך ארץ ישראל גופא איז, אין גרונט, אין משך פון אַ סך, אַ סך יאָרהונדערטער געווען גלות. אומעטום וואו אידן לעבן אַלס אַ מינדערהייט, וואו זיי זיינען פּאָליטיש אָדער סאָציאָלאָגיש ניט זעלבסטשטענדיק און אָנגעוויזן אויפן חסד פון דער ניט־אידישער מערהייט־סביבה, איז גלות. פון דעם שטאַנדפּונקט זיינען, אין אונזערע יאָרן, אַמעריקע און, לאָמיר זאָגן, איראַק ביידע גלות׳ן — אין אַ ברייטערן פּסיכאָ־היסטאָרישן זינען. דער קאָנקרעטער אונטערשייד צווישן זיי איז אָבער אַן אומגעהייער גרויסער. פון איראַק מוזן אידן אַנטלויפן, פון אַמעריקע ווערן זיי אין ערגעץ ניט געטריבן. אויב, בדרך כלל, זאָל גלות סימבאָליש פאַרגליכן ווערן צו נאַכט, זיינען פאַראַן גלות׳ן וואו די נאַכט איז אַ שטאָק־פינסטערע, און גלות׳ן, אַזוי צו זאָגן, מיט אַ לבנה־נאַכט.

אין אַלגעמיינע, גראָבע שטריכן קאָן מען דעם גלות־שטח פון אונזער צייט פאַנאַנדערטיילן אויף דריי הויפּט־זאַנען.

דער ערגסטער גלות איז דער, צו וועלכן מיר קאָנען לחלוטין ניט צוקומען און פון וועלכן מ׳קאָן ניט אַרויסקומען. גירוש איז אַ פאָלקס־קאַטאַסטראָפע, אָבער ניט קיין קלענערער — אין געוויסע אומשטאַנדן אַ סך אַ גרעסערער — אומגליק איז תפיסה, אַן וועלכער ניט איז זעבאַרער האָפנונג ווען עס איז פון איר באַפרייט צו ווערן. עס וואָלט געווען טרויעריק־לעכערלעך פון מיין זייט אָנצוצייכענען וועלכע ניט איז פּרינציפּן אָדער מעטאָדן פאַר קולטור־טעטיקייטן צווישן אידן אין דער הערמעטיש צוגעשלאָסענער סאָוועטישער תפיסה.

צו דער צווייטער זאָנע געהערן לענדער מיט אַ פעאָדאַל־איסלאַמישער סטרוקטור און לעבנסשטייגער. אידן זיינען אין יענעם גלות פון די עלטסטע תושבים, נאָר קיינער פון זיי האָט דאָרט ניט אין אונזערע צייטן דעם געפיל פון זיכערקייט, און די וואָרצלען וואָס אידן האָבן אין יענע לענדער געשלאָגן — פאַקטיש אָדער אין זייער פאַרשטעלונג — ווערן יעדן טאָג אויסגעריסן מיט אַ ברוטאַלער האַנט. די אידישע ישובים אין יענע לענדער מוזן וואָס פריער זיך שיידן פון זייערע שטיף־היימען און זיך באַזעצן אין ארץ־ישראל. זיי טוען דאָס איצט פאַר אונזערע אויגן, און מען מעג האָפן, אַז אין אַ רעלאַטיוו קורצער צייט וועלן זיי זיך באַפרייען פון דער אומדערטרעגלעכער לאַגע, אויף וועלכער זיי זיינען פאַראורטיילט אין יענעם טייל פון דער וועלט.

טיפּיש פאַר דער דריטער גלות־זאָנע זיינען אַזעלכע לענדער ווי צפון־אַמעריקע און ענגלאַנד. אַ גאַר גרויסער חלק פון אונזער פאָלק לעבט היינט אין דער מערב־וועלט, אין לענדער מיט אַ פרייהייטלעכער טראַדיציע, מיט גרויסע, כאָטש דערווייַלע נאָר טיילווייז אויסגעווירקטע דעמאָקראַטישע פּאָ־

טענצן, מיט אַ הויכער ציוויליזאַציע און טעכנאָלאָגיע, מיט אַ פּראָגרעסיווער ווירטשאַפט, וואָס האָט אַלע אָביעקטיווע מעגלעכקייטן מיט דער צייט צו דערגרייכן אונזערע מאָדערנע סטאַנדאַרדן פון וואוילזיין און סאָציאַלער גערעכטיקייט. יענע לענדער זיינען פאַר אידן ווייט ניט קיין „עולם שכולו טוב". עס וואָלט אָבער געווען פאַלש צו באַהויפּטן, אַז זיי האָבן דאָרט קיין וואָרצלען ניט געשלאָגן, אַז זיי האָבן זיך דאָרט לגמרי ניט אינטעגרירט, אַז זייער לעבן איז דאָרט אָנגעלאָדן מיט דירעקטע געפאַרן פאַר זייער קיום. אידן האָבן שוין אין יענעם טייל פון דער וועלט דערגרייכט אַ שטופּע פון רעלאַטיוון עקאָנאָמישן וואוילזיין, און כאָטש סאָציאַל זיינען זיי אין ניט קיין קליינער מאָס סעגרעגירט, ווערן זיי פונדעסטוועגן פון דער מערהייט באַ־פעלקערונג ניט באַטראַכט אַלס „פרעמדע" אין דעם זינען, אין וועלכן זיי ווערן געשטעמפּלט אין צוריקגעשטאַנענע לענדער אָדער אין לענדער וואָס מאַכן היינט דורך די קאָנוואולסיעס פון אַ פערוועריזן נאַציאָנאַליזם.

ווי איך האָב שוין פריער באַמערקט, האָב איך ניט קיין תרופה פאַר די אידישע קיבוצים אין רוסלאַנד און אין די סאָוועטישע סאַטעליטן־לענדער. ניט זיי קאָנען זיך ווענדן צו אונז, ניט מיר קאָנען קומען צו זיי מיט טרייסט אָדער דערמוטיקונג. דער וועג איז פאַרשפּאַרט, און ווער ווייסט ווען און וויאַזוי ער וועט געעפנט ווערן.

אין דער צווייטער זאָנע — אין אַראַביש־שפּרעכנדיקע לענדער, אין מוסולמענישע געגנטן בכלל — זיינען אונזערע קולטור־אויפגאַבן ניט קיין לייכטע, אָבער אויך ניט קיין קאָמפּליצירטע. דערציאונגס־אַרבעט אין יענעם טייל פון דער וועלט מוז זיין קאָנצענטרירט אויף צוגרייטונג צו עליה — שפּראַכלעך, אידעאָלאָגיש, אויך טעכניש און פּראָפעסיאָנעל. אין יענער זאָנע זיינען צווישן אידן כמעט ניט פאַראַן קיין חילוקי־דעות וועגן זייער צושטאַנד און צוקונפט. די מדינת־ישראל איז זייער איינציקע האָפענונג.

מ'קאָן אָבער מיט דערזעלבער איינפאַכקייט ניט צוגיין צו דער דריטער זאָנע — צו די אידישע קיבוצים אין דער דעמאָקראַטישער מערב־וועלט, און ספּעציעל צו די העכער פינף מיליאָן אידן אין די פאַראייניקטע שטאַטן. מאַסן־עליה שטייט היינט ניט אויפן סדר־היום פונם אַמעריקאַנער אידנטום. איר קאָנט דאָ אָננעמען וויפיל רעזאָלוציעס איר ווילט וועגן קיבוץ־גלויות און דעקלאַרירן אַז זיי זיינען חל אויך אויפן מערב־אידנטום, אויך אויפן אַמע־ריקאַנער אידנטום — מיט קאָנגרעס רעזאָלוציעס רופט מען ניט אַרויס קיין דראַנג אָדער קיין אַקטיוון ווילן פאַר עליה. דאָס אַמעריקאַנער אידנטום, ספּעציעל, לעבט ניט דורך קיין פּאַניק־צושטאַנד. עס זיינען פאַראַן גלות'ן וואָס „ליקווידירן" זיך אַליין, אָן קאָנגרעס־רעזאָלוציעס, אָן אַ ירושלים'ער פּראָגראַם, אָן מוסר־זאָגן. דער אידישער קיבוץ אין גלות־אַמעריקע איז

אָבער ניט גרייט זיך צו „ליקווידירן" דורך עליה קיין ישראל. דאָס הייסט ניט, אַז אַמעריקאַנער אידן וועלן בכלל אין ארץ־ישראל קיינמאָל זיך ניט באַזעצן. דאָס מוז ניט אויסגעטייטשט ווערן אין דעם זינען, אַז ס׳קאָן גאָר אַזאַ צייט ניט זיין, ווען גרעסערע צאָלן אַמעריקאַנער אידן וועלן ווערן גלייכע שותפים צו דער גאולה־דראַמע וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אָפּשפּילן אין ארץ־ישראל. דאָס קאָן אָבער ניט דערגרייכט ווערן דורך אַריינשטעלן אַ נייעם סעיף אין ציוניסטישן שולחן־ערוך.

איך האָב דאָ די לעצטע פּאָר טעג געהערט טענהן: „איר, אַמעריקאַנער אידן, זייט אַ פרעמד־קערפּער אין דעם געבוי פון אַמעריקאַנער פאָלק; איר לעבט מיט פאַלשע אילוזיעס; איר פאַרגעסט, אַז מיט אַזעלכע אילוזיעס האָבן געלעבט אידן אויך אין אַנדערע לענדער, און איר ווייסט וואָס פון זיי איז געוואָרן". מעג איך דאָ זאָגן, אַז אויפן דורכשניטלעכן אַמעריקאַנער אידן מאַכן אַזעלכע פּראָפּאַגאַנדע ניט קיין גרויסן רושם. ער האָט ניט קיין גרונט צופיל צו אידעאַליזירן זיין לאַגע, אָבער ער האָט זיך איינגערעדט אַז "It can't happen here". ער באַטראַכט — און ניט אינגאַנצן אָן אַ יסוד — די אַמעריקאַנער רעוואָלוציע פאַר דער דערפאָלגרייכסטער רעוואָלוציע אין דער וועלט־געשיכטע; ער איז גרייט „זיך צו באַרימען", אַז כאָטש אין אַמעריקאַנער לעבן קומען פאָר פּאָליטישע זיג־זאַגן און פון צייט צו צייט באַווייזן זיך אויפן האָריזאָנט דראָענדיקע רעאַקציאָנערע כמאַרעס, איז קיין קאָנטער־רעוואָלוציע אין אַמעריקע קיינמאָל ניט פאָרגעקומען און ער זעט זי ניט פאָראויס אויך אין דער צוקונפט, יעדנפאַלס ניט אין אַ צוקונפט, וואָס ווערט שוין היינט צוגעגרייט פון דער קעגנוואַרט. אַמעריקע, זאָגט ער צו זיך, פאַרמאָגט ראַציאָנאַלן פּאַטריאָטיזם, אָבער ניט יענע נאַציאָנאַליסטישע מיטאָלאָגיע וואָס האָט אַראָפּגעפירט דייטשלאַנד פונם זינען און האָט זי פאַר׳שיכור׳ט און פאַר׳סמ׳ט מיט פּאָליטישער עבודה־זרה.

יענער דורכשניטלעכער אַמעריקאַנער איד מעג זיין אומגערעכט, אומ־רעאַליסטיש, און איר קאָנט אויף אים זאָגן, אַז אויך אין זיין בלינדקייט זעט ער ניט „די שריפט אויף דער וואַנט". אַנדערע מעגן זיין איבערצייגט, אַז זייער פּראָגנאָז איז אַ ריכטיקער, אַז אויפן מערב־אידנטום בכלל און אויפן אַמע־ריקאַנער אידנטום בפרט לויערן אומגעפער דיזעלביקע געפאַרן, וואָס זיינען באַפאַלן אַזאַ גרויסן טייל פונם אייראָפּעאישן אידנטום; אָבער קיינער פון אונז איז ניט ביכולת דידאָזיקע געפאַרן פאַר אים צו „פאַרקעגנווערטיקן". מעג איך נאָך עפּעס צוגעבן דערצו? עס איז גאָר ניט אַזוי לייכט אָפּצופרעגן דעם געדאַנק, אַז אויב אַמעריקע איז באַשערט מיט דער צייט צו ווערן אַ פאַשיסטיש־אַנטיסעמיטיש לאַנד, אַ גיהינום פאַר אירע מיליאָנען אידן, וועט אפשר ניט העלפן קיין אַנטלויפן באַצייטנס אין דער אידישער מדינה. עס

איז נישטאָ קיין גרונט צו באַטראַכטן אַמעריקע פאַרן „אויסוואורף" פון דער מענטשהייט; אַ בעסטיאַליזירטע אַמעריקע (אויב עס זאָל דערצו קומען) וועט זיין אַ טייל פון אַ בעסטיאַליזידטער וועלט, און אין אַזאַ וועלט ווי לאַנג קאָן האָבן אַ קיום מדינת־ישראל, אַפילו ווען איר באַפעלקערונג זאָל פאַר־שטאַרקט ווערן מיט נאָך גוטע עטלעכע מיליאָן אידן? די גאולה קאָן ניט קומען אין אַ וועלט אָן „אויסוואורף", אין אַ וועלט וואָס איז „כולו חייב"... אויב אַמעריקאַנער אידן וועלן ווען עס איז גיין אין גרעסערע צאָלן קיין ארץ־ישראל — און איך האָב אמונה אַז זיי וועלן גיין — וועלן זיי דאָס טאָן ניט אַלס אַרויסגעוואָרפענע אָדער אַרויסגעשפּיגענע פון אַמעריקע, נאָר אַלס אינס־פּירירטע פאַר ארץ־ישראל, ניט מיראה, נאָר מאהבה. דערווייל, אין איצטיקן מאָמענט, זע איך ניט אַזאַ טענדענץ אין אַמעריקאַנער אידישן לעבן. דער ציוניזם איז פאַרן רוב מנין אַמעריקאַנער אידן נאָך ניט געוואָרן קיין ענין פון פערזענלעכער זעלבסט־פאַרווירקלעכונג און ער וועט דאָס פאַר זיי ניט ווערן, אויב זייער יונגער דור וועט ניט קריגן אין די קומענדיקע יאָרן קיין טיפערע, קיין מער אָרגאַנישע אידישע דערציאונג. דאָסזעלבע, מיט געוויסע מאָדיפיקאַציעס, קאָן געזאָגט ווערן אויך וועגן אידן אין אַ צאָל אַנדערע לענדער פון דער דעמאָקראַטישער מערב־וועלט, וואו מען קאָן האָפן אויף עליה, אָבער וואו עס האָט קיין זינען ניט צו פּריידיקן בריחה.

ווער עס האָט דערפון הנאה, קאָן זיך ווענדן מיט פשטנ׳ישער, זייער פשטנ׳ישער ציוניסטישער „אויסגעהאַלטנקייט" צו די אַמעריקאַנער אידן בזה הלשון: „רעדט אייך ניט איין אַז איר זייט אַמעריקאַנער; פון אמת׳ע אַמעריקאַנער ווערט איר באַטראַכט אַלס פרעמדע; איר געהערט ניט צו דער אַמעריקאַנער לאַנדשאַפט און אייער בירגערשאַפט איז בלויז אַ פּאַפּירענע; אַנטשליסט זיך וואָס פריער צו פאַרלאָזן אַמעריקע, און אַזוי לאַנג איר קאָנט נאָך ניט זיך אַריבערפּעקלען קיין ארץ ישראל, באַטראַכט זיך ערנסט פאַר פּאָטענציעלע ישראל־בירגער און גיט אייערע קינדער אַן אַקצענטירטע עליה־דערציאונג". דאָס וואָלט געווען אַ רוף צו מאָראַלישער אויסבירגערונג. אָבער ווער עס פילט זיך באַרעכטיקט צו מאָנען פון אַמעריקאַנער אידן, אַפילו נאָר פון אַמעריקאַנער ציוניסטן, אַזאַ אָריענטאַציע, זאָל ער זיין אויסגעהאַלטן און מאָנען ווייטער: „זייט ערלעך מיט זיך אַליין און מיט דער ניט־אידישער סביבה, אין וועלכער איר געפינט זיך, און פירט ניט קיין טאָפּעלע בוכהאַל־טעריע; איר זייט ניט און איר האָט ניט קיין האָפענונג ווען עס איז צו ווערן אַן אָנערקענטער טייל פון אַמעריקע, און דערפאַר — האַנדלט שוין היינט ווי „ציַיטווייליקע איינוואוינער" פונם לאַנד; לאָזט אייך ניט ווילן אין קאָנג־רעס און די לעגיסלאַטורן פון די פאַרשיידענע שטאַטן; פאַרנעמט ניט קיין אַמטן פון גאָווערנאָרס, קיין פּלעצער אין העכסטן געריכט אָדער געריכטן

בכלל; זיצט ניט אויף קאַטעדרעס פון אַמעריקאַנער קאָלעדזשעס און אוני־ווערזיטעטן; רופט צוריק פון זייערע אַמטן די טויזנטער אידישע מענער און פרויען וואָס אונטערריכטן אין מוניציפּאַלע שולן און, צי גוט אָדער שלעכט, נעמען זיי אָנטייל אין אויסגעשטאַלטן די פיזיאָגנאָמיע פונם יונגן אַמע־ריקאַנער דור; גייט ניט דינען אין דער פּאָליציי; ווערט ניט קיין אָפיצירן אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי; באַטייליקט זיך ניט אין אַמעריקאַנער זשור־נאַליזם און ליטעראַטור, אין קונסט, אין טעאַטער, אין מוזיק; זאָגט ניט קיין דעות אין אַנגעלעגנהייטן פון אַמעריקאַנער פּאָליטיק, בקיצור, דע־נאַטוראַליזירט זיך, אויב ניט טעכניש, יורידיש, איז, לכל הפחות מאָראַליש, אידייאיש, סאָציאַל". דאָס וואָלט אַמוויניקסטן געווען „קאָנסעקווענט", אָבער איך וואָלט וועלן זען יענעם דעלעגאַט פון אונזער קאָנגרעס, וואָס האָט דעם קוראַזש מיט אַזאַ רוף זיך צו ווענדן צו אַמעריקאַנער אידן. פונם מאַנגל אין קוראַזש, אין דעם פאַל, קאָנען מיר אַלע עפּעס לערנען...

עס וועט ניט זיין פאַר מיר קיין צו גרויסער שפּרונג איבערצוגיין פון דידאַקטיקע באַטראַכטונגען צו אַ באַהויפּטונג, וואָס אויב מיר זאָלן ניט זוכן זיך צו פאַרשטייפן אין פּרוכטלאָזן דאָגמאַטיזם, דאַרף זי ביי אונז ניט אַרויס־רופן קיין ערנסטע חילוקי־דעות. דער אַמעריקאַנער איד (און אומעטום וואו איך באַרוף זיך אויף אַמעריקע, האָב איך אין זינען אויך אַ צאָל אַנדערע לענדער פון דער מערב־וועלט) איז אָביעקטיוו פאַראורטיילט אויף אַ געוויסן קולטור־דואַליזם, וועלכער מוז זיך אָפּשפּיגלען אויך אין זיינע דערציאונגס־סיסטעמען. ער איז קולטורעל אין איינער און אין דערזעלביקער צייט אי אַן אַמעריקאַנער, אי אַ איד. ווער עס וויל, קאָן זאָגן אַז אַזאַ דואַליזם איז ניט געזונט, „אומנאָרמאַל". קולטורעלער מאָניזם מעג באַטראַכט ווערן אַלס אַ סך אַ נאָרמאַלערע דערשיינונג ווי אַ מענטשנס לעבן אין דער ספּערע פון צוויי קולטורן. אָבער אַזאַ מאָניזם, אַזאַ גאַנצקייט, איז קיינער פון אונז ניט בכוח צו דעקרעטירן. אַ געוויסע מאָס קולטורעלע אינטעגראַציע אין דער אַלגעמיינער סביבה איז פאַר אידן אומפאַרמיידלעך אומעטום, וואו זיי לעבן ווי אַ מינדערהייט אין אַ לאַנד מיט אַ הויכער ציוויליזאַציע, און אויף אָביעק־טיווע אומפאַרמיידלעכקייטן איז ניט שייך אָנצואווענדן דעם קריטעריום פון „נאָרמאַל" און „אומנאָרמאַל". אַ באַשרענקטע, איינזייטיקע דיעטע איז, פון אַן אַלגעמיינעם שטאַנדפּונקט, „אומנאָרמאַל"; זי איז אָבער זייער „נאָרמאַל" פאַר מענטשן וואָס זיינען „ניט מיט אַלעמען", וואָס דאַרפן זיך היטן פון געוויסע מאכלים אָדער, פאַרקערט, וואָס דאַרפן האָבן אַ גרעסערע קוואַנ־טיטעט פון באַשטימטע שפּייזן. נאַטירלעך, טראָגט אין זיך יענע מאָס פון קולטור־אינטעגראַציע, אויף וועלכער איך האָב פריער אָנגעוויזן, ניט וויניק געפאַרן פון אַסימילאַציע, אָבער אין אַ גלות־צושטאַנד זיינען אַזעלכע געפאַרן

שטענדיק פאַראַן, און מיר האָבן דאָך שוין צווישן זיך אָפּגערעדט, אַז די מערב־וועלט (און אַמעריקע אין דער מערב־וועלט) איז אויך גלות, כאָטש ניט דערזעלביקער גלות וואָס מאַראָקאָ אָדער פּערסיע. און כדי אויסצומיידן מיס־פאַרשטענדענישן, אומנויטיקע קאָנפליקטן מיט זיך אַליין און מיט דער אַרומי־קער סביבה, דאַרפן אידן אין דער מערב־וועלט קלאָר און דרייסט פּראָקלאַמירן זייער קולטור־דואַליזם און די פולע לעגיטימיטעט פון אַזאַ דואַליזם. אפשר זעט דאָס פאַר עמעצן אויס ווי „טאָפּעלע בוכהאַלטעריע", וועלן מיר וועגן טער־מינען און אויסדרוקן ניט פּאָלעמיזירן. איך בין גרייט אָנצונעמען אויך דידאָזיקע באַצייכענונג, אָבער אומגליקן אין דער וועלט נעמען זיך ניט אַזויפיל פון „טאָפּעלע" אָדער פון פּאַראַלעלע בוכהאַלטעריעס, ווי פון געהיימע בוכהאַלטעריעס. דער אַמעריקאַנער איד האָט אַ רעכט צו זיין אַ איד, צו פירן אַ אידיש קולטור־לעבן (אויב ער האָט פאַר דעם די נויטיקע וויטאַליטעט און אינהאַלט), אָפּהיטן און, אויב ער איז ביכולת, אויך אויפסניי באַפרוכפּערן זיינע אייגענע גייסטיקע ווערטן — מיט איין באַדינגונג: אויב ער טוט דאָס אָפן, אויב ער מאַכט דערפון קיין סוד ניט, אויב ער איז ערלעך מודיע וועגן דעם זיינע ניט־אידישע מיטבירגער. איך באַדויער דעם גייסטיקן און מאָראַ־לישן שיקזאַל פון יעדן לאַנד, וואָס זאָל אַריינשטעלן אין די פליכטן פון זיינע בירגער אַזאַ „מצווה" ווי אַמנעזיע, דאָס פאַרגעסן זיך אַליין, זיינע זכרונות, זיין פאַרגאַנגענהייט, זיינע באַזונדערע גרופּן־אינטימקייטן. קיין שום בר־דעת אין אַמעריקע, ווייס איך, פאָדערט ניט פונם אַמעריקאַנער אידן אַזאַ גייסטיקן זעלבסטמאָרד, אַזאַ „קידנעפּן"־זיך־אַליין פון דער אידישער פאָלקס־גרופּע פון וועלכער ער שטאַמט.

אין דער מערב־וועלט שטייט פאַר אונז ניט די פּראָבלעם פון באַקעמפן אַסימילאַציע אַלס אַ גזירה פון אויבן אָדער פונם „אַרום", אויך ניט פון באַ־קעמפן אַן אַסימילאַטאָרישע פּראָגראַם אָדער וועלט־אַנשויאונג פון אינעווייניק. די הויפּט־געפאַר איז אַן אַנדערע: די געפאַר פון גלייכגילטיקייט צום עצם ענין איד־זיין. דער ציוניזם אַלס אַזעלכער, ריכטיקער, דער בלויז פּלאַטאָ־נישער ציוניזם — וועלכער הערט ניט אויף צו זיין פּלאַטאָניש אַפילו ווען ער דריקט זיך אויס אין העלפן פון דערווייטנס דער אַנטוויקלונג פון ארץ־ישראל — איז ווייט ניט ביכולת צו סטימולירן דעם אידן אין חוץ־לארץ צו לעבן אַ אידיש לעבן, צו „פילן אַ טעם" און אַ אינהאַלט אין איד־זיין. כדי ניט צו זיין אינדיפערענט צום אידישן קיום און צו זיין אייגענער פאַר־בינדונג מיט אידנטום, דאַרף ער ווערן דורכגעדרונגען מיט אינהאַלטן און ווערטן פון אידישער קולטור און גייסט. דורך פּראָפּאַגאַנדע קאָן דאָס ניט דערגרייכט ווערן. פאַר דעם פאָדערט זיך אַ מער פונדאַמענטאַלע, מער אָרגאַ־נישע אידישע דערציאונג, וואָס דער גאָר גרויסער טייל אידן אין די מערב־

לענדער קריגט זי ניט אין אונזערע יאָרן. פון שטאַנדפּונקט פון ווייטערדיקן אידישן קיום איז דערפאַר, אין די פריער דערמאָנטע לענדער, די דערציאונג צו אידנטום אָדער צו „אידישקייט" אַ סך וויכטיקער ווי דאָס וואָס מיר באַצייכענען ספּעציפיש אַלס „דערציאונג צום ציוניזם". מ׳קאָן ניט זיין קיין ווילנס־ציוניסט (צום אונטערשייד פונם בלויז סענטימענטאַלן ציוניסט), אויב מ׳איז ניט קיין ווילנס־איד, אויב מ׳האָט ניט דאָס באַוואוסטזיין פון זיין אַ טייל אין דער לאַנגער דראַמאַטישער געשיכטע פון איד־זייך.

דאָס לעבעדיקע ארץ־ישראל קאָן נאַטירלעך אַ סך מער סטימולירן דעם אידן אין חוץ־לארץ און שטאַרקן זיין ווילן צו איד־זיין און צו אידיש לעבן, איידער סתם ציוניזם אַלס אַ טעאָריע אָדער וועלט־אַנשויאונג. די השפּעה פון דער איצטיקער מדינת־ישראל קאָן אָבער קולטורעל באַפרוכפּערן אידיש לעבן אין גלות בלויז אונטער איין באַדינגונג: אויב זי וועט גיין האַנט אין האַנט מיט געוויסע, אַזוי צוזאָגן, אויסער־געאָגראַפישע עלעמענטן אין דער טראַדיציאָנעלער אידישער קולטור, מיט עלעמענטן וואָס האָבן אַרויסגעוויזן כוח צו לעבן אויך אָן דעם אָנשפּאַר אויף באָדן און אָן דירעקטער דערנערונג פון באָדן.

מיר איז ניט לייכט אין דעם פּונקט זיך קלאָר צו מאַכן, און אויף וויפיל ס׳איז מעגלעך, וועל איך איצט זוכן אויסצומיידן אַבסטראַקטע אָדער פילאָזאָפישע טערמינען. אין אַ געוויסן זין מעג מען זאָגן, אַז אידנטום האָט אין משך פון אַ סך יאָרהונדערטן — אין דעם גאַנצן אַזוי־גערופענעם גלות־פּעריאָד — געלעבט מער אין דער ספערע פון צייט איידער אין דער ספערע פון רוים, אָדער מער אין דער ספערע פון „מוזיק" איידער אין דער ספערע פון „פּלאַסטיק". פּלאַסטישע קונסט אָן רוים איז לחלוטין אוממעגלעך זיך פאָרצושטעלן. אַ בילד, אַ ווערק פון סקולפּטור אָדער אַרכיטעקטור מוז פאַרנעמען פּלאַץ אָדער באָדן; אַ ניגון איז באָדנלאָז. אין גרונט ווייסט ער גאָרניט וואָס באָדן אָדער רוים איז; ער עקזיסטירט, באַוועגט זיך, גייט דורך זיין וועג אויפן „שטח" פון צייט. אין סימבאָלישן זינען איז אידישע קולטור געווען מער אַ היסטאָריש־מוזיקאַלישע, איידער אַ געאָגראַפיש־פּלאַסטישע, און פון דעם שטאַנדפּונקט איז גלות, ביז צוריק מיט אַ פּאָר דורות, געווען אין דער וועלט־געשיכטע אפשר די איינציקע (יעדנפאַלס די בולט׳סטע) דערשיינונג פון אַן עקס־טעריטאָריאַלער ציוויליזאַציע. איז אַ ציוויליזאַציע אָן באָדן, אָן אַ טעריטאָריעלער ראַם, אָן רוים, פון מער ווי איין שטאַנדפּונקט, אַן אומנאָרמאַלע דערשיינונג. אידן איז אָבער געלונגען דידאָזיקע אומנאָרמאַלקייט צו סובלימירן. אין גלות האָבן זיי מיט זיך מיטגענומען עפּעס, וואָס ווען איך וואָלט געווען אַ דיכטער, וואָלט איך עס געזוכט צוצוגלייכן צו יעקב אבינו׳ס אויסגע׳חלום׳טן (און דאָך רעאַלן) לייטער, פאַר וועלכן עס

פֿאַדערט זיך בלויז אַ קלייניקער אָנשפּאַר־פּונקט, כדי צו דערגרייכן דעם הימל (סולם מוצב ארצה וראשו מגיע השמימה). און ווער קאָן היינט זאָגן, ווען מיר קוקן אויף צוריק, אַז דידאַזיקע כמעט פֿאַנטאַסטישע ביאָגראַפֿיע פֿונם אידישן פֿאָלק איז געווען אַן אינהאַלטלאָזע, אָדער אַ לאַנגווייליקע, אָדער אַן אומ־פּרוכטבאַרע? אויף די „לאַטיפֿונדיעס" פֿון צייט, פֿון, דוכט זיך, בלויז זכרונות און האָפֿענונגען, האָט אונזער פֿאָלק געשאַפֿן אַזאַ גראַנדיעזן בנין ווי דעם תּלמוד בבלי, די היכלות פֿון קבלה און חסידות, די פּרדסים פֿן מיטלאַלטער־לעכער פֿילאָזאָפֿיע און פּאָעזיע, די זעלבסט־דיסציפּלין און פֿייערלעכע וואַכ־זאַמקייט פֿונם שולחן ערוך, די קאָלירן און אַראָמאַטן פֿון שבתים און ימים־טובים. דאָס זיינען אַלץ, אין אַ זייער גרויסער מאָס, שאַפֿונגען פֿונם גלות, עקס־טעריטאָריעלע דעראָבערונגען, און ווי פֿיינלעך עס איז ניט געווען איזאָלאַציע פֿון דער אַרומיקער וועלט, האָט זי אונז געגעבן אַ געפֿיל פֿון אַריסטאָקראַטישער עקסקלוסיווקייט, פֿון יחוס, פֿון סופּעריאָריטעט. אָן אַ טעריטאָריע — און דאָך זיינען געווען קלאָרע און פֿעסטע גרענעצן, וואָס אידן האָבן באַוואַכט מיט מסירות־נפש; אָן אַן אַרמיי — און אַזוי פֿיל גבורה; אָן אַ בית־המקדש — און אַזוי פֿיל קדושה; אָן כהונה — און, אין פּרינציפּ, יעדער איד אַ כהן; אָן מלכות — און אַזוי פֿיל גייסטיקע „סואווע־רעניטעט". שעמען זיך מיטן גלות? איך שטאָלציר מיט אים, און אויב גלות איז געווען אַן אומגליק (און ווער קאָן באַהויפּטן, אַז ער איז דאָס ניט געווען?) שטאָלציר איך מיט דעם וואָס מיר האָבן פֿון אומגליק און אין אומגליק גע־מאַכט. שעמען זאָלן זיך פֿעלקער מיט דעם וואָס זיי האָבן מיט אונז אין גלות געטאָן; מיר האָבן יעדן גרונט צו קוקן אויף אונזער גלות־פֿאַרגאַנגענהייט מיט געהויבענע קעפּ. קיינער פֿון אונז אידעאַליזירט ניט קיין טורמע; אָבער שעמען זאָלן זיך די וואָס פֿייניקן אין טורמעס די בעסערע מענטשן פֿון דער געזעלשאַפֿט, און ניט יענע אַרעסטירטע וואָס האָבן באַוויזן אין דער חשכות פֿון א תּפיסה־צעל צו פֿאַרפֿאַסן זייערע הלל׳ס צו שיינקייט און פֿרייהייט.

אמת, דער גלות אין וועלכן אידן לעבן איצטער איז שוין ניט דערזעלביקער אין וועלכן זיי האָבן פֿריער געלעבט אַזוי פֿיל דורות. דער אידישער טאַלאַנט צו לעבן און שאַפֿן אַלס פֿאָלק בלויז אין דער ספֿערע פֿון צייט איז טראַגיש אָפּגעשוואַכט געוואָרן. ניט דאָ איז דער פּלאַץ און ניט איצט איז די שעה צו אַנאַליזירן די היסטאָרישע סיבות וואָס האָבן ביי אונז יענע פֿייאיקייט צוגענומען. מיר ווייסן אָבער — און דאָס איז איינער פֿון די גאָר וויכטיקע עלעמענטן אין דער אידייע פֿון ציוניזם — אַז, ניט נאָר אונזער פּאָליטישע און סאָציאַל־עקאָנאָמישע לאַגע, אין אַ גרויסער צאָל לענדער פֿון אונזער צעשפּרייטונג, נאָר אויך אונזער גייסטיקע און קולטור־סיטואַציע אומעטום פֿאָדערט פֿון אונז, מיר זאָלן זיך אומקערן צו אַ פֿאָלקס־לעבן אין דער ספֿערע

פון רוים, פון באָדן, פון טעריטאָריעלער פאַרוואָרצלונג, אויך פון מלוכה׳שאַפט. פאַר אַ ציוניסטישן קאָנגרעס איז ניט נויטיק אויפצוקלערן, אַז אָן אַזאַ אומקער דראָט אונז אַ געפערלעכע אָפּשוואַכונג פון אונזער וויטאַליטעט, אָן אַלגעמיינע פאַרבלאַסונג פון אונזער גייסטיקן לעבן. דידאַזיקע גייסטיקע „אידן־נויט״ איז געווען ניט דער לעצטער אין דער צאָל פאַקטאָרן וואָס האָבן געגעבן קראַפט און אימפּעט דער ציוניסטישער באַוועגונג און דעם דראַנג צו שיבת־ציון.

איך וואָלט אָבער געווען ניט אויפריכטיק מיט אייך, ווען איך וואָלט ניט אָנגעוויזן מיט עטלעכע ווערטער אויף אַ נייער גייסטיקער געפאַר, וואָס קאָן אַנטשטיין מחמת דער אָקצענטירונג — ריכטיקער, מחמת דער איבער־אָקצענטירונג — פון אונזער אָריענטאַציע אויף רוים. אין אייניקע קרייזן רעדט מען שוין די לעצטע צייט ניט וועגן אַ אידישער קולטור, נאָר וועגן אַן ארץ־ישראל־קולטור, אַפילו וועגן אַ ישראל־קולטור, און ווען מ׳זאָגט „ישראל״ מיינט מען די מדינה. מען נוצט שוין (ס׳קאָן זיין, אין באַשרענקטע קרייזן) דעם דאָזיקן אויסדרוק, גלייך ווי אין די דריי מיט אַ האַלב יאָר פון דער מדינה׳ס עקזיסטענץ, און מיטן כוח פון דער מדינה, איז שוין דאָ אַנטשטאַנען אַן אייגענע אָדער אַ נייע קולטור. ווייל איך דאָ ניט אַריינגיין אין דער אַלגעמיינער פראַגע פון דער שייכות צווישן שטאַט און קולטור. אַ שטאַט קאָן באַוועגן, וויטאַליזירן דעם גייסט פון אַ פאָלק, און קאָן שאַפן אַ געזונטע ראַם פאַר זיין קולטור־אַנטוויקלונג ; און אַ שטאַט קאָן אַמאָל אויך דערשטיקן, דעגראַדירן און פאַרפלאַכן דאָס גייסטיקע לעבן פון אַ פאָלק. עס ווענדט זיך אָן דעם וואָס פאַר אַ שטאַט דאָס איז, וואָס ער טוט מיט זיינע בירגער, אָדער, אפשר ריכטיקער, וואָס די בירגער טוען מיטן שטאַט. אָבער אויך דער בעסטער, אַפילו דער אידעאַלסטער, שטאַט איז ניט בכוח אין קורצע עטלעכע יאָר צו פּראָדוצירן אַ נייע אָדער זיינע אַן אייגענע קולטור. ספּעציעל איז ער דאָס ניט בכוח צו טאָן, אויב ער באַטראַכט זיך פאַר אַ זעלבסט־צוועק, אויב ער פאַרגעטערט זיך אַליין און אויב ער רייסט זיך אָפּ פונם פאָלק׳ס געשיכטע, פון זיין פאַרגאַנגענהייט און די ווערטן וואָס עס האָט אין דער פאַרגאַנגענהייט געשאַפן. ווען איך הער אָפטמאָל ווי מען ווענדט אָן דעם פּסוק „כי מציון תצא תורה״ אויף דער ציון פון היינט און אויף דער היינטיקער מדינה אין ציון, גלויב איך צוזאַמען מיט אַנדערע אַז נייע און דערהויבענע קולטור־ווערטן וועלן נאָך אין דער צוקונפט דאָ געשאַפן ווערן — ווערטן פון אַן אוניווערסאַלן פאַרנעם און באַדייטונג. אָבער דערווייל ווילט זיך מיר יענעם פּסוק פאַראַפראַזירן און דערמאָנען אַז „מציון יצאה תורה״, אַז פון דעמדאָזיקן לאַנד איז אַמאָל אַרויסגעקומען אַ תורה, און אַז מיטן כוח פון יענער תורה האָבן אידן שפּעטער, דור נאָך דור, אין גלות נאָך גלות, געשאַפן גייסטיקע

ווערטן, אויף וועלכע עס ליגט דער חותם פון שעפערישע ראַנגלענישן און דערגרייכונגען. יענע ווערטן און די נשמה־ענערגיע וואָס איז אין זיי פאַר־קערפערט מוזן ווייטער — מסתמא אין נייע פאָרמען, מיט אפשר געענדערטע אַקצענטירונגען און מיט אַנדערע מעטאָדן — קולטיווירט ווערן אויפן באָדן פון דער מדינת־ישראל, געמאַכט ווערן דער יסוד פאַר דער נייער ציוויליזאַציע וואָס הויבט אָן — מיט אַ סך שווערערע חבלי־לידה, ווי פיל פון אונז האָבן זיך געוואָלט פאָרשטעלן — געפורעמט צו ווערן אין דער מדינת־ישראל. נישטאָ קיין קולטור־מאָרגן אָן אַ קולטור־נעכטן און אָן אַ קולטור־אייערנעכטן, אויב מיר ווילן ניט שלום־מאַכן מיט אַ לאָקאַל־עטנאָגראַפישן און לאָקאַל־פּאָלי־טיזירטן קולטור־נוסח פון אַ קליינער נאַציאָנאַליסטישער מדינה, וואָס איז פאַר׳דיבוק׳ט מיט עקסטרעמען פאַטריאָטיזם.

אָבער אונזער קולטור־נעכטן און קולטור־אייערנעכטן באַשטייען אין אַ גרויסער מאָס פון עלעמענטן מיטן שטעמפּל "Made in Galuth"— זאָלן מיר, מחמת דעמדאָזיקן שטעמפּל, זיי ניט אָנערקענען? איך שטעל די־דאָזיקע פראַגע ניט ווייל איך לייג אַ סך געוויכט אויף אַזאַ דערשיינונג ווי דאָס קליינע בינטל „בנענים" מיט זייער נייגונג צו אַ סעמיטישן — כ׳בעט איבער אייער כבוד — „בלוט־און־באָדן־נאַציאָנאַליזם", צו אַ פוטוריזם, וואָס זוכט זיך כלומר׳שט אָנצושפּאַרן אויף אַ געצנדינערישן אורסעמיטיזם. אָן אחד משׂשים פון דעמדאָזיקן לונאַטישן „בנענים"־גייסט פילט זיך אָבער אויך אין אַנדערע, ברייטערע און ניט־קלינישע קרייזן, און דערדאָזיקער אחד־משׂשים איז שוין אַליין אַן אָנזאָג פון אַ געוויסער געפאַר. פון אַזעלכע קרייזן קומט אַרויס די גרינגשעצונג פון דער נאָענטער אידישער גלות־פאַרגאַנגענהייט, פונם אַזוי־גערופענעם געטאָ־אידן, פון זיין שטייגער, פון זיינע ווערטן, פון זיין לעבנס־נוסח. יענע גרינגשעצונג אויף וועלכער עס האָט זיך מיט אַ קורצער צייט צוריק, מיט אַזוי פיל טאַלאַנט און טעמפּעראַמענט, אָפּגעשטעלט אין זיינעם אַ פאַמפלעט אַן ארץ־ישראל׳דיקער העברייאישער שרייבער. איך האָב דאָ אין זינען קריב׳ן און זיין אַרבעט „אדברה וירווח לי". אין גרונט איז דאָס אַ רוף צו אַ נייער הומאַניזירונג פון אונזער קולטור־לעבן און צו אַ פאַרטיפטער אהבת ישראל, אָן וועלכע די ציוויליזאַציע פון דער מדינת ישראל איז עלול צו גיין אויף פאַלשע אָדער פּרוקטלאָזע וועגן און אָן וועלכע די מדינה וועט ניט קאָנען אויסאיבן קיין באַדייטנדיקע קולטור־השפּעה אויפן אידישן לעבן אין חוץ־לארץ.

מיר האָבן שוין אין די פּאָר טעג פונם קאָנגרעס געהערט עטלעכע מאָל דעם לאָזונג „העברייאיזירן דעם גלות". איך דאַרף דאָ ניט דערקלערן, אַז אַזאַ לאָזונג איז מיר און אַזעלכע ווי איך גאָר ניט פרעמד. איך נעם אים אָן מיטן גאַנצן האַרצן, אָבער וואָס איז זיין ממשות׳דיקער אינהאַלט און תכלית?

סתם פאַרשפּרייטן אין די גלות־לענדער די קענטעניש פון דער העברייאישער שפּראַך, און הויפּטזעכלעך דערפאַר וואָס זי איז שוין היינט די אָפיציעלע שפּראַך פון אַ אידישער מדינה? אַוודאי און אַוודאי איז דאָס אויך אַ פּאָזי־טיווער ציל, צו וועלכן מיר דאַרפן אַלע שטרעבן. אָבער העברייאיש האָט ניט געקראָגן זיין יחוס־כתב ערשט פון דער אידישער מדינה, און עס איז, ווי יעדער ווייס, ניט קיין צופאַל און ניט קיין רעזולטאַט פון עמעצנס עקשנות, וואָס העברייאיש האָט זיך דעראָבערט אין אונזער צייט אַזאַ וויכטיקע פּאָזיציע, ווייזט היינט אַרויס אַזוי פיל קראַפט און פאַריונגונג, אַזאַ דינאַמיק און עלאַסטישקייט.

אין אונזערע טעג, כמעט גלייכצייטיק מיט דער מדינת ישראל, איז אויפגעשטאַנען פּאָליטישן תחיית המתים איינס פון די עלטסטע און נאָבלסטע פעלקער אין דער וועלט — אינדיע. אַנטדעק איך דאָ פאַר קיינעם ניט עפּעס וואָס ער האָט ניט געוואוסט, דהיינו, אַז די אָפיציעלע שפּראַך פון דער איג־דישער פעדעראַציע איז נאָך אַלץ ענגליש, די שפּראַך פונם אַמאָליקן אָקופּאַנט, פונם אַריינדרינגלער, פון וועמענס יאָך דאָס גרויסע לאַנד האָט זיך אָקאָרשט באַפרייט. נישטאָ נאָך אין אינדיע קיין געמיינזאַמע נאַציאָנאַלע שפּראַך, וואָס זאָל פאַרבינדן אַלע אירע שבטים און אַלע אירע געגנטן, און אינדיער — לאָמיר ניט פאַרגעסן — זיינען דאָך די גאַנצע צייט פון זייער לאַנגער גע־שיכטע געזעסן אויף זייער אייגענעם באָדן. און נעמט אַ צווייטן ביישפּיל: אירלאַנד. נאָמינעל האָט די זעלבסטשטענדיקע אירלאַנד אירע אַן אייגענע אָפיציעלע שפּראַך — געליק. אָבער פּאַקטיש, וויפיל אירלענדער קאָנען רעדן אָדער לייענען געליק? ווי גרויס אָדער ווי פאַרשפּרייט איז זייער געליק־ליטעראַטור? אויף וועלכער שפּראַך גייען דאָרט אַרויס צייטונגען און זשור־נאַלן? וואָס פאַר אַ לשון נוצט מען מערסטנטייל אין פּאַרלאַמענט? די חובבי־שפת־געליק קאָנען זיך ניט באַרימען מיט קיין גרויסע דערגרייכונגען אויך אין פּעריאָד פון פולער פּאָליטישער זעלבסטשטענדיקייט, און ענגליש, די שפּראַך פונם היסטאָרישן „שונא", איז נאָך אַלץ אין דער ווירקלעכקייט איר־לאַנד'ס שפּראַך. אירלענדער, ווי אידן, האָבן אויך זייערן אַן אייגענעם חוץ־לארץ, און גאָר ניט קיין קליינעם, אָבער די עטלעכע מיליאָן אירלענדער וואָס לעבן אין־דער־היים האָבן דאָך שטענדיק דאָרט געלעבט, קיינמאָל ניט אויס־געוואָנדערט, שטענדיק געווען פאַרוואָרצלט אין זייער באָדן און סביבה. פאַרוואָס־זשע איז זיי ניט געלונגען צו טאָן מיט געליק דאָס, וואָס אונז איז געלונגען מיט העברייאיש? ניט ווייל מיר זיינען גרעסערע בריה'ס פון זיי, נאָר ווייל העברייאיש איז פאַר אונז אין אַלע דורות געווען לשון קודש, בשעת געליק איז געווען פאַר אירלענדער ניט מער ווי אַ פאָלקס־שפּראַך, אַ טייל פון אַן עטנאָגראַפישער קולטור. אין משך פון יאָרהונדערטן, זינט די טעג

פון פּאַטריק דעם הייליקן, איז דאָס אירלענדישע לשון־קודש, ווי אין אַלע רוימיש־קאַטוילישע לענדער, געווען לאַטיין — אַן אוניווערסאַלע, דע־נאַציאָנאַליזירטע שפּראַך — ניט זייער אייגן לשון. העברייאיש האָט געקאָנט עקזיס־טירן אין משך פון צוויי טויזנט יאָר ניט אַלס אַ מוזייאום־קעגנשטאַנד, נאָר אַלס אַ פונקציאָנירנדיקער אָרגאַן, אַן אַ שטאַט, אָן אַ טעריטאָריע, ווייל די שפּראַך אַליין איז געווען אַ „טעריטאָריע", אַ גייסטיקע היים, און ווייל דער פּאַטאָס פון אידישן לעבן און שאַפן, פון אידישע נשמה־ראַנגלענישן און זיגן, האָט זיך מאַניפעסטירט הויפּטזעכלעך אין העברייאיש. העברייאיש האָט אין אונזער דור כוח צו זיין אַ וועלטלעכע אומגאַנג־שפּראַך — ניט טראָץ, נאָר אַדאַנק דעם פאַקט וואָס אין משך פון אַזוי פיל דורות איז זי געווען פאַר אונז אַ הייליקע שפּראַך. ווען העברייאיש (אין געוויסע פּעריאָדן, צוזאַמען מיט איר שוועסטער־שפּראַך אַראַמיש) וואָלט ניט געווען דער אָרגאַן פאַר סובלימאַציעס אין אידישן לעבן, וואָלט זי שוין לאַנג געווען אַ טויטע שפּראַך. און נעמט מען דאָס מאָדערנע העברייאיש אין ארץ־ישראל, מיט וועלכן מיר האָבן אַזוי פיל גרונט צו שטאָלצירן, איז עס ניט סתם, פון דער העלער הויט אויסגעוואַקסן אין אַ פאָר צענדליק יאָר „פונם באָדן". אַזאַ העברייאיש וואָלט אוממעגלעך געווען, ווען עס וואָלט ניט אַרויסגעקומען פונם שויס פונם „גלות־העברייאיש" — פון מענדעלע'ס פּראָזע, פון אחד־העם'ס עסייען־סטיל, פון ביאַליק'ס פּאָעזיע, פון בערקאָוויטש'ס שלום־עליכם־איבערדיכטונג. אָבער דאָסדאָזיקע גלות־העברייאיש גופא האָט געשעפּט זיין יניקה פון די טיפענישן פון טראַדיציאָנעלן העברייאיש, פון „לשון־קודש", פון אַ גייסטיקן שטראָם וועלכער איז אַ סך מער ווי נאַציאָנאַליזם, פונם אידישן רעזערוואואַר פון גרויסע און אייגנאַרטיקע גייסטיקע שפּאַנונגען. אָן דעמדאָזיקן הינטערגרונט — אָן דעם הינטערגרונט פון אידנטום אין ברייטן היסטאָרישן זין — וואָלט איצטער העברייאיש אין ארץ־ישראל געווען (אויב עס וואָלט בכלל געווען) אַ מין עספּעראַנטאָ פאַר אימיגראַנטן מיט אַ בבל פון שפּראַכן, אפשר ניט **מער ווי אַ** Pigeon Hebrew. אָבער אָן יענעם הינטערגרונט וואָלט מסתמא בכלל קיין ציוניזם ניט געווען.

אויב מיינע באַטראַכטונגען זיינען בכלל ריכטיקע, זיינען זיי חל סיי אויף ארץ־ישראל און סיי אויפן גלות, באַזונדערס אויפן גלות. דער פונדאַ־מענטאַלער צוועק פון אידישער דערציאונג אין גלות איז דערפאַר, פון מיין שטאַנדפּונקט, ניט ציוניזם, אין ספּעציפישן אָדער פּראַגמאַטישן זין פון וואָרט, נאָר אידנטום. ציוניזם דאַרף זיין דער נאַטירלעכער רעזולטאַט פון אַן אָרגאַנישער דערציאונג צום אידנטום, די קולמינאַציע, ניט דער אָנפאַנג. אָן אַזאַ דערציאונג קאָן ציוניזם זיין אַ דאָקטרין, אַ איבערצייגנדיקע טעאָריע, אַ פּראָגראַם, אַ פּלאַן, אַ פּיקוח־נפש־אונטערנעמונג, אַן אַפּעלאַציע צו סענטי־

מענטן, אָבער ניט קיין טיפן־דערלעבעניש. העברייאיש איז, נאַטירלעך, אַ גאַר־גאַר וויכטיקער עלעמענט אין אַזאַ דערציאונג. אָבער איך וואָלט דאָ גיכער געברויכט דעם טערמין העבראַאיזם איידער העברייאיש. איך נוץ דאָ דאָס וואָרט „העבראַאיזם" ניט אין יענעם פּאָלעמישן זין, אין וועלכן ער איז אין אונזער דור גענוצט געוואָרן אַלס אַן עקסטרעמע שפּראַך־פּרעפערענץ, אַלס אַ ריין לינגוויסטישע „שיבולת", נאָר מיט דעמזעלבן צוגאַנג, מיט וועלכן איך וואָלט, למשל, גענוצט דאָס וואָרט „העלעניזם". העלעניזם איז מער ווי די גריכישע שפּראַך, מער ווי די אַלט־גריכישע מיטאָלאָגיע אָדער רעליגיע, מער ווי די אַנטיקע קונסט פון גריכנלאַנד. ער איז אַ שטראָם אינם אומענדלעכן אָקעאַן פון דער מענטשהייט׳ס זוכענישן, פון דער מענטשהייט׳ס ליידנשאַפט־לעכן שטרעבן צו קריגן אַ זיכערקייט מיט זיך, אַ פאַראַנקערונג אין קאָסמאָס — פון איר גאַרן נאָך אמת, נאָך שיינקייט, נאָך האַרמאָניע. אַזאַ מעכטיקער שטראָם איז אויך אידנטום. אַלע ציוויליזאַציעס — די גרעסטע און די רייכסטע צווישן זיי — זיינען מער עקספּערימענטן, ווי פאַרענדיקטע דערגרייכונגען. אָבער אַ לעבנספּייאיקע ציוויליזאַציע, אַזעלכע וואָס האָט זיך ניט אויסגע־שעפּט אין איר עקספּערימענטירן און טראָגט נאָך אין זיך פּאָטענציעלע קראַפט פאַר באַנייאונג, פאַריונגונג און נייע אַקצענטירונגען, קאָן פאַרגליכן ווערן מער צו אַ מעלאָדיע, ווי צו אַ סקולפּטור־ווערק. די אַמאָליקע עגיפּטישע ציוויליזאַציע, למשל, איז שוין לאַנג אַ סקולפּטור־ווערק, פון וועלכן עס קאָן שוין קיין ניי לעבן ניט אַרויסקומען. זי האָט שוין היינט מער אַן אַרכעאָלאָגישע ווי אַ היסטאָרישע באַדייטונג. אידנטום האָבן מיר יעדן גרונט צו באַטראַכטן ניט אין טערמינען פון פאַרענדיקטער פּלאַסטישער „פאַרגליווערטקייט", נאָר אין טערמינען פון אַ מעלאָדיע, און אַ מעלאָדיע — שוין דערפאַר אַליין וואָס איר „שטח" איז צייט — האָט, אין פּרינציפּ, שטענדיק המשך. עס עקזיסטירן פאַר איר תמיד מעגלעכקייטן פאַר וואַריאַציעס, אויך פאַר שעפערישע זיג־זאַגן, אָפּנויגן און סתירות: פאַר נייע „עקספּערימענטן" מיט זיך אַליין, אָבער פאַר אַזעלכע עקספּערימענטן וואָס פאַרלירן ניט די פאַרבינדונג (דעם „זיכרון") מיט דער פאַרגאַנגענהייט און מיט די כוחות וואָס האָבן יענע פאַר־גאַנגענהייט געשאַפן.

דאָס ברענגט אונז, צי מיר ווילן אָדער מיר ווילן ניט, צו דער פראַגע פון רעליגיע און רעליגיעזער טראַדיציע אין אידנטום. די טריבונע פון וועל־כער איך רעד היינט איז ניט דער זיכערסטער אָדער רואיקסטער פּלאַץ פאַר דיסקוטירן ענינים פון רעליגיע. רעליגיע איז אָבער ניט עפּעס וואָס שטייט ערגעץ־וואו אין אַ איזאָלירטן רשות־היחיד און האָט ניט קיין שייכות צו דער קולטור פון אַ פאָלק אָדער פונם מענטשלעכן מין בכלל. רעליגיע איז אַליין — גוטע אָדער שלעכטע — קולטור, און פּערזענלעך בין איך געניגט

צו טראַכטן, אַז אין איר פּאַטענץ איז זי גאָר די קרוינונג פון אַלע מעגלעכע קולטור־דערגרייכונגען. עס האָט אַזוי „פּאַסירט", אַז אידנטום, אידישע קול־טור, איז אין אירע וויכטיקסטע מאַניפעסטאַציעס געווען הויפּטזעכלעך רע־ליגיעז. אין אַנדערע ווערטער: די אור־קרעפטן פונם אידישן פאָלק, זיינע ראַנגלענישן מיט זיך אַליין, מיטן „דעספּאָטיזם" פון דער נאַטור, מיט די סביבות פון די אומות העולם, האָבן זיך אויסגעוויילט רעליגיעזע קאַנאַלן, רעליגיעזע וואָפן און רעליגיעזע פאָרמען. די הויפּט־שפּאַנונגען פון דער אידישער קאָלעקטיווער נשמה זיינען געווען רעליגיעזע, איר ענערגיע האָט גערעדט צו זיך אַליין און צו דער וועלט אַ לשון פון אַן עטיש־רעליגיעזער דראַמע, אַ „לשון קודש". נעמט אַוועק פון אונזער שיקזאַל דעם עלעמענט פון רעליגיעזער דראַמע, ספּעציעל אין אונזער לאַנגן און מאַרטירערישן גלות — און עס ווערט זינלאָז יעדער פאַרזוך אויסצוטייטשן די אידישע גע־שיכטע. אידישע עקזיסטענץ אין משך פון די לעצטע צוויי טויזנט יאָר איז אָדער אַ מיסטעריע (און אַ מיסטעריע האָט זין און „תכלית") אָדער אַ מיס־פאַרשטענדעניש. איך נעם אָן אַז זי איז געווען אַ מיסטעריע, און איך וואָלט שטאַרק באַדויערט דעם ציוניזם, דעם אידישן רענעסאַנס, ווען ער וואָלט געקאָנט באַטראַכט ווערן אַלס פּראָדוקט פון אַ מיספאַרשטענדעניש אָדער אַ היסטאָרישער לעפּעשקייט. איך האָב פריער פאַרגליכן אידנטום צו אַ מע־לאָדיע. אויב מ'זאָל זיך האַלטן ביי אַזאַ פאַרגלייך, איז „בראשית" די פּרעלודיע צו יענער מעלאָדיע, און דער „אחרית הימים" (אין דער שפּאַנונג, ניט אין אַ פאַרענדיקטער היסטאָרישער ווירקלעכקייט) איר עפּילאָג, מיט „יהי!" (עס זאָל זיין!) אַלס איר שטענדיקער „רעפרען". עס איז דערפאַר גאָרניט נויטיק צו זיין רעליגיעז אין אַ דאָגמאַטישן אָדער אינסטיטוציאָנעלן זינען פון וואָרט, אַן אָרטאָדאָקס, — ווען איך וואָלט רעדן אַמעריקאַניש, וואָלט איך זאָגן, אַז ס'איז ניט נויטיק צו זיין אַ „פונדאַמענטאַליסט" — כדי צו אָנערקענען, אין שייכות מיט אונזער ווייטערער פאָלקס־דערציאונג, דעם אומפאַרגלייכלעכן ווערט פון די קולטור־פאַרקערפּערונגען פונם אידישן רעליגיעזן געניוס.

איך בין ווייט ניט דער לעצטער ווי געהעריק אָפּצושאַצן די באַדייטונג פון פאַרשפּרייטן אין גלות, שוין ניט רעדנדיק וועגן ארץ־ישראל, די קענ־טעניש פון העברייאיש, פונם מאָדערנעם, גערעדטן, אַזוי צו זאָגן, פּראַקטישן העברייאיש. איך זע אין דעם, קודם כל, אַ מין „חיזוק החברה", אַ בריק אָדער אַ סאָציאַל פאַרבינדונגס־מיטל צווישן אידן אין חוץ־לארץ און אידן אין מדינת־ישראל, אויך צווישן חוץ־לארצ'דיקע אידן גופא. זאָל מיר פונדעסטוועגן דערלויבט זיין צו באַהויפּטן, אַז אַ איד וואָס קאָן אָנרופן אויף העברעאיש אַלע פלאַנצן פון ארץ־ישראל, צי אַלע טיילן פון אַ טראַקטאָר אָדער פון אַן אַנדער קאָמפּליצירטער מאַשין, העלפט דאָס אים זיכער אַרויס צו זיין אַ

ניצלעכער פונקציאָנער אין דער מדינת־ישראל — ווער פון אונז וועט אונטער־שאַצן און ווער פון אונז וועט דען אין דעם ניט זען אַפילו אַ קולטורעלן ווערט, ניט בלויז אַ טעכניש־אוטיליטאַרן? — אָבער אויב אים זיינען ניט באַקאַנט, אין זייער טיפערן זינען און אין זייער פאַרבינדונג מיט גייסטיקע שפּאַנונגען, אַזעלכע העברייאישע באַגריפן ווי „מצווה", „עבירה", „גאולה", „תיקון", „טומאה", „טהרה", „יראה", „אהבה", „צדקה", „חסד", „מסירות־נפש", „קידוש־השם", „דבקות", „תשובה", קאָן ער ניט זיין קיין שותף צו יענעם כאַר, וואָס זינגט אויס, ביודעים אָדער בלא ביודעים, דאָס וואָס כ'האָב באַצייכנט אַלס „די אידישע מעלאָדיע". אויך די אַזוי־גערופענע וועלטלעכע דערציאונג, אין ארץ־ישראל ווי אין גלות, אויב זי וויל ניט אויסגעליידיקט ווערן פון קרעפטן, וואָס בויען אויף די אידישע פערזענלעכקייט, מוז דערפאַר גענערט ווערן פון קוואַלן וואָס ווערן באַצייכנט, יעדנפאַלס פאָרמעל, אַלס רעליגיעזע. און אָט דאָס האָב איך אייגנטלעך געמיינט ווען איך האָב זיך היינט באַנוצט מיטן טערמין „העבראַאיזם".

איך שלאָג דאָ ניט פאָר קיין דעטאַליזירטע פּראַקטישע פּראָגראַם, אויך ניט קיין קוריקולום פאַר אידישע שולן. ס'אַ גרויסער ספק צי איך בין פאַר דעם באַרופן. איך האָב בלויז געזוכט היינט, אפשר אין צו אַבסטראַקטע טער־מינען, אָנצוצייכענען די ליניע, אויף וועלכער מיר דאַרפן ריכטן אונזער דענקען, אונזער קולטור־אָריענטאַציע. העברייאיש אַלס שפּראַך דאַרף נאַטיר־לעך פאַרנעמען דעם צענטראַלן פּלאַץ אין אונזער גאַנצער פאָלקס־פּעדאַ־גאָגיק; עס קאָן ניט זיין קיין „העבראַאיזם" אָן העברייאיש אין הינטערגרונט. דאָס הייסט אָבער ניט, אַז מיר דאַרפן, לויט מיין מיינונג, זיך באַנוצן בלויז מיט העברייאיש, אַז מיר מעגן וואַרטן ביז דער רוב מנין אידן וועלן האָבן ווילן און כוח זיך אויסצולערנען העברייאיש אין אַזאַ מאָס, אַז די שפּראַך זאָל ווערן פאַר זיי אַ מקור פון גייסטיקן געניסן (און אָן „געָנוס", וואָס מאַכט אַ מענטשן אַ מיט־שאַפער אינעם קולטור־פּראָצעס, ווי איז מעגלעך אַ גייסטיקע דערלע־בעניש?). כדי מיטצוטיילן די ווערטן פון דעם וואָס איך באַצייכן אַלס „העב־ראַאיזם", וועלן מיר, אויף פאַרשיידענע שטופן און ביי פאַרשיידענע שיכטן פונם גלות־פאָלק, מוזן נוצן אויך אַנדערע שפּראַכן. אַלץ איינס וואָס איר שיקזאַל זאָל ניט זיין אין דער צוקונפט, וועלן מיר דאַרפן נוצן אויך אידיש — אומעטום וואו דאָס דאָזיקע לשון איז נאָך פאַר אידן אָרגאַניש, אינטים, און מאַכט זיי אויפנאַם־פייאיק פאַר קולטור־השפעות. מיר וועלן פאַר דעם דאַרפן נוצן אויך ניט־אידישע, פרעמדע שפּראַכן. פרעמד זיינען יענע שפּראַכן דעם אידישן כלל, אָבער פאַר מיליאָנען אידישע יחידים זיינען זיי שוין אין אַ גרויסער מאָס אייגענע שפּראַכן, אָרגאַנען פאַר זייער גייסטיקן לעבן און וואוקס.

אַזאַ ערנסטע, טיף־גראָבנדיקע, מיט אידישער אייגנאַרט אָנגעהויכטע

קולטור־אַרבעט וועט מיט דער צייט, גלויב איך, ברענגען אויך צו אַ פּאַר־טיפטן ציוניזם, צו אַ באַוואוסטזיין פון היסטאָרישער דראַמע און צו אַן אַקטיוון ווילן אין דער דאָזיקער דראַמע אָנטייל צו נעמען, אויך צו חלוציזם, וואָס וועט שעפּן זיין קראַפט פון די טיפערע שיכטן פון אידישן וועזן. נאָר אַזאַ אָרגאַנישע און שוואונגפולע דערציאונגס־אַרבעט קאָן אין גלות שאַפן די אינעווייניקסטע גרייטקייט רעאַל, בפועל ממש, זיך צו באַהעפטן מיט דעם גראַנדיעזן פּראָצעס פון אידישער אויפלעבונג, וואָס האָט אין אונזער דור אָנגעהויבן זיך פונאַנדערצואוויקלען אין ארץ־ישראל.

אַזאַ אַרבעט איז ניט לייכט. זי קאָן ניט געטאָן אָדער אַפילו ערנסט צו־געגרייט ווערן איבער־נאַכט. קיינער אין דעמדאָזיקן זאַל וויים אפשר ניט מער פון מיר ווי אומגעהייער גרויס עס זיינען די שוועריקייטן אין דורכפירן אַזאַ פּראָגראַם אין חוץ־לארץ. ניט איינמאָל אין דער אַרבעט קריגט מען דעם געפיל פון גיסן וויין אין אַ צעלעכערטן פאַס. איך וויים אָבער אַז אָן דעם איז דער ציוניזם, ספּעציעל אין די ציוויליזירטע און פרייע מערב־לענדער, פאַר־אורטיילט צו ווערן אַלץ גראָער, אַלץ לאַנגווייליקער, אַלץ ווייניקער אינספּי־רירנדיק — אַנעמיש און איינגעדאַרט. מיט דעם האָט דער ציוניזם יעדן שאַנס אָנצוהויבן אַ ניי און גרויס קאַפּיטל.

אין לעצטן היסטאָרישן סך־הכל איז די מדינת ישראל פּאַראינטערעסירט אין אַזאַ גייסטיקער עליה פון ציוניזם, ניט ווייניקער ווי דער גלות. גלויבן מיר דאָך אַלע צוזאַמען, אַז אַלע אידישע וועגן פירן — פריער אָדער שפּעטער, דירעקט אָדער אומדירעקט, מיט אָדער אָן מאַרשרוט־סימנים — צו איין דעסטינאַציע־פּונקט: קיין ארץ־ישראל.

# אַ בליק אין דער צוקונפט*)

איך שטיי פאַר אייך און הידוש זיך: ווי אַזוי האָט עס פּאַסירט, אַז איר האָט איינגעלאַדן מיין ווייניקייט צו אַדרעסירן אייער קאָנפערענץ? איך בין ניט קיין מוסמך. איך בין מסתמא דער איינציקער צווישן אייך וואָס האָט קיינמאָל ניט געלערנט ניט אין אַ ישיבה און ניט אין אַ מאָדערנעם „במקום" פון אַ ישיבה. מיט קיין לומדות קאָן איך זיך אויך ניט באַרימען. כ'האָב אַ חשד, אַז די איינלאַדער האָבן אַפילו ניט פעסטגעשטעלט, צו וועלכן פון די דריי טיפן רעליגיעזע אינסטיטוציעס, וואָס זיינען, פאַר באַשטימטע צוועקן, פאַראייניקט אין אייער קערפּערשאַפט, געהער איך, און צי געהער איך בכלל צו וועלכער ניט איז קאָנגרעגאַציע. איז די איינלאַדונג געווען אַ צופאַל, אַ מיספאַרשטענדעניש, אָדער אַן אויסדרוק פון פאַרטרויען אין מיר, וועלכן איך האָב אפשר ניט פאַרדינט? אָבער ווי די זאַך זאָל ניט זיין, איז דער פאַקט, וואָס איך האָב אָנגענומען די איינלאַדונג, וועלכע איז פאַר מיר אַ גרויסער קאָמפּלימענט — און איך האָב זי אָנגענומען זייער גערן — ניט קיין סימן פון גרויסער ענוות פון מיין זייט.

איך וועל מסתמא מוזן אַרויסגיין פון דער ראַם, וואָס איר האָט אָנגעצייכנט פאַר מיין פאַרטראַג: „אידיש לעבן אין דער צווייטער העלפט פונם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט". קיינער פון אונז איז ניט קיין נביא, און אין דער מאָס, אין וועלכער מיר מוזן זיך דערלויבן צו מאַכן פּראָגנאָזן, קאָן מען זיי ניט צושפּיצן צו דאַטן אָדער אָפּגעגרענעצטע פּעריאָדן, וואָס לאָזן זיך גענוי אָנצייכענען. איך וועל מיר יעדנפאַלס מאַכן מיין אויפגאַבע באַקוועמער און לייכטער: אַנשטאָט צו געבן לייזונגען פון פּראָבלעמען, וועל איך זיך באַשרענקען בלויז אויף אַנאַליזירן דעם צושטאַנד, אין וועלכן מיר געפינען זיך. איך ווייס, אַז בלויז דעפינירן אַ פראַגע איז ניט קיין גאַנצע אַרבעט, אָבער... לא עלי המלאכה לגמור.

אויף אַ אידישער שיף, אויף וועלכער מיר איז אויסגעקומען ניט לאַנג צוריק צו פאָרן פון פראַנקרייך קיין ארץ־ישראל, האָב איך בייגעוואוינט אַ שטיקל וויכוח צווישן עטלעכע רבנים פונם גוט באַקאַנטן „היימישן", מזרח־אייראָפּעאישן טיפּ. איינער פון זיי האָט געפרעגט אַ שאלה: היות עס עקזיס־

*) אַ רעדע, געהאַלטן דעם 10טן אַפּריל 1951, פאַר דער קאָנפערענץ פונם ניו יאָרקער „באָארד אָף ראַבאַיס" (אַ קערפּערשאַפט, אין וועלכער עס זיינען פאַרטראָטן קאָנסערוואַטיווע און רעפאָרם־ראַבאַיס, ווי אויך אַ טייל פונם אָרטאָדאָקסישן ראַבינאַט). די דערמאָנטע קאָנפערענץ האָט געפייערט די זיבעציק־יאָריקע עקזיסטענץ פון דער אָרגאַניזאַציע.

טירט שוין איצטער, ברוך השם, אַ אידישע מדינה, צי מעג מען ניט זאָגן אַז די גאולה איז שוין געקומען, און אויב אונזער צוויי־טויזנט־יעריקע האָפע־נונג איז מקויים געוואָרן, צי איז שוין ניט געקומען די צייט אָפּצושאַפן תשעה־באב? אַן עלטערער רב האָט אַ טראַכט געטאָן און גע׳פּסק׳נט: בדרך כלל מעג מען שוין איצט דעם דאָזיקן תענית בטל מאַכן. ער איז אָבער גענויגט צו וואַרטן, ביז דער אַנדערער טייל פון ירושלים, וואו דער בית־המקדש איז אַמאָל געשטאַנען און וואו עס געפינט זיך דער כותל־מערבי און אַנדערע אידישע הייליקטימער, וועט אַריבערגיין פון אַראַבישע הענט אין רשות פון דער מדינת ישראל. גראָד דער יונגסטער פון דער רבנים־גרופּע האָט העפטיק קעגן דעם פּראָטעסטירט:

„עס האָט גאָרניט פּאַסירט, וואָס זאָל באַרעכטיקן דאָס אָפּשאַפן פון תשעה באב". מדינת ישראל? ער לייקנט ניט, חלילה, אַז דאָס איז אַ גאָר־גאָר גרויסע געשעעניש, וואָס דאַרף וואַרעמען דאָס האַרץ פון יעדן פרומען אידן. אָבער מיט גאולה האָט דאָס דערווייילע זייער ווייניק צו טאָן. וואָס האָבן מיר אייגנטלעך אַזויפיל דורות באַוויינט אין אונזערע חצות׳ן? און מחמת וואָס האָבן מיר געפאַסט און געטרויערט יעדעס יאָר דעם ניינטן אָב? מחמת דעם חורבן פון דער אידישער מדינה? ארץ־ישראל איז שוין ניט געווען קיין זעלבסטשטענדיק אידיש לאַנד אַ שפּאָר ביסל יאָרן פאַרן חורבן פונם צווייטן בית־המקדש. דאָס אידישע לאַנד איז געווען אַ רוימישע פּראָווינץ, אַ מין „פּראָטעקטאָראַט" פון די אימפּעראַטאָרן. גרויסע צאָלן זיינען שוין געזעסן אין גלות נאָך איידער די פלאַמען האָבן פאַרצערט דעם בית־המקדש. האָבן מיר, הייסט עס, באַוויינט דעם בית־המקדש גופא, ניט די מלוכה? אָבער וואָס הייסט טרויערן אויפן בית־המקדש? האָבן מיר פאַרלוירן אַ ווערטפולן בנין? און זיינען מיר דען אַזוי זיכער, אַז פּאָליטיש איז לחלוטין ניט געווען קיין מעגלעכקייט, אין משך פון דער צייט, דעם בית־המקדש ווידער אויפצובויען? קיינער קאָן ניט באַווייזן, אַז אפילו אונטער דער רוימישער הערשאַפט זיינען נאָכדעם ניט געווען קיין ליבעראַלערע צייטן, ווען מ׳וואָלט אונז ניט געשטערט צוריק אויפצובויען דעם בית־המקדש, אויב מיר וואָלטן געגעבן אַ גאַראַנטיע אַז ער וועט ניט ווערן אַ זאַמלפּונקט פאַר אַ באַוועגונג, זיך צו באַפרייען פון רוימישער פּאָליטישער הערשאַפט... תשעה־באב, גלויב איך, טרויערן מיר אַלע יאָרן און דורות אויף נאָך עפּעס: אויף דער הערשאַפט פון אדום איבער דער וועלט. ניט בלויז די מויערן פון ירושלים זיינען צעשטערט געוואָרן. דער גייסט פון אדום האָט געזיגט איבער דעם גייסט פון ירושלים. אדום האָט דענסמאָל געהייסן רוים. אָבער רוים האָט ניט קיין מאָנאָפּאָל אויף אדום־גייסט. אין יעדן דור אָדער אין יעדע עטלעכע דורות שטייט אויף אונטער אַ נייעם נאָמען אדום און געוועלטיקט איבער דער וועלט. די נעמען בייטן זיך, די רשעות

און די טומאה בלייבן דיזעלביקע. פרעג איך אייך: איז אדום שוין באַזיגט געוואָרן? געוועלטיקט שוין אין דער וועלט ירושלים? און זיינען דען מיר, אידן, אינגאַנצן פריי פון אדום־גייסט? און אַז ס׳איז שוין פאַראַן אַ מדינת ישראל, באַהערשט זי דען מיט איר גייסט די איבעריקע וועלט, און — לאָמיר זיין ערלעך מיט זיך — איז דען די אידישע מדינה גופא אַ מלכות שדי? קאָן זי עס דען זיין היינט, מיט אונז, אידן, ווי מיר שטייען און גייען, מיט אַזוי פיל יצר־הרע׳ס וואָס בושעווען אין אונז, מיט אַזוי פיל קנאת־אחים און שנאת־חינם? איז דען גאולה עפּעס וואָס דאַרף קומען בלויז פון דרויסן און האָט גאָר ניט צו טאָן מיט דעם אינעווייניק? ניין, תשעה־באב טאָר נאָך ניט אָפּגעשאַפט ווערן, אַלץ איינס צי מיט אַ האַלב־ירושלים צי מיט גאַנץ ירושלים אין אידישע הענט, און חצות׳ן דאַרף מען נאָך אַלץ פּראַווען...״

עס איז ניט נויטיק, כ׳זאָל זיך אידענטיפיצירן מיט יענעם יונגן רב, כדי איך זאָל אים קאָנען פאַרשטיין. איך האָב אים דאָ ציטירט, ווייל אין אים דריקט זיך אויס אַ באַשטימטער (און אַ היסטאָריש זייער וויכטיקער) אַספּעקט פון אידישער איינשטעלונג צו זיך און צו דער וועלט. פון אַ ברייטערער היסטאָרישער פּערספּעקטיווע באַטראַכט ער די אַנטשטייאונג פון דער אידישער מדינה ווי אַ מין אויסגלייכונג מיט די אומות־העולם. די גויים האָבן זעלבסטשטענדיקע מדינות, האָבן מיר עס אויך. פון אַ פּאָליטישן שטאַנדפּונקט זיינען מיר געווען צוויי טויזנט יאָר אַ פאָלק „אַ סריס״; היינט זיינען מיר שוין (סיי אין די אויגן פון דער וועלט און סיי אין אונזערע אייגענע אויגן) ניט מער „קאַסטרירט״. ס׳אַ גרויסע געשעעניש, וועט ער מיט אונז מסכים זיין, אָבער קיין גאולה איז דאָס נאָך ניט. גאולה איז פאַר אים אַ גייסטיקער, אַ מאָראַלישער, אַ רעליגיעזער באַגריף, ניט קיין פּאָליטישער אָדער עקאָנאָמישער. „נהיה ככל הגויים״ איז פאַר אים ניט קיין אידעאַל. אין דער עקזיסטענץ פון אידישן פאָלק זעט ער נאָך אַלץ אַ „געטלעכע דראַמע״ פון אַ וועלט־פּאַרנעס, און אַ לאָקאַלער עפּילאָג — אין אַ קלענערער אָדער גרעסערער אידישער מדינה — איז פאַר אים ניט דער אָפּשלוס פון יענער איינציקאַרטיקער דראַמע.

אָבער ניט די מדינת ישראל, מיט די אידן וואָס לעבן דאָרט און מיט יענע אידן וואָס ווילן זיך נאָך מיט דער צייט דאָרט באַזעצן, זיינען היינט דער קעגנשטאַנד פון אונזער דיסקוסיע. איך נעם זיך ניט אונטער היינט אויסצומאָלן דעם קלסתר־פּנים פון דער מדינת ישראל שפּעטער מיט אַ דור, מיט צוויי אָדער דריי דורות. וואָס עס זאָל ניט זיין איר גייסטיקע פיזיאָנאָמיע אין דער צוקונפט, אָבער די אידן וואָס לעבן דאָרט ווילן בלייבן אידן. זייער קיום אַלס פאָלק איז געזיכערט, און זייערע אַן אייגנאַרטיקע, אַ ספּעציפיש אידישע פיזיאָנאָמיע וועט ניט מטושטש ווערן. אונזער פּראָבלעם זיינען —

אידן אין גלות, יענע אידן וואָס וועלן בלייבן אין גלות נאָך אויף לאַנגע דורות און אפשר אויף אייביק. אונזער פּראָבלעם, פון שטאַנדפּונקט פון גייסטיקן שיקזאַל און המשך, זיינען, קודם־כל, אידן אין אַמעריקע.

מיר לעבן שוין דאָ אַ קיימא־לן פון דריי הונדערט יאָר. אָנגעהויבן אונזער ישוב אין אַמעריקע האָבן מיר ווי אַ קליינינקע, אומגעוואונטשטע, קוים־קוים טאָלערירטע און זייער ווייניק אַמביציעזע גרופּע. איינער פון די גאָר־גאָר ערשטע דאָקומענטן פון אידיש זיין אין אַמעריקע וואַרפט אויף מיר אַן אַ סך אומעט. דאָס איז די פּעטיציע, מיט וועלכער אידן אין ניו אַמסטערדאַם האָבן זיך געווענדט צו סטאַיוועסענט, ער זאָל זיי דערלויבן קויפן אַ שטיקל קרקע פאַר אַ אידישן בית־עולם. דאָס קהל׳שע אייגנטום פון אידן אין אַמעריקע האָט זיך אָנגעפאַנגען, אויב איך מאַך ניט קיין טעות, מיטן קליינעם בית־הקברות אין טשאַטהעם סקווער פון ניו יאָרק, וואָס אידן האָבן געקויפט אין יאָר 1655. ניט אַ בית־המדרש, ניט אַ שולע, ניט אַ ישיבה, ניט אַ קלוב, נאָר אַ בית־הקברות. זיך פאַרזאָרגן מיט אידישקייט אויף נאָכן טויט, ניט פאַרן לעבן און פאַר המשך פון לעבן. עס זיינען מיט דער צייט אָנגעקומען אַנדערע אידן, אין גרעסערע צאָלן, און די אויסערלעכע לאַגע, ווי אויך דער אינעווייניק־סטער צושטאַנד, האָט זיך געענדערט. פאַקטיש האָבן אידן אין אַמעריקע קיינ־מאָל ניט אַרויסגעוויזן קיין באַוואוסטזיניקע, פּראָגראַמאַטישע, אַסימילאַציע־טענדענצן, ווי דער פאַל איז געווען מיט מערב־אייראָפּעאישע אידן, אָנהויבנ־דיק מיטן לעצטן דור פונם אַכצנטן יאָרהונדערט. בדרך כלל האָבן אידן גע־זוכט אי זיך צו פאַרוואָרצלען אין אַמעריקע, אי אָפּצוהיטן זייער טראַדיציע און אייגנטימלעכע פיזיאָנאָמיע.

עס איז פאַראַן פּלאַץ פאַר חילוקי־דעות וועגן דעם גראַד, אין וועלכן אידן האָבן זיך שוין פאַרוואָרצלט אין אַמעריקע (און ווי שטאַרק אָדער זיכער זייערע וואָרצלען זיינען), אָבער מ׳פרעגט ערנסט דאָ ניט אָפּ אונזער רעכט צו לעבן ניט נאָר ווי אַמעריקאַנער, נאָר אויך ווי אידן. אמת, אָן וועלכער ניט איז אָפיציעלער כוונה מצד דעם געזעץ אָדער די אויטאָריטעטן אָפּצואווישן אונזער אידישע פיזיאָנאָמיע, איז פאַראַן אַ געוויסער דרוק וואָס קומט, ביודעים אָדער בלא־יודעים, מצד דער סביבה גופא, וואָס איר ווירקונג זיינען מיר אונטערוואָרפן. ראַבאַי יצחק מאיר וואַיז — יענער, אין שורש, טראַדיציאָנעלער איד, אויף וועמענס גורל עס איז אויסגעפאַלן צו לייגן אַ פעסטערן יסוד פאַר דער אידישער רעפאָרם־באַוועגונג אין אַמעריקע — האָט אַמאָל באַ־מערקט, טראַכטנדיק, נאַטירלעך, אין טערמינען און אין געשטאַלטן פון זיין צייט, אַז „עס זיינען פאַראַן עפּיסקאָפּאַלישע אידן אין ניו יאָרק, קוועיקער־אידן אין פילאַדעלפיע, הוגענאָטן־אידן אין טשאַרלסטאָן... אומעטום לויט דער השפעה פון דער דאָמינירנדיקער סעקטע״. זיין בילד שיינט מיר צו זיין

גוזמא׳דיק; קיינער קאָן אָבער ניט לייקענען, אַז ווי אידיש מיר זאָלן דאָ ניט זיין געשטימט און וויפל מיר זאָלן זיך ניט באַמיען אונזער אידיש־זיין אָפּצוהיטן, לייגט אויף אונז אַרויף די אַרומיקע סביבה אירן אַ באַשטימטן שטעמפּל. עס וואָלט געווען אומנאַרמאַל, ווען דאָס וואָלט ניט אַזוי געווען. די פראַגע איז נאָר, ווי גרויס איז היינט און ווי גרויס איז מסוגל דידאָזיקע אַל־אַמעריקאַנער השפּעה צו ווערן מיט דער צייט, און צי איז ניט פאַראַן אַן ערנסטע סכנה, אַז דאָס אייגנאַרטיק־אידישע וואָס מיר טראָגן נאָך אין זיך זאָל דורכדעם אינגאַנצן אַטראָפּירט ווערן.

עס האָט ניט קיין זינען, מיר זאָלן זיך שפּייזן מיט אילוזיעס, אָדער זיך אָנכאַפּן אָן „סגולות״, אויף צו פאַרזיכערן אונזער וויטערדיקע לעבעדיקע עקזיסטענץ. קולטור־ציוניסטן פון אַ באַשטימטן מין האָבן געזוכט זיך און אונז צו טרייסטן מיט דער אידייע פון אַ „מרכז רוחני״: ארץ־ישראל וועט ווערן מיט דער צייט אַ גייסטיקער צענטער פאַר אידן איבער גאָר דער וועלט. דאָס ליכט פון אַ ניי און זעלבסטשטענדיק אידיש לעבן אין א אידיש לאַנד וועט דערגרייכן אויך חוץ־לארץ, און וועט אונז וואַרעמען און דערנערן, און באַלייכטן אונזער לעבן. וועט מסתמא קיינער פון אונז ניט לייקענען, אַז אידן אין חוץ־לארץ מיט אייגענער וויטאַליטעט קאָנען ווערן אַ סך וויטאַלער, לעבנספּייאיקער, שעפערישער, אַדאַנק דער שטענדיקער אויסשטראַלונג פון גייסטיקער השפּעה מצד אַ אידישן צענטער וואָס וועט פירן אַ פולשטענדיק אויטאָנאָם לעבן. אָבער פון וואַנען וועט זיך ביי אונז נעמען אָט יענע אייגענע, מער אָדער ווייניקער פּערמאַנענטע וויטאַליטעט, ווען איר דראָט אַ סכנה צו ווערן אַלץ שוואַכער, בלאַסער, זאַפּט־אָרעמער, אונטערן דרוק פון אַ ניט־אידישער סביבה מיט אַ שטאַרקן לעבנס־טעמפּאָ — פון אַ סביבה, אין וועלכער מיר זיינען אַ מינאָריטעט? האָבן מיר געהערט פון גלות־קולטוריסטן זייערע סגולות: קולטיווירט אידיש, וועט איר האָבן וויטאַליטעט — אידיש תציל ממות. האָבן מיר געהערט פון אַנדערע גלות־קולטוריסטן; קולטיווירט העברעאיש, וועט איר האָבן אמת׳ן, לעבעדיקן המשך. קאָן איך ניט זיין קיין קעגנער פון קולטיווירן אידיש, און על אחת כמה וכמה קאָן איך ניט זיין קיין קעגנער פון קולטיווירן העברעאיש. איך ווייס אָבער, אַז אידן האָבן זיך געהאַלטן אָן העברעאיש און אָן אידיש, אַז זיי האָבן זיי, אַזוי צו זאָגן, „קול־טיווירט״ (כאָטש ניט נוצנדיק דאָס דאָזיקע וואָרט און אָן אַ פּראָגראַמאַטישער אָקצענטירונג) ניט כדי זיי זאָלן פון דעם קריגן וויטאַליטעט. פּונקט דער היפך: זיי האָבן זיך אָן דידאָזיקע און אַנדערע ווערטן געהאַלטן ווייל זיי האָבן פאַרמאָגט וויטאַליטעט, ווייל זיי האָבן פאַרמאָגט אי ווילן צו לעבן, אי זאַפּטן וואָס האָבן יענעם ווילן גענערט און געשטאַרקט.

וואָס איז געווען דער סוד פון אונזער פייאיקייט צו בלייבן אַזויפיל

דורות פעלזנפעסט אין אונזער אידיש־זיין, ניט געקוקט דערויף וואָס מיר זיי־נען אומעטום געווען אַ מינאָריטעט, דערצו נאָך אַ שטאַרק גע׳רודפ׳טע מי־נאָריטעט? איך וויס, אַז זעלטן ווען איינער איז מסוגל אין דעם דאָזיקן ענין עפּעס מחדש צו זיין. די דערקלערונג איז, אויב איר ווילט, אַן „אויסגעדראָ־שענע", און דאָך מוז מען זי היינט — אפשר אין ליכט פון נייע דערפאַרונגען מיט זיך אַליין — נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל איבער׳חזר׳ן.

אין גרונט, זיינען מיר ביז די לעצטע פּאָר דורות גאָר ניט געווען קיין מינאָריטעט. אַ מינדערהייט זיינען מיר געווען סטאַטיסטיש, אָבער ניט פּסיכאָ־לאָגיש. דער סאָליסט אין אַ גרויסן פילהאַרמאָנישן אָרקעסטער איז ניט קיין מינאָריטעט פון איינעם קעגן עטלעכע צענדליק אַנדערע מוזיקאַנטן. די גע־רודפ׳טע ערשטע קריסטן אין געצנדינערישן רוים זיינען ניט געווען קיין מינאָריטעט אין יענעם זינען, אין וועלכן מיר דאַרפן דאָ נוצן דעם טערמין. גייסטיק זיינען די קוועיקערס אין ענגלאַנד, צוריק מיט דריי הונדערט יאָר, ניט געווען קיין מינאָריטעט, כאָטש אין זינען פון צאָלן זיינען זיי דאָרט בטל בששים געוואָרן. אויפן שטח פון גייסטיקע השפּעות און קולטור־דרוק האָט אַ זינען צו רעדן וועגן מאַיאָריטעט און מינאָריטעט נאָר ווען מיר האָבן צו טאָן מיט צוויי גרופּן, וואָס זיינען אין זייערע הויפּט־שטריכן מער ענלעך איינע צו דער אַנדערער ווי פאַרשיידן; ווען די גרופּע מיט די קלענערע צאָלן — די סטאַטיסטישע מינאָריטעט — אונטערשיידט זיך פון דער אַלגעמיינער סביבה אין זאַכן, וואָס שטייען ניט ביי איר אין דער קאַטעגאָריע פון הייליק־טימער. אידן זיינען געבליבן לעבן אַלס אַ סטאַטיסטישע און פאַרפאָלגטע מינאָריטעט אין אַ פרעמדער וועלט ניט ווייל זיי זיינען געווען אַ באַזונדער שבט, אַ באַזונדער פאָלק (אינם מאָדערנעם, נאַציאָנאַליסטישן זינען) אָדער אַ באַזונדערע ראַסע. שבטים, פעלקערשאַפטן, ראַסן־גרופּן זיינען מער ווי איין מאָל אונטערגעגאַנגען — זיך אויסגעמישט מיט שטאַרקערע און מיט מערערע פון זיי. דער וועלט־בית־עולם איז פול מיט קברים פון אַזעלכע בר־מינן׳ס. מיר זיינען געווען אויך אַ באַזונדער פאָלק מיט באַשטימטע סימנים פון אַ פאָלק, אפשר אויך אַ באַזונדערע „ראַסן־גרופּע", אָבער ניט דאָס האָט אונז געגעבן לעבן און המשך. מיר זיינען אין דערזעלביקער צייט געווען נאָך עפּעס אַנדערש: אַן עקסקלוסיווע גרופּע פון גלויביקע, — כנסת ישראל. כנסת ישראל איז אַ סך מער ווי אַ גרופּע מיט בשותפות׳דיקע זכרונות (צייט און סביבה ברענגען ניט זעלטן דערצו אַז זכרונות פון אַ גרופּע ווערן פאַרגעסן און הערן אויף צו ווירקן אויף איר לעבן); מער ווי אַ גרופּע וואָס איז פאַראייניקט דורך קרובה׳שאַפט פון „בלוט". אין אַנדערע ווערטער, מיר זיינען געבליבן לעבן ניט סתם ווייל מיר זיינען געווען אַ פאָלק — וויפל פעלקער האָבן אידן אויף זייער לאַנגן היסטאָרישן וועג געזען אונטערגיין,

אַזוי אַז פון זיי איז כמעט קיין שפור ניט געבליבן? — נאָר ווייל מיר זיינען געווען אַן אויסדערוויילט פאָלק, מיט זיינעם אַ באַזונדערן פּלאַץ אין דער געשיכטע פון דער וועלט, מיט זיינעם אַ צענטראַלן פּלאַץ אַפילו אין די שיקזאַלן פונם קאָסמאָס אַלס גאַנצן.

עס איז ניט וויכטיק, ווי איינער פון אונז קוקט היינט אויף דעם „אתה־בחרתנו"־עלעמענט אין די אידישע רעליגיעזע פאָרשטעלונגען. פּערזענלעך בין איך געניגט אָנצונעמען, אַז מ'קאָן זיין אַ איד אָן דער אמונה אין אידישער אויסדערוויילטקייט. דער רמב"ם האָט ניט צופעליק „פאַרגעסן" אַריינצושטעלן דידאָזיקע אמונה אין זיינע שלשה־עשר עיקרים. וויכטיק איז, אַז אַלץ איינס וואָס פאַר אַן אָביעקטיוו־היסטאָרישע אָדער פּסיכאָלאָגישע אָפּשאַצונג איינער זאָל היינט ניט האָבן פאַרן באַגריף פון אויסדערוויילטקייט, איז ער אין משך פון אַסאַך דורות געווען אַ גרויסער סוביעקטיווער אמת אין באַוואוסטזיין פון פאָלק, און אַ סוביעקטיווער אמת איז שטענדיק אַ גרעסערע היסטאָרישע טרייב־קראַפט, ווי אַן אָביעקטיווער אמת, וואָס האָט ניט אַריינגעדרונגען אין באַוואוסטזיין און געמיט פון פאָלק. הונדערטער און הונדערטער יאָרן האָבן אידן ביי זיך געוואוסט, אַז אַחוץ דעם וואָס זיי זיינען אַ פאָלק ווי אַלע פעלקער, אַ קאָלעקטיווער בשר־ודם, זיינען זיי נאָך (און דאָס איז דער עיקר!) אַ גרופּע „קאָנספּיראַטאָרן" קעגן דער וועלט'ס חשכות און טומאה; אַז די דאָזיקע „קאָנספּיראַציע" איז אַ טייל פון דער השגחה'ס פּלאַן, וואָס פירט — פריער, שפּעטער, צייט איז ניט קיין מניעה, און מ'דאַרף זיך היטן פאַר דוחק זיין דעם „קץ" — צום אחרית הימים. אפשר וואָלט גאָר די אמונה אין אידישער אויסדערוויילטקייט געמעגט פאַראַפראַזירט ווערן: זי זאָל הייסן ניט „אתה בחרתנו", נאָר „אני בחרתיך". לויט דער אגדה, איז דער רבונו של עולם, „אַן דערפאָלג", אַרומגעגאַנגען מיט דער תורה פון פאָלק צו פאָלק און גערעדט צו זיי אויף אַלע זייערע לשונות, נאָר דאָס איינציקע פאָלק וואָס האָט סוף־כל־סוף די תורה מקבל געווען, זיינען געווען אידן: אידן האָבן אויסגעוויילט פאַר זיך דעם איין־און־איינציקן גאָט און די איינציקע אמת'ע תורה. ווי קאָן מען אויף אַ פאָלק מיט אַזאַ אַריסטאָקראַטישן באַוואוסטזיין (אַפילו ווען איינער זאָל מן הצד זאָגן, אַז דאָס דאָזיקע באַוואוסטזיין איז אַן „איינרעדעניש" פון אַן עדה פאַר'עקשנ'טע בעלי־גאווה'ניקעס) אָנווענדן דעם געוויינלעכן מאָסשטאַב, וואָס מיר ווענדן אָן אויף סתם עטנישע גרופּן? אַ גרופּע „פאַרשווערער", ווי קליין זי זאָל ניט זיין, פּלוס גאָט, איז אָן אַן ערך גרעסער פון דער גרעסטער מאַיאָריטעט. אברהם אבינו אין סדום אָדער עמורה מעג זיין איינזאַם און פיזיש אומבאַשיצט, אָבער גייסטיק איז ער דאָרט ניט קיין מינאָריטעט...

אין וועלכער מאָס, וויל איך איצט פרעגן, האָבן נאָך אידן אין אונזער צייט דאָס באַוואוסטזיין אַז זייער לעבן אַלס אידן איז (נוצנדיק ה. ג. וועלס'עס

אַן אויסדרוק) „אַן אָפענע קאָנספּיראַציע״, אין וועלכער גאָט איז אַ „שותף״? איך האָב די טעג געלייענט אין ד״ר משה דייוויס׳עס אַן איבערזיכט פון אידי־שער קולטור־געשיכטע אין אַמעריקע וועגן אַ פּאַקט, וואָס האָט אויף מיר געמאַכט ניט קיין קליינעם רושם. אין 1817 האָט זיך אין סינסינאַטי באַזעצט דער ערשטער איד, יוסף דזשאָנאַס, וועלכער איז אַהין געקומען פון ענגלאַנד. זײַנען אַ סך קריסטלעכע אײַנוואוינער, וואָס האָבן קיינמאָל קיין אידן ניט געזען, געגאַנגען אים אָנקוקן ווי אַ חידוש. אַן עלטערע קוועיקער־פרוי האָט ספּעציעל געמאַכט אַ רייזע קיין סינסינאַטי כדי אים אָנצוקוקן. „ביזט אַ איד?״ — האָט זי אים אַ פרעג געטאָן — „דו ביזט איינער וואָס געהערט צו גאָט׳ס אויסדער־ווײַלטן פאָלק? לאָז מיך גוט אַ קוק טאָן אויף דיר״. אָבער נאָכדעם ווי זי האָט אים בודק געווען מיט די אויגן פון אַלע זייטן האָט זי (וואַרשײַנלעך אַן אַנטוישטע) אַרויסגעגעבן איר אורטייל: „וואָס זאָל איך זאָגן? דו ביזט ניט פאַרשיידן פון אַנדערע מענטשן״. איך ווייס כמעט גאָר ניט וועגן יוסף דזשאָנאַס, אָבער עטלעכע דורות נאָך יענעם אינצידענט אין אָהייאָ, בין איך ניט זיכער, אַז אין אונזערע יאָרן מאַכן מיר בדרך כלל אַ וועזנטלעך אַנדערן אײַנ־דרוק אויף אונזערע שכנים — אַ בעסערן אָדער אַן ערגערן. אָפּטמאָל פילן מיר, אַז דעם ספּעציפישן אײַנדרוק וואָס מיר פלעגן אַמאָל מאַכן אויף דער ניט־אידי־שער סביבה — אַמאָל אַן אינספּיראַטאָרישן און אַ סך, אַ סך אָפטער אַן „אומ־היימלעכן״ — מאַכן מיר ניט מער. ניטשע האָט אַמאָל געזאָגט אַ סאַרקאַסטיש וואָרט וועגן קריסטן: „קריסטנטום, הער איך מיין גאַנץ לעבן, איז די רעליגיע פון דערלייזונג. איך קען אָבער מײַנע קריסטן; זיי זעען ניט אויס דערלייזט״. מעג איך פּאַראַפראַזירן ניטשען? „אידן, הער איך מיין גאַנץ לעבן, זײַנען אַן אויסדערווײַלט פאָלק; איך קען אָבער מײַנע (היינטיקע) אידן; זיי זעען ניט אויס אויסדערווײַלט״. ס׳איז אפשר ניט שטאַרק וויכטיק, ווי אַזוי היינטיקע אידן זעען אויס אין די אויגן פון ניט־אידן. וויכטיק איז אָבער וויאַזוי זיי זעען אויס אין זייערע אייגענע אויגן: אונזער אויסדערווײַלטקייט איז מער טראַדיציע ווי לעבעדיקער, באַפרוכפּערנדיקער גלויבן.

אָבער וואוהין אייגנטלעך ציל איך? מיר שטייען איצט, גלויב איך, פאַר דער ערנסטער סכנה צו ווערן אַן עטנישע מינאָריטעט אינם אָנגענומענעם זינען פון וואָרט — אויס „קהילה קדושה״, אויס „כנסת ישראל״, נאָר אַ גרופּע מיט אַ לאַנגער און הערלעכער פאַרגאַנגענהייט, מיט זכרונות, וואָס אַזוי לאַנג מען קולטיווירט זיי, קאָנען זיי אַרויסרופן אַ סך באַרעכטיקטן שטאָלץ (ניט אינגאַנצן, הייסט עס, קיין „באַנאַלע״ מינאָריטעט), אָבער אָן אַ באַ־וואוסטזיין פון ספּעציפישער גייסטיקער דראַמאַטישקייט און שפּאַנונג אין איר לעבן. אין אַ געוויסן זינען מוז דאָס אויך הייסן, אין אַ לענגערן היסטאָרישן חשבון — אָן אַ צוקונפט. עס איז פאַראַן ווײַניק גרונט אָנצונעמען, אַז אין

אַ פּראָגרעסיווער (אָדער פּראָגרעסירנדיקער) און אינדוסטריעלער געזעל־שאַפט, מיט אַ הויכער מדרגה פון אַלגעמיינער ציוויליזאַציע, קאָנען סתם עטנישע מינאָריטעטן בלייבן לעבן אַלס אַזעלכע און זיך מיט דער צייט ניט אויסמישן קולטורעל און סאָציאַל, אפשר אויך ביאָלאָגיש, מיט דער אַלגע־מיינער סביבה פון דער מערהייט. פּראָנצויזן, למשל, אין לואיזיאַנאַ האָבן לחלוטין ניט קיין יסוד זיך צו פילן נחות־דרגא׳דיק, ווען זיי טראַכטן וועגן זייער אָפּשטאַם און קולטור־טראַדיציע, אָבער זיי פאַרלירן ביסלעכווייז זייער באַ־זונדערע פיזיאָגנאָמיע און די אייגנאַרטיקע עלעמענטן פון זייער קולטור־לעבן, און זאָלן זיי אויף מיר קיין פאַראיבל ניט האָבן, אויב איך וועל זאָגן, אַז זייער פראַנצויזישע השארות־הנפש הויבט אָן זיך אויסצודריקן הויפּטזעכלעך אין „גאַסטראָנאָמיע". ווען עס זאָל דערפונדן ווערן עפּעס אַ כעמישער פּרע־פּאַראַט וואָס זאָל איבערנאַכט איבערמאַכן די מיליאָנען אַמעריקאַנער נעגער פון שוואַרץ אויף ווייס, וואָלטן זיי, גלויב איך, אין משך פון אַ צאָל דורות אַסימילירט און „אויפגעלייזט" געוואָרן אין אַן עטניש־אַנאָנימער אַמעריקאַנער סביבה. אויף וויפל מיר, אידן, ווערן סתם אַן עטנישע מינאָריטעט, קאָנען מיר אויך פון אַזאַ שיקזאַל ניט אַנטלויפן. דאָס מוז ניט אויסגעטייטשט ווערן אין דעם זינען, אַז אונטערגאַנג שטייט שוין הינטער דער טיר. אַזעלכע פּראָ־צעסן שפּילן זיך אָפּ לאַנגזאַם, און ניט שטענדיק גייען זיי אויף אַ גלייכער ליניע. זיי האָבן זייערע זיג־זאַגן, זייערע עליות און ירידות. טראַדיציע, אפילו ווען זי ווערט פאַרוואַנדלט אין אינערציע, איז אויך אַ כוח וואָס קאָן אַ סאָציאַלע גרופּע אַ סך יאָרן דערהאַלטן ביים לעבן. סוף־כל־סוף מוז אָבער דער כוח פון אינערציע זיך אויסשעפּן, און טראַדיציע, אויב זי קריגט ניט צו קיין נייעם סטימול, קיין נייע באַפרוכפּערונג, מוז מיט דער צייט פאַרבלאַסט און פאַרטרוקנט ווערן. זאָלן געבענטשט זיין די הענט וואָס טוען ביי אונז וועלכע ניט איז פּאָזיטיווע אַרבעט אויף צו פאַרשטאַרקן אידיש גייסטיק לעבן — יעדע גרופּע מיט אירע מיטלען און מיט אירע אַקצענטירונגען — ווייל אָפּ־האַלטן, פאַרלאַנגזאַמען אָדער אָפּשטויסן אויף אַ וויטערער צייט דעם פּראָצעס פון דעזאינטעגראַציע איז אַליין אַ גרויסע מצווה. איך קאָן מיר אָבער ניט פאָרשטעלן די לעבעדיקע עקזיסטענץ פון אַ אידישן כלל אין אַמעריקע אין דער וויטערער צוקונפט (און דאָ גיי איך אַרויס, ווי איך האָב פון אָנפאַנג געוואָרנט, פון די קאַלענדאַר־גרענעצן וואָס זיינען געשטעלט געוואָרן פאַר מיין רעדע: „די צווייטע העלפט פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט"), אָן אַ רע־ליגיעזן אָנהאַלט און אָן אַ סטימולירנדיקן רעליגיעזן אינהאַלט.

איך וויל דאָ קיינעם ניט אָנטרעטן אויף די הינער־אויגן. עס איז ניט ראַטזאַם זיך אָפּצושטעלן היינט אויף די אונטערשיידן צווישן אָרטאָדאָקסיע, קאָנסערוואַטיווע און רעפאָרם־אידן, אָדער אויף זייערע באַטרעפנדיקע מעלות

און חסרונות. פאַר איין סכנה דאַרפן זיי זיך אָבער אַלע היטן: פאַר דער סכנה פון לאַנגווייליקייט. אין גרונט איז לאַנגווייליקייט אפשר דער גרעסטער „חטא" וואָס קאָן באַגאַנגען ווערן אין רעליגיעזן לעבן. ווען דער שטן וויל הרוב מאַכן רעליגיעז לעבן, שיקט ער אויף אים אָן, אויב עס געלינגט אים — דעם געגעניץ, און עס העלפן דענסטמאָל ניט קיין פאַרזוכן צו פאַרטרייבן די לאַנגווייליקייט מיט אויסער־רעליגיעזע מיטלען. ווען אַ קאָנגרעגאַציע זוכט צוציען צו זיך דעם עולם דורך אַ טאַנץ־אָוונט אָדער דורך אַ גוטן קאָנצערט אָדער דורך אַ לעקציע וועגן אַן אינטערעסאַנטן וועלטלעכן ענין, פאַרטרייבט זי דערמיט ניט די לאַנגווייליקייט פונם ספּעציפיש־רעליגיעזן לעבן (אויב אַזאַ לאַנגווייליקייט איז שוין פאַראַן). די פאַרבינדונג פונם ברייטערן עולם מיט דער קאָנגרעגאַציע איז דענסטמאָל ניט „לשמה"; זי איז אַ טעכנישע, טאָפּאָגראַפישע פאַרבינדונג. איר פאַרשטייט מסתמא אַליין, אַז איך בין ניט קיין קעגנער ניט פון אַ פיינעם טאַנץ־אָוונט, ניט פון אַ קאָנצערט און ניט פון אַ פאַרטראַג אויף אַן אַלגעמיינער טעמע. פּערזענלעך גלויב איך, אַז זיי אַלע קאָנען אַפילו דערפילן אַ רעליגיעזע פונקציע, אויב רעליגיע שטייט אין צענטער, אויב אַלע „אונטערנעמונגען" ווערן פון איר באַשטראַלט. אָבער שטייט זי אין צענטער? לויט איר נאַטור קאָן רעליגיע ניט זיין קיין זייטיקער ענין. אָדער זי איז צענטראַל און אַלע איבעריקע קולטור־מאַניפעסטאַציעס דינען איר — אַלץ איינס צי ביודעים אָדער בלא־יודעים — אַלס פּעריפעריע, אָדער זי איז... אויס רעליגיע. אָדער זי נעמט דורך מיט זיך דעם גאַנצן מענטשן, די טאָטאַליטעט פון זיין וועזן, אָדער זי פירט אַ מיזעראַבל ווינקל־לעבן, און דענסטמאָל ווייסט זי אַז מיט דער צייט וועט מען זי מסתמא אויפהערן טאָלע־רירן און אויך פונם ווינקל אַרויסשטויסן.

אַנאַליזירן מיר זיך דאָ מיט ערלעכקייט צו זיך אַליין, וועלן מיר אפשר קומען צום שלוס, אַז אין אַמעריקע זיינען היינט פאַראַן הונדערטער טויזנטער אידן, וואָס זיינען (רעליגיעז) ניט קיין אידן. זיי זיינען אידן אויף אַזוי פיל אויף וויפל זיי זיינען ניט קיין קריסטן; זיי זיינען אידן — און דאָ קומט די ביטערע איראָניע — ווייל זיי זיינען בכלל ניט־גלויביקע און זיי האָבן אויך קיין מוט ניט זיך צו דערקלערן פאַר אַגנאָסטיקער. מיין ליבער פריינט, דער ארץ־ישראל'דיקער שריפטשטעלער ר' בנימין, איז אין די לעצטע טעלעכע יאָר אַ פאַר מאָל אַרויסגעקומען מיט אַ מין רוף צו שאַפן אַ „אידישע מיסיע": אידנטום איז אוניווערסאַל, די תורה איז געמיינט געוואָרן ניט פאַר אידן אַליין, און מיר וואָלטן געדאַרפט איצט שיקן מיסיאָנערן צו אַנדערע פעל־קער מיטן צוועק זיי מגייר צו זיין. איך האַלט אויך אַז אַ פאָלק וואָס גלויבט וועגן זיך אַז זיין רעליגיע איז דער אויסדרוק פון אייביקן וועלט־אמת, האָט מיסיאָנערישע פליכטן: ניט צו מאָנאָפּאָליזירן דעם אמת פאַר זיך, נאָר

אים פֿאַרשפּרייטן אויך צווישן אַנדערע. אידנטום האָט אין באַשטימטע פּעריאָדן אַרויסגעוויזן גאַנץ אויסגעשפּראָכענע מיסיאָנערישע נייגונגען (אויך געמאַכט געוויסע דעראָבערונגען), און נאָר די עקסטרעמע אומטאָלעראַנץ פֿון מיטל־אַלטערלעכן פֿאַרפֿאָלגערישן קריסטנטום און דער פֿאַנאַטיזם פֿון איסלאַם — די צוויי הויפּט־ספֿערן, אין וועלכע אידן האָבן זיך באַוועגט — האָבן אַ לאַנגע צייט אוממעגלעך געמאַכט אידישע מיסיאָנערישע טעטיקייט. אָבער מער ווי איין מאָל האָב איך געהאַט דעם אימפּולס זיך צו ווענדן צו ר׳ בנימין׳ען און אים פֿאָרשלאָגן: „איידער איר שיקט מיסיאָנערן צו כינעזער און יאַפּאַנער, צו האָטענטאָטן און זולוס, שיקט פֿריער אידישע מיסיאָנערן צו אידן”. אויך אַסאַך, אַסאַך פֿון זיי דאַרף מען ערשט (אויב מ׳קאָן) מגייר זיין. איך הער דאָ לעצטנס וועגן אַן „אַנטי שמד־קאַמפּיין”. ווייס איך ניט, ווער און צוליב וואָס עס האָט דאָ געשאַפֿן אַ בהלה. אַמאָל ווילט זיך זאָגן, אַז צום באַדויערן דראָט אונז ניט — ספּעציעל אין אַמעריקע — קיין שמד־געפֿאַר. אַ סך אידן זיינען אַזוי גלייכגילטיק צום גאַנצן ענין רעליגיע, אַז שמד — סיידן דאָס זאָל זיין אַ מגוול׳דיקער אַקט פֿאַר באַקוועמלעכקייט־צוועקן אָדער פֿאַר קאַריערע — קומט זיי גאָר אויף דער מחשבה ניט. די איינשטעלונג צו רעליגיע איז ביי טויזנטער און טויזנטער פֿון אונז (אויך פֿון אַזעלכע וואָס געהערן צו קאָנגרעגאַציעס) אומגעפֿער די־זעלביקע, וואָס אַן אַמעריקאַנער שרייבער האָט אַמאָל כאַראַקטעריזירט, ציטירנדיק דעם ענטפֿער וואָס אַ תּלמיד פֿון אַ סאַנדעי־סקול האָט געגעבן אויף דער פֿראַגע, וואָס איז אַזוינס רעליגיע: “Religion is something to profess which you know ain’t true.” צוריק מיט אַכט יאָרהונדערטן האָבן מיר אַרויסגעגעבן אַ גרויסן בעל־הלכה און פֿילאָזאָפֿישן דענקער, וועלכער, ענטפֿערנדיק אויף דער בויט פֿון זיין צייט, האָט אָנגעשריבן זיין „מורה נבוכים”. ווען מיר וואָלטן היינט פֿאַרמאָגט אַ רמב״ם, וואָלט ער באַדאַרפֿט אָנשרייבן גאָר אַן אַנדער ספֿר: אַ „מורה ללא־נבוכים”. ווייל דער אומגליק מיטן מאָדערנעם אידן — איך רעד דאָ ניט פֿון דער גייסטיקער שארית הפּליטה פֿון אמת־פֿרומע, איינגעוואָרצלטע אידן, וואָס לעבן בלויז קאַלענדאַריש אין דער מאָדערנער צייט און קערן זיך גייסטיק זייער ווייניק אָן מיט איר — באַשטייט אין דעם וואָס ער איז שאָקירנדיק ניט פֿאַרווירט, וואָס ער געפֿינט זיך גאָר ניט (לכל הפּחות, אין זיין באַוואוסטזיין) אין קיין גייסטיקער פֿאַרלעגנהייט. איך ווייס ניט, צי יענער איד, פֿון וועלכן איך רעד דאָ, איז, אין דורכשניט, אַן אַטעאיסט: מסתמא האָט ער זיך גאָר קיינמאָל ניט גענומען די צייט און די טירחה זיך צו אַנאַליזירן און זיך אַליין ענטפֿערן אויף דער פֿראַגע. כ׳דאַרף דאָ ניט זאָגן, אַז איך בענק ניט נאָך קיין אַטעאיסטן, כאָטש פֿון דער אַנדערער זייט, בין איך גענייגט צו גלויבן, אַז דער טראַגישער אָדער דער מעלאַנכאָלישער אַטעאיסט, דער

אַטעאיסט „מיט אַ ווייטאָג אין האַרצן" (ניט דער וואולגאַרער אָדער דער אַטעאיסט פון „וואוילטאָג", וואָס ס'איז אים גאָר ניחא וואָס קיין גאָט איז אויף דער וועלט נישטאָ — „אַ גדולה האָט אים געטראָפן") איז אין זיין וועזן אָדער פּאָטענץ אַ סך נעענטער צו עכטן רעליגיעזן לעבן, ווי די מייסטע אינערטע, אומאינספּירירטע „גאָט־גלויביקע". איך ווער דערפאַר זייער ווייניק נתפּעל, ווען איך הער אָדער לייען אַז די צאָל „שול־גייער" ריכטיקער — שול־מיטגלידער, אין אַ געוויסער געגנט האָט זיך פאַרגרעסערט, אָדער אַז מ'בויט נייע קאָנגרעגאַציעס. ניט נאָר ביי אונז, נאָר אויך אין דער קריסטלעכער אַמעריקע, אין געוויסע שיכטן וואָס זיינען לויט משפּחה־טראַדיציע פּראָ־טעסטאַנטיש, איז דאָס געהערן צו אַ קאָנגרעגאַציע אַ קאָנווענציאָנעלער ענין, אַ געוויסער סימן פון סאָציאַלער סאָלידקייט און „רעספּעקטאַביליטעט". ביי אידן קומט נאָך צו די באַדערפעניש צו געבן וועלכן ניט איז אויסדרוק דעם געפיל פון צוגעהעריקייט צום אידישן כלל, אַביסל נאָסטאַלגיע און פּיעטעט צו עלטערן, אַ פאַרנעפּלטער מורא־געפיל פאַר „אינגאַנצן איבעררייסן". דער ספּעציפיש־רעליגיעזער מאָמענט איז, אין מייסטע פאַלן, אַ גאַנץ בלאַסער און אַ זייער אומזיכערער.

קאָן מען אַזעלכע עלעמענטן (וואָס האָבן אַ זעבאַרע טענדענץ זיך אַלץ צו פאַרמערן) „באַקערן" אָדער, לאָמיר זאָגן, „ווידער־באַקערן" צום אידנ־טום, צום רעליגיעזן אידנטום? אויב מ'קאָן, איז דאָס פאַר אַלעמען אַ זייער ערנסטע פּעדאַגאָגישע אויפגאַבע. און פּעדאַגאָגיש גערעדט, איז זייער שווער, אויב בכלל מעגלעך, צו מאַכן איינעם פאַר אַ רעליגיעזן אידן, אויב ער איז ניט קיין רעליגיעזער מענטש.

איך ווייס ניט, ווי אַזוי איך זאָל קלאָר מאַכן מיין באַהויפּטונג, אַזוי אַז זי זאָל ניט אַרויסרופן קיין מיספאַרשטענדעניש. אַנטירעליגיאָזיטעט אָדער (אַ צושטאַנד וועלכער איז אַ סך מער פאַרשפּרייט) רעליגיעזע גלייכגילטיקייט איז נאַטירלעך ניט בלויז אַ אידישע דערשיינונג. דאָס איז אַ רעזולטאַט פון אַ גאַנצער ריי אַנטוויקלונגען און מענטאַליטעט־ענדערונגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען (און קומען נאָך פאָר) אין די לעצטע פּאָר דורות. מעג איך אָנווייזן אויף אייניקע פון זיי?

א) רעליגיע איז דיסקרעדיטירט געוואָרן ביי געוויסע שיכטן פון דער מאָדערנער געזעלשאַפט, ווייל זי האָט זיך פאַרמאָסטן צו געבן ענטפערס אויף פראַגן, וועלכע זי איז ניט באַרופן צו געבן. אין דער מאָס, אין וועלכער רעליגיע פּרעטענדירט צו זיין אַ מין „וויסנשאַפט", וועלכע לייזט פראַגן, וואָס דאַרפן געפאָרשט ווערן אויף אַ מער אָדער ווייניקער עקספּערימענטאַלן אופן, מוז זי באַנקראָטירן. כאָטש וויסנשאַפט אַן און פאַר זיך איז ניט און קאָן ניט זיין אַנטי־רעליגיעז, אָבער וויסנשאַפטלער פון אַ געוויסן טיפּ זיינען

געוואָרן שונאים פון רעליגיע: זי האָט אַרויסגערופן אין זיי אַ נאַטירלעכן ווידערווילן מיט אירע פרעטענזיעס, אויף וועלכע זי איז ניט באַרעכטיקט. אין ברייטע קרייזן האָט זיך דערפאַר פאַרשפרייט די, פאָרמולירטע אָדער ניט פאָרמולירטע, אויפפאַסונג, אַז ניט די אָדער אַנדערע באַהויפטונג פון אַ באַשטימטער רעליגיע און אין אַ באַשטימטן פעריאָד פון איר אַנטוויקלונג איז אַנטי־וויסנשאַפטלעך (און דערמיט ממילא „ניט אמת"), נאָר אַז רעליגיע בכלל און אין איר עצם וועזן איז אַ שונא פון קלאָרן און פאַרלעסלעכן וויסן. אין אמת'ן איז רעליגיע, וואָס איז טריי צו איר אייגענער נאַטור — אַגנאָסטיש. איך נוץ דאָ דאָס וואָרט אַגנאָסטיש בלויז אין זיין עטימאָלאָגישן זינען: זי איז „ניט־וויסעריש" אין אַלע יענע געביטן, וואו עס פאָדערט זיך פאָרשונג דורך אָנווענדונג פון שטרענגגן לאָגישן דענקען און עקספערימענטאַלע מעטאָדן. אויך אויף די פראַגן, וואָס, דוכט זיך, זי אַליין איז באַרופן צו ענטפערן — די עקזיסטענץ פון גאָט, פרייהייט פון ווילן, אומשטערבלעכקייט א. אַ. וו. — קאָן זי קיין ראַציאָנאַליסטישע ענטפערס ניט געבן. איר ראָלע איז אַן אַנדערע: זי רופט אַרויס (און זוכט צו פאַרוואָרצלען) אַ באַשטימטע עטיש־לירישע אָריענטאַציע אויף וועלט, לעבן און שיקזאַל, און פלאַנצט איין אַ באַציאונג פון פאַרטרויען אין שורש פונם זיין און אין זיינע „כוונות". די מיסטעריע פון לעבן קאָן און וויל רעליגיע ניט אויפקלערן; זי באַטאָנט נאָר — מיט אירע אייגענע, מייסטנס „קינסטלערישע", מיטלען — די עקזיסטענץ פון מיסטעריע, יראת־הכבוד צו איר און פאַרטרויען אין איר. גאָט איז, ווי ישעיה הנביא דריקט זיך אויס, אַן „אל מסתתר".

ב) אין ברייטע שיכטן האָט רעליגיע פאַרלוירן איר אַמאָליקן אָנזען און השפעה, ווייל זי (ריכטיקער: די אינסטיטוציעס וואָס האָבן זי עפנטלעך רעפרעזענטירט) איז צו לאַנג און צו אָפט געווען... אַנטירעליגיעז; ווייל זי האָט זיך געלאָזט באַהערשן פון תקיפים־קלאַסן פאַר זייערע אַנטיסאָציאַלע און שוין ממילא אַנטירעליגיעזע צוועקן.

ג) דער טעכנישער פראָגרעס פון די לעצטע עטלעכע דורות און די גרויסע אוטיליטאַרע רעזולטאַטן פון וויסנשאַפטלעכע דערגרייכונגען און אַנטדעקונגען האָבן אין ברייטע שיכטן אַרויסגערופן אַן אילוזיע, אַז אין גרונט איז דער מענטש ניט אָפהענגיק פון קרעפטן אויסער אים און פון אַ קראַפט איבער אים; אַז וויסנשאַפט איז אימשטאַנד צו לייזן אָן אַן אויסנאַם אַלע פראָבלעמען און סתירות פון מענטשלעכן זיין; און אַז שוין דערפאַר אַליין ווערט רעליגיע „ניט נויטיק", „נוצלאָז". די אויפפאַסונג אַז דער מענטש איז אַ „קרעאַטור", אַז אַלץ וואָס ער פאַרמאָגט אָדער איז פאָטענציעל פייאיק צו פאַרמאָגן, איז — אין לעצטן חשבון — „געבאָרגט" אָדער „געשענקט"; אַז אין זיין וועזן און שיקזאַל איז ער אומבאַשיצט און אָרעם (אָט ווי דער

בעל־התהלים זאָגט: „תפלה לעני כי יעטוף" אָדער „פנה אלי וחנני כי יחיד ועני אני"), איז דורך דער דערמאָנטער אילוזיע זייער אָפּגעשוואַכט און פאַר־בלאָסט געוואָרן. מיר זעען דאָס, בעיקר, ביי דעם מאַסן־מענטשן אין דער מערב־וועלט און אין דער „דערוואַכנדיקער אַזיע", אָבער אויך ניט ווייניקע אמת'ע און אַפילו גרויסע וויסנשאַפטלער געהערן, אין דעם פּרט, צום טיפּ „מאַסן־מענטש".

ד) עס איז געשאַפן געוואָרן אַ קלימאַט פון „וויסנשאַפטלעכקייט", אין וועלכן עס לעבן מיליאָנען און מיליאָנען מענטשן וואָס האָבן ניט צו וויסנ־שאַפט קיין דירעקטע שייכות און קיין אמת'ן צוטריט. אין דעם דאָזיקן קלימאַט „פאַרגאַפן זיך" מענטשן אויפן שטאָפלעכן, ווייל שטאָף, אין אַלע זיינע פאָרמען, איז דער הויפּט־קעגנשטאַנד, מיט וועלכן וויסנשאַפט קאָן און דאַרף זיך באַשעפטיקן. דידאָזיקע „פאַרגאַפונג" האָט ניט אין קיין קליינער מאָס שוואַכער געמאַכט אָדער אָפּגעטעמפּט די אינטואיטיווע פיאיקייטן, אָן וועלכע עס איז אוממעגלעך צו קוקן אויף דער וועלט מעטאַפיזיש אָדער רעליגיעז. איין מענטש קאָן אין אַ צווייטן מענטשן ניט אַרויסרופן קיין עקסטע־טישע באַגייסטערונג מיט זיין שיינקייט, אויב דער צווייטער זאָל אים צו לאַנג אָדער פערמאַנענט באַטראַכטן בלויז פון אַן אַנאַטאָמיש־פיזיאָלאָגישן שטאַנדפּונקט. אַ פאַרליבטער פיזיאָלאָג אָדער אַנאַטאָם, אין דער מאָס אין וועלכער ער איז אויסשליסלעך פיזיאָלאָג אָדער אַנאַטאָם און ווערט אומפיאיק צו קוקן אויף מענטשן סינטעטיש־אינטואיטיוו, איז אַ פסיכאָלאָגישע אוממעג־לעכקייט. די דערמאָנטע פאַרגאַפונג אויפן „שטאָפלעכן", אויף מאַטעריע, דערפירט ניט ווייניק מענטשן צו ספקות אָדער גאָר צו אַ פאַרצווייפלונג בנוגע דער אמת'ער רעאַליטעט פונם פסיכישן, און ביי די פיינערע פון זיי דערגייט זייער געמיט־צושטאַנד צו יענער מדרגה, וואָס אַן איירָאָפּעאישער שריפט־שטעלער האָט אַמאָל כאַראַקטעריזירט מיט אַ טעקסט פון אַ סקעפּטיקער'ס „תפילה": „אָ גאָט, אויב ס'איז טאַקע פאַראַן אַ גאָט! ראַטעווע מיין נשמה, אויב איך האָב טאַקע אַ נשמה, און אויב איך בין טאַקע איך, און אויב דער דאָזיקער איך איז טאַקע עפּעס!"

ה) דאָס לעבן פון באַדייטנדיקע מאַסן אין אַ גרויסשטאָטישער, אינ־דוסטריעלער ציוויליזאַציע, מיט איר טעמפּאָ און מיט איר עקסטרעמער קאָנ־צענטרירונג אויפן עקאָנאָמישן אינטערעס, האָט ניט אין קיין קליינער מאָס צוגענומען ביים מאָדערנעם מענטשן זיין פיאיקייט (און די געלעגנהייט) פאַר „ניט־פאַראינטערעסירטער" התבוננות, פאַר יענער באַאָבאַכטונג פון דער וועלט און פון זיך אַליין, וואָס מאַכט אַ מענטשן זיך חידוש'ן, זיך וואונדערן און באַוואונדערן. פאַרן מענטשן אָן יענער התבוננות ווערט די גאַנצע וועלט און אַלץ וואָס עס געשעעט אין איר — טריוויאַל, און דאָס טריוויאַלע איז דער

היפּוך און דער שונא פון רעליגיע, ווי עס איז דער היפּוך און דער שונא פון קונסט, וואָס זעט אין אַלץ דאָס זינפּולע און דאָס אייביק־פּייערלעכע. אין זיין שטענדיקן בהלה־טעמפּאָ האָט גאָר דער מאָדערנער מענטש ניט קיין צייט (קיין פּסיכאָלאָגישע, ניט בלויז קיין זייגער־צייט), אָדער ער נעמט זיך ניט קיין צייט, פאַר „אומפּראַגמאַטישער״ התבוננות.

איך האָב אָנגעוויזן בלויז אויף פינף־זעקס מאָמענטן אין דעם צושטאַנד פונם מאָדערנעם מענטשן, וואָס מאַכן אים רעליגיעז „טאַלאַנטלאָז״. איך בין ניט זיכער, אַז כ׳האָב זיי עקזאַקט באַשריבן, און אַז זיי זיינען טאַקע די סאַמע וויכטיקסטע. אפשר גיבן זיי פונדעסטוועגן אַן אַלגעמיינעם באַגריף וועגן דעם מאָדערנעם מענטשנס צושטאַנד און גייסטיקער פיזיאָנאָמיע. יעדנפאַלס, גלויב איך ניט, אַז אין דער ספערע איז פאַראַן אַ וועזנטלעכער אונטערשייד צווישן דעם מאָדערנעם מענטשן בכלל און דעם מאָדערנעם אידן. אויב דער צושטאַנד, וואָס איך האָב געזוכט צו כאַראַקטעריזירן, איז טאַקע אַזעלכער, ווי איך זע אים, איז ער, לויט מיין אָפּשאַצונג, אַ קרענקלעכער, און די דאָזיקע קרענקלעכקייט איז חל אויך אויף אידן. און אָט דאָס האָב איך אייגנטלעך געמיינט, ווען איך האָב פריער געזאָגט, אַז מ׳קאָן ניט זיין קיין רעליגיעזער איד ווען מ׳איז אין דער עצם איינשטעלונג ניט קיין רעליגיעזער מענטש.

דערפאַר קאָן איך זיך היינט מאַכן ניט וויסנדיק פון די אונטערשיידן, טעאָלאָגישע אָדער צערעמאָניאַלע, אָדער אַנדערע, צווישן די דריי טיפּן פון אידישער אינסטיטוציאָנעלער רעליגיע אין אַמעריקע. דער עיקר ליגט ערגעץ אַנדערש. וואָס עס פעלט זיי אַלע דריי איז דאָס, וואָס עס פעלט בכלל אין דעם היסטאָרישן אָפּשניט, אין וועלכן מיר לעבן: עכטע און דירעקטע רעליגיעזע דערלעבעניש. דעם דאָזיקן מאַנגל קאָן מען ניט פאַרדעקן ניט מיט דער קאַלטער „דיגניטעט״ פונם רעפאָרם־טעמפּל, ניט מיט דער רעס־פּעקטפּולער (אָבער גאַנץ דיסטאַנצירטער) באַציאונג צו טראַדיציע אינם קאָנ־סערוואַטיוון אידנטום, ניט מיט דער פאַרשטיינערטער לאָיאַליטעט פונם אָר־טאָדאָקסישן אידנטום צו אַ גע׳ירשנ׳טן נוסח פון רעליגיעזע פאָרמען, וואָס טראָגן מער ניט אין זיך יענעם טיפן, וואָרצלהאַפטיקן אינהאַלט וואָס זיי האָבן נאָך ביז ניט לאַנג צוריק פאַרמאָגט. דאָס אַריינטרעטן פון נאַציאָנאַליזם און ציוניזם אין דעם, וואָס רופט זיך ביי אונז רעליגיעז לעבן, איז מסתמא אַליין פאַר זיך אַ פּאָזיטיווער סאָציאַלער פאַקט, וואָס טאָר ניט גרינגגעשאַצט ווערן, אָבער צו קיין רעליגיעזער ווידער־באַפרוכפּערונג פון אידנטום קאָן דאָס ניט פירן. די פּראָצעסן, וואָס שפּילן זיך אָפּ אין דער מדינת ישראל גופא, זיינען (דערווייל יעדנפאַלס) מער אַ פאַקטאָר פון סעקולאַריזאַציע איידער פון אַ באַלעבונג פון אידישער רעליגיאָזיטעט, ניט געקוקט אויף דעם

וואָס די אָרטאָדאָקסיע איבט אויס אַ דיקטאַטאָרישע הערשאַפט אין געוויסע אינסטיטוציאָנעלע ספערן פון דאָרטיקן לעבן.

עס וואָלט געווען אַ טעות צו מאַכן פון דעם ביז אַהער געזאָגטן דעם אויספיר, אַז איך רוף צו אַ מין נייער „רעפאָרם" אין אידנטום, צו אַ רעפאָרם אין דעם אָנגענומענעם זינען פון וואָרט. אידן האָבן זייער ווייניק געוואונען פון דער רעפאָרם־באַוועגונג אין דייטשלאַנד און שפּעטער אין אַמעריקע. וויפל חסרונות מיר זאָלן ניט זען אין דער פּראָטעסטאַנטישער רעפאָרם — האָט זי דאָך געטראָגן אין זיך אי אַ רעליגיעזן הכשר אויף קאַפּיטאַליזם; אי די באַקטעריעס פון עקסטרעמען נאַציאָנאַליזם און פון אַ געצנדינערישער באַ־ציאונג צום שטאַט און שטאַטלעכער אויטאָריטעט; אי אַ היתר אויף ראַסן־האַס — איז איר צוועק געווען ניט צו פאַרוואָסערן, נאָר צו מאַכן אינטענסיווער דאָס רעליגיעזע לעבן פונם יחיד. זי איז ניט געקומען צו מאַכן דאָס לעבן „באַקוועמער", מאָראַליש „לייכטער", ווייניקער פאַראַנטוואָרטלעך, נאָר פאַר־קערט: אין געוויסע ספערן פון לעבן האָט זי אַריינגעבראַכט מערער חומרות, ווי דער קאַטאָליציזם האָט געהאַט, און אירע מאָנונגען זיינען געווען שטרענ־גערע. די אידישע רעפאָרם־באַוועגונג האָט באַפרייט די, וואָס זיינען געוואָרן אירע נאָכפאָלגער, פונם שווערן „באַלאַסט" פון מצוות מעשיות, אָבער צו קיין פאַרטיפערונג און פאַראינערלעכונג פונם רעליגיעזן דערלעבעניש, צו קיין געשטייגערטע נשמה־שפּאַנונגען האָט זי זיי ניט געבראַכט. עס איז ניט קיין צופאַל, וואָס דאָס רעפאָרם־אידנטום, אין קאָנטראַסט צו דער פּראָטעס־טאַנטישער רעפאָרם, האָט ניט אַרויסגעבראַכט קיין איין מער אָדער ווייניקער באַדייטנדיקן מיסטיקער. ניט וועגן רעפאָרמען אין זינען פונם אַזוי גערופענעם ליבעראַלן אידנטום האַנדלט זיך דאָ, און ניט וועגן די תקנות „לפי רוח הזמן" מצד דעם זייער אָנשטענדיקן, אָבער טראַגיש אומבאַפליגלטן קאָנסערוואַטיוון אידנטום, נאָר וועגן עפּעס ענלעכן צו דעם, וואָס חסידות האָט אַמאָל אַריינ־געטראָגן אין אונזער לעבן.

חסידות האָט ניט רעפאָרמירט דאָס אידנטום, נאָר רעפאָרמירט דעם אידן. חסידות האָט ניט אָפּגעשאַפט קיין איינע פון די תרי"ג מצוות, ניט בטל געמאַכט קיין איינע פון די חומרות, וואָס דער שולחן ערוך אַנטהאַלט אין זיך. זי האָט זיך ניט אונטערגענומען צו ענדערן עפּעס ניט אין דער אידישער טעאָלאָגיע (אויף וויפל זי עקזיסטירט ביי אונז בכלל אַלס אַ סיסטעם), ניט אין אידישן ריטואַל — גאָרניט ניט צוגענומען און גאָרניט ניט צוגעגעבן. זי האָט אָבער אַריינגעהויכט ניי לעבן אין דעם עקזיסטירנדיקן און טראַדי־ציאָנעל־פאַרהייליקטן. אין דער מעכאַניק פון רעליגיעזן לעבן האָט זי אַריינ־געטראָגן כוונה און דבקות. איר „רעפאָרם" איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זי האָט דעם אידן, וואָס איז געווען גרייט איר נאָכצופאָלגן, געגעבן אָדער

אומגעקערט דעם טאַלאַנט פון דערלעבעניש, פון „זעעוודיקייט", פון דער־בליקן דעם „נס" אין דעם טאָג־טעגלעכן, דעם „מופת" אין דעם נאָרמאַלן, געזעצמעסיקן סדר העולם; פון „זיך־חידוש׳ן" און פון אַנטציקונג. חסידות האָט ניט „רעפאָרמירט" דעם סידור, נאָר דער אַקט פון תפילה האָט ביי איר אָנגענומען נייע דימענסיעס און אַ לירישקייט וואָס איז אפשר די איינציק איבערצייגנדיקע באַרעכטיקונג פאַר דאַוונען.

דאָס רעליגיעזע לעבן אין דער גאַנצער וועלט נויטיקט זיך איצטער אין אַ רעוויטאַליזאַציע דורך אַ מין נייער „חסידות" (איך נוץ דעמדאָזיקן טערמין ווייל איך האָב ניט קיין בעסערן), אויך — און אפשר ספּעציעל — דאָס אידישע. אַן דעם ווערט רעליגיע אַלץ מער און מער פלאַך, האָריזאָנטאַל, בשעת איר אמת׳ע מיסיע איז צו זיין ווערטיקאַל.

אַז אַזאַ „רעפאָרם" איז אָביעקטיוו מעגלעך אין אונזער עפּאָכע, נעם איך זיך היינט ניט אונטער צו באַווייזן. אַזאַ גרונט־„רעפאָרם" פונם רעליגיעזן מענטשן, פונם מאָדערנעם מענטשן בכלל, און, אין אונזער פאַל, פונם מאָדער־נעם אידן, איז אין זיין וועזן אַ מין היילונגס־פּראָצעס; אַ דערוועקונג פון אינטואיטיווע קרעפטן, פון אַ געוויסער וויזיאָנערישקייט און „קינסטלעריש־קייט" אינם מענטשן. פאַר דעם פאָדערט זיך, אַז דער מענטש זאָל זיין מער „ליידיקגייער" ווי ער איז היינט, מער גייסטיקער „וואַגאַבונד", און אַז אין דער ראָם פון „קהל" זאָל זיין פלאַץ פאַר „חברותא"; פאַר דעם פאָדערט זיך אויך מער — „צייט". איך ווייס נאָר, אַז אָן אַ באַפרייאונג פון יענע עיכובים פאַר דעם וואָס איך האָב היינט באַצייכנט אַלס התבוננות, אָן אַ קוראַציע פון יענער ספּעציפישער „בלינדקייט", צו וועלכער אַזוי פיל מענטשן זיינען גע־קומען דורך דער פאַרגאַפונג אויפן שטאָפלעכן און אויף דעם וואָס קאָן שטאָפלעך און עקספּערימענטאַל דערקלערט ווערן, איז נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר עכטן רעליגיעזן לעבן — אויך ניט, נאַטירלעך, פאַר עכטן אידיש־רעלי־גיעזן לעבן.

איך האָב פאַרזוכט מיט מיינע שוואַכע כוחות בלויז צו אַנאַליזירן דאָס פּראָבלעם. איך וואָלט זיך צופרידנגעשטעלט, ווען איך ווייס, אַז מיין אַנאַליז איז אַ ריכטיקער. און אַן ענטפער? איך וויל האָפן, אַז ער וועט קומען פון אַנדערע, פון שטאַרקערע און פון מער באַרופענע...